# קאָלאָמבוס דער איד

אָריגינעלער היסטאָרישער ראָמאַן פון דער צייט פון דער אינקוויזיציע,

גירוש שפּאַניען און ענטדעקונג פון אַמעריקא

פון

## שאול ספיר

פערפאַסער פון:

קאַליף פון קאָרדאָווא, צווישען רוים און ירושלים, דוד המלך,

שלמה המלך, אברהמ'ס אייניקלעך, פרינץ פון מצרים,

אסתר המלכה, א. אַז. וו.

# Columbus, the Cryptic Jew

Historical novel by Saul Saphire

Author of: Caliph of Cordova, Between Rome and Jerusalem,
King David, King Solomon, Abraham's Grandchildren,
Prince of Egypt, Queen Esther, etc.

*To My Dear Nephew*
ARTHUR M. NEMSER
*This book is affectionately*
*dedicated*

Joseph Ring, 1609 Church Ave., Brooklyn, N. Y.
Joseph M. Seewald, 1686 E. 7th St., Brooklyn, N. Y.
Simon Waldman, 527 New Jersey Ave., Brooklyn, N. Y.
Mrs. Thau, 1086 E. 180th St., Bronx, N. Y.
Mrs. Bessie Lessne, 485 E. 94th St., Brooklyn, N. Y.
G. Rothenberg, 6002 — 20th Ave., Brooklyn, N. Y.
Joseph Wax, 159 E. 38th St., Brooklyn, N. Y.
H. Levy, 1472 Seebury Place, Bronx, N. Y.
Meyer Cohen, 3418 Wayne Ave., Kansas City, Mo.
J. Lichtenberg, 334 E. Houston St., N. Y. C.
Louis Sorkin, 1744 E. 10th St., Brooklyn, N. Y.
Louis Perlin, North Conmay, N. H.
Nathan Naviasky, 940 Druid Hill Ave., Baltimore, Md.
Harry Boimel, 241 East St., Baltimore, Md.
Aaron Slutzky, 1731 W. Chestnut St., Louisville, Ky.
S. Rothkopf, 616 West 4th Ave., Corsicona, Texas
Samuel Kaufman, 151 W. 40th St., N. Y. C.
B. Lavine, 61 Hamilton Pl., N. Y. C.
L. Rosenbaum, 12-24 S. 18, Conterville, Iowa.
Moses Hershenfeld, 2122 W. Division St., Chicago, Il.
Mrs. Ida Goldstein, 70 Palisade Ave., Union City, N. J.
Meyer W. Fink, 207 N. Park St., Brenhon, Texas
John Freeman, 11 Elwood Blvd., Toronto, Ont., Canad a
Wm. Roth, Cor. 4th Ave. & Emmett St., Scranton, Pa.
M. Bandes, 1005 Walton Ave., Bronx, N. Y.
Saul Golomb, 643 N. St., N. W., Washington, D. C.
Zelig Jaffe, 435 Green St., Philadelphia, Pa.
Sam Singer, 1386 Boseobel Ave., Bronx, N. Y.
David Mizrach, 1528 Central Ave., Cincinnati, Ohio.
Nathan Levin, 3818 Woodland Ave., Cleveland, Ohio.
Jacob Hirshorn, 56 Bleeker St., N. Y. C.
Joseph Seidler, 112 Asquith St., Baltimore, Md.
Frank Yaguda, 825 Line St., Camden, N. J.
Dora Baron, Pine Brook, N. J.
D. Wisnowitz, 1260 St. Paul St., Rochester, N. Y.
L. Bond, 1864 Central Ave., N. E., Washington, D. C.

J. Friedman, Piquetberg Road, Malnesbury, S. Africa
Samuel Silver, 129 St. Nicholas Ave., B'klyn, N. Y.
Goldie Aronowitz, c|o Brener, 169 Hewes St., B'klyn, N. Y.
I. Albert 2108 Murray Ave., Pittsburgh, Pa.
Mrs. M. Platnitzky, 1456 Townsend Ave., Bronx, N. Y.
Harry Newman, 104 — 4th St., New York.
Hadassah Bellin, 504 W. 157th St., New York.
B. Anbinder, 636 Miller Ave., Brookliyn, N. Y.
Nathan Gutterman, 215 Madison St., N. Y. C.
A. Polonsky, 26 E. 1st St., N. Y. C.
Louis Galinsky, 2022 Union St., Brooklyn, N. Y.
David Kaufman, 108 Glen Cove Ave., Glen Cove, L. I.
M. Silberstein, 845 Montgomery St., B'klyn, N. Y.
Mrs. Fannie Blumbaum, 1745 President St., Brooklyn, N. Y.
H. Nestempower, 4850 E. 95th St., Brooklyn, N. Y.
Mrs. Bella Herman, c|o Teitelbaum, 1362 Fulotn Ave.
B. Gelman, 201 Madison St., N. Y.
Wolf Lew, 200 E. Broadway, N. Y. C.
Samuel Rubin, 310 E. 3rd St., N. Y. C.
Sol Newman, 349 Ocean P'way, Brooklyn, N. Y.
M. Oxman, 2332 B N 14th St., Milwaukee, Wisc.
Max Maltzer, 550 Bristol St., Brooklyn, N. Y.
Bennie & Rifka Dreyner, 1633 E. 5th St., Brooklyn, N. Y.
Sydney Hoffman, 709 E. 4th St., Betlehem, Pa.
Jacob Goldbaum, 1963 W. 12th St., B'klyn, N. Y.
M. Gleit, 1930 Anthony Ave., Bronx, N. Y.
H. Epstein, 2910 Wallace Ave., Bronx, N. Y.
Mrs. I. Plush, 311 Montgomery St., Brooklyn, N. Y.
Mrs. Pearl Brecker, 401 So. 63rd St., Phila, Pa.
Mrs. Clara Glotzer, 92-47 New York Blvd., Jamaica, L. I.
J. Eisenberg, 347 Ave. X, Brooklyn, N. Y.
Joseph Feldstein, 291 Pine St., Lockport, N. Y.
A. Adelman, 1640 Ocean Pkway, Brookilyn, N. Y.
Mrs. Esther Benjamin, 293 Floyd St., Brooklyn, N. Y.
J. Rosenbaum, 416 East Terry St., Centerville, Iowa.

ערשטער קאפיטעל

# א געהיימניספולע נאכט

אין איינער פון די שעהנסטע גאסען פון סעוויל, דרום שפאניען, איז גע־שטאנען דער פראכטפולער שלאס פון דעם באוואוסטען שפאנישען אדעליגען דיעגא דע שושאן.

ניט נאר דער רייכסטער מאן פון סעוויל איז דער שושאן געוועז, נאר ער איז געוועז פאררעכענט פאר איינעם פון די גרעסטע גבירים פון גאנץ שפאניען, און די בערימהמטעסטע אדעללייט פון שפאניען האבען געזוכט זיין פריינדשאפט. אויך דער קעניג פערדינאנד און די קעניגין איזאבעלא האבען איהם געעהרט, ווייל ניט איינמאל האט דע שושאן געעפענט זיינע אוצרות פאר דעם קעניג און קעניגין, ווען זייער איינענער שאץ־קאמער האט זיך אויסגעליידיגט.

ווען פערדינאנד און איזאבעלא האבען צייטוויילינ געמאכט סעוויל פאר דער הויפטשטאדט פון שפאניען, פלעגין דע שושאן גאנץ אפט באזוכען דעם קעניגליכען פאלאץ, און געמיטהליך פארברייגגען מיט די נאבעללייט פון דעם קעניגליכען הויף.

כאטש דיעגא דע שושאן האט געשטאמט פון אידען איז ער דאך געוועזן געאכטעט און געשעצט ביי אלע שפאנישע אריסטאקראטען און גייסטליכע. אין זייערע אויגען איז ער געוועזן פאררעכענט פאר א גוטען און פרומען קאטאליק. צווישען זיינע אפטע באזוכער זיינען געוועזן קארדינאלען, בישאפען און אנדערע גייסטליכע. וועלכע פלעגען קומען פארברייגגען אין זיין הויז צוזאמען מיט אנ־דערע גרויסע געלעהרטע און אנגעזעהענע בירגער פון שפאניען.

די מאראנען, אדער די געהיימע אידען האבען אין יענער צייט געשפיעלט א וויכטיגע ראלע אין שפאניען, און זייער איינפלוס איז געוועזן זעהר גרויס. דורך זייער גרויסע פעהיגקייטען האבען זיי ערוואָרבען די פריינדשאפט פון דעם קעניג און קעניגין, וועלכע האבען זיי אנפערטרויט די וויכטיגסטע שטעלעס פון דער מלוכה און פון דער קירכע.

עס איז געוועזן א חנוכה אווענט פון יאהר 1478, פערצעהן יאהר פאר דער ענטדעקונג פון אמעריקא. אין דעם שלאס פון דיעגא דע שושאן זיינען געוועזן

פאַרזאַמעלט א היבשע צאָהל געסט, באַריהמטע מלוכה־לייט און גייסטליכע. צווישען די געסט זיינען געווען די צוויי חשוב׳ע אידען: דאָן יצחק אבארבאַנעל און אברהם סינאַר. ביידע זיינען געווען אזוי ניצליך צו דער מלוכה אז טראָץ דעם וואָס זיי זיינען געווען אָפענע אידען, האָבען זיי געהאַלטען די העכסטע שטעלען פון דער מלוכה.

ארום א רונדען טיש זיינען אַלע געזעסען אין איינעם פון דעם שעהנסטען צימער פון שלאָס, און גערעדט וועגען פאַרשידענע וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען.

לאַ פערמאָסא פעמבראָ, די איין־איינציגע אכטצעהן יעהריגע טאָכטער פון ריעגאָ דע שושאָן האָט אליין בעדיענט אַזעלכע וויכטיגע געסט. זי איז געווען באַצויבערינד שעהן און דער שטאָלץ פון איהרע עלטערען. זי האָט יעדען איינעם באַגריסט מיט א ליעבליכען שמייכעל, ארויסצייגענדיג איהרע פערלדיגע צייהנער. און די געסט האָבען איהר בעשאָטען מיט קאָמפּלימענטען. א גאָלדען קייטעלע מיט א צלימ׳ל, איינגעפאַסט מיט בריליאַנטען, האָט באַציערט איהר גראַציעזען ווייסען האַלז. זי איז געווען אָנגעטהאָן אין א פּרעכטיגע זיידענע קלייד, וואָס האָט איהר נאָך מעהר רייץ און חן צוגעגעבען. מיט איהר אריינקומען איז צימער האָט לאַ פערמאָסא פעמבראַ מיטגעבראַכט לעבענס־לוסט און פרעהליכקייט, אז אפילו די ערנסטע, פאַרזויערטע פּנים׳ער פון די בישאָפען און מאָנאַכען, האָבען אָנגענומען א מעהר מינטערען אויסזעהן.

לאַנג אָבער האָט זי ניט פאַרבראַכט אין יענעם צימער. זי האָט געוואוסט אז ווען מען רעדט וועגען וויכטיגע מלוכה־זאַכען, דאַרף זי דאָבײַ ניט זיין. און זי האָט אָנגעווענדעט איהרע אויגען אויף איהר פאָטער און געוואַרט אויף זיין וואונק. זי האָט זיך פאַרנייגט פאַר די געסט און פאַרלאָזען דעם צימער.

— ווי עס ווייזט אויס, וועלען מיר גאָר אין גיכען האָבען א מלחמה מיט די מורען פון גראַנאַדאַ! — האָט זשואַן אבאַלאַפּיאָ, א גרויסער געלערנטער און בעאַמטער פון קעניג זיך אָפּגערופען.

דער גייסטליכער מיגועל מאָריללאָ האָט א שאָקעל געטהאָן מיט זיין קאָפּ און צוגעגעבען:

— יא, עס איז שוין צייט אז מיר זאָלען אָפּרייניגען אונזער הייליגע קאַטוילישע לאַנד פון די פאַרפלוכטע מאַכמעדאַנער און — — — ער האָט א בליק געטהאָן אויף דאָן יצחק אבארבאַנעל און אויף אברהם סינאַר, און ער האָט זיך פאַרכאַפּט — — — און די גרעסטע שונאים פון שפּאַניען. גראַנאַדאַ איז די איינציגע פעסטונג וואָס איז פאַרבליבען ביי די מורען.

— עס וועט זיכער זיין א לאַנגער פאַרביטערטער קאַמפּף — האָט דע שושאַן געזאָגט, — ווייל די מורען פון גראַנאַדאַ זיינען זעהר מעכטיג און פאַר א גאַנץ לאַנגער צייט זיך צוגעגרייט צו א מלחמה. מיר וועלען זיך דאַרפען גוט אָנשטרענגען און מיט אַלע אונזערע מעגליכקייטען העלפען אונזער גנעדיגען קעניג פערדינאַנד און קעניגין איזאַבעלאַ צו געווינען דיזע מלחמה.

— יעצט אז אונזער אַרמעע וועט זיין בעזאָרגט מיט שפּייז און קליידער, וועלען מיר ניט האָבען וואָס מורא צו האָבען אויב די מלחמה וועט זיך פאַרציהען, — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל, אן אינטימער פריינד פון קעניג, זיך אָפּגערופען.

— איך פארשטעה ניט וואָס דו מיינסט דאמיט ? — האָט מיגועל מאַריללא איהם אָנגעקוקט.

— דאָס וועל איך באלד פאַר אלעמען קלאָר מאכען, — האָט דע סאנטאנגעל א זאָג געטהאָן מיט א לייכטען שמייכעל, — אונזער גנעדיגער קעניג און קעניגין האָבען מיט גרויס בעגייסטערונג גערעדט וועגען דעם פלאַן פון אונזערע יודישע פריינד דאָן יצחק אבארבאנעל און דאָן אברהם סינאָר... זיי האָבען זיך ביידע אונטערגענומען צו באַזאָרגען די קעניגליכע ארמעען מיט שפייז און קליידער... ניט נאָר מיט זייערע אייגענע אוצרות, נאָר זיי האָבען אויך פארשפראָכען צו קריגען שטיצע פון אלע רייכע אידען פון שפאניען... איך וויים, אז די קעניגין איזאבעלא איז זעהר צופריעדען פון דעם.

— דאָס איז ווירקליך א גרויסער אויפטהו ! — האָט דע שושאָן געזאָגט, — און עס איז אונזער אלעמענס פליכט צו העלפען מיט וואָס מיר קענען. מיר מוזען דיזע מלחמה מיט די מורען געווינען... זיין מאיעסטעט דער קעניג וויים ווי אָפּצושאצען זיינע קלוגע און איבערגעבענע פריינד, און ניט אומזיסט האָט ער זיי דערהויבען צו הויכע עמטער.

אבארבאנעל און סינאָר האָבען מיט א לייכטען שמייכעל א נייג געטהאָן די קעפּ. זיי האָבען זיך אויך בעטייליגט אין דעם געשפּרעך און האָבען פארבראכט גאנץ געמיטליך מיט די איבריגע געסט ביז שפּעט אין דער נאכט.

ווען די געסט האָבען זיך אויפגעהויבען אוועקצוגעהן, האָט אבארבאנעל א וואונק געטהאָן צו דיעגאָ דע שושאָן.

דע שושאָן האָט פארשטאנען אז עפּעס וויכטיגעס האָט פּאסירט, און אז די מאראנען וועלען דארפען פארבלייבען אויף א בעראטונג.

ער האָט זיך אָפּגעזעגענט מיט זיינע געסט און געדריקט זייערע הענד. און די וועלכע ער האָט געוואָלט זיי זאָלען זיך אומקעהרען, האָט ער ביים דריקען זייערע הענד זיי געגעבען א געוויסען צייכען.

אלע געסט זיינען זיך צוגאנגען און אין א ווייל ארום האָבען זיך איינינע אומגעקעהרט צוריק. צווישען וועלכע עס זיינען געווען : אבארבאנעל, סינאָר, מאנועל סאָלי, זשואַן אבולאפיא און לואיס דע סאנטאנגעל.

דע שושאָן איז מיט זיי אלעמען אריין אין א זייטיגען צימער און צוגעשלאָסען די טיהר פון אינעווייניג. באלד איז ער צוגעגאנגען צו א וואנט און דארט עפּעס א דריק געטהאָן. א טיהר האָט זיך געעפענט. ער האָט אָנגעצונדען א ליכט און איז אראָנטערגעגאנגען עטליכע טרעפּ. די איבריגע האָבען איהם נאָכגעפאָלגט. זיי זיינען אריין אין א טיעפען לאנגען הייהל.

דע שושאָן האָט אָנגעצונדען נאָך איינינע ליכט און עס איז געוואָרען ליכטיג. א לאנגער טיש, מיט צוויי לאנגע בענק זיינען געשטאנען אין מיטען. ד דער זייט איז געווען א קליינער ארון קודש מיט א ספר תורה. נעבען ארוז ק אין געווען א עמוד און א מנורה.

דע שושאָן האָט אָנגעצונדען דריי ליכטלעך אין דער מנורה און האָט געבענשט חנוכה ליכט. אלע האָבען מיט גרויס כונה געענטפערט "אמן" און האָב זיך אוועקגעזעצט ביים טיש.

א שטילקייט האָט א ווייל געהערשט. אלעמענס אויגען זיינען געווען

ווענדעט צו דאָן יצחק אבארבאנעל, וועמעס פּנים האָט אויסגעדריקט אנגסט און טרויער.

— ניט קיין פרעהליכע בשורה ברייננ איך אייך יעצט, מיינע ברידער! — האָט אבארבאנעל זיך אָפּגערופען צושאָקלענדיג טרויעריג מיט זיין קאָפּ. — א שווארצער וואָלקען שוועבט איבער אונזערע קעפּ וואָס וועט מיט זיך ברייננען א גרויסען שטורעם. א שרעקליכע גזרה האָלט ביים דורכגעפיהרט ווערען וואָס עס וועט ברייננען א גרויסען אומגליק אויף אונזערע ברידער. און אויב אונז וועט ניט געלינגען עס צו פארמיידען וועט זיך דאָס אידישע בלוט גיסען ווי וואסער אויף די גאסען פון שפּאניען.

— וואָס איז געשעהן?! — האָבען אלע מיט אמאָל אויסגערופען מיט שרעק, איפשטעלענדיג זיך פון זייערע פּלעצער.

— די פינסטערע מאַנאכען און די אנדערע גייסטליכע איז געלונגען צו בעאיינפלוסען די קעניגין איזאבעלאַ איינצופיהרען די אינקוויזיציע איז שפּאַניען, — האָט אבארבאנעל אויסגערופען, — פערדינאנד און איזאבעלאַ האָבען אָנגעשיקט איינינע בישאָפען נאָך רוים צו דעם פּאָפּסט סיקסטוס דעם פיערטען צו קריגען זיין צושטימונג, און מיט איינינע טעג צוריק האָבען זיי זיך אומגעקערט מיט דעם פּאָפּסטס צושטימונג. און יעצט איז א פראגע פון טעג ווען די דאָזיגע שרעקליכע גזרה זאָל אריין אין קראַפט.

א טויט־שרעק איז אלעמען באפאלען. א שוידער איז דורכגעגאנגען זייערע לייבער צו דעם וואָרט „אינקוויזיציע". יעדער האָט געוואוסט די שרעקליכע בעדייטונג פון דעם.

— אינקוויזיציע! — האָבען זיי מיט ציטערנדע ליפּען אויסגערופען, — מיר זיינען פארלאָרען!

— עס וועט נאָך זיין ערגער ווי מיר קענען זיך פאָרשטעלען! — האָט זשואן אבולאפיא אויסגערופען, — די בייזע בלוטדורשטיגע גלחים און מאַנאכען שאַרפען שוין פון לאנג זייערע ציינער אויף די מאראנען. זיי קענען ניט צוזעהן ווי אזוי אונזערע ברידער זיינען זעהר רייך און זייערע העכערע פּלאצען פון קנאה צוזעהן ווי די מאראנען האַלטען די העכסטע שטעלען אין דער מלוכה. און יעצט ווען זיי וועלען דורך דער אינקוויזיציע גזרה קריגען דאָס רעכט אליין צו משפּט'ן און בעשטראָפען די אלע וועמען זיי זיינען חושד אז זיי זיינען ניט קיין פרומע קריסטען, דאָן איז קיינער פון אונז ניט זיכער מיט זיין לעבען און מיט זיין פארמעגען. די אינקוויזיטאָרען וועלען האָבען דאָס רעכט אריינצוואַרפען אין תפיסה יעדען איינעם פון אונז מיט אן אויסרייד אז זיי זיינען איהם חושד דאָס ער היט אָפּ אידישקייט פארבאָרגענערהייט. און וואָס דאָס מיינט דאָרף איך אייך ניט ערקלעהרען. מיר אלע ווייסען וואָס פאַר א חורבן די אינקוויזיציע האָט אָנגעמאכט אין סיציליען, וואו פיעלע פון אונזערע ברידער זיינען פארברענט געוואָרען אויף די שייטערהויפענס.

— עס מיינט, — האָט דיעגאָ דע שושאַן צוגעגעבען מיט א טרויעריגע שטימע — אז די גלחים וועלען קענען כאַפּען יעדען איינעם פון אונז און פייניגען אזוי לאנג ביז וואַנען מען וועט זיין געצוואונגען זיך מודה צו זיין, און ערשט דאַן וועלען זיי איהם פארברענען און צונעהמען זיין פארמעגען. ניין, מיינע ברידער, מיר טאָרען צו אזא זאך ניט דערלאזען, — האָט דע שושאַן א קלאַפּ

געטהאָן מיט זיין פויסט איבער'ן טיש — מיר מוזען קעמפּפען מיט אלע אונ־זערע כוחות געגען דיזער גזרה.

— וואָס קענען מיר טהאָן דערצו?! — האָט מאנועל סאַלי געפרעגט, זיינען מיר דען ניט הילפלאָז?

— ניין, מיר זיינען ניט הילפלאָז! — האָט דיעגאָ דע שושאַן אויסגע־שריען, — מיר זיינען די הויפּט בירגער פון סעוויל... מיר זיינען אלע רייך און שטארק... אונזער איינפלוס איז גרויס און מיר מוזען דאָס אלעס אויסנוצען צו באקעמפען דיזע שרעקליכע גזרה.

— דער קעניג און די קעניגין זיינען אין גאנצען אונטער דעם איינפלוס פון די מאָנאכען, און אויב מיר וועלען ניט געפינען א מיטעל ווי אזוי צו קענען ווירקען אויף דעם קעניג ער זאָל ניט דורכפיהרען דיזע שרעקליכע גזרה, דאן איז קיין אנדער האָפנונג ניטאָ. איך זאָג אויף דעם קעניג, ווייל ווי מען האָט מיר איבערגעגעבען איז פערדינאנד נאָך מעהר נייגעריג איינצופיהרען די אינקוויזיציע ווי די קעניגין... און מיר דארפען אַנווענדען אלע אונזערע קרעפטען צו זעהן ווירקען אויף איהם, — האָט דאן יצחק אבארבאנעל זיך אָפּגערופען.

— דער איינציגער וועלכער וועט קענען פּיעלייכט ווירקען אויף פערדי־נאנד'ן, איז אונזער ברודער אברהם סינאָר! — האָט דע שושאַן זיך אָפּגערופען.
— איך גלויב, אז דער קעניג וועט ניט פארגעסען דאָס וואָס אברהם סינאָר האָט מיט דער הילף פון נאָך איינפלוסרייכע אידען געהאָלפען דורכפיהרען דעם שידוך צווישען איהם און איזאבעלא'ן.

— ווען עס קומט צו אידען־האס, פארגעסט ער אלעס! — האָט אברהם סיניאָר זיך אָפּגערופען, — ווען ער וואָלט ניט געזעהן די גרויסע נוצען וואָס אבארבאנעל און איך ברייננען צו דער מלוכה, וואָלטען מיר יעצט געווים קיין צייט ניט געהאט אין קעניגליכען הויף... און ווען ער וועט זעהן אז איך זוך איהם צו בעאיינפלוסען געגען דער אינקוויזיציע, וועט ער מיך אין גאנצען דער־ווייטערען פון איהם און מיט מעהר רשעות זיך נעהמען צו אונזערע אומ־גליקליכע ברידער.

— ווי טרויעריג איז אונזער גורל! — האָט זשואן אבאלאפיא געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, — מיר אידען האָבען איינגעלעגט וועלטען דורכצופיהרען דעם שידוך צווישען פערדינאנד און איזאבעלא'ן כדי צו פעראייניגען די קליינע מלוכות פון שפּאניען אין איין גרויסע מעכטיגע קעניגרייך. וויפיעל געלד און מיה עס האָט אונז אָפּגעקאָסט, און יעצט איז דער קעניג אזוי גרויזאם געגען די אידען. ער וועט אויסנוצען זיין שטארקע מאכט כדי צו דריקען און שטיקען אלע אידען אין גאנצען פון שפּאניען.

— מיר האָבען געמיינט אז דורך דעם וועלען מיר טהאָן א טובה אונזער פאָלק! — האָט אברהם סינאָר געזאָגט, — קעניג פערדינאנד'ס עלטער־באָבע פאַלאָמא איז דאָך געווען א אידישע, און האָבענדיג אידיש בלוט אין זיך, האָבען מיר גערעכענט אז ער וועט זיין פריינדליך געניגט צו די אידען, אזוי ווי זיין פאטער דזשואן דער צווייטער איז געווען... אָבער יעצט זעהען מיר אונזער ביטערען טעות. ער איז א סך ערגער ווי די פרומע איזאבעלא. און ער איז זעהר נייגעריג איינצופיהרען די אינקוויזיציע וואָס שנעלער.

— דערביי האָט פערדינאַנד נאָך אַ כונה, — האָט אבולאפיא געזאָגט, — ער ווייס אַז די מאַראַנען באַזיצען גרויס רייכטהום און זיין באַגעהר איז אַריינצוקריגען דיזע רייכטימער פאַר זיך, און דער איינציגער מיטעל צו דערגרייכען דיזען צוועק איז די אינקוויזיציע. עס וועט ניט זעהר שווער אָנקומען די מאַנאַכען אויפצוזוכען עפּעס אַ זינד אויף אַ מאַראַנאַ, איהם פאַר׳משפּט׳ן און קאָנפיסקירען זיין פאַרמעגען פאַר דער מלוכה.

— וואָס בלייבט אונז דאָך צו טהאָן ? ! — האָט מאַנועל סאָלי געפרעגט.

— עס איז טרויעריג, זעהר טרויעריג ! — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל צוגעגעבען — די לאַגע איז אַ געפעהרליכע. אונזערע שונאים זיינען זעהר פיעל, און ווי נאָר די גזרה וועט בעקאַנט ווערען איבער׳ן לאַנד, וועלען זיך שוין געפינען פיעלע וועלכע וועלען מאַכען בלבולים און מסירות...

— דערווייל איז עס אַ סוד ! — האָט סינאָר געזאָגט, — אָבער עס וועט לאַנג ניט געהמען און דאָס וועט פאַרעפענטליכט ווערען.

— ווי אַזוי האָסטו עס אויסגעפונען ? — האָט דע שושאַן זיך געווענדעט צו דאָן יצחק אבארבאַנעל.

— איך קען עס יעצט ניט אַרויסגעבען, — האָט ער געענטפערט, — סיידען מיר זאָלען אַלע שווערען ביי דער הייליגער תורה אַז וואָס עס זאָל צו אונז ניט געשעהן מען מעג אונז שניידען שטיקערווייז, ברענען און בראָטען, זאָלען מיר קיינמאָל דיזען סוד ניט אַרויסגעבען, און ניט נאָר צו אונזערע שונאים, אפילו צו אונזערע ברידער, די מאַראַנען אויך נישט, ווייל פיעלייכט וועט זיך טרעפען איינער וועלכער וועט ניט קענען ביישטעהן די פייניגונגען פון דער אינקוויזיציע און אַרויסגעבען דעם נאָמען, דאָס וואָלט געבראַכט דעם גרעסטען אומגליק אויף אַלע אידען אין שפּאַניען.

אבארבאַנעל איז צוגעגאַנגען צום ארון קודש און אַרויסגענומען די ספר תורה. יעדער איינער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנד אויף דער תורה און אויסגערופען:

„מיר שווערען ביי דיזער הייליגער תורה וואָס איז צו אונזערע עלטערען געגעבען געוואָרען פון באַרג סיני, אַז מיר זאָלען קיינמאָל ניט אַרויסברינגען אויף אונזערע ליפּען דיזען סוד... עס וועט אויף אייביג פאַרזיגעלט ווערען אין אונזערע הערצער, אמן !”

אבארבאַנעל האָט די תורה צוריקגעשטעלט אויף איהר פּלאַץ און מיט אַ נידעריגען שטימע זיך אָפּגערופען:

— דאָס האָט מיר ענטדעקט דער מאָנאַך הערנאַנדאָ דע טאַלאַווערא, פאַר וועמען די קעניגין איזאַבעלאַ איז זיך מודה איהרע זינד.

— דע טאַלאַווערא ! — האָבען אַלע מיט אַמאָל אויסגערופען פאַרציטערטע.

— ער איז דאָך אַליין שטענדיג אויך געווען פאַר איינפיהרען די אינקוויזיציע.

— ער מוז אַזוי האַנדלען, כדי עס זאָל אויף איהם קיין חשד ניט פאַלען ! — האָט אבאַרבאַנעל געזאָגט, — ער האָט אָבער פריהער געגעבען אַנדערע עצות צו דער קעניגין, און דערמיט פאַרלענגערט ווי ווייט מעגליך... ער אַליין שטאַמט פון אידען, און ער וואָלט וועלען העלפען זיינע ברידער ווי ווייט מעגליך, דערפאַר האָט ער דאָך מיר פאַרטרויט גלייך כדי מיר זאָלען זיך זעהן אָנשטרענגען ווי ווייט מעגליך בטל צו מאַכען דיזע גזרה.

— אָבער ווי עס ווייזט אויס, איז פאר אונז קיין עצה ניטאָ, סיידען מיר זאָלען זיך אלע פעראייניגען און מאכען אן אויפשטאנד.

— ניין, דאמיט וועלען מיר נאָך ערגער מאכען! — האָט דאָן יצחק אבארבאנעל געזאָגט, — מיר זיינען טאקע רייך און מעכטיג, אָבער מיר דארפען ניט פארגעסען אז מיר זיינען א מינאָריטעט אין שפאניען, און ווען דער קעניג וועט דיזע גזרה באשטעטיגען וועט ער האָבען די שטיצע פון זיין גאנצען פאָלק.

— מיינע ברידער! — האָט זיך דע שושאַן ווידער אויפגעשטעלט, — היינט איז אונזער יום טוב חנוכה... מיר פייערען איהם אלס אנדענקען פון דעם נצחון פון אונזע־ע גרויסע העלדען, די מאקאבעער, וועלכע האָבען מיט א קליינע צאָהל העלדען באזיעגט דעם שטארקען און מעכטיגען שונא יון, וועלכער האָט מיט זיינע שרעקליכע גזרות געזוכט צו פארניכטען אונזער רעליגיאָן צוזאמען מיט אונזער פאָלק. און אויב אונז וועט אויסקומען צו קעמפען געגען די פינסטערע כוחות פון אונזער בעליעבטען לאנד שפאניען, דארפען מיר זיין דערצו געגרייט.

— וועגען דעם קען יעצט קיין רייד נישט זיין! — האָט אבארבאנעל גע־ענטפערט, — דאָס דארף זיין אונזער לעצטער מיטעל. פריהער דארפען מיר זוכען אנדערע מיטלען.

— אָבער ווי מיר זעהן, איז קיין האָפנונג ניטאָ... ווער וועט דען קענען בעאיינפלוסען דעם קעניג ער זאָל אויפגעבען זיין געדאנק וועגען דער אינ־קוויזיציע?...

— דע טאלאווערא האָט מיר אָנגעוואונקען וואָס צו טהאָן, — האָט אבאר־באנעל געזאָגט.

אלע זיינען באלד שטיל געוואָרען. זיי האָבען צוגעלייגט זייערע אויערען און מיט גרויס נייגעריגקייט זיך צוגעהערט צו דעם וואָס אבארבאנעל האָט צו זאָגען.

— ער קען ניט פארזיכערען אז דאָס וועט העלפען, — האָט דאָן יצחק אבארבאנעל פאָרטגעזעצט, — אָבער עס וועט ניט שאדען ווען מיר וועלען מא־כען דעם פארזוך.

— און וואָס האָט ער דיר געראטהען? — איז דע שושאַן אומגעדולדיג געוואָרען.

— ער האָט מיר געראטהען איך זאָל זיך זעהן מיט דעם גרויסען אידישען געלערנטען אברהם זאקוטא, וועלכער איז יעצט פראָפעסאָר פון אסטראָנאָמיע און מאטעמאטיקע אין דער אוניווערזיטעט פון סאלאמאנקאָ.

— וואָס קען ער אלס איד אויפטהאָן פאר זיינע ברידער? — האָט זשואן אבאלאפיאָ איהם אָנגעקוקט פארוואונדערט.

— דער בישאָף פון סאלאמאנקאָ איז זעהר שטארק באפריינדעט מיט אברהם זאקוטא'ן, און אזוי ווי דער בישאָף איבט אויס א זעהר גרויסען איינ־פלוס איבער דעם קעניג און קעניגין, וועט ער פיעלייכט ביי איהם קענען פועל'ן ער זאָל זעהן ווירקען אויף דעם קעניג ער זאָל צוריקציהען זיין גזרה... יאָ, דאָס איז דערווייל די איינציגע שטראהל האָפנונג! איך האָב גלייך אוועקגעשיקט קיין סאלאמאנקאָ א פערטרויענסווערטהען שליח צו זאקוטא'ן און פון איהם פער־לאנגט אז ער מוז גלייך קומען אין סעוויל וועגען זעהר א וויכטיגען ענין.

— און ווען ערווארטסטו איהם? — האָט מאנועל סאָלי געפרעגט.

— איך ערוואַרט איהם יעדען טאָג, — האָט אבארבאַנעל געענטפערט, — ווייל דער אוניווערזיטעט ווערט צוגעשלאָסען אויף איינינע וואָכען צוליעב דעם אנקומענדען קריסטליכען יום טוב פון ווייהנאַכטען (קריסטמעס) און נייער-יאָהר.

— זאָל אונז נאָר גאָט העלפען אז דער בישאָף פון סאַלאַמאַנקאַ זאָל זיך ווערען איינשטעלען פאַר אונז! — האָט דאָ שושאַן א זיפץ געטהאָן.

— מסתמא וועט טעלאַווערא וואָס ער רעדט! — האָט אבארבאַנעל געזאָגט, — געוועהנליך דאַרף דער צוועק פון זאַקוטאָ'ס קומען געהאַלטען ווערען בסוד אויך פון אונזערע אייגענע פרויען און קינדער. מיין פרוי אליין ווייס אויך גאָר ניט פון דעם. איך האָב איהר בלויז געזאָגט, אז זאַקוטאָ פון סאַלאַמאַנקאַ וועט פיעלייכט מיר אַפּשטאַטען א פריינדליכען באַזוך.

— געוויס טאָרען אונזערע פרויען און קינדער ניט וויסען פון דיזען סוד, — האָט אבאַלאַפיא זיך אָפּגערופען, — מיינע קינדער זיינען ערצויגען געוואָרען אלס ריכטיגע קאַטוילייקען און האָבען גאָר קיין פאַרדאַכט ניט, אז זייער פאָטער היט אָפּ אידישקייט אין געהיים. ווייל נאָך אלעמען, קינדער בלייבען קינדער, און ווען זיי זאָלען עפּעס וויסען, קענען זיי, ניט ווילענדיג, עפּעס ארויספּלאַפּלען און ברייגגען אן אומגליק אויף אונז.

— מיין איינציגע טאָכטער האָט אויך קיין אהנונג אז איהרע עלטערען זיינע געהיימע אידען, — האָט דיעגאָ דע שושאַן זיך אָפּגערופען, — זי איז ערצויגען געוואָרען אלס א פרומע קאַטוילייקי. ווען זי קעהרט זיך אום פון א באַזוך פון איהרע פריינדינס און זי פאַנגט אָן צו דערצעהלען ווי אזוי זי האָט מיט זיי פאַרבראַכט אָפּלאַכענדיג פון די אידען און זייער אמונה, מוז איך און מיין פרוי נאָר מיטשמייכלען מיט איהר. יעצט איז זי נאָך יונג. איך האָף אז אין צוויי יאָהר ארום, ווען זי וועט אלט ווערען צוואַנציג יאָהר, וועל איך איהר אָנפּערטרויען אונזער סוד.

— ווער ווייס אויב ביז דאַן וועט שוין ניט זיין צו שפּעט! — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל אויסגערופען, — די קינדער ווערען ערצויגען און אויפגעהאָדעוועט אין דער קאַטוילישער רעליגיע, זיי זאַפּען אין זיך איין דעם קאַטוילישען גייסט און דיזע וואָרצלען שלאָגען טיעף אין זייערע הערצער... און דאַן קומט מען פּלוצלינג צו זיי און מען ענטדעקט זיי אז זיי זיינען גאָר אידען, און אז אלעס וואָס זיי האָבען געלערנט איז פאַלש... קענען מיר דען בעגרייפען וואָס פאַר א ווירקונג אַזא זאַך קען האָבען אויף זיי? . . .

— מען דאַרף זיין זעהר פאָרזיכטיג, און מען דאַרף וויסען ווי אזוי צוצוקומען צו דער זאַך, — האָט מאַנועל סאַלי געזאָגט, — איך האָב מיין זוהן ענטדעקט דעם סוד ווען ער איז אלט געוואָרען איין-און-צוואַנציג יאָהר... אבער עס האָט מיר גענומען עטליכע טעג ביז וואַנען איך האָב איהם דערצו צוגעגרייט און יעצט דאַרף איך דען אייך דערצעהלען וואָס פאַר א געטרייער איד ער איז?!

— מיר דוכט זיך אז איך הער טריט! — האָט אבאַלאַפיא פּלוצלינג אויסגערופען מיט שרעק.

אלע האָבען זיך שטיל אויפגעהויבען פון זייערע פּלעצער און אָנגעשטרענגט זייערע אויגען און אויערען, אָנווענדענדיג זייערע בליקען אין דער ריכטונג פון דעם אריינגאַנג פון הייהל.

אין דער טונקעלהייט וואָס האָט אַפּגעשלאָגען פון די עטליכע ליכט, האָט מען באמערקט א פיגור פארביישלייבענדיג.

א טויט־שרעק איז אויף אַלעמען אַנגעפאַלען. זיי זיינען געבליבען שטעהן פארגליווערטע.

דע שושאַן איז געווען דער איינציגער וועלכער האָט זיך ניט פארלאָרען... ער האָט גענומען א ליכט אין האנד און מיט לאנגזאמע פאַרזיכטיגע טריט גע־גאנגען צו דעם אריינגאַנג.

— מאַריא ! ! — האָט דע שושאַן אויסגעשריען מיט ערשטוינונג, — ווי קומסטו אהער ? און פארוואָס ביזטו אזוי צושראָקען און בלאס ?...

— מיין טייערער מאַן, פארגיב מיר וואָס איך האָב דיך און דיינע געסט דערשראָקען, — האָט מאַריא, דע שושאַן'ס פרוי, זיך אַפּגערופען מיט א צי־טערנדע שטימע, — אבער איך אַליין האָב נאָר געהאַט וואָס געהאַט א גרויסע שרעק.

מאַריא איז צוגעגאַנגען עטוואס נעהנטער צו דע שושאַן, און זיך אַנגע־האַלטען אַן איהם, ווייל זי האָט מורא געהאַט זי זאָל ניט אומפאַלען.

דע שושאַן האָט דערפיהלט ווי איהר גאנצער קערפּער טרייסעלט זיך. ער האָט איהר געהאָלפען צוגעהן צום טיש וואו די איבריגע זיינען נאָך אַלץ געשטאַ־נען באַוועגלאָז און מיט צושראָקענע אויגען.

— באַרוהיגט זיך, מיינע ברידער, דאָס איז מיין פרוי ! — האָט דע שושאַן זיך צו זיי געווענדעט.

א מורא'דיגע שטילקייט האָט א וויילע געהערשט אין הייהל... מען האָט געקענט הערען דאָס קלאַפּען פון אַלעמענס הערצער.

— זאָג מיר, מיין טהייערע פרוי, וואָס האָט פּאַסירט וואָס דו ביזט אזוי צורודערט און צושראָקען ? —האָט דע שושאַן זיך צו איהר געווענדעט.

— איך בין שוין געווען אין מיין שלאָפצימער און זיך געגרייט צו געהן שלאָפען, האָט זיך פּלוצלינג דערטראָגען צו מיינע אויערען א גערויש וואָס איז געקומען פון דעם באַלקאָן. איך האָב אויפגעפּענט מיין פענסטער און ארויס־געבויגען מיין קאָפּ. האָב איך באמערקט ווי א מאַן שפּרינגט ארונטער פון דעם באַלקאָן און פארשווינדט צווישען די געדיכטע בוימער... אַה, איך האָב זיך אזוי דערשראָקען.

— א מאַן ! ווי קומט א מאַן אויף דעם באַלקאָן אזוי שפּעט ביינאכט ? !...

— האָט דע שושאַן געשטוינט, — איז עס מעגליך אַז מען שפּיאָנירט אונז נאָך ! אַבער דאָס איז דאָך אַן אונזינן ! קיינער וויים ניט און פאַרדעכטיגט ניט... מעגליך אַז דיר האָט זיך עס אין גאַנצען אויסגעדוכט, פּיעלייכט איז עס געווען א גערויש פון ווינט.

— אַה, ניין ! איך האָב דייטליך געזעהן ווי א מאַן האָט זיך פלינק ארונ־טערגעלאָזען פון באַלקאָן און פארשוואונדען געוואָרען. ער איז געווען גאַנץ הויך.

— מעגליך אַז דאָס איז געווען א געליעבטער פון איינע פון די דינסטען ' — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל זיך אַפּגערופען, — ביי מיר האָט אויך ניט לאַנג צוריק פּאַסירט אַזא זאַך... שפּעט ביינאכט האָט זיך דערטראָגען צו מיינע אויע־רען א גערויש... איך קוק ארויס פון פענסטער, איך זעה צוויי פיגורען באַוועגען זיך. איך האָב שנעל א כאַפּ געטהאָן מיין שווערד און איך בין ארויס פון הויז. און שטילערהייד צוגעגאַנגען... און ווי גרויס איז געווען מיין איבערראַשונג

ווען איך האָב געזעהן ווי א יונגער מאַן האלט איינגעקלאַמערט אין זיינע ארעמס איינע פון מיינע דינסטען און קושט איהר אָהן אויפהער... איך האָב זיי ניט געוואָלט איבערשרעקען און האָב זיך צוריקגעצויגען און זיי האָבען אפילו ניט חושד געווען אז איך האָב זיי באַמערקט... אויף מאָרגען האָב איך צוגערופען די דינסט און איהר געזאָגט אז מיך קימערט ניט וואָס זי האָט א ליעבהאָבער. יאָר זי זאָל געהן זיך טרעפען מיט איהם ערגעץ אנדערש, ניט לעבען מיין הויז.

א לייכטער שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף אלעמענס פּנים'ער, וואָס איז אָבער באַלד ווידער פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין ערנסטקייט און שרעק...

— מיינע דינסטען געפינען זיך אין דער צווייטער אָפּטיילונג פון שלאָס, און ווען א דינסט זאָל ווירקליך האָבען א ליעבהאָבער וואָלט זי דאָך ניט אויסגעקליבען דיזען באַלקאָן — האָט דע שושאַן געזאָגט, — אויב דו האָסט ווירקליך געזעהן א מאַן ארונטערשפּרינגענדיג פון באַלקאָן, דאַן פאַר'גנב'עט זיך אין מיר א פערדאַכט אז מען שפּיאָנירט אונז נאָך און מיר וועלען דאַרפען זיין נאָך מעהר פאָרזיכטיג.

— מיין שרעק וואָלט פיעלייכט ניט געווען אַזוי גרויס, ווען איך וואָלט ניט באַמערקט אז די געהיימע טיהר פון דיזער הייהל איז ברייט אָפען.

— וואָס ?! — איז דע שושאַן אויפגעציטערט געוואָרען, — דו האָסט געפונען די טיהר אָפען ?

— יא, ווען איך בין אריינגעקומען אין דעם צימער האָב איך דערהערט שטימען. איך גיב א קוק, איך זעה אז די געהיימע טיהר איז אָפען. דאָס האָט מיך נאָך מעהר איבעררראַשט, ווייל איך ווייס ווי פאָרזיכטיג דו ביזט מיט דער געהיימער טיהר.

— אָבער איך האָב די טיהר צוגעמאַכט ! — איז דע שושאַן'ס ערשטוינונג נאָך גרעסער געוואָרען, — איך בין זיכער אין דעם. איהר אלע האָט דאָך געזעהן אז איך האָב די טיהר צוגעמאַכט ! — האָט ער זיך געווענדעט צו די איבריגע.

זיי האָבען צוגעשאָקעלט מיט די קעפּ אלס צייכען אז זיי שטימען צו.

— איך בין אַזוי זיכער אז איך האָב די טיהר צוגעמאַכט, — האָט דיעגאָ דע שושאַן אויסגערופען, — איך געדענק נאָך אז איך האָב צוויי מאָל פּרובירט די טיהר צו זעהן אויב עס איז גוט צוגעמאַכט.

— יא, איך האָב אליין באַמערקט ווי דו האָסט פּרובירט די טיהר, — האָט ושואַן אבאַלאַפּיאַ צוגעגעבען.

— ווי צושראָקען איך בין ניט געווען ! — האָט מאַריא זיך אָפּגערופען, — וואָלט איך יעצט ניט ארונטערגעגאַנגען אהער אייך צו שטערען.

— איך ווייס, מיין טהייערע ! דערפאַר איז מיין איבעררראַשונג זעהר גרויס געווען ווען איך האָב דיך פּלוצלינג דערזעהן, — האָט דע שושאַן אנגענומען איהר האַנד, — און יעצט, אז דו זאָגסט דאָס דו האָסט די טיהר געפונען אָפען, ווייס איך שוין גאָרניט וואָס צו טראַכטען. עס איז דאָך אונמעגליך אז א פרעמדער זאָל זיך געפינען אין אונזער הויז !...

— מיין הארץ שרעקט מיר אַזוי ! — האָט מאַריא געזאָגט.

— מעגליך אז נאָך אלעמען האָב איך די טיהר ניט גוט צוגעמאַכט און זי האָט זיך געעפענט פון זיך אליין ! — האָט דע שושאַן געזוכט צו בערוהיגען זיין פרוי, — קום מיט מיר איך וועל דיר איבערצייגען אז אלעס איז אין אָרדנונג

און דו וועסט זיך קענען לעגען רוהיג שלאָפען, און ווענדענדיג זיך צו די געסט, האָט ער געזאָגט:

— איך וועל זיך באלד צוריקקעהרען. איהר ווארט דאָ א קליינע ווײלע.

מיט א ליכט אין זיין לינקער האנד און מיט דער רעכטער האנד האָט ער צוגעהאלטען מאריא'ן. ווען זיי זיינען ארויפגעגאנגען די עטליכע שטיגען האָבען זיי דערהערט א שאָרך . . .

מאריא האָט זיך גענומען טוליען צו איהר מאַן, און איהר גאנצער קערפּער האָט זיך געוואָרפען ווי אין קאָנוואולסיען.

דע שושאָן האָט ליכטיג געמאכט אין צימער און זיך גוט ארומגעקוקט, און קיינעם נימ געפונען.

זיי זיינען געגאנגען פון איין צימער צום צווייטען און בעטראכט יעדען ווינקעל. זיי זיינען צוגעקומען צו דעם שלאָף־צימער פון זייער טאָכטער, און דאָרטען געבליבען שטעהן א ווײלע. זיי האָבען זיך געקווינקעלט צו עפענען איהר טיהר.

— מיר וועלען זי אויפוועקען פון שלאָף, און דערצו וועט זי זיך פיעלייכט דערשרעקען ווען זי וועט אונז ביידען פלוצלינג דערזעהן, — האָט די מוטער שטילערהייט געזאָגט.

— עפען אויף די טיהר זעהר פאָרזיכטיג, און אויב זי שלאָפט וועסטו זי גלייך פארמאכען.

מאריא האָט לאנגזאם אויפגעעפענט די טיהר, און ווי ערשטוינט זיינען זיי ביידע געוואָרען ווען זיי האָבען דערזעהן אז איהר צימער איז ליכטיג.

— מיין טאָכטער! — האָט מאריא אויסגערופען, און אריין אין צימער. און דע שושאָן האָט איהר נאָכגעפאָלגט, — דו שלאָפסט נאָך ניט אזוי שפּעט?

— הם... ניין... — האָט לא פערמאָסא גענומען שטאמלען.

— וואָס האָסטו געטהאָן אזוי שפּעט? — האָט שוין דע שושאָן מיט א שטרענגע שטימע זיך אָפּגערופען צו זיין טאָכטער.

— איך האָב זיך שוין געקליבען געהן שלאָפען, — האָט לא פערמאָסא'ס פּנים געפלאַמט, — האָט זיך מיר געדאכט אז איך האָב געהערט אז מען קלאפּט אין טיהר, בין איך ארויס א ווײלע פון מיין צימער.

— ביזטו געוועזן אין יענעם צימער וואו איך האָב דיר אָנגעזאָגט קיינמאָל אהין ניט אריינצוגעהן?! — איז דע שושאָן'ס שטימע נאָך שטרענגער געוואָרען.

— איך האָב זיך שטארק דערשראָקען און ניט געוואוסט וואו איך געה, — האָט לא פאָרמאָסא געענטפערט.

— יעצט זאָג מיר, האָסטו געעפענט די געהיימע טיהר פון יענעם צימער? — איז דער פאטער צו איהר נעהנטער צוגעגאנגען.

— ניין, איך ווייס גאָרניט וועגען אזא טיהר! — האָט זי געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, און איהר פּנים איז נאָך מעהר רויט געוואָרען.

— אָבער ווי איך זעה, טראָגסטו נאָך דיינע קליידער... פארוואָס האָסטו זיך ניט אויסגעטהאָן און געגאנגען שלאָפען! . . . — האָט די מוטער איהר געפרעגט.

— איך האָב זיך שוין געוואָלט אויסטהאָן, אָבער דאָס קלאפּען אין טיהר האָט מיך דערשראָקען.

— און ווען האָסטו דאָס קלאַפּען אַן טיהר געהערט? — האָט דער פאָטער געפרעגט.

— ניט לאַנג צוריק!

— עס האָט זיך דיר געוויס אויסגעדאַכט!

— מעגליך אַז איך האָב זיך זעהר שטאַרק דערשראָקען.

— גו יעצט בארוהיג זיך, מיין טאָכטער, און געה שלאָפען. גוטע נאַכט!

— האָט די מוטער איהר אַ קוש געטהאָן, און צוזאַמען מיט'ן פאָטער פארלאָזען איהר צימער.

— דאָס הארץ זאָגט מיר אַז עפּעס קומט דאָ פאָר מיט אונזער טאָכטער!

— האָט דע שושאַן געזאָגט ווען ער איז צוגעקומען מיט זיין פרוי צו זייער שלאָף־צימער, — זאָל עס מעגליך זיין אַז דער מאַן וועמען דו האָסט געזעהן זאָל — —

— אָה, ווי קענסטו גאָר דערפון טראַכטען! — האָט מאַריא איהם פאַרגע־וואָרפען, — אונזער טאָכטער איז אַזוי ריין און אומשולדיג ווי אַ מלאך.

— עפּעס קומט מיר אַלעס פאָר אַזוי געהיימניספאָל... אַ מאַן שפּרינגט ארונטער פון באַלקאָן... אונזער טאָכטער הערט קלאַפּען אין טיהר... די פארבאַר־גענע טיהר פון הייכל איז אָפען... וואָס בעדייטעט דאָס אַלעס?...

## צווייטער קאַפּיטעל

# די טאָכטער שפּיאָנירט

מיט גרויס אומגעדולד האָט לאַ פערמאָסאַ פעמבראַ, די טאָכטער פון דיעגאָ דע שושאַן, געוואַרט אַז די געסט זאָלען זיך צוגעהן. כאָטש זי איז געווען צו־פריעדען וואָס איהר פאָטער האָט איהר אַ וואונק געגעבען אַז זי קען פארלאָזען דעם צימער וואו די געסט זיינען געווען, וואָס דאָךּ האָט געמיינט אַז מ'ען וועט איהר שוין מעהר ניט באַלעסטיגען, האָט זי אָבער ועוואוסט, אַז אַזוי לאַנג ווי די געסט געפינען זיך אין דיזען הויז, וועט זי ניט קענען ארויסקומען צו איהר געליעבטען דאָן מאַרטין, וועלכער שטעהט אין הויף אונטער אַ בוים רעהאַל־טענערהייט און וואַרט מיט דער גרעסטער אונגעדולד אויף איהר צייכען, אַז ער קען שוין ארויפקומען אויף איהר באַלקאָן.

עס איז שוין באַלד אַ יאָהר אַז לאַ פערמאָסאַ פעמבראַ טרעפט זיך מיט איהר געליעבטען אין געהיים כמעט יעדען אָוונט. אַנגעבעודיג אַז אויסרייד אַז זי געהט באַזוכען איהרע אַ פריינדין, פלעגט זי אוועק פון איהר הויז צוויי אָדער דריי מאָל אַ וואָך און זיך טרעפען מיט איהם אין אַ געהיימען פּלאַץ, וואו זיי פלעגען קענען פארברייגגען אומגעשטערט. די איבריגע אָווענטען פלעגט זיך דאָן מאַרטין אריינ'גנב'ענען אומבאַמערקטערהייט אין דעם שלאָס, און שטעה־הענדיג אונטער אַ בוים, פלעגט ער זיינע אויגען ניט ארונטערנעהמען פון דעם פענסטער וואָס קומט ארויס פון לאַ פערמאָסאַ'ס שלאָף־צימער. ער פלעגט וואַרטען אויף אַ צייכען פון איהר, און דאַן פלעגט ער מיט גרויס פלינקייט ארויפקלעטערען אויף דעם באַלקאָן, וואו זיי פלעגען זיך אַוועקזעצען אין אַ ווינקעל און פארברייגגען.

דאָן מאַרטין איז געווען אַ זוהן פון סאַן מאַרטין, וועלכער איז שפּעטער בעוואוסט געוואָרען אַלס איינער פון די גרויזאַמסטע אינקוויזיטאָרס פון סעוויל.

סאַן מאַרטין איז געווען איינער פֿון די פֿיעלע גייסטליכע וועלכע פֿלעגען שטענדיג אַרומרינגלען דעם קעניג פֿערדינאַנד און די קעניגין איזאַבעלאַ, און האָבען אויף זיי אויסגעאיבט אַ גרויסע איינפֿלוס.

דאָן מאַרטין, וועלכער איז דאַן אַלט געווען איין־און־צוואַנציג יאָהר, איז געווען אַ הויכער, שלאַנקער לעבענס־לוסטיגער יונג, און כאָטש ער איז ערצויגען געוואָרען אין אַן אַטמאָספֿערע וואו ער האָט איינגעאָטעמט די קאַטוילישע הייליגקייט, וואו ער האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט גאַל ביטערע שנאה צו די אידען און צו די מאַראַנען, פֿון דעסטוועגען האָט די ליעבע אין איהם געזיעגט. און ווען ער האָט צום ערשטען מאָל דערזעהן די וואונדער־שעהנע רייצענדע טאָכטער פֿון דעם מאַראַנאַ דיעגאָ דע שושאַן, האָט ער זיך אין איהר פֿאַרליעבט. מיט יעדען מאָל וואָס ער האָט זי געזעהן, איז זיין ליעבע צו איהר שטאַרקער געוואָרען. זי האָט זיך אַזוי צופֿלאַקערט אין זיין האַרצען, אַז עס פֿלעגט אַוועקגעהן איין טאָג וואָס ער האָט זי ניט געזעהן, האָט ער זיך געפֿיהלט זעהר אומגליקליך.

ביי דאָן מאַרטין איז קיין צווייפֿעל ניט געווען, אַז ניט נאָר איז לאַ פֿערמאָסאַ אַן איבערגעבענע פֿרומע קאַטוילִיקין, נאָר אויך איהרע עלטערען, וועלכע שטאַמען פֿון אידען, זיינען געטרייע קאַטויליקען. איז דען ניט דיעגאָ דע שושאַן דער רייכסטער און חשוב'סטער מאַן פֿון סעוויל? ער איז דאָך אפילו געאַכטעט און געשעצט ביי דעם קעניג און קעניגין, און פֿיעלע פֿון די גייסטליכע, בישאָפֿען און עפּיסקאָפּען באַזוכען זיין הויז. דאָס איז אַ גוטער צייכען אַז דע שושאַן איז אַן אמת'ער גוטער קאַטאָליק, און זיין נשמה וועט ניט באַפֿלעקט ווערען דורכדעם וואָס ער האָט זיך פֿאַרליעבט אין זיין טאָכטער.

און אויב עס האָט זיך ווען עס איז איין זיין האַרצען פֿאַר'גנב'עט אַ געדאַנק אַז ער באַגעהט אַ זינד מיט דעם וואָס ער ליעבט זיך אין אַ מיידעל וועלכע שטאַמט פֿון דעם פֿאַרשאָלטענעם פֿאָלק, פֿלעגט דיזער געדאַנק גלייך פֿאַרשווינדען פֿון איהם, ווען ער פֿלעגט זי דערזעהן... ווען ער פֿלעגט אָנריהרען איהר צאַרטע האַנד און קושען איהרע ליעבליכע רויזען־ליפּען פֿלעגט ער אָן אַלעם פֿאַרגעסען, אויסער זיין אייגענעם גליק.

נאָך אַ זאַך האָט בערוהיגט זיין פֿרומע קאַטאָלישע האַרץ, און דאָס איז, ווען ער דערמאָנט זיך אָן זיין ערשטע באַגעגעניש מיט איהר... עס איז געווען וויינאַכטען (קריסטמעס), דער הייליגסטען טאָג פֿון יאָהר. די גלעקער פֿון די קלויסטערס פֿון סעוויל האָבען אָהן אויפֿהער געקלונגען, רופֿענדיג די באַפֿעלקערונג צו גאָטעס־דיענסט... דער קאַטעדראַל איז אָנגעפֿילט געוואָרען מיט מענער און פֿרויען און אויך זייערע קינדער... זיין פֿאַטער, סאַן מאַרטין, האָט דאַן געפּרעדיגט... אָבער ער האָט גאָרניט געהערט און קיינעם ניט געזעהן, אויסער די בעצויבערנדע לאַ פֿערמאָסאַ, וועלכע האָט אַזוי גראַציעז געקניהט... און ווען זיין פֿאַטער האָט געענדיגט און יעדער איינער איז צוגעקומען צום אַלטאַר, איז ער, דאָן מאַרטין, אַרויף צו זיין פֿאַטער אויף דער פּלאַטפֿאָרמע און מיט נייגעריגע אויגען געזוכט די וואונדערבאַרע שעהנהייט, וועלכע האָט פּלוצלינג זיין האַרץ געפֿאַנגען. אָט באַמערקט ער ווי זי דערנעהנטערט זיך צום אַלטאַר, ווי זי קניהט, און איהרע ליפּען מורמלען אַ תפֿלה... יעצט האָט ער געקענט זעהן איהר פֿולען פּנים וואָס איז געווען נאָך שעהנער און מיט מעהר צויבער... ער האָט מיט דורכדרינגענדע בליקען אויף איהר געקוקט... און זי האָט, ווייזט אויס,

דערפיהלט זיינע בליקע און אויפגעהויבען איהרע אויגען... זי האָט בלויז איין בליק אויף איהם געגעבען... און יענער בליק האָט אזוי געצערטעלט און געוואַרעמט... ער האָט בעשלאָסען איהר נאָכצופאָלגען און זעהן ווער זי איז... ער האָט אָפּגעוואַרט ביי דעם ארויסגאַנג פון קאַטעדראַל... ער האָט זי דערזעהן ארויסקומענדיג פון קאַטעדראַל מיט איהר פאָטער און מוטער... זי האָט איהם אויך באַמערקט... ער האָט זיי נאָכגעפאָלגט ביז וואַנען זיי זיינען צוגעקומען צו דעם שלאָס פון דיעגאָ דע שושאַן.

זייט דאַן האָט ער זיך יעדען טאָג ארומגעדרעהט דעם שלאָס, ביז איהם איז געלונגען . . ר מיט איהר צו זעהן. צו זיין בעדויערען אָבער, האָט ער מיט איהר ניט געקענט ריידען, ווייל זי איז געווען אין דער באַגלייטונג פון איהר ערציהערין. זי האָט אויף איהם געוואָרפען א פּאָר בליקען, און דאָס האָט איהם נאָך מעהר מוט געגעבען... אויף דעם צווייטען טאָג איז זי שוין אַליין ארויס פון הויז און אריין אין גאָרטען... בליץ שנעל האָט זיך דאָן מארטין אהין א לאָז געטהאָן... אָט שטעהט ער שוין נעבען איהר... זיין האַרץ קלאַפּט... ער זעהט ווי איהר פּנים ווערט באַדעקט מיט א רויטקייט וואָס גיט איהר נאָך צו מעהר צויבער און חן.

א ווײַלע שטעהען זיי און שווייגען. איהרע אויגען האַלט זי ארונטערגעלאָזען צום באָדען.

— מיין נאָמען איז דאָן מארטין — האָט ער זיך פאַר איהר פאָרגעשטעלט.

— דער זוהן פון סאַן מארטין. איך האָב דיך געזעהן קניהענדיג פאַר דער "הייליגער מאַדאָנאַ", און מיר האָט זיך פּלוצלינג אויסגעדוכט אז דו האָסט א זעהר גרויסע עהנליכקייט צו איהר.

— אָה, דאָס איז א זינד פון א לעסטערונג צו גאָט! — האָט לאַ פערמאַסאַ איהם פאָרגעוואָרפען.

— וואָס מעהר איך בעטראַכט דיין וואונדערליכען פּנים, אַלץ מעהר זעה איך די עהנליכקייט... די צניעות'דיגע אומשולד פון דער "מוטער" מאַריאַ איז אויסגעגאָסען אויף דיין בעצויבערנדען פּנים.

— מיין מוטער'ס נאָמען איז אויך מאַריאַ! — האָט זי רויטלענדיג א שמייכעל געטהאָן.

— דאָס איז א באַווייז, אז מיין פאַרגלייך איז ניט אויסען וועג, — איז דאָן מארטין דרייסטער געוואָרען.

אזוי איז זייער ערשטע פריינדשאַפט געשלאָסען געוואָרען. ער האָט מיט איהר אָפּגעמאַכט זיך צו טרעפען, און מיט יעדער באַגעגעניש איז זייער ליעבע שטאַרקער געוואָרען.

לאַ פערמאָסאַ האָט איהם אָנגעצייגט אויף א זייטיגען אריינגאַנג אין דעם הויף פון איהר שלאָס, און דאָרטען פלעגט דאָן מארטין גאַנץ אָפט קומען. ער פלעגט ארויפקוקען צו דעם פענסטער פון איהר צימער, און אזוי שנעל ווי זי פלעגט איהם געבען דעם אָפּגעמאַכטען צייכען, האָט ער געוואוסט אז אַלעס איז אין אָרדנונג און פלעגט מיט גרויס פאָרזיכטיגקייט ארויפקלעטערען אויף דעם באַלקאָן.

די ערשטע צייט פלעגט ער לאַנג ניט פאַרברייגגען דאָרטען, ווייל לאַ פערמאַסאַ האָט זיך שטאַרק געשראָקען טאָמער וועלען איהרע עלטערען אויסגעפינען.

אָבער נאָך עטליכע אזעלכע באגעגענישען איז איהר שרעק שוואכער געוואָרען. זי פלעגט קושען איהר מוטער גוטע נאכט, און זאָגען אז זי געהט שלאָפען, אָבער אנשטאט דעם פלעגט זי שטילערהייט אויפעפענען די צווייטע טיהר פון איהר צימער וואָס האָט געפיהרט צום באלקאָן און ארויסגעהן צו איהר געליעבטען.

גליקליכע מאָמענטען זיינע יענע געווען פאר ביידען... זייער ליעבע האָט געפלאַקערט אין זייערע יונגע הערצער... און די געהיימע באגעגענישען האָט צוגעגעבען נאָך מעהר גלאנץ און צויבער.

אין יענעם אָוונט ווען די פיעלע געסט האָבען זיך פערזאמעלט אין דיעגאָ דע שושאָן'ס שלאָס, האָט דאָן מארטין מיט גרויס אומגעדולד געווארט אויף א צייכען פון זיין געליעבטער, ווייל ער האָט געהאט פיעל וויכטיגעס מיט איהר צו ריידען. ער פלעגט פון זיין באהעלטעניס גאנץ אָפט באמערקען די פארשידענע מענשען וועלכע פלעגען אריינקומען צו איהר פאָטער... און ניט איינמאָל האָט ער באמערקט אז צווישען זיי געפינען זיך אויך אידען. און דאָס האָט זיין קאַטוילישע הארץ ניט געקענט ליידען... ער האָט באשלאָסען זיך דורכצורעדען מיט זיין געליעבטער און איהר זאָגען וואָס פאר א זינד עס איז צו לאָזען א אידען אריבערטרעטען די שוועל פון א קאטוילישען הויז.

ווען ער איז אזוי געשטאנען און געווארט, האָט ער פלוצלינג דערזעהן אָנקומענדיג די צוויי אידען דאָן יצחק אבארבאנעל און אברהם סינאַר. זיין צאָרן האָט אין איהם געברענט ווען ער האָט זיי דערזעהן. ניט איינמאָל האָט זיין פאָטער וועגען זיי גערעדט און שטארק באדויערט וואָס דיזע צוויי "פארשאָלטענע" אידען זיינען דעם קעניג'ס פריינד... ער ווייס אז קעניג פערדינאנד דארף צו זיי גאנץ אָפט אָנקומען, אָבער ווי קומען זיי אהער אין דיזען הויז ?!... יא, ער וועט מוזען אויספאָרשען.

לאנג איז איהם אויסגעקומען צו ווארטען יענעם אָוונט ביז וואנען ער האָט דערזעהן לא פערמאָסא'ס צייכען. און בליץ שנעל איז ער ארויף אויף דעם באלקאָן.

דאָן מארטין האָט זי אומגעארמט און א שטילען קוש געגעבען.

— זעהר פיעל געסט זיינען היינט געקומען צו אונז, און עס איז מיר געווען אונמעגליך ארויסצוקומען פריהער, — האָט זי זיך פארענטפערט.

— יא, איך האָב די געסט באמערקט, — האָט דאָן מארטין מיט א גאנץ שטילער שטימע געזאָגט, — איך האָב פיעלע פון זיי דערקענט. דער בישאָף קומט גאנץ אָפט אריין אויך צו מיין פאָטער. אָבער איין זאך פארשטעה איך ניט, ווי אזוי קומט עס אז אויך אידען זאָלען זיין די געסט פון דיין פאָטער ?!...

— אידען ? — האָט זי איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג, — וועלכע אידען ?

— איך האָב באמערקט די צוויי פארפלוכטע אידען דאָן יצחק אבארבאנעל און אברהם סינאר...

— אָה, אָבער זיי זיינען דאָך אויך חשוב ביים קעניג ! — האָט לא פערמאָסא געענטפערט מיט א שמייכעל.

— ווען דער קעניג וואָלט ניט בעדארפט אָנקומען צו זיי, וואָלט ער זיי שוין לאנג פון זיך פאריאָגט... ווייסטו דען ניט ווי גרויס די זינד איז אריינצולאָזען דיזע אומגלויביגע און פארשאָלטענע אידען אין א קאטוילישע הויז ?!

— איז עס ווירקליך א זינד? — האָט זי איהם נאַאיוו געפרעגט.

— יעדעס מאָל ווען א איד טרעט אריבער די שוועל פון א קריסטליך הויז, ברייננגט ער מיט זיך א גייסט פון א שד.

לאַ פערמאָסע האָט א לייכטען ציטער געטהאָן. זי האָט זיך נאָך מעהר גענוי־מען טוליען צו איהר געליעבטען.

— דו ווערסט דארפען זעהן ווירקען אויף דיין פאָטער צו דערוויטערען דיזע אידען פון זיין הויז, — האָט דאָן מארטין ווייטער געזאָגט, — ווייל זיי זיינען די שלוחים פון שטן, און די וועלכע באַפריינדען זיי האָבען שטענדיג חרטה אויף דעם, ווייל די קללה פון אונזער גאָט רוהט אויף זיי.

— איך מוז דאָך אבער געפינען אן אורזאכע אנצוגעבען צו מיין פאָטער פארוואָס ער זאָל זיי פון אונזער הויז דערווייטערען, — האָט זי געזאָגט.

— דו געפינן אויס וועגען וואס זיי ריידען און וואס איז דער הויפּט צוועק פון זייער קומען צו דיין פאָטער אין הויז, דאָן וועל איך וויסען ווי אזוי דיך צו ראטהען, — האָט דאָן מארטין געזאָגט.

— ווען זיי רעדען וועגען וויכטיגע זאכען, דאן טאָר איך ניט אריין אין יענעם צימער, טא ווי אזוי וועל איך קענען אויסגעפינען? !

— האָט דיר דיין פאטער פארבאָטען אריינצוקומען אין צימער ווען ער פארברייננגען מיט דיזע אידען? — האָט דאָן מארטין געפרעגט.

— יא, און ווען איך געפין זיך אין גאסט־צימער, ווינקט ער מיר אז איך זאָל ארויסגעהן און אין איין צימער האָט מיר דער פאטער אין גאנצען פארבאָטען אריינצוקומען.

— און דו ביזט אין יענעם צימער קיינמאָל ניט געווען?

— ניין, קיינמאָל ניט!

א געדאנק האָט שנעל דורכגעבליצט דאָן מארטין'ס מח, און ער האָט אליין א ציטער געטהאָן פון דיזען געדאנק.

— או דו ביזט גאָר ניט נייגעריג צו וויסען וואָס דארטען אין יענעם גע־היימען צימער טהוט זיך?

— יא, איך בין נייגעריג, אבער איך וועל דאָך ניט געהן געגען מיין פא־טער'ס פארבאָט.

— האָסטו ווען עס איז געזעהן אז דיין פאטער זאָל אהין אריינגעהן מיט די צוויי אידען?

— יא, גאנץ אָפט זעה איך זיי אריינגייהענדיג אהין, — האָט זי אומשול־דיג געענטפערט, — צוזאמען מיט די צוויי אידען האָב איך פיעלע מאָל באמערקט אז אויך לואיס דע סאַנטאַנגעל, זשואן אבאַלאַפיא און מאַנועל כאַלי קומען אהין אריין.

— דיזע פארפלוכטע אידען באַזיצען אין זיך א געהיימע קראַפט, און זיי קענען ברייננגען א גרויסע סכנה אויף דיינע עלטערען, און דאריבער איז דיין פליכט זיי פון דעם צו פארהיטען. דו זעה אויסצוגעפינען וועגען וואָס זיי ריידען און גיב עס מיר איבער, און איך וועל שוין זעהן דיר ארויסצוהעלפען... און די אידען וועלען מעהר ניט אריבערטרעטען די שוועל פון דיין פאטער'ס הויז.

— אבער ווי אזוי וועל איך קענען טהאָן אזא זאך? ! — האָט לאַ פּיירמאָסא מיט שרעק איהם אנגעקוקט.

— דו ווייסט דאָך ווי גרויס מיין ליעבע איז צו דיר, און איך זוך צו פארהיטען דיך און דיינע עלטערען פון אן אומגליק... ווייל דו דארפסט וויסען זיין אז אין א הויז וואו אידען האָבען צוטריט רוהט די קללה פון גאָט... מיין כוונה איז בלויז דיר צו העלפען אז די זינד זאָל אָפּגעטהאָן ווערען פון דיזען הויז... און אויב דיין ליעבע צו מיר איז אזוי שטארק ווי מיינע צו דיר, וועסטו זיכער מיין פארלאנג ערפילען.

— ש־ש־ש־שא! — האָט לא פערמאָסע צוגעלעגט איהר צארטע האנד צו דאָן מארטין׳ס מויל, — מיר דוכט זיך אז די געסט געהן אהיים.

ביידע האָבען אָנגעשטרענגט זייערע אויגען און באמערקט ווי די פארזאמעלטע געסט האָבען פארלאָזען דעם שלאָס.

— איך זעה ווי איניגע קעהרען זיך אום צוריק! — האָט דאָן מארטין איהר אריינגעשושקעט אין אויער, — אָה, סאנטא מאריא! דו זעהסט די צוויי אידען קעהרען זיך דאָך אויך אום צוריק...

— יא, דו ביזט גערעכט, — האָט לא פערמאָסא מיט א קלאפענדען הארץ געזאָגט.

— יעצט איז די צייט דו זאָלסט אויסגעפינען צוליעב וואָס די צוויי אידען און די איבריגע האָבען זיך אומגעקעהרט! — האָט דאָן מארטין זיך אָפּגערופען, — איך וועל דאָ ווארטען אויף דיר, און דו געה אריין און קוק נאָך וואוהין זיי געהן, און אויב עס וועט זיין מעגליך זאָלסטו זיך צוהערען צו זייער געשפרעך.

— איך האָב אָבער מורא אז פיעלייכט וועט אימיצער דיך באמערקען אויף דעם באלקאָן!

— זיי רוהיג, מיין טהייערע, דו ווייסט דאָך ווי פלינק איך בין ארונטערצושפרינגען פון דעם באלקאָן... ווען איך וועל באמערקען אז אימיצער אנדערש עפענט אויף די טיהר, וועל איך אויגענבליקליך פון דאָרט פארשווינדען... געה, מיין טהייערע, און זעה וואוהין די צוריקגעקעהרטע געסט זיינען אריין.

לא פערמאָסא איז אריין צוריק אין איהר צימער און פון דאָרטען איז זי פאָרזיכטיג ארויס. אויף די שפיץ פינגער איז זי פריהער צוגעקומען צו דעם צימער פון איהר מוטער כדי זיך איבערצייגען אז זי געפינט זיך דאָרט... באלד איז זי דורכגעגאנגען דעם קאָרידאָר און צוגעקומען צו דעם געהיימען צימער... זי האָט צוגעלייגט איהר אויער און דערהערט א געשפרעך... באלד איז דאָרטען שטיל געוואָרען... א היבשע ווייל איז זי אזוי געשטאנען ניבען דער טיהר און זיך איינגעהערט... עס איז דאָרט אזוי שטיל ווי קיינער וואָלט דאָרטען ניט געווען... דאָס האָט איהר נאָך מעהר פארוואונדערט... זי האָט בעשלאָסען עטוואס אן עפען צו טהאָן די טיהר.. דורך דעם שפאלט האָט זי געזעהן אז אין צימער איז פינסטער... זי האָט געקראָגען מעהר מוטה און איז אריין אינעווייניג, לאָזענדיג די טיהר אָפען... פון דער מאטער ליכט פון קאָרידאָר האָבען א פאָר שטראהלען אריינגעשיינט אין דעם פינסטערען צימער... איהר ערשטוינונג און שרעק האָבען געוואקסען... דוכט זיך נאָר וואָס האָט זי פון דאָרטען יעהערט שטימען... זי איז געווען זיכער אז אלע זיינען אין דיזען צימער אריין... און יעצט... זיינען זיי פלוצלינג פארשוואונדען געוואָרען... זי איז צוגעגאנגען צו יעדען ווינקעל פון צימער.. זי פיהלט די טישען, די שטוהלען. זי איז צוגעקומען צו די ווענט פון צימער... זי האָט געקוועטשט מיט די פלייצעס און אלץ ניט גע־

קענט קומען צו זיך פון דער מאדנער ערשיינונג... זי ווייס אז קיין ארויסגאנג איז פון יענעם צימער ניטא... זי בעטראכט די ווענט און ריהרט זיי אן מיט די הענט... זי וויל זיך שוין אומקעהרען... פלוצלינג דערפיהלט זי ווי עפעס האט זיך פון דעם ריהר פון איהר האנד א וועג געטהאן...

לא פערמאסא'ס הארץ האט א צאפעל געטהאן. זי האט א שטארקערען דריק געטהאן מיט איהר האנד יענע וואנט, און באלד האבען זיך צו איהרע אויערען דערטראגען שטימען ווי פון אונטער דער ערד...

א טויט־שרעק איז אויף איהר אנגעפאלען. און מיט שנעלע טריט איז זי ארויסגעלאפען פון דעם געהיימען צימער. זי איז ארוים אויף דעם באלקאן, און דאן מארטין איז איהר אנטקעגען געקומען. ער האט זי אנגענומען ביי דער האנד און געפיהלט אז זי טרייסעלט זיך פון שרעק.

— וואס האט פאסירט, מיין טהייערע ? — האט ער איהר געהאלפען געהן צו דעם פלאץ וואו זיי זיינען פריהער געזעסען, — פאר וואס ציטערסטו אזוי ?

— אה, גארניט האט פאסירט ! — האט זי זיך באמיהט צו בערוהיגען, — איך האב זיך פון עפעס דערשראקען.

דאן מארטין האט זי ארומגענומען און צוגעדריקט צו זיך. און זי האט איינגעגנורעט איהר קאפ אין זיין בוזעם. איהר גאנצער קערפער האט געציטערט.

— זאג מיר, מיין געטליכער מלאך, האסטו עפעס אויסגעפונען ? — האסטו עפעס געהערט ? — האט דאן מארטין איהר צערטליך געגלעט, — פארלייקען גארניט פון מיר, ליעבענקע, דו זעהסט דאך אז איך בין אויסען בלויז דיין טובה און די טובה פון דיינע עלטערען. אויב דו האסט אויסגעפונען עפעס וועגען די אידען און דעם צוועק פון זייער קומען אהער, און דו ווילסט עס פון מיר פארבארגען, ווערסטו דאמיט אליין באגעהן א גרויסע זינד געגען אונזער גאט.

— איך קען ניט ! איך קען ניט ! — האבען איהרע ליפען געשעפטשעט.

— אה, גאט, ווי מיין הארץ שרעקט מיך...

— בערוהיג זיך, מיין טהייערע, דו ווייסט דאך ווי גרוים מיין ליעבע איז צו דיר, און איך וויל דיך זעהן גליקליך, ריין און אומשולדיג ווי די הייליגע מוטער מאריא... דערצעהל מיר אלעס, האב קיין מורא ניט, איך וועל דיר העלפען.

לא פערמאסא פעמברא האט זיך גענומען נאך מעהר טוליען און נורען צו איהם... אין איהר געליעבטען'ס ארעמס האט זי זיך געפיהלט זיכער און בעשיצט.

ער האט געקושט איהרע ציטערנדע ליפען. און זי האט זיך געפיהלט אין גאנצען אונטער דעם צויבער פון זיין ליעבע.

— איך האב געזעהן... — האט זי קוים ארויסגערעדט און ניט דערענדיגט.

— וואס האסטו געזעהן ? זאג מיר, מיין טייבעלע, — האט ער זי געצערנעלט.

— איך בין צוגעקומען צו יענעם געהיימען צימער... איך האב צוגעלייגט מיין אויער און געהערט א געשפרעך... אין א ווייל ארום האט דארט געהערשט א טויטע שטילקייט... איך האב אויפגעעפענט די טיהר, אריין אין יענעם צימער און דארט קיינעם ניט געזעהן... מיין פערוואונדערונג איז געווען גרוים... איך האב ניט געקענט באגרייפען ווי אזוי זיי זיינען פלוצלינג פארשוואונדען געווארען ווען איך בין געשטאנען ביי דעם איינציגען ארויסגאנג פון צימער... איך האב גענומען ארומטאפען די ווענט און באלד האט זיך איין פלאץ פון וואנט א וועג

געטהאָן... איך האָב פארשטאנען אז דאָס מוז זיין א געהיימע טיהר... איך האָב די טיהר עטוואס אויפגעעפענט און באלד האָט זיך, אזוי ווי פון דער טיעפעניש פון דער ערד, דערטראָגען שטימען... מיין שרעק איז געוואָרען אזוי גרויס אז איך בין שנעל ארויסגעלאָפען פון צימער... עפּעס האָט מיר מיין הארץ ניט דער־לאָזט לענגער דאָרט צו שטעהן און זיך צוהערען צו זייער געשפּרעך...

דאָן מארטין׳ס בלוט איז אין איהם פארגליווערט געוואָרען... דאָן מוז איהר פאטער געוויס זיין א געהיימער איד! — האָט דורכגעבליצט א געדאנק אין זיין מוח... אָבער ווי אזוי איז דאָס מעגליך?!... זיי שיינען דאָך צו זיין איזעלכע גוטע קאטאָליקען... און זי, וועלכע געפינט זיך יעצט אין זיינע ארעמס!... ניין!.. זי איז אומשולדיג!.. זי האָט אפילו קיין אהנונג וואָס עס קומט פאָר ביי איהר פאטער אין הויז... ער מוז זי ארויסראטעווען פון דער "טומאה".. ער וועט איהר העלפען... אָבער פריהער מוז ער אַלעס אויסגעפינען.

— דאָס זוכען פארפלוכטע אידען שלעכטעס צו טהאָן צו דיינע עלטערען, — האָט דאָן מארטין זי נאָך פעסטער איינגעקלאמערט אין זיינע ארעמס, — אָבער געלויבט איז גאָט וואָס דו האָסט אויסגעפונען אין צייט... איך וויים, אז אבארבאנעל און סינאָר זוכען צו פאנגען דיין פאטער׳ס נשמה... אָבער אומ־זיסט וועט זיין זייער מיה... אויב דו וועסט נאָר זיין וויליג מיר ארויסצוהעלפען.

— וואָס קען איך דערצו טהאָן? — האָט לא פערכאסא געזאָגט מיט א ציטערנדע שטימע.

— דו קענסט זעהר פיעל טהאָן, מיין טהייערע! דו ביזט דאָך אזא גוטע, פרומע קאטאָליקין... דיינע עלטערען זיינען אויך פרומע קאטאליקען, און דו דארפסט ניט דערלאָזען אז די אומריינע אידען זאָלען באשמוצען רייגע קריסט־ליכע נשמות... עס איז דיין פליכט אויסצוגעפינען אַלעס וואָס קומט פאָר דאָרט אין געהיים, און מיר איבערגעבען. דאָן וועלען מיר זיך בעראטען וואָס צו טהאָן... דורך דעם וועל איך קענען פארשפּרייטען א נעץ פאר די אידען אין ווע־מעס אומריינע נשמות עס זיצען טייוואָלים... עס פארדריסט מיך בלויז וואָס דו האָסט זיך דערשראָקען און זיך נ ט צוגעהערט צו זייערע געשפּרעכען... אָבער עס איז נאָך ניט צו שפּעט... יעצט אז דו ווייסט דעם געהיימען פּלאץ, געה א צווייטען מאָל אהין און נייג גוט צו דיין אויער.

— אָבער... איך האָב מורא! איך קען ניט! — האָט זי א ציטער געטהאָן.

— אויב דו האָסט אליין מורא צו געהן, וועל איך מיט דיר מיטגעהן... דו וועסט זיך בלויז פריהער דארפען איבערצייגען אז קיינער געפינט זיך ניט אין דעם דורכגאנג פון קאָרידאָר ביז יענעם צימער... דו ווייסט דאָך, אז איך בין פלינק גענוג, און ווי נאָר איך וועל דערשפּירען אז מען קומט, וועל איך שנעל פארשווינדען.

— ניין, ניין! דאָס איז אומעגליך! דו טאָרסט ניט אריינגעהן אינעווייניג... איך וועל אליין געהן... דו בלייב דאָ אויף דיזען פּלאץ... איך וועל זיך צוהערען... און דאָן וועל איך דיר אַלעס איבערגעבען... אָה, מיין טהייערער, זאָג מיר, האָסטו מיך ליעב?!..

— איך האָב דיך ליעב מעהר ווי מיין אייגען לעבען! — האָט דאָן מארטין זי געקושט, — דו ביזט מיר טהייערער פון אַלעס אין דער וועלט, און טאקע צוליעב מיין גרויסע ליעבע צו דיר, וויל איך פארהיטען דיך און דיינע עלטערען

זיי זאָלען ניט אריינפאלען אין דעם נעץ וואָס די פארשאָלטענע אידען האָבען אויסגעשפרייט פאר אייך... גנעה, מיין ליעבענקע, גנעה, טהו דיין הייליגע שליחות און גאָט אין הימעל וועט דיר באלוינען!

לא פערמאָסא האָט זיך באפרייט פון זיין אומארמונג, און זיך אויפגעהויבען פון איהר פלאץ. א ווײלע איז זי געבליבען שטעהן און געצעגערט... באלד אָבער האָט זי א זאָג געטהאָן: „איך גנעה!" און איז שנעל אריין אין איהר צימער.

דאָן מארטין'ס בלוט האָט אין איהם געזאָטען. ער האָט יעצט ענטדעקט א נעסט פון מאראנען... אָה, די פאלשע פארמאסקירטע קריסטען!... זיי האָבען א געהיימען פלאץ וואו זיי האלטען זייערע פארזאמלונגען און פיעליייכט זייערע אידישע גאָטעס־דיענסטע... ער האָט זיך זעהר פיעל אָנגעהערט פון די מאראנען. זיין פאטער האָט ניט איינמאָל גערעדט מיט ביטערע שנאה געגען די „פארשאָלטענע". ער וויים אז מען זוכט שוין לאנג מיטלען ווי אזוי אויסצורייניגען שפאניען פון דיזע פארמאסקירטע קריסטען. אָבער זי? — האָט ער גענומען טראכטען, — זי איז אומשולדיג!... זי וויים ניט וואָס עס קומט פאָר אין געהיים אין איהר פאטער'ס הויז... ער וועט זי מוזען ארויסראטעווען!... פארוואָס זאָל אויך איהר ריינע נשמה אריינפאלען צום טייוועל!

דאָן מארטין האָט ניט געקענט איינזיצען פון אויפרעגונג. ער האָט געקריצט מיט די צייהן און געדריקט מיט זיינע פויסטען. זיין פנים האָט געפלאמט פון צאָרן... ער האָט אומגעדולדיג געווארט אויף זיין געליעבטער'ס צוריקקעהר. ער איז אָבער געווען צופריעדען וואָס זי זאמט זיך לענגער. זי וועט זיכער באלד אויסגעפינען פיעל געהיימע זאכען, און זי וועט איהם אלעס אנפערטרויען. ער וויים אז זי וועט פון איהם גאָרנישט פארלייקענען. זי האָט דאָך איהם אויך אזוי שטארק ליעב.

ער האָט דערהערט א שטילע באוועגונג. ער האָט זיך שנעל צוריקגעזעצט אין זיין ווינקעל, און זיינע בליקען געווענדעט צו דער טיהר פון באלקאָן, וואָס דאָט זיך לאנגזאם אויפגעעפענט און לא פערמאסא האָט זיך באוויזען. זי איז צו איהם צוגעגאנגען... זי איז געווען נאָך מעהר צושראָקען ווי דעם ערשטען מאָל... ער האָט געקענט הערען דאָס קלאפען פון איהרע צייהנער.

דאָן מארטין האָט זי ווידער צוגעדריקט צו זיך און איהר גענומען בערוהיגען.

— זאָג מיר, טהייערינקע, ביזטו ארונטער אונטען, אין דער פארבאָרגענער הייהל?

— יא, איך בין ארונטער עטליכע טרעפ... פון וויטען האָט אָפגעשלאָגען א שיין פון ליכט... אויף דער וואנט האָב איך בלויז באמערקט באוועגליכע שאָטענס... איך האָב געהערט זייערע שטימען, אָבער זייערע פנים'ר האָב איך ניט געזעהן. די שאָטענס האָבען אויסגעקוקט צו זיין זיצענדיג ארום א טיש.

— און וואָס האָסטו געהערט? — האָט דאָן מארטין אָנגענומען איהר האנד.

— איך האָב ניט געקענט הערען דייטליך אלעס וואָס זיי ריידען... — האָט לא פערמאָסא געשוידערט, — בלויז געצעהלטע ווערטער האָב איך געהערט... איך האָב געהערט ווי זיי ריידען עפּעס וועגען אן אינקוויזיציע.

— אינקוויזיציע!!? — האָט זיך דאָן מארטין האסטיג א שטעל געטהאָן.

— אָה, איך פארשטעה!

פון זיין האסטיגען שטעל איז דאָס בענקעל אומגעפאַלען און א קלאַפּ האָט זיך געהערט.

באלד האָט זיך געהערט דאָס עפענען פון א דערבייאיגען פענסטער.

— אָה, שנעלער אנטלויף! — האָט לא פּערמאָסא צו איהם זיך אָפּגערו־פען, — מיין מוטער האָט געווים דעם גערויש געהערט... זי קוקט ארויס פון פענסטער.

דאַן מארטין האָט פלינק א שפרונג געטהאָן פון דער זייט פון באלקאָן און איז באלד פארשוואונדען געוואָרען.

לא פּערמאָסא איז שנעל אריין אין איהר צימער. זי איז געווען אזוי צוטר־מעלט און צושראָקען אז זי האָט ניט געוואוסט וואָס זי טהוט... זי האָט זיך אוועקגעזעצט אויף איהר בעט, און זיך ווידער פון דאָרט אויפגעהויבען, און זיך ווידער געזעצט... עפּעס ווי א קאשמאר איז איהר אלעס פאָרגעקומען. זי גע־דענקט ניט ווי לאנג זי איז אזוי געבליבען זיצען... אין איהר קאָפּ האָט גענומען רוישען ווי מען וואָלט דאָרטען געקלאַפּט מיט האמערס, און דאַן האָט זיך פלוצים באוויזען איהר מוטער און נאכהער איהר פאטער.

זי געדענקט ניט וואָס זיי האָבען איהר געפרעגט און וואָס זי האָט זיי גע־ענטפערט... אָבער ווען איהרע עלטערען האָבען פארלאָזען איהר צימער, האָט זי זיך אריינגעוואָרפען אין בעט און זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

נאכדעם ווי דיענאַ דע שושאַן און זיין פרוי מאריא האָבען פארלאָזען זייער טאָכטער'ס צימער און צוגעגאנגען צו זייער שלאָפצימער, האָט ער זיך צו איהר אָפּגערופען:

— בערוהיג זיך, מאריא, און געה שלאָפען. איך וועל זיך אומקעהרען צו מיינע געסט... איך וועל לאנג זיך ניט פארזאמען... מיר האָבען נאָך דאָרט צו ריידען וועגען זעהר א וויכטיגען ענין... דו האָסט ניט וואָס מורא צו האָבען... מעגליך אז דיר האָט זיך אויסגעדוכט אז דו האָסט באמערקט א מאַן ארונטער־שפּרינגענדיג פון באלקאָן און אונזער טאָכטער האָט זיך געדוכט אז זי הערט קלאַפּען אין טיהר.

— פון דעסטוועגען וואָלט איך דיר געראטהען דו זאָלסט אויפוועקען איי־נעם פון די דיענער און זאָל ער מיט דיר ארויסגעהן זעהן. פיעלייכט געפינט זיך פּאָרט אימיצער אין ז'עם הויף פון שלאָס.

— אזוי לאנג ווי איך האָב געהיימע געסט, איז גלייכער אז די דיענער זאָ־לען יעצט ניט זיין וואך, — האָט דע שושאַן געזאָגט, — איך וועל אליין ארויס־געהן זעהן.

— ניין, אליין וועל איך דיך ניט לאָזען! — האָט איהם מאריא צוגעהאל־טען פאר זיין האנד.

— אָה, נארעלע, עס איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען! קיינער איז דאָרטען ניטאָ, איך וויל בלויז דיר איבע־צייגען אין דעם.

— אָבער איך וועל דיך אליין ניט לאָזען געהן! — האָט מאריא זיין האנד ניט אָפּגעלאָזען, — אויב דו ווילסט ארויסגעהן וועל איך מיט דיר מיטגעהן.

— דו ביזט דאָך אָבער אזוי צושראָקען און נערוועז!

— ווען דו ביזט מיט מיר האָב איך פאַר קיין זאַך ניט מורא, מיין טהייערער,
— האָט מאריא מיט א ליעבליכען שמייכעל איהם געזאָגט.

דע שושאַן האָט אויפגעפּענט די טיהר און איז מיט מאריא'ן ארויס אין הויף... ארום איז געווען שטיל און רוהיג, דער בלויער אויסגעשטערנטער הימעל האָט פאַרקלענערט די פינסטערניש. זיי האָבען געקענט זעהן אז קיינער געפינט זיך ניט אין הויף. זיי האָבען זיך שוין געוואָלט אומקעהרען, אָבער... פּלוצים האָבען זיי דערהערט טריט.

— אוי! — האָט מאריא אויסגערופען מיט שרעק, — דו הערסט!... מען געהט!

— ש-ש-ש-שא! — האָט דע שושאַן געזאָגט אין דער שטיל, — האָב קיין מורא ניט. איך הער לאַנגזאַמע טריט... ווי עס ווייזט אויס, איז אימיצער נאָר וואָס אריינגעקומען אין הויף.

— שנעלער, לאָמיר אויפוועקען די דיענער! — האָט זי אנגעהויבען צו ציטערען.

— איך בעט דיך, טהייערע, בערוהיג זיך! דו זעהסט דאָך אז דער פרעמדער געהט זעהר לאַנגזאַם אין אונזער ריכטונג... עס איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען... איך האָב מיין שווערד מיט זיך. איך וועל איהם אנטקעגען געהן.

— אַה, ניין! ריהר זיך ניט פון אָרט! — האָט זי איהם פעסט צוגעהאַלטען און זיך געטרייסעלט פון שרעק.

דער פרעמדער האָט זיך דערנעהנטערט. דע שושאַן האָט צוגעהאַלטען זיין פרוי זי זאָל ניט אומפאַלען פון שרעק.

— ווער ביזטו? ! — האָט דע שושאַן זיך אָפּגערופען מיט א שטילע אָבער שטרענגע שטימע.

דער פרעמדער איז געבליבען שטעהן עטוואָס דערשראָקען, און גלייך געפרעגט:

— איז דאָס דער שלאָס פון דיעגאָ דע שושאַן?

— יאָ! אָבער ווער ביזטו און ווי קומסטו אהער אזוי שפּעט בייננאַכט? עס איז דאָס צווייטע מאָל ווי דו שטערסט אונזער רוה!

— ניין, מיין האר! — האָט דער פרעמדער געענטפערט, — איך בין דאָ נאָר וואָס געקומען און איך בין דאָ צום ערשטען מאָל!

— האָסטו דען פריהער ניט געקלאַפּט אין מיין טיהר?

— ניין! איך קום נאָר וואָס פון דרויסען, און איך האָב נאָך דיין טיהר ניט דערגרייכט!

— אָבער וואָס איז דער צוועק פון דיין קומען אהער אזוי שפּעט? — האָט דע שושאַן איהם געפרעגט.

— איך קום נאָר וואָס פון דעם הויז פון דאָן יצחק אבארבאַנעל! זיין פרוי האָט מיר געזאָגט אַז ער געפינט זיך יעצט אין דעם שלאָס פון דיעגאָ דע שושאַן, און איינער פון זיינע דיענער האָט מיך צוגעפיהרט אהער.

— אַה, ביזטו עס פּיעלייכט אברהם זאקוטא, פון סאַלאַמאַנקאַ? — האָט דע שושאַן איהם געפרעגט.

— יאָ, דאָס בין איך!

— ווילקאָמען! ווילקאָמען אין מיין הויז! — האָט דע שושאַן אויסגע-

שטרעקט זיין האנד צו איהם.

זיי זיינען אַלע דריי אריין אינעווייניג, און דע שושאַן האָט פאַרגעשטעלט זיין פרוי פאַר איהם.

— דו ווערסט מיר מוזען ענטשולדיגען. מיר האָבען געהאט עטוואס שרעק!

— האָט דע שושאַן זיך צו איהם אָפּגערופען, — מיין פרוי האָט זיך אויסגע־דוכט אז א מאַן איז ארונטערגעשפּרונגען פון באַלקאָן.

— מיר האָט זיך ניט אויסגעדוכט, נאָר איך האָב ווירקליך אימיצען גע־זעהן! — האָט מאַריא איהם פאַרריכט.

— איך קען ניט פאַרשטעהן ווי אזוי אימיצער קומט אויף דיזען באַלקאָן?

— האָט דע שושאַן א ציה געטהאָן מיט זיינע אַקסלען.

— האָט ווער עס איז נאָר וואָס פאַרלאָזען דיין הויז? — האָט זאקוטא איהם געפרעגט.

— ניין. איך האָב געהאט פריהער אייניגע געסט, אבער יענע האָבען שוין לאַנג מיין הויז פאַרלאָזען.

— און ווען איך בין צוגעקומען צו דיין שלאָס, האָב איך באמערקט ווי אימיצער קומט שנעל ארויס... איך האָב געזעהן ווי ער קוקט זיך ארום און לאָזט זיך געהן מיט שנעלע טריט.

— דאָס האָט געמוזט זיין דערזעלבער מאַן... ווי עס ווייזט אויס, שפּיאָנירט מען אונז... און מיר וועלען דאריבער דארפען זיין נאָר מעהר פאָרזיכטיג.

זיי זיינען אריין אין גאַסט־צימער, און דע שושאַן האָט בעשלאָסען אז איידער ער קומט מיט זאקוטא׳ן אריין אין דעם געהיימען הייהל, וועט ער פריהער ארויסרופען אבארבאַנעל׳ן פון דאָרטען.

ער האָט געבעטען זאקוטא׳ן זיך זעצען.

— איך וועל זאָגען אבארבאַנעל׳ן אז זיין פריינד איז געקומען. איך קום גלייך צוריק, — האָט ער געזאָגט און איז ארויס פון צימער.

— אָה, די סינאָרא איז אזוי בלאַס און צושראָקען! — האָט זאקוטא זיך אָפּגערופען.

— יא, סינאָר, איך האָב נאָר וואָס געהאט גרויס שרעק, און איך קען נאָך יעצט צו זיך ניט קומען — האָט מאַריא נאָך אַלץ געציטערט.

— איך האָף אַז מיין פּלוצליכער קומען אזוי שפּעט האָט ניט צוגעגעבען צו דער שרעק פון דער סינאָרא.

— אָה, ניין! פאַרקעהרט, איך פיהל זיך יעצט עטוואס רוהיגער... מיין שרעק איז געווען בלויז פאַר א רגע. — האָט מאַריא זיך באמיהט צו האַל־טען רוהיג.

באַלד זיינען אריין אין צימער דע שושאַן און אבארבאַנעל.

ביידע פריינד האָבען זיך ווארעם און הארציג באַגריסט.

דע שושאַן איז צוגעגאַנגען צו זיין פרוי און איהר ווידער בערוהיגט. ער האָט איהר געזאָגט, אז יעצט וועט ער נאָך דארפען פאַרברייגגען א היבשע ווייל מיט זיינע געסט און זי זאָל געהן שלאָפען.

מאַריא האָט זיך ענטשולדיגט פאַר זאקוטא׳ן און אבארבאַנעל׳ן און זי האָט פאַרלאָזען דאָס צימער.

— ווי איך פאַרשטעה האָט עפּעס אויסערגעוועהנליכעס פּאסירט אז דו

האָסט פּלוצלינג געשיקט נאָך מיר ? — האָט אברהם זאקוטא זיך אָפּגערופּען.

— מיר וועלען אַלע ארונטערגעהן און צוזאמען מיט אונזערע איבריגע ברידער וועלען מיר זיך דורכריידען וועגען אַלעם, — האָט אבארבאנעל געזאָגט, — דאָס איז דער בעוואוסטער דיעגאָ דע שושאַן, איינער פון די אנוסים (געהיימע אידען) — האָט ער איהם פאָרגעשטעלט.

זיי זיינען אַלע דריי ארונטער אין דעם געהיימען הייכל. דע שושאַן זאָגט געזעהן אז די טיהר זאָל זיין גוט פארמאכט. ער האָט נאכהער פאר אַלעמען פאָרגעשטעלט אברהם זאקוטא'ן פאר די איבריגע.

נאָך א קליינע פויזע האָט זיך אבארבאנעל אָפּגערופען :

— מיר האָבען פריהער אַלע געגעבען א שבועה אז מיר זאָלען קיינמאָל ניט ארויסבריינגען אויף אונזערע ליפּען דיזען געהיימען סוד, אָבער דיר דארפען מיר דאָך דיזע שבועה ניט געבען, און דאריבער קען איך דיר גלייך דערצעהלען וואָס עס האָט פּאסירט.

זיי האָבען זיך אַלע געזעצט אויף זייערע פּלעצער און אבארבאנעל האָט פאָרטגעזעצט :

— דער קעניג און די קעניגין האָבען געקראָגען די צושטימונג פון דעם פּאַפּסט איינצופיהרען די אינקוויזיציע אין שפּאניען, און עס האַלט דערביי אז דיזע שרעקליכע אונמענשליכע גזרה זאָל גאָר אין גיכען דורכגעפיהרט ווערען.

זאקוטא'ס פּנים איז טויט־בלאס געוואָרען.

— האָט דער פּאַפּסט דאָך געגעבען זיין ערלויבניש ! — האָט ער געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ, — און איך בין געווען זיכער אז ער וועט זיין צושטימונג ניט געבען צו אזא גרויזאמען פארלאנג. איך שווידער ווען איך טראכט פון דער מעגליכקייט אז די אינקוויזיציע וועט איינגעפיהרט ווערען אין שפּאניען !

—און דו ביזט דער איינציגער וועלכער וועט קענען עפּעס טהאָן פאר אונז ! — האָט אבארבאנעל ווייטער געזאָגט, — דאריבער האָב איך נאָך דיר געשיקט. מיר וועלען זיך אַלע בעראטהען וואָס מיר קענען טהאָן צו פערמיידען אז די גזרה זאָל ניט דורכגעפיהרט ווערען.

— איך ? ! — האָט זאקוטא טרויעריג געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ, — וואָס קען איך, אלס איד, אויפטהאָן פאר מיינע אומגליקליכע ברידער ?

— דער בישאָף פון סאלאמאנקאָ, דיעגאָ דע־דעזא, וועלכער איז אויך א פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע אין דעם זעלבען אוניווערזיטעט, איז דאָך דיינער א גוטער פריינד, און ער וועט דיין פארלאנג עפּעס צו טהאָן פאר דיינע ברידער ניט ענטזאגען, — האָט אבארבאנעל געזאָגט, — ער איז דער לעהרער און ערציהער פון דעם טראָהן־נאכפאָלגער, פּרינץ דאָן זשואַן, און ער איבט אוים דורך דעם זעהר א גרויסען איינפלוס אויף דעם קעניג און קעניגין, און דער מאָנאָך און קאָנפעסאָר פון דער קעניגין, הערנאנדאָ דע טעלאוועראַ, האָט מיך געראטהען איך זאָל זיך ווענדען צו דיר, ווייל דע־דעזא איז דיין בעסטער פריינד.

אברהם זאקוטא האָט זיך א ווײַלע פארטראכט. ער האָט געקנייטשט זיין שטערען, געצויגען מיט די אקסלען און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

אן אָנגעצויגענע מורא'דיגע שטילקייט האָט געהערשט אין הייכל. די אטעמס זיינען געווען איינגעהאַלטען.

אַלעמענס בליקען זיינען געווען אָנגעווענדעט אויף איהם. זייערע טרויע־

ריגע פּנים'ער זיינען געווען אָנגעשטרענגט. זייערע נערווען אָנגעצויגען.

זאקוטא איז יעצט זייער איינציגע האָפנונג. וועט ער זיי ענטטוישען?

— איך ווייס ניט אויב דע־טאַלאַווערא'ס עצה איז פּראַקטיש געגוג. אמת, דער בישאָף דע־דעזא איז איינער פון מיינע בעסטע פריינד, אָבער איך גלויב ניט אז ער זאָל זיך אונטערנעהמען צו טהאָן אזא זאך.

— אויב דו וועסט איהם שטארק בעטען וועט ער דאָס טהאָן פאר דיר... דו ביזט דער איינציגער וועמען ער וועט ניט ענטזאגען... און ער איז איינער פון די געצעהלטע פּערזענליכקייטען וועמעס רייד וועלען האָבען א גרויסע ווירקונג אויף פערדינאַנד און איזאבעלא'ן, — האָט אברהם סינאָר זיך אָפּגערופען.

— ניין, עס איז אונמעגליך! — האָט זאקוטא געזאָגט, — איך האָב קיין רעכט ניט איהם צו שטעלען אין אזא שווערע פאַרלעגענהייט. מיר טאָרען ניט פארגעסען אז דער בישאָף פון סאַלאמענקא איז פון אידישער אָפּשטאמונג, און ווען ער זאָל זוכען אויסצונוצען זיין איינפלוס צום גונסטען די אידען, וועט עס גלייך ארויסרופען א גרויסען פארדאכט צווישען זיינע שונאים, און ער וועט ניט נאָר זיך אליין שעדיגען, נאָר ער וועט אויך שעדיגען די אלע מאראנען וועלכע האָבען פאַראַנטוואָרטליכע שטעלעס אלס גייסטליכע אין דער קירכע... ניין. פון אזעלכע מענשען קענען מיר פיעלייכט אמאָל ערווארטען אן אינדירעקטע טובה פאר אונזערע ברידער... אָבער ארויסקומען אָפען — דאָס איז אונמעגליך! פארקעהרט, גאַנץ אָפּט דארפען זיי אליין געבען עצות ווי אזוי צו פארשטארקען די קאטוילישע רעליגיע, כדי פון זיך ארונטערצואוואַרפען יעדען חשד... לאָמיר זיך ניט נארען! דע טאַלאַווערא קען האָבען א גרעסערען איינפלוס איבער דער קעניגין ווי דע־דעזא, פון דעסטוועגען וואָלט קיינעם פון אונז ניט איינגעפאַלען צו פארלאַנגען פון איהם ער זאָל זיך משתדל זיין פאר אונזערע ברידער!

— דאַן האָבען מיר גאָר קיין האָפנונג?! — האָט דע שושאַן געזאָגט מיט א טרויעריגער שטימע.

— ווארט, איך האָב אן אנדער פּלאַן! — האָט אברהם זאקוטא אויסגערופען, — און אויב עס וועט מיר געלינגען דאָס דורכצופיהרען וועט עס זיין א סך בעסער ווי די עצה פון דע טאַלאַווערא. איך האָב שוין לאַנג געטראַכט דאָס אויסצונוצען, ווען אונזערע ברידער וועלען זיך נויטיגען אין שתדלנות פאר'ן קעניג... און יעצט גלויב איך איז געקומען די צייט.

מיט אונגעדולדיגע נייגעריגע אויגען האָבען אלע געקוקט אויף זאקוטא'ן... דען איז נאָך פיעלייכט פאראַן א פונק פון האָפנונג?!... — האָט א געדאנק דורכגעבליצט דורך זייערע מוחות.

— מיר ווייסען דאָך אלע אז קעניג פערדינאַנד'ס עלטער באָבע איז געווען די בעוואוסטע אידישע שעהנהייט פּאַלאָמא ענריקעז! — האָט זאקוטא געזאָגט.

— יא, מיר האָבען טאקע פריהער וועגען דעם גערעדט, — האָט אברהם סינאָר צוגעשאָקעלט מיט זיין קאָפּ, — מיר האָבען געזאָגט אז טראָץ דעם וואָס אידישע בלוט פליסט אין זיינע קאטוילישע אָדערען, און טראָץ דעם וואָס מיר, אידען, האָבען איינגעלעגט וועלטען דורכצופיהרען דעם שידוך צווישען פערדינאַנד און איזאבעלא'ן און דורכדעם פאראייניגט אלע קלענערע מלוכות איז איין מעכטיגע שפּאַנישע קעניגרייך, איז די שנאה פון פערדינאַנד'ן צו די אידען אזוי איינגעהייער גרויס און ער איז נאָך מעהר נייגעריג איינצופיהרען די אינקוויזיציע

אין שפּאַניען, ווי די פרומע איזאַבעלאַ.

— און טאַקע דאַריבער האָף איך, אַז מיין יעצטיגער פּלאַן וועט העלפען... ווייל אויב די גייסטליכע פון אידישער אָפּשטאַמונג קענען ניט און טאָרען זיך אין דעם ניט מישען, האָף איך צו קריגען אימיצען וואָס וועט מעגליך האָבען גאָר אַ גרויסען איינפלוס איבער דעם קעניג.

— און ווער איז דער מאַן ? — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל מיט אומגעדולד געפרעגט.

— עס איז ניט קיין מאַן, נאָר אַ יונגע מיידעל ! — האָט זאַקוטאַ געענטפערט, — און אויב איהר וועט האָבען געדולד מיך אויסצוהערען וועל איך אייך דערצעהלען אלע איינצעלהייטען.

אלעמענס נייגערינקייט האָט נאָך מעהר געשטיגען. זיי האָבען זיך אלע אַ רוק געטהאָן נעהנטער צו זאַקוטאַ'ן און אָנגעשטרענגט די אויגען און אויערען.

— דאָס איז געווען מיט צעהן יאָהר צוריק, אַ פּאָר טעג פאַר פּסח, — האָט אברהם זאַקוטאַ אָנגעפאַנגען, — איך בין בייטאָג ארויסגעקומען פון דעם סאַלאַמאַנקאַ'ר אוניווערזיטעט. איך האָב באַמערקט אַ מאַן אין די מיטעלע יאָהרען, שטעהענדיג ביים ארויסגאַנג. ער האָט מיך בעטראַכט און אויף מיר געקוקט מיט דורכדרינגענדע בליקען. איך בין זיך נעגאַנגען מיין וועג. באַלד אָבער האָב איך דערפיהלט אַז ער געהט מיר נאָך. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און דער פרעמדער איז צו מיר צוגעגאַנגען און געפרעגט: ״זייט איהר דאָס אברהם זאַקוטא ?״

— יאָ, — האָב איך איהם געענטפערט — מיט וואָס קען איך אייך דיענען ?

ער האָט זיך אַ ווײַלע ארומגעקוקט אויב קיינער איז דאַביי ניטאָ און נאָכהער האָט ער זיך צו מיר אָפּגערופען אין דער שטיל:

— ״איך בין אַ מאַראַנאַ (געהיימער איד). איך בין אַנטלאָפען פון קאָרדאָווא, ווייל מען האָט אונז דאָרטען גענומען פאַרפאָלגען, און אַזוי ווי מען האָט אויף מיר גע'מסר'ט אַז איך היט אָפּ אידישקייט, האָט מען ביי מיר צוגענומען מיין גאַנצען פאַרמעגען און נאָכהער געוואָלט מיך טויטען. איך האָב מיין זעקס יעהריגע טאָכטער איבערגעגעבען צו אַ שכנה, אַ קאַטאָליקין, וועלכע איז געווען אַ גוטע פריינדין פון מיין פאַרשטאָרבענער פרוי, און אליין בין איך קוים מיט'ן לעבען אַנטלאָפען אהער אין סאַלאַמאַנקאַ, און אַזוי ווי איך האָב געהערט פון אייער נאָמען אלס גרויסער געלערנטער און איבערגעגעבענער איד האָב איך בעשלאָסען אייך צו פאַרטרויען מיין סוד.

איך בין מיט איהם גלייך אוועק אין מיין הויז און איהם געזאָגט, אַז ער דאַרף זיך פיהלען זיכער מיט מיר, קיינער וועט איהם קיין שלעכטס דאָ ניט טהאָן. דאַן האָט מיר ווייטער דערצעהלט:

״מיין נאָמען איז יוסף ענריקעז, איך בין אַ פּלימעניק פון פּאַלאָמאַ ענריקעז, וועלכע איז געווען די שעהנסטע פרוי פון טאָלידאָ, זי איז געווען די שוועסטער פון מיין פאָטער, און איהר איינציקעל זשואַנאַ האָט געהייראַט מיט דעם קעניג זשואַן דעם צווייטען, און האָט איהם געבוירען אַ זוהן פערדינאַנד, וועלכער איז דער יעצטיגער קעניג פון שפּאַניען.

— איך פאַרשטעה ניט, — האָט זשואַן באַלאַפּיאַ איהם אונטערבראָכען, — אויב ער איז געווען דעם קעניג'ס אַ קרוב פאַרוואָס איז ער ניט געגאַנגען זוכען שוץ ביי איהם ?

— דיזעלבע פראגע האָב איך איהם געשטעלט, — האָט זאקוטא געענטפערט, — און לויט זיין ערקלעהרונג, האָט ער ניט געקענט ערווארטען קיין הילף פון קעניג, פארקעהרט, ער וואָלט נאָך פיעליכט ערגער געמאַכט, ווייל פערדינאנד שעהמט זיך דאָך געוויס מיט דעם יחוס פון זיין אידישער עלטער־באָבען, און ווען ער וועט זיך דערוויסען אז דער מאראנא, וועלכער ווערט באשולדיגט אין אָפהיטען אידישקייט אין געהיים, שטאַמט פון זיין משפחה, וועט זיין צאָרן נאָך מעהר ברענען אין איהם, ער וועט נאָך אליין הייסען איהם שטרענגער בעשטראָפען.

— און ווי אזוי קען אונזער הילף קומען דורך דעם? — האָט מאנועל מאָלי געפרעגט.

— איך וועל ענדיגען דערצעהלען, און דאַן וועט איהר אלע איינזעהן צו וואָס איך ציעל מיט מיינע ווערטער.

— עס איז געווען די ערשטע נאכט פון פסח, — האָט זאקוטא פאָרטגעזעצט, — מיר זיינען אלע געזעסען ביים סדר, פלוצלינג האָט איכיצער אָנגעקלאָפט אין מיין טיהר... דאָס איז געווען אן אָרימער איד, וועלכער האָט געזוכט א אידישע הויז וואו ער זאָל קענען זיין צום סדר. אָבער מיין גאסט האָט זיך אזוי שטארק דערשראָקען פון דעם קלאָפען אין טיהר, אז זיין פנים איז טויטבלאס געווארען... ער איז געווען זיכער, אז דאָס קומט מען נאָך איהם... עס האָט איהם אָנגעהויבען ווארפען אין היץ און אין קעלט... פון גרויס שרעק איז ער קראנק געווארען... ווען ער האָט געזעהן אז זיינע טעג זיינען געצעהלטע, האָט ער מיך צוגערופען און איבערגעגעבען א פארזיגעלטען בריעף.

— דאָס איז א בריעף פאר מיין טאָכטער ביטריס ענריקעז. איך וויל פון דיר פארלאנגען אז ווען מיין טאָכטער וועט אלט ווערען זעכצעהן יאָהר, זאָלסטו זי אויפזוכען אין קאָרדאָווא און איהר אָנפערטרויען וועגען מיין געהיימניס, און דו זאָלסט זעהן ווירקען אויף איהר זי זאָל אין איהר הארצען פארבלייבען א אידישע טאָכטער און אזוי שנעל ווי זי וועט האָבען די מעגליכקייט זאָל זי זיך אומקעהרען צו איהר אידיש פאָלק.

— דו זאָגסט אז זי איז יעצט בלויז זעקס יאָהר אלט? — האָב איך איהם געפרעגט, — און זי ווערט ערצויגען אלס קאטאָליקין, וועט זי מיר דען וועלען גלויבען אין צעהן יאָהר ארום ווען איך וועל איהר זאָגען אז דער בריעף קומט פון איהר פאטער און אז ער איז געווען א איד?

— אין דעם בריעף האָב איך געחתמ'עט מיין נאמען, און אין מיין נאמען האָב איך געמאכט א צייכען. דערזעלבער צייכען איז אויפגעשריבען אויף א שטיקעלע פארמעט און אריינגעלייגט אין א גאָלדענעם מעדאליאָן וואָס מיין פרוי האָט איבערגעגעבען אונזער טאָכטער פאר איהר טויט. איך בין זיכער, אז דיזען מעדאליאָן וועט זי שטענדיג טהייער האלטען און ווען דו וועסט זי זעהן ווען זי וועט זעכצעהן יאָהר אלט זיין, וועסטו איהר הייסען דיזען מעדאליאָן עפענען און פארגלייכען דעם צייכען מיט דעם צייכען פון מיין בריעף, און דאַן וועט זי מיר גלויבען, — האָט ער מיר פארזיכערט.

זאקוטא האָט ארויסגענומען דעם פארזיגעלטען בריעף און זיי געצייגט.

— אין דיזען בריעף געפינען זיך אויך דאָקומענטען וואָס צייגען אז מיין טאָכטער ביטריס ענריקעז שטאַמט פון דערזעלבער משפחה פון וואנען די מוטער

פון דעם קעניג פערדינאנד שטאמט. און איך גלויב אז דורך דעם וועט זי קענען אויסאיבען א גרויסען איינפלוס איבער דעם קעניג... און אויב מיר וועט געלינגען זי צו געווינען אויף אונזער זייט דאן וועט זי קענען פאר די אידען אויפטהאן א סך מעהר ווי דער בישאף פון סאלאמאנקא.

— אבער אויב איהר פאטער האט מורא געהאט אויסצונוצען זיין פארוואנדשאפט צום קעניג אום זיך אליין צו ראטעווען, ווי אזוי וועט עס קענען טהאן זיין טאכטער? — האט דאן יצחק אבארבאנעל געפרעגט.

— עס איז א גרויסער אונטערשיעד! — האט זאקוטא געענטפערט, — איהר איז דאך געווים קיינער ניט חושד אז זי היט אפ אידישקייט. זי איז ערצויגען געווארען אלס קאטאליקין, און ווען זי וועט קענען איבערצייגען דעם קעניג אז זי איז פון זיין משפחה, וועלען איהרע רייד האבען די געווינשטע ווירקונג אויף דעם קעניג. און אזוי לאנג ווי די אינקוויזיציע איז נאך ניט אפיציעל באשטעטיגט געווארען פון דעם קעניג און קעניגין, וועט זי פיעלייכט קענען פועל'ן ביים קעניג אז מען זאל עס איז גאנצען ניט איינפיהרען אין שפאניען, זי וועט בלויז דארפען איהם אנווינקען וועגען זיין עלטער־באבען.

— אויב זי זאל נאר צושטימען, — האט דע שושאן געזאגט.

— איך קום דאך צו איהר אין נאמען פון איהר פארשטארבענעם פאטער, און איך בין זיכער, אז דאס אידישע בלוט וואס פליסט אין איהרע אדערען וועט אויפזידען געגען דעם אונרעכט וואס איז בעגאנגען געווארען געגען איהר פאטער, און זי וועט מיטפיהלען מיט די איבריגע מאראנען וועמען עס שמעהט פאר נאך אן ערגערער גורל. יא, איך וועל נאך מארגען אוועקפאהרען נאך קארדאוא און זי אויפזוכען.

— ווייסטו אם ווייניגסטען דעם נאמען פון דער פרוי ביי וועמען זיין טאכטער איז ערצויגען געווארען? — האט אבארבאנעל איהם געפרעגט.

— דאס האט ער פארגעסען מיר צו זאגען.

— דאן איז דאך מעגליך אז זי געפינט זיך גאר נישט אין קאדדאווא? — האט זשואן אבאלאפיא אויסגעדריקט זיין צווייפעל.

— קיין ירושה האט איהר פאטער איהר ניט איבערגעלאזען. און די קאטאלישע פרוי וועלכע האט איהר צוגענומען צו זיך, האט דאך געווים קיינעם ניט דערצעהלט אז זי שטאמט פון אידען, און דאריבער האט זי ניט געליטען פון די רדיפות וואס איז ניט לאנג צוריק פארגעקומען אויף אונזערע ברידער פון קארדאווא, און זי איז זיכער דארט פארבליבען. איך ווייס אז איך וועל האבען א סך שוועריגקייטען זי אויפצוזוכען, ווייל איך האב קיינע פריינד און בעקאנטע אין קארדאווא, אבער איך וועל זי מוזען געפינען, ווי שווער דאס זאל מיר אנקומען.

— איך קען א פרוי, א מאראנא, אין קארדאווא! — האט אבארבאנעל געזאגט, — איהר נאמען איז שושנה קאלאמבוס, און כאטש זי איז דארט בעקאנט אלס א פרומע קאטאליקין, ווייס איך אז אין איהר קלאפט א ווארעמע הארץ... זי געפינט זיך אין קארדאווא פיעלע יאהרען און זי מוז ווארשיינליך וויסען פון ענריקעז'ס טאכטער און וועט דיר העלפען זי אויפצוזוכען.

— נו, זאג מיר וואו זי געפינט זיך און איך וועל אוועקגעהן צו איהר! — האט זאקוטא זיך אפגערופען.

— דו ווייסט דאך אלס א מאראנא איז שושנה קאלאמבוס זעהר אנגעשרא־

קען און זי וועט קיין זאך ניט אָנפערטרויען צו א פרעמדען, דאריבער גלויב איך אז איך וועל מיט דיר מיטרייזען נאָך קאָרדאָווא און וועל דיר העלפען אויפזוכען ביטריס ענריקעז, — האָט אבארבאנעל זיך אָפּגערופען.

— דאָס איז זעהר א גוטער פּלאן ! — האָט זאקוטא צוגעשטימט, — מיר ביידע וועלען זי זיכער קענען אויפזוכען.

— אויב אזוי קענען מיר יעצט קיין בעשלוס ניט מאכען, — האָט דיעגאָ דע שושאַן אויסגערופען, — מיר וועלען מוזען ווארטען און זעהן אויב דער פּלאן פון אונזער ברודער זאקוטא וועט דורכגעפיהרט ווערען... מיר וועלען אבער זיך פון יעצט אָן מוזען פערזאמלען גאַנץ אָפט. מיר וועלען דארפען האלטען אן אָפענע אויג אויף אַלעם וואָס עס קומט פאָר אין קעניגליכען פּאַלאַץ.

— לאָמיר בעטען גאָט און האָפען אז דיזער פּלאַן פון זאקוטא'ן וועט דורכגעפיהרט ווערען מיט ערפאָלג ! — האָט אברהם סינאָר געזאָגט.

— עס ווענדט זיך אויב ביטריס ענריקעז איז זעהר א שעהנע מיידעל. וועט זי דאן מעגליך אויסאיבען אן איינפלוס איבער פערדינאנד'ן, אָבער אויב איהר שעהנקייט איז געוועהנליך, דאן צווייפעל איך אויב זי וועט עפּעס קענען אויפטהאָן, — האָט לואיס דע סאנטאנגעל געזאָגט.

— איהר פאטער האָט מיר געזאָגט אז זי איז געוועזן זעהר א שעהן קינד, און אז זי שטאמט נאָך פון דערזעלבער משפחה פון דער אויסערגעוויינליכער שעהנער פּאַלאָמא, פערדינאנד'ס עלטער־באָבע, איז גאַנץ מעגליך אז זי איז אויך א זעלטענע שעהנהייט. יעדענפאלס וועלען מיר דאָס אויסגעפינען, — האָט זאקוטא געזאָגט.

דע שושאַן האָט געפיהרט אַלע געסט דורך דער לענג פון דער הייהל, ביז וואנען זיי זיינען צוגעקומען צו א געהיימען ארויסגאנג.

— אויב אימיצער האָט אונז ווירקליך שפּיאָנירט היינט ביינאכט, וועט זיין א סך בעסער אז איהר וועט אהיים געהן דורך דיזען געהיימען ארויסגאנג. דאָרט וועט אייך געוויס קיינער ניט באמערקען.

אַלע געסט האָבען זיך געזעגענט מיט דיעגאָ דע שושאַן און אָפּגעמאכט אז אין א וואָך ארום וועלען זיי ווידער זיך צונויפזאמלען אין זיין הויז אויסצוגעפינען וואָס עס איז דורך דער צייט אויפגעטהאָן געוואָרען.

יעדער פון זיי איז אוועק אין אן אנדער ריכטונג.

דאָן יצחק אבארבאנעל איז אוועק מיט אברהם זאקוטא'ן צו זיך אהיים.

דריטער קאַפּיטעל

# קריסטאָפאָר קאָלאָמבוס'עס מוטער

עס איז געוועזן א נאכט פון אָנפאַנג מאָנאט טבת, די אכטע חנוכה־ליכטעל, פון יאָהר 1478. די נאכט איז געוועזן א ליכטיגע, כאָטש קיין סימן פון א לבנה האָט זיך נאָך ניט באוויזען אויף דעם לויטערען הימעל וואָס איז געהאנגען איבער דער שטאָדט קאָרדאָווא ווי א זילבער־טעפּיך געפלאסטערט מיט מיליאָנען פינקלענדע בריליאנטען... די לופט איז געוועזן קיהל און ערפרישענד. א פּאָר'כישופט שטילקייט האָט געהערשט ארום, און אין איינעם פון די הינטער־געסלעך פון קאָרדאָווא האָבען די טריט פון צוויי פוס־געהער אָפּגעהילכט אין דער שטילקייט. זיי זיינען געגאַנגען מיט לאנגזאמען טריט און צוישען זיך גערעדט מיט

קוים הערבארע שטימען. זיי האבען זיך גאנץ אפטו אפגעשטעלט און בעטראכט די אפגעזונדערטע הייזער, ווי זיי וואלטען עפעס געזוכט.

די צוויי פוס־געהער זיינען געווען דאן יצחק אבארבאנעל און אברהם זאקוטא.

ביידע זיינען געווען אנגעטהאן אין לאנגע שווארצע מאנטלען מיט הויכע היטלען. זיי האבען זיך אפגעשטעלט ניט ווייט פון א נידריגע האלב־איינגע־פאלענע הייזעל.

— מיר דוכט זיך אז אין דיזען הויז געפינט זי זיך! — האט אבארבאנעל אנגעצייגט מיט זיין פינגער, — עס זיינען שוין פאראיבער עטליכע יאהר זייט איך בין דא געווען, און ביינאכט איז שווער צו דערקענען דאס הויז.

— איך וועלווארטען אין דרויסען און דו וועסט פריהער אליין אהיין אריינגעהן, — האט זאקוטא געזאגט.

אבארבאנעל איז צוגעגאנגען צום הויז און א קלאפ געטהאן אין טיהר. א ווייל‍ע איז ער געבליבען שטעהן און געווארט. און ווען ער האט קיין ענטפער ניט געקראגען, האט ער שוין געוואלט אוועקגעהן, אבער די טיהר האט זיך לאנגזאם גענומען אויפעפענען און א קאפ פון אן עלטערע פרוי האט זיך באוויזען מיט א ברענענדע ליכט אין האנד.

אבארבאנעל האט גלייך געגעבען ·· ־ייכען צו זאקוטא'ן און ער ־אט זיך גלייך דערנעהנטערט צום טיהר.

— גוטען אווענט, סענארא! — האט זיך אבארבאנעל א נייג געטהאן, — אויב איך מאך ניט קיין טעות, ביזטו דאך סענארא שושנה קאלאמבוס.

— יא, סינאר! — האט זי צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ, — אבער . . . — האט זי עטוואס צושראקען גענומען שטאמלען, און ברייטער אויפגעעפענט די טיהר.

— דו וועסט אונז מוזען ענטשולדיגען וואס מיר האבען דייז רוה געשטערט אזוי שפעט ביינאכט, — האט אבארבאנעל זיך פארענטפערט, — אבער מיר וואנדערען דא איז קארדאווא ארום א היבשע צייט.

— ווילקאמען איז מייז הויז, סענארען, אין נאמען פון דער הייליגער מאריא.

אבארבאנעל און זאקוטא זיינען אריין אינעווייניג, און ביי דער שייז פון דעם ליכט האבען זיי בעטראכט די פרוי. איהרע האר זיינען געווען איז גאנצען ווייס, איהר פנים באדעקט מיט קנייטשען, אבער עפעס א ליעבליכקייט און פריינדליכקייט האט פון איהרע ווייכע צארטע אויגען ארויסגעשטראהלט. אויף איהר הארצען האט זי געטראגען א צלם... אין א ווינקעל פון הויז האט געברענט א קליין לעמפעל נעבען א הייליג בילד.

זיי זיינען אלע דריי געבליבען שטעהן אין מיטען צימער. די עלטערע פרוי האט געווארפען איהרע בליקען אויף אבארבאנעל'ן.

— זעצט זיך צו א ווייל‍ע, סענארען, — האט זי זיך צו זיי געווענדעט, אנ־צייגענדיג אויף א באנק נעבען טיש, — איהר זייט זיכער מיעד, פיעלייכט זייט איהר הונגעריג א־ער דורשטיג, וועל איך עפעס צוגרייטען פאר אייך.

— ווי איך זעה דערקענסטו מיך ניט! — האט זיך אבארבאנעל אפגערו־פען מיט א לייכטען שמייכעל.

די אלטעטשקע האט איהם אפגעמאסטען מיט איהרע בליקען. עפעס איז

זיין פּנים איהר בעקאנט, אָבער זי קען זיך ניט דערמאָנען.

— און וואָס מאכט דיין זוהן קריסטאָפאָר? — האָט אבארבאנעל גע־פרעגט, — דו זעהסט?! איך געדענק אפילו דעם נאמען פון דיין זוהן, און דו דערקענסט מיך נאָך אלץ ניט?

— ענטשולדיג מיר, סינאָר! דיין פּנים איז מיר זעהר בעקאנט, אָבער איך קען זיך ניט דערמאָנען... אז מען ווערט עלטער ווערט דער זכרון אָפּגעשוואכט... די אויגען דיענען שוין ניט אזוי ווי עס בעדארף ... זיין.

— מיט איינינע יאָהר צוריק בין איך געווען אין קאָרדאָווא, דו ביזט מיך געקומען זעהן און מיט מיר גערעדט וועגען דיין זוהן קריסטאָפאָר, דו האָסט מיר דערצעהלט אז ער טראָגט זיך ארום מיט פּלענער וועגען ענטדעקען א נייעס לאנד... דו האָסט דאן דיין זוהן ערוואַרטעט ער זאָל קומען אין קאָרדאָווא, און איך האָב דיר פארשפּראָכען צו קומען צו דיין הויז און זיך מיט דיין זוהן דורכריידען... אָבער צום בעדויערען האָט דיין זוהן דיך דאן ענטטוישט און איז ניט געקומען.

— יא, יא... איך געדיינק... דאָן יצחק אבארבאנעל!! — האָט זי מיט גרויס איבערראשונג און בעגייסטערונג אויסגערופען, — יעצט דערמאָהן איך זיך אלעס... ווי שטאַרק מיר האָט דאן באנג געטהאָן וואָס מיין זוהן איז ניט געקומען... איך האָב דאן געהאָפט אז דו וועסט איהם קומען צו הילף און איהם געבען די מעגליכקייט צו פארווירקליכען זיינע פּלענער... יא... מיין זוהן געפינט זיך נאָך אלץ אין פּאָרטוגאַל, אין דער הויפּט־שטאָדט ליסאבאָן. איך האָב דאן געהאט א גרוס פון איהם דורך א מאטראָז אז ער האָט געמוזט אויפגעבען זיין פּלאן צו קומען נאָך קאָרדאָווא, ווייל ער האָט דאָרטען חתונה געהאט... איך שעץ זיך גליקליך אז דו האָסט זיך אָן מיר דערמאָהנט און ווידער געקומען מיר אָפּשטאטען א באזוך.

— יעצט וועל איך דיר פאָרשטעלען מיין פריינד, — האָט אבארבאנעל גע־זאָגט, — זיין נאמען איז אברהם זאקוטא!

— אברהם זאקוטא פון סאלאמאנקא! — האָט זי נאָך מיט מעהר איבער־ראשונג אויסגערופען, — ביזטו דען ניט דער פּראָפעסאָר פון אסטראָנאָמיע און מאטעמאטיק אין דעם דאָרטיגען אוניווערזיטעט?

— יא, דאָס בין איך, סענאָרא! — האָט זאקוטא זיך א נייג געטהאָן מיט א פריינדליכען שמייכעל. — אָבער, זאָג מיר, פון וואנען האָסטו פון מיר גע־הערט?

— מיין זוהן, קריסטאָפאָר קאָלאָמבוס, האָט פון דיר, מיין הארר, ניט אויפ־געהערט צו ריידען. ער האָט געקויפט דיינעם א בייכעל וואָס הייסט, דוכט זיך, אלמאנאק פּערפּעטואום (דער אייביגער לוח) און ער פלעגט עס שטודירען טאָג און נאכט... ער האָט גאנץ אָפט געטרוימט זיך מיט דיר צו באקענען... אָה, ווי גליקליך ער וועט זיך שעצען ווען ער וועט זיך דערוויסען אז אברהם זאקוטא איז געווען אין מיין הויז אלס גאסט...

— מיט וואָס באשעפטיגט זיך דיין זוהן? — האָט זאקוטא איהר געפרעגט.

— ער איז א מאטראָז און האָט זעהר ליעב צו רייזען אויף דעם ים. ער טראָגט זיך ארום מיט פארשידענע פּלענער און איך גלויב אז פיעלע פון זיינע פּלענער האָט ער געקראָגען פון דיינע שריפטען.

— אין וואָס באַשטעהען די פּלענער פון דיין זוהן ? — האָט זאַקוטאַ איהר געפרעגט.

— אַזוי ווייט ווי איך וויים, האַנדעלט זיך דאָרט וועגען אַ נייעם דירעקטען וועג נאָך אינדיע, און וועגען נייע לענדער, און ער איז געקומען אין פּאָרטוגאַל צו פאַראינטערעסירען דעם קעניג מיט זיינע פּלענער.

— דאָס איז זעהר אינטערעסאַנט! — האָט זאַקוטאַ צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, — איך האָף, אַז איך וועל האָבען אַ געלעגענהייט זיך צו באַגעגענען מיט דיין זוהן קריסטאָפאָר קאָלאָמבוס!

— איך בין זיכער, אַז דו, מיין האר, וואָלסט איהם אַ סך געקענט באַהילפיג זיין... דיינע רייד וואָלטען געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די געלערנטע, און זיי וואָלטען מעגליך פאַראינטערעסירט דעם קעניג... איך וועל דיר מיין גאַנצען לעבען דאַנקבאַר זיין פאַר דעם, ווייל קריסטאָבאַל איז מיין ליעבסטער זוהן.

— דו האָסט נאָך קינדער ? — האָט אַבאַרבאַנעל איהר געפרעגט.

— יאָ, מיין האר. איך האָב אויסער קריסטאָפאָר׳ן נאָך צוויי זיהן און איין טאָכטער. מיינע אַנדערע זיהן אַרבייטען אויך אויף שיפען, און מיין טאָכטער איז פערהייראַט און וואָהנט אין גענואַ, איטאַליען. מיר האָבען אַלע געוואָהנט אין גענאַ, אָבער זינט מיין מאַן איז געשטאָרבען בין איך אַוועק נאָך שפּאַניען, ווייל דאָרטען איז פאַר מיר זעהר שווער געווען צו פאַרדיענען מיין ברויט... דאָ ציה איך מיין חיונה פון וועבעריי. און איך בין מתפּלל צו גאָט אַז איך זאָל זיך זעהן מיט מיינע קינדער און האָבען די מעגליכקייט צו זיין מיט זיי צוזאַמען.

— מיר זיינע אַלע אין גאָט׳ס הענד, און איך האָף אַז ער וועט זיך צו דיין תפלה צוהערען.

זאַקוטאַ האָט געוואָרפען זיינע בליקען אויף דעם צלם וואָס איז געהאַנגען איבער איהר האַרצען.

שושנה האָט געפיהלט זיינע בליקען, און זיך אַ ווייל געפונען אין אַ פאַר־לעגענהייט. זי האָט שנעל אַרונטערגענומען דעם צלם. פון זיך און זי האָט זיך גענומען פאַרענטפערען.

— מיר לעבען איבער זעהר אַ שרעקליכע צייט און מיר מוזען זעהר פאַר־זיכטיג זיין. די מאַראַנען ווערען דאָ אין קאַרדאָוואַ שרעקליך פאַרפאָלגט... מען היט אונז מיט טויזענדע אויגען... מיך איז דאָ קיינער ניט חושד אַז איך בין אפילו אַ מאַראַנאַ! גאַנץ אָפט קומען די פרומע קאַטאָליקען פלוצלינג אַריין אין מיין הויז און ווען זיי וואָלטען באַמערקט אַז דאָס לעמפּעל דאָרט ברענט ניט און אַז איך טראָג ניט דיזען צלם, וואָלטען זיי מיך גלייך גענומען פאַרדעכטיגען און דאַן וואָלט איך געבראַכט אַ גרויסען אומגליק אויף זיך און מיינע קינדער. ווען איך האָב געהערט דאָס קלאַפּען אין טיהר האָב איך פריהער אַנגעצונדען דאָס לעמפּעל און אָנגעטהאָן דעם צלם איידער איך האָב די טיהר געעפענט.

שושנה איז צוגעגאַנגען צום ווינקעל און האָט אויסגעלאָשען דעם לעמפּעל וואָס האָט געברענט נעבען דאָס "הייליגע בילד".

— אוי דיינע קינדער האָבען גאָר ניט קיין אהנונג וועגען זייער אָפּשטאַ־מונג ? — האָט אַבאַרבאַנעל געפרעגט.

— בעהיטע גאָט! — האָט שושנה אַ ציטער געטהאָן — זיי טאָרען פון גאָרניט וויסען. איבערהויפּט מיין זוהן קריסטאָפאָר, דאָס וואָלט איהם אין גאַנ־

צען רואינירט. ער וואָלט זיין גאַנצען מוטה פּאַרלאָרען און ניט געוואַגט צו געהן פאַרשלאָגען זיינע פּלענער פאַר דעם קעניג. איך בעט אייך, מיינע הערדע, איהר מוזט מיר פאַרשפּרעכען אַז ווען די געלעגענהייט וועט קומען, און מיין זוהן וועט זיך מיט אייך ווען עס איז טרעפען, זאָל ער פון אייך אפילו קיין אַנדייטונג ניט האָבען וועגען זיין אָפּשטאַמונג.

— דו מעגסט רוהיג זיין, אַז דיין געהיימניס וועט בלייבען פאַרזיגעלט ביי אונז, — האָט זאַקוטא זיך אָפּגערופען, — און ווען איך וועל זיך מיט איהם זעהן וועל איך טהאָן אַלעס איהם צו העלפען.

— מיין זוהן קריסטאָפאָר איז הויך און פעסט געבויט, זיין הויט איז העל, זיין נאָז איז עטוואָס געבויגען, ער בעזיצט וואונדערבאַרע גרויע אויגען... איך האָף, מיין האַרר, אַז ווען דו וועסט איהם זעהן, וועסטו איהם גלייך דערקענען לויט די סמנים וואָס איך גיב דיר אָן, און איהם געוויס העלפען מיט וואָס דו וועסט קענען.

— דאָס וועל איך זיכער טהאָן! — האָט זאַקוטא געענטפערט, — איך וועל שוין זעהן איהם אויפצוזוכען.

— און דו וועסט מיר אויך טהאָן א גרויסע געפעליגקייט ווען דו וועסט מיר לאָזען וויסען וועגען איהם און וועגען זיינע פּלענער, ווייל איך בין זעהר בעזאָרגט. איך האָב שוין אַזוי לאַנג ניט געהערט פון איהם... זאָג איהם אויך, אַז זיין מוטער בענקט זעהר שטאַרק נאָך איהם און זאָל ער ביי דער ערשטער געלעגענהייט קומען אַהער אין קאָרדאָווא.

— איך אַליין בין זעהר גערן צו הערען דיין זוהן'ס פּלענער, און איך וועל שוין זעהן זיך צו פאַרבינדען מיט איהם און איהם אַלעס איבערגעבען, — האָט זאַקוטא געזאָגט.

— איך גלויב אַז דו געפינסט זיך שוין לאַנג אין קאָרדאָווא און דו ביזט בעקאַנט מיט פיעלע פון די היגע איינוואָהנער? — האָט אבאַרבאַנעל געזאָגט.

— איך בין שוין זא היבשע עטליכע יאָהר! — האָט שושנה קאָלאָמבוס געענטפערט, — מיין פאָטער איז געבאָרען געוואָרען אין שפּאַניען, אָבער צוליעב די שרעקליכע פאַרפאָלגונגען און רדיפות וואָס די אידען האָבען דאָן געליטען. איז ער אַנטלאָפען פון שפּאַניען קיין איטאַליען, און געהאָפט אַז דאָרטען וועט ער קענען אָנהאַלטען זיין אידישקייט אומגעשטערט. אָבער אויך דאָרטען האָט מען אָנגעפאַנגען די אידען צו פאַרפאָלגען. און ער איז געצוואונגען געווען אָנ־צונעהמען די קאַטוילישע רעליגיע לפנים וועגען, כאָטש אין זיין האַרצען איז ער געבליבען א איד, און מיך, זיין איינציגע טאָכטער האָט ער ערצויגען אין אידי־שען גייסט.

— און דיין מאַן, ווער איז ער געווען? — האָט יצחק אבאַרבאַנעל איהר געפרעגט.

— מיין מאַן, דאָמעניקאָ, איז אויך געווען א מאַראַנאַ! — האָט שושנה געווישט איהרע אויגען, — מיר האָבען ביידע געזעהן דאָס גרויסע געפאַהר וואָס לויערט אויף די אידען און איבערהויפּט אויף די געהיימע אידען, האָבען מיר בעשלאָסען צו ערציהען אונזערע קינדער אין דער קאַטוילישער רעליגיאָן, און מיר האָבען זיי ניט געזאָגט וועגען אונזער אידישער אָפּשטאַמונג, מיט דער האָפנונג אַז עס וועט קומען א צייט און מיר וועלען זיי קענען דערצעהלען דעם

אמת, אָבער צום בעדויערען איז די צייט נאָך ניט געקומען, אנשטאט צו ווערען בעסער, ווערט די לאַגע פון די אידען און מאַראַנען ערגער מיט יעדען טאָג. יעדע נאכט, אויף מיין געלעגער, פאַרגיס איך טרערען, איך בין מתפלל צו אונזער גאָט, ער זאָל מיר מוחל זיין מיינע זינד וואָס איך קען ניט אָפּהיטען אידישקייט און דאַרף לעבען אונטער א פאַלשע מאַסקע... אָה, ווען מען זאָל נאָר האָבען א פאַרדאַכט אויף מיר, דאַן וועל איך און מיינע זיהן זיין פאַרלאָרענע... וואָס וועט ווערען פון די פּלענער פון מיין בעליעבטען זוהן קריסטאָפאָר?! . . . ער טאָר קיינמאָל ניט וויסען פון דעם... איך בין זעהר פאַרזיכטיג און קיינער, אויסער אייך ביידען, ווייס ניט פון מיין געהיימנים, און איך האָף אַז קיינער, אויסער אייך, וועט אמאָל פון דעם וויסען.

— דו מעגסט רוהיג זיין, גנעדיגע פרוי, דיין געהיימנים וועט בלייבען פאַרזיגעלט ביי אונז, — האָט זאַקוטא געזאָגט, — מיר ווילען דיר אויך העלפען ווי ווייט מעגליך.

— איך דאַנק אייך זעהר, אָבער איך נויטיג זיך ניט אין קיין הילף, — האָט זיך שושנה עטוואס בעליידיגט, — געלויבט איז גאָט, איך ציה מיין חיונה מיט דער ארבייט פון מיינע הענד.

— ניט דאָס האָבען מיר געמיינט, — האָט זיך אבארבאנעל פאַרענטפערט, — מיר האָבען געמיינט אַז מיר ווילען זעהן ווי ווייט מעגליך צו העלפען דיין זוהן קריסטאָפאָר דורכצופיהרען זיינע פּלענער.

שושנה'ס פנים האָט אויפגעשטראַהלט, און זי האָט אויסגערופען:

— דאָס וועט זיין מיין גרעסטעס גליק! מיר איז שווער צו פאַרשטעהן אלע זיינע פּלענער, אָבער איך בין זיכער אַז ער איז גערעכט און אַז מען זאָל איהם נאָר העלפען, וועט ער זיינע פּלענער דורכפיהרען.

— מיר פאַרשפּרעכען דיר, אַז מיר ווילען טהאָן אלעס וואָס מיר וועלען קענען און איהם באהילפיג זיין, — האָט אבארבאנעל געזאָגט, — און יעצט ווילען מיר דיר זאָגען דעם צוועק פון אונזער קומען. מיר זוכען דאָ, אין קאָרדאָווא, א יונגע מיידעל מיט'ן נאָמען ביטריס ענריקעז!

—אָה, דאָנא ביטריס ענריקעז? — האָט שושנה אויסגערופען מיט פאַרוואונדערונג.

— ווייסטו דען ווער זי איז? — האָט אבארבאנעל איהר געפרעגט.

— געווים ווייס איך ווער זי איז!

— איך האָב פאַרשטאַנען אַז דו מוזט זי קענען! — האָט אבארבאנעל מיט צופרידענהייט געזאָגט, — מיר מוזען זי אומבעדינגט זעהן.

— ווייסט איהר פיעלייכט וואו איהר פאָטער געפינט זיך? — האָט שושנה געפרעגט, — דאָס וואָלט געווען די גליקליכסטע בשורה פאַר איהר. זי גלויבט אַז איהר פאָטער איז געפאַנגען געוואָרען ביי די מורען... און זי האָט נאָך איהר האָפנונג ניט אויפגעגעבען איהם צו זעהן.

— איהר פאָטער איז שוין לאַנג טויט! — האָט זאַקוטא א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ, — אָבער איך האָב אָפּ איהר א בריעף פון איהר פאָטער וואָס ער האָט מיך געבעטען איך זאָל עס איבערגעבען צו זיין טאָכטער ווען ז[י] וועט אלט ווערען זעכצעהן יאָהר.

— אָה, די אומגליקליכע ביטריס! — האָבען זיך טרעהרען געשטעלט אין

שושנה׳ס אויגען, — איהר לעצטע שטראהל פון האָפנונג איז יעצט אויך פארשוואונדען... זי איז דאָך אזא וואויל קינד... אָבער זי לעבט אין גרוים דחקות און אין נויט... די פרוי ביי וועמען זי איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרען איז זעהר אָרים.

— מיר האָבען זעהר וויכטיגעס איהר צו דערצעהלען וועגען איהר פאטער און דאריבער וואָלטען מיר זי געוואָלט נאָך היינט זעהן!

— שטאמט פיעלייכט איהר פאטער אויך פון אידען? — האָט שושנה געפרעגט.

— יא, און דאָס איז געווען די אורזאכע וואָס ער איז געצוואונגען געווען צו אנטלויפען פון קאָרדאָווא.

— איך האָב אויך געהערט אז ער איז געווען א מאראנא! — האָט שושנה אויסגערופען, — אָבער ביטריס׳עס ערציערין האָט געזאָגט, אז איהר פאטער איז געווען א פרומער קאטאָליק, און מיר האָט מען דערצעהלט, אז ער איז אנטלאָפען פון קאָרדאָווא צוליעב דעם וואָס זיין לעבען איז געווען אין געפאהר, ווייל מען האָט אויף איהם גע׳מסר׳ט אז ער היט אָפּ אידישקייט. איינינע גייסטליכע האָבען זיך אין דעם איבערצייגט, נאכדעם ווי זיי האָבען עטליכע שבתים נאָכאנאנד אָפּגעהיט זיין הויז און געזעהן אז קיין רויך קומט ניט ארויס פון זיין קוימען אום שבת... יא, דאָס ווייזט אויס, איז געווען זיין איינציגער חטא... פון דעם האָבען זיי געדרונגען אז ער היט אָפּ שבת און צוליעב דעם איז ער געווען געצוואונגען צו אנטלויפען פון זיין היים... זייט איך האָב עס אויסגעפונען, ברענט פייער אין מיין אויווען יעדען שבת... אָה, שוידערליך איז די לאַגע פון די אידען און נאָך שוידערליכער די לאַגע פון די מאראנען.

— מיין גוטע פרוי, — האָט אבארבאנעל געזאָגט, — נאָך א ערגערע צייט רוקט זיך יעצט אָן אויף די אידען און מאראנען פון שפאניען... און אויב אונז וועט ניט געלינגען עס צו פארמיידען, ווייס נאָר איין גאָט וואָס פאר אן אומגליק עס וועט אָנקומען אויף אונז אלעמען... און צוליעב דעם צוועק זיינען מיר געקומען אין קאָרדאָווא זיך צו זעהן מיט דאָנא ביטריס ענריקעז.

שושנה האָט אויסגעסטארטשעט איהרע אויגען מיט פארוואונדערונג.

— וואָס קען זי, אן אָרימע הילפלאָזע מיידעל, העלפען די אידען?! — האָט זי געצויגען מיט איהרע אקסלען, — בפרט ווען זי איז ערצויגען אלס א פרומע קאטאָליקין. ווען זי געפינט זיך אין מיין הויז טראָג איך דעם צלם און דאָס לעמפעל ברענט... זי טאָר קיינמאָל ניט חושד זיין אז איך היט אָפּ אידישקייט... און איהר וועט דארפען זיין זעהר פאָרזיכטיג ווען איהר וועט איהר ווענען ענטדעקען די געהיימנים פון איהר פאטער... דאָך קען איך ניט פארשטעהן ווי אזוי זי קען עפּעס טהאָן פאר אונזער פאָלק.

— מיר וועלען דיר אָנפערטרויען די גאנצע געהיימנים מיט וואָס אונזער קומען אהער אין קאָרדאָווא איז איינגעהילט — האָט זאקוטא געזאָגט, — מיר האָבען צו דיר גענוג צוטרויען אז דו וועסט וויסען ווי צו האלטען אונזער סוד, און אז דו וועסט אונז העלפען דורכפיהרען אונזער שליחות.

— איך וועל טהאָן אלעס מעגליכע! — האָט שושנה געזאָגט, אלץ ניט פארשטעהענדיג וועגען וואָס עס האנדעלט זיך דאָ.

זיי האָבען זיך געזעצט אָרום טיש, און אבארבאנעל האָט זיך אָפּגערופען:

— דער קעניג פערדינאנד האָט געהאט אן עלטער־באָבע, האָט זי געהייסען פּאַלאָמא. זי איז געווען א אידישע טאָכטער... יא, דער קעניג האָט אין זיך אידיש בלוט... און מיר דאַרפען קריגען אימיצען וואָס זאָל איהם דאָס דערמאָנען!... און ביטרים ענריקען איז די איינציגע וועלכע ווערט עס קענען טהאָן!

— ווי אזוי?!

— ווייל זיין אידישע עלטער־באָבע האָט געהייסען פּאַלאָמא ענריקען! — האָט זאקוטא צוגעגעבען.

— יך מיינסט, אז ביטרים ענריקען איז — — — — — —

— איהר פאטער איז געווען א פּלימעניק פון פּאַלאָמא ענריקען! — האָט זאקוטא צוגעגעבען, — מיר האָבען מיט זיך געבראַכט דאָקומענטען וואָס ווילען באַשטעטיגען אַלעס.

— זי איז פון דער קעניגליכער משפּחה! — האָט שושנה ברייט געעפענט איהרע אויגען, — און זי, די אומגליקליכע, האָט אזוי פיעל געליטען נויט... אָבער דאָס איז דאָך אונמעגליך!... איהר ערציהערין וואָלט דערפון געוויס געוואוסט, און זי וואָלט עס זיכער אויסגענוצט צו קריגען עטוואס שטיצע ביים קעניג.

— קיינער האָט עס ניט געוואוסט אויסער ביטרים'ס פאטער, און פאר זיין טויט האָט ער מיר איבערגעגעבען וויכטיגע דאָקומענטען וואָס באַשטעטיגען אז ביטרים ענריקען איז פארוואנדעט צום קעניג פערדינאנד. ער האָט זיך מיט דיזע דאָקומענטען ניט געוואָלט בענוצען פאר זיך און ער האָט זיי איבערגעלאָזען פאר זיין טאָכטער. יעצט פארלאנגען מיר, אז דו זאָלסט זי געהן רופען. מיר וואָלטען זיך געוואָלט זעהן מיט איהר היינט ביינאַכט אויב מעגליך, ווייל די זאך איז זעהר דרינגענד, — האָט זאקוטא געזאָגט.

— דאָס וועט זיין אונמעגליך, איהר ערציהערין וועט ניט וועלען מיטגעהן... איהר וועט עס אויסקוקען זעהר פאַרדעכטיג... און דאָס קען שעדיגען אייער פּלאַן. ביטרים קומט גאַנץ אָפט אריין אין מיין הויז, איבערהויפּט ווען איך האָב א סך ארבייט העלפט זי מיר וועבען און שפּינען און דורך דעם פארדיענט זי א מאָגערען געהאַלט... מאָרגען גאַנץ פריה וועל איך זי געהן רופען מיט דעם אויסרייד אז זי זאָל מיר קומען ארויסהעלפען. און דאָן וועט איהר זיך קענען מיט איהר דורכריידען, — האָט שושנה קאַלאַמבוס זיך אָפּגערופען, — אָבער איך בעט אייך, אז איידער איהר זייט זיכער אז ביטרים וועט צושטימען צו אַלעס, זאָלט איהר גאָרניט דערציהלען איהר וועגען מיין אידישקייט... ווייל עס איז שווער פאָראויסצוזאָגען, ווי אזוי ביטרים וועט אויפנעהמען דיזע ענטדעקונג. ווייל נאָך אַלעמען איז זי דאָך ערצויגען געוואָרען אַלס פרומע קאַטוילישע מיידעל און ניט אזוי גרינג וועט אָנקומען עס אויסצוואָרצלען פון איהר.

— אויב אזוי וועלען מיר קומען מאָרגען גאַנץ פריה! — האָט אבארבאנעל געזאָגט.

— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

נאָכדעם ווי זאקוטא און אבארבאנעל האָבען פארלאָזען איהר הויז, האָט זיך שושנה ערשט ארומגעזעהן וואָס פאר א וויכטיגע גאַסט זי האָט געהאט. אה, ווען איהר קריסטאָפאָר וואָלט געוואוסט אז אברהם זאקוטא איז געווען אין איהר הויז!... זי געדענקט אז ער פלעגט זיצען טאָג און נאַכט און שטודירען זאקוטא'ס

ביכער איבער אסטראנאמיע און מאטעמאטיקע. גאנץ אפט פלעגט ער זיך באקלאגען אז איהם איז שווער צו פארשטעהן פיעלע שטעלען אין די ביכער, און ער האט אויסגעדריקט זיין האפנונג ווען עס איז זיך צו טרעפען מיט דיזען גרויסען געלערנטען און איהם פרעגען אט די אלע פראגען וואס האבען זיך אנגעזאמעלט אין זיין מח אין משך פון פיעלע יאהרען פון שטודירען... און יעצט איז גאר זאקוטא געקומען צו איהר אין הויז... זי וועט איהם מוזען מארגען ווידער בעטען ער זאל זיך זעהן צו פארבינדען מיט איהר זוהן קריסטאפער. אויך אבארבאנעל וועט פאר איהם קענען א סך אויפטוהאן... דאן וועט קריסטאפאר האבען א גוטע מעגליכקייט דורכצופיהרען זיינע פלענער.

שושנה'ס געדאנקען זיינען יעצט געווען אין גאנצען פארנומען מיט איהר בעליעבטסטען זוהן קריסטאפאר... זי האט אזוי געבענקט נאך איהם... זי האט אלע מאל געלעגט זעהר פיעל האפנונגען אויף איהם. ער איז אין גאנצען אנדערש פון די אנדערע זיהן. זי וועט יעצט נאך מוזען זיין מעהר פארזיכטיג, ער זאל ניט אויסגעפינען וועגען זיין אפשטאמונג, ווייל דאס וואלט געמאכט א סוף צו אלע זיינע שטרעבונגען. זי ווייס וויפיעל שטיינער און שטרויכלונגען עס ליגען אויף זיין וועג צו ערפאלג און בפרט ווען עס וועט זיין דער מינדעסטער פארדאכט אז ער שטאמט פון אידען... ניין, ער אליין טאר אפילו דערפון ניט וויסען, כדי דאס זאל איהם ניט ענטמוטיגען.

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

אויף מארגען איז שושנה אויפגעשטאנען גאנץ פריה. זי האט אנגעטהאן דעם צלם אויף איהר האלז און איז אוועק צו דעם הויז וואו ביטריס ענריקעז האט זיך געפונען צוזאמען מיט איהר ערציהערין.

זי האט זיך ווארעם באגריסט מיט דער קאטוילישער פרוי, וועלכע האט זיך געוואונדערט וואס זי איז אזוי פריה פלוצלינג געקומען.

— איך האב לעצטע נאכט אריינגעקראגען זעהר פיעל ארבייט און איך מוז עס האבען פארטיג אויף מארגען, בין איך געקומען רופען ביטריס'ן זי זאל מיר העלפען מיט דער ארבייט.

— איך דאנק דיר זעהר! — האט די פרוי זיך אפגערופען, — ביטריס וועט זיין צופריעדען עפעס צו פארדינען... זי האט בלויז איין קלייד צו איהר לייב און אויך די איז צוריסען... אט וועל איך איהר געהן אויפוועקען.

אין א ווייל ארום איז שוין ביטריס געווען גרייט צו געהן מיט שנה'ן.

ווען זיי האבען, ביידע פארלאזען דאס הויז און אפגעגאנגען א שטיקעל וועג האט זיך שושנה צו איהר אפגערופען:

— דו ווייסט, ביטריס, צוויי וויכטיגע מענשען האבען דיך לעצטע נאכט געזוכט!

— מיך געזוכט? — האט זי איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג, — און ווער זיינען זיי?

— זיי וועלען באלד ווידער קומען צו מיר אין הויז און פון זיי וועסטו אלעס אויסגעפינען.

— אבער צו וואס דארפען זיי מיך און וואס איז זייער פארלאנג? — איז שוין ביטריס געווארען נייגעריג.

— זיי זיינען צופעליג געקומען אין מיין הויז און האָבען מיך געפרעגט אויב איך קען א יונגע מיידעל מיט'ן נאָמען ביטריס ענריקעז, ווייל זיי האָבען עפּעס וויכטיגעס מיט דיר צו ריידען.

— פּיעלייכט איז עס געווען מיין פאָטער — האָט ביטריס א פרעג געטהאָן.

— יא, עס איז טאַקע וועגען דיין פאטער, זיי האָבען וויכטיגע דאָקומענטען פאַר דיר פון איהם!

— מיין פאָטער! — האָט זי אויסגערופען — לעבט ער נאָך?!

— דאָס קען איך דיר ניט זאָגען, איך ווייס בלויז אז זיי האָבען דערמאָנט דיין פאָטער און האָבען א בריעף פון איהם פאר דיר.

מיט א קלאַפּענדע הארץ איז ביטריס נאָכגעגאַנגען שושנה'ן ביז וואנעי זיי זיינען אריינגעקומען אין הויז. זיי האָבען דאָרטען נאָך קיינעם ניט געפונען.

— זיי וועלען זיכער באלד אָנקומען! האָט שושנה געזייגט.

ביטריס איז צוגעגאַנגען צו דעם ווינקעל וואו דאָס לעמפּעל האָט געברענט איבער דעם הייליגען בילד, און האָט זיך געקניהט... זי האָט זיך איבערגע'צלם'ט און איהרע ליפּען האָבען געשעפּטשעט א תפלה.

שושנה איז געשטאַנען אָן א זייט און איהרע בליקען זיינען געווען געווענדעט אויף דער יונגער שעהנער ביטריסען. אין איהרע אויגען האָבען זיך טרעהרען בעוויזען... זי האָט געשאָקעלט מיט איהר קאָפּ... א גרויס רחמנות האָט אין איהר הארצען זיך ערוועקט אויף ביטריס'ן. אזא יונגע צארטע בלום... וויפיעל זי האָט געליטען! און יעצט ערווארטעט איהר אזא טרויעריגע בשורה אז איהר פאָטער איז שוין לאנג טויט... ווי אזוי וועט זי אויפנעמען די נייעס אז זי שטאמט פון אידען?... וועט עס ניט זיין פאר איהר א גרעסערער קלאַפּ ווי די נייעס אז איהר פאָטער איז טויט?...

באלד האָט זיך דערהערט א ליירטער קלאַפּ אין טיהר. שושנה איז צוגעגאַנגען און אויפגעעפענט און אבארבאנעל און זאַקוטא האָבען זי פריינדליך בעגריסט.

שושנה האָט מיט א וואונק זיי אָנגעצייגט אויף דעם ווינקעל און ביידע זיינען געבליבען שטעהן א ווייל באוועגלאָז, זייערע אויגען געווענדעט אויף ביטריס'ן.

ווען ביטריס האָט זיך אויפגעשטעלט האָט שושנה זי צוגערופען און זי פאָרגעשטעלט פאר די געסט.

ביטריס האָט זיך א נייג געטהאָן. א באַשיידענע רויטקייט האָט באדעקט איהר פּנים וואָס האָט צוגעגעבען צו איהר שעהנקייט נאָך מעהר צויבער און רייץ.

אבארבאנעל און זאַקוטא האָבען זי בעטראַכט: זי איז געווען הויך און שלאנק געוואַקסען, פּעך שווארצע לאָקען האָבען בעציהרט איהר קאָפּ. איהרע פּרעכטיגע אויגען האָבען געגלאנצט, איהר האלז איז בעצירט געווען מיט א גאָלדענע קייטעלע אויף וואָס עס איז געווען א מעדאַליאָן און צלמ'ל. זיי זיינען ביידע געשטאַנען א ווייל פארגאַפּטע פון איהר שעהנקייט... יא, זי יועט קענען א סך אויפטאָהן פאר די אידען! האָבען ביידע געטראַכט.

א קליינע ווייל האָט אין צימער געהערשט א שטילקייט... ביטריס איז

געוועז אין א פערלעגענהייט... זי האָט געפיהלט ביידענס דורכדרינגענדע בליקען. זי האָט איהר מויל ניט געקענט עפענען.

— דו ביזט עם דען די טאָכטער פון דאָן יוסף ענריקעז ? — האָט זאקוטא אונטערבראָכען די שטילקייט.

— יע, מיין האר ! — האָט ביטרים א שאָקעל געטאָהן מיט'ן קאָפּ — און דו האָסט מיר א גערוס געבראכט פון מיין פאטער ?

זאקוטא האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, און שושנה האָט אָנגעציינגט אויף דעם צווייטען צימער און געזאָגט :

— געהט אריין אהין. דאָרטען וועט איהר קענען ריידען אומגעשטערט !

ביטרים איז אריין פאָראויס און נאכהער זיינען אריינגעקומען זאקוטא און אבארבאנעל. זיי האָבען זיך צוגעזעצט.

— זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס מאכט מיין פאטער ! — האָט זי אומגעדולדיג געפרעגט.

— צום בעדויערען מוז איך דיר איבערגעבען די טרויעריגע בשורה אז דיין פאָטער איז טויט שוין צעהן יאָהר. ער איז געשטאָרבען אין מיין הויז.

— ער איז טויט, מיין אונגליקליכער פאטער ! — האָט ביטרים זיך פאַנאנדערגעוויינט, פארשטעלענדיג איהר פנים מיט די הענד.

זיי האָבען איהר געלאָזען זיך אויסוויינען און ווען זי האָט זיך עטוואָס בערוהיגט האָט איהר זאקוטא געפרעגט :

— געדענקסטו נאָך דיין פאטער ? דו ביזט דאָך בלויז זעקס יאָהר אלט געוועזען, ווען ער איז געצוואונגען געוועזען צו פארלאָזען קאָרדאָווא ?

— יע, מיין פאָטער געדענק איך נאָך ! — האָט ביטרים טרויעריג צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, — איך געדענק דעם טאָג ווען ער האָט זיך מיט מיר געזעגענט... ער האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל שטענדיג טראָגען דיעזען מעדאליאָן וואָס מיין מוטער האָט מיר געגעבען פאר איהר טויט...

— דיין פאָטער האָט אויך דערמאָנט צו מיר וועגען דעם מעדאליאָן ! — האָט זאקוטא מיט צופרידענהייט געזאָגט — ער האָט געוואָלט אז דו זאָלסט זיין איבערצייגט אז די בריעף פון איהם און די דאָקומענטען וואָס ער האָט מיר געבעטען איך זאָל דיר איבערגעבען זיינען ריכטיגע.

— אָבער מיין האר — האָט זיך ביטרים געווענדעט צו זאקוטא'ן — דו האָסט מיר נאָר וואָס געזאָגט אז מייי פאָטער איז געוועזען געצוואונגען צו פערלאָזען קאָרדאָווא. קענסטו מיר ערקלעהרען פארוואָס ער איז געוועזען געצוואונגען.

— איך גלויב אז אלעס וועט דיר קלאָהר ווערען ווען דו וועסט איבערלייענען זיין בריעף צו דיר און די דאָקומענטען, — האָט זאקוטא ארויסגענומען א בריעף פון זיין קעשענע, — דאָס האָט ער מיר איבערגעגעבען פאר זיין טויט און פון מיר פארלאנגט אז ווען דו וועסט אלט ווערען זעכצעהן יאָהר זאָל איך דיר דאָס איבערגעבען. פריהער לעז דורך דעם בריעף און וועגען די דאָקומענטען וועל איך מיט דיר נאכהער ריידען.

ביטרים האָט אויפגעעפענט דעם בריעף און דורכגעלייענט פאָלגענדעס :

"מיין ליעבע טאָכטער ביטרים ענריקעז.

"דאָס שרייבט דיר דיין פאטער יוסף ענריקעז. מיט דעם בלוט פון מיין הארצען שרייב איך דיר דיעזען בריעף. איך וויים אז ווען דו וועסט איהם דורכ־

לעזען וועסטו זיך וואונדערען, עס וועט פאר דיר אלעס זיין אומגלויבליך און אומפערשטענדליך... ווייל לויט די ערציהונג וואס דו האסט געקראגען, געפינסטו זיך זיכער אין אן אנדער וועלט.. יא, מיין טאכטער, דו דארפסט וויסען זיין אז דו שטאמסט פון אידען. איך און דיין מוטער זיינען געווען מאראנען, געהיימע אידען. מיר זיינען געווען געצוואונגען אנצונעהמען די קריסטליכע רעליגיאן, אבער אין אונזערע הערצער זיינען מיר געבליבען גוטע געטרייע אידען... דיין מוטער איז, פון גרויס עגמת נפש וואס זי קען ניט אפהיטען אידישקייט ווי עס בעדארף צו זיין, יונגערהייט אוועק פון דער וועלט. מיינע שונאים האבען מיר נאכגעשפירט און מען האט מיר גע׳מסר׳ט אז איך היט אפ אידישקייט, און ווען איך וואלט ניט אין צייט אנטלאפען געווארען, וואלט איך באגעגענט דעם טויט... איך בין נאך אויך יעצט ניט זיכער מיט מיין לעבען, ווייל איך וויים אז מען זוכט מיך ארום, און ווען מ׳וועט מיך אויפזוכען, וועל איך פערמישפט ווערען צום טויט... די מיין טאכטער, דארפסט ביי זיך ניט זיין געפאלען וואס אין דיינע אדערען פליסען אידישעס בלוט. פארקעהרט דו דארפסט נאך דערמיט שטאלצירען... ווייל דאס אידישע פאלק האט ניט אויף זיין געוויסען דאס בלוט פון אומשולדיגע מענשען... דו דארפסט אויך וויסען אז די עלטער באבע פון דעם קעניג פערדינאנד, פאלאמא ענריקעז איז געווען מיין מומע. זי איז געווען א אידישע טאכטער. דאס מיינט אז דו שטאמסט פון דער זעלבער משפחה פון וועלכער דער קעניג שטאמט. איך גיב דיר אויך איבער די דאקומענטען, וואס צייגען אז דו קומסט ארויס פון דער זעלבער משפחה, און ווען דו וועסט זיך נויטיגען אין דעם קעניג׳ס הילף, בין איך זיכער אז ווען דו וועסט איהם דיזע דאקומענטען צייגען וועט ער דיך אנערקענען אלס איינע פון זיין משפחה און וועט דיך מקרב זיין. איך וויים אז יעצט איז נאך די צייט ניט געקומען, דו זאלסט זיך קענען אומקעהרען עפענטליך צו אידישקייט. אבער איך האף אז דיין מוטער׳ס טויט און אויך מיין טויט, קענען ניט זיין גערעכט... ניין, גאט פערלאנגט ניט קיין מענשליכע קרבנות... און די בלוטדורשטיגע מאנאכען און גלחים, האבען קיין רעכט ניט צו ריידען אין נאמען פון גאט... איך פערטריי דיזען בריעף צו איינעם פון אונזערע ברידער, וועלכער איז דער פראפעסאר פון דעם אוניווערזיטעט פון סאלאמאנקא. זיין נאמען איז אברהם זאקוטא. איך האף אז ער וועט דיר ראטהען פיעלע זאכען וואס איך קען ניט שרייבען אין בריעף, און מיין לעצטער וואונש איז אז דו זאלסט זיך צוהערען צו זיינע רייד... און טהון אלעס וואס ער וועט דיר ראטהען. יעצט מיין טאכטער, ווען דו ענדיגסט לייענען מיין בריעף וועסטו בעמערקען אז אונטער מיין נאמען, וואס איך האב גע׳חתמ׳עט האב איך געמאכט א צייכען. דער זעלבער צייכען וואס איז אריינגעלייגט געווארען אין דעם מעדאליאן וואס דיין מוטער האט דיר געגעבען. עפען איהם אויף און דאן וועסטו זיך איבערצייגען אז דאס שרייבט צו דיר דיין פאטער יוסף ענריקעז".

ווען ביטריס האט געענדיגט לייענען דעם בריעף, האט א קאלטער שוויים איהר קערפער בעגאסען. איהר פנים איז געווען ווייס ווי קרייד... איהרע הענט האבען געציטערט... עס האט זיך איהר אויסגעדוכט אז זי וועט פאלען אין חלשות.

אבארבאנעל האט זיך שנעל אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און איז ארוים

נעמען אביסעל וואסער. ער האָט צוגעטראָגען צו ביטריס'ן און זי האָט א זופּ געטאָהן. זי האָט זיך געפיהלט עטוואָס קרעפטיגער.

— בערוהיג זיך ביטריס! — האָט זאקוטא זיך צו איהר אפּגערופען. — דו דארפסט וויסען זיין אז דערוויילע דארפסטו עס האלטען בסוד. בפרט דיין ערציהען טאָר דערפון ניט וויסען. מיין פריינד, דאָן יצחק אבארבאנעל און איך וועלען דיר העלפען מיט וואָס מיר וועלען קענען... דו וועסט דערוויילע קיין ענדערונג ניט מאכען אין דיין לעבען... גאָט וועט דיר מוחל זיין. און איך האָף אז דו וועסט קענען ברייגען גרויסע נוצען צו דיינע אומגליקליכע ברידער.

# די נייע פאָרטזעצונג

ביטריס האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט די גאנצע צייט... זי איז געזעסען ווי געפּלעפט... אין איהר מוח האבען זיך פערשיעדענע געדאנקען געמישט... דאָן איז זי אויך א אידישע? וויפיעל שענדליכע זאכען זי האָט זיך אָנגעהערט וועגען די אידען פון איהר ערציהעריז און פון איהרע חבר'טעס.. און יעצט איז זי גאָר אליין איינע פון זיי... איהר פאָטער און מוטער זיינען געווען אידען... יעצט זעהט זי אז דאָס גאנצע שלעכטעס און בייזעס וואָס מען האָט אָנגערעדט אויף אידען, איז פאלש און און אומבאגרינדעט... איהר ערציהערין האָט אין איהר איינגעפּלאנצט א שנאה צו די אידען און צו זייער רעליגיאָן... און אָט זעהט זי פאר זיך צוויי אידען, וועלכע שיינען צו זיין אזוי נאָבעל און עהרליך.

— אויב עס עקזיסטירט אין דיינע געדאנקען דער מינדסטער צווייפעל אז דיין פאָטער האָט דיעזען בריעף געשריבען, קענסטו זיך איבערצייגען, ווי איך זעה טראָגסטו נאָך דיעזען מעדאליאָן וואָס דיין פאָטער דערמאָהנט אין זיין בריעף. עפען דאָס אויף און בערגלייך יענעם צייכען מיט דיזען.

אָטאָמאטיש האָט ביטריס ארונטערגענומען דעם מעדאליאָן פון איהר האלז. זי האָט געמאכט א פערזוך עס אויפצועפענען, אָבער זי האָט ניט געקענט. זאקוטא איז איהר געקומען צו הילף און אויפגעעפענט דעם מעדאליאָן. זי האָט ארויסגענומען די שטיקעל פּאַרמעט און פערגליכען ביידע ייחענם... זי האָט צוגעשאָקעלט מיט איהר קאָפּ.

זאקוטא האָט איהר גענומען דערצעהלען די איינצעלהייטען וועגען איהר פּאָטער, ווי אזוי ער איז פערפאָלגט געוואָרען און ווי אזוי ער איז געשטאָרבען פון שרעק. ווייל ער האָט געמיינט אז מען האָט איהם נאָכגעשפּירט.

ביטריס האָט פערגאָסען א סך טרעהרען אויף דעם טרויעריגען סוף פון איהר פאטער... זי האָט מיט גרויס אינטערעס געשלונגען יעדען וואָרט וואָס זאקוטא האָט איהר וועגען איהם דערצעהלט.

— פארוואָס זאָלען מענשען זיין אזוי גרויזאם? — האָט ביטריס געוויישט איהרע אויגען, — איך ווייס אז מיין פאטער און מוטער האבען קיינעם קיין שלעכטעס ניט געטאָהן...

— צו די שלעכטסקייט און גרויזאמקייט פון די פאנאטיקער איז קיין גרעניץ ניטא! — האָט אבארבאנעל צוגעגעבען — די פערפאָלגונגען וואָס זיינען

ביז יעצט געווען אויף די מאראנען זיינען מילד און פערגלייך צו די וועלכע וועלען יעצט אנקומען...

— יע, זעהר א טרויעריגע צייט קומט אן אויף אונזערע ברידער, די מאַ־ראנען — האט זאקוטא טרויעריג צוגעשאקעלט מיט'ן קאָפּ, — א שרעקליכע גזרה וועט דער קעניג פערדינאנד און די קעניגין איזאבעללא איינפיהרען אין שפאניען. א גזרה וואָס וועט מיינען טויט און פארניכטונג פאר אלע מאראנען! ווען דיעזע גזרה זאל ווערען א געזעץ, וועט קיינער פון אונזערע ברידער ניט זיין זיכער מיט'ן לעבען...

— וואָס איז דאָס פאר א גזרה?! — האט ביטריכ איהם אנגעקוקט מיט צושראָקענע אויגען.

— עס איז צו שוידערליך אפילו צו טראכטען וועגען דעם! — האט אבארבאנעל געזאָגט — אויב עס וועט א.נז ניט געלינגען עס צו פערמיידען, וועלען די גאסען פון שפאניען פערפלייצט ווערען מיט אידיש בלוט.

— דער פאפסט פון רוים האט דא ניט לאנג צוגעשיקט זיין צושטימונג אז מען זאל איינפיהרען די אינקוויזיציע אין שפאניען! — האט זאקוטא גע־זאָגט — דאָס מיינט איבערצוגעבען דעם גורל פון אלע מאראנען אין די הענד פון די מאָנאכען און בלוטדורשטיגע גלחים, וועלכע וועלען האבען א רעכט צו ארעסטירען יעדען איינעם אויף וועמען זיי וועלען האבען א חשד אז ער איז א געהיימער איד און וועלען איהם אזוי לאנג פייניגען מיט די שוידערליכסטע יסורים ביז וואנען ער וועט זיך מודה זיין און ערשט דאן וועלען זיי איהם פערברענען און צונעמען זיין גאנצע פערמעגען.

— אזא אינקוויזיציע איז ניט לאנג צוריק איינגעפיהרט געווארען אין סיציליען, און די קרבנות ווערען געצעהלט אין די הונדערטע! — האט אבאר־באנעל געזאגט. — ער האט גענומען פארשטעלען פאר איהר די פערשידענע שוידערליכע פייניגונגען... ווי אזוי די אינקוויזיטארען איזדעקעווען זיך דאָס איבער זייערע קרבנות...

ביטריס האט א ציטער געטאָהן... איהר בלוט איז פערגליווערט געווארען... אין קאָפּ האט זיך איהר געמישט פערשיעדענע געדאנקען.

— יעצט קען איך דיר זאָגען, אז דיינע ברידער לייגען גרויסע האפנונגען אויף דיר... דו וועסט זיי מעגליך קענען קומען צו הילף! — האט זאקוטא זיך צו איהר אפּגערופען.

— איך?! — האט זי מיט ערשטוינונג אויסגערופען — מיט וואָס קען איך זיי העלפען, אז איך קען זיך אליין ניט העלפען? איך בין ארים און גע־פין זיך אין גרויס נויט. וואָס פאר א נוצען קען איך ברייננען צו מיינע ברידער?

— דו קענסט זעהר פיעל אויפטהאָן, דאנא ביטריס! — האט זאקוטא אויסגערופען — אין טאקע צוליעב דעם צוועק זיינען מיר ביידע, איך און אבארבאנאל, געקומען קיין קארדאווא. דו ווייסט דאך שוין, אז דו שטאַמסט פון דער זעלבער משפחה פון וואנען דער קעניג פערדינאנד שטאמט... דיזע דאקומענטען וועלען אפילו דעם קעניג אליין איז דעם איבערצייגען. און אונ־זער וואונש איז, דו זאָלסט מיט נעהמען דיזע דאקומענטען און אפּרייזען נאך סעוויל. דארטען געפינען זיך יעצט דער קעניג און קעניגין. עס איז ביי אונז

קיין צווייפעל ניט, אז מיט דיזע דאקומענטען וועט דער קעניג דיך אויפנעהמען אלס איינע פון זיין משפחה... און ווען דו וועסט האבען צוטריט איז פאלאץ, וועסטו ביסלאכווייז קענען ווירקען אויף דעם קעניג ער זאל צוריקציהען די גזרה... קיינער, אויסער דיר, וועט ניט קענען אנדייטען צו איהם וועגען זיין אידישער עלטער־באבע, פאלאמא. ווען דו וועסט וויסען ווי אזוי צו ריידען מיט איהם... ווען דו וועסט איהם ערקלעהרען, אז ווען זיין עלטער־באבע פאלאמא וואלט יעצט געלעבט, וואלט זי אויך געליטען פון דער אינקוויזיציע. דאן וועט דער קעניג זיך ארומזעהן, אז ער מאכט ניט קיין ריכטיגען שריט. און וועט ניט ארויפצווינגען דיזע שוידערליכע גזרה...

ביטריס איז נאך אלץ געווען ווי צוטומעלט. פארשידענע געדאנקען האבען זיך געטומלט אין איהר מח. איהר פאטער איז טויט... זי שטאמט פון אידען... זי באלאנגט צו דער קעניגליכער משפחה... די אינקוויזיציע וויל מען איינפיהרען אין שפאניען... זי איז ערצויגען געווארען אלס פרומע קאטוליקין. וואס וועט ווייטער זיין? ווי אזוי וועט זי קענען לעבען אונטער א מאסקע?..

אין צימער האט געהערשט א שטילקייט. זאקוטא און אבארבאנעל האבען באטראכט ביטריס'ן... זיי האבען ניט געוואלט שטערען איהרע געדאנקען.

פלוצלונג האט זיך ביטריס אויפגעשטעלט פון איהר פלאץ, אין איהרע אויגען האט זיך א פייער אנגעצונדען. איהר פנים איז רויט געווארען און זי האט אויסגערופען:

— איך וועל געהן! איך בין גרייט זיך מקריב צו זיין פאר מיינע אונגליקליכע ברידער!... איך וועל דעם קעניג ערקלעהרען. אז אויב ער וועט געהן איינפיהרען די אינקוויזיציע, וועל איך זיין דער ערשטער קרבן!

— ניין, דאנא ביטריס! — האט אבארבאנעל געזאגט — דאמיט וועסטו גאר קיין טובה ניט טהאן דיינע ברידער! דו וועסט זיי קענען ברייגגען מעהר נוצען, ווען דו וועסט פארבלייבען די זעלבע, וואס דו ביזט יעצט... אלס א פרומע קאטאליקין, וועלען דיינע רייד האבען א גרעסערע ווירקונג אויף דעם קעניג און אויך אויף דער קעניגין. יע, נעהם ניט ארונטער דיזען צלם פון דיין האלדז... קיינער וועט ניט דארפען וויסען, אז דו ביזט א געהיימע אידין... גאט וועט דיר מוחל זיין. אויב דו וועסט אפילו ניט אפהיטען אידישקייט אין געהיים... וויל עס טאר אויף דיר דער מינדסטער חשד ניט פאלען... גאט האט דיך געבענשט מיט שעהנקייט, און זיי וויסען אז די רייד פון א שעהנער פרוי האבען אימער א גרויסע ווירקונג און בפרט. ווען דו שטאמסט פון דער זעלבער משפחה פון דעם קעניג פערדינאנד...

א באשיידענע רויטקייט האט באדעקט איהר פנים. זי האט ארונטערגעלאזען איהרע אויגען און געבליבען שטעהן פארטיפט אין איהרע געדאנקען.

זאקוטא און אבארבאנעל האבען באמערקט איהר איינפאכע, אויסגעטראגענע קליידער. אבער זיי האבען איהר דערוויל גארניט געזאגט וועגען דעם.

— עס איז זעלבסטפארשטענדליך, אז דיין ערציהערין טאר קיין אהנונג ניט האבען וועגען דעם — האט זאקוטא געזאגט.

— אבער ווי אזוי וועל איך זי קענען פארלאזען אפילו אויף א קורצע צייט, נים זאגענדיג איהר וואוהין איך געה? — האָט ביטרים געזאגט.

— דו וועסט קענען זאגען, אז דער קעניג האט זיך דערוואוסט, אז דו שטאמסט פון זיין משפּחה און ער האט נאך דיר געשיקט — האט אבארבאנעל געזאגט — און זאָגען אונז און דעם צוועק פון אונזער קומען דארף זי קיינ־מאל נים וויסען.

— און סענאָרא שושנה קאלאמבוס? — האָט ביטרים געפרעגט מיט א נידעריגער שטימע.

— זי ווייס שוין אלעס! — האט אבארבאנעל געענטפערט.

ביטרים'עס אויגען האבען אויסגעדריקט שרעק.

— יעצט, אז דו ווייסט ווענען דיין געהיימע אפּשטאמונג און דו שטימסט איין צו אונזער פּלאן, מעגסטו וויסען, אז אויך שושנה געפינט זיך אין דער זעלבער לאגע — האט אבארבאנעל ווייטער געזאגט — זי איז אויך געצוואונגען צו לעבען אלס א קריסטין. כאָטש אין איהר הארצען איז זי פארבליבען געטריי צו דעם אידישען גלויבען... יע, זי ווייס פון אלעס און זי וועט דיר, ווי ווייט מעגליך, ארויסהעלפען.

זאקוטא האט אויפגעעפענט די טיר פון צימער און האט אריינגערופען שושנה'ן, וועלכע איז גלייך אריינגעקומען. איהר פּנים איז געווען בלאס און אויסגעדריקט טיעפע ערנסטקייט.

— זי וועט געהן צום קעניג! — האט זיך אבארבאנעל געווענדעט צו שושנה'ן — איהר ערציהעריןן וועט מעגען וויסען, אז זי שטאמט פון דער קעניגליכער משפּחה און אז דער קעניג האט נאך איהר געשיקט. אבער ווענען דעם אמת'ען צוועק פון איהר געהן נאך סעוויל טאר קיינער אויסער אייך ביי־דען ניט וויסען.

שושנה האט אנגענומען ביטרים'עס האנט און מיט טרעהרען אין די אויגען זיך אפּגערופען:

— יע, מיין טאכטער, דער גורל פון אונזערע ברידער אין שפּאניען איז זעהר טרויעריג און מעגליך, אז עס איז דער ווילען פון גאט, אז דו זאלסט זיי קומען צו הילף אין דיזער טרויעריגער צייט.

ביטרים האט געשוויגען. איהרע אויגען זיינען אנגעפילט געווארען מיט טרעהרען.

דו וועסט אפּרייזען פון קארדאווא נאך סעוויל אין איינינע טעג ארום — האט אבארבאנעל געזאגט — דארטען וועסטו פריהער קומען צו דיענא דע שושאן, וועלכער איז זעהר באפריינדעט מיט דעם קעניג. ער וועט שוין זעהן, אז דו זאלסט פארגעשטעלט ווערען אין קעניגליכען הויף פאר פערדי־נאנד'ן און איזאבעללא.

איך האב מיט דיענא דע שושאן גערעדט וועגען דיר! — האט זאקוטא צוגעגעבען — דו וועסט גאר קיין ערקלעהרונגען איהם ניט דארפען געבען. ער וועט דיך זעהר פריינדליך אויפנעהמען.

**דיענא דע שושאן האט זעהר א שעהנע טאכטער אין דיינע יאהרען, און**

דו וועסט זיך זעהר שנעל מיט איהר באפריינדען — האט אבארבאנעל געזאגט — אבער די מוזט זיין זעהר פארזיכטיג ניט ארויסברייגגען פאר איהר די געהיימנים. זי איז ערצויגען געווארען ווי דו איז דעם קאטוילישען גייסט און זי האט ניט קיין פארדאכט, אז איהרע עלטערען זיינען געהיימע אידען... יוען זי וועט עלטער ווערען, וועלען איהרע עלטערען דאן ענטדעקען דעם סוד צו איהר, אבער יעצט טאר זי פון גארניט וויסען, איבער דעם וואס דו שטאמסט פון דער זעלבער משפחה פון דעם קעניג פערדינאנד.

— איך האב מורא, אז ווען מיין ערציהעריז וועט דערהערען יועגען דעם. יועט זי וועלען מיט מיר רייזען נאך סעוויל — האט ביטרים געזאגט.

— איך וויל שוין זארגען יועגען דעם! — האט שושנה געזאגט — איך יועל אויף איהר ווירקען, אז זי זאל ניט מיטרייזען מיט דיר.

— ווען דו וועסט זיין אין דעם שלאס פון דיעגא דע שושאן, וועל איך זיך מיט דיר דארטען זעהן. איידער דו געהסט צו קעניג און איך יועל דיר ראטהען ווי אזוי דו זאלסט האנדלען.

זאקוטא האט ביטרים'ן דערצעהלט מעהרערע איינצעלהייטען פון זיין באגעגעניש מיט איהר פאטער, און איז דער צייט, וואס ביטרים האט זיך צוגעהערט צו זאקוטא'ס רייד, האט אבארבאנעל אוועקגערופען שושנה'ן אז א זייט און איהר געגעבען עטוואס געלט.

— מיט דעם זאלסטו איינקויפען פאר איהר די שעהנסטע קליידער — האט ער צו איהר געזאגט אין דער שטיל — און וואס עס וועט איבערבלייבען, זאלסטו איהר געבען פאר רייזע הוצאות.

שושנה האט גענומען דאס געלט און איהרע ליפען האבען געשעפטשעט:

— זאל נאר גאט צושיקען זיין הילף.

זאקוטא און אבארבאנעל האבען זיך געזעגענט מיט שושנה'ן און ביטרים'ן און האבען פארלאזען דאס הויז.

ביטרים איז געפאלען שושנה'ן אויף'ן האלז און זיך פאנאנדער־געוויינט.

— בארוהיג זיך, טאכטער! — האט שושנה געגלעט איהרע האר פון קאפ — דו דארפסט זיך שעצען גליקליך אז דו וועסט האבען די מעגליכקייט עפעס צו טהאן פאר דיינע ברידער. און אין דער זעלבער צייט דארפסטו ניט פארגעסען, אז די אליין וועסט אויך געניסען פון דיזער ענטדעקונג. עס איז ניט קיין קליינינקייט צו געהערען צו דער זעלבער משפחה פון דעם קעניג. דו יועסט שוין מעהר ניט דארפען וויסען פון קיין נויט און ארימקייט... קום, ביטרים, וואש דיין פנים, און איך וועל מיט דיר געהן קויפען קליידער. דו וועסט דאך ניט קענען אנקומען אין סעוויל מיט דיזע קליידער.

ביטרים האט איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— זיי האבען מיר געגעבען געלט דאריף — האט שושנה מיט א שמייכעל געזאגט — אבארבאנעל און זאקוטא זיינען די וויכטיגסטע מענשען פון שפאניען. דאס וואס איך האב דיר דערצעהלט וועגען די פלענער פון מיין זוהן קריסטאפאר, האט ער זיי געקראגען פון די וויסענשאפטליכע ביכער, וואס דער פראפעסאר זאקוטא האט געשריבען. ער פלעגט זיי שטודירען טאג און נאכט.

אָה, ווי גליקליך מיין זוהן וואָלט זיך געשעצט, ווען ער וואָלט געהאט א געלעגענהייט זיך פערזענליך צו באקענען מיט זאקוטא'ן. און איך וועל דיך טאקע בעטען, ווען דו וועסט זיך זעהן מיט דיזע וויכטיגע מענשען אין סעוויל, זאָלסטו זיי דערמאָהנען וועגען מיין זוהן... איך צווייפעל ניט, אז זיי ביידע וועלען זעהר פיעל קענען אויפטהאָן פאר איהם...

שושנה און ביטרים זיינען אוועק צו איינער פון די בעסטע קליידער קראָמען אין קאָרדאָווא און נאָכדעם ווי זיי האָבען דאָרטען פארבראכט דעם גאנצען טאָג, האָבען זיי איינגעהאנדעלט עטליכע שעהנע קליידער און אנדערע נויטיגע זאכען.

אין די נייע קליידער האָט ביטרים אויסגעקוקט נאָך מעהר וואונדער־שעהן און רייצענד...

ווען זיי האָבען זיך אומגעקעהרט אין שושנה'ס הויז, האָבען זיי צו זייער גרויסער איבערראשונג געטראָפען ביטרים'ס ערציהערין.

— איך בין זעהר אומרוהיג געוואָרען! — האָט זי געזאָגט, ווען זיי ביידע זיינען אריין אינעווייניג. — ביטרים איז דאָך אוועק אזוי פריה און זי האָט זיך נאָך ניט צוריקגעקעהרט. און מיין זאָרג איז נאָך גרעסער געוואָרען, ווען איך בין געקומען דאָ אין הויז און איך האָב אייך ביידען ניט געטראָפען. יעצט פארשטעה איך: איהר זייט געגאנגען ברייננגען נאָך ארבייט.

— ניין, דו האָסט ניט געטראָפען! — האָט ביטרים זי ארומגענומען און גלייך ארויסגענומען די נייע קליידער און איהר געצייגט.

— אָה, סאנטא מאריא! — האָט זי זיך איבערגע'צלמ'ט, באטראכטענדיג די שעהנע פראכטפולע קליידער.

— ווארט־צו, דו וועסט זעהן ווי זיי פאסען מיר! — האָט ביטרים שנעל פון זיך גענומען ארונטערווארפען די אלטע קליידער.

— איך פארשטעה ניט, וואָס איז דאָ פלוצלונג געשעהן? — האָט די ערציהערין אויסגערופען, אויססטארטשענדיג איהרע אויגען מיט באוואונדערונג.

— זעה ווי באצויבערענד שעהן זי קוקט אויס! — האָט שושנה זיך אפגערופען. — זי איז עהנליך צו א פרינצעסין!

די ערציהערין האָט געוואָרפען ערשטוינטע בליקען דאָ אויף שושנה'ן און דאָ אויף ביטרים'ן. זי איז געבליבען שטעהן פארגאפט, איהר מויל אָפען. זי האָט ניט באגריפען, וואָס דאָס באדייט.

— זעצזיך דאָ צו און איך וועל דיר אלץ דערקלעהרען, — האָט שושנה מיט א גוטמוטיגען שמייכעל זיך צו איהר אָפגערופען.

זי האָט זיך געזעצט און שושנה האָט זיך געזעצט נעבען איהר.

— היינט גאנץ פריה, ווען איך בין ארויס פון מיין הויז אנצושעפען וואַסער, זעה איך ווי צוויי מענער, אנגעטהאָן אין קליידער פון קעניגליכע בעאמטע, זוכען עפעס. איך האָב זיי געפרעגט וועמען זיי זוכען און זיי האָבען מיר דערצעהלט, אז זיי זוכען א יונג מיידעל מיט'ן נאָמען ביטרים ענריקעז. איך האָב זיי געצייגט וואוהין צו געהן. אָבער דאָ האָבען זיי זיך אומגעקעהרט און מיך געבעטען איך זאָל זי געהן רופען, ווייל זיי האָבען זעהר א וויכטיגע זאך צו רעדען מיט איהר. זיי האָבען מיר אנגעזאָגט איך זאָל קיינעם ניט דערצעהלען, אז זיי

זיינען אהער געקומען, ווייל זיי האָבען זיך געוואָלט פריהער איבערצייגען, אויב זי איז די ריכטיגע מיידעל. ווען ביטרים איז געקומען אהער און זיי האָבען זיך איבערצייגט, האָבען זיי איבערגעגעבען דאָקומענטען, וואָס צייגען, אז ביטרים איז א קרובה פון דעם קעניג פערדינאַנד. און זיי זיינען עס אהער געקומען זי איינצולאַדען צום קעניג אין פּאַלאַץ. ביטרים! צייג איהר די דאָקומענטען! — האָט שושנה זיך צו איהר געווענדט.

ביטרים האָט ארויסגענומען די דאָקומענטען און געצייגט איהר ערציהעריןֹ.

— אָה, היילִיגע מוטער מאריא! — האָט זי זיך נאָכאמאָל איבערגע'צלמ'ט און איהר פּנים האָט גענומען שטראַהלען פון פרייד. — יעצט וועט שוין נעהמען א סוף צו אונזער אָרימקייט און נויטה! איך וועל מיט דיר מיטגעהן, מיין טייער קינד! — האָט זי ארומגענומען ביטרים'ן און זי באַדעקט מיט קושען.

— ניין, איך וואָלט דיר ניט געראַטהען דו זאָלסט מיט איהר מיטרייזען!

— האָט שושנה זיך אָפּגערופען. — ערשטענס, האָט דער קעניג איינגעלאַדען בלויז זי אליין, און צווייטענס...

שושנה האָט זיך צו איהר צוגעבויגען און עפּעס אריינגערוימט אין אויער...

— יע, דו האָסט רעכט! — האָט די ערציהערין געזאָגט אויך אין דער שטיל. — איך וואָלט געווים זיין א שטערונג צו איהר. אויב דער קעניג וועט מיר נעהמען שטעלען פראגען, וועל איך איהם מוזען דעם גאנצען אמת ענטדעקען און דאָס וועט איהר מעגליך שאַדען.

— אויב דו ווילסט מיט מיר מיטגעהן, מוטער, וועסטו אויך מוזען קויפען נייע קליידער! — האָט ביטרים געזאָגט. — אָט וועל איך דיר געבען עטוואָס געלט.

— אָה, ניין, מיין ליעב קינד! — האָט זי איהר געענטפערט. — איך האָב זיך באַרעכענט, אז איך וועל ניט מיטגעהן. זאָל דער "הייליגער גייסט" דיך באַגלייטען און דו זאָלסט געפינען חן אין די אויגען פון דעם קעניג און ווען דיר וועט זיין גוט, וועסטו זיכער אויך אָן מיר ניט פארגעסען... ווען אלעס וועט זיין אין אָרדענונג און דו וועסט זיך שוין געפינען אין קעניגליכען פּאַלאַץ, זאָלסטו מיר לאָזען וויסען און אויב דו וועסט דאַן נאָך מיר שיקען, וועל איך מיט צופרידענהייט קומען.

אין איינִיגע טעג ארום האָט זיך ביטרים געזעגענט מיט שושנה'ן און מיט איהר ערציהערין. זי האָט פארלאָזען קאָרדאָווא און אָפּגערייזט נאָך סעוויל.

---

## פערטער קאַפּיטעל

# קריסטאָפער קאָלאָמבוס

א קליינשיפעל האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים האַפען אין ליסאַבאָן, די הויפּט־שטאָדט פון פּאָרטוגאַל. דאָס איז געווען אין פריהלינג פון 1472. פון שיף איז ארונטערגעגאַנגען א הויכער, שלאַנקער יונגערמאַן, ארום 26 יאָהר אלט. זיינע אויגען זיינען געווען גרוי. זיינע האָר ברוין, זיין פּנים רויטליך. ער איז געווען אָנגעטהאָן אין די קליידער פון א מאַטראָז. ער האָט געטראָגען א קליינעם פּעקעל. דער יונגערמאַן איז געווען קריסטאָפער קאָלאָמבוס.

באַלד האָבן זיך צו איהם אַ לאָז געטהאָן צוויי מאַטראָזען און האָבן איהם אָפּגעשטעלט.

— מיינסטו אונז טאַקע צו פאַרלאָזען, קריסטאָפער? — האָט איין מאַט־ראָז, מיט'ן נאָמען ראָדעריגאָ דע טריאַנאַ, זיך צו איהם געווענדעט.

— איך וועל מיין באַשלוס ניט ענדערען! — האָט קאָלאָמבוס געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. — איך וועל פאַרבלייבען אין פּאָרטוגאַל פאַר אַ לענגערע צייט.

— עס איז שוין צייט, אַז דו זאָלסט אויפגעבען דיינע חלומות! — האָט דער צווייטער מאַטראָז זיך אָפּגערופען. — קום צוריק אויף דער שיף! איך האָב געהערט ווי דער קאַפּיטאַן האָט געזאָגט, אַז אונזער שיף וועט פאַרטזעצען צו רייזען ביז קאַדיז אין שפּאַניען... דו ווייסט דאָך, אַז קאַדיז איז ניט ווייט פון קאָרדאָוואַ און דו וועסט האָבען אַ געלעגענהייט זיך צו זעהן מיט דיין מוטער.

קאָלאָמבוס האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. דער מאַטראָז האָט אָנגעריהרט אַ צאַרטע סטרונע ...ין זיין הארצען. זיין מוטער! ווי ליעב און טהייער זי איז איהם... שוין איינינע יאָהר ווי ער האָט זיך מיט איהר ניט געזעהן, אָבער ווי אַזוי זאָל ער יעצט צו איהר קומען? ער איז נאָך גאַנץ ווייט פון זיין ציעל... ער איז נאָך דערוויל געבליבען ביי זיינע טרוימעריען. זי וועט בלויז זיין ענט־טוישט אין איהם... ער וועט קומען צו איהר דערזעלבער אָרימער מאַטראָז! ניין! ער וועט זי קומען זעהן דאַן ווען ער וועט איהר קענען ברייננען פרעהליכע נייעס, אַז זיינע פּלענער האָלטען ביים פאַרווירקליכט ווערען.

— נו, קום צוריק מיט אונז! — האָבען איהם ביידע מאַטראָזען גענומען אונטער די אָרעמס.

— ניין! איך געה ניט צוריק! — האָט קאָלאָמבוס זיך באַפרייט פון זייערע אָרעמס. — איך האָף אַז מיר וועלען זיך אַמאָל ווידער טרעפען און אונ־זער פריינדשאַפט באַנייען.

— אויב מיר וועט אויסקומען ווען עס איז ווידער צו קומען אין ליסאַבאָן, וועל איך דיך אויפזוכען! — האָט ראָדעריגאָ דע טריאַנאַ איהם געגעבען די האַנד. — און יעצט ווינש איך דיר גליק, מיין פריינד.

— אַ גליקליכע רייזע! — האָט קאָלאָמבוס זיך מיט זיי געזעגענט, און איז ווייטער געגאַנגען מיט זיין פּעקעל איבער די גאַסען פון ליסאַבאָן.

עלענד, פריינדלאָז און ציעללאָז האָט ער אַ היבשע ווײַלע געוואַנדערט איבער דער שטאָדט. די מענשען זיינען איהם געווען פרעמד... קיינער האָט זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט... ער איז צוגעקומען אין אַ גאַס וואו יעם געפינען זיך פאַרשידענע געשעפטען... ער האָט אַלעס בעטראַכט מיט נייגעריגע בליקען. זיין אויפמערקזאַמקייט איז געצויגען געוואָרען צו אַ געשעפט פון ביכער... ער איז צוגעגאַנגען צו דעם פענסטער פון יענעם געשעפט און האָט גענומען בעטראַכטען. ער האָט באַמערקט פאַרשידענע ביכער פון אַסטראָנאָמיע און געאָגראַפיע... און אַ שטאַרקער חשק האָט איהם אָנגענומען דיזע ביכער צו באַזיצען.

קריסטאָפאָר קאָלאָמבוס האָט אַריינגעטהאָן זיין האַנד אין קעשענע און האָט פון דאָרטען אַרויסגענומען די עטליכע מטבעות און זיי איבערגעצעהלט. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען און געטראַכט: דאָס איז זיין גאַנצער פאַרמעגען... ווען ער זאָל עס אויסגעבען אויף ביכער וועט ער בלייבען אין דער פרעמד אָהן

געלד... ער האָט שוין גענומען געהן ווייטער, אָבער באַלד האָט ער זיך צוריק־געקעהרט... ער וועט אַריינגעהן אין געשעפט און זיך הייסען ציינען די ביכער... ער וועט זיי בלויז דורכבלעטערען און ער וועט פרעגען זייער פּרייז... ער וועט דאָך ניט זיין געצוואונגען צו קויפען.

ער איז אַריין אין געשעפט. באַלד איז צו איהם צוגעקומען אַן עלטערער מאַן פון א נידריגען געוואוקס, מיט א גרויסע שפּיציגע בערדעל און איהם געפרעגט וואָס ער פערלאַנגט.

— איך בין פאַראינטערעסירט אין יענע ביכער און איך וואָלט זיי וועלען קויפען, וועסטו מיר ערלויבען זיי דורכצוקוקען ? — האָט קאַלאַמבוס געזאָגט, אָנצייגענדיג אויף די ביכער, — אויב זיי וועלען מיר געפעלען וועל איך זיי קויפען.

דער אַלטער האָט איהם דערלאַנגט די ביכער. קריסטאָפאָר האָט אַרונטער־געלאָזען זיין פּעקעל אויף דעם באָדען און האָט זיך גענומען פאַרטיעפען אין די ביכער.. ער האָט געשלונגען יעדעס וואָרט... ער איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרטהאָן אין לעזען, אַז ער האָט זיך גאָר פאַרגעסען אַז ער געפינט זיך אין א געשעפט וואו ער איז געקומען קויפען.

דער אַלטער איז איינינע מאָל צוגעגאַנגען צו איהם און אַריבערגעבויגען זיין קאָפּ איבער קאַלאַמבוס'עס שולטערען... ער האָט געהאָפט אַז דער פרעמ־דער וועט זיך אָנשמויסען אַז ער לייענט שוין דעם בוך צו לאַנג. אָבער קאַלאַמבוס האָט קיין זאך ניט געפיהלט און קיין זאך ניט באַמערקט. וואָס מעהר ער האָט געלעזען אַלץ שווערער איז פאַר איהם געווען זיך אָפּצורייסען פון בוך.

— דו וועסט דעם בוך קויפען, וועסטו איהם ענדיגען לעזען איז דער היים!

— האָט שוין דער אַלטער זיך מעהר ניט געקענט באַהערשען און אַרויפגעלייגט זיין האַנד אויף דעם בוך.

— אָט בלויז נאָך עטליכע שורות! — האָט קריסטאָפאָר צוגעהאַלטען דעם בוך מיט ביידע הענד... אָט באַלד! אָט באַלד!...

דער אַלטער האָט איהם נאָכגעגעבען, אָבער עס איז שוין אַריבער נאָך א שטונדע און ער איז נאָך מעהר פאַרמיזשפט אין בוך. דאָ האָט שוין זיין געדולד געפּלאַצט. ער איז צוגעגאַנגען צו קאַלאַמבוס'ן און א ריס געטהאָן דעם בוך פון זיינע הענד.

— דו גנב! — האָט ער אויסגעשריען, — דו ביזט געקומען דורכלייענען דעם בוך אָבער ניט קויפען, — אַרויס פון מיין געשעפט אַז ניט וועל איך גלייך רופען פּאָליציי.

קאַלאַמבוס האָט געוואָלט איהם עפּעס זאָגען, אָבער דער אַלטער האָט איהם גענומען שטופּען צו דער טיהר...

פּלוצלינג האָט זיך דערטראָגען א פרויען־שטימע פון א ווינקעל פון געשעפט.

— אָנקעל, וואָס טהוסטו ? דו האָסט פאַרגעסען אַז דער דאָקטאָר האָט דיר פאַרבאָטען זיך אויפצורעגען !

— א חוצפּה פון א פרעמדען... ער הייסט זיך דערלאַנגען א בוך, און וויל איהם דאָ דורכלעזען איידער ער האָט עס געקויפט! — האָט זיך דער אַלטער געטרייסעלט פון כעס.

— געה, אַנקעל, און רוה זיך אוים... דו ווייסט דאך אז דו ביזט נאך ניט אין גאנצען געזונט... איך וועל שוין דורכקומען מיט דעם קונה.

— ער איז ניט געקומען קויפען! — האָט דער אַלטער ווידער אויפגע־עפענט זיין מויל.

אָבער די יונגע מיידעל האָט איהם מיט א קוש איינגעשטילט און איהם צוגעפיהרט צו א טיהר וואס פיהרט צו א צווייטען צימער.

זי איז נאכהער צוגעגאנגען צו דעם פרעמדען און פארענטפערט' איהר אַנקעל.

— ער איז א קראנקער מאן און רעגט זיך זעהר שנעל אויף... ער איז אבער ניט קיין שלעכטער, דו וועסט איהם געוויס ענטשולדיגען.

קאַלאַמבוס האָט בעטראכט דאָס מיידעל. זי האָט אויסגעזעהן זעהר יונג און צארט. זי האָט געהאט א שעהנעם איידעלען געזיכט און אזעלכע ליעבליכע קלוגע אויגען.

— עס איז ווירקליך געווען מיין שולד! — האָט ער זיך אָפּגערופען, — איך האָב עס ניט בעדאַרפט טהאָן... איך האָב ביי זיך ניט גענוג געלד צו קויפען אזעלכע ביכער, אָבער דאָס בוך האָט מיך אזוי פאראינטערעסירט ,אז איך האָב זיך פון דעם ניט געקענט אָפּרייסען... איך האָף, אז דו וועסט מיר ענטשולדיגען וואָס איך האָב דיין אַנקעל פאראורזאכט א מזיסטע אויפרעגונג.

דאָס מיידעל האָט בעטראכט דעם בוך און זיך געווענדעט צו קאַלאַמבוס'ן מיט א שמייכעל:

— ווי איך פארשטעה מוזטו זיין א ים־רייזענדער אויב דיך אינטערעסירען אזעלכע ביכער...

— דו האָסט געטראָפען! — האָט קריסטאָפאָר געענטפערט, — איך בין ערשט ניט לאנג ארונטער פון א שיף... איך דארף אין ליסאבאן פארבלייבען א לענגערע צייט ווייל איך האָב פארשידענע פּלענער, און איך האָף זיי פארצובריינ־גען פאר'ן קעניג פון פּארטוגאל. אין דיזען בוך האָב איך געלעזען איינינע זאכען וואָס באשטעטיגען פיעלע פון מיינע פּלענער.

— אויב אזוי, פארדריסט מיך זעהר וואָס מיין אַנקעל האָט אונטערבראָכען דיין לעזען... אויב דו ווילסט, קענסטו זיך וואוהנען דאָרטען און לעזען, — האָט זי איהם אָנגעצייגט אויף א באנק וואָס איז געשטאַנען נעבען א טישעל.

— איך דאנק דיר זעהר, אבער פאר וואָס זאָל איך דיר פאראורזאכען און־אנגענעהמעס? ! דיין אַנקעל !...

— מיין אַנקעל וועט זיין צופריעדען, — האָט זי א שמייכעל געטהאָן, — איך ווייס ווי באנג עס טהוט איהם, נאכדעם ווי ער פארלירט זיך אין זיין אויפ־רעגונג.

— ניין, איך וועל אַליין איינם קיין לאנגע צייט דאָ ניט קענען פארברייגנען. איך מוז געפינען א פּלאץ וואו צו נעכטיגען איידער עס פאלט צו די נאכט... אָבער אזוי שנעל ווי איך וועל האָבען גענוג געלד, וועל איך קומען קויפען דיזען בוך.

— דו קענסט איהם קומען לעזען ! אויב דו ווילסט זיך ניט באגעגענען מיט מיין אַנקעל, קענסטו קומען אין דער פריה... מיין אַנקעל קומט בלויז נאך האַלבען טאָג.

— איך וועל דיזע גנאדע קיינמאָל ניט פארגעסען! — האָט קאָלאָמבוס געזאָגט, — איך בין דאָ א פרעמדער און דאָס זיינען די ערשטע פריינדליכע און צערטליכע רייד וואָס איך הער... איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פארגעסען.

— וועסטו קומען אהער מאָרגען? — האָט זי איהם געפרעגט.

— אויב מיין קומען וועט קיינעם צו־לאסט ניט פאלען! — האָט ער זי דורכגעדרונגען מיט דאנקבארע בליקען.

— יעצט זאָג מיר, ווי איז דיין נאמען? — האָט זי איהם געפרעגט.

— מיין נאמען איז קריסטאָפאָר קאָלאָמבוס. און דיין נאמען? — האָט ער געפרעגט.

— מיין נאמען איז פעליפאָ מאָניז, — האָט זי געוואָרפען א פריינדליכען הן'עוודיגען בליק צו איהם, — קום אָפטער אריין אהער... דו וועסט גאנץ אָפט טרעפען פיעלע וויכטיגע מענשען וועלכע וועלען דיך זיכער פאראינטערעסירען.

קאָלאָמבוס האָט זיך פאר איהר פארנייגט און איז ארויס פון געשעפט. די רייצענדע שעהנע יונגע מיידעל מיט איהר איידעלען בלאסען געזיכט האָט אויף איהם זעהר א גרויסען איינדרוק געמאכט... איהרע צערטליכע רייד האָבען זייהם ערמוטיגט... ער האָט זיך געפיהלט ־ז ער וועט דאָ ניט זיין גאנץ עלענד... ער האָט געפונען איין פעדזאָן פאר וועמען ער וועט קענען ענטדעקען אלע זיינע פלענער, און זי וועט זיכער פון איהם ניט שפּאָטען... מעגליך אז דורך איהר וועט ער קריגען א צוטריט צו די געלערנטע און וויכטיגע מענשען פון פּאָרטוגאָל. ער זאָל דערווייל קענען פארדיענען זיך צו ערנעהרען ביז וואנען ער וועט זיך דערשלאָגען צום קעניג.

מיט אזעלכע געדאנקען האָט ער גענומען וויטער וואנדערען איבער די גאסען פון ליסאבאָן... ביז וואנען ער איז צוגעקומען צו אן אכסניה וואָס איז געשטאנען ביים סוף פון א קליינע געסעל.

אהין איז קריסטאָפאָר אריין און איבערגענעכטיגט די נאכט.

נאכדעם ווי קאָלאָמבוס האָט פארלאָזען דעם בוך־געשעפט, האָט פעליפּאָ מאָניז געעפענט דעם בוך וואָס ער האָט געהאלטען און גענומען לעזען... זי האָט געוואָלט וויסען וואָס אזוינס געפינט זיך אין בוך וואָס האָט אזוי פאראינטערעסירט דעם פרעמדען. זי האָט גענומען לעזען, אָבער עס איז איהר שווער געווען צו פערשטעהן.

— ער איז געוויס איינער פון די גרויסע געלערנטע, — האָט זי זיך געטראכט, און איהר האָט שטארק פארדראָסען וואָס איהר אָנקעל האָט איהם אזוי בעהאנדעלט. ער האָט זיך שטארק באליידיגט און ער וועט שוין מעהר אהער ניט קומען. ער האָט אויף איהר געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק. קריסטאָפאָר קאָלאָמבוס — האָט זי צו זיך אליין ווידערהאָלט זיין נאמען.

די גאנצע נאכט האָט זי ניט אויפגעהערט צו טראכטען פון דעם פרעמדען. זיין געשטאַלט האָט פארביינגעשוועבט איהרע אויגען... א גרויס רחמנות האָט זיך אין איהר הארצען ערוועקט אויף דיזען אָרימען עלענדען וואנדערער, און זי האָט געהאָפט אז ער וועט מאָרגען ווידער קומען אין געשעפט. זי איז אויפגעשטאנען גאנץ פריה און גלייך אויפגעעפענט די טיהרען פון געשעפט, און ארויסגעקוקט אין דרויסען צו זעהן אויב דער פרעמדער קומט אָן. גרויס איז געווען איהר פרייד ווען זי האָט איהם פון ווייטען דערזעהן אָנקומענדיג. זי איז שנעל

אריין אינעווייניג, צורעכט געמאכט איהרע האָר, און גענומען די ביכער וואָס ער האָט געלעזען און זיי אוועקגעלייגט אויף דעם טישעל. מיט א פריינדליכען שמייכעל האָט זי איהם באַגריסט.

קריסטאָפער קאָלאָמבוס איז געווען אויסגערוהט און ארומגעוואשען, און ער האָט יעצט אויף איהר געמאכט נאָך א שטארקערען איינדרוק.

זי האָט איהם געפרעגט וואו ער האָט גענעכטיגט און אויב ער האָט געגעסען.

קאָלאָמבוס האָט איהר געענטפערט, אז אלס מאטראָז איז ער געוואוינט צו פארשידענע שוועריגקייטען.

— דו האָסט געווייס זעהר אינטערעסאנטע זאכען צו דערצעהלען וועגען דיינע רייזעס אויף דעם ים? — האָט פעליפּאַ מאניז צו איהם געזאָגט, — און איך האָף אז דו וועסט זיי מיר ווען עס איז דערצעהלען. און יעצט קענסטו זיך אוועקזעצען און דורכלייענען די ביכער וואָס דו האָסט נעכטען אזוי גערן געלעזען.

— איך דאנק דיר דאָנא פעליפּאַ, — האָט קאָלאָמבוס זיך פארנייגט, — אָבער דאָס איז ניט די אורזאכע וואָס איך האָב זיך צוריקגעקעהרט אהער... איך האָב די גאנצע נאכט געטראכט פון דיר... דיין צערטליכקייט און גנעדיגקייט וואָס דו האָסט מיר ארויסגעוויזען, וועל איך קיינמאָל ניט פארגעסען... און איך בין געקומען דיר דאנקבאר זיין...

— און איך האָב אויך פון דיר געטראַכט, — האָט פעליפּאַ מאניז געזאָגט, און איהר פּנים איז באדעקט געוואָרען מיט א באַשיידענע רויטקייט, — מיר האָט פאַרדראָסען וואָס איך האָב דיך ניט איינגעלאָדען צו מיין פאטער'ס הויז, דאָרטען וואָלסטו געפונען פארשידענע לאנדקארטען און ביכער וועגען ים-רייזען. אָבער איך האָף אז ס'איז נאָך יעצט אויך ניט צו שפּעט, און דו וועסט מיין איינלאַדונג אָננעהמען.

— אָבער . . . דיין אָנקעל! — האָט קריסטאָפאָר א שמייכעל געטהאָן.

— ביי מיין אָנקעל וואָלסטו יעצט געווען אן אָנגעלעגטער גאַסט! איך האָב איהם געזאָגט, אז דו שיינסט צו זיין זעהר א געלערנטער מאַן, און איהם האָט שטארק פארדראָסען וואָס ער האָט דיך אזוי בעליידיגט. איך בין אָבער זיכער אז דו טראָגסט אויף איהם ניט קיין כעס פאר דעם!

— פארקעהרט, איך בין איהם זעהר דאנקבאר! — האָט קריסטאָפאָר געזאָגט, — ווען ניט זיין אויפּערענונג און כעס וואָלט איך יעצט ניט געהאט די געלעגענהייט צו ריידען מיט דיר.

פעליפּאַ מאניז האָט ארונטערגעלאָזען איהרע אויגען.

קאָלאָמבוס האָט זי דורכגעדרונגען מיט זיינע בליקען. איהר בעשיידענע האַלטונג האָט איהר נאָך צוגעגעבען מעהר חן און רייץ.

— דו האָסט מיר נעכטען געזאָגט אז דו ביזט אהער געקומען פּראָצובריינגען פאר אונזער קעניג דיינע פּלענער? — האָט זי זיך אָפּגערופען, — האָסטו געקראָגען אימיצען וועמ עס זאָל דיך פאר איהם פארשטעלען?

— ניין, איך האָב קיינעם ניט! איך האָף אז מיט דער צייט וועל איך זיך דורכשלאָגען א וועג!

— דאריבער וואָלט איך דיר געראטהען דו זאָלסט בעזוכען מיין פאטער'ס

הויז, ווייל ער איז בעקאנט מיט פיעלע חשוב'ע לייט פון קעניגליכען הויף. מעגליך אז זיי וועלען דיר קענען באהילפיג זיין.

קאָלאָמבוס'עס אויגען האָבען געשטראַהלט.

— איך וועל דיר דיזע טובה קיינמאָל ניט פארגעסען. איך בין זיכער, אז ווען איך וועל קענען פאָרברייגגען מיינע פלענער פאר דעם קעניג פון פּאָרטוגאל, וועט ער שענקען אויפמערקזאמקייט צו מיינע רייד און וועט מיר געבען א געלעגענהייט זיי צו פארווירקליכען.

— איך וועל ריידען מיט מיין פאטער וועגען דיר, און ווען דו וועסט קומען מאָרגען אהער, וועל איך דיר איבערגעבען זיינע רייד... עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אז ער וועט זיין צופריעדען דיך אויפצונעהמען אלס זיין גאסט.

---

קריסטאָפאָר קאָלאָמבוס איז געוואָרען אן אָפטער באזוכער אין דעם הויז פון פעליפּאַ מאניז'ס פאטער. דאָרטען האָט ער זיך בעקאנט מיט דעם אידען יוסף וויזינא, דער לייב־דאָקטאָר פון דעם פּאָרטוגעזישען קעניג, יאָאַז דער צווייטער. יוסף וויזינא איז אויך געוועזען א גרויסער מאטעמאטיקער און וועלטקענער. ער איז געוועזען א תלמיד פון אברהם זאקוטא פון סאלאמאנקא.

אין יענער צייט האָט יוסף וויזינא איבערזעצט אברהם זאקוטא'ס העברעאיש געשריבענעם בוך איבער אַסטראָנאָמיע, אין לאטיין און אין שפּאניש. ער האָט געבראכט איין בוך צו פעליפּאַ מאניז'ס פאטער, און ווען קריסטאָפאָר האָט דעם בוך דערזעהן, האָט ער עס ניט אויפגעהערט צו שטודירען. ער האָט זעהר פיעל געלערנט פון אברהם זאקוטא'ס בוך... זיין גלויבען צו געפינען א נייעם וועג צו אינדיע, רייזענדיג טיעפער נאָך מערב, האָט זיך אין איהם פארשטארקט. ער האָט מורא געהאט צו ענטדעקען אלע איינצעלהייטען פון זיינע פלענער צו זיינע בעקאנטע איידער ער וועט זיי פאָרברייגגען פאר דעם קעניג. טאָמער וועט אימיצער איהם פארלויפען דעם וועג. ער האָט דאריבער געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד אויף דער צייט ווען ער וועט פארגעשטעלט ווערען פאר דעם קעניג.

יוסף וויזינא האָט קאָלאָמבוס'ן פאָרגעשטעלט פאר דעם קעניג יאָאַן דעם צווייטען.

קאָלאָמבוס האָט זיך פארנייגט און א קוש געטהאָן דעם קעניג'ס סצעפּטער.

— לאָמיך הערען דיינע פלענער! — האָט דער קעניג זיך אָפּגערופען צו קריסטאָפאָר'ן, און איהם געהייסען זיך אויפשטעלען.

קאָלאָמבוס האָט זיך אויפגעשטעלט און געבליבען שטעהן גלייך, שטייף מיט זעלבסטווירדע און פארזיכערונג.

— מעכטיגער קעניג! — האָט קאָלאָמבוס אָנגעפאנגען, — ווייט, גאנץ ווייט, אין מזרח, געפינט זיך דאָס רייכע לאנד פון אינדיע, כינא און יאפּאן... מיט יאָהרען צוריק איז אָנגעגאנגען א גרויסער מסחר צווישען אונזערע לענדער מיט אינדיע. פון דאָרטען פלעגט מען ברייגגען טהייערע טעפּיכער, זייד, קאָסטבארע שטיינער, פארשידענע געווירצען, פּאַרצעליי, פארבען, מעדיצינען, פּארפיומען און די לענדער פון אייראָפּא האָבען געבליהט פון מסחר... יעצט איז אינדיע פאר אלע קריסטליכע לענדער ווי פארשלאָסען, ווייל דער איינציגער וועג נאָך אינדיע איז באהערשט ביי די טערקען, וועלכע לאָזען ניט דורך קיינע פון די שיפען וואָס בעלאנגען צו די קריסטליכע פעלקער, דאמיט ברייגגען זיי גרויס

שאדען צו די קריסטליכע רעגירונגען. דער מסחר וואס האט מיט יאהרען צור זיך אזוי צובליהט צווישען אונזערע מלוכות און אינדיע, איז אין גאנצען אב שטעלט געוואָרען. מיר טאָרען ניט ערלויבען אז דער גאנצער מסחר מיט אָריענטאלישע מלוכות זאָלען ארייגפאלען אין די הענד פון די מאכמעדאנע

— נו, וואס פאר א מיטעל האסטו דערצו? — האט דער קעניג אי פרעגט.

— איך האב גענוג ערפאהרונגען אין מיין רייזע אויף דעם ים. א שטודירט אסטראָנאָמיע און די טיילען פון דער ערד... און עס איז ביי קיין צווייפעל ניט, אז די מיינונג דאס אונזער ערד איז רונד איז ריכטיג, און אויב אזוי, בין איך געקומען צום שלום אז אויב מען זאָל זיך אוועקלאָזען אויף א שיף נאָך מערב וועט מען קענען צוקומען צו אינדיע און די אנדערע לענדער פון אָריענט... דאן וועט מען קענען אנטוויקלען א גלייכען וועג נאָך אינדיע, און דער מסחר מיט יענע רייכע לענדער וועט זיך ווייטער פאנאנדערבליהען... איך ווייס אז פאָרטוגאל איז בעוואוסט אלס א לאנד פון ים־פאָהרער, און די שיפען פון פאָרטוגאל זיינען פיעל און שטארק... יעצט אויב זיין מאיעסטעט, דער קעניג, וועט איינוויליגען מיר צו געבען דריי שטארקע שיפען, וועל איך באשטי־מען מאטראָזען און וועל זיך אוועקלאָזען אויף דעם אָקעאן נאָך מערב, ביז וואנען איך וועל דערגרייכען אינדיע פון דער צווייטער זייט.

— לויט ווי דו האסט מיר ערקלעהרט, שיינט עס צו זיין גאנץ ריכטיג! — האט דער קעניג יאָאן דער צווייטער זיך אָפגערופען צו קאָלאָמבוס'ן, — אבער מיין וויסען פון אסטראָנאָמיע און געאָגראפיע איז זעהר באגרענעצט, איך וועל דאס איבערגעבען צו מיינע געלערנטע און ווי זיי וועלען מיר ראטהען אזוי וועל איך טהאָן.

קאָלאָמבוס האט זיך פארנייגט און בעדאנקט דעם קעניג. ער האט גע־וואוסט אז דער קעניגליכער דאָקטאָר יוסף וויזינא איז מיט איהם ניט איינפער־שטאנען. און ווער ווייס אויב די איבריגע געלערנטע פון דעם קעניג וועלען ניט בעאיינפלוסט ווערען פון איהם? קאָלאָמבוס'ן האט זיך זעהר שטארק געוואָלט א צווייטען מאָל זיך באגעגענען מיט יוסף וויזינא. יעצט אז ער האט שוין זיין פלאן פאָרגעשלאָגען פאר דעם קעניג, האט ער שוין ניט וואס מורא צו האבען, און ער וועט איהם גענויער ערקלעהרען וועגען זיינע פלענער.

ער איז גלייך אוועק צו פעליפאַ מאָניז און איהר דערצעהלט וועגען זיין אוידיענץ ביים פאָרטוגעזישען קעניג.

— ער האט אָנגענומען אלע מיינע פלענער אין אנבעטראכט און מיר פארשפראָכען דאס פאָרצובריינגען פאר זיינע געלערנטע לייט. איך בין זיכער, אז דאָקטאָר וויזינא'ס רייד וועלען האבען א שטארקע ווירקונג אויף דעם קעניג.

— אויב אזוי, האסטו ניט וואס צו זאָרגען, קריסטאָפאָר, — האט פעליפאַ איהם בערוהיגט, — דו ווייסט דאָך אז דאָקטאָר וויזינא איז מיין פאטער'ס א גוטער פריינד, און אויב ער איז געווען גענוג פריינדליך דיך פאָרצושטעלען פאר דעם קעניג וועט ער זיין פריינדשאפט נאָך מעהר ארויסצייגען און געבען א גוטע מיינונג וועגען דיין פלאן.

— איך ווייס ניט אויב ער וועט עס וועלען טהאָן, — האט קאָלאָמבוס געזאָגט, — איך האב מיט איהם שוין געהאט לענגערע געשפרעכען וועגען מיינע

פלענער, בפרט נאכדעם ווי ער האט געבראכט זאקוטא'ס בוך, און ער איז מיט מיר ניט איינשטימיג.

— מיר דוכט זיך, אזוי ווי דו האָסט מיר ערקלעהרט די עטליכע שטעלען פון זאקוטא'ס בוך, קען גאר אנדערש ניט זיין... דיין פלאן איז זעהר ריכטיג, — האט פעליפא געזאגט.

— אָבער וויזינא טייטשט אויס די איניגע שטעלען אנדערש, און לויט זיין מיינונג, איז אונמעגליך צו געפינען א וועג נאך אינדיע פון מערב זייט... און איך האב מורא אז ער וועט אין זיין באריכט צום קעניג אויסדריקען די זעלבע מיינונג, דאן איז מיין גאנצע האפנונג פארלארען.

— ווייסטו וואס, קאלאמבוס? — האט זי צו איהם געזאגט מיט א צערט־ליכע שטימע, — איך וועל זעהן איהם איינלאדען צו אונז אין הויז און דו וועסט האבען א געלעגענהייט זיך מיט איהם נאך אמאל דורכריידען וועגען דעם און דו וועסט איהם איבערצייגען אז דו ביזט גערעכט.

— איך דאנק דיר זעהר, פעליפא, — האט קאלאמבוס געדריקט איהר האנד, — דו האסט מיט מיר אזוי פיעל גנאדע געטהאן ביז יעצט און דאס וועט זיין די גרעסטע טובה וואס דו וועסט מיר טהאן. אין דעם הענגט אפ מיין ערפאלג, א, ער דורכפאל... און אויב דיר וועט געלינגען אז דאקטאר וויזינא זאל זיין דער גאסט פון דיין פאטער'ס הויז איידער ער וועט אפגעבען דעם באריכט צו דעם קעניג, וועל איך דאס קיינמאל ניט פארגעסען.

—אז איך וועל צו איהם אליין קומען בעטען, וועט ער זיכער מיר ניט ענטזאגען! — האט פעליפא געזאגט. — ער ווייס אז מיין פאטער'ס געזונט איז ניט איבריגס גוט, און מיין פעטער איז אויך א קראנקער מענש... ער וועט זיכער קומען אז איך וועל פון איהם פערלאנגען, און דאן וועסטו קענען נאך אמאל אריין מיט איהם אין א געשפרעך וועגען דיין פלאן... און איך בין זיכער אז דו וועסט איהם דיזען מאל איבערצייגען.

אין איניגע טעג ארום האט דאקטאר יוסף וויזינא בעזוכט דאס הויז פון פעליפא מאניז.

קאלאמבוס האט אויסגענוצט די געלעגענהייט און איז צוגעגאנגען און איהם בעדאנקט פאר דעם וואס ער האט איהם פארגעשטעלט פאר'ן קעניג.

— איך האף אז דער קעניג וועט מיין פלאן אננעהמען! — האט ער זיך אפגערופען.

— דער קעניג האט איבערגעגעבען צו א קאמיס־ע צו שטודירען דיין פלאן, — האט יוסף וויזינא זיך אפגערופען, — עס וועט ווארשיינליך דויערען א לאנגע צייט ביז וואנען מיר וועלען קומען צו א בעשטימטען בעשלוס, ווייל די אלע געלערנטע שטודירען יעצט זאקוטא'ס בוך און ווען זיי וועלען זיין פארטיג, וועלען מיר צוזאמענקומען און דעבאטירען וועגען דיין פלאן!

— אָבער דער דאקטאר וויזינא איז דאך געוויס איבערצייגט אז קריסטאפאר קאלאמבוס איז גערעכט? — האט זיך פעליפא מאניז אריינגעמישט, — און אזוי וועט ער אויך געוויס אויסדריקען זיין מיינונג צום גונסטען זיין פלאן!

— לויט זיין אויסרעכענונג און אויסטייטשונג פון זאקוטא'ס בוך, איז ער גערעכט, אָבער מיינונגען וועגען דעם קענען זיין פארשידענע, און ווען זיין מאיעסטעט דער קעניג פארלאזט זיך אויף אונזער אורטייל, דארפען מיר זיין

אויפריכטיג און אָפענהערציג, — האָט יוסף וויזינא איהר געענטפערט מיט א שמייכעל, — מיר טאָרען ניט זיין בעאיינפלוסט אפילו פון די רייד פון אזא שעהנע סינאָריטא ווי דו ביזט!

— מיר איז שווער אלעם צו באגרייפען, — האָט פעליפאָ מאניז געשאָקעלט מיט איהר קאָפ, — אָבער איך ווייס נאָר איין זאך, אז קריסטאָפאָר קאָלאָמבוס קען ניט זיין אומגערעכט.

קאָלאָמבוס האָט געוואָרפען דאנקבארע בליקען אי׳ איהר ריכטונג.

— דאָס קען איך באשטימט ניט זאָגען. מיר וועלען זיין פלאן גוט אויס־שטודירען איידער מיר וועלען אונזער בעשלוס פאָרברייינגען פאר דעם קעניג!

— אויב דער דאָקטאָר וויזינא איז יעצט ניט שטארק פארנומען און עס וועט איהם ניט פאלען צו לאסט, וואָלט איך פאָרגעשלאָגען אז קריסטאָפאָר קאָ־לאָמבוס זאָל גענויער און דייטליכער ערקלעהרען זיין פלאן... איך מיין, איהר זאָלט בּיידע קומען צו א בעסערע פארשטענדניס, — האָט פעליפאָ מאניז זיך אָפגערופען.

— איך בין גרייט צו הערען אָך אמאָל זיין ערקלעהרונג, — האָט יוסף וויזינא געענטפערט, — איך האָב צייט און אויב קאָלאָמבוס׳ז וועט געלינגען מיר צו איבערצייגען אין דער ראטהזאמקייט פון זיין פלאן, וועל איך זיין דער ערשטער וועלכער וועט עס רעקאָמענדירען צום קעניג.

קאָלאָמבוס האָט ארויסגענומען צייכנונגען און האָט געוויזען וויזינא׳ן. ער האָט איהם אָנגעצייגט אז רייזענדיג מיט א גלייכע ליניע נאָך מערב וועט מען מוזען צוקומען צו די אָריענטאלישע לענדער פון אינדיע, כינא און יאפאן.

— דו ביזט צופיעל בעאיינפלוסט געוואָרען פון מארקא פאָלאָ׳ס בעשריי־בונגען וועגען דעם אינזעל ציפאנגאָ, וואָס האָט עקזיסטירט בלויז אין זיין פאָר־שטעלונגס קראפט, — האָט וויזינא איהם געענטפערט.

— יעצט איז געקומען די צייט אז איך זאָל פאר דיר ערצעהלען עטוואס פון מיין אייגענער ערפאהרונג, — האָט קריסטאָפאָר זיך אָפגערופען, — און אויב דו וועסט מיר שענקען אביסעל צייט וועל איך איבערגעבען אלע איינ־צעלהייטען פון מיין ערפאהרונג.

— מיט דעם גרעסטען פארגעניגען וועל איך הערען וואָס דו האָסט צו דערצעהלען, — האָט וויזינא געענטפערט.

— איך האָב ביז אהער עס פאר קיינעם ניט דערצעהלט, — האָט קאָלאָמבוס אָנגעפאנגען, — איך האָב עס געהאלטען בסוד און זינט יענע ערפאהרונג האָב איך אָנגעהויבען דערפון וואָס מעהר צו טראכטען ביז וואנען איך בין געקומען צו מיין יעצטיגען בעשלוס וועגען א נייעם וועג נאָך אינדיע.

— פיעלייכט אי מיין געגענוואָרט דאָ איצט ניט נויטיג! — האָט זיך פעליפא מאניז אויפגעהויבען פון איהר פלאַץ און געוואָלט פארלאָזען דאָס צימער.

— דו קענסט עס אויך הערען! — האָט קאָלאָמבוס זיך אָפגערופען, — איך האָב זיך אלץ איינס געקליבען דאָס דיר צו דערצעהלען ביי דער ערשטער געלעגענהייט.

פעליפא מאניז האָט איהם בעדאנקט און זיך צוריק געזעצט.

— ווען איך בין נאָך גאָר יונג געווען, — האָט קאָלאָמבוס פאָרטגעזעצט, —

האט מיך געצויגען צום ים. מיין פאטער איז געווען א וועבער אין גענאא, אין איטאליען, און גאנץ אפט פלעגט איהם אויסקומען צו מאכען קורצע רייזעס אויף קליינע שיפלעך פון איין שטאדט צו א צווייטער, וואו ער פלעגט איינקויפען וואל. אויף איינער פון אזא רייזע האט מיר מיין פאטער מיטגענומען. זינט דאן האב איך ניט אויפגעהערט צו טרוימען וועגען מאכען ווייטע רייזעס אויפ'ן ים... און ווען איך בין אלט געווארען פופצעהן יאהר האב איך זיך בעקאנט מיט אייניגע פישער־לייט און האב אנגעהויבען צו ארבייטען אויף זייער שיף... אבער אזוי ווי זיי פלעגען ווייט אין ים ניט פאררייזען, האט עס מיר ניט צופרידענגעשטעלט און איך האב געזוכט צו קריגען באשעפטיגונג אויף א שיף וואס מאכט לאנגע רייזעס אויף דעם ים... איך האב פארלאזען איטאליען און אזוי געוואנדערט ביז וואנען איך האב זיך דערשלאגען צו האלאנד. דארטען האב איך באלד געקראגען א געלעגענהייט צו קריגען באשעפטיגונג אויף א גרויסע שיף... דער קאפיטאן האט באלד דערזעהן אין מיר גרויסע פעהיגקייטען... איך פלעג קענען פאראויסזעהן שטורמען און ווינטען און ער האט מיר באשטימט איך זאל האבען צו טהאן איבער די זעגלען פון שיף... אזוי האבען מיר געמאכט רייזעס נאך ענגלאנד, נאך פראנקרייך, שפאניען ביז פארטוגאל. איך האב אבער קיינמאל קיין געלעגענהייט ניט געקראגען ארונטערצוגעהן פון שיף, ווייל אזוי שנעל ווי די שיף פלעגט זיך אפשטעלען אין א האפען, פלעגען מיר די בעאמטע פון שיף איבערגעבען די ארבייט צו פארריכטען די זעגלען וואס פלעגען פון די ווינטען צוריסען ווערען, און איידער איך פלעג פארטיג ווערען, פלעגט שוין די שיף זיין גרייט אפצורייזען פון האפען. אזוי האב איך אויף יענער שיף פארבראכט ארום צוויי יאהר צייט. דורך דער גאנצער צייט האב איך שטודירט די פארשידענע ענדערונגען אין די ווינטען און שטורמען פון ים. מיר האט די געהיימניסע פון ים נאך מעהר געצויגען. דורך א צופאל איז אין מיינע הענד אריינגעפאלען אייניגע לאנד־קארטעס און צייכנונגען פון דער ערד און די ים'ן... איך האב זיי פלייסיג שטודירט און ווידער גענומען טרוימען צו מאכען נאך ווייטערע רייזעס אין דעם געהיימניספאלען ים... ענדליך איז מיין טרוים פארווירקליכט געווארען, און דאס איז געקומען דורך אן אומגליק.

דאקטאר יוסף וויזינא און פעליפא מאניז זיינען שטארק פאראינטערעסירט געווארען אין זיין ערצעהלונג און זיך צוגערוקט עטוואס נעהנטער צו איהם.

"דאס איז געווען אין א ווינטערדיגען מאנאט. — האט קאלאמבוס נאך א קליינע פויזע פארטגעזעצט, — מיט א טאג צוריק האבען מיר פארלאזען א האפען פון האלאנד. פלוצלינג האט אויפ'ן ים אויסגעבראכען א שרעקליכער שטורם. דער קאפיטאן האט געוואלט פאראנקערען די שיף, אבער ער האט געזעהן אז דאס איז אונמעגליך, ווייל די גרויסע שרעקליכע כוואליעס וואלטען די שיף זיכער צושמעטערט ווען זי בלייבט שטעהן אויף איין ארט... דער ווינט האט צוריסען די זעגלען און גענומען פארטראגען אונזער שיף נאך צפון. אייניגע טעג האט זיך אונזער שיף געוויגט און געווארען אויף די ברויזענדע כוואליעס פון דעם שטורמישען ים. קיינער פון אונז האט קיין אהנונג ניט געהאט וואו מיר געפינען זיך...

"ווען דער שטורם האט זיך איינגעשטילט און עס איז געווען מעגליך ארויסצוגעהן אויפ'ן דעק, האבען מיר ערשט איינגעזעהן אז מיר זיינען גאנץ ווייט

פון א האפען. און דער קאפיטאן אליין האט ניט געוואוסט אין וועלכער ריכטונג זיך צו קעהרען... מיד און נאך אייניגע מאטראזען האט דער קאפיטאן באשטימט צו פארריכטען די זעגעל. מיר האבען ארויפגעקלעטערט אויף דעם הויכען שטאנג און גענומען טהאן אונזער ארבייט. פלוצלינג האב איך באמערקט א צווייטע שיף וואס איז געווען גאנץ ווייט פון אונז. איך האב גלייך ארונטערגענידערט און איבערגעגעבען דעם קאפיטאן וועגען דעם. ער האט אנגעשטרענגט זיינע אויגען און באלד אויך די שיף דערזעהן. אבער אנשטאט צו ווערען מונטערער און פרעהליכער האב איך באמערקט ווי א טרויער האט זיך צוגאסען איבער זיין פנים. איך האב איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג. און כדי איהם צו דערמונטערען, האב איך מיט בעגייסטערונג אויסגערופען: יעצט וועלען מיר וויסען וואו מיר געפינען זיך! דער קאפיטאן פון יענער שיף וועט אונז אנצייגען די ריכטונג צו אונזער האפען.

— דו ביזט נאך יונג און אונערפאהרען, מיין יונג, — האט דער קאפיטאן ביטער א שמייכעל געטהאן, — דו ווייסט ניט אז אויסער די געפאהרען וואס ים־רייזענדע האבען אויסצושטעהן פון די קאפריזען פון ים, לויערט אויך אויף די שיפען א גרויס געפאהר פון ים־רויבער. מיר געפינען זיך יעצט אין נארדליכען זייט פון ים וואו עס זיינען פאראן פיעלע פיראטען פון די סקאנדינאווישע אינזלען. און ווי עס ווייזט אויס, האבען זיי אונז דערזעהן און קומען אן אין אונזער ריכטונג.

"ווען די אנדערע מאטראזען האבען דאס דערהערט, איז צווישען זיי אויסגעבראכען א יאמער און א געוויין.

— מיר זיינען פארלארען! מיר זיינען פארלארען! — האבען זיי געשריען.

— לאמיר זיך אומקעהרען אין דער אנדער ריכטונג, — האב איך פארגעשלאגען דעם קאפיטאן.

— ניין, דאמיט וועלען מיר ערגער מאכען, — האט דער קאפיטאן געענטפערט, — ווען מיר וועלען זיי צייגען אז מיר מאכען א פארזוך צו אנטלויפען וועלען זיי זינקען אונזער שיף. זיי וועלען אונז זיכער אניאגען און דאן אונטערצינדען אונזער שיף און נאכהער זי זינקען.

די מהומה און שרעק צווישען די מאטראזען איז נאך גרעסער געווארען. איך בין געווען דער איינציגער וועלכער האט זיך ניט פארלארען. מעגליך אז צוליעב דעם וואס איך האב ווירקליך ניט פארשטאנען די גרויסע סכנה אין וועלכע מיר אלע געפינען זיך, און מעגליך צוליעב מיין גרויסען פארלאנג נאך אוואנטיורען... איך בין געבליבען שטעהן רוהיג און געלאסען...

באלד האט זיך דערהערט געשרייען פון דער צווייטער שיף מיר זאלען זיך אפשטעלען. דער קאפיטאן האט געהייסען די שיף פאראנקערען, און די צווייטע שיף איז צוגעקומען גאנץ נאהענט צו אונזערע.

דער קאפיטאן איז געבליבען שטעהן טויט־בלאס. ביי יעדען פון די מאטראזען האט געציטערט הענט און פיס. יעצט איז שוין ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט געווען אז מיר זיינען ארייגעפאלען צו ים־רויבער. וועלכע זיינען געווען באוואפענט מיט בלויזע שווערדען און פאקעלען פייער. כמעט אלע מאטראזען זיינען געפאלען צום באדען פון שרעק. איך בין געבליבען שטעהן באוועגלאז

אויף מיין פּלאַץ... איך האָב באַמערקט די גרויסע רויבער־שיף פון וואַנען עס האָבען זיך א לאַז געטהאָן זעהר פיעל פּיראַטען מיט שפּיזען און שווערדען... צו קיין קאַמפּף איז אָבער ניט געקומען, ווייל דער קאַפּיטאַן האָט זיך גלייך אונטערגעגעבען אָהן דעם מינדעסטען ווידערשטאַנד.

דער רויבער־קאַפּיטאַן האָט גלייך פאַרלאַנגט מען זאָל איהם אָפּגעבען די גאָלד און די סחורה וואָס מיר פיהרען, און ער האָט געסטראַשעט אז אויב מיר וועלען עפּעס פון איהם פאַרבאַרגען, וועט ער אונזער שיף אונטערצינדען. אונזער קאַפּיטאַן האָט איהם אַלעס אָפּגעגעבען... יעדער איינער פון די מאַטראָזען האָט אויסגעליידיגט די קעשענעס און אריינגעוואָרפען אַלעס וואָס זיי האָבען געהאַט אין א גרויסען זאַק וואָס די רויבער האָבען געהאַלטען. נאָכדעם ווי זיי זיינען פאַרטיג געוואָרען מיט דעם רויב, האָט זיך דער רויבער־קאַפּיטאַן אָנגערופען צו אונז אַלעמען:

— עס איז אייער גליק וואָס מיר דאַרפען פאַרטזעצען אונזער רייזע און קענען זיך ניט אומקעהרען אזוי שנעל צו אונזער האַפען, אז ניט וואָלטען מיר אייך אַלעמען גענומען אין געפאַנגענשאַפט צוזאַמען מיט אייער שיף. מיר קענען זיך שטענדיג בענוצען מיט שקלאַפען... נאָר ווייל איהר האָט זיך גלייך אונטער־געגעבען און קיין ווידערשטאַנד ניט ארויסגעוויזען, וועלען מיר אייך לאָזען רייזען ווייטער, אָבער איידער מיר געהען אוועק וועלען מיר אויסקלייבען אייניגע געזונטע יונגען וועלכע וועלען אונז דאַרפען ארויסהעלפען אויף אונזער רייזע... די פעהיגע וועלען מיט אונז פאַרבלייבען, און די וועלכע זיינען ניט פעהיג, וועלען מיר שטענדיג קענען פאַרקויפען אַלס שקלאַפען.

דער רויבער קאַפּיטאַן האָט אונז אַלעמען באַפוילען זיך אויסצושטעלען גלייך און ער האָט אויסגעקליבען צעהן יונגע מאַטראָזען. איך בין געווען איינער פון די צעהן. מען האָט אונז גלייך אריבערגעפיהרט אויף דער צווייטער שיף און דאָרטען האָט מען אונז ארונטערגעפיהרט נעבען די רודערס. מען האָט יעדען פון אונז געזעצט נעבען א רודער און צוגעשמידט די לינקע פוס צום פּלאַץ. אין א ווייל ארום האָט זיך די רויבער שיף געריהרט פון אָרט און גענומען שווימען ווייטער. איינער פון די פּיראַטען איז געשטאַנען מיט א בייטש און איז געווען גרייט מכבד צו זיין יעדען איינעם פון אונז, וועלכער וועט פאַרנאַכלעסיגען זיין אַרבייט. אזוי האָבען מיר געאַרבייט א לאַנגע צייט מיט אונזערע לעצטע כחות. שפּעט ביינאַכט האָט מען ארונטערגעפיהרט אַנ־דערע געפאַנגענע צו פאַרנעהמען אונזערע פּלעצער און אונז האָט מען ארייג־געשליידערט אין אין ענגע קאַיוטע. מען האָט אונז געגעבען עטוואָס שפּייז און מען האָט די טיהר פאַרשלאָסען. דאָרטען האָבען מיר דאָס געדאַרפט קריגען אונזער אָפּרוה.

מיר זיינען געווען זעהר מיעד, צושראָקען און פאַרהונגערט. אָבער אָנ־שטאָט זיך גלייך צו כאַפּען צום עסען, האָבען מיר אַלע מיט אַמאָל אויסגע־בראָכען אין א יאָמערליכען געוויין... לאַנג האָבען מיר אזוי געוויינט ביז וואַנען מיר זיינען אַנטשלאָפען געוואָרען אויף דעם באָדען פון דער קאַיוטע.

אין דער פריה האָט מען אונז געהייסען זיך ווידער נעהמען צו דער אַר־בייט. מען האָט אונז נאָך אַמאָל געשמידט אין קייטען און געהיט אז יעדער

זאָל טהאָן זיין ארבייט מיט פלייסיגקייט. אזוי זיינען טעג פאַרלאָפען, ביז וואנען מיר האָבען זיך גענומען צוגעוואוינען צו אונזער גורל...

מיר האָבען דורכגעמאַכט אייניגע שטורמים... א זעגעל איז צוריסען געוואָרען און דער קאַפּיטאַן איז ארונטער צו אונז. ער האָט געפרעגט, ווער פון אונז עס האָט ערפאַהרונג אין פאַרריכטען א זעגעל. איך האָב זיך אָפּגערופען און ער האָט מיך געהייסען באַפרייען פון די קייטען.

דער רויבער קאַפּיטאַן האָט באמערקט, ווי פלינק איך קלעטער אויף די שטאַנגען און ווי גענייט איך בין אין פאַרנייהען די זעגלען, האָט ער מיך אין גאַנצען באַפרייט פון רודער און באשטימט אכטונג צו געבען אויף די זעגלען. איך בין געווען זעהר צופרידען פון דעם. יעצט וועל איך קענען אָנקוקען דעם ים מיט זיינע ברויזענדע כוואַליעס. איך וועל האָבען אַ אהנונג וואוהין מיר געהען. ווייל זייענדיג צוגעשמידט צום רודער האָב איך גאַרניט געוואוסט וואָס עס טהוט זיך... דער קאַפּיטאַן האָט גלייך אנערקענט מיינע פעהיגקייטען און מיר געגעבען אנדערע וויכטיגע ארבייט אויף דער שיף. אזוי זיינען פאַרלאָפען אייניגע וואָכען און מיר זיינען געשוואומען אלץ ווייטער און ווייטער.

ווי אזוי אָבער האָסטו זיך פון זיי באַפרייט? — האָט פעליפּא מאָניז איהם אונטערבראָכען, זייענדיג זעהר אומגעדולדיג צו הערען וואָס ווייטער איז געשעהן.

דאָקטאָר וויזינא איז אויך געווען אזוי פאַראינטערעסירט אין קאַלאַמבוס'עס דערצעהלען, אז ער האָט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג נאָכגעפאָלגט יעדעם וואָרט וואָס איז ארויסגעקומען פון קאַלאַמבוס'עס מויל.

"גאַנץ אָפט האָבען מיר זיך אָנגעשטויסען אָן אייז־בערג, און איך וואונדער זיך נאָך יעצט ווי אזוי אונזער שיף איז ניט צושמעטערט געוואָרען — האָט קאַלאַמבוס ווייטער דערצעהלט. — ביז ענדליך האָבען מיר זיך דערנעהענטערט צו א ברעג. איך בין געווען אזוי נייגיעריג צו וויסען וואו מיר געפינען זיך, אז איך האָב געוואגט און צוגעגאנגען צום קאַפּיטאַן און איהם געפרעגט. ער איז אויף מיר שטאַרק אין כעס געוואָרען פאַר מיין חוצפּה און מיך באשטראָפט מיט דעם אז איך זאָל קיין מעגליכקייט ניט האָבען ארויסצוקומען אויפ'ן דעק די גאַנצע צייט וואָס די שיף איז געשטאַנען. מיין נייגיעריגקייט איז אָבער געוואַקסען מיט יעדער רגע און איך האָב געמאַכט אייניגע פאַרזוכען ארויפצוקומען אויפ'ן דעק. מען האָט עס דערצעהלט דעם קאַפּיטאַן און ער האָט באַפוילען, מען זאָל מיך צושמידען צום רודער. די שיף איז אזוי געשטאַנען עטליכע טעג און נאָכהער הער איך א באַפעהל, אז מען זאָל זיין גרייט זיך אומצוקעהרען. ערשט יעצט האָב איך זיך ארומגעזעהן אין וואָס פאַר א שרעקליכע לאַגע איך געפין זיך. מיין גרוים פאַרלאַנג צו זעהן דאָס לאַנד נעבען וועלכער אונזער שיף האָט זיך אָפּגעשטעלט איז ניט ערפילט געוואָרען. איך האָב בולט'ער אָנגעהויבען פיהלען מיין פאַרשקלאָפטקייט... נאָך אזא לאַנגע, שטורמישע רייזע האָב איך אפילו קיין געלעגענהייט ניט געהאַט צו זעהן ביז וואנען אונזער שיף איז צוגעשוואומען. און אַט רייזען מיר שוין צוריק... אונזער שיף קומט וואָס ווייטער טיעפער אין ים... מיין צאָרן האָט געברענט אויף דעם קאַפּיטאַן, און אויף די וועלכע האָבען מיך פאַר איהם פאַר'מסר'ט.

אָבער איך האָב געמוזט זיין זעהר פאָרזיכטיג ניט ארויסצוציייגען מיין צאָרן.

אין איינִיגע טעג נאָכדעם ווי מיר האָבען זיך אומגעקעהרט איז דער קאַפּיטאַן ארונטער צו דעם פּלאַץ וואו מיר זיינען געזעסען ביי די רודערס. ער איז צוגעגאַנגען צו יעדען איינעם פוּ' אונז און באטראכט ווי מיר ארבייטען. ווען ער האָט מיך דערזעהען האָט ער זיך אָפּגערופען: פאַר דעם וואָס דו האָסט געוואָלט עובר געווען אויף מיין באַפעהל האָב איך דיך באדארפט באַשטראָפען און דיך אריינשליידערען אין ים, אלס שפּייז פאר די פיש.

איך האָב קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט. איך האָב מיין ארבייט פליי־סיג געטהאָן. פּלוצלונג דערהער איך זיין דונערנדע שטימע, באַפעהלענדיג דעם אויפזעהער, וועלכער איז געשטאַנען גרייט מיט זיין בייטש — נעהם ארונטער פון איהם די קייטען ! — האָט ער געזאָגט.

יענער האָט מיך גלייך באפרייט פון די קייטען. איך בין געשטאַנען מיט מיינע אויגען געריכטעט צום באָדען. איך האָב מורא געהאט אויפצוהויבען מיינע אויגען און א קוק צו טהאָן אויף דעם בייזען קאַפּיטאַן.

— פיהר איהם ארויף אויבען און שליידער איהם אריין אין ים ! — האָט ער אויסגערופען מיט צאָרן.

א טויט שרעק איז מיר בעפאלען... מיר האָט אָנגעהויבען צו טרייסלען הענט און פיס... איך האָב געוואָלט פאלען צו זיינע פיס און אָנפאַנגען זיך בע־טען ער זאָל אויף מיר רחמנות האָבען... אָבער איך האָב געוואוסט אז דערמיט וועל איך ערגער מאכען... דער גרויזאַמער קאַפּיטאַן, האָט ניט ליעב אז מען בעט ביי איהם רחמנות... איך האָב באַמערקט ווי א פייער צופלאַקערט זיך אין זיינע אויגען, ווי א חיה'שע תאוה צושפּילט זיך אויף זיין פנים...

זיין געהילף האָט מיר גענומען ארויפפיהרען אויפ'ן דעק. איך האָב קיין ווידערשטאַנד ניט ארויסגעציינט... איך האָב דעם טויט גלייכגילטיג געקוקט אין די אויגען... יענער פיהרט מיך. דער קאַפּיטאַן געהט אונז נאָך פון הינטען און זיין שטאַרקער הילכיגער געלעכטער האָט געשניטען מיין הארצען... איך האָב שוין, הורך דער צייט וואָס איך האָב זיך אויף זיין שיף געפונען, בייגעוואָהנט יוי אזוי ער האָט בעשטראָפט איינעם פון זיינע געפאַנגענע... מיט דעם זעלבען געלעכטער האָט ער אויך יענע באַגלייט, מען האָט אלע געפאַנגענע ארויסגערו־פען אויף דעם דעק צו זעהן ווי דער קאַפּיטאַ, באַשטראָפט דעם, וועלכער האָט זיך פאַרזינדיגט געגען איהם... ווען איך דערמאָהן זיך יעצט די געוויינען געשרייען און געבעטען פון יענעם געפאַנגענעם, געהט א שוידער דורך מיין לייב... דער גרויזאַמער קאַפּיטאַן האָט נאָך הילכיגער געלאכט. ער האָט א וואונק געטהאָן צו זיין געהילף וועלכער איז געווען ברייט, הויך און זעהר שטאַרק, און ער האָט איהם א הויב געטהאָן און אריינגעשליידערט אין ים... דעריבער ווען דער קאַפּיטאַן האָט איהם געהייסען מיך אריינשליידערען, האָב איך מיין מויל ניט געעפענט און בין אליין צוגעגאַנגען צו איהם. אלע וועלכע האָבען דאָס צוגעזעהן האָבען געשטוינט... דער קאַפּיטאַן איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט. זיין געהילף האָט מיך א הויב געטהאָן און געהאַלטען גרייט אריינצושליידערען.

— אויב דו קענסט גוט שווימען וועסטו דיין לעבען ראטעווען ! — האָט דער קאַפּיטאַן צו מיר זיך אָפּגערופען לאַכענדיג און אויב ניט זאָלען די פיש

פון דיר הנאה האָבען. באַלד האָב איך דערהערט דעם קאַפּיטאַנס לעצטען בעפעהל:

— שליידער איהם אין ים!

אין אן אויגענבליק בין איך שוין געווען אין ים... די כוואַליעס האָבען זיך געהויבען. איך האָב מיט מיין גאַנצען כוח גענומען שווימען... באַלד האָב איך בעמערקט ווי מען האָט אַרונטערגעלאָזען א שטריק... זעהר שנעל בין איך צוגעשוואומען צום שטריק... א ווײַלע האָט זיך דער קאַפּיטאַן מיט מיר גערייצט... ווען איך בין שוין צוגעשוואומען ביז צום שטריק, האָט ער זי אַרויפגעהויבען עטוואָס העכער אז איך זאָל זי ניט דערגרייכען... נאָר ענדליך האָט ער די שטריק אַרונטערגעלאָזען צו מיר און איך האָב זיך מיט מיינע לעצטע כוחות אָנגעהאַלטען אָן שטריק און מען האָט מיר צוריק אַרויפגעצויגען אויפ'ן שיף... דעם קאַפּיטאַנ'ס געלעכטער האָט נאָך אַלץ געקלונגען אין מיינע אויערען... מען האָט מיך אַריינגעפיהרט אין א קאַיוטע און דאָרטען מיך איבערגעלאָזען. אויף דעם צווייטען טאָג האָט מיך דער קאַפּיטאַן ווידער בעשטימט אכטונג צו געבען אויף דעם זעגעל. מיין צאָרן און שנאה צו איהם איז געווען אזוי גרויס אז איך האָב ביי זיך געשוואָרען זיך נוקם צו זיין אין איהם. אָבער דער אַלמעכטיגער גאָט האָט זיך שפּעטער אין איהם נוקם געווען פאַר מיר... מעהר ווי א יאָהר בין איך געווען אויף דער רויבער שיף. מיר האָבען גערייזט נאָך מערב ביז וואַנען מיר פלעגען דערגרייכען לאַנד... און כאָטש איך בין ניט געווען ערלויבט אַרונטערצוגעהן פון שיף, האָב איך אָבער אויסגעפונען אז דער קאַפּיטאַן האָט געטהאָן גרויסע מסחרים מיט די איינוואָהנער פון יענע לענדער און עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אז דאָס האָבען מיר דערגרייכט דעם נאָרדליכען טייל פון אינדיע.

— דאָס איז אוממעגליך — האָט דר. וויזינא זיך אָפּגערופען — אָט וועל איך דיר באַלד איבערצייגען.

— אה, איך בעט דיר קריסטאָפער, ענדיג דערצעהלען ווי אזוי דו ביזט ענדליך בעפרייט געוואָרען פון די ים רויבער און נאָכהער וועט איהר ביידע פערהאַנדלען וועגען יענעם לאַנד.

— דאַנא פעליפּא איז גערעכט! — האָט וויזינא צוגעגעבען מיט א שמייכעל — דיין ערצעהלונג האָט מיר אויך זעהר פעראינטערעסירט און איך בין זעהר נייגעריג צו הערע, וואָס עס איז מיט דיר ווייטער געשעהן.

— ווען אונזער שיף האָט זיך איינמאָל דערנעהנטערט צו די ברעגעס פון סקאַנדינאַוויע איז אונז אַנטקעגען געקומען א צווייטע שיף, אויך פון ים רויבער און, ווי עס ווייזט אויס זיינען די ביידע קאַפּיטאַנען געווען שונאים צווישען זיך. די שיף האָט זיך אַלץ דערנעהנטערט. אונזער קאַפּיטאַן האָט געגעבען א בעפעהל אז אַלע זאָלען זיין גרייט צום קאַמף. באַלד האָט זיך א שרעקליכער קאַמף צופלאַקערט. אונזער קאַפּיטאַן האָט גלייך געזעהן אז זיין שונא איז פיעל מעכטיגער פאַר איהם, האָט ער געהייבען איבערדרעהען די זעגעל און פאַרקערעווען די שיף צום האַפען. די צווייטע שיף האָט אָבער אונז נאָכגעפאָלגט, און גענומען אַרויפשליידערן פאַקעלען מיט פייער אויף אונזער שיף... די מאַטראָזען זיינען געשטאַנען אָנגעגרייט מיט עמער וואַסער און האָבען אויסגעלאָשען דעם פייער. איין פאַקעל אָבער איז געפאַלען אויף דעם זעגעל און דאָס פייער האָט זיך בליץ שנעל פערשפּרייט... מיר האָבען אַלע געזעהען אז מיר זיינען

פארלאָרען... די שיף האָט אָנגעהויבען ברענען. איך האָב שנעל ארויפגעקלעטערט אויף דעם הויכען דיקען שטאנג כדי אָפּצוזיינדערען די זעגלען, אָבער דאָ האָט דאָס פייער איבערגעברענט דעם שטאנג און איך בין מיט דעם שטאנג אריינגעפאלען אין וואסער. איך האָב זיך אָנגעהאלטען אָן שטאנג וואָס האָט געשוואומען. איך האָב באמערקט ווי אונזער גאנצע שיף איז איינגעהילט אין פייער און אין א קורצע ווייל ארום איז זי געזונקען צוזאמען מיט דעם קאפּיטאן און די איבעריגע ים רויבער... איך האָב זיך אָנגעהאלטען אין שטאנג א גאנץ היבשע צייט ביז וואנען איך בין צוגעשוואומען נית ווייט פון




אברהם זאקוטא'ס מאפּע אין העברעאיש, וואָס וויזינא האָט געגעבען צו קריסטאָפאָר קאָלאָמבוס

האפען. דאָרט האָבען מיר פישער לייטע בעמערקט און מיר גערעדעט... עטליכע מאָנאַטען האָב איך פערבראַכט מיט די פישער. דערנאָך האָב איך זיך דערשלאָגען צו א שיף וואָס פלעגט מאַכען רייזעס נאָך פראַנקרייך, שפּאַניען און פּאָרטוגאַל. און נאָכדעם ווי איך האָב עטליכע יאָהר אַרומגעדרייט אויף דיזער שיף אַלס א מאַטראָז, האָב איך בעשלאָסען זיך באַזעצען אין ליסאַבאָן... מיינע געדאַנקען זיינען פערנומען געוואָרען מיט דעם פּלאַן ווי אַזוי צו געפינען א גלייכע, דירעקטע וועג נאָך אינדיע, און דיזער פּלאַן איז ביי מיר פערשטאַרקט געוואָרען זינט איך בין גענומען געוואָרען אַלס א געפאַנגענער ביי די ים רויבער... זייערע לאַנגע רייזעס נאָך מערב האָט מיר איבערצייגט אַז דאָרט געפינט זיך א לאַנד און דאָס איז געוויס אינדיע. זייענדיג אויף דער שיף האָב איך געהאַט א גרויסע געלעגענהייט צו שטודירען דעם ים אין פערשיעדענע ריכטונגען, און איך בין געגרייט זיך אונטערצונעמען אַזא רייזע, אויב דער קעניג וועט איינוויליגען צו אַלע מיינע באַדינגונגען די ערשטע ענטדעקונג וואָס איך וועל מאַכען וועט זיין פערשריבען אויף דעם חשבון פון דעם קעניג פון פּאָרטוגאַל.

דאָקטאָר וויזינא האָט אַרויסגענומען פון זיין קעשענע א פּאַפּיער און עס פאַנאַנדערגעוויקעלט און ציינענדיג קאָלאָמבוס'ן, האָט ער זיך אָפּגערופען:

— דאָס איז די לעצטע וועלט קאַרטע וואָס דער פּראָפעסאָר פון סאַלאַמאַנקאַ, אברהם זאַקוטאָ האָט געצייכענט. זי איז געשריבען אין העברעאיש. ווען איך בין ביי איהם געווען, נאָכדעם ווי איך האָב איבערזעצט זיין בוך פון העברעאיש און לאַטיין און אין שפּאַניען, האָט ער מיר געגעבען דיזע צייכענונג. איך האָב עס זעהר גוט שטודירט און וואָס מעהר איך האָב זי שטודירט, אַלץ מעהר בין איך געקומען צו דער איבערצייגונג אַז זיין בעגריפען וועגען דער רונדקייט און מאָס פון אונזער ערד קוגעל איז ריכטיג.

— און טאַקי אויף דעם באַזיר איז דאָך מיין פּלאַן — האָבען קאָלאָמבוס'עס אויגען גענומען אויפשטראַהלען — ווי באַלד אַז די רונדקייט פון דער וועלט איז פעסטגעשטעלט געוואָרען — דאַן איז דאָך זעלבסטפערשטענדליך אַז ווען מען זאָל רייזען נאָך מערב וועט מען קענען צוקומען צוריק צו די מזרח לענדער.

— יע, מיט דעם שטים איך אויך איין מיט דיר, מיין פריינד — האָט וויזינא זיך אָפּגערופען — אָבער ווי עס ווייזט אויס האָסטו קיין אכט ניט געלעגט צו דעם מאַטעמאַטישען חשבון... מיין לעהרער זאַקוטאָ איז אָבער א גרויסער מאַטעמאַטיקער און איך האָב אויך פון איהם א סך געלערנט חשבון און געאָמעטריע (דאָס מעסטען פון לאַנד). איך יעצט קוק זיך גוט צו דיזער צייכענונג.

וויזינא האָט קאָלאָמבוסען ערקלערט די בעדייטונג פון יעדען העברעאישען וואָרט און ער האָט פאַר איהם גענומען אויס'חשבון'ען דעם שטח פון דעם ערד קוגעל.

— יעצט זעהסטו אפילו ווען עס זאָל מעגליך זיין צו געפינען א דירעקטען וועג נאָך אינדיע וואו מען זאָל קענען דערגרייכען יענע לאַנד דורך מערב זייט, וועט אויך זיין אוממעגליך צו שטעלען זיך אין קאָמערציעלע פערבינדונגען מיט זיי ווייל עס וועט זיין דריי מאָל אַזוי ווייט ווי דער יעצטיגער געוועהנליכער וועג נאָך אינדיע. די רייזע וועט זיין זעהר געפעהרליך און עס וועט זיך ניט לויענען

עס אונטערצונעמען פאַר פּראַקטישע צוועקען.

— אָבער מיט דער ריבער שיף האָט די רייזע געדויערט בלויז געצעהלטע וואָכען — האָט קאַלאַמבוס געזאָגט.

— דאַן האָט די שיף זיכער ניט דערגרייכט אינדיע — האָט וויזינא איהם געענטפערט — מעגליך אַז איהר זייט צוגעקומען ביז די ברעגעס פון איסלאַנדיע אָדער אַן אנדער אינזעל וואָס געפינט זיך אין די צפון געגענדען פון דעם גרויסען ים...

קאַלאַמבוס האָט טרויעריג אַרונטערגעלאָזען זיין קאָפּ. פעליפּא מאַניז האָט בעמערקט זיין גרויסע ענטוישונג און טרייער וואָס האָט איהם אַרומגענומען און אַ שטאַרקער רחמנות האָט זיך אין איהר האַרצען ערוועקט צו דעם אָרימען עלענדען וואַנדערער און טרוימער... זי האָט געוואָלט בעטען וויזינא'ן אַז ער זאָל זיך איבערלעגען פּיליכט וועט ער קומען צים בעשלום אַז קריסטאָפער קאַלאַמבוס איז גערעכט. אָבער איהר איז איינגאַנצען שווער געווען צו בעגרייפען די אַלע חשבונות. זי האָט געקוקט אויף אברהם זאַקוטאַ'ס צייכנונגען און ניט פערשטאַנען וואָס זיי מיינען... זי האָט זיך דעריבער אָפּגעהאַלטען פון אַרויסצוזאָגען אַ מיינונג. זי האָט בלויז געוועגדעט איהרע בעטענדע בליקען אויף וויזינא'ן, וועמען עס האָט שיין שטאַרק פערדראָסען וואָס ער האָט אַזוי ענטוישט קאַלאַמבוס'ען און דאַנא פעליפּא מאַניז.

— יעדענפאַלס דאָס איז נאָך ניט מיין ענדגילטיגער בעשלוס — האָט וויזינא זיך געוועגדעט צו קאַלאַמבוס'ן — איך וועל נאָך אַ סך שטודירען וועגען דעם. און עס איז אויך מעגליך אַז די איבעריגע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע וועלען זיין איינשטימיג מיט דיר. איך פעריזיכער דיר, אַז אויב איז מיין מוח וועט זיין דער מינדסטער צווייפעל וועגען דיין פּלאַן וועל איך ריידען צום גונסטען וועגען דעם צום קעניג... איין זאַך זעה איך אַז דו האָסט געהאַט געגוג ערפאַהרונג אויפ'ן ים און אויב עס וועט בעשלאָסען ווערען אונטערצונעמען אַזאַ רייזע ביזט דו דער איינציגער וועמען מען וועט קענען אַנפערטרויען די שיפען...

קאַלאַמבוס האָט בעדאַנקט וויזינא'ן פאַר זיין ערמוטהיגונג. ער האָט פון איהם געבעטען ער זאָל איהם איבערלאָזען אברהם זאַקוטאַ'ס לאַנד קאַרטע ווייל ער וויל זי דורכשטודירען.

— איך וועל עס טהאָן מיט פערגעניגען — האָט דאָקטאָר וויזינא געזאָגט — אָבער דו האָסט פערגעסען אַז די פערשיעדענע נעמען זיינען געשריבען געוואָרען אין העברעאיש.

— אין העברעאיש — האָט קאַלאַמבוס אויסגערופען — איך וועל זיך מוזען אויסלערנען דיזע שפּראַך — איך האָב פון אימער צו געהאַט אַ גרויס פערלאַנג צו לעזען די ביבעל אין אָריגינאַל... איך טוה זיך אַ נדר אויסצולערנען העברעאיש. איך האָף אָבער אַז איך וועל דיזע צייכענונג קענען פערשטעהן, ווייל דו האָסט מיר שוין פריהער ערקלעהרט.

דאָקטאָר וויזינא האָט איבערגעגעבען קאַלאַמבוס'ען די מאַפּע פון אברהם זאַקוטאַ'ן און איז צוריקגעגאַנגען צום פּאַלאַץ.

— איך בין זיכער, קריסטאָפאָר, אַז וויזינא וועט איבערגעבען אַ גינסטיגע מיינונג צו דעם קעניג וועגען דיין פּלאַן — האָט פעליפּא מאַניז געזאָגט — אַ חוץ זיין גרויסע קענטעניס אין בילדונג, צייכענט זיך דיזער דאָקטאָר אויס מיט

זיין עהרליכקייט און געטרייהייט צום קעניג... אָבער איך בין זיכער אז ווען ער וועט זיך איבערלעגען און נעמען אין בעטראכט אלע דיינע בעווייזע און בפרט נאָכדעם ווי ער האָט געהערט וועגען דיין ערפאהרונג אויף דער רויבער שיף, וועט ער דיר געבען גערעכט און וועט בעאיינפלוסען דעם קעניג ער זאָל אננעמען דיין אָנבאָט.

— אויב איך וועל ווען עס איז האָבען אן ערפאָלג וועל איך האָבען בלויז דיר צו פערדאנקען — האָט קאָלאָמבוס אָנגענומען איהר צארטע האנט — דו האָסט אזוי פיעל געטהאָן פאר מיר. דיינע רייד גיבען מיר מוטה און האָפנונג...

— דו מוזט זיין ערפאָלגרייך! — האָבען זיך טרערען באוויזען אין פע־ליפּא'ס אויגען — דו ביזט אזוי בראוו און פורכטלאָז... יע, אלע דיינע אונטער־נעמונגען וועלען געבענשט ווערען מיט ערפאָלג.

אה, טייערע פעליפּא! — האָט קאָלאָמבוס אויסגערופען — אפילו ווען פון אלע מיינע פלענער זאָלען גאָרניט ווערען וועל איך זיך אויך שעצען גליק־ליך וואָס גאָט האָט מיך אהער געבראכט, וואו איך האָב דיך צום ערשטען מאָל דערזעהן! איין בליק פון דיינע וואונדערשעהנע אויגען מאכען מיר גליקליך. דיינע מילדע זיסע רייד זיינען ווי א באלזאם צו מיין נשמה...

— יע, קריסטאָפאָר — האָט פעליפּא זיך אָפּגערופען — דו האָסט אויך א גרויסע ענדערונג אין מיין לעבען אריינגעבראכט... איך האָב אויך א סך דורכ־געמאכט... מיין פאָטער איז געוועזען א גרויסער השוב ביי דעם פריהערדיגען קעניג. ער איז געוועזען גובערנאטאָר איבער אן אינזעל, אָבער שונאים האָבען איהם שלעכטעס געטהאָן. ער האָט פערלאָרען זיין אמט און מיר זיינען פער־אָרימט געוואָרען. מיין מוטער איז געשטאָרבען פון גרויס וועהטאָג, און מיין פאָטער איז דערפון קראנק געוואָרען... מיר געפינען זיך ביי מיין פאָטער'ס ברודער... איך אליין בין געוועזען שטארק פערביטערט און פערצווייפעלט ביז וואנען איך האָב דיך דערזעהן.

קאָלאָמבוס האָט זי ארומגענומען און זייער ליעבע איז פערזיגעלט געוואָ־רען מיט דעם ערשטען קוש...

ווען פעליפּא האָט איהר פאָטער דערצעהלט אז קאָלאָמבוס האָט געבעטען איהר האנט, האָבען זיך טרערען פון פרייד בעוויזען אין זיינע אויגען.

— אה, געלויבט איז גאָט וואָס איך וועל זוכה זיין צו זעהן דיך גליקליך, מיין ליעבע טאָכטער איידער איך מאך צו מיינע אויגען!

— אה, פאָטער, פארוואָס זאָלסטו אזוי רײדען — איז פעליפּא איהם אויפ'ן האלז געפאלען און געגומען קושען — דער דאָקטאָר וויזינא האָט דאך געזאָגט אז דו וועסט געזונט ווערען און זיך פיהלען גאנץ שטארק.

— איך פיהל אָבער, מיין ליעבע טאָכטער אז מיינע טעג זיינען געצעהלטע און איך וואָלט וועלען אז אייער חתונה זאָל פאָרקומען גלייך. איך וויל עס צו־זעהן מיט מיינע אויגען... נאָכדעם וועל איך קענען רוהיג שטארבען.

— אה, טייערער פאָטער, דו וועסט געזונט ווערען — האָט זי איהם ארומ־גענומען, געקושט און זיך פאנאנדערגעוויינט.

— ניין, טאָכטער, דו דארפסט יעצט ניט וויינען, דו דארפסט זיך שעצען גליקליך. קריסטאָפאָר איז א ווירדיגער יונג. ער וועט דיר גליקליך מאכען...

שיק איהם אריין צו מיר, איך וויל אייך ביידען מיין ברכה געבען... איך וועל איהם זאָגען מיין פערלאנג צו פייערען אייער חתונה באלד.

— אָבער פאָטער, דאָס וועט זיין אוממעגליך! — האָט פעליפּא זיך אָפּגערופען — קריסטאָפאָר ווארט דאָך אויף דער ענטשיידונג פון קעניג. מיר וועלען מוזען אָפּלעגען אונזער חתונה ביז וואנען מיר וועלען הערען עפּעס בעשטימטעס.

— האָט ער דיך דען אזוי געזאָגט? — האָט איהר פאָטער געפרעגט.

— ניין! מיר האָבען וועגען דער צייט פון דער התונה נאָך ניט גערעדט, אָבער איך גלויב אז עס וואָלט געווען ראטהזאם צו ווארטען ביז וואנען מיר וועלען האָבען דעם קעניג'ס בעשלוס.

— מיין וואונש איז, אז אייער חתונה זאָל גלייך פאָרקומען, ווייל ווער ווייס ווי לאנג איך וועל נאָך לעבען... יא, מיין טאָכטער, שיק אריין קאָלאָמבוס'ן צו מיר, איך וויל מיט איהם אליין ריידען.

פעליפּאָ איז ארויס פון איהר פאטער'ס צימער און אהין ארייגעשיקט קאָלאָמבוס'ן.

מיט לאנגזאמע טריט איז קאָלאָמבוס צוגעגאנגען צו זיין בעטעל און איהם באגריסט.

— קום אהער נעהנטער, קריסטאָפאָר, איך וועל דיר מיין ברכה געבען. זאָל דער אלמעכטיגער דיך באגליקען אין אלע אונטערנעהמונגען, און איהר זאָלט ביידע גליקליך זיין... פעליפּאָ מאניז איז א טהייער איידעל קינד... היט זי אָפּ... זי האָט דיך ליעב מיט איהר גאנצען לייב און לעבען, און איך זעה אז דו האָסט זי אויך ליעב... זי איז די איינציגע טאָכטער וואָס איז פארבליבען מיט מיר... מיין צווייטע טאָכטער האָט געהייראט א שפּאניער און זי געפינט זיך מיט איהר מאן אין הועלווא, שפּאניען... מיין וואונש איז, אז אייער חתונה זאָל פאָרקומען וואָס שנעלער... ווייל דו ווייסט דאָך אז מיינע טעג זיינע געצעהלטע... ביזטי איינשטימיג, מיין זוהן?

— אויב פעליפּאָ איז ניט דאגעגען, וועל איך זיך גליקליך שעצען. — האָט קאָלאָמבוס איהם דערלאנגט זיין האנד.

אין צעהן טעג ארום איז געפייערט געוואָרען די חתונה פון קאָלאָמבוס'ן און פעליפּאָ מאניז.

## פינפטער קאַפּיטעל

# ביטערים ענריקעז אין סעוויל

זינט יענע נאכט ווען לא פערמאָסא פעמברא, די איינציגע טאָכטער פון דיעגאָ דע שושאָן האָט אויסגעפונען דעם געהיימען אריינגאנג צו דער הייהל, איז זי זעהר אומרוהיג געוואָרען. אלעס איז איהר אויסגעקומען אזוי געהיימניספאָל, אזוי פארדעכטיג. וואָס זאָל דאָס בעדייטען? איהר געליעבטער, דאָן מארטין, האָט איהר טאקע געווארנט אז די צוויי אידען דאָן יצחק אבארבאנעל און אברהם סינאר באזיצען א געהיימע קראפט און וועלען ברייגען א גרויסע אומגליק אויף איהרע עלטערן... איהר הארץ האָט אין איהר געמומען שרעקען... פארוואָס דארף זיך דאָס איהר פאטער פארבאָרגען ווען געוויסע געסט קומען

צו איהם ? מעגליך אז דאַן מארטין איז גערעכט, ווען ער האַט געזאַגט אז די פארפלוכטע אידען זוכען שלעכטס צו טהאַן איהרע עלטערען. זיי ווילען פאראומרייניגען זייערע הייליגע קאטוילישע נשמות... זי טאַר עס ניט דערלאַזען... זי וועט מוזען ראַטעווען איהרע עלטערען פון דער נעץ וואָס די אידען פארשפרייטען פאר זיי... דאַן מארטין האַט איהר פארשפּראָכען ארויסצוהעלפען... ער וועט שוין געפינען א מיטעל ניט צו דערלאַזען אז די אידען זאָלען אריבערטרעטען איהר פאטער׳ס שוועל... אָבער ווי אזוי וועט ער עס קענען טהאַן ?... אויב איהר פאטער געפינט פאר נויטיג דאָס צו האַלטען אין געהיים, ווי אזוי וועט זי קענען ארויסגעבען זיין סוד ?... אפילו ווען דאַן מארטין איז איהר געליעבער און איז איהר טהייערער פון אלעס אין דער וועלט... אָבער דאָס וואָס זי האַט געטהאַן איז געווען אן אומרעכט געגען איהר ליעבען פאטער... זי האַט איינפאך שפּיאָנירט און דערצעהלט... אמת, דאַן מארטין וועט קיין שלעכטעס ניט טהאַן איהרע עלטערען, פארקעהרט, ער וויל זיי נאָך פארהיטען פון אן אומגליק, אָבער זי האַט קיין רעכט ניט געהאט איהם איבערצוגעבען וואָס זי האַט אויסגעפונען, מעהר וועט זי עס ניט טהאַן... וויפיעל דאַן מארטין וועט איהר ניט בעטען וועט זי ניט געהן שפּיאָנירען אויף איהרע עלטערען... אויב זיין ליעבע צו איהר איז ווירקליך שטארק וועט ער עס גאָר מעהר פון איהר ניט פערלאַנגען.

אזעלכע געדאַנקען האָבען לא פערמאָסא׳ן בעאומרוהיגט די גאַנצע צייט, ביז וואַנען זי האַט זיך מיט איהר געליעבטען ווידער געטראָפען.

דיזען מאָל האָט זי זיך מיט איהם געטראָפען אין זייער געהיימען פּלאַץ וואָס איז געווען אין א זייטיגען וועלדעל, ביי דעם אויסגעטראָטענעם וועג, צווישען די געדיכטע בוימער... דאָרטען האָבען זיי פארבראַכט אומגעשטערט... איהרע עלטערען האָט זי געזאָגט, אז זי געהט באַזוכען איהרע א פריינדין.

ווען לא פערמאָסא האָט זיך געטראָפען מיט דאַן מארטין, זיינען אלע איהרע אומעטיגע געדאַנקען ווי מיט אמאָל פארשוואונדען... איהר מח איז געווען פארנומען בלויז מיט איהר ליעבע צו דאַן מארטין, וועלכער איז איהר געווען טהייערער פון אלעס אין דער וועלט.

— אָה, איך בין אזוי גליקליך וואָס דו ביזט געקומען ! האָט דאַן מארטין זי געדריקט צו זיך און א קוש געטהאַן, — איך האָב מיט גרוים אומגעדולד זיך קוים דערוואַרט אויף דיין קומען.

— און מיין אומגעדולד איז אויך ניט קלענער געווען, — האָט לא פערמאָסא פעמברא איהם געענטפערט מיט א קוש, — אין דיינע אָרעמס פיהל איך זיך אזוי זיכער, אזוי רוהיג !

— נו, זאָג מיר, מיין טהייערע, וואָס האָט פּאסירט נאָכדעם ווי איך האָב דיך פארלאָזען ? — האָט דאַן מארטין איהר געפרעגט, — איז דיין מוטער אריינגעקומען אין דיין צימער אויסצוגעפינען ?...

— אָה, געוויס ! — האָט זי א ליכטען ציטער געטהאַן, — איך בין געווען זעהר צופריעדען וואָס דו ביזט אזוי שנעל פארשוואונדען געוואָרען... איך האָב זיך שנעל געלעגט אין בעט און ווען זי איז אריין אין מיין צימער און מיר געזאָגט אז זי האָט באַמערקט ווי אימיצער איז ארונטערגעשפּרונגען פון באַלקאָן, האָב איך איהר געזאָגט אז דאָס האָט זיך איהר געוויס אויסגעוויזען.

— און מעהר האָט גאָרניט פּאַסירט ?

— ניין ! אָבער מיר וועלען שוין דאַרפען פון יעצט אָן זיין מעהר פאָרזיכ־טיג, דו וועסט מעהר ניט קענען קומען צו מיין פאָטער'ס שלאָס... אונזערע באַגעגענישען וועלען דאַרפען זיין זעלטענער, ביז וואַנען זייער פערדאַכט וועט אין גאַנצען פאַרשווינדען...

— און מעהר האָסטו גאָר ניט אויסגעפונען ? — האָט דאָן מאַרטין איהר דורכגעדרונגען מיט זיינע בליקען.

— איך פאַרשטעהע ניט וואָס דו מיינסט ? — האָט זי איהם אַנגעקוקט.

— דו האָסט פאַרגעסען, מיין טהייערע, ווען דו ביזט צום צווייטען מאָל אריין אין דיין פאָטער'ס געהיימען צימער אָון אַרונטער עטליכע טרעפּ האָסטו געהערט אַז זיי ריידען עפּעס וועגען "אינקוויזיציע".

— אָה, איך בעט דיך, דאָן מאַרטין, לאָמיר מעהר דערפון ניט ריידען !... איך בין בעגאַנגען זעהר אַ גרויסע עוולה געגען מיין פאָטער וואָס איך ביז דאָן געגאַנגען שפּיאָנירען אויף איהם... איך האָב עס געטהאָן צוליעב מייז גרויסע ליעבע צו דיר, ווייל דו האָסט עס פון מיר פערלאַנגט... און יעצט, אויב דיין ליעבע צו מיר איז אַזוי שטאַרק ווי מיינע צו דיר, בעט איך דיך, אַז דו זאָלסט מיר פערשפּרעכען אַז דו וועסט מעהר פון מיר אַזאַ זאַך ניט פערלאַנגען... מיין געוויסען האָט מיר ניט אויפגעהערט צו פּלאָגען זינט דאַן...

— ווי איך זעה, בעגרייפסטו ניט די ערנסטקייט פון דער זאַך ! — האָט דאָן מאַרטין אָנגענומען איהר האַנד, — דו ווייסט דאָך אַז איך האָב ניט געמיינט קיין שלעכטעס, מיין איינציגער וואונש איז, צו ראַטעווען דיינע עלטערען און דיך פון די פאַרפלוכטע אידען, וועלכע לויערען אויף יעדען גוטען קאַטוילִיק און זוכען צו בעשמוצען זיין נשמה. אויב דו וועסט ערלויבען די "טומאה" זאָל אריינדרינגען וואָס טיעפען אין דיין פאָטער'ס הויז, וועט נאָכהער שוין זיין צו שפּעט...

— איך קען נאָך אַלץ ניט פאַרשטעהן פאַרוואָס אין דיינע אויגען זיינען די צוויי אידען, דאָן יצחק אבארבאַנעל און אברהם סינאָר, אַזוי נידריג געפאַלען אין דער צייט ווען דער קעניג און די קעניגין האָבען זיי אַזוי דערהויבען ! — האָט לאַ פּערמאָסאַ געזאָגט, — אויב זיי זאָלען ווירקליך אַזוי שעדליך פאַרוואָס זיינען זיי אַזוי געעהרט און געשעצט בײַ דעם קעניג ? און אויב זיי באַזוכען דעם קעניג און די קעניגין אַזוי אָפט, פאַרוואָס זאָלען זיי ניט קענען באַזוכען אויך מיין פאָטער ?!...

— איך וועל דיר ערקלעהרען פאַרוואָס, — האָט דאָן מאַרטין געזאָגט, — אונזער קעניג גרייט זיך יעצט צו אַ הייליגער מלחמה געגען די מאַכמעדאַנער וועלכע געפינען זיך נאָך אין גראַנאַדאַ, און דיזע צוויי אידען קענען איהם ברייב־גען גרויסע נוצען, דאַריבער דולדעט זיי דער קעניג.

— און אויב זיי זיינען אַזוי ניצליך פאַר דער מלוכה, פאַרוואָס זאָל זיי אויך מיין פאָטער ניט דולדען ?

— ווען זיי קומען באַזוכען דאָס הויז פון דיין פאָטער, קומען זיי אהין מיט אַ באַזונדער כונה... זיי ווילען פאַרשפּרייטען אַ נעץ צו פאַנגען דיין פאַ־טער'ס נשמה און נאָך פיעלע אַזעלכע ווי דיין פאָטער וועלכע זיינען גוטע און פרומע קאַטוילִיקען... דו האָסט זיכער געהערט פון די מאַראַנען, די "פאַרשאָל־

טענע״... זיי האָבען אָנגענומען דעם קאטוילישען גלויבען און זיינען געטריי און פרום ביז וואנען געוויסע פארפלוכטע אידען האָבען זיי גענומען איבער־ריידען, און זיי האָבען אָנגעהויבען צו פאַלשעווען... עפענטליך טראָגען זיי א מאסקע פון פרומע קריסטען און אין געהיים היטען זיי אָפּ זייער אידישע רע־ליגיאָן... און מיר דארפען זעהן דאָס צו פארמיידען.

— דו מיינסט צו זאָגען, אז מיין פאטער... — האָט לא פערמאָסא ניט פארענדיגט דעם זאץ.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז דיין פאטער איז א גוטער פרומער מאטויליק, — האָט דאָן מארטין געזאָגט, — אָבער איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אז די אידען באזיצען אין זיך א געהיימע קראַפט... איז זייערע נשמות געפינען זיך טייוואָלים און שלעכטע גייסטער וואָס קומען זיי צו־הילף אין זייער אומריינע ארבייט... און ווען די ״טומאה״ רייסט זיך אריין אין דעם הויז פון א געוואָרע־נעם קריסט, דאָן איז שוין גאַנץ שווער זי צו פארטרייבען... דאריבער איז דיין פליכט אלס געטרייע פרומע קאטוילִיקין צו פארהיטען דיין משפּחה פון זינד... זיי פיהלען ניט אז א נעץ ווערט אויסגעשפּרייט פאר זיי, און אומשולדיגערהייט וועלען זיי געפאנגען ווערען ביי דעם שטן.

— אָבער דאָס איז אונמעגליך! — האָט לא פערמאָסא א ציטער געטהאָן — מיין פאטער איז ניט פון די . . . ער איז אזא גוטער קאטויליק ווי דו און דיין פאטער . . . איך וויים אז ער איז פרום . . . און דער באזוד פון די אידען האָט גאָרניט צו טהאָן דאמיט.

— ניין, מיין טהייערע, דו מאכסט א טעות, — האָט דאָן מארטין זי ארומגענומען, — ווען די אידען וואָלטען גאָרניט געהאט צו טהאָן דאמיט, וואָלט מען זיך ניט בעדארפט פארבאָרגען אין א געהיימען הייהל... דאָס אליין באווייזט אז דיין פאטער ווערט אריינגעשלעפּט אין א טיעפער בלאָטע... עס איז זעהר א געפעהרליכער וועג און די וועלכע געהען אהין קעהרען זיך שוין מעהר קיינמאָל ניט צוריק.

— אָה, דאָן מארטין, ווי אזוי קענסטו אזוי ריידען וועגען מיין פאטער! — האָט לא פערמאָסא אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען, — ווי אזוי קענסטו גאָר האָבען א פארדאכט וועגען זיין עהרליכקייט?!... צווייפעלסטו דען אין זיין געטרייהייט און איבערגעבענהייט צו דער קירכע?!...

— אָט דערפאר בין איך נאָך מעהר בעזאָרגט! איך וויים אז דיין פאטער איז א געטרייער פרומער קאטויליק, און איך וויל איהם פארהיטען פון א זינד... איין זינד ברייננגט צו א צווייטער... פריהער וועט ער די אידען אויפנעהמען אלס פריינד און דאָן וועלען זיי אויסאיבען זייער אונגעהייער גרויסען איינפלוס און ביסלעכוויז איהם אָפּווענדען פון אינזער גלויבען. דאָס האָט פריהער פּאסירט און עס פּאסירט יעצט אויך גאַנץ אָפט. און איך וויל עס זיי פון א צרה אויס־היטען. דאָס טהו איך צוליעב מיין גרויסער ליעבע פאר דיר. איך וויל אז עס זאָל קיין אומגליק ניט געשעהן צו דיינע עלטערען, און אויב דו וועסט מיר ארויסהעלפען, וועט אונז געלינגען עס צו פארמיידען.

— מיט וואָס קען איך דיר העלפען? — האָט לא פערמאָסא איהם אָנ־געקוקט.

— מיט דעם וואָס דו וועסט מוזען נאָכשפּירען אלעס וואָס קומט פאר אין

דיין פאטער'ס הויז, דו ווערסט דארפען האלטען אן אויג אויף יעדען איינעם וואָס קומט בעזוכען דיין פאטער, און ווען מעגליך אויך אויסגעפינען וועגען וואָס זיי ריידען אויף זייערע געהיימע פערזאמלונגען. דאן ווערסטו מיר אלעס דערציילען און מיר וועלען ביידע אויסארבייטען א פּלאן ווי אזוי צו פאר־מיידען די שלעכטע פאָלגען... איך בין זיכער אז מיר וועט געלינגען די אידען אין גאנצען צו דערווייטערען פון דיין פאטער'ס הויז... אָבער איך וועל זיך נויטי־גען אין דיין הילף.

— ניין, דאָן מארטין, איך קען ניט, איך וועל מעהר ניט שפּיאָנירען אויף מיין פאטער... איך וועל...

— אָה, מיין ליעבענקע, האָט ער זי ווידער ארומגענומען און געקושט, — ווילסטו דען ניט העלפען דיין אייגענעם פאטער ? !... דו זעהסט אז ער טרינקט זיך און דו האָסט די מעגליכקייט איהם צו ראטעווען, ווערסטו זיך ענטזאגען איהם צו העלפען ?... איך האָב דיך ליעב מעהר ווי מיין אייגען לעבען, און דאריבער איז דיין פאטער ביי מיר אויך טהייער און איך וועל טהאָן אלעס מעגליך איהם צו העלפען.

— אָבער גאָט וועט מיר דאָס פאררעכענען פאר א זינד ווען איך וועל מיין פאטער נאָכשפּיאָנירען.

— ווען דו טהוסט עס פאר זיין אייגענע טובה וועגען, וועט דיר גאָט פאר קיין זינד ניט פאררעכענען... און שפּעטער וועט דיר דיין פאטער אליין דאנקבאר זיין... קען דען דיין פאטער ערווארטען צו האָבען בעסערע פריינד ווי מיך און דיך, זיין אייגענע טאָכטער און זיין צוקינפטיגען איידעם ?... יא, מיין טהייערע, דו אליין דארפסט ארויסצייגען מעהר צוטרויען צו מיר, דו דארפסט קיין פאר־באָרגענעס פון מיר ניט האָבען... און ווען דו ווערסט עפּעס אויסגעפינען און מיר דערציילען, וועלען מיר זיך ביידע בעראטהען צו טהאָן דאָס בעסטע פאר אונז אלעמען.

— איך האָב דיך אזוי ליעב, דאָן מארטין, איך האָב צו דיר דאָס גרעסטע צוטרויען, — האָט זיך לא פערמאָסא גענומען טוליען צו איהם, — אָבער ווי וועל איך קענען פערראטהען מיין אייגענעם פאטער ? מעגליך אז זייערע גע־היימע פערזאמלונגען טראָגען א גאנץ אנדער כאראקטער... ווייל דו ווייסט דאך אז ניט בלויז אידען געפינען זיך דארט, נאָר אויך גוטע קאטויליקען...

— איך קען זיי אלעמען ! — האָט דאָן מארטין א שמייכעל געטהאָן, — איך האָב צווישען זיי באמערקט מאנועל סאָלי, זשואן אבאלאפּיע און לואיס דע סאנטאנגעל... יא, זיי זיינען גוטע קריסטען, אָבער זיי שטאמען אלע פון אידען, און דערפאר איז מיין פערדאכט גרעסער.

— איך ווייס אז זיי זיינען זעהר גרויסע וויכטיגע פערזענליכקייטען, זיי זיינען געטרייע בירגער צום לאנד און פרומע קאטויליקען... פארוואָס זאָלען מיר גאָר האָבען א פערדאכט אז זייערע געהיימע פערזאמלונגען האָט צו טהאָן מיט די אידען ?

— דו האָסט געוויס פארגעסען, לא פערמאָסא, — האָט ער געענטפערט, — ווען דו ביזט דעם צווייטען מאָל ארונטערגעגאנגען די טרעפּ פון דער הייהל, האָסטו געהערט ווי זיי רעדען וועגען אן אינקוויזיציע.

— יאָ, דאָס איז ריכטיג. אָבער מעהר ווי דאָס האָב איך ניט געהערט, — האָט זי צוגעגעבען.

— מעהר ווי דאָס איז ניט נויטיג. דאָס איז אַ גוטער באַווייז אַז איך מאַך ניט קיין טעות. און ווען זיי האָבען געערדט וועגען אינקוויזיציע איז אַ סימן אַז צווישען זיי געפינען זיך מאַראַנען און זיי זוכען אַריינצושלעפען דיין פאָטער אין דעם, און עס איז אונזער פליכט עס צו פאַרמיידען.

— אָבער איך פאַרשטעה ניט וואָס דו מיינסט, — האָט לאַ פערמאָסאַ אויף איהם אויסגעסטאַרטשעט איהרע אויגען.

— אַט וועל איך דיר ערקלעהרען, מיין טהייערע, — האָט ער זיך אָפּגערופען, — אונזער קעניג פערדינאַנד און קעניגין איזאַבעלאַ האָבען מיט אַ קורצע צייט צוריק אָוועקגעשיקט אייניגע בישאָפען נאָך רוים, צו דעם פּאָפּסט סיקסטוס דעם פערטען, ער זאָל זיי ערלויבען איינצופיהרען די אינקוויזיציע אין שפּאַניען... די בישאָפען האָבען די ערלויבניס געקראָגען... און די אינקוויזיציע וועט פריהער אָדער שפּעטער איינגעפיהרט ווערען אין אונזער לאַנד, אַזוי ווי עס ווייזט אויס, האָבען זיך די מאַראַנען דערפון דערוואוסט... ווייל אויף די פאַלשע קריסטען ציטערט די הויט... זוכען זיי פאַרשידענע מיטלען, זיי ווילען קריגען הילף פון אַזעלכע גוטע עהרליכע קריסטען ווי דיין פאָטער איז, און וועגען דעם טאַקע זיינען זיי געקומען צו דיין פאָטער פערהאַנדלען אין געהיים, און אַזוי לאַנג ווי עס איז נאָך ניט צו שפּעט, קענסטו דיין משפחה אַ סך העלפען... דער־ווייל זיינען נאָך די פּלענער פון דער אינקוויזיציע ניט בעקאַנט געוואָרען איבער דעם לאַנד, אָבער מיין פאָטער וועלכער איז איינער פון די גייסטליכע פון דער קעניגין איזאַבעלאַ, האָט מיר געזאָגט, אַז דיזע אינקוויזיציע וועט מאַכען אַ סוף צו אַלע מאַראַנען, צו אַלע פאַלשע און פאַרמאַסקירטע קריסטען... און יעצט זאָג איך דיר, אַז צוליעב דיין פאָטער'ס טובה וועגען, זאָלסטו האַלטען אַז אויג אויף אַלעם וואָס עס קומט פאָר אין זיין הויז, כדי מיר זאָלען האָבען די מעג־ליכקייט איהם צו רעטען...

פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ גערויש פון רעדער וואָס האָט זיך דערטראָ־גען צו זייערע אויערען פון דעם דערביישיגען וועג.

דאָן מאַרטין און לאַ פערמאָסאַ זיינען געבליבען שטיל און אָנגעשטרענגט זייערע אויערען. דער גערויש פון די רעדער וואָס האָבען זיך געקייקעלט אויף דעם טרוקענעם וועג און דער אָפּקלאַנג פון פערדישע קאָפּיטעס האָבען זיך דער־נעהנטערט צו זיי.

— דו בלייב דאָ שטעהן הינטער'ן בוים און איך וועל צוגעהן צום וועג און זעהן ווער עס קומט דאָרט אָן, — האָט דאָן מאַרטין זיך אָפּגערופען, — און איז גלייך צוגעקומען צום וועג.

ער האָט באַמערקט ווי אַ קאַרעטע געשפּאַנט צו צוויי גוטע פערד דערנעהנ־טערט זיך. ער איז געוועזען זעהר נייגעריג צו וויסען ווער עס פאָהרט אויף דיזען וועג. ער האָט דאַריבער געוואַרט ביז וואַנען די קאַרעטע איז צוגעקומען גאַנץ נאָהענט.

דער קוטשער האָט איהם באַמערקט און ער האָט אָפּגעשטעלט די פערד.

— וועסטו מיר פיעלייכט זאָגען, סענאָר, אויב איך געפין זיך אויף דעם ריכטיגען וועג צו דעם שלאָס פון דע... המ... עה...

— צו דעם שלאָס פון דיעגאָ דע שושאַן, — האָט דאַן מארטין דערהערט א פרויען שטימע. — און ווען ער האָט געווענדעט זיינע אויגען צו יענעם פּלאַץ פון וואנען די שטימע איז געקומען, האָט ער באמערקט ווי פון פענסטער פון קארעטע האָט א שעהנע רייצענדע יונגע מיידעל איהר קאָפּ ארויסגעשטעקט.

דאַן מארטין איז אזוי בעצויבערט געוואָרען פון איהר שעהנקייט, אז ער האָט זיך אויף א ווייל פארלאָרען. און ערשט ווען זי האָט ווידערהאָלט איהר פראגע, האָט ער זיך העפליך פארנייגט און געענטפערט:

— יא, סינאָריטא! דו ביזט אויף דעם ריכטיגען וועג. דער שלאָס פון דיעגאָ דע שושאַן איז ניט ווייט פון דאנען. ווען דו וועסט צוקומען צו דער ענדע פון דיזען וועג, זאָלסטו זיך פארנעהמען רעכטס און דאָרט ניט ווייט געפינט זיך זיין שלאָס.

די יונגע שעהנהייט האָט איהם בעדאנקט, און געהייסען איהר קוטשער טרייבען די פערד ווייטער.

דאַן מארטין איז געבליבען שטעהן א ווייל פארגאפט... ער האָט נאָכגעפאָלגט מיט זיינע אויגען די קארעטע וואָס איז באלד פארשלונגען געוואָרען פון דעם שטויב פון וועג... ער האָט זיך נאכהער אומגעקעהרט צו לא פערמאָסא'ן און זיך אָפּגערופען צו איהר:

— ערוואַרטעט דען דיין פאָטער א גאסט?

— א גאסט? וואָס פאר א גאסט? — האָט לא פערמאָסא איהם אנגעקוקט.

— זעהר א בעצויבערנדע שעהנע מיידעל איז דאָ נאָר וואָס פארבייגעפאָהרען און זיך נאָכגעפרעגט אויף דיין פאָטער'ס שלאָס! — האָט דאַן מארטין געענטפערט.

— איז זי געווען אליין אין קארעטע? — האָט לא פערמאסא געפרעגט.

— יא, בלויז זי און דער קוטשער. זי איז געווען זעהר רייך געקליידעט און לויט איהרע קליידער, ווייזט אויס, אז זי איז ניט פון סעוויל.

— אזוי שנעל האָסטו אלעם באמערקט? — האָט זי זיך אָפּגערופען מיט א שמייכעל. אין איהר שטימע איז געווען פארבאָרגען אביסעל אייפערזוכט. — דו האָסט באמערקט, אז זי איז יונג, באצויבערנד שעהן, זי טראָגט רייכע קליידער און זי איז ניט פון סעוויל!

— און זי פאָהרט צו דיין פאָטער'ס שלאָס! — האָט דאַן מארטין צוגעגעבען מיט א שמייכעל.

— ווער קען דאָס זיין? — האָט זיך לא פערמאסא פארטראכט.

— האָסטו דען קיינמאָל ניט געהערט, אז דיין פאָטער אָדער מוטער זאָלען רעדען פון א סינאָריטא?

— ניין! — האָט זי געענטפערט. — איך קען ניט פארשטעהן ווער זי איז און ווי אזוי זי קומט זיך נאָכצופרעגען אויף מיין פאָטער'ס הויז! איך בין זעהר נייגעריג אויסצוגעפינען ווער זי איז און צוליעב וועלכען צוועק זי איז געקומען צו אונז. איך וועל זיך גלייך אומקעהרען אהיים!

— גוט, מיין טייערע! קעהר זיך יעצט אהיים און געפין אלעם אויס וועגען דעם גאסט און מאָרגען וועל איך זיך מיט דיר ווידער טרעפען דאָ, דאַן וועסטו מיר אלעם דערצעהלען, — האָט דאַן מארטין זי געקושט.

— זאָג מיר, מיין ליעבער! איז זי ווירקליך געווען באַצויבערענד שעהן?
— איז אַן אונרוהיגקייט געלעגען אין לאַ פערמאַסאַ'ס שטימע.

— יע, זי איז געווען זעהר שעהן. אָבער איז פאַרגלייך צו דיר, מיין ליע־בינקע, וועט זי אויסזעהן העסליך... דו ווייסט דאָך, אַז דו ביזט די שעהנסטע מיידעל פון גאַנץ שפּאַניען...

— איך ווייס דאָס ניט! — האָט זיך לאַ פערמאַסאַ פאַנאַנדערגעלאַכט. — איך ווייס, אַז עס זיינען פאַראַן פיעל שעהנערע פון מיר.

— אָבער אין מיינע אויגען וועסטו אימער בלייבען די שעהנסטע! אין דיין פּנים וועל איך שטענדיג זעהן אַן עהנליכקייט צו דער "הייליגער מאַדאָנאַ".

— ווען איך וואָלט דיך ניט קענען פאַר אַן ערנסטען און אויפריכטיגען מאַן, וואָלט איך געזאָגט, אַז דו טרייבסט שפּאַס מיט מיר! — האָט זי געשמייכעלט. — אָבער דאָך האָב איך דיר שוין איינמאָל געזאָגט, אַז צו מאַכען אַזא פאַרגלייך איז אַ זינד און אַ לעסטערונג צו גאָט!

— דו באַזיצסט אַזא ריינע, אומשולדיגע נשמה, אַז גאָט וועט מיר מוחל זיין פאַר דיעזען פאַרגלייך.

נאָכאַמאָל האָבען זיך די צוויי יונגע געליעבטע צעקושט און דאַן מאַרטין האָט זי באַגלייט מיט זיינע בליקען ביז וואַנען זי איז צוגעקומען צו דער צווייטער גאַס, וואָס פיהרט צו איהר פאָטער'ס שלאָס.

זי איז געקומען אהיים און איהר מוטער איז איהר אַנטקעגען געקומען און מיט אַ שמייכעל געזאָגט:

— דו ווייסט, מיין טאָכטער? מיר האָבען ביי אונז זעהר אַ וויכטיגען גאַסט.

— און ווער איז דאָס? — האָט לאַ פערמאַסאַ זיך ניט־וויסענדיג געמאַכט.

— זי איז געקומען פון קאָרדאָוואַ. זי איז זעהר אַ שעהן מיידעל אין דיינע יאָהרען און זי שטאַמט פון דער קעניגליכער משפּחה! — האָט מאַריאַ געזאָגט.

— און ווי קומט זי אהער, צו אונז? — איז זי דען איינגעלאַדען געוואָרען?

— אָה, ניין! זי איז... יע, מיר דאַכט זיך, אַז זי איז געקומען אהער זיך צו זעהן מיט דעם קעניג פערדינאַנד, פון וועמעס משפּחה זי שטאַמט. און דער בישאָף פון קאָרדאָוואַ האָט איהר געהייסען זיך אָפּשטעלען אין אונזער הויז... יע, דער בישאָף פון קאָרדאָוואַ איז זעהר אַ גוטער פריינד צו דיין פאָטער.

— און ווי הייסט זי? — האָט לאַ פערמאַסאַ ווייטער געפרעגט.

— איהר נאָמען איז ביטריס ענריקעז. דעם קעניג'ס עלטער באָבע האָט געהייסען פּאַלאָמאַ ענריקעז, און ביטריס, דאַכט מיר, איז דאָס איהרע אַ פּלי־מעניצע.

— וואו איז זי? פאַרוואָס שטעלסטו מיך ניט פאָר, מוטער? — איז זי שוין זעהר נייגעריג געוואָרען.

— זי איז נאָר וואָס געקומען. זי איז מיעד פון וועג. זי געפינט זיך יעצט אין איהר צימער. זי וועט זיך אויסרוהען, זיך ארומוואַשען און בייטען איהרע קליידער. אָבער וואו ביזטו דאָס געווען אַזוי לאַנג, מיין טאָכטער?

— איך בין געווען ביי מיין פריינדין. ווען איך וואָלט וויסען, אַז צו אונז איז געקומען אַזא וויכטיגע באַזוכערין, וואָלט איך מיין פריינדין אהער געבראַכט.

— דערווייל דאַרפסטו קיינעם ניט דערצעהלען וועגען איהר קומען צו אונז! — האָט מאַריא געזאָגט.

— איך פאַרשטעה ניט, מוטער! פאַרוואָס דאַרף עס געהאַלטען ווערען בסוד? דאַרפען מיר זיך דען שעהמען מיט איהר באזוך? איז זי געקומען אהער מיט א געהיימער שליחות? ליעבע מוטער! גאַנץ אָפּט באַמערק איך, אז דו און דער פאָטער זוכען צו פאַרבאַרגען זאכען פון מיר! וואָס בין איך, א קליין קינד? פאַרוואָס זאָלט איהר צו מיר קיין צוטרוי ניט האָבען? בין איך דען ניט אייער איינציג קינד?

— דיר דאַכט זיך אזוי, מיין ליעבע טאָכטער! — האָט מאַריא איהר א קוש געטהאָן. — מיר האָבען קיינע פאַרבאָרגענע זאכען פון דיר. איך זאָג דיר נאָר ניט צו דערצעהלען פאַר אנדערע וועגען ביטרים'ס קומען, ווייל דו ווייסט דאָך ווי נייגעריג מענשען ווערען. און ווען זיי וועלען נאָך אויסגעפינען, אז זי שטאַמט פון דער קעניגליכער משפחה, וועלען זיי אונז מקנא זיין... אָבער קיין געהיימנים איז דערמיט ניט פאַרבונדען. און יעצט, מיין טאָכטער, געה בייט אום דיינע קליידער, ווייל מיר וועלען אלע באלד געהן עסען.

דער טיש איז שוין געווען געגרייט און לא פערמאָסא האָט מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט צו זעהן זיך מיט ביטרים ענריקען. באלד איז זי ארויסגעקומען און מאַריא האָט זי פאָרגעשטעלט פאַר איהר טאָכטער.

לא פערמאָסא האָט זי אָפּגעמאָסטען מיט איהרע בליקען. זי האָט געזעהן, אז זי איז ווירקליך א באַצויבערענדע שעהנהייט. זי האָט געגומען טראַכטען פון דער באַמערקונג פון איהר געליעבטען, דאָן מאַרטין... און אז אייפערזוכט האָט זיך אריינגעגנב'עט אין איהרע געדאַנקען. דאָס אָבער האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטען. די פריינדליכקייט און ליעבליכקייט פון ביטרים'ן האָט גלייך איהר האַרץ געוואונען און זי איז געווען צופרידען צו האָבען זי פאַר א פריינדין. זי איז געווען זעהר נייגעריג אויסצוגעפינען די אלע איינצעלהייטען פון איהר באזוך אין סעוויל. אָבער דאָס האָט זי איבערגעלאָזען אויף שפּעטער, ווען זי וועט בעסער באַקאַנט ווערען מיט איהר. דאָס, וואָס איהר מוטער האָט איהר געזאָגט, אז זי שטאַמט פון דער קעניגליכער משפחה, האָט צוגעגעבען ביטרים'ן מעהר רייץ אין לא פערמאָסא'ס אויגען. זי האָט שוין לאַנג גע'חלום'ט פון דעם, אז מען זאָל זי פאָרשטעלען פאַר דער קעניגין. יעצט וועט זי עס, פיעלייכט, דערגרייכען דורך איהר...

ווען מען האָט זיך געזעצט עסען, איז לא פערמאָסא איבעררא‍שט געוואָרען פון דעם שטילשווייגען, וואָס האָט געהערשט ביים טיש. זי האָט ערוואַרטעט, אז איהר פאָטער און מוטער וועלען נעהמען שטעלען ביטרים'ן פאַרשידענע פראַגען וועגען איהר לעבען אין קאָרדאָווא, וועגען איהר קומען... אָבער אלע זיינען געווען שטיל.

שפּעטער איז אָוועגט זיינען אָנגעקומען געסט. אייניגע האָט לא פערמאָסא דערקענט. אנדערע זיינען איהר געווען אומבאַקאַנט. אָבער ווען זי האָט דערזעהן צווישען די אָנקומענדע די צוויי אידען, דאָן יצחק אבארבאַנעל און אברהם סינאָר, האָט עפּעס אין איהר האַרץ א צאַפּעל געטהאָן. זי האָט זיך גענומען דערמאָנען אלעס וואָס דאָן מאַרטין האָט איהר געזאָגט וועגען די אידען. אין איהר מח האָבען זיך גענומען צונויפמישען פאַרשיעדענע געדאַנקען וועגען די

מאראנען, די פארמאסקירטע קריסטען... איז עס מעגליך, אז אויך איהר פאטער איז איינער פון זיי? א שוידער איז אריבער איהר ליב. ניין! עס איז אונמעגליך! זי ווייסט, אז איהר פאטער איז זעהר גוטהערציג און פיעלייכט וויל ער מיט עפעס באהילפיג זיין די מאראנען און די אידען? אבער דאס איז דאך א גרויסע זינד? ! די "פארשאלטענע אומגלויביגע" טאר מען ניט העלפען! און וואס איז וועגען דער געהיימער הייהל און דער געהיימער טיר, וואס געפינט זיך אין יענעם צימער, וואו איהר איז פארבאטען אריינצוקומען? די אלע געדאנקען האבען זי גענומען באאונרוהיגען. נאך גרעסער איז איהר פארדאכט געווארען, ווען די מוטער האט צו איהר א וואונק געטהאן און האט מיט איהר פארלאזען דעם צימער. זי האט געוואלט ווידער פרעגען איהר מוטער, פארוואס מען זוכט צו פארבארגען זאכען פון איהר, אבער זי האט באשלאסען צו שווייגען, כדי איהר מוטער זאל זי ניט חושד זיין, אז זי פארדעכטיגט.

---

ווען מאריא און לא פערמאסא האבען פארלאזען דעם גאסט־צימער. האט דאן יצחק אבארבאנעל פארגעשטעלט פאר די איבעריגע געסט ביטרים ענריקען. ער האט זיי דערצעהלט וועגען איהר יחוס און אז זי וועט זיך זעהן איינגיכען מיט דעם קעניג פערדינאנד. און כאטש די אלע פארזאמעלטע געסט זיינען געווען מאראנען, פונדעסטוועגען איז אבארבאנעל זעהר פארזיכטיג געווען ניט אנצוגעבען דייטליך דעם צוועק פון איהר קומען. ער האט בלויז אנגעוואונקען וועגען דעם. אלע האבען געוואוסט, אז דא איז ניט דער פלאץ צו רעדען וועגען געהיימע זאכען, "ווענט האבען אויערען" איז ביי זיי געווען דער כלל, און ווענען אזעלכע זאכען דארף מען רעדען בלויז אין דער פארבארגענער הייהל. יעצט אבער איז נאך געווען צו פריה אהין ארונטערצוגעהן. עס קען נאך ווער עס איז אנקומען און זיך נאכפרעגען אויף דיעגא דע שושאן.

זיי האבען דעריבער פארבראכט אין גאסט־צימער און גערעדט מיט אנדייטונגען, ניט ארויסברייענגענדיג דאס, וואס האט אלעמען געדריקט אויפ'ן הארצען.

ווען עס האט שוין אנגעהויבען ווערען שפעט, האט זיך דיעגא דע שושאן אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און איז א ווייל ארוים פון צימער. באלד האט ער זיך אומגעקעהרט און א וואונק געטהאן צו די געסט זיי זאלען איהם נאכפאלגען. אלע האבען זיך אויפגעהויבען, אויסער ביטרים'ן, ווייל זי האט ניט פארשטאנען, וואס דאס באדייט. אבארבאנעל איז צו איהר צוגעגאנגען און האט איהר עפעס אריינגערוימט אין אויער און זי איז זיי נאכגעגאנגען. זיי זיינען אריין אין א זייטיגען צימער. דע שושאן האט אנגעצונדען א ליכט און איז צוגעגאנגען צו דער געהיימער טיר און זי געעפענט. ער איז ארונטערגעגאנגען עטליכע טרעפ און האט מיט דעם ליכט געלויכטען פאר די איבעריגע, וועלכע האבען איהם נאכגעפאלגט. ווען אלע זיינען ארונטער, האט דע־שושאן צוגעמאכט די טיר פון דער הייהל און זיי זיינען אריין טיעפער.

א שרעק איז ביטרים'ן באפאלען. עפעס איז איהר אלעס אויסגעקומען פירכטליך, געהיימניספול... ערשט יעצט האט זי אנגעהויבען פיהלען, וואס עס מיינט צו זיין א געהיימער איד... און פארוואס איהרע עלטערען האבען אזוי

פיעל געליטען... איהר פאַטער׳ס לעבען איז שטענדיג געווען אין גרויס געפאהר און ער האַט טאקע זיין לעבען פארלוירען צוליעב דעם שרעק...

אלע האַבען זיך צוגעזעצט אויף די לאנגע בייגק, וואָס זיינען געשטאַנען נעבען א טיש, און אבארבאנעל האָט זיך אָפּגערופען:

— איהר געדיינקט דאָך אלע וועגען אברהם זאקוטא׳ס פּלאַן? מיט גאָט׳ס הילף, אונז האָט זיך איינגעגעבען אויפצוזוכען דאָנא ביטריס ענריקעז, און זי איז יעצט מיט אונז. זי איז ווילינ׳ צו העלפען איהרע ברידער. זי וועט דארפען פאָרגעשטעלט ווערען פאר דעם קעניג און קעניגין... און ווען זי וועט אריינגענומען ווערען אין דער קעניגליכער משפחה, וועט זי ביסלעכווייז אויסאיבען אן איינפלוס אויף פערדינאַנד׳ן, ביז וואַנען איהר וועט געלינגען צו פּועל׳ן ביי איהם, ער זאָל מבטל מאכען די גזרה פון דער אינקוויזיציע. זי וועט בלויז דארפען אָנדייטען וועגען איהר עלטער מוהמע און זיין עלטער באָבען, פּאַלאָמא ענריקעז. יעצט אָבער איז די פראַגע, ווי זי זאָל געבראַכט ווערען אין קעניגליכען פּאַלאַץ, אזוי, אז דער קעניג זאָל קיין פאַרדאַרט ניט האָבען, אז אימיצער פון אונז האָט א האַנט אין דעם?

— גאַנץ איינפאַך! — האָט זשואן אבאַלאַפיע זיך אָפּגערופען. — אויב זי האָט די דאָקומענטען, וואָס וועלען איבערצייגען דעם קעניג אין דער אויפריכטיגקייט פון איהרע רייד, קען זי אהין אויף דעם סמך אַליין קומען.

— ניין! מען וועט פאר איהר פריהער מוזען אויסטרעטען א וועג! — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל געזאָגט. — איך גלויב, אז דאָס וועט טהאָן דער מאָנאַך און קאָנפעסאָר פון איזאבעלא׳ן, הערנאַנדאָ דע טאלעוואדא! און אזוי ווי דו ביזט מיט איהם באפריינדעט, וועסטו מיט איהם קענען איבעררעדען.

— איך וועל דאָס טהאָן. אָבער איך צווייפעל, אויב עס וועט זיין יעצט ראַטהזאַם צו דערצעהלען דע טאלאווערא׳ן וועגען אונזער גאנצען פּלאַן? נאָכאַלעמען דאַרפען מיר ניט פארגעסען, אז כאָטש ער אליין שטאַמט פון אידען און זוכט צו העלפען זיינע אמאַליגע ברידער, איז ער פאָרט א קאטוילישער מאָנאַך און מיר דאַרפען זיין פאָרזיכטיג איהם צופיעל ניט אויסצונוצען. אויסער דעם וועט ער, מעגליך, פאַראיבעל האָבען, וואָס מיר האָבען ניט אָנגענומען זיין פּלאַן.

— איך האָב א פּלאַן! — האָט זשואן אבאַלאַפיע געזאָגט, — ביטריס ענריקעז וועט דעם קומענדען זונטאָג געהן אין דער קירכע, וואו דער קעניג און קעניגין קומען און דאָרטען וועט מען דאַרפען קריגען איינעם, וועלכער איז זעהר נאָהענט באפריינדעט מיט דעם קעניג און ער זאָל זי פאָרשטעלען פאר איהם.

— איך נעהם זיך אונטער דאָס צו טהאָן! — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל זיך אָפּגערופען. — מיין פּלאַץ אין דער קירכע איז ניט ווייט פון דעם קעניג׳ס און קעניגינ׳ס. איך וועל שוין געפינען א געלעגענהייט זי פאָרצושטעלען. יעדענפאלס וועל איך פריהער רעדען מיט דעם מאָנאַך דע טאלאווערא וועגען איהר. איך וועל איהם דערצעהלען, אז זי איז א גאַסט אין דע שושאַנ׳ס הויז און אויך וועגען איהר אָפּשטאַמונג. איך דאַרף דאָך איהם ניט זאָגען וועגען דעם צוועק פון איהר קומען... גלייך נאָכדעם ווי די קעניגין וועט פאַרטיג ווערען מיט איהר ודוי (קאָנפעשאָן), וועט ביטריס ארויף אויף דער פּלאַטפאָרמע זיך מתודה צו זיין.

דיעזער פּלאַן איז אלעמען געפעלען געוואָרען און עס איז באשלאָסען גע־

וואָרען, אַז ביטרים ענריקעז וועט דעם קומענדען זונטאָג געהן אין דער קירכע, וואו די קעניגליכע משפחה געפינט זיך.

— עס איז דאָך איבעריג פאַר מיר דיר צו דערמאָנען, אַז ווען דו וועסט צוגעהן זיך מתודה זיין אויף דיינע "זינד", — האָט דיעגאָ דע שושאַן זיך אָנגע־רופען צו ביטרים ענריקעז, — זאָלסטו זעהר פאָרזיכטיג זיין קיין וואָרט ניט ארויסצורעדען וועגען אונזער געהיימנים. אָבער דו קענסט אָנגעבען אַלע זינד דאָס, אַז אזוי שנעל ווי דו האָסט געקראָגען די דאָקומענטען, וואָס באַווייזען, אַז דו שטאַמסט פון דער קעניגליכער משפחה, האָסטו אין זיך שטאָלץ געקראָגען און פאַר דער זינד ווילסטו, אַז גאָט זאָל דיר מוחל זיין... עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אַז הערנאַנדאָ דע טאַלאַווערא וועט דיר זאָגען, אַז עס איז ניט קיין זינד און ער וועט רעדען גוטעס וועגען דיר פאַר דער קעניגין.

דעם קומענדען זונטאָג איז ביטרים ענריקעז אוועק אין יענער קירכע גאַנץ פריה, נאָך איידער די קעניגליכע משפחה איז געקומען. זי האָט שוין דאָרטען געטראָפען דע סאַנטאַנגעל און ער האָט איהר געצייגט א פּלאַץ נעבען זיך. די קירכע איז אָנגעפילט געוואָרען. באַלד האָט מען אָנגעזאָגט, אַז דער קעניג און קעניגין קומען אריין און ווי נאָר זיי האָבען זיך באַוויזען אין אריינגאַנג, האָבען זיך אַלע געקניהט, בלייבענדיג אזוי ביז וואַנען זייערע מאַיעסטעטען האָבען זיך געזעצט.

די צערעמאָניעס האָבען זיך אָנגעפאַנגען. די פּריסטער האָבען געזונגען קאַפּיטלעך תהלים... און נאָך דעם "דאַוונען" איז ארויף דער מאָנאַך הערנאַנדאָ דע טאַלאַווערא, דער קאָנפעסאָר פון דער קעניגליכער משפחה, און די קעניגין איזאַבעלאַ איז ארויפגעקומען זיך מתודה זיין אויף איהרע זינד.

אויף א צווייטער פּלאַטפאָרמע איז געשטאַנען א צווייטער מאָנאַך, צו וועמען די אַנדערע מתפּללים פלעגען קומען זיך מתודה זיין.

אין דער קירכע האָט געהערשט א שטילקייט. ווען די קעניגין האָט גענומען ארויפגעהן אויף דער פּלאַטפאָרמע, האָבען זיך אַלע אויפגעשטעלט און געבליבען שטעהן מיט געבויגענע קעפּ ביז וואַנען זי איז פאַרטיג געוואָרען און זיך צוריק־געקעהרט צו איהר פּלאַץ.

ווען איזאַבעלאַ איז ארויפגעקומען אויף דער פּלאַטפאָרמע, האָט דער מאָ־נאָך דע טאַלאַווערא אויפגעעפענט א טיר און ער איז אריין אין דעם ודוי־צימער. נאָך איהם איז איזאַבעלאַ אהין אריינגעקומען. די טיר האָט זיך פאַרמאַכט און די קעניגין איז געבליבען שטעהן נעבען איהר קאָנפעסאָר.

— איך בעט דיך, הייליגער הערנאַנדאָ דע טאַלאַווערא! — האָט זיך די קעניגין אָפּגערופען, — ערלויב מיר זיך מתודה צו זיין אויף מיינע זינד, שטע־הענדיג אָדער זיצענדיג. דו וועסט דאָך זיכער מאַכען אַן אויסנאַהמע פאַר דער קעניגין?!

— ניין! דו וועסט מוזען זיך שטעלען אויף דיינע קני נעבען מיינע פיס און זיך מתודה זיין! — האָט דע טאַלאַווערא איהר געענטפערט. — אין גאָט'ס אויגען זיינען אַלע מענשען גליין און איך זעה ניט איין פאַרוואָס איך זאָל פאַר דיר מאַכען אַן אויסנאַהמע?

די פרומע קעניגין האָט מעהר קיין וואָרט ניט גערעדט. זי האָט געקניהט פאַר דעם מאָנאַך און זיך מתודה געווען אויף איהר זינד.

ווען זי איז פאַרטיג געוואָרען, זיינען די איבעריגע מיטגלידער פון דער קעניגליכער משפּחה ארויף זיך מתודה זיין. באַלד נאָכדעם האָבען אַלע באַ־מערקט, ווי א יונג וואונדערשעהן מיידעל געהט צו צו דער פּלאַטפאָרמע. זי געהט ארויף און זי פאַלט אויף איהרע קניה.

צו אַלעמענס ערשטוינונג איז קיין גרעניץ ניט געווען. דער קעניג און די קעניגין האָבען איהר נאָכגעפאָלגט מיט נייגעריגע בליקען און ווען זיי האָבען באמערקט, אַז די אונבאַקאַנטע שעהנהייט געהט אריין אין דעם ודוי־צימער, איז זייער איבערראַשונג נאָך גרעסער געוואָרען.

— ווער איז זי? — האָט איזאַבעלאַ געפרעגט פערדינאַנד'ן.

דער קעניג האָט א ציה געטהאָן מיט די אַקסלען און געענטפערט, אַז ער זעהט זי דאָ צום ערשטען מאָל.

— ווי אַזוי וואַגט זי ארויפצוגעהן אויף דיעזער פּלאַטפאָרמע? — איז שוין איזאַבעלאַ צאָרניג געוואָרען. — זי וועט דערפאַר מוזען באַשטראָפט ווערען.

לואיס דע סאַנטאַנגעל, וועלכער איז געזעסען ניט ווייט פון קעניג און דער קעניגין, האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ, זיך פאַר זיי פאַרנייגט און אָפּ־גערופען:

— יענע יונגע מיידעל האָט מיר געזאָגט, אַז זי שטאַמט פון דער קעניגלי־כער משפּחה!

— דאָס איז אַן אונערהערטע חוצפּה! — האָט איזאַבעלאַ אויסגערופען מיט כעס.

ווען דע סאַנטאַנגעל האָט באַמערקט דעם צאָרן, וואָס איז געווען אויסגעגאָ־סען אויף איזאַבעלאַ'ס פּנים, האָט ער געוואוסט, אַז עס וועט זיין א סך בעסער פאַר איהם, אַז ער וועט מעהר וועגען דעם ניט רעדען.

פערדינאַנד'ן אָבער האָט די וואונדערשעהנע רייצענדע מיידעל שטאַרק גע־נומען פאַראינטערעסירען. ער האָט אומגעדרעהט זיין קאָפּ און זיך געווענדעט צו דע סאַנטאַנגעל'ן:

— האָט זי דען באַוויזען, אַז זי שטאַמט פון מיין משפּחה?

— זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט דאָקומענטען, וואָס באַשטעטיגען, אַז זי שטאַמט פון דער קעניגליכער משפּחה. אויב עס זאָל זיך ארויסצייגען, אַז עס איז ריכטיג, איז זי דאָך געוויס קיין פאַרברעכען ניט באַגאַנגען מיט דעם, וואָס זי איז ארויף אהין זיך מתודה זיין.

— איך וועל פריהער דאַרפען אויספאָרשען, אויב איהרע רייד זיינען ריכ־טיג! און אויב זי איז א שווינדלערין, וועט זי מוזען באַשטראָפט ווערען! — האָט פערדינאַנד געזאָגט, ווענדענדיג זיינע אויגען צו דער קעניגין. — דו ברייננג זי אין פּאַלאַץ, מאָרגען, און מיר וועלען זעהן וואָס צו א הר זאָל געטהאָן ווערען פאַר דער גרויסער חוצפּה.

ווען ביטריס ענריקען איז ארויסגעקומען פון דעם ודוי־צימער, האָבען יעצט אַלע געקעגט באַמערקען איהר פולען פּנים. איהר שעהנקייט האָט אַלעמען באַ־צויבערט. פערדינאַנד האָט פון איהר זיינע אויגען ניט ארונטערגענומען און אי־זאַבעלאַ האָט עס באַמערקט און דאָס האָט נאָך איהר צאָרן פאַרגרעסערט.

ווען די קעניגליכע משפּחה האָט זיך צוריקגעקעהרט אין פּאַלאַץ אריין,

האָט איזאַבעלאַ זיך קוים געקענט באַהערשען און געפרעגט איהר קאָנפעסאָר דע טאַלאַווערא וועגען דעם מיידעל.

— ווען זי וואָלטווירקליך געהאַט זינד אויף וואָס זיך מתודה צו זיין, וואָלט איך דיר, גנעדיגע קעניגין, גאַרניט געקענט דערצעהלען וועגען איהר. אָבער זי שיינט צו זיין אַזוי יונג און אומשולדיג און זי האָט מודה געווען אויף אַ זינד, וואָס איז ווירקליך קיין זינד ניט. — האָט דער מאַנאַך געזאָגט מיט אַ שמייכעל. — זי האָט צום ביישפּיעל גערעכענט פאַר אַ זינד, דאָס וואָס זי האָט ביי זיך אין הארצען גענומען שטאָלצירען אַזוי שנעל ווי זי האָט אויסגעפונען, אַז זי שטאַמט פון דער קעניגליכער משפּחה. איך האָב איהר פאַרזיכערט, אַז דאָס איז ניט קיין זינד און אַז יעדער איינער, וואָס האָט אַ שייכות מיט דער קעניגליכער משפּחה, מעג זיין שטאָלץ אויף דעם.

— אָבער דאָס איז דאָך אונמעגליך! זי איז געווים פון זינען געריהרט! — האָט איזאַבעלאַ אויסגערופען.

— איך האָב זי געפרעגט, אויב זי איז זיכער אין דעם און זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט דאָקומענטען, וואָס באַשטעטיגען איהרע רייד.

— דאָס וועלען מיר מאָרגען זעהן! — האָט דער קעניג זיך אָפּגערופען. — איך האָב געבעטען לואיס דע סאַנטאַנגעל ער זאָל זי ברייגגען מאָרגען אין פּאַלאַץ אריין.

— פון וואַנען קומט זי? — האָט די קעניגין ווייטער געפרעגט.

— זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי קומט פון קאָרדאָווא, — האָט דער מאַנאַך געענטפערט.

— פון קאָרדאָווא! עס איז אונמעגליך! — האָט איזאַבעלאַ אויסגערופען.

— אָדער זי מאַכט אַ טעות, אָדער זי וויל אריינדרינגען אין אונזער משפּחה דורך שווינדעל!

---

אויף מאָרגען איז לואיס דע סאַנטאַנגעל געקומען אין פּאַלאַץ מיט דאָנאַ ביטריס ענריקעז.

לואיס דע סאַנטאַנגעל איז געווען פאַררעכענט פאַר דעם בעסטען פריינד פון קעניג. ער האָט געהאַלטען זעהר אַ הויכען אַמט און איז געווען דעם קעניג'ס בעל יועץ.

דער קעניג און קעניגין זיינען געזעסען אויף דעם טהראָן, ווען ביטריס ענריקעז איז אריינגעקומען אין באַגלייטונג פון לואיס דע סאַנטאַנגעל. זי איז געפאַלען אויף איהרע קניה און זיך פאַרנייגט פאַר דער קעניגליכער פּאָר.

דער קעניג האָט איהר געהייסען זיך אויפשטעלען און זיך צו איהר אָפּגערופען מיט אַ צערטליכער שטימע:

— ווי איז דיין נאָמען?

— ביטריס ענריקעז! — האָט זי געענטפערט.

— האָסטו פאַר וועמען עס איז געזאָגט, אַז דו שטאַמסט פון דער קעניגליכער משפּחה?

— יע, גנעדיגער קעניג!

— קענסטו באַווייזען, אַז דיינע רייד זיינען ריכטיג?

ביטריס האָט אַרויסגענומען איהרע דאָקומענטען און דערלאַנגט דעם קעניג.

פערדינאַנד האָט די דאָקומענטען איבערגעלעזען און האָט זיך געווענדט צו איזאַבעלאַ'ן, דערלאַנגענדיג איהר די דאָקומענטען:

— יע, זי האָט רעכט! מיין עלטער באָבע פּאַלאָמאַ ענריקעז איז געווען די מוהמע פון איהר פאָטער.

איזאַבעלאַ האָט דורכגעקוקט די דאָקומענטען און זיך געווענדט צו ביט־ריס'ן מיט א טרוקענער שטימע:

— וואו געפינט זיך דיין פאָטער?

— מיין פאָטער איז טויט, גנעדיגע קעניגין, — האָט ביטריס געענטפערט און טרעהרען האָבען אָנגעפילט איהרע אויגען. — מיין מוטער איז אויך טויט. זיי זיינען ביידע געשטאָרבען ווען איך בין נאָך גאַנץ יונג געווען.

איהרע לעצטע רייד האָבען עטוואָס געריהרט איזאַבעלאַ'ס הארץ.

— און ווער האָט דיך ערצויגען? — האָט זי איהר געפרעגט.

— מיין מוטער'ס א פריינדין.

פערדינאַנד האָט זי דורכגעדרונגען מיט זיינע בליקען. איהר שעהנקייט און רייצענדער חן האָבען איהם באַצויבערט. ער געדענקט ווי זיין מוטער פלעגט רעדען מיט אזוי פיעל באַגייסטערונג וועגען דער אויסערגעוועהנליכער שעהנקייט פון איהר באָבען פּאַלאָמאַ. מעגליך — האָט ער זיך געטראַכט — אז ווען זיין מוטער וואָלט יעצט געלעבט, וואָלט זי געזעהן א גרויסע עהנליכקייט צווישען ביטריס'ן און פּאַלאָמאַ'ן. אין הארצען האָט ער גליידך באַשלאָסען, אז ער וועט דיעזע יונגע מיידעל אָפּשטעלען אין פּאַלאַץ... זי איז דאָך זיכער באַרעכטיגט דערצו! ווי אנגענעהם איז איהם צו קוקען אויף איהר! באַלד אָבער האָט ער באַמערקט אויף זיך די שטעכיגע בליקען פון דער קעניגין און ער האָט שנעל אָפּגעווענדט זיינע אויגען פון ביטריס'ן און זיך געווענדט צו לואיס דע סאַנט־אַנגעל:

— אין וועמעס הויז אין סעוויל איז זי ביז יעצט איינגעשטאַנען?

— אין דעם שלאָס פון דיעגאָ דע שושאַן, א פריינד פון קאָרדאָוואַ האָט זי רעקאָמענדירט אהין.

— גוט! זאָל זי דאָרטען בלייבען ווייטער ביז וואַנען מיר וועלען נאָך איהר שיקען! — האָט פערדינאַנד געזאָגט און געטהאָן א קוק געטהאָן אויף דער קעניגין.

איזאַבעלאַ האָט א שאָקעל געטהאָן מיט איהר קאָפּ אַלס א צייכען, אז זי שטימט איין.

ביטריס האָט זיך נאָכאַמאָל פאַרנייגט, אָפּטרעטענדיג עטליכע טריט אויף צוריק. דע סאַנטאַנגעל האָט אויך געטהאָן דאָס זעלבע און ביידע האָבען פאַר־לאָזען דעם פּאַלאַץ.

— איך פארשטעה ניט פארוואָס דו האָסט זי גליידך ניט געהייסען אָפּשטע־לען אין פּאַלאַץ? — האָט איזאַבעלאַ זיך אָפּגערופען צו פערדינאַנד'ן, נאָכדעם ווי זיינען געבליבען אליין. — אזוי לאַנג ווי דו אנערקענסט זי אַלס דיינע א קרובה, האָט זי א רעכט דאָ צו פארבלייבען. אָבער מעגליך, אז דו צווייפעלסט נאָך אין דעם? מעגליך, אז די דאָקומענטען זיינען געפעלשטע?

— אה, ניין! איך בין איבערציינגט, אז זי איז גערעכט! — האָט פערדי־נאַנד געענטפערט. — די דאָקומענטען זיינען ריכטיגע. איך געדענק, אז מיין מו־

טער פלעגט מיר גאַנץ אָפט דערצעהלען, אז זי האָט קרובים אין קאָרדאָווא פון איהר באָבע׳ס צד.

— איך ווייס ניט פאַרוואָס דו שטאָלצירסט אזוי מיט דיין עלטער באָבע פּאַלאָמאַ? — האָט איהם איזאַבעלא פאַרגעוואָרפען. — ווען איך וואָלט געווען אויף דיין פּלאַץ, וואָלט איך אינגאַנצען געזוכט אויסצומעקען איהר נאָמען פון מיין געדעכעניש! איהר אָנדענקונג גיט דער קרוין קיין גרויסען כבוד ניט צו.

— איך זעה ניט איין פאַרוואָס איך זאָל דאַרפען זיך שעהמען מיט מיין עלטער באָבען? זי איז געווען שעהן, נאָבעל און איידעל און זי האָט געשטאַמט פון גרויסען יחום!

— יע, פון גרויסען יחום! — האָט איזאַבעלא זיך א קרים געטהאָן. — דו פאַרגעסט געווים, אז פּאַלאָמאַ איז געווען א אידין פון טאָלידאָ?...

דאָס בלוט האָט פערדינאנד׳ן א זעץ געטהאָן אין פּנים. ווענען דעם האָט ער גאָרניט געטראַכט. אמת, זי איז געווען א אידין! און אין זיינע אָדערען פליסט אידיש בלוט! אָבער ניין! עס איז אונמעגליך! ער טאָר דאָס אפילו אויף זיין געדאַנק ניט ארויפברייננען. ער האָט גאָר געהאַט ווענען דעם פאַרגעסען און יעצט קומט יענע מיידעל פון קאָרדאָווא און זי דערמאָנט איהם ווענען דעם. אָבער וואָס איז זי שולדיג? האָט ער ווייטער געטראַכט. זי טראָגט דעם זעלבען שולד ווי ער.

— ווען איך וואָלט דערפון פריהער געוואוסט, איידער מיר האָבען געהייראַט, וואָלט יעצט קאַסטיל און אראַגאָן ניט געווען פאַראייניגט אלס איין מלוכה, — האָט איזאַבעלא געזאָגט. האַלב ערנסט און האַלב אין שפּאַס. — איך וואָלט בשום אופן ניט צוגעשטימט צו דעם שידוך, ווייל דו ווייסט דאָך, אז אין מיינע אָדערען פליסט ריין קאַטוילישׁ בלוט.

— אָבער דאָס, וואָס מיין עלטער באָבע איז ניט געווען קאַטויליש, האָט גאָרניט צו טהאָן מיט מיר! — האָט פערדינאנד ווי זיך פאַרענטפערט — איך בין פאַררעכענט פאַר א גוטען און פרומען קאַטויליק.

— אָבער א פלעק בלייבט פאָרט אויף דיר! — האָט איזאַבעלא ווייטער געזאָגט. — עס איז אַן עכטער אידישער פלעק!

— און דיזען פלעק האָף איך אָפּצואוואַשען מיט אידיש בלוט! — האָט פערדינאַנד אויסגערופען און אין זיין שטימע איז געלעגען אויפרעגונג און פאַרביטערונג. — און ניט אומזיסט האָב איך פאַרלאַנגט פון פּאַפּסט, אז ער זאָל זיין בּשטימונג געבען פאַר מיין געפּלאַנטער אינקוויזיציע. איך וועל זעהן אויסראָטען אפּיקורסות פון מיין לאַנד. מיין נשמה וועט געלייטערט און גערייניגט ווערען מיט דעם בלוט פון די פאַלשע אומגעטרייע דינער פון גאָט! איך וועל זעהן, אז אלע אידען זאָלען אָננעהמען אונזער הייליגען גלויבען און דאַן וועט מיין פלעק אָפּגעווישט ווערען.

— דורך צוואַנג קען מען קיין גוטען קאַטאָליק ניט מאַכען! — האָט איזאַבעלא אויסגערופען. — איך ראַטה דיר דעריבער זיך אָפּצוהאַלטען מיט דער אינקוויזיציע און פּרובירען אַנווענדען אַנדערע מיטלען. מען וועט דאַרפען אויפקלעהרען דעם פאָלק, זיי געבען צו פאַרשטעהן, אז אויב זיי וועלען אָננעהמען די קריסטליכע רעליגיאָן, וועלען זיי געהן אין גן עדן, זיי וועלען זיין גליקליך אויף

דער וועלט ווי אויך אויף יענער וועלט און די, וועלכע וועלען בלייבען פאר'עקשנ'ט, וועלען געהן אין גיהנום.

— מיט גוטען וועט מען גארניט אויספיהרען, — האט פערדינאנד געזאגט, — וויפיעל מאל זיינען פארגעקומען וכוחים צווישען אונזערע הייליגע און די אידישע געלערנטע, און וואס האט מען אויסגעפיהרט? גאר ניט!

— איך האב וועגען דעם גערעדט מיט הערנאנדא דע טאלאווערא, און ער האט מיר אויך געראטהען פריהער אנצופאנגען מיט גוטען. ער נעהמט זיך אונטער אנצושרייבען א באזונדער בוך פאר די מאראנען וואו ער וועט זיי איבערציינען אז זייער איינציגע האפנונג ליגט אין דעם ווען זיי וועלען תשובה טהאן און צוריק ווערען אמת'ע פרומע קריסטען. זיי וועלען דאן געווינען ביידע וועלטען, — האט איזאבעלא געזאגט.

— די אידען זיינען א פער'עקשנ'ט פאלק, — האט פערדינאנד אויפגערופען, — און די מאראנען ברייגנען שאנדע און שפאט אויף דעם קריסטענטום. מיט דער קאטוילישער מאסקע וואס זיי טראגען, ווערען זיי פאררעכענט פאר קריסטען, אבער אין געהיים פיהרען זיי זיך אויף ווי אידען... זייערע געלערנטע שטארקען זייערע הערצער און לערנען מיט זיי די אידישע תורה. און איינ אזוי וואס קען א בוך אויפטהאן פאר זיי... אפילו דאס בוך זאל זיין געשריבען ביי דע טאלאווערא! ניין, ניט מיט קיין רייד וועט מען זיי קענען ברייגען צום שכל, נאר מיט דער אינקוויזיציע! ווען די וועלכע וועלען געפונען ווערען שולדיג וועלען גע'משפט ווערען ביי דער הייליגער אינקוויזיציע און וועלען בעקומען זייער פארדיענטע שטראף, וועט דאס ווערען א ביישפיעל פאר די אנדערע אומגלויביגע... די מאראנען האבען אנגעזאמעלט אזוי פיעל רייכטום וואס ער איז זיי אנגעקומען גאנץ גרינג אונטער דער מאסקע פון קאטוילים... זיי זיינען יעצט די רייכסטע לייט פון שפאניען, און אויב עס וועט אויסגעפונען ווערען אז זיי זיינען פאלשע קריסטען, דאן זיינען זיי צו זייער רייכטום ניט בארעכטיגט... דאס געלד וועט שטארק צוניץ קומען יעצט אין דער צייט ווען מיר גרייטען זיך אויף א לאנגע מלחמה מיט די מורען, און מיין שאץ-קאמער איז אויסגעליידיגט. יא, בלויז דורך צוואנג וועט אונזער ציעל ערדרייכט ווערען.

— איך וויל זיי נאך געבען א געלעגענהייט, פיעלייכט וועלען זיי תשובה טהאן, — האט די קעניגין זיך אפגערופען, — איך וועל ווארטען נאך א קורצע צייט, איך וויל זעהן וואס פאר א ווירקונג דע טאלאווערא'ס בוך וועט האבען אויף די מאראנען... אונזער מאטיוו דארף זיין א הייליגער... ווען מיר וועלען איינפיהרען די אינקוויזיציע וועט עס זיין בלויז כדי זיי זאלען תשובה טהאן און ווערען גוטע קאטוילים... אבער ניט צוליעב דעם וואס זיי זיינען אזוי רייך און אונזערע אוצרות זיינען ליידיג...

— געוויס איז מיין הויפט צוועק זיי צו באקעהרען צום קריסטענטום, אבער איך ווייס ווי פאלש זיי זיינען... זיי וועלען דארפען באשטראפט ווערען פאר דעם וואס זיי האבען געלעסטערט אונזער גאט, וואס זיי האבען אפגעהיט אידישקייט אין דער צייט וואס אויסערליך האט מען זיי געהאלטען פאר גוטע קריסטען, — האט דער קעניג געזאגט, — און דאן וועט שוין במילא זייער פארמעגען קאנפיסקירט ווערען פאר די אוצרות פון דער מלוכה. מעהר קיין צינזען קען איך אויף דעם פאלק ניט ארויפלייגען... אפילו די גייסטליכע צאהלען יעצט צינזען.

און פאַרוואָס זאָל איך ניט אריינקריגען די גרויסע פאַרמעגענס פון די אומ־גלויביגע ?... יאָ, איינעם וועמען די אינקוויזיטאָרען וועלען אויסגעפינען אז ער איז שולדיג וועט דער פאַרמאָגען פון זיין גאַנצער משפחה צוגענומען ווערען און דער שולדיגער וועט פאַרברענט ווערען.

— איך וועל פאַרזאַמלען אַלע מאַנאַכען און גייסטליכע פון סעוויל, און מיט זיי וועל איך זיך בעראַטהען וואָס צו טהאָן ! — האָט איזאַבעלאַ געזאָגט, — אַזוי לאַנג ווי מיר האָבען געקראַגען די ערלויבנים פון פּאַפּסט, וועלען מיר קיינמאָל ניט פאַרזאַמען איינצופיהרען די אינקוויזיציע... אָבער מיר דאַרפען ניט מאַכען אַ צו איבעראיילטען שריט. זאָלען די מאַראַנען ניט זאָגען אַז מיר האָבען זיי קיין געלעגענהייט ניט געגעבען חרטה צו האָבען אויף זייער זינד.

פערדינאַנד האָט געשוויגען. ער האָט געוואוסט אַז איהם אַליין וועט ניט געלינגען איבערצורייַדען די קעניגין, און כאָטש ער איז יעצט אַ גלייכער הערשער מיט איהר אַפילו איבער איהר אייגען לאַנד קאַסטיליען, האָט זי דאָך פאָרט מעהר דעה. ער האָט דעריבער בעשלאָסען זיך צו זעהן מיט די מאַנאַכען און אַנדערע גייסטליכע, וועלכע איבען אויס אַ גרויסען איינפלוס אויף דער קעניגין, מיט זייער הילף וועט איהם פיעלייכט געלינגען צו ווירקען אַז זי זאָל צושטימען דאָס מען זאָל אין גאַנץ שפּאַניען גלייך איינפיהרען די אינקוויזיציע.

## זעקסטער קאַפּיטעל

# איזאַבעלאַ שטימט צו

איינינע טעג שפּעטער ווען לואיס דע סאַנטאַנגעל איז געווען אין פּאַלאַץ אויף אַ בעראַטונג מיט דעם קעניג און קעניגין, האָט זיך איזאַבעלאַ דערמאָנט אַז ביטריס ענריקעז און האָט דורך איהם געשיקט אַן איינלאַדונג צו איהר.

— זי האָט ניט קיין עלטערען ווער עס זאָל אכטונג געבען אויף איהר, און עס איז מיין פליכט צו זעהן אַז איהר צניעות זאָל אָפּגעהיט ווערען, און אויב איהרע מידות זיינען ניט פאַרדאָרבען געוואָרען, וועל איך זי אריינעהמען אין פּאַלאַץ וואו זי וועט נאָכהער פאַררעכענט ווערען פאַר איינע פון די הויף־דאַמען.

— איך וועל דעם פאַרלאַנג פון דער קעניגין ערפילען ! — האָט זיך דע סאַנטאַנגעל פאַרנייגט, — ווען זאָל זי קומען ?

— זאָל זי קומען מאָרגען ! — האָט איזאַבעלאַ געזאָגט און געוואָרפען איהרע בליקען אויף דעם קעניג. זי האָט געוואָלט זעהן ווי וויט ער איז פאַר־אינטערעסירט אין זיין שעהנער קרובה. ווען זי האָט באַמערקט אַ גלייכגילטיג־קייט אויף זיין פּנים, האָט זי זיך בערוהיגט.

ווען ביטריס איז צום צווייטען מאָל געקומען אין פּאַלאַץ, האָט איזאַבעלאַ איהר ארויסגעצייגט מעהר פריינדליכקייט. זי האָט מיט איהר פאַרבראַכט אַ היבשע ווייַלע, אויסגעפרעגט אַלע איינצעלהייטען פון איהר קינדהייט.

אויף דעם קעניג האָט די וואונדער־שעהנע יונגע ביטריס געמאַכט יעצט נאָך אַ גרעסערען איינדרוק. איהר רייצענדע שעהנקייט האָט איהם בעצויבערט אָבער וויסענדיג ווי שרעקליך אייפערזיכטיג די קעניגין איז ווען זי באַמערקט אַז ער ציינט ארויס צופיעל אויפמערקזאַמקייט צו איינער פון די הויף־דאַמען, האָט ער זיך אין גאַנצען צוריקגעצויגען און אַפילו ניט אריין אין אַ געשפּרעך

מיט ביטרים׳ן אין דער געגענוואַרט פון איזאַבעלאַ׳ן. ער האָט זעהר געוואָלט אַז ביטרים זאָל אָפּגעשטעלט ווערען אין פּאַלאַץ, און טאַקע דאַריבער האָט ער בעשלאָסען זיך ניט צו מישען.

די קעניגין האָט אָפּגעשטעלט ביטרים׳ן אין פּאַלאַץ. זי האָט זי גענומען אונטער איהר אויפזיכט. די ערשטע זאַך וואָס זי האָט פאַר ביטרים׳ן געטהאָן, איז אָנצושטעלען פאַר איהר אַ גרויסען לעהרער וועלכער זאָל מיט איהר לערנען די הייליגע רעליגיע. כאָטש ביי דער קעניגין איז קיין צווייפעל ניט געווען אַז ביטרים ענריקעז איז אַ פרומע און גוטע קאַטוילִיקין, האָט זי אָבער געוואָוסט אַז זי האָט ניט געקראָגען קיין ריכטיגע גוטע קאַטוילִישע ערציהונג.

זי האָט זיך בעראַטען מיט דעם קעניג און עס איז ביי ביידען בעשלאָסען געוואָרען אָנצושטעלען דעם בעוואוסטען גייסטליכען פּעדראָ ארבועז, וועלכער איז דאַן געווען דער ״ודוי פאַטער״ פון די נאָנעס פון דעם מאָנאַסטיר אין סעוויל.

איזאַבעלאַ האָט אויך געזעהן אַז איהר קאָנפעסאָר הערנאַנדאָ דע טאַלאַ־ווערא זאָל ״בעלייכטען״ דעם קעניג׳ס קרובה ווענען איהר פּליכט צו דער קירכע און זאָרגען פאַר איהר נשמה.

אייניגע וואָכען זיינען פאַרביי און ביטרים ענריקעז האָט זיך געפונען אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ. זי פלעגט דאָרטען זעהן די אַלע וויכטיגע לייט וועלכע פלעגען באַזוכען דעם פּאַלאַץ. גאַנץ אָפט פלעגט זי דאָרטען זעהן לואיס דע סאַנטאַנגעל און דאָן יצחק אבארבאַנעל.

דער גייסטליכער פּעדראָ ארבועז, ביטרים׳ס לעהרער, האָט זיין פּליכט גע־טהאָן מיט גרויס בעגייסטערונג. ער האָט געלערנט מיט איהר די קאַטוילִישע ״לעהרע״, און זיין הויפּט עובדא איז געווען איינצופלאַנצען אין איהר האַס צו אידען און צו די מאַראַנען.

— די אידען זיינען אַ פאַרשאָלטען פאָלק, — האָט ער מיט איהר געלערנט.

— און די מאַראַנען, די פאַלשע קריסטען, זיינען די פאַרשאָלטענע פון די פאַר־שאָלטענע!

זעהר שווער און אונאַנגענעהם איז פאַר ביטרים׳ן געווען צו הערען אַזאַ ״תורה״ פון איהר לעהרער. אָבער זי האָט עס אַלעס אַראָפּגעשלונגען און געמאַכט אַז זי שטימט איין מיט יעדען וואָרט וואָס קומט אַרויס פון זיין הייליג מויל.

זייענדיג אין פּאַלאַץ האָט זי איינגעזהן וואָס פאַר אַ שווערע אויפגאַבע זי האָט אויף זיך גענומען. עס איז איהר גאַנץ אָפט אויסגעקומען צו הערען ווי אַזוי די בעאַמטע ריידען מיט אַזוי פיעל גיפט און שנאה ווענען די אידען און מאַראַנען, און זי האָט געוואוסט אַז ווען זי זאָל בלויז איין גוט וואָרט זאָגען ווענען זיי, וועט זי זיך גלייך פערראַטהען. זי האָט דאַריבער געוואַרט אויף אַ געלעגענהייט. איהר ערשטווינונג איז גרויס געווען ווען זי האָט אויסגעפונען אַז דער קעניג איז מעהר נייגעריג איינצופיהרען די אינקוויזיציע אין שפּאַניען ווי די קעניגין. זי וועט דאַרפען ריידען מיט איהם אַליין ווען זי וועט האָבען אַ געלעגענהייט.

ביטרים האָט לעצטענס באַמערקט ווי דער קעניג וואַרפט גאַנץ אָפט פריינד־ליכע בליקען אין איהר ריכטונג, און דאָס האָט איהר האָפנונג פאַרשטאַרקט אַז זי וועט זיין ערפאָלגרייך. זי ווייס אַז די אויגען פון אַלע אידען און מאַראַנען פון שפּאַניען זיינען געווענדעט צו איהר און זי וועט דאַרפען זעהר פאָרזיכטיג

האַנדלען. דער קעניג וועט קיינמאָל ניט טאָרען פאַרדעכטיגען אַז דאָס וויל זי זיך איינשטעלען פאַר די מאַראַנען.

---

מיט גרויס אומגעדולד האָבען דע שושאַן און די איבריגע מאַראַנען געוואַרט צו הערען וואָס פאַר א פאָרטשריט ביטריס ענריקעז האָט געמאַכט. פאַרשידענע טרויעריגע קלאַנגען האָבען זיך צו זייערע אויערען דערטראָגען, זיי האָבען אויסגעפונען אַז פיעלע פון די פאַנאַטישע און פינסטערע מאָנאַכען און גייסטליכע פון פאַרשידענע טיילען פון שפּאַניען קומען אַן אין סעוויל. זיי זוכען צו בעאיינפלוסען די קעניגין אַז מען זאָל באַלד איינפיהרען די אינקוויזיציע. יעדער פון זיי האָט ערוואַרטעט צו קריגען א גוטען אמט ווען די רעדער פון דער אינקוויזיציע וועלען זיך נעהמען ריהרען. און אַט האָט מען זיך דערוואוסט אַז א גרויסע פאַרזאַמלונג פון אַלע בישאָפען, מאָנאַכען און אַנדערע גייסטליכע וועט פאָרקומען, און די קעניגין וועט זיין די פאָרזיצערין.

א שרעק האָט אַלעמען אָנגענומען. ווען איזאַבעלא וועט נאָר געבען איהר צושטימונג וועט שוין זיין פאַרפאַלען.

לואיס דע סאַנטאַנגעל האָט זיך געזעהן מיט הערנאַנדאָ דע טאַלאַווערא. ער האָט איהם דערצעהלט אַלעס וועגען אברהם זאַקוטא'ן און זיין עצה איז, אַז ביטריס ענריקעז זאָל ווירקען אויף דעם קעניג.

— איך האָב אַלעס מעגליכע געטהאָן צו ווירקען אויף דער קעניגין זי זאָל זיך ניט איילען צו געבען איהר צושטימונג! — האָט דע טעלאַווארא געזאָגט צו דע סאַנטאַנגעל, — איך האָב איהר איבערצייגט אַז דורך צוואַנג קען מען קיין גוטע קאַטוילִיקען ניט מאַכען. איך האָב איהר פאַרשפּראָכען אָנצושרייבען א בוך וואָס זאָל איבערצייגען די מאַראַנען די וויכטיגקייט פון אונזער רעליגיע און איך האָב איהר פאַרזיכערט אַז דאָס וועט אויף זיי ווירקען א סך בעסער ווי די אינקוויזיציע. איך האָב אָבער מורא אַז מיין מיה איז אומזיסט. דער קעניג איז זעהר פאַר'עקשנ'ט. ער האָט געוואָרפען אַן אויג אויף דעם רייכטום פון די מאַראַנען, און ער ווייס אַז מיט דער איינפיהרונג פון דער אינקוויזיציע וועט ער קענען אַריינקריגען די רייכטימער פון אַלע מאַראַנען.

— און דו גלויבסט אַז מיר האָבען ניט אויף וואָס צו האָפען? — האָט דע סאַנטאַנגעל געפרעגט.

— די איינציגע האָפנונג איז טאַקע ביטריס ענריקעז... איך ווייס אַז פערדינאַנד האַלט זעהר פיעל פון איהר, אָבער די צרה איז, אַז זיי האָבען אָנגעשטעלט פאַר איהר זעהר א שלעכטען לעהרער, פּעדראָ אַרבועז... און מיר דוכט זיך אַז ער האָט אויף איהר זעהר פיעל געווירקט... זי איז געוואָרען אַזוי פרום, נאָך פרימער פון דער קעניגין אַליין.

— איך האָב זיך מיט איהר ניט לאַנג צוריק געזעהן, און זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי זוכט א געלעגענהייט צו ריידען מיט דעם קעניג, אָבער זי וועט וואַרטען ביז נאָך דער גרויסער פאַרזאַמלונג. פון איהרע רייד איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אַז זי וועט דורכפיהרען וואָס זי האָט זיך אונטערגענומען. איך האָף אַז זי זאָל זיין ערפאָלגרייך, — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל געזאָגט.

— ווען דו וועסט זי זעהן א צווייטען מאָל, זאָלסטו איהר זאָגען, אַז זי מעג מיר אַלעס אָנפערטרויען, דאַן וועל איך איהר מעגליך קענען בעהילפיג זיין

מיט א ראטה. איך וועל איהר קענען אָנדייטען ווען די גינסטיגע צייט איז צו ריידען מיט דעם קעניג. אָבער צום אלעם ערשטען, מוזטו זיין איבערצייגט אז מען קען זיך אויף איהר פארלאָזען.

— אין דעם איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט. ביטריס ענריקעז באזיצט אן איידעלע נשמה און זי איז איבערגעבען צום ציעל און צוועק מיט איהר גאנצען לייב און לעבען, — האָט לואיס דע סאנטאנגעל גערנטפערט, — און יעצט, זאָג מיר, ווערסטו אויך אנוועזענד זיין אויף דיזער פארזאמלונג?

— יא, די קעניגין ווינשט אז איך זאָל זיין. איך וועל מוזען צוגעבען אז די איינפיהרונג פון דער אינקוויזיציע איז א נויטווענדיגקייט, אָבער איך וועל פאָרשלאָגען אז פריהער זאָל מען פרובירען מיט גוטען... איך ווייס ניט אויב מען וועט זיך צו מיינע רייד צוהערען, אָבער כדי מיינע רייד זאָלען האָבען די געווינשטע ווירקונג, וועל איך מוזען ארויסקומען מיט פארביטערונג געגען די מאראנען, איך וועל מוזען טאדלען די אלע וועלכע זיינען קריסטען אין דער עפענטליכקייט און אידען אין פארבאָרגענהייט... דו אָבער, פון דיין זייט, דארפסט אָנזאָגען אלע דיינע ברידער אז פון היינט אָן זאָלען זיי זיין וואָס מעהר פאָרזיכטיג. ווייל אזוי שנעל ווי די אינקוויזיציע וועט איינגעפיהרט ווערען, וועלען זיך איבער דעם גאנצען לאנד פארשפרייטען שפּיאָנען, און אויב עס וועט פאלען דער קלענסטער פערדאכט, וועט ער איבערגעבען ווערען אין די הענד פון די אינקוויזיטאָרען... און אויב די קעניגין וועט פארלאנגען איך זאָל אָנשרייבען א בוך וועגען די שטראָף וואָס ערווארטעט די אומגלויביגע און ניט־פרומע קאטויליקען, וועל איך דאָס טהאָן, אָבער זאָג אָן דיינע ברידער, אז זיי זאָלען ניט נעהמען ערנסט דאָס וואָס איך וועל ארויסקומען מיט אזעלכע שארפע רייד געגען זיי... פיעלייכט וועט עס פאר זיי זיין א טובה.

---

די גרויסע פערזאמלונג פון אלע גייסטליכע אונטער דעם פאָרזיץ פון דער קעניגין איז פאָרגעקומען אין סעוויל.

אלע האָבען גערעדט מיט ביטערקייט און גאל געגען די מאראנען און די אידען, און רעקאָמענדירענדיג אז די אינקוויזיציע זאָל גלייך איינגעפיהרט ווערען, כדי די זינדיגע זאָלען באלד בעשטראָפט ווערען.

— מיר האָבען גענוג געליטען פון די פאלשע קריסטען! — האָט דער גייסטליכער סאן מארטין אויסגערופען, — זיי האָבען געבראכט שפּאָט און שאנדע צו אונזער גלויבען! זיי לעבען א לעבען פון אָפּנארעריי און בעטריגעריי... זיי בעזוכען אונזערע קירכען, אָבער זייערע הערצער זיינען אין זייערע שוהלען. מיר האָבען זיי ארייננענומען אין אונזער געזעלשאפט, און א דאנק דער קריסטליכער מאסקע וואָס זיי טראָגען, זיינען זיי ערפאָלגרייך אין זייערע אונטערנעהמונגען. זיי האלטען יעצט די גרעסטע עמטער אין דער מלוכה... געוועהנליך צווישען זיי געפינען זיך אויך עהרליכע קריסטען, אָבער דאָס רוב פון זיי זיינען פאלש און די איינציגע רפואה צו דיזער אָנגעווייטאָגטער מכה איז די אינקוויזיציע . . . די אינקוויזיטאָרען וועלען שוין אויספאָרשען און זעהן וועלכער איז א גלויביגער און וועלכער איז פאלש... יא, מיין עצה איז, אז מען זאָל די אינקוויזיציע גלייך איינפיהרען, כדי די מגפה פון די פאלשע קריסטען זאָל זיך ניט פארשפּרייטען.

מיט גרוים פארביטערטקייט, פול מיט גיפט און אידען־האס, האט גערעדט דער גלח בערנאלדעז. זיין פנים איז רויט געווארען פון צארן און זיין גאנצער קערפער האט געציטערט ווען ער האט ארויסגערעדט דאס ווארט "איד".

— די מאראנען זיינען דאס פארשאלטענע פאלק פון אונזער ואט! — האט בערנאלדעז אויסגערופען דריקענדיג זיינע פויסטען, — זיי זיינען גרויסע פרעסערס און זויפערס. זיי עסען ציבעלע און קנאבעל געפרעגעלט אין איל. זייערע פליישען פרעגלען זיך אין איל אנשטאט שווייניען־שמאלץ, דאריבער הערט זיך א שרעקליכער גערוך פון זייערע הייזער, און אלס אידען האבען זיי נאך זייער אייגענארטיגען שלעכטען גערוך וואס דאס פאלשע שמד'ן זיך האט פון זיי ניט ארונטערגענומען. זיי עסען מצות אום פסח, און זייערע רבנים קומען פארבארגענערהייט אין זייערע הייזער און קוילען זייערע עופות... ווען זיי קומען אין קירכע זיך מתודה זיין, טהוען זיי דאס ניט מיט'ן פולען הארצען. זיי האבען ניט קיין געוויסען, זיי זיינען פויל און ווייסען נאר פון פרעסען און זויפען. זיי טהוען קיינע ארבייט ניט און לערנען זייערע קינדער ווי צו זיין פויל, זיי זאלען פרעסען וואס מעהר און וואס ווינציגער ארבייטען. זיי באשווינדלען און בע־רויבען די קריסטען, און ברייננגען גרוים שאנדע צו זיין "הייליגען נאמען". יא, די אינקוויזיציע מוז גלייך אנפאנגען טהאן איהר ארבייט. פארברענען דארף מען די אלע שולדיגע, אויסראטען און אויסווארצלען זיי פון צווישען אונז.

אין דעם זעלבען גייסט האט גערעדט דער "ודוי פאטער" פעדרא ארבועז, וועלכער איז געווען ביטרים'עם לעהרער.

צום לעצטען האט גערעדט הערנאנדא דע טעלאווערא. זיינע לאגישע רייד וואס ער האט מיט געלאסענהייט גערעדט, האבען אויף דער קעניגין געמאכט זעהר א שטארקען איינדרוק.

— איך מוז אויפהויבען מיין שטימע און זאגען, אז די פריהערדיגע גייסט־ליכע האבען ניט ריכטיג גערעדט וועגען די אידען. ווען עס וואלט געווען אמת, אז די אידען זיינען אזא נידריג פאלק וואס באזיצט די אלע אויסגערעכענטע חסרונות, וואלטען מיר, אלס אמת'ע קריסטען, ניט בעדארפט זיין אזוי נייגעריג צו באקעהרען זיי צום קריסטענטום. פארוואס זאלען מיר זוכען צו האבען קרים־טען וועלכע זיינען אזוי פארדארבען? ניין, דאס איז ניט ריכטיג! אלס פאלק שטעהן די אידען ניט נידריגער פון אלע אנדערע פעלקער. זיי באזיצען אויסער־געוועהנליכע פעהיגקייטען. און דאריבער זיינען מיר אזוי נייגעריג זיי ארייננצו־נעהמען צו אונז און פאררעכענען זיי אלס אונזערע ברידער... ווען די באשול־דיגונג וואס מיינע פריינד האבען געווארפען אויף די אידען, וואלטען געווען ריכטיג, וואלט איך געווען דער ערשטער ארויסצוקומען און פאדערען פון איהר מאיעסטעט, די קעניגין, א געזעץ וואס פארבאט ארייננצונעהמען אידען אלס קריסטען. און אויב מיר זיינען זעהר נייגעריג צו באקעהרען די אידען צום קרים־טענטום, איז דאס דען אליין ניט קיין באוויין אז די אידען זיינען ניט נידריגער פון אונז אלס פאלק?... מיר ווילען זיי בלויז עפענען די אויגען צו זעהן די גרויסקייט פון אונזער אמונה. אונזער פערלאנג איז אז זיי זאלען זיין גוטע און פרומע קאטויליקען.

— און וואס איז מכח די מאראנען, די פאלשע קריסטען?! — האט פעדרא ארבועז אונטערבראכען זיינע רייד.

— יאָ, די פאַלשע קריסטען מוזען זייער שטראָף בעקומען, די אינקוויזיציע וועט דארפען איינגעפיהרט ווערען, אבער מיר מוזען זיי געבען א געלעגענהייט תשובה צו טהאָן... גאָט וויל ניט בעשטראָפען א מענשען איידער ער האָט א געלעגענהייט חרטה צו האָבען אויף זיינע זינד און תשובה צו טהאָן! איך לעג דאריבער פאָר אז די אינקוויזיציע זאָל אָנגענומען ווערען, אבער די דורכפיהרונג פון דער אינקוויזיציע זאָל אָפּגעלייגט ווערען אויף צוויי יאָהר צייט, און דער־ווייל וועלען מיר ארויסקומען מיט אן ערקלעהרונג וועגען קריסטענטום, מיר וועלען זיי איבערצייגען די ערהאַבענקייט פון אונזער רעליגיאָן, און זיי וועלען איינזעהן זייער טעות און ווערען גוטע עהרליכע קריסטען מיט'ן גאַנצען הארצען. און ווען נאָך צוויי יאָהר צייט אז מיר וועלען אויסגעפינען אז איינינע פון די זיינען געבליבען פאַר'עקשן'ט און זיי זיינען נאָך אַלץ פאַלש צום קריסטענטום, דאַן וועלען יענע בעשטראָפט ווערען דורך דער אינקוויזיציע.

דע טעלאַווערא'ס רייד זיינען געפעלען געוואָרען דער קעניגין, און זי האָט זיך אָפּגערופען:

— איך שטים איין איינצופיהרען די אינקוויזיציע איבער מיין גאַנצען לאַנד, אבער איך נעהם אָן דעם פאָרשלאָג פון מיין קאָנפעסאָר צו געבען די זינדיגע א געלעגענהייט תשובה צו טהאָן... די אינקוויזיציע וועט אריין אין קראַפט אין צוויי יאָהר ארום.

בליץ שנעל האָט זיך פאַרשפּרייט די נייעס, אז די קעניגין האָט געגעבען איהר צושטימונג איינצופיהרען די אינקוויזיציע אין שפּאַניען.

פיעלע פון די קריסטען וועלכע האָבען מיט אויגען פון קנאה געקוקט אויף די רייכע מאראַנען, אויף זייער גרויסען ערפאָלג, זיינען בערוישט גע־וואָרען פון גרוים פרייד. יעצט איז געקומען זייער צייט זיך אָפּצורעכענען מיט די מאראַנען... איין קליינע מסירה'לע וועט זיין גענוג אומצובריינגען דעם חשוב'סטען פון זיי.

די מאראַנען האָבען באגריפען די גרויסע געפאַהר וואָס לויערט אויף זיי ווען די אינקוויזיציע וועט אריין אין קראַפט. אפילו די יעניגע וועלכע האָבען אין גאַנצען אָפּגעבראָכען מיט די אידען און זיינען באמת געוועזען געטרייע קריסטען, האָבען זיך אויך געשראָקען. ווייל קיינער איז ניט געוועזען זיכער פון פאַלשע מסירות.

ווידער אמאָל האָבען זיך די מאראַנען פאַרזאַמעלט אין דעם געהיימען פּלאַץ פון דיעגאָ דע שושאַן'ס שלאָס און גענומען ארומריידען זייער טרויעריגע און פינסטערע לאַגע.

לואיס דע סאַנטאַנגעל האָט באריכטעט דעם פאַרטשריט וואָס ביטרים ענריקעז האָט געמאַכט אין פּלאַץ.

— זי האָט זיך שטאַרק בעליעבט געמאַכט ביי דער קעניגין. דער קעניג ציינט איהר ארוים בעזונדערע פריינדשאַפט ווען איזאַבעלאַ באַמערקט ניט, — האָט ער געזאָגט, — ווער ווייס, פיעלייכט וועט זי נאָך ברייננען א הילף צו איהרע ברידער אין דער צייט פון זייער גרויסער נויט, אזוי ווי אסתר המלכה האָט געטהאָן צו איהרע ברידער פון פּערסיען... דאָס וואָס די אינקוויזיציע געהט ניט אריין אין קראַפט באַלד, האָבען מיר צו פערדאַנקען הערנאַנדאָ דע טעלאַ־ווערא, ער האָט איינגעזעהן אז אין גאַנצען צונישט מאַכען דעם פּלאַן פון דער

אינקוויזיציע איז אונמעגליך, האָט ער אַם וויינינגסטען געזעהן אז עס זאָל אָפּגעלייגט ווערען אויף צוויי יאָהר, דערווייל וועלען מיר האָבען א געלעגענהייט צו בעטראַכטען וואָס פאַר א מיטלען מיר קענען אַנווענדען געגען דער טרויעריגער גזרה.

— ווי עס ווייזט אויס, קענען מיר שוין קיין סך האָפנונג ניט לייגען אויף ביטרים ענריקען! — האָט זשואַן אבאַלאַפיאַ זיך אָפּגערופען, — פערדינאַנד אַליין איז דאָך געווען מעהר נייגעריג איינצופיהרען די אינקוויזיציע, ווי די קעניגין, און יעצט אז איזאַבעלאַ האָט איהר צושטימונג געגעבען, וועט שוין זיין גאַנץ שווער פאַר ביטרים'ן צו ווירקען אויף דעם קעניג ער זאָל די גזרה צוריקציהען.

— די שאַנסען זיינען גאַנץ שוואַכע, אָבער ניט אין גאַנצען האָפנונגסלאָז, — האָט דע סאַנטאַנגעל געזאָגט, — ביטרים איז א זעלטענע שעהנהייט און די מאַכט וואָס א שעהנע פרוי באַזיצט קען ריהרען אפילו די פאַרשטיינערטע הארץ פון דעם קעניג פערדינאַנד.

— מיר קענען יעצט קיין בעשטימטעס ניט בעשליסען, — האָט דיעגאָ דע שושאַן זיך אָפּגערופען, — מיר וועלען וואַרטען נאָך א קורצע צייט און זעהן וואָס ביטרים ענריקען וועט קענען אויפטהאָן, און דערווייל וועלען מיר מוזען זיין נאָך מעהר פאָרזיכטיג ווי פריהער. אונזערע קינדער אפילו טאָרען גאָרנישט פאַרדעכטיגען. מיר דאַרפען זיך היטען פון די אַנדערע מאַראַנען ווייל מיר זיינען ניט אין גאַנצען זיכער, אז זיי זיינען פאַרבליבען געטרייע אידען אין זייערע הערצער.

— איך האָב זיך געזעהן מיט ביטרים'ן און איהר געזאָגט אז דע טעלאַווערא'ן מעג זי אַלעס אָנפערטרויען, ווייל ער ווייס דעם גאַנצען צוועק פון איהר קומען אין פּאַלאַץ, און אז ער וועט איהר זעהן צו העלפען ווי ווייט מעגליך זי זאָל איהר ציעל ערדרייכען, — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל געזאָגט, — און יעצט האָף איך אז עס וועט לאַנג ניט נעהמען און מיר וועלען וויסען אויב מיר האָבען אויף וואָס צו האָפען... עס פאַרשטעהט זיך, אז דאָס איז זעהר א ריזיקאַלישע אונטערנעהמונג, ווייל די אייפערזיכטיגע אויגען פון דער קעניגין זיינען שטענדיג אָפען, און ביטרים קען זעלטען קריגען א געלעגענהייט צו ריידען מיט דעם קעניג אַליין, אונטער פיער אויגען.

— מיך וואונדערט נאָר ווי אַזוי איזאַבעלאַ האָט אָפּגעשטעלט ביטרים'ן אין פּאַלאַץ! — האָט מאַנועל סאַלי געזאָגט, — אַלע ווייסען אז זי איז אייפערזיכטיג אויף יעדער שעהנער דאַמע וואָס געפינט זיך אין פּאַלאַץ.

— פערדינאַנד האָט זעהר כיטרע געהאַנדעלט, — האָט דע סאַנטאַנגעל געזאָגט, — ער האָט זעהר שטאַרק געוואָלט אז ביטרים זאָל פאַרבלייבען אין פּאַלאַץ, אָבער ער האָט געוואוסט אז ווען ער זאָל עס פאָרשלאָגען פאַר איזאַבעלא'ן, אָדער אז ער זאָל ארויסצייגען די מינדעסטע נייגעריגקייט, וואָלט זי שוין אין פּאַלאַץ ניט פאַרבליבען, דעריבער האָט ער ארויסגעוויזען גלייכגילטיגקייט... ער האָט זיך אפילו ניט אומגעקוקט אויף איהר, און צוליעב דעם האָט איזאַבעלאַ איהר געהייסען פאַרבלייבען אין פּאַלאַץ. דע טעלאַווערא האָט מיר אָנפערטרויט, אז ווען די קעניגין באַמערקט ניט, נעהמט פערדינאַנד זיינע אויגען ניט אַרונטער פון ביטרים'ן.

— אָבער עס איז שטאַרק צום בעדויערן אז דער פאַרביסענער אידען־פרעסער פּעדראָ ארבועז איז בעשטימט געוואָרען פאַר איהר לעהרער, — האָט דע שושאַן געזאָגט, — נאָך אַלעמען האָבען מיר נאָך ניט באַוויזען איינצופלאַנצען אין איהר אַ ליעבשאַפט צו איהרע ברידער, און מעגליך אז ער וועט נאָך איהר בעאיינפלוסען געגען אונז.

וועגען דעם דאַרפען מיר זיך ניט שרעקען — האָט דאַן יצחק אבאַרבאַנעל געזאָגט — ביטריס ענריקעז וועט אימער בלייבען געטריי איהרע ברידער... קיינער וועט איהר ניט קענען בעאיינפלוסען, ניט אפילו דער רשע און צורר היהודים — פּעדראָ ארבועז. דער טויט פון איהרע עלטערן וועט איהר שטענדיג דערמאָהנען איהרע פליכטען צו איהרע ברידער.

— יע, וואָס עס איז יעצט פאַר אונז געבליבען, איז צו וואַרטען און האָפען און אויב חלילה זי וועט דורכפאַלען, דאַן וועלען מיר מוזען נעהמען אַ גאַנץ אַנדערען שריט! — האָט דע שושאַן געזאָגט.

---

לאַ פערמאָסאַ האָט אָנגעהויבען פיהלען אז די געהיימנים אין איהר פאַטער'ס הויז ווערט טיעפער... זי האָט עס דערקענט פון די פערזאָרגטע פּנים'ער פון איהרע עלטערן, פון די אָפטע געהיימע פערזאַמלונגען וואָס קומען פאַר אין איהר פאָטער'ס שלאָס און איהר פערדאַכט איז שטאַרקער געוואָרען. די עטליכע טעג וואָס ביטריס ענריקעז האָט זיך אויפגעהאַלטען אַלס אַ גאַסט פון איהרע עלטערן, האָט זי זיך מיט איהר זעהר בעפריינדעט. זי האָט געזוכט צו דערגעהן פון איהר עפּעס, אָבער ביטריס האָט זעהר ווינציג גערעדט... און דאָ איז זי פּלוצלונג אוועקגערופען געוואָרען אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ.

פריהער איז ביי איהר קיין צווייפעל ניט געווען אַז ביטריס'עס בעזוך אין איהר פאָטער'ס שלאָס איז פערבונדען מיט אַ געהיימניספאָלע שליחות, אָבער וואָס דאָס איז האָט זי ניט פערשטאַנען... יעצט אז די קעניגין האָט זי אָפּגעשטעלט אין פּאַלאַץ, איז איהר פערדאַכט פאַראיבער... וואָס קען אַזאַ יונגע שעהנע מיידעל, וועלכע שטאַמט פון דער קעניגליכער משפּחה, האָבען צו טהאָן מיט די מאַראַנען? — האָט זי ביי זיך געטראַכט און האָט בעשלאָסען זיך דורכצורעדען מיט איהר געליעבטען וועגען דעם.

ווען זי האָט זיך מיט איהם געטראָפען, האָט זי זיך גלייך אָפּגערופען: — דו ווייסט אז די קעניגין האָט אָפּגעשטעלט ביטריס ענריקעז אין איהר פּאַלאַץ. ווי עס ווייזט אויס איז זי ווירקליך פערוואַנדט צום קעניג.

— געוויס ווייס איך! מען האָט גלייך געקענט זעהן אַז איהר אַז זי שטאַמט פון דער קעניגליכער משפּחה — האָט דאָן מאַרטין געזאָגט און גלייך צוגעגעבען אָבער דו מיין געליעבטע, קוקסט אויך אויס צו זיין ווי אַ פּרינצעסין!

— דו מוזט אַליין צוגעבען אז ביטריס ענריקעז איז אַ סך שעהנער פון מיר! — האָט לאַ פערמאָסאַ געשמייכעלט מיט עטוואָס אייפערזוכט.

— אין מיינע אויגען ביזטו די שעהנסטע אין גאַנץ שפּאַניען — האָט ער זי אַ קוש געטהאָן — מיין ליעבע צו דיר ווערט שטאַרקער מיט יעדען טאָג... די עטליכע טעג וואָס זיינען פאַריבער און איך האָב דיך ניט געזעהן זיינען פאַר מיר געווען ווי יאָהרען... אַה, מיין טייערע, ווען דו וואָלסט וויסען וויפיעל גליק דו פאַרשאַפסט מיר מיט דיין קומען, וואָלסטו אָפטער געקומען זיך זעהן

מיט מיר... און מיר ניט לאָזען ווארטען גאַנץ אַפּט היבשע עטליכע טעג, פון איין מאָל ביז דעם צווייטען מאָל...

— דו ווייסט דאָך מיין ליעבסטער אַז איך מוז זעהר פאָרזיכטיג זיין... מיינע עלטערען טאָרען קיינמאָל ניט אויסגעפינען פון אונזערע בעגעגענישען און דאריבער בין איך גאַנץ אָפּט געצוואונגען דיך צו ענטטוישען.

— אפשר וואָלט געווען ווידער מעגליך, איך זאָל קומען דיך זעהן אין דיין פאָטער׳ס שלאָס. איך וועל קומען צו דעם פערבארגענעם פּלאַץ, וואו איך פלעג קומען פריהער... איך וועל ווארטען אויף דעם סיגנאַל... און אויב דו וועסט מיר אָנווינקען אַז דו קענסט זיך מיט מיר ניט זעהן יענעם אָוונד, וועל איך זיך שנעל אָפּטראָגען — האָט דאָן מארטין געזאָגט.

— ניין, דאָס איז אונמעגליך! — האָט לאַ פערמאסא איהם געענטפערט— זינט יענע נאַכט, געהט מיין מוטער ניט שלאָפען איידער זי קוקט זיך גוט ניט ארום, און איבערצייגט זיך אַז קיינער געפינט זיך ניט אין שלאָס...

— דען מוזטו מיר פערשפּרעכען צו קומען אהער וואָס אָפטער! — האָט דאָן מארטין זי צוגעדריקט צו זיך... אויף דיעזען פּלאַץ וועט אונז קיינער ניט בעמערקען. יעצט זאָג מיר מיין טייערע וואָס האָסטו אויסגעפינען? האָסטו געהאט א געלעגענהייט ארונטערצוגעהן אין יענעם געהיימען הייהל?

— ניין! איך האָב זיך זעהר געשראָקען אַז מען זאָל ניט בעמערקען אַז איך פערדעכטיג עפּעס... דו ווייסט דאָך ווי פאָרזיכטיג איך דארף זיין... איך האָב בעמערקט אַז מיינע עלטערען פערבארגען פיעלע זאַכען פון מיר און אפילו ווען ביטרים ענריקעז איז ביי אונז געווען, איז אַלעס געווען א געהיימניס. איך האָב געפרעגט מיין מוטער פארוואָס מען בעהאַלט זיך פון מיר אין פיעלע זאַכען, אָבער זי האָט מיר געענטפערט אַז מיר דוכט זיך דאָס... אָבער ביז וואַנען איך האָב זיך איבערצייגט אַז ביטרים איז ווירקליך א קרובה פון דעם קעניג, האָב איך אויך איהר קומען אהער פערדעכטיגט!

— האָסטו דען עפּעס בעמערקט וואָס האָט דיר בעוואויגען צו פערדעכטי־גען? — איז דאָן מארטין נייגעריג געוואָרען.

— המ... יע! — האָט לאַ פערמאסא זיך ניט געקענט בעשליסען אויב איהם צו זאָגען — עס זיינען געווען אייניגע זאַכען.

— וואָס, צום ביישפּיעל?

— ווען געסט זיינען געקומען צו אונז, האָט מיין מוטער צו מיר א וואונש געטהאָן און מיר ביידע האָבען פערלאָזען דעם צימער. ביטרים איז מיט זיי פערבליבען.

— און ווער זיינען געווען די געסט?

— די זעלבע וועלכע בעזוכען אונז אָפּט.

— זיינען די צוויי אידען, אבארבאנעל און סינאר אויך געווען?

— יע, זיי זיינען געווען צוזאמען מיט די אנדערע.

— יעצט פערשטעה איך! — האָט דאָן מארטין אויסגערופען — ווען זיי האָבען אויסגעפונען אַז ביטרים ענריקעז איז פערוואַנדעט צו דעם קעניג, האָבען זיי וואהרשיינליך געוואָלט זי זאָל זיך משתדל זיין פאַר די מאראַנען! אָבער דאָס וועט זיי ניט געלינגען... די קעניגין האָט פאַר איהר אָנגעשטעלט א גוטען לעהרער פּעדראָ ארבועז, ער איז זעהר בעפריינדעט מיט מיין פאָטער

און ער האָט איהם דערצעהלט, אז ביטרים איז זעהר א פרומע קאטויליקין, און אלס אזעלכע האסט זי געוויס די אידען און די מאראנען. און אויב איהר שנאה צו די מאראנען האָט נאָך ניט געשלאָגען קיין ווארצלען, וועט שוין פּעדרא ארבועז איינפלאנצען אין איהר די שנאה. מען קען זיך אויף איהם פערלאזען! אבער דו, מיין טייערע, מוזט זעהן צו העלפען דיינע עלטערען, און אויב דו געפינסט אוים אז די מאראנען זוכען צו ברענגען אן אומגליק אויף דיין פּאָטער, מוזטו טהאָן אלעס דאָס צו פערמיידען... וועז דו וועסט אויסגעפינען וואָס עס קומט דאָרט פאָר אין געהיים און מיר איבערגעבען, וועל איך שוין וויסען ווי אזוי צו האנדלען, איך וועל שוין זעהן אז זיי וועלען מעהר ניט קומען צו דיין פאָטער אין הויז... אבער, דו מיין טייערע מוזט מיר אין דעם ארויסהעלפען, און אויב דו וועסט צענערן און מיר ניט וועלען דערצעהלען וואָס עס קומט פאָר דאָרטען, וועסטו דיינע עלטערען דערמיט קיין טובה ניט טהאָן!

— איך וועל אלעס אויסגעפינען, מיין טייערער, האָט לאַ פערמאסא איהם א קוש געטהאָן — אזוי שנעל ווי איך וועל עפּעס דערגעהן וועל איך דיר דערצעהלען. איך וויים, מיין ליעבער, אז דו זוכסט די טובה פון מיינע עלטערען.

— געוויס! מעגליך אז זיי אליין זעהן ניט איין די גרויסע זינד וואָס זיי בעגעהן דאמיט וואָס זיי זיינען בעפריינדעט מיט די אידען און די פאלשע קריסטען, און ווילען זיי העלפען. עס איז דעריבער אונזער קאטוילישע פליכט עפּעס צו טהאָן. אזוי שנעל ווי דו וועסט זעהן אז זיי קומען אלע ארונטער אין דעם געהיימען הייהל, זאָלסטו ביי דער ערשטער געלעגענהייט ארונטערגעהן אהין און זיך צוהערען צו אלעס וואָס דאָרט קומט פאָר און דערנאָך מיר גלייך דערצעהלען. וועסטו עס טהאָן, מיין ליבינקע? — האָט ער זי ארומגענומען.

לאַ פערמאסא האָט צוגעשאָקעלט מיט איהר קאָפּ.

זיעבעטער קאפּיטעל

## זאקוטא און קאָלאָמבוס

קורץ נאָכדעם ווי קריסטאָפער קאָלאָמבוס האָט געהייראט מיט פעליפּא מאניז, האָט ער געקראָגען זיין ערשטע ענטוישונג אין פּאָרטוגאל. די קאמיסיע אין וועמענס הענט דער קעניג האָט איבערגעבען צו בעטראכטען קאָלאָמבוס'עס פּלאן, האָבען איהם איבערגעבען אן אונגינסטיגען בעריכט. זיי זיינען אלע געקומען צום בעשלום אז דער געדאנק צו געפינען א גלייכע וועג צו אינדיע, רייזענדיג נאָך מערב, איז לעכערליך.

— אפילו ווען דאָס וואָלט געווען מעגליך — האָבען זיי צוגעגעבען — וואָלט עס אויך קיינמאָל ניט געלוינט צו טהאָן מסחר מיט אינדיע דורך אזא וויימען וועג.

נאטירליך, דער קעניג האָט גלייך געלאָזט וויסען קאָלאָמבוס'ן, אז ער איז ניט פערראינטערעסירט אין זיינע פּלענער. און דאָס איז געווען פאָר איהם זעהר א גרויסער קלאָפּ. זיין צאָרן האָט אין איהם געברענט אויף דעם דאָקטאָר יוסף וויזינא, און אויף איהם האָט ער געוואָרפען די שולד פון זיין דורכפאל. ער האָט זיך געפיהלט אזוי נידערשלאָגען און ענטמוטיגט, אז ער האָט גלייך געוואָלט פערלאָזען פּאָרטוגאל.

זיין קלוגע ליעבליכע פרוי האָט איהם אבער געטרייסט און געגעבען מוטה.

— איך האָב גענוג צוטרויען צו דיר, מיין טייערער קריסטאָפער — האָט זי איהם געזאָגט — און מיין ניט אז דאָקטאָר וויזינא איז דיר ניט קיין גוטער פריינד... ער וועט טהאָן אלעס וואָס איז מעגליך פאר דיר... ער האָט מיר געזאָגט, אז ווען אברהם זאקוטא וועט קומען אין פּאָרטוגאל וועט ער איהם זאָגען וועגען דיר. פיליכט וועט דער פּראָפעסאָר פון סאלאמאנקא קענען עפּעס טהאָן פאר דיר.

— מיט איין האנט שטראָפּט מיך גאָט אָבער מיט דער צווייטער — הייבט ער מיינע וואונדען — האָט קריסטאָפער זיך אָפּגערופען — יע, גאָט האָט דיך מיר צוגעשיקט צו פערלינדערען מיינע שמערצען... איך בין גליקליך אז דו ביזט מיין פרוי...

אין א יאָהר ארום האָט פעליפּא געבוירען א זוהן צו קאָלאָמבוס'ן און איהם א נאָמען געבען דיעגא.

מיט דער געבורט פון דיעגא'ן, איז קאָלאָמבוס'עס גליק גרעסער געוואָרען. ער האָט שוין אויפגעגעבען דעם געדאנק צו פערלאָזען פּאָרטוגאל... ער האָט יעצט גענומען זוכען בעשעפטיגונג ער זאָל קענען מפרנס זיין זיין פרוי און קינד. זיין שווער איז געשטאָרבען, און פון זיין פרוי'ס פעטער האָט ער ניט געוואָלט קריגען קיין שטיצע. ער האָט גענומען צייכנען מאַפּעס פון דער וועלט און זיי פערקויפען. פון דעם האָט ער געצויגען זיין חיונה. עס איז געווען א געמאַטערטער לעבען אָבער זיי זיינען אלע גליקליך געווען.

פונדעסטוועגען האָט קאָלאָמבוס ניט אויפגעגעבען זיינע פּלענער. ער האָט זיך נאָך פיעל מעהר פערטיעפט אין די ביכער וועגען אסטראָנאָמיע און בע־שרייבונגען פון ים רייזעס. גאַנץ אָפט פלעגט ער ביינאכט אוועקגעהן צום האפען, וואו ער פלעגט אָפּשטעהן שטונדען לאַנג קוקענדיג אויף די שיפען וואָס פערלאָזען דעם האפען און ווערען פערשלונגען אין די ווייטקייט פון ים... זיין הארץ האָט געצויגען אהין, צו דער געהיימער אומבעוואוסטער ווייטקייט...

ווען ער פלעגט זיך צוריקקעהרען אהיים, פלעגט ער ריידען מיט זיין צאר־טע איידעלע פרוי, וועלכע פלעגט איהם געבען זעהר פיעל מוטה און האָפנונג.

אזוי זיינען פאראיבער איינינע יאָהר... ער האָט געמאכט א צווייטען פערזוך זיך צו זעהן מיט דעם קעניג און איהם איבערצייגען וועגען דער וויכ־טיגקייט פון זיין רייזע אָבער אָהן ערפאָלג.

קאָלאָמבוס האָט בעשלאָסען צו פערלאָזען פּאָרטוגאל און פּרובירען זיין מזל אין שפּאניען. ער האָט עס אָבער אָפּגעלעגט אויף שפּעטער, ביז וואַנען זיין זוהן דיעגא וועט עלטער ווערען. אויסער דעם איז זיין פּרוי געווען צו שוואך מיטצורייזען. זי האָט איהם אָבער געבעטען ער זאָל אָפּרייזען אָהן איהר און זייער זוהן. זי האָט ניט געוואָלט שטעהן אין וועג צו ערגרייכען זיין ציעל. זי האָט געהאט אין איהם אזוי פיעל צוטרויען און גלויבען, אז זי האָט געוואוסט אז ער וועט פריהער אָדער שפּעטער פערווירקליכען זיינע פּלענער.

פעליפּא מאַניז פלעגט גאַנץ אָפט אליין געהן צו בעקאַנטע און געלערענטע און זיי צייגען די מאַפּעס וואָס איהר מאַן פלעגט צייכענען...

ווען זי האָט אויסגעפונען, אז אברהם זאקוטא, דער פּראָפעסאָר פון סאלא־מאנקער אוניווערזיטעט, וועט אָנקומען אין ליסאבאָן אויף א בעזוך, איז זי גע־

ווען זעהר גליקליך. זי איז גלייך געלאָפען אָנזאָגען די פרעהליכע בשורה איהר מאַן.

— איך וועל גלייך געהן צו דאָקטאָר וויזינאַ'ן און פון איהם פערלאַנגען ער זאָל דיך פאַרשטעלען פאַר דעם גרעסטען געלערענטען פון שפּאַניען... איך בין זיכער אַז ער וועט דיינע פּלענער אַנערקענען אַלס נוצליך און ער וועט דיר העלפען זיי דורכצופיהרען — האָט זי זיך אָפּגערופען צו קאָלאָמבוס'ן.

— אָבער, מיין טייערע, דו ווייסט דאָך וויזינאַ'ס בעציהונגען צו מיר. ער וועט איהם זיכער בעאיינפלוסען געגען מיינע פּלענער איידער ער וועט מיך זעהן.

—אויב אַזוי קענסטו ניט וויזינאַ'ן — האָט פעליפּאַ געזאָגט — ער איז זעהר עהרליך און נאָבעל. און כאָטש ער אַליין האָט פיליינכט אַן אַנדער מיינונג וועגען דיינע פּלענער, וועט ער וועלען הערען וואָס דער פּראָפעסאָר דענקט וועגען דעם. און איך בין זיכער אַז ער וועט זיין העכסט צופרידען ווען זאַקוטאָ וועט נעהמען דיינע רייד אין אַנבעטראַכט.

---

גרויס איז געווען די איבערראַשונג פון קאָלאָמבוס'ן און זיין פרוי ווען זאַקוטאָ איז פּלוצלונג געקומען צו זיי אין הויז, אין דער בעגלייטונג פון דאָקטאָר וויזינאַ. אַזאַ כבוד האָבען זיי ביידע ניט ערוואַרטעט.

נאָכדעם ווי דאָקטאָר וויזינאַ האָט זיי פאָרגעשטעלט איינער פאַר דעם צווייטען, האָט זאַקוטאָ זיך אָפּגערופען צו קאָלאָמבוס'ן:

— איך האָב שוין פון דיר געהערט אין שפּאַניען, דיינע פּלענער האָבען מיר שטאַרק פעראינטערעסירט און איך־האָב דיזע רייזע געמאַכט ספּעציעל זיך מיט דיר צו זעהן.

— מיין הער האָט פון מיר נאָך געהערט אין שפּאַניען ? — האָט קאָלאָמבוס איהם אָנגעקוקט מיט פערוואונדערונג.

— דער דאָקטאָר וויזינאַ האָט איהם געוויס געשריבען וועגען דיר — האָט פעליפּאַ מאַניז זיך אָפּגערופען מיט אַ שמייכעל, וואַרפענדיג איהרע דאַנק־באַרע בליקען צו וויזינאַ'ן.

— יע, אונזער פריינד וויזינאַ האָט מיר אייניגע מאָל געשריבען וועגען קריסטאָפער קאָלאָמבוס'ן, אָבער איך האָב אויך געהערט פון אימיצען אַנדערש — האָט זאַקוטאָ זיך אָפּגערופען — איך האָב עס געהערט פון דיין מוטער'ס מויל !

— מיין מוטער ! — האָט קאָלאָמבוס אויסגערופען און זיינע אויגען האָ־בען גענומען גלאַנצען.

— יע, פון דיין מוטער, איך בין גישט לאַנג צוריק געווען אין קאָרדאָוואַ און דאָרטען האָב איך געטראָפען דיין מוטער.

— זאָג מיר, איך בעט דיר ,מיין הער, וואָס מאַכט זי און ווי זעהט זי אויס ? — האָט קאָלאָמבוס מיט גרויס נייגעריגקייט געפרעגט.

— פרידען איז צו איהר... זי בענקט זעהר נאָך דיר און וואָלט דיר גע־וואָלט שטאַרק זעהן. זי האָט מיר דערצעהלט פון דיינע פּלענער און איך האָב איהר פערשפּראָכען ווי ווייט מעגליך דיר צו קומען צו הילף. און יעצט בין איך אהער געקומען ביי דער ערשטער געלעגענהייט צו האַלטען מיין פער־שפּרעכען...

קאָלאָמבוס איז געבליבען שטעהן א פערגאפטער... ער האט זיך קיינמאל ניט געקענט פאָרשטעלען, אז דער גרויסער געלערענטער, דער וועלכער האט פער־פאסט די בעוואוסטע ביכער וועגען אסטראָנאָמיע און וויסענשאפט, זאל זיך אזוי פעראינטערעסירען אין איהם.

א היבשע ווײלע האבען זיי פערבראכט אלע צוזאמען. זאקוטא האט איהם דערצעהלט וועגען זיין מוטער, ווי אזוי זי בענקט נאָך איהם און האפט אז ער וועט נאָך ווען עס איז קומען איהר בעזוכען אין קאָרדאָווא.

ווען קאָלאָמבוס האט גענומען ריידען מיט איהם וועגען זיין פּלאַן צו גע־פינען א נייעם וועג נאָך אינדיע, האט זאקוטא זיך צו איהם אָפּגערופען:

וועגען דיעזען פּלאַן איז פאראן א סך צו ריידען און איך וויל דאס אָפּלײי־גען אויף מאָרגען, ווען איך וועל ווידער צו דיר קומען. מיר וועלען זיך ביידע דורכריידען וועגען דעם אונגעשטערט.

מיט גרויס אומגעדולד האט קאָלאָמבוס געוואַרט אויף דעם צווייטען טאָג.

אה, וואס פאר א וואונדערבארער מענש זאקוטא איז! — האט פעליפּא מאָניז זיך אָפּגערופען צו איהר מאַן — בלויז צווישען אידען קען מען בעגעג־נען אזעלכע געלערענטע און אײדעלע מענשען. יעצט זעהסטו אז דער פּראָפעס־סאָר האלט זעהר שטארק פון דיין פּלאַן. ער איז דאָך ספּעציעל געקומען אהער דיך זעהן.

— יע, ער איז געקומען אין אזא צייט ווען איך האב שוין אנגעפאנגען צו פערלירען מיין מוטה און האָפנונג... אָבער ווער וויים אויב ער וועט צו־שטימען מיט מיר ווען ער וועט הערען אלע מיינע פּלענער? וויזינא אליין האט דאָך פון זאקוטא'ס שריפטען געדרונגען אז איך בין אומגערעכט!

— ווען ביי איהם וואלט געווען דער מינדעסטער צווייפעל, וואלט ער ניט געמאכט דיעזע רייזע. דו האסט דאָך געהערט, אז דער פּראָפעסאָר איז געקומען ספּעציעל זיך דורכצוריידען מיט דיר וועגען דיינע פּלענער — האט פעליפּא איהם געגעבען מוטה.

— יע, ער קען מיר א סך העלפען! — האט קאָלאָמבוס געזאגט — אהן צווייפעל האט ער צוטריט צו די גרעסטע איינפלוסרייכע מענשען אין שפּאניען, וועלכע וועלען קענען ריידען צו גונסטען מיינע פּלענער צו דעם קעניג און קעניגין.

זאקוטא איז געקומען צו דער בעשטימטער צייט און קאָלאָמבוס איז מיט איהם אריין אין א בעזונדער צימער. ער האט זיך זעהר שטארק דערפרעהט מיט איהם.

ווען זיי זיינען אליין געווען אין צימער, האבען דארטען ביידע א ווײלע געשוויגען. אברהם זאקוטא האט בעטראכט קאָלאָמבוס'ן, וועלכער האט אויף איהם געקוקט מיט פריינדליכע בליקען.

— ווי לאנג איז דאס אז דו האסט דיין מוטער ניט געזעהן? — האט זאקוטא אונטערבראָכען די שטילקייט.

— שוין היבשע עטליכע יאָהר און מיר דוכט זיך אז דאס איז אן עוויג־קייט... איך טרוים שוין לאנג צו קומען זיך זעהן מיט מיין מוטער, וועלכע איז מיר אזוי טייער ווי מיין לעבען. אָבער איך האב בעשלאסען צו קומען בלויז דאן, ווען איך וועל זיין נעהענטער צו מיין ציעל, ווען איך וועל איהר

קענען דערפרעהען מיט גוטע נייעס... אבער צו מיין בעדויערען האב איך ביז יעצט געהאט בלויז ענטטוישונגען...

— איך גלויב אז זיי האבען דיר ניט גוט פערשטאנען, קאלאמבוס — האט זאקוטא זיך אפגערופען — איך האב דיין פלאן געשטודירט, וויזינא האט מיר געשריבען וועגען דעם, אז איך בין געקומען צום בעשלוס אז דו האסט רעכט.

—דען שטימסטו איין מיט מיר? — האט קאלאמבוס'עס פנים גענומען שטראהלען — אט וועל איך דאס איבערגעבען מיין פרוי. זי וועט זיך שעצען גליקליך דאס צו הערען.

—ווארט צו ביז וואנען מיר וועלען זיך דורכריידען גרינדליך וועגען דעם. איך האב מיטגעבראכט עטליכע מאפעס און צוזאמען וועלען מיר אויסארבייטען די פלענער, אבער איידער איך קום צו דעם האב איך זעהר וויכטיגעס מיט דיר צו ריידען.

קאלאמבוס האט איהם פערוואונדערט אנגעקוקט.

— זעץ זיך צו נעהענטער צו מיר, ווייל דאס וואס איך וועל מיט דיר ריידען איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט, און דו דארפסט מיר צו שווערען קיינמאל עס ניט צו ענטדעקען פאר קיינעם! דיזע געהיימנים וועט מוזען בלייבען מיט דיר, פאר דיינע אייגענע נוצען, אזוי גוט ווי פאר די נוצען פון אנדערע.

קאלאמבוס האט זיך צוגעזעצט נעהענטער צו זאקוטא'ן, און מיט נייגעריגע בליקען אויף איהם געקוקט, ווארטענדיג מיט גרויס אומגעדולד צו הערען די געהיימנים.

— איך וויים אז גאט האט דיר בעשאנקען מיט אן אונטערנעהמונגס גייסט. דו האסט אין זיך גענוג בראווקייט און מוטה אונטערצונעהמען צו טהאן זאכען וואס זיינען זעהר ריזיקאליש... דו ביזט געקומען אין דער ריכטיגער צייט ווי א נביא האט דיך גאט געשיקט צו ברייגגען הילף צו א פארשטויסענע פאלק!

זאקוטא האט גענומען א תנ"ך וואס איז געווער געשריבען אין העבּ־רעאיש און אין לאטין און ער האט אויפגעמישט אין ישעיה דעם אכט און פערציגסטען קאפיטעל און דעם זעכצעהנטען פסוק און ער האט פאר איהם פארגעלייענט:

"לא מראש בסתר דברתי, מעת היותה שם אני ועתה ה' אלהים שלחני, ורוחו (ניט אין געהיים האב איך פון אנפאנג גערעדט פון דער צייט איידער עס איז ניט געטהאן געווארען, בין איך דארטען און יעצט האט דער האר גאט מיך געשיקט און זיין גייסט).

קאלאמבוס איז געבליבען זיצען ווי געפליעפט, ער האט נאך אלץ ניט פער־שטאנען וואס זאקוטא ציעלט מיט זיינע רייד.

— איך וועל שפעטער דיר אלעס קלאהר מאכען — האט זאקוטא פאר־געזעצט — ישעיה איז געוועז דער גרעסטער נביא פון ישראל און ער האט פאראויסגעזאגט פיעלע זאכען וועגען דאס פאלק ישראל און אויף דיר איז יעצט געפאלען דער גורל צו ערפילען איינע פון זיינע נביאות.

— אבער, מיין האר, איך בין דאך ניט... עה...

— וועגען דעם וועלען מיר טאקע באלד ריידען! — האט איהם זאקוטא ניט

געלאָזען ענדיגען, — איך ווייס ניט אויב דיר איז בעוואוסט וועגען דער גרויסער געפאהר וואָס לויערט איצט אויף די אידען פון שפּאניען און אויך פון אנדערע לענדער. דו האָסט זיכער ניט געהערט דערפון.

קאָלאָמבוס האָט א ציה געטהאָן מיט זיינע אקסלען און א שאָקעל געטהאָן מיט זיין קאָפּ אויף ניין.

— יא, א גרויסער אומגליק קומט אָן אויף דעם פאָלק ישראל. זינט די אידען זיינען פארטריבען געוואָרען אין גלות, איז זיי אויסגעקומען זעהר פיעל צו ליידען... אויב זיי האָבען געפונען א שטיקעל רוה אין א לאנד, האָט עס אויף לאנג ניט געדויערט... עס איז געווען א צייט ווען די אידען אין שפּאניען האָבען זיך געפיהלט גליקליך אונטער די מורען, אָבער די צייט איז שנעל פארשוואונדען... פאר די לעצטע פאָר הונדערט יאָהר האָבען אונזערע ברידער גענומען פיהלען די בייטש פון די קאטוילִיקען... פיעלע פון זיי זיינען געצוואונגען געוואָרען אָנצונעהמען די קאטוילישע רעליגיאָן, אָבער אין געהיים זיינען זיי געבליבען געטריי צו דעם גאָט פון זייערע עלטערען. דיזע אידען רופען זיך מאראנען... זיי זיינען געצוואונגען אויסצולעבען זייערע יאָהרען אונטער א מאסקע... יעצט ווערט מען אין שפּאניען אין גיכען איינפיהרען די אינקוויזיציע, וואָס עס מיינט אז יעדער מאראנא ווערט קענען ארעסטירט ווערען און גע׳משפּט ווערען ביי די פאנאטישע קאטוילִיקען, וועלכע וועלען זיי פּייניגען אזוי לאנג ביז וואנען זיי וועלען זיין געצוואונגען זיך מודה צו זיין, און ערשט דאן ווערט מען זיי פארברענען אויף די שייטערהויפענס... יא, קיינער פון די מאראנען ווערט ניט זיין זיכער מיט זיין לעבען... איך האָב אויך ערפאהרען פון גוטע קוועלען אז די אידען פון שפּאניען ערוואַרטעט א גרויסער אומגליק. די מאָנאכען און אנדערע גייסטליכע ארבייטען שוין וועגען דעם... זיי ווילען אז דער קעניג פערדינאנד און די קעניגין איזאבעלא זאָלען ארויסטרייבען אלע אידען פון שפּאניען, און עס איז קיין צווייפעל ניט, אז אויב זיי האָט זיך איינגעגעבען די אינקוויזיציע זאָל באשטימט ווערען, וועלען זיי פריהער אָדער שפּעטער זיין ערפאָלגרייך אויך אין דעם, און ווען די שרעקליכע גזרה פון גרוש ווערט ארויסגעגעבען ווערען, וועלען די אידען ניט האָבען וואוהין צו געהן און צו ווענדען זיך צו ווענדען, ווייל אויך אין די אנדערע מלוכות האָבען מיר פיעלע שונאים... יא, מיר מוזען זיין געגרייט... און דיך האָט גאָט אויסערוועהלט צו זיין דער שליח פון זיין פאָלק וועלכער ווערט זיי קענען בריינגען צו א לאנד פון רוה און פריעדען, צו א לאנד וואו זיי וועלען געניסען אלע פרייהייטען מיט אלע אנדערע פעלקער, וואו זיי וועלען ניט זיין אונטעריאָכט און אונטערדריקט...

— אָבער וואו געפינט זיך דאָס אזא לאנד? — האָט קאָלאָמבוס איהם געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— דאָס איז דאָס לאנד וואָס דו וועסט ענטדעקען! יא, דיין פּלאן מוז פארווירקליכט ווערען... דו וועסט אָפּרייזען נאָך מערב, אָבער ניט צו ענטדעקען א נייעם וועג צו אינדיען, נאָר א ניי לאנד, א לאנד וואו מען ווייס ניט פון שנאה און קנאה, א לאנד וואו גלייכהייט און ברידערליכקייט ווערט הערשען, א לאנד וואָס ווערט זיין א מקלט פאר די פארפאָלגטע און געפּלאָגטע.

— דען לויט דיין מיינונג מאך איך אויך א טעות! — איז קאָלאָמבוס געווארען עטוואס ענטטוישט.

— עס איז ניט קיין טעות... דו האָסט ריכטיג אויסגערעכענט... רייזענדיג ווייטער נאָך מערב געפינט זיך א לאנד, און ווען דו וועסט עס ענטדעקען וועט עס זיין פיעל וויכטיגער ווי א נייער וועג צו אינדיען. און דו וועסט זיין דער ענטדעקער פון דיזען לאנד... דו דארפסט אָבער וויסען זיין אז ווען דו וועסט ריידען מיט דעם קעניג פון שפאניען אָדער מיט די קעניגע פון אנדערע לענדער און זיי זאָגען אז דו נעהמסט זיך אונטער צו ענטדעקען א ניי לאנד, וועט מען זיך צו דיר ניט צוהערען... די מלוכות ווילען זעהן באלדיגע נוצען פון אזא אונטערנעהמונג און דאריבער איז מיין עצה, אז ווען דו וועסט פאָרגעבראכט ווערען פאר די קעניגע, זאָלסטו ניט ריידען וועגען א ניי לאנד, נור וועגען א וועג נאָך אינדיע, דאָס וועלען זיי בעסער בעגרייפען און פארשטעהן... איך וועל דיר העלפען מיט אלעם וואָס איך קען... איך וועל זיך דורכריידען מיט דיעגא דע דעזא וועלכער איז דער בישאָף פון סאלאמאנקא און דער פראָפעסאָר פון רעליגיע אין דארטיגען אוניווערזיטעט. איך בין זעהר שטארק באפריינדעט מיט איהם און ער איבט אויס זעהר א גרויסען איינפלוס אויף פערדינאנד'ן און איזאבעלא'ן, איך בין זיכער אז ער וועט דיך רעקאָמענדירען צו דעם קעניג. דיעגא דע דעזא איז אויך דער לעהרער פון דעם קרוי[illegible] באַריהרונג מיט די קעניגליכע פאָר.

קאָלאָמבוס איז געבליבען זיצען [illegible] זאקוטא'ס רייד האבען אויף איהם געמאכט אן אונגעהייער שטארקען איינדרוק. יעצט זעהט ער, אז דער פראָפעסאָר איז גערעכט, אז דאָס לאנד וואָס ער האָט אמאָל דערגרייכט מיט די פיראטען איז עס ניט געווען אינדיען, נאָר א נייע, ביז יעצט אומבעוואוסטע לאנד. יא, דאָס וואָלט געווען נאָך א גרעסערער געווינס פאר דעם קעניג, וועלכער וועט איהם בעזאָרגען מיט די שיפען און אנדערע נויטווענדיגקייטען.

זאקוטא האָט איהם געצייגט נאָך א נייע מאפע אין א בוד וואָס ער האָט נאָך ניט פארעפענטליכט.

— הינטער דעם נייעם לאנד געפינט זיך נאָך א ים, וואָס איז א סך גרעסער פאר דיזען ים. דאָס באווייזט די אויסמעסטונג און אויסרעכענונג פון דער וועלט־מאפע — האָט ער צוגעגעבען.

— איך ווייס ניט מיט וואָס איך קען דיר בעדאנקען, העַרר פראָפעסאָר, — האָט קאָלאָמבוס זיך אָפגערופען, און טרעהרען האָבען זיך אין זיינע אויגער באוויזען, — איך האָב היינטיגען טאָג געלערנט א סך מעהר ווי די אלע יאָהרען וואָס איך האָב שטודירט די וועלט־מאפע.

— ווען דו וועסט זיין ערפאָלגרייך וועלען דאן אלע אונזערע ברידער האבען דיר א סך צו בעדאנקען! — האָט זאקוטא געזאָגט.

— אונזערע ברידער?! — האָט קאָלאָמבוס ווידערהאָלט זיינע רייד.

— יא, מיינע ברידער אזוי גוט ווי דיינע ברידער! — האָט זאקוטא אויסגערופען.

— אָבער איך פארשטעה ניט, מיין האר! — האָט קאָלאָמבוס אויסגעסטארטשעט זיינע אויגען.

— יעצט איז געקומען די צייט, אז איך זאָל דיר ענטדעקען דאָס וויכטיגסטע פון דיזער געהיימנים! — האָט זאקוטא געזאָגט מיט א נידעריגער שטימע, —

אבער דו מוזט זעהר פארזיכטיג זיין אז קיינער זאל עס פון דיינע ליפען ניט הערען, ניט אפילו דיין אייגענע פרוי און קינדער.

— איך וויל אבער ניט האבען קיינע געהיימניסע פאר מיין פרוי!

— דאס וועט זיין די איינציגע אויסנאהמע וואס דו וועסט מוזען מאכען אפילו צו דיין פרוי. ווייל ווען זי וועט עס וויסען און ווען עס איז אומגערען ארויסברייגגען פון איהרע ליפען, דאן איז אלעס פארפאלען, דיין גאנצע קאריערע וועט רואינירט ווערען און פון דיין אונטערנעהמונג וועט גארניט ווערען.

קאלאמבוס'ס נייגעריגקייט איז גרעסער געווארען. וואס קען ער מיינען מיט זיינע רייד "אונזערע ברידער"? אבער דאס איז דאך אונמעגליך!...

— גוט, — האט קאלאמבוס א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ אלס צייכען אז ער שטימט צו וועגען דעם ניט צו ריידען אפילו מיט זיין פרוי.

זאקוטא האט זיך דערנעהנטערט צו איהם און מיט א נידריגע שטימע געזאגט: "עס איז שוין גאנץ לאנג ווי די קריסטען האבען גענומען פארפאלגען די אידען. וואס ווייטער איז די פארפאלגונג שטארקער געווארען. און פיעלע פון די אידען זיינען געצוואונגען געווארען אנצונעהמען די קריסטליכע רעליגיע, כאטש אין זייערע הערצער זיינען זיי פארבליבען גוטע געטרייע אידען. זיי זיינען געצוו[illegible] געווארען צו טראגען א קאטוילישע מאסקע אין דרויסען, אבער אין זייערע הי[illegible] אין געה[illegible] זיי געדיענט צו דעם גאט פון זייערע אבות... זיי האבען אבער געדארפט זיין אזוי פארזיכטיג וועגען דעם, אז פיעלע האבען אפילו מורא געהאט פאר זייערע אייגענע קינדער... זיי האבען זיי ערצויגען אלס קאטויליקען, און די קינדער האבען קיינמאל ניט געוואוסט אז זייערע עלטערען זיינען מאראנען, פארבארגענע אידען... אזעלכע אידען מאראנען געפינען זיך זעהר פיעל אין שפאניען און אין פארטוגאל... און פיעלע פון די וועלכע האבען געמוזט אויסוואנדערען נאך אנדערע קריסטליכע לענדער האבען זיך געמוזט אנגעבען אלס קריסטען, כדי צו האבען די מעגליכקייט זיך מפרנס צו זיין... גאנץ אפט פלעגט טרעפען אז די עלטערען וועלכע האבען געוואלט אז זייערע קינדער זאלען האבען א קאריערע, האבען אבזיכטליך פארבארגען זייער אידישע אפשטאמונג פון זיי און די קינדער פארדעכטיגען גארניט אז זייערע עלטערען זיינען מאראנען... זיי גלויבען אז זיי זיינען געבוירענע קריסטען און גאנץ אפט ווע־לען זיי העלפען אונטערדריקען זייערע אייגענע ברידער... יא, איך קען זעהר פיעל אזעלכע קריסטען וועלכע טראגען א האס אויף די אידען, ניט וויסענדיג אפילו אז זייערע עלטערען זיינען אמאל אויך געווען אידען".

— דאס איז די שולד פון די עלטערען! — האט קאלאמבוס אויסגערופען.

— עלטערען דארפען האבען צוטרוי צו קינדער און זיי ענטדעקען זייער אפשטאמונג.

— עלטערען, איבערהויפט אידישע עלטערען, זיינען זעהר איבערגעבען צו זייערע קינדער, זיי זיינען שטענדיג גרייט זיך מוסר נפש צו זיין פאר זייערע קינדער, און ווען זיי זעהן אז אויב די קינדער וועלען ניט וויסען וועגען זייער אפשטאמונג וועלען זיי זיך פיהלען גליקליך, דאן פארבארגען זיי עס פון זיי... איך זאג ניט, אז זיי זיינען גערעכט, אבער אזוי איז דער פאל מיט פיעלע מאראנען, און אזוי איז אויך געווען דער פאל מיט דיינע עלטערען.

— מיינע עלטערען!! — האט קאלאמבוס געקוקט אויף זאקוטא'ן מיט

ערשטוינענדע בליקען, — אָה, ניין, מיין האר, דו מאכסט א טעות... עס איז אונמעגליך! מיינע עלטערען זיינען עכטע קריסטען! דאָ איז געווים פאראן א מיספארשטענדניס!

זאקוטא האָט בעטראכט קאָלאָמבוס׳ן. ער האָט געזעהן וואָס פאר א גרויסען איינדרוק זיינע רייד האָבען אויף איהם געמאכט.

— ניין, מיין פריינד, איך מאך ניט קיין טעות, און אויך קיין מיספארשטענדניס איז דאָ ניטאָ, — האָט זאקוטא געענטפערט נאָך א קליינער פויזע, — דיינע עלטערען זיינען געווען אידען, נאָר צוליעב די שרעקליכע רדיפות און אונטערדריקונג וואָס זיי האָבען געהאט אויסצושטעהן פון די קריסטען אין שפאַניען, זיינען זיי געווען געצוואונגען אַנצונעהמען די קאטוילישע רעליגיאָן, זיי האָבען פארלאָזען שפאניען און אוועק נאָך איטאַליען, וואו זיי האָבען געגלויבט אז דארטען וועלען זיי צוריק ווערען אידען. אָבער אויך אין איטאליען זיינען די אידען געווען געדריקט, זיי האָבען געזעהן אז עס וועט פאר זיי אונמעגליך זיין אַנצוהאלטען אידישקייט אין דער עפענטליכקייט. ווייל אלס אידען וואָלט זיי אויסגעקומען צו שטארבען פון הונגער, זיינען זיי פארבליבען קריסטען אין דער עפענטליכקייט, אָבער אין געהיים האָבען זיי אָפּגעהיט אידישקייט.

— און דאָס האָט דיר מיין מוטער דערצעהלט? — האָט קאָלאָמבוס איהם געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— יאָ, מיין פריינד, זי האָט מיר אַלעס דערצעהלט, זי האָט מיר אויך אַנגעגעבען די אורזאכע פארוואָס זי האָט ערצויגען איהרע קינדער אלס קריסטען און זיי קיינמאָל די געהיימניס פון זייער אפּשטאמונג ניט ענטדעקט. דאָס האָט זי געטהאָן פון איהר גרויסע ליעבע צו איהרע קינדער. זי האָט געוואוסט אז אלס אידען און מאראנען וועלען איהרע קינדער זיין פארפאָלגט און וועלען קיינמאָל ניט דערגרייכען זייער ציעל. איבערהויפּט לעגט דיין מוטער זעהר פיעל געוויכט אויף דיר און אויף דיינע פּלענער. איהר האָפנונג איז שטארק אז דו וועסט פארווירקליכען דיין פּלאן און דיין נאָמען וועט בעוואוסט ווערען איבער דער גאנצער וועלט, אָבער ווען דיין ריכטיגע אפּשטאמונג זאָל בעקאנט ווערען, דאן ווייס זי אז קיינער וועט דיר ניט שענקען קיין אויפמערקזאמקייט און דער צוועק פון מיין קומען צו דיר איז ניט דיר איבערצורעידען צו ווערען צוריק א איד, נאָר דיר איבערצייגען אז דו האָסט די מעגליכקייט צו העלפען דיינע אומגליקליכע ברידער. קיינער דארף ניט חושד זיין אז דו ביזט ניט קיין עכטער קריסט. דו דארפסט ניט אומבייטען די רעליגיע אין וועלכער דו ביזט ערצויגען געוואָרען. ווייל דורך דיר וואָלט דיין געלעגענהייט פארקלענערט געוואָרען צו ברייגען א הילף צו די אידען אין דער צייט פון זייער גרעסטער נויט. דיזער סוד דארף פארזיגעלט ווערען אין דיין הארצען ביז וואנען די צייט וועט קומען און דו וועסט ערגרייכען דיין ציעל, דו וועסט ענטדעקען א נייע לאנד וואו אונזערע פארוואָגעלטע, געיאָגטע און געפּלאגטע ברידער וועלען געפינען א מקום מנוחה.

מיט גרויס אויפמערקזאמקייט און מיט נאָך גרעסערער נייגעריגקייט האָט זיך קאָלאָמבוס צוגעהערט צו זאקוטא׳ס רייד. דאָס וואָס ער האָט איהם נאָר וואָס ענטדעקט האָט געמאכט א גרויסע איבערקעהרעניש אין זיינע געדאנקען. ער איז א זוהן פון אידישען פאָלק!... זיין מוטער האָט עס געהאלטען בסוד פון

איהם, כדי עס זאָל איהם ניט שטערען צו פארווירקליכען זיינע פּלענער... ער זעהט אויך אז ער האָט געמאכט א טעות : דאָס לאנד וואָס עס געפינט זיך איז מערב איז ניט אינדיען, נאָר לויט זאקוטא'ס אויסרעכענונג, איז עס א נייע ברייטע וועלט וואָס טיילט איהר אָפּ פון אינדיען מיט א גרויסען אָקעאַן... און ווען ער עט דאָס לאנד ענטדעקען וועט עס קענען ווערען א מקום מקלט פאר דעם פאר־טריבענעם פאָלק ישראל.

— דיינע רייד, פּראָפעסאָר זאקוטא, מאכען מיך זעהר שטאָלץ, אָבער איך ייס ניט ווי אזוי איך וועל קענען בריינגען נוצען מיט מיין ענטדעקונג פון די נייע וועלט. איך וועל דאך מוזען אָנקומען נאָך הילף צו די קריסטליכע קעניגע און דאן וועט דאך דאָס נייע לאנד געהערען צו זיי, און זיי וועלען קענען טהאָן דאָרטען צו די אידען דאָס זעלבע וואָס זיי טהוען אין זייערע אייגענע לענדער... ווער וועט זיי ניט לאָזען איינפיהרען אויך דאָרט די אינקוויזיציע, און וואָס וועט זיין אויב זיי וועלען אין גאנצען אהין די אידען ניט אריינלאָזען ?!...

— ווענען דעם האָב איך טאקע מיט דיר געוואָלט ריידען. דאָס וועסטו קענען באוואָרענען. איידער דו נעהמסט זיך אונטער צו ענטדעקען א נייע לאנד פאר וועלכען עס איז קעניג, זאָלסטו איהם שטעלען באדינגונגען. איך צווייפעל ניט אז ווען דיר וועט געלינגען איהם צו פאראינטערעסירען, דאן וועט ער נאָכקומען אלע דיינע באדינגונגען.

— און וואָס זאָלען זיין די באדינגונגען ? — האָט קאָלאָמבוס געפרעגט.

— דו דארפסט פארלאנגען, אז איבער אלע לענדער און אינזלען וואָס דו וועסט ענטדעקען זאָלסטו באשטימט ווערען אלס וויצע קעניג. דו זאָלסט ווערען דער הויפּט קאָמאנדיר איבער אלע שיפען וואָס וועלען דורכקרייצען דעם ים, א צעהנט חלק פון אלע אוצרות וואָס דו וועסט ענטדעקען און איין אכטעל פון דעם גאנצען לאנד זאָל געהערען בלויז צו דיר, און דו וועסט קענען טהאָן מיט דעם וואָס דו ווילסט. און אויב דיזע באדינגונגען וועלען דיר נאָכגעגעבען ווערען, וועסטו קענען באווייזען צו ראטעווען דיינע אומגליקליכע ברידער. אלס וויצע קעניג איבער יענעם לאנד וועסטו האָבען א רעכט איינצולאדען אהין די אידען. אלס הויפּט קאָמאנדיר איבער אלע שיפען וואָס וועלען געהן נאָך יענעם לאנד, וועסטו האָבען א מעגליכקייט אריבערצופיהרען די אידען אין די שיפען, מיט דעם צעהנט חלק פון די אוצרות וואָס וועט אריינפאלען צו דיר, וועסטו קענען שטיצען די אָרימע אידען, און ווען דו וועסט ווערען דער אייגענטימער פון אן אכטען טייל פון לאנד, וועסטו עס קענען אָפּגעבען צו די אידען, אזוי אז קיינער וועט קיין רעכט ניט האָבען זיי דאָרטען צו פארפאָלגען.

זאקוטא'ס רייד האָבען קאָלאָמבוס'ן באגייסטערט. ער האָט גענומען פיהלען אז א גרויסע שליחות איז אויף איהם ארויפגעלייגט געוואָרען. דער גורל פון אידישען פאָלק האָט איהם שטארק אָנגעריהרט. מערקווירדיג, אז ביז איצט האָט ער גאָרניט געוואוסט אז די אידען זיינען פארפאָלגט. ער איז געקומען אין פאר־בינדונג מיט זעהר פיעל אידען און איהם דוכט זיך, אז אלע אידען זיינען ער־פאָלגרייך און האלטען וויכטיגע אמטען אין דער מלוכה.

— דיינע רייד, מיין פריינד, גיבען מיר מוטה... איך וועל מעהר ניט רוהען ביז וואנען איך וועל דורכפיהרען מיין פּלאַן. איך גלויב, אז גאָט וועט מיר העל־פען, ווייל פון יעצט אָן וועט מיין אונטערנעהמונג האָבען נאָך א גרעסערע בע־

דייטונג... די רייד פון דעם הייליגען נביא ישעיהו וועלען איינגעקריצט ווערען אין מיין מח... און איך האָף אז ווען איך וועל אַלעם דורכפיהרען און אויב דער קעניג וועט נאָכגעבען אַלע מיינע באדינגונגען, און א גרויסע צאָהל אידען וועלען זיך באזעצען אין דער נייער וועלט, וועל איך דאן קענען פאר אַלעמען ערקלעה־רען אז איך בין אויך א איד... דאָרטען וואו איך וועל זיין דער הערשער וועט קיינער מיך ניט וואגען צו זאָגען א דעה... איך וועל מיינע קינדער ערציהען אלס פרייע אידען אין א פרייען לאנד.

— דערווייל מוזטו האַלטען דיין פארשפּרעכען און אפילו צו דיין אייגענער פרוי קיין וואָרט ניט דערצעהלען וועגען מיין ענטדעקונג צו דיר. דאס איז אויך דער שטארקער וואונש פון דיין מוטער. זי האָט פון מיר פערלאנגט אז דיזע געהיימנים זאָל צו קיינעם ניט ענטדעקט ווערען. דו דארפסט זעהן אז דער מינדסטער חשד זאָל אויף דיר ניט פאַלען. דו וועסט אָפּהיטען די קריסטליכע [illegible] איז געהיים דאַרפסטו ניט היטען אידישקייט. גאָט וועט דיר מוחל זיין, ווייל דו וועסט עס טהאָן מיט דער כוונה צו העלפען דיינע ברי־דער... א גרויס געפאַהר לויערט יעצט אויף אלע מאראנען, אזוי שנעל ווי די אינקוויזיציע וועט איינגעפיהרט ווערען, וועלען איבער'ן לאנד ארויסגעשיקט ווע־רען טויזענדער שפּיאָנען און זיי וועלען היטען יעדען איינעם, און ווען עס וועט אויף דיר פאַלען א קליינער פארדאכט, דאן איז אלעס פאַרלאָרען... די גאנצע שטראָהל האָפנונג וואס עס איז פארבליבען פאר אונזער אומגליקליך פאלק, וועט אויך פארשווינדען. דאריבער זאָג איך דיר נאָך אמאָל, אז קיינער טאָר ניט וויסען פון דיין אפּשטאמונג, ניט אפילו דיין אייגענע פרוי. עס דארף ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט אז אין דיינע אָדערען פליסט ריינע קריסטליך בלוט, אום דו זאָלסט זיין ערפאָלגרייך אין דיין אונטערנעהמונג. איך וועל ריידען וועגען דיר מיט דעם בישאָף פון סאלאמאנקא, דיעגא דע דעזא, וועלכער איז מיינער א פערזענליכער פריינד. ער האָט זעהר א גרויסען איינפלוס אויף פערדינאנד'ן און איזאבעלא'ן, און ער וועט פאר דיר א סך קענען אויפטהאָן. ווען דו וועסט פאר־געשטעלט ווערען פאר דער קעניגין, זאָלסטו איהר זאָגען, אז דיין צוועק איז ניט נאָר צו געפינען א גלייכע וועג צו אינדיען, נאָר דו האָסט אויך אין זינען צו באקעהרען די דאָרטיגע איינוואָהנער צום קריסטענטום. ווען דיין פארשלאג זאָל אויך האָבען א רעליגיעזען אונטערשלאָג, וועט עס איהר שנעלער באוועגען אנ־צונעהמען דיין פאָרשלאג.

— זאָל איך פּיעלייכט נאָך אמאָל מאכען מיין פארשלאג בעפאר דעם קעניג פון פּאָרטוגאל ? — האָט קאָלאָמבוס געפרעגט.

— איך גלויב ניט אז ער וועט זיך צו דיר ווענדען צוהערען נאכדעם ווי ער האָט דיין פּלאן צוריקגעוויזען.

— ווען דער דאָקטאָר וויזינא זאָל מיר קומען צו הילף...

— זעהסטו דאָך, אז כאָטש וויזינא איז א איד און א גוטער איבערגעבענער איד. פון דעסטוועגען וועל איך פון איהם אויך פארדעקען דעם סוד... דו וועסט דארפען פאָהרען נאָך שפּאַניען, דאָרטען געפינען זיך רייכע איינפלוסרייכע אידען וועלכע וועלען זיין גרייט צו קומען דיר צו הילף צו יעדער צייט.

— אזוי שנעל ווי דער געזונד־צושטאנד פון מיין פרוי וועט זיך פארבע־סערען און אונזער זוהן וועט עלטער ווערען, וועל איך אויסוואנדערען פון פּאָר־

טוגאַל, — האָט קאַלאָמבוס געזאָגט, — דערווייל וועל איך פון דיר פאַרלאַנגען דו זאָלסט מיר געבען אַלע דיינע ביכער און מאַפּעס. דיין בוך "אַלמאַנאַך פּערפּעטעאום" (דער אייביגער לוח) האָב איך זיך שוין פון לאַנג איינגעשאַפט און איך האָב איהם פיעל שטודירט. יעצט וויל האָבען די אַנדערע ביכער וואָס דו האָסט געשריבען וועגען מאַטעמאַטיעק און אַסטראָנאָמיע. איך ווייס אַז איך וועל פון זיי האָבען גרויסע נוצען. איך וועל דורך זיי בעסער בעקאַנט ווערען מיט אַלע אויסקינפטע וועגען מיין אונטערנעהמונג.

— איך האָב דיר אַלע ביכער געבראַכט ! — האָט זאַקוטאַ איהם געזאָגט, — און דערצו האָב איך געקראָגען אַ מאַפּע פון דעם גרויסען אַסטראָנאָם טאָסקאַנעלי. איך האַלט ביים פאַרפאַלקאָמען אַ קאָמפּאַס וואָס וועט דיר אַ סך העלפען אין דער רייזע. און אַזוי שנעל ווי איך וועל פאַרטיג ווערען וועל איך דיר איהם צושיקען.

— יעצט וויל איך דיך פרעגען, פּראָפּעסאָר זאַקוטאַ, ווי אַזוי קומסטו צו מיין מוטער אין קאָרדאָווא ? און ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט אַז מיין מוטער זאָל דיר פאַרטרויען דעם גרעסטען סוד פון איהר לעבען ?

— איך גלויב אַז יעצט קען איך דיר אַלעס דערצעהלען, — האָט זאַקוטאַ זיך אָפּגערופען, — אַזוי שנעל ווי עס איז בעוואוסט געוואָרען אַז דער קעניג און קעניגין געהען איינפיהרען אין שפּאַניען די אינקוויזיציע האָבען זיך פיעלע פון די וויכטיגע אידען און מאַראַנען צוזאַמענגעקליבען זיך צו בעראַטהען און צו געפינען אַ וועג ווי אַזוי צו פאַרמיידען אַז דיזע שוידערליכע גזרה זאָל ווערען אַ געזעץ. דאָן יצחק אַבאַרבאַנעל וועלכער איז איינער פון די גרעסטע אידען אין שפּאַניען, האָט מיר געלאָזט וויסען וועגען דעם, און איך בין געקומען זיך בעראַטהען מיט אַלעמען. איך האָב געוואוסט אַז אין קאָרדאָווא געפינט זיך אַ יונגע מיידעל מיט'ן נאָמען ביטריס ענריקעז, וועלכע שטאַמט פון דער קעניגליבער משפּחה, איך האָב ביי זיך געהאַט די דאָקומענטען וואָס באַשטעטיגען אַז זי איז אַ קרובה פון דעם קעניג. דיזע דאָקומענטען האָט מיר איבער פּאַטער, אַ מאַראַנא, געגעבען פאַר זיין טויט, און אַזוי איז מיין עצה געווען זיך צו זעהן מיט ביטריס ענריקעז איהר העלפען צו ווערען אַ הויף־דאַמע אין קעניגליכען פּאַלאַץ, און דאָן זאָל זי בעאיינפלוסען פערדינאַנד'ן ער זאָל צוריקציהען די גזרה פון דער אינקוויזיציע. איך בין אַוועק אין קאָרדאָווא מיט דאָן יצחק אַבאַרבאַנעל, וועלכער האָט שוין געקענט דיין מוטער פון פריהער. ער האָט בעשלאָסען זיך נאָכצופרעגען ביי דיין מוטער, שושנה קאָלאָמבוס, פּיעלייכט ווייס זי וואו עס געפינט זיך ביטריס ענריקעז. צו אונזער פרייד איז דיין מוטער געווען גאַנץ גוט בעקאַנט מיט איהר. אַבאַרבאַנעל האָט שוין פון לאַנג געוואוסט אַז דיין מוטער איז אַ מאַראַנא. און דאריבער האָבען מיר איהר דערצעהלט דעם צוועק פון אונזער קומען, און דאָן האָט זי אונז דערצעהלט וועגען איהר לעבען און איבערהויפּט וועגען דיינע פּלענער. און יעצט קענסטו אַליין זעהן אַז דאָס איז געווען דער ווילען פון גאָט אַז מיר זאָלען זיך אויף אַזאַ זאָנדערבאַרען אופן צוזאַמענטרעפען.

— און וואָס איז געוואָרען מיט ביטריס ענריקעז ? — האָט זיך קאָלאָמבוס פאַראינטערעסירט.

**— זי געפינט זיך יעצט אין קעניגליכען פּאַלאַץ, אַבער ווי עס ווייזט אויס,**

האָט זי נאָך קיין געלעגנהייט ניט געהאַט צו ריידען מיט דעם קעניג, אָדער איהרע רייד האָבען אויף איהם קיין ווירקונג ניט געהאַט, ווייל עס איז אַנגענו־מען געוואָרען ביי דעם קעניג און קעניגין איינצופיהרען די אינקוויזיציע אין שפּאַניען אין צוויי יאָהר ארום... ווי עס ווייזט אויס, ווערט איהר שווין יעצט ניט אזוי גרינג אַנקומען צו פּועל'ן ביי דעם קעניג ער זאָל אין גאַנצען מבטל מאַכען די גזרה.

— מיר איז זעהר שווער צו פארשטעהן, ווי אזוי עס איז גאָר געווען א מעגליכקייט אז זי זאָל קענען ווירקען אויף דעם קעניג! — האָט קאָלאַמבום געצויגען מיט זיינע אַקסלען.

— איך האָב פארגעסען דיר צו דערצעהלען אז פערדינאַנד אליין האָט אין זיך אידיש בלוט, — האָט זאַקוטאַ איהם געענטפערט — זיין עלטער־באָבע פּאַלאָמאַ ענריקעז איז געווען א אידישע און טאָקע דורך איהר איז ביטרים פערוואַנדעט צום קעניג. און אונז האָט זיך געדוכט אז ווען עס ווערט זיך געפינען ווער עס זאָל איהם אַנדייטען אויף זיין אידישער אפּשטאַמונג, ווערט עס אויף איהם ווירקען און זיין הארץ ווערט ווייכער ווערען... יעצט אָבער האָבען מיר פארלאָרען אַלע האָפנונגען... די אינקוויזיציע ווערט אריין אין קראַפט אין צוויי יאָהר ארום, און דאַן ווערט זיך גיסען דאָס בלוט פון אונזערע ברידער איבער די גאַסען פון שפּאַניען... און עס ווערט לאַנג ניט נעהמען און אַלע אידען וועלען ארויסגעטריבען ווערען פון שפּאַניען... און יעצט, מיט גאָטס הילף, ווען דיר ווערט געלינגען צו ענטדעקען א נייע וועלט און דער קעניג ווערט אַננעהמען אַלע דיינע באַדינגונגען, וועסטו ברייננען א רעטונג צו אונזערע ברידער... דו וועסט האָבען די מעגליכקייט זיי אריבערצוברייננען אין יענעם פרייען לאַנד, וואו זיי וועלען געניסען אַלע פרייהייטען. עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז דיזע לאַנד וואָס דו וועסט ענטדעקען ווערט ברייננען גליק צו צעהנדליגע טויזענדע פון אונזערע ברידער.

## אכטער קאַפּיטעל

# פּעדראָ ארבועז

איינינע וואָכען נאָך דער פארזאַמלונג פון אַלע גייסטליכע, וואו עס איז באַשטימט געוואָרען איינצופיהרען די אינקוויזיציע אין שפּאַניען, איז פּעדראָ ארבועז, דער ודוי פּאַטער פון די נאָנען אין מאָנאַסטיר, און לעהרער פון ביטרים ענריקעז, געווען זעהר גליקליך. ער ווערט זעהן נקמה צו נעהמען פון די פארהאַס־טע מאַראַנען. ער האָט יעצט גענומען טראַכטען וועגען דער מעגליכקייט אז די קעניגין זאָל איהם באַשטימען פאַר איינעם פון די הויפּט אינקוויזיטאָרען... ער ווערט דאַרפען זעהן געפינען חן אין איהרע אויגען, זי זאָל האָבען צוטרוי צו איהם... אה, ווי ער האָט געדורשט נאָך אידיש בלוט... ווען ער ווערט ווערען דער הויפּט אינקוויזיטאָר ווערט ער קיינעם ניט שאַנעווען... יעדער פאַלשער קריסט ווערט מיט זיין לעבען בעצאָהלען... ער ווערט פארברענען אַלע פאַלשע קריסטען אויף דער אויטאָ־דע־פע פאַר אַלעמען אין די אויגען.

ארבועז האָט געוואוסט אז פיעלע פון די בישאָפען און אנדערע גייסטליכע קוקען אויס זייערע אויגען אויף אזא אמט, און דאריבער האָט ער געזוכט א גע־לעגענהייט ווי אזוי צו ווירקען אויף דער קעניגין צו געבען איהם דעם פאָרצוג.

פּעדראַ ארבועז איז געווען זעהר צופרידען מיט זיין תּלמידה, ניט אזוי צוליעב דעם וואָס זי האָט אזוי גוט פארשטאנען זיין "תורה", אָבער איהר שעהנ־קייט האָט איהם באצויבערט... ער פלעגט אָפּזיצען מיט איהר שטונדען לאַנג, א ליידענשאפטליכער פייער האָט זיך אין איהם אַנגעצונדען. ער האָט פון איהר ניט אויפגעהערט צו טראַכטען טאָג און נאכט... ער האָט געוואוסט אז ער מוז זיך באהערשען, ווייל איין פאלשער שריט און ער וועט אלעס פארלירען... דאָך אָבער האָט ער ביטריס'ן פון זיינע געדאנקען ניט געקענט פארטרייבען. מיט יע־דען טאָג האָט זיך דאָס פייער אין איהם מעהר צופלאקערט. ער האָט גענומען טראַכטען פון פארשידענע פּלענער. פּלוצים איז איהם געקומען א געדאנק אז ווען איהם זאָל געלינגען איינצורעדען דער קעניגין: זי זאָל ביטריס'ן אריינגעבען אין מאָנאַסטיר, דאַן וואָלט ער שוין זיין ציעל עררייכט... ער ווייס אָבער, אז דאָס איז אויך אונמעגליך. די קעניגין צייגט ארויס א באזונדערע פריינדשאַפט צו ביטריס'ן און זי וועט קיינמאָל ניט צושטימען איהר אָפּצוגעבען אין מאָ־נאַסטיר... ווען ביטריס אליין זאָל ארויסצייגען א פארלאַנג אז זי וויל אַנקומען אין מאָנאַסטיר, דאַן וואָלט די קעניגין ניט געווען דאגעגען.

ארבועז האָט בעשלאָסען צו בעאיינפלוסען ביטריס'ן זי זאָל אליין וועלען אַנקומען אין מאָנאַסטיר. ער האָט איהר געגעבען צו פארשטעהן וואָס פאַר א גליק עס שטעהט פאַר די הייליגע נאָנעס.

— יעדע מיידעל וועלכע ווידמעט איהר לעבען צו גאָט, — האָט פּעדראַ ארבועז זיך איינמאָל אָפּגערופען צו ביטריס'ן, — ווישט אָפּ אַלע איהרע זינד און זי ווערט געלייטערט. זי ווערט פאררעכענט פאַר גאָט'ס כלה, און ווען זי שטאַרבט געהט איהר נשמה גלייך ארויף אין הימעל.

— אָבער פארוואָס זאָל א יונגע אומשולדיגע מיידעל וועלען אָפּקומען פאַר איהרע זינד וואָס זי האָט ניט געזינדיגט? — האָט איהם ביטריס אַנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— עס איז ניטאָ א פּערזאָן וואָס זאָל ניט זינדיגען, — האָט ארבועז גע־זאָגט, — ווי יונג און ווי אומשולדיג מען איז. אויב מען זינדיגט ניט מיט טהאַט זינדיגט מען גאַנץ אָפט אין געדאנקען... און דאריבער ווען מען טרעט אריין אין מאָנאַסטיר, ווערען אַלע זינד אָפּגעווישט.

— אָבער מען קען זיין אין מאָנאַסטיר און זינדיגען אין די געדאנקען!

— האָט ביטריס געזאָגט.

ארבועז האָט זיך א ווייליע געפונען אין א פארלעגענהייט, אָבער באַלד האָט ער געענטפערט:

— די לופט פון מאָנאַסטיר איז הייליג און אזוי שנעל ווי א יונגע מיידעל קומט דאָרט אריין, אזוי אָטעמט זי איין די הייליגע לופט, און דאַן האָבען די־זינדיגע געדאנקען קיין שליטה ניט איבער איהר... און אפילו ווען א זינדיגע מחשבה כאַפּט זיך אריין אין הארצען פון א נאָנע, דאַן איז זי זיך מתודה פאַר מיר און דאמיט ווערט איהר זינד פארגעבען.

— ווי אזוי קען מען איבערגעבען יענעם וואָס מען טראַכט? — האָט ביטריס זיך געוואונדערט.

— דו זינדיגסט, מיין קינד, מיט דיינע רייד, — האָט פּעדראַ ארבועז לייכט אַנגעריהרט איהר האַנד, — ווייסטו דען ניט אז פאַר דעם ווידוי פאַטער טאָר קיין

סודות ניט זיין. אַלעם דאַרף מען איהם דערצעהלען, יעדער געדאַנק ווי נאַריש און זינדיג ער זאָל ניט זיין, דאַרף מען דעם ודוי פאַטער דערצעהלען... ווייל ערשט דאַן קען ער פּועל׳ן ביי גאָט ער זאָל אָפּמעקען די זינד... ווען א נאָנע פון מאָנאַסטיר גיסט אויס איהר הארץ פאַר מיר, דאַן ענטדעקט זי מיר אַלעם וואָס זי האָט געטראַכט... יאַ, די איינציגע זינד וואָס א נאָנע קען באַגעהן אין מאָנאַס־טיר איז בלויז אין איהרע געדאַנקען... קיין מענער זיינען דאָרטען ניטאָ... און ווען אייניגע פון די גייסטליכע קומען אַמאָל בענשען די נאָנעס זיינען זיי דאָך הייליגע... א זינד וואָס קומט פון א מחשבה ווערט בלויז דאַן פאַרגעבען ווען די זינדיגע דערצעהלט דעם ודוי פאַטער אַלעם וואָס זי טראַכט... און אויך דו קענסט דיינע זינד אָפּמעקען ווען דו וועסט מיר דערצעהלען וועגען די זינדיגע געדאַנקען וואָס דו טראַכסט...

— איך טראַכט פון קיין זאַך ניט וואָס עס איז פאַרבאָטען, — האָט ביטריס געענטפערט.

— צו זיין גאָט׳ס כלה איז א זכות דאָס ניט יעדע מיידעל איז ווירדיג דערצו, — האָט ארבועז ווייטער געזאָגט, — דאָס איז דאָס העכסטע גליק צו וואָס יעדע פאַרנינפטיגע און גאָטספאָרכטיגע מיידעל דאַרף שטרעבען... מיט דעם וואָס א מיידעל ווערט אָפּגעזונדערט פון דער וועלט און זי ווערט א נאָנע אין מאָנאַסטיר, שליסט זי א בונד מיט זיין הייליגקייט און איהר נשמה ווערט אויסגעלייטערט... אַזאַ מיידעל וועט שוין קיין גהינם ניט ליידען... זי געהט גלייך אריין אין גן עדן... דו ווייסט דאָך, ביטריס, אז דיזע וועלט אין וועלכער מיר לעבען איז ניט דער עיקר... יעדער פרומער קריסט מוז שטרעבען צו יענער וועלט און ניט נאָר ער אַליין זאָל פאַרדיענען יענע וועלט, נאָר עס איז זיין פליכט צו זעהן אז אויך דער צווייטער זאָל דאָס פאַרדיענען... און ווען מען פאַר׳משפּט אן אומגלויביגען פאַרברענט צו ווערען, ווערט עס אויך געטהאָן צו־ליעב זיין טובה וועגען כדי ער זאָל ניט דאַרפען געהן אין גהינם... אין גיכען וועט איינגעפיהרט ווערען די אינקוויזיציע אין שפּאַניען, דאָס האָט די קעניגין באַוויליגט מיט איהר גרויס גנאַד צוליעב דער טובה פון די מאַראַנען, וועלכע זיינען אַזוי בלינד אז זיי זעהען ניט אויף וואָס פאַר א געפעהרליכען וועג זיי געהן... ווען זיי וועלען געבראַכט ווערען פאַר דער הייליגער אינקוויזיציע און זיי וועלען פאַר׳משפּט ווערען פאַרברענט צו ווערען, וועלען זייערע נשמות געראַטעט ווערען דורך דעם און זיי וועלען אונז דאַנקבאַר זיין פאַר דעם.

ביטריס האָט געשוויגען. די רייד פון איהר לעהרער האָבען אויף איהר גע־מאַכט זעהר א שלעכטען איינדרוק... עס איז איהר שווער געווען צו גלויבען אז ער איז ערנסט מיט זיינע רייד... ביי איהם איז רעכט אז מען זאָל ברענען לע־בעדיגע מענשען פאַר זייער אייגענער טובה... איז דאָס וואָס די קריסטליכע רעליגיע לערנט?!... איז דאָס ניט דיזעלבע זאַך ווי צו זאָגען אז דער קריסט־ליכער גאָט פאַרלאַנגט מענשליכע קרבנות!... און דאָס וואָס ער האָט איהר דערצעהלט וועגען דעם מאָנאַסטיר, ווי אַזוי יונגע מיידלעך פאַרלאָזען די שעהנע פּרעכטיגע וועלט און ווערען איינגעשפּאַרט אין די פיער קאַלטע ווענט, וואו זיי לעבען אויס זייערע יאָהרען אין איינזאַמקייט ניט צו געניסען פון אַלע וועלטליכע פאַרגעניגענס.

— דו האָסט זיך פאַרטראַכט, ביטריס! — האָט פּעדראָ ארבועז אויסגע־

רופען, — געוויס איז דיר א זינדיגע מהשבה אויף דעם געדאנקען געקומען. זאָג מיר, וואָס האָסטו נאָר וואָס געטראַכט ?

— המ... וועגען גאָרניט ! — האָט ביטרים געענטפערט.

— איך באַפעהל דיר אלס ודוי פאַטער דו זאָלסט פאַר מיר גלייך זיך מודה זיין וועגען וואָס דו האָסט געטראַכט, — האָט ער מיט א שטרענגע שטימע אויסגערופען.

ביטרים האָט זיך דערשראָקען און מיט א ציטערנדע שטימע געזאָגט :

— איך האָב געטראַכט, אז גאָט האָט באַשאַפען אזא וואונדער־שעהנע וועלט ווייל ער האָט געוואָלט אז די מענשען זאָלען געניסען פון איהר פּרעכטיגקייט. טאָ פאַרוואָס זאָל א מענש זוכען צו אנטלויפען פון דער וועלט ? פאַרלאַנגט דען גאָט אז דער מענש זאָל זיך אָפּזונדערען פון אלע וועלטליכע פאַרגעניגענס אויב ער האָט עס בלויז באַשאַפען פאַר איהם ?

— דו ביזט נאָך יונג, ביטרים, און דו בעגרייפסט ניט אלעס. דער מעכ־טיגער גאָט האָט טאַקע באַשאַפען א פּרעכטיגע וועלט מיט פיעלע פאַרגעניגענס כדי דער מענש זאָל קענען ביישטעהן דעם נסיון, און וואָס גרעסער דער נסיון איז, אלץ גרעסער איז די באַלוינונג וואָס דער מענש בעקומט אויף יענער וועלט.

ביטרים האָט איהם אָנגעקוקט. זי האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט.

— איך זעה, אז דו פאַרשטעהסט מיך אלץ נישט ! — האָט ארבוען זיך אָפּגערופען, — אָט וועל איך דיר געבען א ביישפּיעל : א מוטער האָט געהאַט צוויי קינדער, איינעם האָט זי געגעבען אן עפּעל וואָס איז געווען גרין, ביטער און זויער, און דעם צווייטען האָט זי געגעבען א רויטען עפּעל וואָס איז געווען זיס און זאַפטיג. זי האָט זיי ביידען אָנגעזאָגט ניט צו עסען די עפּעל, און אויב זיי וועלען איהר פאָלגען וועלען זיי בעקומען א באַלוינונג. יעצט, אויב ביידע האָבען געפאָלגט און ניט געגעסען די עפּעל, ווער פון זיי, לויט דיין מיינונג, דאַרף באַקומען א גרעסערע באַלוינונג, דער וועלכער האָט ניט געגעסען דעם ביטערעןאון זויערען עפּעל, אָדער דער וועלכער האָט ניט אויפגעגעסען דעם רויטען און זאַפטיגען עפּעל ?

— געוויס דער וועלכער האָט ניט אויפגעגעסען דעם זאַפטיגען עפּעל דאַרף בעקומען א גרעסערע באַלוינונג, — האָט ביטרים געענטפערט.

— דאָס זעלבע איז אויך מיט דער וועלט, — האָט ארבוען געענטפערט, — ווען גאָט וואָלט באַשאַפען א שלעכטע און א מיאוסע וועלט און אנגעזאָגט דעם מענשען ער זאָל זיך אָפּזונדערען פון איהר, וואָלט דען דער מענש געווען באַ־רעכטיגט צו קריגען א באַלוינונג ? יעצט אָבער אז די וועלט איז שעהן און ליעבליך, און איז פול מיט פאַרשידענע פאַרגעניגענס, און אויב דער מענש קען זיך אָפּזונדערען פון איהר, אזא מענש באַקומט זיין באַלוינונג.

ארבוען האָט שטאַרק אָנגעקוואָלען פון זיין איינפאַל... ער איז געווען זיכער אז דיזע רייד וועלען האָבען די געווינשטע ווירקונג אויף ביטרים'ן, און ער האָט גלייך צוגעגעבען :

— דאָס זעלבע איז מיט די מיידלעך וועלכע ווידמען זייער גאַנצען לעבען פאַר גאָט. ווען א מיידעל וועמען גאָט האָט ניט געבענשט מיט שעהנקייט, ווערט א נאָנע, איז איהר באַלוינונג ניט אזוי גרויס, ווייל זי האָט אלץ איינס ניט גע־האָט קיין סך צו פאַרלירען, אָבער אזא מיידעל וועלכע איז געבענשט מיט שעהנ־

קיט, וועלכע ווערט געשעצט און געאכטעט ביי יעדען וואס זעהט איהר, אויב אזא טרעט אריין אין מאָנאסטיר, דאן איז איהר באלוינונג גרענצלאָז... אזא פרומע מיידעל ווערט פאררעכענט פאר די ערשטע כלה פון גאָט. און ווען דו וואָלסט מיר געפאָלגט, ביטריס, וואָלסטו פארלאנגט פון דער קעניגין זי זאָל דיר ערלויבען אריינצוטרעטען אין מאָנאסטיר. איך פארזיכער דיר, אז דו וועסט פאררעכענט ווערען פאר די ערשטע כלה פון גאָט.

— אָה, ניין, ניין! — האָט ביטריס א שוידער געטהאָן, — איך וועל קיינמאָל ניט געהן אין מאָנאסטיר! איך וויל ניט! איך וועל זיין פרום אזוי!

— מיט דיין ריידען אליין זינדיגסטו! — האָט ארבועז איהר געזאָגט, — דו בעליידיגסט זיין היילינגען נאמען!

— אָבער מען קען דאָך זיין א פרומע און גוטע קאטוילוקין אפילו ווען מען איז ניט אין מאָנאסטיר! — האָט ביטריס געענטפערט.

— ניט יעדע מיידעל קען זיך אויסהיטען פון זינד. איהר וועג איז פול מיט שטרויכלונגען און דערנער. אָבער דער וועג צום מאָנאסטיר איז בעציערט מיט שעהנע דופטענדע בלומען... דאָס איז דער איינציגער וועג צום גן עדן, און די וועלכע האָט שכל נעהמט דיזען וועג און וועט קיינמאָל ניט דארפען חרטה האָבען, און די נארישע געהט אויף דעם וועג וואָס איז פול מיט דערנער און שטרויכלונגען... זי געהט און פאלט... זי הויבט זיך אויף און פאלט ווידער, ביז וואנען זי זינקט אין דער טיעפעניש פון אפגרונד. איהר נשמה וועט קיין מאָל ניט געלייטערט ווערען.

— אָבער זעהר ווינציג געהן אין מאָנאסטיר! — האָט ביטריס ווייטער געזאָגט, — און לויט דיינע רייד קומט אויס אז די וועלכע געהט ניט אהין איז א זינדיגע... איז עס מעגליך אז די אלע וועלכע פארבלייבען אין זייערע היימען זינדיגען דאמיט צו גאָט!

— ניין, זיי זינדיגען ניט, אָבער זייערע וועגען זיינען ניט קיין זיכערע, — האָט ארבועז זיך געזוכט ארויסצופלאָנטערען.

ער האָט גלייך געזעהן אז ער וועט מיט איהר גאָרניט מאכען. זי וועט אליין זיך ניט אָנבאָטען צו געהן אין מאָנאסטיר. דער איינציגער וועג זי אהין אריינ־צוקריגען איז דורך דער קעניגין. ער וועט דארפען זעהן צו געפינען אן אורזאכע וואָס זאָל באוועגען איזאבעלא'ן ארהר אריינצוגעבען אין מאָנאסטיר. לאנג האָט ער געטראכט דערפון. ווען ער זאָל קענען אָנווינקען צו דער קעניגין אז דער קעניג קוקט צופיעל אויף ביטריס'ן. ניין, אין דעם שטעקט א גרויס געפאהר. ער וועט דארפען דאָך האלטען זיינע אויגען אָפען... אפשר וועט איהם געלינגען עפעס אויסצוגעפינען... ביטריס איז געווען זעהר בעשיידען און פרום, און ער האָט קיין פסול אויף איהר ניט געקענט געפינען, ער זאָל זיין בארעכטיגט צו רע־קאָמענדירען איהר צו דעם מאָנאסטיר. אויסער דעם האָט ער מורא געהאט אז דער קעניג זאָל אויף איהם ניט אין כעס ווערען צוליעב דעם.

ביטריס ענריקעז איז גאנץ אָפט געקומען אין פארבינדונג מיט לואיס דע סאנטאנגעל און אויך מיט הערנאנדאָ דע טאלעווערא. זי האָט געוואוסט אז די לאגע ווערט מיט יעדען טאָג ערנסטער. פון איהר לעהרער, ארבועז, האָט זי זיך דערוואוסט וואָס פאר א שוידערליכע שטראָף עס ערווארטעט אלע מאראנען, און זי האָט אויף א רגע ניט פארגעסען דעם הויפט־צוועק פון איהר זיין אין קע־

ניגליכען פּאַלאַץ. זי וועט זיך דארפען זעהר אָנשטרענגען צו ריידען מיט דעם קעניג. זעהר זעלטען קומט איהר אויס איהם צו זעהן אליין. און אויך דאן וואגט זי ניט צו ריידען צו איהם. כאָטש ניט איינמאָל האָט זי באמערקט זיינע דורכ־דרינגענדע בליקען אויף איהר. די קעניגין איז צו איהר זעהר פריינדליך, בפרט נאָך דעם וואָס ארבועז האָט זי אזוי פארליובט פאר איזאבעלא'ן. אבער צו ריידען מיט דער קעניגין וועגען דעם איז נאָך א גרעסערע געפאהר. דעם קעניג קען זי דערמאָנען וועגען זיין עלטער־באָבען און איהר אָפּשטאמונג, און דערנאָך וועט זי איהם קענען געבען צו פארשטעהן אז ווען פּאַלאָמע ענריקעז וואָלט יעצט געלעבט, וואָלט זי אליין אויך געדארפט מורא האָבען פאר דער אינקוויזיציע. זי האָט געהאָפּט אז ער וועט איהר פארשטעהן, און אז זיין הארץ וועט געריהרט ווערען. ער וועט גלייך איינזעהן דעם גרויסען אומרעכט וואָס די אינקוויזיציע וועט טהאָן צו די מאראנען.

---

דורך דער קורצער צייט וואָס ביטריס ענריקעז האָט זיך געפונען אין פּאַלאַץ, האָט דער קעניג פערדינאנד אלץ ניט געקראָגען קיין געלעגענהייט צו פארבלייבען אליין מיט איהר... ווען ער פלעגט זיין זיכער אז די קעניגין באמערקט ניט פלעגט ער פון ביטרים'ן זיינע אויגען ניט ארונטערנעהמען... זי איז געווען אזא זעלטענע שעהנהייט... וואָס מעהר ער האָט אויף איהר געקוקט, אלץ מעהר האָט ער גענומען פיהלען א נאָהענטשאפט צו איהר... ער האָט געוואוסט אז ער זינדיגט מיט זיינע געדאנקען, אבער זי איז דאָך פּארט שעהנער פון דער קעניגין... ער איז זיכער אז אזוי האָט אויסגעקוקט זיין עלטער־באָבע פּאַלאָמא, אויף וועמען מען דערצעהלט אז זי איז געווען די שעהנסטע פרוי פון שפאניען... ער האָט פּרובירט זיך אליין פארענטפערען, אז די געפיהלען וואָס ביטרים רופט ארויס ביי איהם איז עס בלויז צוליעב דעם וואָס זי איז פון זיין משפחה, זי איז א קרובה, דערפאַר פיהלט ער א פריינדשאפט צו איהר... דערפאַר ווערט זיין שטי־מונג געענדערט ווען זי קומט אריין... עפּעס ברייננגט זי מיט זיך פריידע און לעבענס־לוסטיגקייט... אלע זאָרגען פארשווינדען פון איהם... ער פארגעסט אויף א ווײַלע דאָס וואָס די קעניגליכע אוצרות זיינען ליידיג, ער טראכט ניט מעהר פון דער אונפערמיידליכער מלחמה מיט די מורען פון גראנאדא... ביטרים פאר־נעהמט אלע זיינע געדאנקען.

פארשידענע געדאנקען פלאָנטערען זיך אין זיין מח... ווען ער זאָל געווינען די מלחמה מיט די מורען, דאן וואָלט ער זיך גענומען צו פראנקרייך, און מעגליך אויך צו פּאָרטוגאַל... זיין מלוכה וועט פארשפּרייט ווערען... ער וועט ווערען א מעכטיגער קעניג... ער וועט ניט דארפען מעהר צופיעל דאנקבאר זיין צו איזא־בעלא'ן, וועלכע האָט איהם אין נדן געבראכט איהר מלוכה — קאסטיליען... ער וועט אליין באווייזען אז ער איז דער איינציגער הערשער... יעצט קוקט אויס אז ביידע, ער און איזאבעלא, זיינען גלייכע הערשער איבער שפאניען... און דאן וועט ער קענען זעהר פיעל אויפטהאָן... ער וועט ניט דארפען ציטערען פאר איהר בליק... און זי וועט אויף איהם איהר ווילען מעהר ניט ארויפצווינגען... זי וועט איהם מעהר קיין דעה ניט זאָגען וואָס צו טהאָן און זי וועט מעהר ניט וואגען איהם שטענדיג פארצוואווארפען וועגען זיין אידישער עלטער־באבע.

**דאָ איז פערדינאנד'ן געקומען דער געדאנק פון דער אינקוויזיציע. יאַ,**

דורך דעם וואָס ער איז בעשטאַנען אז די אינקוויזיציע זאָל דורכגעפיהרט ווערען וואָס שנעלער. ווערט דיזער פלעק פון זיין אידישען יחוס אין גאַנצען פארשווינ־דען... יעצט ווערט ער אַנגערופען ווערען "דער הייליגער קאַטוילישער קעניג"...

א שמייכעל האָט זיך באוויזען אויף זיינע ליפען ווען ער האט פון דעם געטראכט. דורך דער אינקוויזיציע וועלען די קעניגליכע ליידיגע אוצרות אָנ־געפילט ווערען... זיינע געטרייע דינער וועלען שוין זעהן, אז די רייכע מאראַ־נען זאָלען באשולדיגט ווערען, אז זיי היטען אָפּ אידישקייט. די ריכטער פון דער אינקוויזיציע וועלען זיי שוין געפינען שולדיג און זייער רייכטום וועט געהערען צו די קעניגליכע אוצרות... איהם האָט בלויז פארדראָסען וואָס צוליב איזאַבעלאַ'ן איז די אינקוויזיציע אָפּגעלייגט געוואָרען אויף צוויי יאָהר... ווען זי וואָלט געוואוסט, אז אויסער די גרויסע מצוה וואָס זיי וועלען פארדינען מיט דער אינקוויזיציע, וועט עס נאָך ברייננען גרעסערע נוצען צו דעם קעניג־ליכען שוץ־קאַמער?... אָבער ער האָט מיט איהר ניט געוואָלט ריידען פון דעם. די אינקוויזיציע איז ביי איזאַבעלאַ'ן געווען א הייליגקייט, וואָס בלויז די קירכע קען האָבען נוצען פון דעם... מען וועט באַשטראָפען די אומגלויביגע, וועלען די אַנדערע פרימער ווערען...

מיט אַזוינע געדאַנקען איז פערדינאַנד געווען פארנומען, ווען ער האָט באַמערקט דורך דעם פענסטער פון פּאַלאַץ, אז ביטריס שפּאַצירט אַליין אין גאָרטען.

ער האָט געוואוסט, אז די קעניגין איז איצט פארנומען מיט די הייליגע בישאָפען, וועלכע זיינען געקומען פאַרלעזען פאר איהר די ביכער וואָס זיי האָבען געשריבען גגעען דער אידישער רעליגיע און געגען די מאַראַנען... א רויטקייט האָט באַדעקט איהר פּנים און זי איז געבליבען שטעהן אין פארלע־גענהייט...

—אַה, דאָס ביזטו, ביטריס ענריקעז! — האָט זיך דער קעניג געמאַכט, אַז ער איז איבערראַשט זי צו געפינען. — ווי עס ווייזט אויס, האָסטו אויך ליב צו שפּאַצירען אַליין אין דעם גאָרטען... איך טו עס גאַנץ אָפט... איך האָב ליב צו פארברענגען אַליין מיט מיינע געדאַנקען.

— מיין האר קעניג! — האָט זי זיך ווידער פארנייגט, — איך האָב ניט געוואוסט, אז דער קעניג וועט דאָ ארויסקומען, און איך וויל איהם דאָך געוויס ניט שטערען.

— ניין, עס מאַכט ניט אויס... איך בין צופרידען, וואָס איך האָב דיך דאָ געטראָפען. איך האָב זיך איצט זעהר איינזאַם געפיהלט. איך האָב זעהר געגאַרט צו האָבען אימיצען מיט וועמען צו ריידען. און איצט, אז איך האָב דיך דאָ געפונען, וועל איך זיך שוין ניט פיהלען אַזוי איינזאַם. דו ביזט דאָך פון מיין משפּחה און מיר וועלען קענען ריידען וועגען די פון וועמען מיר שטאַמען אָפּ.

דעם קעניג'ס רייד זיינען פאַר ביטריס'ן געווען זעהר אַן אַנגענעהמע אי־בערראַשונג... אויף דיזער געלעגענהייט האָט זי שוין לאַנג געוואַרט... זי וועט פּילייכט דורך דעם קעניג ערגרייכען דעם צוועק צו וואָס זי איז געקומען צו דעם קעניגליכען פּאַלאַץ.

— לאָמיר זיך צוזעצען אויף דיזער באנק! — האָט פערדינאַנד געזאָגט און ער איז צוגעגאַנגען און זיך געזעצט.

ביטריס האָט איהם שווייגענדיג נאָכגעפאָלגט און איז געבליבען שטעהן... פערדינאַנד האָט געמאַכט פּלאַץ פאַר איהר און האָט איהר געהייסען זיך זעצען.

ביטריס האָט זיך געזעצט ביים ברעג. איהר פּנים האָט געפלאַמט און דאָס האָט איהר נאָך צוגעגעבען א באַזונדערען רייץ.

ער האָט געוואוסט פאָראויס, אז דע טאַלעווערא׳ס בוך וועט זי אויסקלייבען, וואָס וועט ארויסגעשיקט ווערען צו אַלע רבנים. אָבער ער איז געווען איצט צופרידען, וואָס איזאַבעלא וועט זיין פאַרנומען א היבשע ווײַלע... ביטריס איז אין גאָרטען... ער וועט ארויסגעהן אהין שפּאַצירען... זיינע ליבּ־וועכ־טער וועט ער זאָגען, אז ער וויל בלייבען מיט זיך אליין און קיינער וועט איהם ניט שטערען.

פערדינאַנד האָט ארויסגעבויגען זיין קאָפּ דורך דעם אָפענעם פענסטער און געוואָרפען זיינע בליקען אויף דער וואונדער־שעהנער ביטריס׳ן, ווי גראַ־ציעזן זי איז... זי איז הויך און באַצויבערענד... יע, ער וועט ארויסגעהן.... "צופעליג" וועט ער זי באַמערקען און אריין מיט איהר אין א געשפּרעך... זי איז דאָך זיינע א קרובה...

דער קעניג איז אריין אין גאָרטען... באַלד זיינען צוגעקומען צוויי פון זיינע לייב־וועכטער און איהם געוואָלט באַגלייטען.

פערדינאַנד האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט אַלס צייכען, אז זיי זאָלען בלייבען אויף זייערע פּלעצער, און איז ארויס אליין אין גאָרטען. ער האָט גענומען שפּאַצירען לאַנגזאַם אין דער זעלבער ריכטונג... אָט קומט זי איהם אנטקעגען.

ווען ביטריס ענריקעז האָט דערזעהן דעם קעניג האָט זי זיך פאַרנייגט.

דער קעניג האָט זי דורכגעדרונגען מיט זיינע בליקען... זי איז דאָך אַזוי באַצויבערענד־שעהן... איהרע אויגען גלאַנצען ווי ליכטיגע שטערען... ער האָט נאָך אַזא זעלטענע שעהנהייט ניט געזעהן.

א ווײַלע זיינען זיי ביידע געזעסען און געשוויגען. ביטריס האָט געהאַלטען איהרע אויגען ארונטערגעלאָזען און פערדינאַנד האָט פון איהר זיינע אויגען ניט ארונטערגענומען.

— מיין מוטער פלעגט מיר דערצעהלען, אז איהר באָבע, פּאַלאָמאַ ענריקעז, איז געווען די שעהנסטע פרוי אין גאַנץ שפּאַניען, — האָט זיך דער קעניג אָפּ־גערופען, — און לויט ווי זי האָט פאַר מיר אויסגעמאָלען איהר אויסזעהן, דאַרפסטו זיין גאַנץ עהנליך צו איהר!

א באַשיידענער שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף ביטריס׳עס ליפּען... זי האָט אויפגעהויבען איהרע אויגען און געוואָרפען א דאַנקבאַרען בליק אויף דעם קעניג... זיין פריינדליכקייט און צוגעלאָזענקייט האָבען איהר איבער־ראַשט. זי האָט געוואָלט אויך עפּעס זאָגען, אָבער איהר צונג איז ווי געווען צוגעקלעפּט צום גומען... זי ווייס, אז זי דאַרף זעהר פאָרזיכטיג זיין ער זאָל גאָר ניט פאַרדעכטיגען... איצט איז ניט די צייט איהם צו דערמאָנען, אז פּאַלאָ־מאַ איז געווען א אידין. זי מוז האָבען א בעסערע געלעגענהייט.

— איך האָב אויך געהערט, אז זי איז זעהר שעהן געווען! — האָט ביטריס

געזאָגט מיט א נידעריגע שטימע נאָך א קליינע פויזע.

— יע, אלע פון מיין משפחה זיינען שעהנע! — האָט פערדינאַנד א שמייכעל געטאָן. — מיין מוטער, זשואַנאַ, איז געווען זעהר שעהן. מיין פאָטער'ס ערשטע פרוי איז געווען א פראַנצויזישע פּרינצעסין, און איז געווען פאַררעכענט פאַר א זעלטענע שעהנהייט, אָבער איך האָב גאַנץ אָפט געהערט, ווי מיין פאָטער זאָגט: "מיין ערשטע פרוי איז געווען א בילד־שעהנע, אָבער מיין צווייטע פרוי איז נאָך שעהנער" און דאָס האָט ער געמיינט מיין מוטער! און ווען איך קוק זיך גוט צו צו דיר, דוכט זיך מיר, אז איך זעה אויך אן עהנ־ליכקייט צווישען דיר און מיין מוטער... זי האָט געהאַט די זעלבע אויגען ווי דו... און דערפאַר, ווען איך האָב דיך צום ערשטען מאָל דערזעהן, האָב איך אליין פאַרשטאַנען, אז דו שטאַמסט פון מיין משפחה...

— איך האָב זעהר פיל דאַנקבאַר צו זיין דעם גנעדיגען קעניג און דער גנעדיגער קעניגין פאַר די פריינדשאַפט וואָס איהר האָט מיר אַרויסגעוויזען — האָט ביטריס זיך אָפּגערופען. — איך ווייס, אז איך האָב אזא עהרע ניט פאַר־דינט...

— דו האָסט עס מעהר פאַרדינט ווי די אַנדערע הויף־דאַמען, וועלכע געפי־נען זיך אין פּאַלאַץ... און דו ווייסט, אז נאָך דיין ערשטען באַזוך, ווען די קעניגין האָט זיך מיט מיר דורכגערעדט אויב מען זאָל דיך אָפּשטעלען אין פּאַלאַץ, האָב איך אַרויסגעוויזען א געגנערשאַפט, אָבער מיין ניט, ווייל איך האָב דיך ניט געוואָלט האָבען אין פּאַלאַץ. איך האָב עס אַבזיכטליך געטאָן... ווייל איך האָב געוואוסט, אז ווען איך שטים גלייך צו, וואָלסטו שוין אין פּאַלאַץ ניט געווען... די קעניגין איז זעהר אייפערזיכטיג בפרט אויף שעהנע, יונגע מיידלעך... פונדעסטוועגען האָט זי ליב שעהנע פרויען און זי איז זייער שטאַרק מקרב...

— די קעניגין איז זעהר גוטהערציג! — האָט ביטריס געזאָגט. — זאָל זי זיין געבענשט פון גאָט!

— זי איז אויך געווען גאַנץ שעהן! — האָט פערדינאַנד צוגעגעבען, — אָבער זי האָט זיך א סך געענדערט, איבערהויפּט נאָכדעם ווי זי האָט געבוירען דעם קרוינפּרינץ... אין יענער צייט האָבען פילע פּרינצען זיך געליבט אין איזאַ־בעלאַ'ן, אָבער זי האָט קיינעם ניט געוואָלט אויסער מיך... דו האָסט געוויס ניט געהערט ווי אזוי מיר האָבען ביידע חתונה געהאַט?

ביטריס האָט געשאָקעלט איהר קאָפּ אויף ניין.

— אויב אזוי, וועל איך דיך דערצעהלען! — האָט פערדינאַנד געזאָגט און זיך צוגערוקט עטוואָס נעהענטער. — אונזער חתונה איז פאָרגעקומען אין גע־היים. און איך האָב צו פאַרדאַנקען מיין בעסטען פריינד אברהם סיניאָר, ווען ניט ער, וואָלטען איצט די צוויי מלוכות, אַראַגאָן און קאַסטיל, ניט פאַראייניגט געווען... ער האָט פאַר אונז ביידען זעהר פיל אויפגעטאָן.

— איז דען אברהם סיניאָר ניט קיין איד? — האָט ביטריס בכיון איהם א פרעג געטאָן.

פערדינאַנד איז געוואָרען עטוואָס צוטומעלט פון איהר פראַגע. ער האָט גאָר וועגען דעם ניט געטראַכט...

— המ... יע, אברהם סיניאָר איז א איד... אָבער ער באַזיצט א וואונ־דערבאַרע קאָפּ... ער האָט זעהר פיל אויפגעטאָן פאַר אונזער לאַנד... מיט זיין קלוגשאַפט און געטרייהייט האָט ער פאַרמידען אַן אומגליק אויף אונזער לאַנד... צוזאַמען מיט אברהם סיניאָר געפינט זיך איז מיין פּאַלאַץ נאָך זעהר א וויכטיגער איד, מיט׳ן נאָמען דאָן יצחק אַבאַרבאַנעל... ביידע פאַרוואַלטען די פינאַנצען פון מיין מלוכה און איך קען זיך אויף זיי פאַרלאָזען.

— אָבער איז דען ניט קיין זינד צו גאָט צו דערלאָזען אידען... — האָט ביטרים געזוכט איהם אריינצוציהען אין א געשפּרעך וועגען דעם אומזין פון דער אינקוויזיציע.

— אַזעלכע אידען זיינען אין גאַנצען אַנדערש. די מלוכה האָט פון זיי זעהר גרויסע נוצען... איך האָב זעהר געוואָלט, אַז זיי זאָלען ווערען קריסטען, אָבער מיר איז ניט געלונגען זיי איבערצורייִדען... און איצט בין איך צו־פרידען פון דעם, אַז זיי זיינען ניט געוואָרען קיין קריסטען, ווייל כמעט אַלע אידען, וועלכע האָבען אָנגענומען די קאַטוילישע רעליגיע געצוואונגענערהייט, זיינען מאַראַנען, זיי זיינען פאַלשע קריסטען... און דורך דעם איז נאָך זייער זינד גרעסער... אָבער עס וועט שוין לאַנג ניט דויערען און די אינקוויזיציע וועט מאַכען א סוף צו אַלע פאַלשע קריסטען. יעדער זינדיגער וועט זיין שטראָף באַקומען.

— וואָס פאַר א שטראָף וועט קריגען דער, וועלכער וועט געפונען ווערען, אַז איז פאַלש צו אונזער רעליגיאָן?

— אויב די ריכטער פון דער אינקוויזיציע וועלען געפינען איינעם שולדיג אין דיזען גרויסען פאַרברעכען, וועט מען יענעם עפּענטליך פאַרברענען און זיין פאַרמעגען וועט פון איהם צוגענומען ווערען, אַזוי, אַז זיינע קינדער וועלען גאָרניט געניסען פון זייער פאָטער׳ס פאַרמעגען.

— אָה, וואָס פאַר א שוידערליכע שטראָף דאָס איז! — איז זי שוין עטוואָס דרייסטער געוואָרען. — נאָר אַלעמען ווי אַזוי וועט מען קענען באַ־שטימען אויב אימיצער איז אין האַרצען א גוטער קאַטוילִיק אָדער ניט?

— איך וועל אָנשטעלען שפּיאָנען איבער׳ן גאַנצען לאַנד און ווי נאָר עס וועט פאַלען דער מינדסטער חשד אויף וועמען עס איז, וועט ער אַרעסטירט ווערען און געבראַכט ווערען פאַר די ריכטער פון דער אינקוויזיציע, און דאָר־טען וועט מען איהם אַזוי לאַנג פּייניגען ביז וואַנען ער וועט זיך מודה זיין אין זיין פאַרברעכען, און ערשט דאַן וועט מען איהם באַשטראָפען.

— ווען מען זאָל פּייניגען אַן אומשולדיגען מענשען און איהם צווינגען זיך מודה צו זיין אויף א פאַרברעכען, וואָס ער איז ניט באַגאַנגען וועט ער זיך אויף דעם מודה זיין, ווייל ער וועט ניט קענען אַריבערטראָגען די יסורים! אָה, מיין האַר קעניג, איך גלויב ניט, אַז אונזער גאָט, וועלכער האָט אונז גע־לערנט צו זיין מילד און גוט, ליעב צו האָבען אפילו אונזער שונא, זאָל פאַר־לאַנגען אַזוי שוידערליך צו באַשטראָפען אפילו זינדיגע מענשען... קען דען ניט געפונען ווערען קיין אַנדער וועג ווי אַזוי צו אַרויסברייִנגען די זינדיגע אויף דעם גלייכען וועג?...

— מיט גוטען וועלען מיר גאָרניט קענען אויפטאָן! — האָט פערדינאַנד

איהר געענטפערט. — די אינקוויזיציע איז דער איינציגער מיטעל ווי אזוי צו ברייגנען די זינדיגע צום שכל... נאָך אלעמען וועט עס מיינען די טובה פון די זינדיגע... זייערע נשמות וועלען אויסגעלייטערט ווערען און זיי וועלען גלייך אריין אין הימעל... יע, אזוי שנעל ווי מען וועט פארברענען זייערע זינדיגע קערפערס וועלען זיי געריינינגט ווערען...

— אזוי האָט מיך געלערנט מיין לעהרער ארבועז, — האָט ביטריס ווייטער געזאָגט, — אָבער איך קוק אנדערש אויף דעם... איך גלויב, אז מיט גוטען און מיט לערנען און ערקלעהרען די אלע מאראנען וועגען דער גרויסקייט פון אונזער רעליגיע, וואָלט מען געקענט א סך מעהר אויפטאָן זיי צו מאַכען פאר אמת'ע פרומע קאטויליקען... און אפילו אונזער גאָט וואָלט מעהר צופרידען געוועזען.

— די ביזט נאָך יונג און אונערפאהרען! — האָט דער קעניג איהר געענטפערט. — מיר האָבען שוין דאָס אויך פרובירט און דאָס העלפט ניט... און מיר האָבען זיך בעראטען מיט אלע הייליגע און זיי האָבען איינשטימיג צוגעגעבען, אז די אינקוויזיציע איז דער איינציגער מיטעל. איך האָב געשיקט שלוחים צום פאפסט און ער האָט אויך זיין צושטימונג געגעבען.. איצט, אויב דער פאפסט אליין און אלע אנדערע הייליגע גיבען צו, אז די אינקוויזיציע דארף איינגעפיהרט ווערען, דאן איז עס געווים דער ווילען פון גאָט!

— איך האָב אָבער מורא, אז זעהר פיל אומשולדיגע וועלען דערפון ליידען. יעדער איינער וועט דאָך קענען מאכען א בלבול אויף אזעלכען, וועלכער שטאַמט פון אידען און מען וועט איהם באשטראָפען... איך שטעל זיך פאר, אז אפילו אויף דיין מוטער וואָלט מען געקענט מאכען אזא בלבול, אָדער אויף מיין פאטער... ווייל פאלאמא איז דאָך געווען...

— מיט דעם וואָס מיין עלטער־באָבע איז געווען פון אידישער אָפשטאמונג וואָלט מען קיינעם פון איהרע קינדער ניט געקענט באשולדיגען, ווייל זיי זיינען שוין געווען אמת'ע פרומע קריסטען, — איז דער קעניג שוין עטוואָס אויפגערעגט געוואָרען.

ביטריס האָט גלייך איינגעזעהן, אז איהרע רייד וועלען האָבען א גאנץ קליינע ווירקונג אויף איהם. ער איז באשלאָסען דורכצופיהרען די אינקוויזיציע נאָך מעהר ווי די קעניגין. זי האָט דעריבער מעהר איט גערעדט מיט איהם וועגען דעם. זי איז געבליבען זיצען שווייגענדיג.

פערדינאנד האָט באמערקט ווי זי איז אומעטיג געוואָרען, און ער האָט עס אנגענומען, אז זי איז זעהר ווייכהארציג... און דעריבער נעהמט זי זיך צום הארצען, אָבער ער וועט שוין זעהן איבערצוצייגען, וואָס פאר א גוטע זאך די אינקוויזיציע איז... ווי וואונדערליך שעהן זי קוקט אויס... ווען ניט איזאבעלא! דער קעניג האָט זיך אליין דערשראָקען פאר זיינע מחשבות... אָבער קען ער זי דען ארויסלאָזען פון זיינע געדאנקען? עס איז איהם אזוי אנגענעם צו זיצען דאָ לעבען איהר, צו באטראכטען איהר ליבליכען שעהנעם פנים, צו הערען איהר זיסע שטימע... אומבאוואוסטזיניג נעהמט ער אָן איהר האנט...

— גאָט האָט דיך געבענשט מיט שעהנקייט, — האָט ער צוגעטראָגען איהר האַנט צו זיינע ליפּען...

---

פּעדראָ ארבועז האָט פארבראַכט שלאָפלאָזע נעכט... זיין ליידענשאַפטליכער פּלאַן פאַר ביטרים'ן האָט זיך מיט יעדען טאָג וואָס מעהר צופלאַקערט... ער זעהט זי יעדען טאָג... ער איז מיט איהר אין אַ באַזונדערען צימער און דאָך קען ער זי ניט אָנריהרען... ער מוז זיך זעהר שטאַרק באַהערשען... אַה, ווי עס גלוסט זיך איהם אַ קוש צו טאָן איהרע שעהנע ליפּען... צודריקען זי צו זיין ברוסט... זי איז אַזוי באַצויבערענד שעהן. זי איז צערטליך און פרעכטיג... ער איז איהר לעהרער... די אַלע נאָנעס, וועלכע געפינען זיך אין מאָנאַסטיר זיינען מיאוס'קייטען געגען איהר... ווען איהם געלינגט נאָר זי אריינצוקריגען אהין... דאַן וואָלט זי שוין געהערט צו איהם..

ארבועז האָט ביי זיך באַשלאָסען זיך צו באַראַטען מיט דער אויפזעהערין פון מאָנאַסטיר... זי איז זעהר אַ קלוגע פרוי, זי וועט איהם פאַרשטעהן... פיליכט וועט זי איהם אַן עצה געבען ווי אַזוי אריינצוקריגען ביטרים'ן אין מאָנאַסטיר... ער האָט באַשלאָסען אוועקצוגעהן אין מאָנאַסטיר פריהער ווי ער איז דאָרטען ערוואַרטעט. ער וועט שוין געפינען אַן אויסרייד. ער וועט זאָגען, אַז ער האָט אין חלום אַ מלאך געזעהן, און ער האָט איהם אַנטדעקט, אַז ער זאָל קומען אין מאָנאַסטיר... יע, פאַר דער אויפזעהערין דאַרף ער דאָך קיין אויסרייד ניט האָבען, בלויז פאַר די נאָנעס... זאָלען זיי מיינען, אַז מיט זיין קומען אהין פאַר זיין צייט, ברייננגט ער אַ הייליגע שליחות...

ניט לאַנג טראַכטענדיג איז ארבועז אהין אוועק. זיינע געדאַנקען זיינען געווען אין גאַנצען פאַרנומען מיט זיין שעהנער תלמידה. מיט שנעלע טריט איז ער אין דעם טונקעלען אָווענט געגאַנגען צו דעם מאָנאַסטיר... ער האָט מיט זיך גענומען עטליכע גאָלדענע דוקאַטען, וואָס ער וועט דאַרפען געבען דער אויפזעהערין פון וועמען ער האָט ערוואַרטעט אַ גוטע עצה.

ניינטער קאַפּיטעל

## דער מאָנאַסטיר

אין אַן אָפּגעזונדערטע פּלאַץ, הינטער סעוויל, איז געשטאַנען אַ הויכע טונקעלע געביידע... פיער טורעמס האָבען ארויסגעסטאַרטשעט אין דער הויך פון וואַנען עס האָבען אָפּגעבלישטשעט פיער באַגילטע צלמים... אַן אייזערנער טויער איז געווען דער איינציגער אריינגאַנג און ארויסגאַנג פון דיזער שוידערליכער געביידע, וואָס פּלעגט אָנוואַרפען אַ שרעק אויף יעדען איינעם וואָס פּלעגט זעהן די געביידע. די פענסטער זיינען ארויסגעקומען אינוויינינג אין הויף, און פון דרויסען האָט מען קיין פענסטער ניט געזעהן. דיזע געביידע איז געווען דער באַוואוסטער מאָנאַסטיר פון סעוויל. אינוויינינג זיינען געווען הונדערטע קליינע צימערלעך. דאָרטען זיינען געזעסען די נאָנעס, יונגע מיידלעך, וועמען מען האָט איינגערעדט, אַז דער איינציגער צוועק אין לעבען דאַרף זיין זיך איבערצוגעבען צו גאָט מיט לייב און לעבען... זיי דאַרפען זיין אָפּגעזונדערט פון דיזער נאַרישער וועלט. זיי טאָרען ניט געניסען פון אַלע פאַרגע־

ניגענס וואָס דער פרייער מענש געניסט... זייער איינציגער ציעל מוז זיין זיך צוצוגרייטען צו יענער וועלט, וואו זיי וועלען אריינקומען איז הימעל מיט אויסגעלייטערטע נשמות און דאָרטען וועלען זיי ווערען די כלות פון יעזוס.

די מאָנאכען און די אנדערע גייסטליכע פלעגען אויסאיבען זייער איינפלוס אויף פילע רייכע און אנגעזעהענע קריסטען, און פלעגען גאַנץ אָפט ווירקען אויף זיי זיי זאָלען אריינגעבען זייערע טעכטער אין מאָנאַסטיר דערמיט צו געווינען יענע וועלט. און אזוי פלעגען אפילו די רייכע, ווערעם טעכטער פלעגען געניסען פון אלעס, אָפּגעבען זייערע טעכטער אין דעם מאָנאַסטיר, וואו זיי פלעגען איינגעשפּארט ווערען אויף אייביג, ניט מעהר זיך שווין צו זעהן מיט זייערע עלטערען און נאָהענטע, ווייל ווי נאָר איינער האָט אהיז אָפּגעגעבען זיין טאָכטער, האָט ער שוין אויף איהר מעהר קיין רעכט ניט געהאט. זי האָט געדאַרפט געהערען אין גאַנצען צו גאָט, און איהם איז פארבאָטען געוואָרען צו קומען זיך זעהן מיט זיין טאָכטער...

זעהר פיל פאנאטישע עלטערען האָבען זיך געלאָזט איבעררעדען פון די גלחים און מאָנאכען און אריינגעגעבען זייערע טעכטער אין מאָנאַסטיר, מיט דעם געדאַנק, אז זיי ברענגען זיי צו דעם הימלישען גליק... די געווינען און געבעטען פון די אונשולדיגע יונגע מיידלעך האָבען ניט געהאָלפען. זיי פלעגען אהין אריינגעשפּארט ווערען מיט געוואַלד. און אזוי שנעל ווי די אייזערנע טויערען פלעגען זיך פארמאכען הינטער זיי, האָבען זיי שוין מעהר קיין האָפנונג ניט געהאַט פון דאָרט ארויסצוקומען.

די ערשטע עטליכע טעג פלעגט געוועהנליך אזא מיידעל וויינען און יאָמערען. די אויפזעהערין פלעגט פון אָנפאַנג ריידען מיט איהר צאַרטע רייד... זי פלעגט איהר אויפווייזען, וואָס פאר א גליק דאָס איז פאר איהר פאררעכענט צו ווערען פאר גאָט'ס כלה... און אז זי דאַרף זיין צופרידען וואָס זי האָט פארלאָזען די נארישע זינדיגע וועלט. ווען עס פלעגען אָבער פארבייגעהן עטליכע טעג, דאן פלעגט די נייע אָנגעקומענע זיך שוין בארוהיגען. מען פלעגט זי אָנטאָן אין שווארצע קליידער און אריינפיהרען אין דעם גרויסען געבעטס־צימער, וואו די ארשיעדענע בילדער פון די הייליגע זיינען געווען... דאָרטען פלעגען אלע פאלען אויף די קני און זינגען מזמורים... און אין א פּאָר טעג שפּעטער פלעגט שוין די אויזעהערין אריינקומען צו דער נייער אָנגעקומענער מיט דעם וידוי פּאָטער.

— דאָס איז דער הייליגער פּאָטער פון דעם מאָנאַסטיר, — פלעגט די אויפזעהערין זאָגען צו איהר, — פאר איהם וועסטו זיך מתודה זיין... אלע דיינע זינד וועסטו פאר איהם מודה זיין און דאן וועלען זיי אָפּגעמעקט ווערען, און דו וועסט זיכער זיין, אז דיין נשמה איז אויסגעלייטערט געוואָרען, און אז דו וועסט אריינגעהן אין גן־עדן.

דאָס איז געווען די אויפגאַבע פון פּעדרא ארבועז, דער וידוי־פּאָטער פון יענעם מאָנאַסטיר... ווי נאָר א פרישער פּנים איז געקומען אין מאָנאַסטיר איז ער געווען דער ערשטער זי צו זעהן און בענשען איהר אין דעם נאָמען פון דער הייליגער מוטער און דעם הייליגען גייסט.

די אויפזעהערין פלעגט איהם אריינפיהרען צו דער נייער אָנגעקומענער

מיידעל. זי האָט געהאַלטען „הייליגע" וואַסער אין א כלי און ארבועז פלעגט איהר באַשפּריצען און אויסרופען:

— מיט דיזען הייליגען וואַסער וועסטו גערייניגט און געהייליגט ווערען, דו וועסט פון איצט אָן זיין ווירדיג צו ווערען די כלה פון זיין הייליגען נאָמען.

ארבועז פלעגט שוין באמערקען ביי דעם שיין פון דער ליכט אויב די נייע אָנגעקומענע איז א שעהנע מיידעל... און ער האָט געוואוסט ווי שנעל ער דאַרף צו איהר א צווייטען מאָל קומען. ארבועז פלעגט קומען דריי מאָל א וואָך אין מאָנאַסטיר. און כאָטש קיין פרעמדע האָבען ניט געהאַט קיין צו־טריט, פלעגט אָבער ארבועז גאַנץ אָפט קומען מיט איינעם אָדער צוויי רייכע גייסטליכע, וועלכע פלעגען קומען מיט אן אויסרייד צו בענשען די נאָנעס.

די אויפזעהעריז איז געווען א דיקליכע, ניט קיין מיאוס'ע פרוי, פון א יאָהר עטליכע און פערציג. איהר נאָמען איז געווען טערעסא. זי האָט זיך מיט דעם גייסטליכען ארבועז געקענט פון לאַנג און דורך זיין איינפלוס האָט זי געקראָגען דיזע שטעלע אַלס אויפזעהעריז איבער די נאָנעס פון דעם מאָנאַסטיר.

ווען די אַלטע אויפזעהעריז פון דעם מאָנאַסטיר איז געשטאָרבען, איז אר־בועז געקומען פאר דער קעניגין און געזאָגט, אז ער האָט געהערט פון א פרוי, וועלכע איז זעהר א גאָטספאַרכטיגע, וועלכע באַזיצט א הייליגע נשמה און וועל־כע וועט זיך פּאַסען צו פאַרנעהמען דעם פּלאַץ פון דער פאַרשטאָרבענער אויפ־זעהעריז.

די קעניגין האָט איהר צושטימונג געגעבען און טערעסא איז געוואָרען אויפזעהעריז אין דעם מאָנאַסטיר. און דורך די עטליכע יאָהר וואָס זי איז דאָר־טען געווען, איז זי רייך געוואָרען... זי האָט געוואוסט ווי אזוי צופרידענצו־שטעלען די רייכע גייסטליכע באַזוכער און יענע פלעגען איהר גוט באַלוינען... זעלבסטפאַרשטענדליך, אז טערעסא איז געווען זעהר דאַנקבאַר צו פּעדרא אר־בועז און זי פלעגט איהם שוין לאָזען וויסען אזוי שנעל ווי א יונגע שעהנע מיידעל איז געבראַכט געוואָרען אין מאָנאַסטיר. זי פלעגט איהם ארויסהעלפען. זי פלעגט צוגרייטען יענע מיידעל...

— דיזער מאָנאַסטיר איז געבענשט מיט דעם הייליגען פאַטער ארבועז, — פלעגט זי זאָגען די נייע נאָנע, — און די הייליגע לופט פון דאַנען ווערט נאָך מעהר הייליג אזוי שנעל ווי דער וידוי־פאַטער ארבועז קומט אַריין אהער. דו וועסט זיך דאַרפען שעצען גליקליך, אויב דיר וועט געלינגען צו קריגען פון איהם א ברכה... אָבער איך מוז דיך וואָרענען, אז אויב דו ווילסט געניסען פון זיין ברכה, וואָס וועט דיך צוגרייטען פאר די טויערען פון הימעל, מוזטו פריהער זיך פאר איהם מודה זיין אויף אַלע דיינע זינד... אפילו אויף דיינע זינדיגע גע־דאַנקען... און אויב דו וועסט עס ניט טאָן, וועט דאַן זיין ברכה איז א קללה פאַרוואַנדעלט ווערען...

לאַנג האָט זי איינגע'טענה'ט מיט דער נאָנע ביז וואַנען זי האָט איהר פאַר־שפּראָכען, אז זי וועט זיך אויף אַלע איהרע זינד און זינדיגע געדאַנקען מודה זיין. אז ווען טערעסא האָט זיך איבערצייגט, אז זי האָט געוואונען דער נאָנעס צוטרויען, פלעגט זי שוין דעם צווייטען מאָל קומען מיט ארבועז.

אין דעם איינזאַמען, האַלב טונקעלען צימער, וואָס איז געווען באַלויכטען

מיט א ליכט, האָט זיך געפונען די נייע נאָנע. איבער איהר בעטעל איז געהאנגען א בילד פון דער "היילינער מוטער". שטונדען לאנג פלעגט זי זיך קניהען אויף איהר בעטעל און זאָגען אַט די אלע תפלות, וואָס מען האָט איהר אויסגעלערנט. גאנץ אָפט פלעגט די נאָנע וויינען אָהן אן אויפהער. און די אויפזעהעריז, וואָס פלעגט דורכגעהן און ארייגקוקען אין די צימערען פון די נאָנעס, פלעגט זי אויס'מוסר'ן און זאָגען, אז מיט דעם וואָס זי וויינט זינדיגט זי, ווייל דאָס איז א סימן, אז זי איז ניט צופרידען צו זיין גאָט'ס כלה... דו וועסט מוזען תשובה טאָן...

אין א ווײַלע ארום פלעגט זי שוין אריינקומען מיט דעם וידוי־פאָטער, וועלכער האָט אין זיין האנט געהאלטען א גרויסען גאָלדענעם צלם.

— זי זינדיגט צו גאָט, הייליגער פאָטער, — האָט זיך טערעסא אָפּגערופען.

— זי הערט ניט אויף צו וויינען. איך האָף, אז ווען דער הייליגער פאָטער וועט איהר ערקלעהרען וועגען דער גרויסקייט און גלאָררייכקייט וואָס עס איז פאר איהר אָנגעגרייט אין הימעל, וועט זי פיעלייכט פארשטעהן, אז זי דארף זיך שעצען גליקליך צו געפינען זיך אין דיזען הייליגען געטליכען פלאץ.

טערעסא האָט זיי איבערגעלאָזען אליין און זי איז ארוים פון צימער.

ארבועז האָט זיך צוגעזעצט אויף איהר בעטעל. ער האָט צוגעטראָגען דעם צלם צו זיינע ליפּען און געשעפּטשעט עפּעס א תפלה.

— זעץ זיך, מיין טאָכטער! — האָט ארבועז צערטליך געזאָגט. — זאָל דער הייליגער גייסט רוהען אויף דיר... און זאָלסטו ווירדיג זיין פאררעכענט צו ווערען צווישען די הייליגע כלות פון יעזוס'ן. ער האָט צוגעטראָגען זיין צלם צו איהרע ליפּען און יענע האָט עס א קוש געטאָן.

— דער מענש איז באשאפען געוואָרען מיט א זינדיגע נשמה, — האָט ארבועז פאָרטגעזעצט, — יעדער איינער באגעהט א זינד, און אויך זינדיגע געדאנקען ווערען פאררעכענט פאר זינד. אָבער אונזער בארמהערציגער גאָט האָט אויף דעם מענשען רחמנות און ער שיקט צו איהם זיינע הייליגע זיי זאָלען דעם מענשען רייניגען פון זינד... די נארישע מענשען אָבער וויסען נישט ווי זיך צו בענוצען מיט דיזער געלעגענהייט און יענע זיינען פארלאָרען אויף אייביג... זיי נעהמען מיט זייערע זינד אין קבר און זייערע נשמות געהען גלייך אין גיהנם. אָבער דער קלוגער מענש ווייס ווי אָפּצואָווישען זיינע זינד... ער דארף בלויז תשובה טהאָן מיט'ן גאנצען הארצען צו גאָט... גאָט אָבער נעהמט אָז די תשובה בלויז פון אזעלכע וועלכע קומען צו איהם מיט א ריינעם געוויסען... יא, בלויז דאַן ווען דער זינדיגער פערזאָן איז זיך מודה אויף אלע זיינע זינד, ווען ער פארלייקענט קיין זאך ניט... דורך דעם ווערט זיין נשמה געלייטערט און זיינע תפלות ווערען אָנגענומען... וועה איז אָבער דעם מענשען ווען ער זוכט אָפּצונארען גאָט, מיט דעם וואָס ער איז זיך ניט מודה אויף אלע זיינע זינד... ווען ער זאָגט ניט דעם ריכטיגען אמת, פאר אזא מענשען איז שוין קיינמאָל קיין האָפנונג ניטאָ... ער איז שוין פארלאָרען אויף אייביג... זיין נשמה וועט געברענט ווערען אין דעם פייער פון גיהנם, מיט אלע טייוואָלים און רשעים... איך האָף אז דו וועסט זיין פון די עהרליכע און קלוגע און זיך מודה זיין פאר מיר אלעס וואָס דו האָסט געטהאָן ביז יעצט... און פון אלע דיינע מחשבות וואָס קומען דיר אריין

אין מח... דו דאַרפסט זיך פאַר מיר גאָרניט שעהמען... ווייל דו דאַרפסט וויסען זיין אַז אַלעס וואָס ווערט פאַר מיר דערצעהלט פאַרבלייבט עס פאַרזיגעלט אין מיין האַרצען, קיינער ווייס ניט... כמעט יעדע מיידעל פון דעם מאַנאַסטיר האָט געזינדיגט און זי האָט זיך פאַר מיר מודה געווען און דאַמיט אָפּגעווישט איהרע זינד, אָבער קיינע ווייס נישט אין וואָס באַשטעהט די זינד פון דער צווייטער... און אַזוי מעגסטו רוהיג זיין אַז קיינער אין דער וועלט, א חוץ גאָט און איך וועלען וויסען פון דיינע זינד...

די מיידעל האָט אַרונטערגעלאָזען איהר קאָפּ. א טויט שרעק איז אויף איהר אָנגעפאַלען. זי האָט גענומען טראַכטען פון איהר היים, פון איהר ליעבהאָבער וועמעס ליעבע איז געווען צו איהר אַזוי היילּיג. זי האָט זיך דערמאָנט אין זיינע פייערדיגע קושען, אין יענע צערטליכע רייז. ווי אַזוי וועט זי דאָס אַלעס קענען דערצעהלען איהם, אָט דעם פרעמדען... א ציטער איז דורך איהר קערפּער... ניין, זי וועט עס גאָר ניט קענען אַרויסברייגגען פון איהרע ליפּען... און דאַן דערמאָנט זי זיך אין נאָך אַנדערע זינד וואָס זי איז בעגאַנגגען איידער זי איז אַריינגעגעבען געוואָרען אין מאַנאַסטיר. ווי אַזוי וועט זי דאָס אַלעס קענען דערצעהלען. זי האָט פאַרשטעלט איהר פּנים מיט איהרע הענד און זיך צוכליפּעט.

אַרבועז האָט זיך אויפגעשטעלט, איז צוגעגאַנגען צו איהר און מיט זיין האַנד צערטליך געגלעט איהר פּנים:

— בערוהיג זיך, היילּיגע נאָנע, — האָט ער געזאָגט, — איך ווייס ווי שווער עס איז דיר אַלעס צו דערצעהלען... אָבער בלויז דער אָנפאַנג איז שווער... אַזוי שנעל ווי דו וועסט האָבען זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצען, וועסטו פיהלען א סך גרינגער... דו וועסט זעהן אַז דו וועסט ווערען אין גאַנצען געענדערט... דער היילּיגער גייסט וועט אין דיר רוהען... און דו וועסט זיך זעהר גליקליך פיהלען.

זי האָט נאָך אַלץ געצעגערט... אַרבועז'ס ווייכע צאַרטע רייד און זיין גלעטען זי מיט דער האַנד האָט איהר עטוואָס בערוהיגט... זי האָט זיך געפיהלט אַז זי קען האָבען צוטרויען צו איהם און באַלד האָט זי זיך אָפּגערופען מיט א ציטערנדע שטימע:

— היילּיגער פאַטער... איז... איז ליעבע א זינד ?!...

— עס איז פאַראַן איין ליעבע וואָס יעדער דאַרף טראָגען ביי זיך אין האַרצען, און דאָס איז די ליעבע צו גאָט... און די ליעבע פון א מאַן צו א פרוי און פון א פרוי צו א מאַן איז געווים זעהר א גרויסע זינד.

זי האָט א שטאַרקען זיפץ געטהאָן.

— יאָ, איך זעה אַז דו האָסט געזינדיגט, דו האָסט ליעב געהאַט, אָבער זאָרג ניט... אַזוי שנעל ווי דו וועסט מיר דערצעהלען אַלע איינצעלהייטען פון דיין זינד, וועל איך מתפּלל זיין צו גאָט און ער וועט דיר מוחל זיין... דו וועסט ווערען צוריק אַזוי ריין און אומשולדיג ווי דו וואָלסט נאָר וואָס געבוירען געוואָרען... דערצעהל מיר, קינד, אַלעס... ווער איז ער געווען, און ווי אַזוי דו האָסט געזינדיגט... פאַרפעהל קיין זאַך ניט... דו דאַרפסט זיך ניט שעהמען, ווייל דער וידוי פאַטער איז דאָך א שליח פון גאָט, און גאָט ווייס דאָך אַלעס וואָס עס קומט פאַר אפילו ביים מענשען אין געדאַנקען.

— איך האָב געזינדיגט... איך האָב ליעב געהאַט דעם זוהן פון מיין פאַטער'ס שכן — האָט די מיידעל מיט ציטערנדע ליפּען געזאָגט — איך פלעג זיך

מיט איהם טרעפען אין געהיים... קיינער האָט ניט געוואוסט פון אונזער ליבע...

— דערצעהל, דערצעהל ווייטער, מיין קינד — האָט ער געזאָגט, ארונטער־נעמענדיג דעם צודעק פון איהר קאָפּ און גלעטענדיג איהרע האָר — וואס איז ווייטער פאָרגעקומען.

זי האָט איהם דערצעהלט וועגען די קושען... ווי ער פלעגט זי ארומנעמען און דריקען צו זיך...

— אָט אזוי האָט ער דיך ארומגענומען — האָט ארבוען געפרעגט, ארומ־נעמענדיג — אָט אזוי האָט ער דיך געקושט מיט זיינע ברענענדיגע ליפּען... מיט די קושען פון מיין הייליג מויל וועלען אָפּגעווישט ווערען יענע זינדיגע קו־שען... איצט דערצעהל מיר אלעם וואָס דו טראכסט...

די מיידעל האָט זיך געטרייסעלט מיט איהר גאנצען קערפּער... די אויפרע־גונג האָט איהרע בלוטען צורייצט...

— איך שעהם זיך... איך קען ניט...

— דערצעהל, דו הייליגע כלה, דערצעהל מיר אלץ, שעהם זיך ניט. גאָט וועט דיר פארגעבען... דערצעהל אלע דיינע געדאנקען. אויב דו שעהמסט זיך פאר דער שיין פון ליכט וועל איך עס אויסלעשען... נו, איצט, אז עס איז פינס־טער דארפסטו זיך ניט שעהמען... ענטדעק פאר מיר אלע מחשבות... איך וועל דיר פאר׳קנס׳ן צו זיין הייליגען נאָמען...

דער קערפּער פון דער מיידעל האָט אינגאנצען געציטערט אין ארבוען ארעמס. די ליידענשאפט האָט זיך אין ביידען צופלאקערט און זי איז געפאלען אלס א קרבן... די איבעריגע איז איהם שוין ניט שווער אָנגעקומען. אלץ איז גע־טאָן געוואָרען מיט "קדושה" אין נאָמען פון הייליגקייט...

אָט אזא "וידוי פאָטער" איז געווען פּעדרא ארבוען, דער לעהרער פון ביט־ריס׳ן, וועלכער איז געווען פאררעכענט פאר איינעם פון די הייליגסטע, דורך וועמעס זכות גאָט האלט אויף די קעניגרייך פון שפּאניען...

די אויפזעהערין האָט איהם באגעגענט מיט א שלעמישען שמייכעל, ווען ער האָט פארלאָזען דעם צימער פון יענער מיידעל... ער האָט אריינגערוקט אין איהר האנט א גאָלדענע מטבע און שווייגענדיג פארלאָזען דעם מאָנאסטיר.

ניט אלעמאָל איז איהם אָנגעקומען אזוי גרינג... איינינע פון די נאָנעס פלעגען ארויסווייזען א ווידערשטאנד, און דאן פלעגט איהם די אויפזעהערין קומען צו הילף... זי האָט שוין געוואוסט ווי אזוי צו רעדען מיט זיי. און אויב איינע איז פאָרט געווען פאר׳עקשנ׳ט, האָט די אויפזעהערין שוין אויף איהר געפונען א חטא פארוואָס זי פלעגט איינגעשפּארט ווערען אין א פינסטערען קע־לער אויף עטליכע טעג פאר איהרע "זינד", און אזוי איז זי געצוואונגען געוואָרען זיך אונטערצוגעבען...

פּעדרא ארבוען איז ניט געווען דער איינציגער "הייליגער" וועלכער פלעגט אויף אזא אופן פארטרייבען די "זינד" פון די מאָנאשקעס. עס זיינען געווען פי־לע אזעלכע "הייליגע" גייסטליכע וועלכע האבען זיך איבערגעגעבען מיט זייער גאנצען לייב צו אזא הייליגע ארבייט, און טערעסא, די אויפזעהערין, האָט דורך דעם געמאכט א פיינע מטבע.

אויב עס האט זיך נעפונען א נאָנע וואָס האָט פרובירט זיך באקלאָגען פאר

דער אויפזעהערין אָדער פאַר א צווייטען גייסטליכען, האָט זי נאָך ערגער גע־מאכט... זי איז באשולדיגט געוואָרען אין האָבען שענדליכע געדאנקען און דער־פאַר פלעגט זי נאָך מעהר באשטראָפט ווערען. דעריבער האָבען די מאנאכען גע־וואוסט, אַז זיי האָבען ניט וואָס מורא צו האָבען. זיי האָבען זיך געקענט פאַרלאָ־זען אויף דער ביטרער אויפזעהערין.

---

מיט יעדען טאָג איז די ליבע פון פּעדראָ ארבועז צו זיין תלמידה ביטריס ענריקעז, שטאַרקער געוואָרען. אין זיין הארצען האָט זיך צופלאַקערט א פלאַמענ־דער ליידענשאַפטליכער פלאַם... ער פלעגט מיט איהר אָפּזיצען שטונדען לאַנג און לערנען איהר די "תורה", און זיינע אויגען האָבען מיט ליידענשאַפט גע־ברענט. ער פלעגט מיט איהר רעדען וועגען זינד און זינדיגע געדאנקען, און ביטריס האָט פון זיינע פלאַמענדע אויגען און פּנים געקענט מערקען, מיט וואָס פאַר א געדאנקען זיין היילינגער מוח איז פאַרנומען... ער איז געוואָרען אין איה־רע אויגען אזוי אבשטויסענד, אַז זי האָט איהם ניט געקענט קוקען גלייך אין די אויגען... די צייט פון זיין לערנען מיט איהר איז פאַר ביטריס'ן געווען דער גרעסטער אָפּקומעניש... זי האָט זיך גענומען שרעקען פאַר איהם. נאָך גרעסער איז איהר מורא געווען ווען ער האָט איהר גענומען איינריידען, אַז זי זאָל געהן אין מאָנאסטיר, ווייל ערשט דאָרטען וועט זי דערגרייכען איהר גרעסטען גליק אין לעבען.

זי האָט איהם גלייך ערקלערט, אַז זי וועט קיינמאָל ניט געהן אין מאָנאַס־טיר. זי האָט באמערקט וואָס פאַר אן איינדרוק איהרע רייד האָבען אויף איהם געמאכט. פון זיין פּנים האָט זי געקענט מערקען, אַז ער איז באשלאָסען זי זאָל אין מאָנאסטיר געהן, און דעריבער איז איהר שרעק גרויס געווען, און וואָס ווינ־ציגער גערעדט מיט איהם, כדי ער זאָל אויף איהר עפּעס קיין חטא ניט געפינען.

גאַנץ אָפט פלעגט ער צו איהר צושטעהן, אַז זי זאָל זיך פאַר איהם מתודה זיין, און ווען זי פלעגט איהם זאָגען, אַז זי איז זיך מתודה פאַר הערנאַנדאָ דע טעלאַוועראַ, פלעגט ער ווערען אין כעס און זאָגען, אַז ער איז איהר לערער פון דער היילינגער רעליגיע און זי דאַרף זיך אויך פאַר איהם מתודה זיין...

אזוי זיינען אוועק חדשים און ארבועז האָט ניט אויפגעהערט צו טראַכטען ווי אזוי צו קריגען די שעהנע ביטריס אין מאָנאסטיר, כדי ער זאָל איהר אינ־גאַנצען קענען באַצווינגען.

ווען ער איז איינמאָל געקומען אין מאָנאסטיר, איז טערעסאַ איהם אַנט־קעגען געקומען און איהם אריינגערוימט אין אויער, אַז אין מאָנאסטיר איז מיט א פּאָר טעג צוריק אָנגעקומען זעהר א שעהנע און יונגע מיידעל.

— איך האָב מיט איהר גערעדט וועגען אַלץ און דו ווייסט, גלויב איך, מיט איהר קיין שוועריגקייטען ניט האָבען — האָט די אויפזעהערין זיך אָפּגערופען מיט א ביטערען וואונק — קום איך וועל דיר ווייזען איהר צימער. זי ווייס, אַז איהר נשמה וועט דאַרפען געלייטערט ווערען...

פּעדראָ ארבועז איז געבליבען שטעהן אויף זיין פּלאַץ. זיין פּנים האָט אויס־געדריקט צער.

— וואָס איז מיט דיר, פעדראָ — האָט זי שטילערהייד זיך צו איהם אָפּגע־רופען — ביזטו דען ניט געזונט?

— ניין! איך וועל ניט געהן! האָט ארבועז זיך אָפּגערופען.

טערעסאַ איז געבליבען שטעהן פאַרוואונדערט... זי איז ניט געוואוינט גע־ווען איהם צו זעהען אין אזא שטימונג, בפרט ווען זי האָט איהם אָנגעזאָגט, אַז אַ נייע יונגע מאַנאשקע געפינט זיך אין מאַנאַסטיר. יעדען מאָל וואָס זי פלעגט איהם אָנזאָגען אזא בשורה פלעגען זיך זיינע אויגען אָנצינדען מיט פייער, און דעריבער האָט זי איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינענדע בליקען, און ניט געקענט פארשטעהן פאַרוואָס ער האנדעלט אזוי.

— האָט עפּעס פּאַסירט? — האָט זי איהם דערשראָקען געפרעגט.

— ניין, גאָרנישט אויסערגעוויינליך האָט פּאַסירט, אָבער איך בין געקומען זיך מיט דיר צו באַראַטען וועגען עפּעס. איך ווייס אַז דו ביזט קלוג און דו וועסט מיר געבען אַ גוטע עצה.

טערעסאַ איז מיט איהם אריין אין איהר צימער. ער האָט זיך צוגעזעצט און זי האָט זיך געזעצט נעבען איהם.

— איך האָב באמערקט אַז דו טראָגסט זיך ארום מיט אַ גרויסע זאָרג אין הארצען — האָט זי זיך אָפּגערופען — האָט דיר דען איינע פון די נאָנעס פאַר־טרויט? אָבער איך האָב דיר דאָך שוין לאַנג געזאָגט, אַז דו האָסט ניט וואָס צו זאָרגען. איך בין אַ גוטע הייבאַם... דו ווילסט וויסען ווי אזוי איך האָב באזאָרגט די מאַנאשקע וואָס געפינט זיך אין דעם לעצטען צימער. טאָ הער זיך איין וועל איך דיר דערצעהלען: ווען זי איז אַ פּאָר טעג ניט ארויסגעקומען פון איהר צי־מער בין איך צו איהר אריין זעהן וואָס זי מאַכט. איך האָב אַז איהר גלייך דער־קענט, אַז זי איז ניט מיט אַלעמען. איך האָב איהר גענומען אויספרעגען און זי האָט זיך פארנאַנדערגעוויינט. איך האָב זי באַרוהיגט. און געזאָגט אַז זי האָט ניט וואָס צו זאָרגען. אַלץ וועט רעכט ווערען. קיינער וועט קיינמאָל ניט וויסען... זי האָט מיר אַלץ דערצעהלט און איך האָב איהר געזאָגט אַז איצט וועט זי זיכער אריין אין גן עדן, ווייל פעדראָ ארבועז איז דאָך אזא הייליגער...

— האָט זי דיר געזאָגט אַז איך?! — האָט ארבועז אויסגערופען מיט שרעק.

— דו מעגסט רוהיג זיין, אַז קיין צווייטען וועט זי אזא זאַך ניט פאַר־טרויען. איך האָב איהר גענומען אויספאָרשען, ווייל איך האָב געוואָלט וויסען אויב דאָס איז געווען אַן אנדערער וואָלט איך שוין געזעהן אַז ער זאָל מיר באַ־צאָהלען אַ גרויסע סומע געלט. אָבער דו ביזט דאָך אַנדערש. דו האָסט דאָך פאַר מיר פיעל געטאָן, און איך בין שטענדיג געגרייט צו טאָן פאַר דיר אַלץ וואָס איך קען... איך האָב יענער מאַנאשקע געגעבען ברייטערע קליידער און אַ פּאַלערינע, אזוי אַז קיינער האָט גאָרניט געקענט באמערקען... און ווען די צייט איז געקו־מען האָב איך איהר ארונטערגעפיהרט אין דעם קעלער וואו די וועלכע דאַרפען באשטראָפט ווערען געפינען זיך. איך האָב אַלע אנדערע נאָנעס באַפרייט און זיי געהייסען זיך צוריקקעהרען צו זייערע צימערען. איך בין מיט איהר אַליין פארבליבען. און זי איז איבערגעקומען... זי איז אָפּגעלעגען קראַנק עטליכע טעג און איצט איז זי שוין ווידער געזונט.

— און... און וואָס האָסטו געטאָן מיט... מיט — האָט ארבועז שטאַמלענ־דיג זיך אָפּגערופען.

— עס פאַרשטעהט זיך, אז עס איז געבאָרען געוואָרען טויט... און איך האָב עס באַגראָבען ערגעץ אין הויף. אָבער מען דאַרף זעהר פאָרזיכטיג זיין — האָט טערעסאַ צו איהם געזאָגט מיט אַ שמייכעל.

— איך וויים, אז דו טהוסט זעהר פיל פאַר מיר —האָט ארבועז געזאָגט און דעריבער וועל איך זעהן דיך נאָך מעהר צו באַלוינען. איך ערוואַרט איינגי־כען באַשטימט צו ווערען פון דער קעניגין פאַר איינעם פון די הויפּט אינקוויזי־טאָרען, און דאַן וועט מיר שוין קיין געלט ניט פעהלען, און ווען איך וועל האָבען גענוג געלד, וועסטו אויך געניסען. און איצט בין איך געקומען זיך מיט דיר צו באַראַטען וועגען אַן אַנדער זאַך. און ווען דו וועסט עס מיר העלפען דורכפיה־רען, וועל איך דיר קיינמאָל ניט פאַרגעסען. איך וועל דיר געבען אַלץ וואָס דו וועסט פון מיר פאַרלאַנגען.

— אויב איך וועל נאָר האָבען די מעגליכקייט וועל איך אַלץ פאַר דיר טאָן
— האָט זי איהם געענטפערט — זאָג מיר וואָס עס דריקט דיר אויפ'ן האַרצען.

— איך האָב דאָך דיר דערצעהלט, אז די קעניגין האָט מיר באַשטימט צו זיין דער לעהרער פון דעם קעניג'ס קרובה, ביטרים ענריקעז — האָט ארבועז געזאָגט.

— יע, דו האָסט מיר אויך דערצעהלט אז זי איז אויסערגעוויינליך שעהן!

— זי האָט מיר פאַר'כשוף'ט מיט איהר שעהנקייט. איך קען זי פון מיינע געדאַנקען ניט ארויסשלאָגען. איך בין אין איהר שטערבליך פאַרליבט. איך מוז זי באַזיצען...

— און פאַרוואָס זאָלסטו ניט זעהן, אז זי זאָל אריינגעגעבען ווערען אין מאָנאַסטיר? — האָט טערעסאַ איהם געפרעגט.

— וועגען דעם טראַכט איך אויך די גאַנצע צייט און צוליב דעם בין איך געקומען זיך באַראַטען מיט דיר. איך האָב פּרובירט אַנדייטען צו איהר וועגען דער וויכטיגקייט אריינצוטרעטען אין מאָנאַסטיר צו "רעטען איהר נשמה". אָבער זי וויל פון דעם ניט הערען. איך האָב פאַר איהר אויסגעמאָלען דעם הי־מעלשען גליק... איך וויים, אז זי איז זעהר אַ פרומע קאַטויליקין אָבער אין מאַ־נאַסטיר וויל זי ניט געהן און דעריבער בין איך געקומען זיך באַראַטען מיט דיר. גיב מיר אַן עצה וואָס איך זאָל טאָן.

— קענסטו פיליכט פּרובירען זיך דורכרעדען מיט דער קעניגין?

— איך גלויב ניט, אז מיינע רייד וועלען באַאיינפלוסען די קעניגין. ביט־רים איז שטאַרק באַליבט ביי דער קעניגין, און אזוי לאַנג ווי זי איז פרום און קיין זינד קען מען אויף איהר ניט געפינען, וועט איזאַבעלאַ ניט וועלען איהר שיקען אין מאָנאַסטיר.

— און ווען זי זאָל יע געפינען אין איהר עפּעס אַ זינד? — האָט די אויפ־זעהערין איהם געפרעגט.

— דאַן וואָלט עס געווען מעגליך.

— און פאַרוואָס דען קענסטו ניט אויפזוכען אַ "זינד" אויף איהר.

— ווייל איך האָב שוין אייניגע מאָל זי געלויבט פאַר דער קעניגין און

קעניג. איך האָב זיי געזאָגט, אז ביטריס איז זעהר א פרומע און איבערגעגעבענע קאטויליקין... און ווי אזוי וועל איך קענען ענדערען מיינע רייד.

—האָסטו עפּעס באמערקט אויף איהר. פיליכט איז זי וועז עס איז געזעהן געוואָרען ריידענדיג מיט אימיצען פון קעניגליכען הויף, איך מיין מיט די מיניסטאָרען אָדער מיט אן אנדער בעאמטען.

— ניין ! אָבער איך באמערק גאנץ אָפט, אז דער קעניג אליין ווארפט זיינע אויגען אויף איהר...

— אויב אזוי איז דאָך דאָס בעסער ווי געוואונשען ! — האָט טערעסא אויסגערופען — דו ווייסט דאָך ווי שטארק אייפערזיכטיג איזאבעלא איז אויף דעם קעניג, און ווען דו זאָלסט בלויז איהר געבען אנצוהערענישען וועגען דעם וואָלט זי שוין ביטריס'ן גלייך דערווייטערט פון פּאלאץ, און דאן וואָלסטו איהר געקענט ראטען אריינצוגעבען ביטריס'ן אין מאָנאסטיר. זי וועט עס מיט צופריעדענהייט טאָן.

— אָבער ווען דער קעניג זאָל אויסגעפינען אז איך בין אין דעם פארמישט, דאן בין איך א פארלאָרענער.

— ווען דו וועסט האנדלען קלוג, וועט פערדינאנד קיינמאָל ניט אויסגעפינען! די קעניגין וועט דאָך איהם ניט דערצעהלען אז זי האָט אויף איהם א חשד, און געוויס ניט זאָגען, אז דו האָסט איהר וועגען דעם אויפמערקזאם געמאכט — האָט טערעסא זיך אָפּגערופען! — אויב דו ווילסט, אז ביטריס זאָל זיך איינגיכען געפינען דאָ, אין מאָנאסטיר, טו ווי איך ראטה דיר, האַלט אן אָפענע אויג אויף אלץ וואָס ביטריס טהוט און מיט וועמען זי רעדט און אזוי שנעל ווי דו וועסט זיך איבערצייגען, אז דער קעניג רעדט מיט איהר. אין דער צייט ווען איזאבעלא איז דערביי נימאָ, זאָלסטו אויפמערקזאם מאכען די קעניגין. דו דארפסט איהר ניט זאָגען, אז ביטריס פארברענגט מיט דעם קעניג. דו זאָג איהר, אז דו האָסט געהערט דאָס ביטריס אויפפיהרונג איז ניט אין איינקלאנג מיט דער לעהרע וואָס דו האָסט איהר די גאנצע צייט געלערענט, און דאן איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז זי וועט דיר פארשטעהן און האלטען איהרע אויגען אָפען צו אלץ וואָס ביטריס טהוט...

— גוט, איך וועל דיין עצה פאָלגען — האָט ארבועז געזאָגט און אויב מיר וועט געלינגען זי אריינצוקריגען אין מאָנאסטיר, וועל איך דיר זעהר דאנקבאר זיין.

— אָבער איצט ווילסטו גאָרניט זעהן די נייע אָנגעקומענע ? — האָט זי איהם געפרעגט מיט א שמייכעל.

— ניין. איצט טראכט איך נאָר פון ביטריס'ן. זי האָט אנגעצונדען א פלאם פייער אין מיין הארצען, און זי איז די איינציגע וועלכע וועט קענען לעשען דעם פייער...

— זאָל זי נאָר אָנקומען אין מאָנאסטיר און איך וועל שוין זעהן דיר ארויסצוהעלפען — האָט די אויפזעהערין געזאָגט.

---

זינט יענעם טאָג פלעגט ארבועז פארברענגען לענגער אין פּאלאץ. ער האָט גענומען נאָכהיטען מיטרים'ן אויף יעדען שריט און טריט.

ווען די קעניגין האָט צוזאַמענגערופען אַלע גייסטליכע זיך מיט זיי צו באַראַטען וועגען אַ וויכטיגען רעליגיעזען עניין, איז ארבוען אויך געווען צווישען די איינגעלאַדענע. אזוי שנעל אָבער ווי ער האָט זיך דערוואוסט, אז דער קעניג וועט ניט זיין, האָט ער מיט עפּעס אַן אויסרייד, פאַרלאָזען דעם צימער וואו די גייסטליכע זיינען געווען. ער האָט גענומען זוכען ביטרים'ן. און ווען זי האָט זיך ניט געפונען אין הויף, האָט ער ארויסגעקוקט פון אַ פענסטער וואָס פיהרט אין גאָרטען. ער האָט באַמערקט ווו זי שפּאַצירט אַזוי לאַנגזאַם און רוהיג. ווען ער זאָל איצט קענען זיין מיט איהר אַליין, האָט דורכגעבליצט אַ געדאַנק אין זיין מח. אָבער דאָס איז דאָך אוממעגליך, האָט ער אויף זיך אַליין זיך געוואונדערט. אַ היבשע ווייַלע האָט ער איהר נאָכגעפאָלגט מיט זיינע אויגען, ביז וואַנען זי האָט זיך שוין מעהר ניט געקענט זעהן. ווען ער האָט שוין גענומען אַפּטרעטען פון פענסטער, האָט ער פּלוצלונג באַמערקט, אז דער קעניג קומט ארויס אין גאָרטען און שפּאַצירט לאַנגזאַם. דאָס הארץ האָט אין איהם אַ צאַפּעל געטאָן. ווען בּי קעניגין זאָל וויסען אז דער קעניג שפּאַצירט אין גאָרטען אין דער זעלבער ריכטונג וואו ביטרים איז, וועט זיך דאָס פייער פון אייפערזוכט אין איהר גלייך אָנצינדען. און דאַן וועט איהם שוין ניט שווער אָנקומען דורכצופיהרען זיין פּלאַן.

ארבוען האָט אָבער געוואוסט, אז איצט איז אוממעגליך צו רעדען מיט דער קעניגין. זי איז פאַרנומען. ער האָט דעריבער ביי זיך באַשלאָסען זיך אריינצוגנב'ענען אין גאָרטען און מיט גרויס פאָרזיכטיגקייט נאָכקוקען און זעהן אויב דער קעניג וועט זיך אָפּשטעלען צו רעדען מיט ביטרים'ן.

ער איז אריין אין גאָרטען און געגאַנגען דורך אַ צווייטע וועג, יעדע רגע אָפּשטעלענדיג זיך הינטער די געדיכטע בוימער. זיין הארץ האָט שטאַרק געקלאַפּט. ער ווייס, אז ווען דער קעניג זאָל איהם באַמערקען וועט ער גלייך פאַרשטעהן זיין כונה און דאַן איז ער אַ פאַרלאָרענער. פונדעסטוועגען האָט עס איהם ניט אָפּגעהאַלטען. ער האָט געוואוסט, אז דורך דעם וועט ער דערגרייכען זיין ציעל...

אַ קליינע ווייַלע איז ער געבליבען שטעהן. אָט דערגרייכט נעבען זיינע אויערען אַ געשפּרעך. ער דערקענט ביטרים'ס שטימע. זי רעדט מיט דעם קעניג, אָבער ער קען ניט הערען וועגען וואָס זיי רעדען. ער האָט פּרובירט צוגעהן מיט אַ פּאָר טריט נעהענטער. ער האָט אַ בויג געטהאָן זיין קאָפּ, און האָט באַמערקט ווי אזוי ביטרים זעצט זיך אויף דעם זעלבען באַנק אויף וועלכען דער קעניג זיצט. מעהר האָט ער ניט געוואָלט פאַרבלייבען. דאָס אַליין וואָלט געווען אַ גענוגענדע אורזאַכע פאַרוואָס די קעניגין זאָל ביטרים'ן אריינגעבען אין מאָנאַסטיר. ווי אזוי אָבער קען מען איהר וועגען דעם אויפמערקזאַם מאַכען.

ער האָט מיט דער זעלבער פאָרזיכטיגקייט זיך צוריקגעקערט אין פּאַלאַץ. אָ, ווי אזוי מאַכט מען, אז די קעניגין זאָל עס באַמערקען. היינט איז שוין פאַרפאַלען. אָבער אזוי לאַנג ווי ער ווייס שוין אז דער קעניג האָט ליעב צו רעדען מיט ביטרים'ן אין דער צייט ווען די קעניגין באַמערקט ניט, וועט איהם שוין ניט שווער אָנקומען איהר וועגען דעם אויפמערקזאַם צו מאַכען.

איינינע טעג איז פּעדראָ ארבוען ארומגעגאַנגען מיט פאַרשידענע געדאַנקען. ווען ער וועט וויסען ווי אזוי צו האַנדלען, וועט ער שיסען צוויי פויגלען

מיט איין שאָס; ערשטענס וועט ער דורך דעם קענען אריינקריגען ביטריס'ן אין מאָנאַסטיר און צווייטענס וועט די קעניגין אוים דאנקבארקייט, איהם באשטימען פאר'ן הויפּט אינקוויזיטאָר, ווען די אינקוויזיציע וועט זיך אָנפאנגען.

ער האָט איצט נאָך מעהר גענומען אָפּהיטען ביטריס'ן און געווארט אויף א געלעגענהייט אז ער וועט קענען אָנווייזען די קעניגין, אז עס איז ניט געוואונשען, אז ביטריס זאָל פארבלייבען אין פּאַלאַץ.

איינמאָל, ווען די קעניגין איז געווען אליין, האָט זיך פּעדראָ ארבועז אָפּגערופען צו איהר, עטוואָס פארנויגענדיג זיך און אויפהויבענדיג זיינע הענט:

— הייליגע קעניגין! זאָל די ברכה פון דער הייליגער מוטער דיר אימער באגלייטען! זאָל דיין קעניגרייך ווערען מעכטיגער און מעכטיגער!

— איך דאנק דיר, הייליגער פּעדראָ ארבועז — האָט די קעניגין איהם גענטפּערט — זאָג מיר וואָס פאר א פּאָרטשריט מאכט ביטריס ענריקעז? איז פון איהר פרומקייט ניט געמינערט געוואָרען?

— וועגען דעם בין איך טאקע איצט געקומען רעדען מיט דער הייליגער קעניגין — האָט ארבועז הכנעה'דיג געזאָגט — איך האָב מיט א קורצער צייט צוריק א חלום געזעהן. א מלאך איז צו מיר אין חלום געקומען און מיר געזאָגט אז ביטריס ענריקעז באזיצט א הייליגע נשמה, און כדי איהר נשמה זאָל ניט באפלעקט ווערען, דארף מען זי זעהר גוט אָפּהיטען...

— און דעריבער איז זי דאָך אין פּאַלאַץ, אונטער מיין אויפזיכט — האָט די קעניגין געזאָגט — און אויך דו גיסט דאָך אויף איהר אכטונג...

— יע, זינט איך האָב יענעם חלום גע'חלומ'ט, האָב איך מיין השגחה אויף איהר פארשטארקט... און צו מיין באדויערען האָב איך ניט קיין גינסטיגען באריכט צו געבען וועגען איהר.

— וואָס?! — האָט די קעניגין אויסגערופען מיט איבערראשונג — האָסטו אויסגעפונען, אז זי פיהרט זיך ניט אויף ריכטיג?!

— דערווייל האָט זי נאָך קיין אומרעכט ניט געטאָן. אָבער עס האָלט דערביי אז זי זאָל באפלעקען איהר נשמה, אומבאוואוסטזיניג.

— איך פארשטעה ניט וואָס דו מיינסט! — האָט איזאבעלא אויסגערופען.

— אָה, גנעדיגע קעניגין! עס איז מיר אזוי שווער צו רעדען, און דאָך פיהל איך, אז עס איז מיין פליכט צו פארהיטען פון א זינד יעדען איינעם... איך ווייס, אז די פאָלגען פאר מיר קענען זיין זעהר שלעכטע ווען איך וועל ריידען... דער קעניג...

— האָב קיין מורא ניט, פון דיין איצטיגען געשפּרעך מיט מיר וועט קיינער ניט וויסען. זאָג מיר, פּעדראָ, האָסטו באמערקט אז דער קעניג...

— איך ווייס אז דערווייל האָט גאָרניט פּאסירט וואָס זאָל קענען פאררעכענט ווערען פאר א זינד, אָבער ווען עס וועט ניט אָנגענומען ווערען מיטלען צו פארמיידען, קען עס ווערען פיליכט זעהר ערנסט... ביטריס ענריקעז איז זעהר שעהן און יונג...

— זאָג מיר שנעלער, וואָס האָט פּאסירט! — האָט זי מיט א באַפּעלענדער שטימע אויסגערופען — איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אז דו האָסט ניט וואָס מורא צו האָבען. דערצעהל מיר אלץ וואָס דו ווייסט!

— איך האָב מיט איניגע טעג צוריק באמערקט דורכ'ן פענסטער, אז ביט־ רים איז אריין אין גאָרטען, און מיר האָט זיך געדוכט אז איך האָב פריהער אי־ מיצען אנדערש געזעהן אריינקומענדיג. איך האָב באשלאָסען אויסצוגעפינען וועמען ער האָט. נאָר אלעמען איז עם מיין פליכט אפצוהיטען די יונגע ביטרים'ן. איך בין א ווײלע שפּעטער אריין אין גאָרטען און פארזיכטיג געגאנגען אין דער זעלבער ריכטונג וואוהין ביטרים איז געגאנגען. ווען איך בין צוגעקומען נעהענ־ טער האָט זיך צו מיינע אויערען דערטראָגען א געשפּרעך... איך בין שוין גע־ וואָרען נייגעריגער און צוגעגאנגען נאָך נעהענטער און צו מיין גרויס איבערראַ־ שונג האָב איך געזעהן ווי ביטרים זיצט אויף דעם זעלבען באנק וואו דער קעניג איז געזעסען. זיי זיינען געווען פארטיפט אין א געשפּרעך. געוויינליך האָב איך ניט געוואָלט זיך צוהערען וועגען וואָס זיי רעדען און איך האָב זיך גלייך צוריק־ געצויגען. און די גאנצע צייט האָב איך געטראַכט פון דעם אויב דער קעניג פירט לענגערע געשפּרעכען מיט ביטרים'ן אויך אין דער געגענוואַרט פון דער קעניגין.

דאָס בלוט האָט איהר א זעץ געטאָן אין פּנים. די אייפערזוכט האָט זיך צו־ פלאַקערט אין איהר און זי האָט אויסגערופען מיט צאָרן :

— איך וועל זי פון מיין פּאַלאַץ פאַריאָגען ! דאָס וועט זיין דער לעצטער געשפּרעך וואָס זי וועט האָבען מיט דעם קעניג.

— איך האָב וועגען דעם זעהר פיל געטראַכט, און איך בין געקומען צום באשלוס, אז די בעסטע זאַך וואָלט געווען פאַר ביטרים'ן ווען די קעניגין גיט זי אריין אין דעם מאָנאסטיר. ווייל אויב זי וועט פּלוצלונג פארטריבען ווערען פון פּאַלאַץ וועט מען רעדען רכילות... אָבער ווען זי וועט אפּגעגעבען ווערען אין מאָ־ נאסטיר, וועט אלץ רעכט ווערען. דאָרטען וועט איהר נשמה געראַטעט ווערען... זי וועט ווידמען איהר גאנצען לעבען צו גאָט, און דורכדעם וועט פארמיטען ווע־ רען פילע אומאנגענעמע זאכען...

— דו ביזט גערעכט, הייליגער פּעדראָ ארבועז ! — האָט איזאבעלאַ אויס־ גערופען — דאָס איז מיר גאָרניט איינגעפאַלען. איך גלויב אז איך וועל איהר אריינגעבען אין מאָנאסטיר ! זאָל ער וויסען ! — האָט זי צו זיך א מורמעל גע־ טאָן — אזוי וועל איך טאָן מיט יעדער שעהנער הויף־דאַמע אויף וועמען דער קעניג ווארפט זיינע אויגען ! אָבער איידער איך וועל איהר אהין אריינגעבען וועל איך זיך פריהער מיט איהר דורכריידען. און מאָרגען וועל איך דיר לאָזען וויסען מיין ענדגילטיגען באשלוס.

פּעדראָ ארבועז האָט זיך פארנייגט און ארויסגעגאנגען. איזאבעלאַ האָט זיך פארטיפט אין איהרע געדאַנקען. זי האָט געקריצט מיט די צייהן פון כעס און גלייך געשיקט רופען ביטרים'ן.

ביטרים איז אריינגעקומען. זי האָט אויסגעקוקט אזוי שעהן און גראציעז. און דאָס האָט נאָך איהר אייפערזוכט גרעסער געמאַכט... אויב עס איז אמת, דאַן טאָר זי לענגער ניט פארבלייבען אין פּאַלאַץ — האָט זי זיך געטראַכט. זי איז צו שעהן און דערצו איז זי נאָך פון זיין משפחה. זי וועט באַגעהן א גרויסע עולה געגען זיך זעלבסט אויב זי וועט איהר ערלויבען אויף ווייטער צו פארבלייבען אין פּאַלאַץ.

ביטרים איז צוגעקומען נאָהענט צו איהר און זי האָט זיך פארנייגט פאר ־ער קעניגין.

די קעניגין האָט זי באַטראַכט א קליינע ווײַלע און נאָכהער האָט זי זיך אָפּ־גערופען צו איהר:

— זאָג מיר, ביטרים, פארנעמסטו די לעהרע וואָס דיין הייליגער לעהרער ארבועז לערענט מיט דיך?

— יע, גנעדיגע קעניגין — האָט זי געענטפערט.

— האָט ער מיט דיך געלערענט אז גרוים איז די שטראָף פון דעם וועלכער זאָגט א ליגען?!

— יע, גנעדיגע קעניגין!

— און נאָך גרעסער איז די שטראָף פאר דעם וועלכער זאָגט א ליגען צו דעם קעניג און קעניגין — האָט איזאבעלא פאָרטגעזעצט — און איצט וועל איך דיר עפּעס פרעגען און דו מוזט מיר זאָגען דעם ריינעם אמת. פארשפּרעכסטו עס מיר? ביטרים איז רויט געוואָרען. זי האָט ניט פארשטאַנען וואָס די קעניגין ציעלט מיט איהרע רייד... זי האָט זיך גענומען שרעקען פיליכט האָט זי אויס־געפונען איהר פארבינדונג מיט די מאראַנען און דעם צוועק פון איהר קומען אין פּאַלאַץ.

— פאַרוואָס ענטפערסטו מיר ניט?! — האָט די קעניגין א געשריי גע־טאָן אויף איהר — איך פרעג דאָך דיר אויב דו וועסט מיר זאָגען דעם ריינעם אמת!

— יע, גנעדיגע קעניגין — האָט ביטרים געענטפערט און זיך ווידער פאר־נייגט.

— איצט זאָג מיר האָסטו מיט אייניגע טעג צוריק געהאַט א געשפּרעך מיט דעם קעניג?...

— המ... יע... איך האָב מיט איהם גערעדט.

— און וואו איז אייער געשפּרעך פאָרגעקומען? — האָט איזאבעלא מיט א שטרענגע שטימע געפרעגט.

— אין דעם קעניגליכען גאָרטען.

— איצט זאָג מיר, האָט דיר דער קעניג געהייסען ארויסקומען אין גאָר־טען זיך מיט איהם דאָרטען צו טרעפען?

— אָה, ניין, גנעדיגע קעניגין. עס איז געווען צופעליג. איך בין ארוים אויף א ווײַלע שפּאַצירען, און ווי עס ווייזט אויס איז דער קעניג אויך ארוים שפּאַ־צירען אין דערזעלבער צייט און ווען ער האָט מיך באַגעגענט האָט ער מיט מיר גערעדט.

— ווי אזוי איז אייער געשפּרעך פאָרגעקומען שטעהענדיג אָדער זיצענדיג?

— דער קעניג האָט זיך צוגעזעצט אויף א באַנק און זיך מיר אויך געהייסען צוזעצען.

.איזאבעלא האָט זיך א ווײַלע פארטראַכט. יע, ארבועז איז גערעכט, ער האָט מיר געזאָגט דעם ריינעם אמת. אָבער זי שיינט צו זיין אומשולדיג. זי האָט ניט געוואוסט, אז פערדינאַנד וועט איהר נאָכפאָלגען. אָבער פונדעסטוועגען איז מעהר ניט ווינשענסווערטה אז זי זאָל פארבלייבען אין פּאַלאַץ. יע, זי וועט געה;

אין מאָנאַסטיר—האָט זי בײַ זיך באַשלאָסען. אויב זי וועט ניט וועלען געהן אהין מיט איהר גוטען ווילען, וועט זי איהר צווינגען.

— און וועגען וואָס האָט איהר גערעדט — האָט איזאַבעלאַ ווייטער געפרעגט.

— וועגען אונזער משפּחה און דערנאָך וועגען דער אינקוויזיציע.

— דערצעהל מיר אַלץ וואָס איהר האָט גערעדט.

ביטריס האָט איבערגעגעבען דעם גאַנצען געשפּרעך ווי ווייט זי האָט געקענט געדענקען.

די קעניגין האָט זיך עטוואָס באַרוהיגט: עס איז גאַנץ מעגליך, אַז די באַגעגעניש צווישען דעם קעניג און ביטריס'ן איז ווירקליך געווען צופעליג. איהר צאָרן האָט זיך עטוואָס איינגעשטילט. זי האָט באַשלאָסען זיך ניט צו איילען זי איבערצוגעבען אין מאָנאַסטיר. זי וועט וואַרטען און האַלטען איהרע אויגען אָפען... זי וועט שוין גוט אכטונג געבען און אַזוי שנעל ווי זי וועט עפּעס באַמערקען, וועט זי שוין ביטריס'ן שיקען אין מאָנאַסטיר.

אַזוי זיינען פאַראיבער נאָך עטליכע טעג און די קעניגין האָט נאָכגעקוקט פערדינאַנד'ן אויף יעדען טריט און שריט. זי האָט גאָרניט באַמערקט. זי האָט גענומען טראַכטען וועגען דעם, אַז זי האָט פערדינאַנד'ן אומזיסט חושד געווען. עס איז ווירקליך געווען א צופעליגע באַגעגעניש. זי האָט גאָר קיין רעכט ניט געהאַט צו טראַכטען וועגען איהם, און מעגליך אַז דורך דעם איז זי באַגאַנגען זעהר א שווערע זינד. זי וועט זיך דעם קומענדען זונטאָג מתודה זיין איהרע זינד פאַר איהר קאָנפעסאָר הערנאַנדאָ דע טעלאַוועראַ, וועט זי דיזע זינד אויך דערמאָנען און גאָט וועט איהר מוחל זיין. זי האָט גענומען טראַכטען וועגען דעם חלום פון פעדראָ ארבועז, אַז ביטריס באַזיצט א הייליגע נשמה, נאָר מען דאַרף זי גוט אָפּהיטען... מעגליך, אַז בלויז אין מאָנאַסטיר וועט זי גוט אָפּגעהיט ווערען... איין קעניגליכען הויף, וואו זי באַגעגענט פאַרשידענע מענשען, קען זי זיך ניט אויסהיטען פון זינדיגע מחשבות... יעדענפאַלס איידער זי גיט איהר אַריין אהין וועט זי זיך אויך דורכריידען מיט דע טעלאַוועראַ. ער וועט איהר העלפען באַשליסען.

דעם קומענדען זונטאָג, ווען די קעניגין איז געווען אין דעם ווידוי צימער אויף איהרע קניע זיך מתודה געווען פאַר איהר קאָנפעסאָר הערנאַנדאָ דע טעלאַווער אויף איהרע זינד, האָט זי זיך אויך מודה געווען אויף דעם וואָס זי האָט אומזיסט חושד געווען פערדינאַנד'ן און ביטריס'ן. זי האָט איהם דערציילט אַלץ וואָס ארבועז האָט איהר געזאָגט. וועגען זיין חלום און; ווי אַזוי ער האָט זיי ביידען געזעהן זיצענדיג אויף דעם זעלבען באַנק, און אויך ווי אַזוי זי האָט נאָכהער אויסגעפרעגט ביטריס'ן און זי האָט באַשטעטיגט זיינע רייד, אָבער לויט איהרע רייד איז דאָס געווען א צופעליגע באַגעגעניש. עס איז דאָך נאַטירליך, אַז ער זאָל מיט איהר רעדען ווען ער באַגעגענט זי אין גאָרטען, אָבער איך האָב די גאַנצע צייט געהאַט ניט קיין גוטע מחשבות. וועט מיר דער הייליגער גייסט פאַרגעבען?

דע טעלאַווערא האָט איהר באַרוהיגט, און געזאָגט, אַז גאָט וועט איהר מוחל זיין.

— איצט זאָג מיר, הייליגער פאָטער — האָט זי זיך צו איהם אָפּגערופען— איז דען פעדראָ ארבועז ניט גערעכט, אַז דער קעניגליכער הויף איז ניט דער

פּלאַץ פאר ביטרים'ן. זי איז זעהר שעהן און יונג און איהר נשמה איז נאָך ריין און הייליג, און אויב מיר ווילען אז זי זאָל פארבלייבען אזוי. ראטה מיר ארבועז אז זי זאָל געהן אין מאַנאסטיר.

דע טעלאַווערא האָט פארשטאנען פּעדראַ ארבועז'ס בייזע כונות, אָבער ער דארף פאַרזיכטיג זיין, אויב ער וועט איהר אָפּשלאָגען פון דעם וועט זי דאָס גע־ווים איבערגעבען ארבועז'ן און דאן וועט ער זיך מוזען אָבּיסציינגען אלס אָפּע־נער געגנער און אריינפאלען ביי ארבועז'ן אין מויל האָט זיך איהם ניט געוואָלט. ער וויים, אז פּעדראָ ארבועז איז'ט אוים א גרויסען איינפלוס אויף דעם קעניג און קעניגין און פילע גייסטליכע ציטערען פאר איהם. ער האָט דעריבער באַ־שלאָסען צו האנדלען מיט טאקט.

— דער מאַנאסטיר איז ווירקליך א גוטער פּלאַץ צו לייטערען און רייניגען נשמות האָט ער געזאָגט — אָבער צווינגען צו געהן אהין איז ניט ראטהזאם... סיידען די קעניגין וועט געפינען פאר נויטיג. איך גלויב אָבער, אז ארבועז האָט אין דיזען פאל געמאכט א טעות...

איזאבעלא איז געווען צופרידען, וואָס איהר חשד איז געווען אומבאגרינ־דעט. פונדעסטוועגען האָט זי ניט אויפגעהערט צו האלטען אן אויג אויף דעם קעניג, און יעדעס מאָל וואָס ביטרים פלעגט זיך געפינען אין פּאלאַץ, פלעגט זי פון א זייט ווארפען בליקען אויף פערדינאנד'ן צו זעהן אויב זיינע אויגען זיינען ניט געווענדעט אויף איהר...

פּעדראָ ארבועז איז אָבער דערווייל געווען זעהר שטארק ענטוישט. ער איז שוין געווען זיכער, אז ביטרים וועט איננִיכען אָנקומען אין מאַנאסטיר, און ער האָט אויף דעם געוואַרט מיט דער גרעסטער אומגעדולד. און איצט זעהט ער גאָר אז די קעניגין איז ווידער פריינדליך צו איהר. ווי עס ווייזט אוים האָט זי זיך איבערצייגט אז די באגעגעניש צווישען ביטרים'ן און דעם קעניג איז געווע' צו־פעלג. ער וועט אָבער ניט רוהען ביז וואנען ער וועט ניט איבערצייגען דער קעני־גין ווי גרוים דער נסיון וועט זיין פאר דעם קעניג, ווען ביטרים וועט אין פּאלאַץ פארבלייבען!...

ביי דער ערשטער געלעגענהייט, ווען הערנאנדא דע טעלאַווערא האָט זיך געזעהן מיט ביטרים ענריקעז, האָט ער איהר געוואָרענט וועגען דער גרויסער גע־פאַהר וואָס לויערט אויף איהר אויב זי וועט געזעהן ווערען ריידענדיג מיט דעם קעניג א צווייטען מאָל.

— איך זעה אז דו וועסט אליין ניט קענען ווירקען אויף דעם קעניג צו ענ־דערען זיין מיינונג וועגען דער אינקוויזיציע, אָבער אויב דו וועסט זיין אומ־פאַרזיכטיג, וועט דיך די קעניגין איבערגעבען אין מאַנאסטיר.

ביטרים איז טויט בלאַס געוואָרען.

— אָה, ניין! איך וועל בעסער שטארבען איידער געהן אין מאַנאסטיר — האָט זי אויסגערופען מיט שרעק.

— איך האָף, אז ארבועז'ן וועט ניט געלינגען—האָט דע טעלאַווערא גע־זאָגט — אָבער אין פאל די קעניגין וועט איהם נאָכגעבען, זאָלסטו זיך ניט שרע־קען. איך וועל זעהן, אז דו זאָלסט פון דארטען באפרייט ווערען. דערמיט וואָס דו וועסט ארויסווייזען א גרויסען ווידערשטאנד וועסטו פאר זיך ערגער מאכען.

— איך וועל זיך צוריקקערען נאָך קארדאָווא — האָט ביטרים אויסגערופען

און איהרע אויגען האָבען אויסגעדריקט שרעק און שוידער — איך וויל דאָ מעהר ניט פארבלייבען. איך קען ניט דולדען פעדראָ ארבועז...

— אזוי לאַנג ווי דו געפינסט זיך אין פּאַלאַץ קענסטו דיין אייגענעם ווילען קיינמאָל ניט האָבען... און די קעניגין וועט ניט דערלאָזען, אז דו זאָלסט זיך צוריקקעהרען אין קאָרדאָווא, — האָט דע טעלאַיוועראַ געזאָגט. — דעריבער ראָט איך דיר צו זיין געלאַסען... און אויב אַפּילו דיך וועט אויסקומען צו געהן אין מאָנאסטיר... זאָלסטו קיין סימן פון פּראָטעסט ניט ארויס־ציינען... איך קום באַזוכען דעם מאָנאַסטיר אייןמאָל א מאָנאַט. איך האָב א גרויס פאַרדאַכט אויף ארבועז'ן... און ווען איך וועל קומען באַזוכען דעם מאָנאַסטיר וועסטו מיר אַלעס דערצעהלען, וואָס דאָרט קומט פאָר, ווייל די אנדערע נאָנעס, ווי איך פארשטעה, זיינען אזוי איינגעשראָקען, אז זיי האָבען מורא צו ריידען, און אויב מיין פאַרדאַכט וועט באַשטעטיגט ווערען, דאַן וועל איך דיר קענען העלפען.

— אָ, איך וועל ניט געהן אהין! — האָט ביטריס אויסגערופען, — איך האָב מורא! ניין, ניין!

— טו ווי איך ראָט דיר! — האָט ער געזאָגט און זיך גלייך פארלאָזען.

ביטריס האָט זיך איצט שטאַרק גענומען שרעקען... זי ווייס, אז ארבועז זוכט זי מיט גוואַלד אריינצוברייגען אין מאָנאַסטיר, און דער געדאַנק אליין האָט זי אויפגעשווידערט... זי ווייס, אז פון דאָרטען קען מען שוין קיינמאָל ניט ארויסקומען... אין איהר צימער פלעגט זי גאַנץ אָפט וויינען, און ווען זי האָט באַדאַרפט הערען ארבועז תורה איז פאַר איהר געווען אַן אַפּקומעניש... זי האָט גענומען טראַכטען פון פארשידענע פּלענער. זי ווייס, אז זי קען ניט פארלאָזען דעם פּאַלאַץ. די קעניגין וועט איהר ניט ערלויבען. זי וועט דאַרפען זיין זעהר פאָרזיכטיג... זי וועט מוזען אויסמיידען דעם קעניג...

נאָך מעהר האָט זיך ביטריס גענומען צום הארצען, וואָס פון דער האָפנונג, וואָס די מאַראַנען האָבען אויף איהר געלייגט, איז גאָרניט געוואָרען... ווי גרויס איז איהר אנטוישונג. זי וועט גאָרניט קענען אויפטאָן פאַר איהרע אומ־גליקליכע ברידער... זי האָט בלויז פאַר זיך ערגער געמאַכט... א גרויס גע־פאַהר לויערט אויף איהר. פון דעם קעניג'ס רייד פארשטעהט זי, אז ער איז ניט גלייכגילטיג צו איהר. די קעניגין איז זעהר אייפערזיכטיג... פעדראָ אר־בועז וויל זי אין מאָנאַסטיר אריינברייגען... א שוידער געהט דורך איהר לייב... זי פארשטעהט פון זיינע רייד, אז ער שטרעבט צו ווערען איינער פון די הויפּט־אינקוויזיטאָרען, און לויט זיין שרעקליכע שנאה צו די מאַראַנען וועט זיין באַשטימונג צו אזא אמט ברייגנגען א גרויסען אומגליק אויף איהרע ברידער... זי ווייס ווי פאַרדאַרבען און בלוטדורשטיג ער איז, און די קעניגין האַלט זעהר פיל פון איהם, אין איהרע אויגען איז ער א הייליגער און זיינע רייד האָבען א גרויסע ווירקונג אויף איהר.

א געדאַנק איז ביטריס'ן געקומען, אז ארבועז האָט פיליכט דערצעהלט דער קעניגין וועגען דעם, אז דער קעניג האָט מיט איהר גערעדט. ער מוז זי געוויס היטען... זי פארשטעהט אַלע זיינע כונות... אָבער עס וועט איהם ניט גע־לינגען. זי וועט וויסען ווי זיך אויסצוהיטען פון איהם...

## צעהנטער קאפיטעל
## אנטוישונג.

מיט גרויס שפאנונג און צופרידענהייט האבען די מאראנען צוגעזעהן ווי אזוי ביטרים ענריקען איז פאפולער געווארען אין דעם קעניגליכען הויף... מיט יעדען טאג איז זייער האפנונג שטארקער געווארען, אז ענדליך וועט איהר געלינגען צו ווירקען אויף דעם קעניג אין גאנצען אויפצוגעבען די גזרה פון דער אינקוויזיציע... זיי האבען געהאפט און געווארט, און דעריבער איז זייער אנטוישונג זעהר גרויס געווען, ווען לואיס דע סאנטאעגעל האט איינמאל, אויף א געהיימען צוזאמענקונפט פון די וויכטיגסטע מאראנען אין דעם שלאס פון דיעגא דע שושאן, געלאזט וויסען, אז זיי האבען שוין ניט אויף וואס צו האפען.

— וואס ? ! — האט דע שושאן אויסגערופען, — האט דען ביטרים איהר פארשפרעכען ניט געהאלטען ?

— עס איז ניט איהר שולד ! — האט דע סאנטאעגעל געענטפערט. — זי האט געטאן אלעס מעגליכעס און זי איז צוליב דעם איצט אין גרויס געפאהר פארשפארט צו ווערען אין מאנאסטיר !

— אבער זי האט דאך געפונען אזוי פיל חן אין די אויגען פון פערדינאנד'ן און איזאבעלע'ן, — האט זשאהן אבאלאפיא אויסגערופען

— איהר לעהרער, פעדרא ארוועז, האט אלעס קאליע געמאכט ! — האט סאנטאעגעל געזאגט. — ער האט פאר'מסר'ט פאר דער קעניגין, אז ער האט באמערקט ווי דער קעניג האט מיט איהר גערעדט, און די אייפערזיכטיגע קעניגין היט איצט ביטרים'ן אויף טריט און שריט, און ווען זי זאל זיך דערוויסען, אז ביטרים האט ווידער אמאל גערעדט מיט דעם קעניג, וועט זי אננעהמען ארבוען'ס עצה און זי אריינגעבען אין מאנאסטיר. הערנאנדא דע טאלאווערא האט מיר אלעס איבערגעגעבען און ער האט מיר געזאגט, אז מיר האבען ניט וואס צו האפען אויף ביטרים'ן, זי וועט שוין איצט מעהר ניט קענען טאן פאר אונז. ביטרים ענריקען וואלט געקענט אויסאיבען א גרויסען איינפלוס אויף פערדינאנד'ן, ווייל, ווי איך ווייס, האט זי איהם באצויבערט מיט איהר אויסערגעוועהנליכער שעהנקייט, אבער ניט וועגען דער אינקוויזיציע... זיין לוסט נאך געלט איז ביי איהם שטארקער פון אלעס און ער ווייס, אז בלויז דאן, ווען ער וועט דורכפיהרען די אינקוויזיציע, וועט ער קענען אנפילען זיין אויסגעליידיגטען שאץ-קאמער.

— איך האב א פלאן ! — האט מאנועל סאלי געזאגט, — מיר וועלען זיך פארפליכטען צונויפצוזאמלען א גרויסע סומע געלט און א דעלעגאציע צום קעניג פארשלאגען די סומע געלט פאר דער מלוכה, אויב ער וועט צושטימען מבטל צו מאכען די גזירה פון דער אינקוויזיציע.

— דאס איז ניט קיין שלעכטער פלאן,— האט זשואן אבאלאפיא צוגעגעבען

— מיר קענען גארניט פארלירען. זאל זיך יעדער פון אונז פארפליכטען ביישטייערען א דריטעל פון זיין פארמעגען, מיר וועלען אויך קריגען די שטיצע פון די רייכע אידען פון שפאניען, און איך בין זיכער, אז ווען מיר וועלען איהם אנבאטען א סומע פון איייניגע מיליאן דוקאטען, וועט זיין הארץ ווייכער ווערען.

— מיר דארפען ניט פארגעסען, אז דער פאפסט האט אויך א סך צו זאגען.

נאָכדעם ווי ער האָט ארויסגעגעבן זיין בול (באפעהל) איינצופיהרען די אינ־קוויזיציע אין שפּאַניען, — האָט דיעגא דע שושאן געזאָגט.

— ווע‏לען מיר דאָס געלט פארטיילען צווישען דעם קעניג און דעם פּאַפּסט!

— האָט עמנועל סאָלי געזאָגט. — מיר ווייסען דאָך פון ערפאהרונג, אז מיט געלט האָט מען געקענט ענדערען פילע פון די פּאַפּסטליכע גזירות.

די פארזאמעלטע מאראנען האָבען לאנג דעבאטירט וועגען מאנועל סאלי'ס פּלאַן. איי‏ניגע זיינען געווען געגען דעם. זיי האָבען גע'טענה'ט, אז אויב מען וועט וויזען א וועג דעם קעניג, אַז מיר קויפען זיך אויס פון די גזירות מיט גרויסע סומען געלט, וועט ער זעהר אָפט אויספּלעהרען נייע גזירות, כדי מיר זאָלען זיך אויסקויפען מיט געלט.

ווע‏לען מיר דען בעסער מאכען, ווען מיר וועלען דערלאָזען די אינקוויזי־ציע זאָל איינגעפיהרט ווערען? — האָט זשואן אבאַלאַפיא זיך אָפּגערופען. — ווייסען מיר דען ניט די שוידערליכקייט און די שרעקליכקייט פון דער אינקווי־זיציע. ניט נאָר וועט קיינער פון אונז ניט זיין מעהר געזיכערט מיט זיין פאר־מעגען, אָבער אונזערע לעבענס וועלען שטענדיג זיין אין געפאהר.. אונז איז גוט באקאנט, ווי אזוי די אינקוויזיציע ווערט דורכגעפיהרט... זאָל בלויז אימיצער געבען אָנצוהערעניש, אז דער און דער מאראנא איז אונטער פארדאכט, און יענער וועט שוין קיין לעבעדיגער פון זייערע הענט ניט ארויסגעהן... מיר אלע ווייסען, אז יעדער פון אונז האָט גענוג שונאים, וועלכע ווארטען אויף דעם טאָג זיי זאָלען קענען אויף אונז א מסר טאָן. דיזען פּלאַן מוזען מיר אָנ־נעהמען. איך בין דער ערשטער וועלכער פארפליכטע זיך אָפּצוגעבען א דריטעל פון מיין פארמעגען פאר דיזען צוועק.

— און איך אויך! — האָט לואיס דע סאנטאנגעל צוגעשטימט.

איינשטימיג איז דער פּלאַן אָנגענומען געוואָרען. איצט האָט מען גענו־מען באטראכטען ווער עס זאָל אויסגעקליבען ווערען פאר די שליחים, וועלכע זאָלען געהן צום קעניג פאָרצושלאָגען די סומע געלט.

— לאָמיר פריהער זעהן וויפיל געלט מיר קענען צונויפקלייבען! — האָט לואיס דע סאנטאנגעל זיך אָפּגערופען — און דאן וועלען מיר שוין אויסקלייַ־ווען די שליחים.

— און וואָס וועט זיין אויב דער קעניג וועט זיך אנטזאגען צו נעהמען דאָס געלט? — האָט אימיצער פון די פארזאמעלטע א פרעג געטאָן.

— וועלען מיר די געלט נוצען פאר אנדערע צוועקען! — האָט דיעגא דע שושאן געענטפערט. — מיר דארפען ניט פארגעסען, אז מיר זיינען א גרויסע מאכט איז שפּאַניען און אויב אויך דיזער מיטעל וועט ניט העלפען, וועלען מיר דאן מוזען אָנווענדען אונזער מאכט. איך האָף, אז צו דעם וועט ניט קומען, אָבער יעדענפאלס מוזען מיר זיין גרייט פאר אלעם! אויב עס וועט אונז אויסקומען צו קעמפען מיט מאכט געגען מאכט, דארפען מיר זיך אויך ניט אָפּשרעקען!

איי‏ניגע וואָכען האָט געדויערט ביז וואנען זיי האָבען צוזאמענגעקליבען די נויטיגע סומע, וואָס האָט דערגרייכט ביז צעהן מיליאָן דוקאטען.

אין יעדער שטאָדט פון שפּאַניען, וואו עס האָבען זיך געפונען וויכטיגע, אנגעזעהענע רייכע מאראנען, זיינען צו זיי געקומען פאָרשטעהער פון די מאראַ־

נען פון סעוויל און זיי אָנפאַרטרויט די גאַנצע לאַגע. די געלט איז גליך גע־שאַפען געוואָרען און אָפּגעפיהרט געוואָרען קיין סעוויל אונטער דער אויפזיכט פון דיעגאָ דע שושאַן.

איצט האָט מען אָנגעהויבען טראַכטען וועגען דער דעלעגאַציע, וועלכע זאָל אין נאָמען פון אַלע מאַראַנען איבערגעבען דעם קעניג זייער באַשלוס אָנצופילען זיינע אוצרות, און אויך די אוצרות פון דעם פּאַפּסט.

— איך נעהם זיך אונטער צו זיין איינער פון די שלוחים! — האָט זשואַן אַבאַלאַפיא אויסגערופען.

— און איך בין גרייט צו זיין דער צווייטער! — האָט דיעגאָ דע שושאַן זיך אויפגעשטעלט.

— ניין, איך וואָלט דיך ניט ראַטהען עס צו טהאָן! — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל זיך אָפּגערופען, — דו דאַרפסט ניט פאַרגעסען אַז ווען די שלוחים וועלען עס פאַרברייננגען פאַר דעם קעניג און ער וועט עס ניט אָננעהמען, וועט ער דאַן האָבען אויף די שלוחים א גרויסען פאַרדאַכט און מען וועט זיי נאָך מעהר היטען, און אַזוי ווי איך דיין שלאָס קומען פאַר אַלע געהיימע פאַרזאַמ־לונגען, דאַרפסטו זעהן צו זיין אין גאַנצען אויסער פאַרדאַכט.

מען האָט אויסגעקליבען זשואַן אַבאַלאַפיע און מאַנועל סאַלי זיי זאָלען געהן אָנבאָטען דעם קעניג די סומע פון צעהן מיליאָן דוקאַטען, ער זאָל זעהן מבטל צו מאַכען די גזרה פון דער אינקוויזיציע.

לואיס דע סאַנטאַנגעל האָט געלאָזט וויסען פערדינאַנד'ן, אַז צוויי פאַר־שטעהער פון די נייע קריסטען האָבען מיט איהם צו ריידען וועגען א וויכטיגען ענין און זיי פאַרלאַנגען ער זאָל באַשטימען א צייט ווען ער וועט זיי קענען אויפנעהמען.

דער קעניג האָט באַשטימט א צייט און זשואַן אַבאַלאַפיע מיט מאַנועל סאַלי זיינען געקומען צו איהם.

פערדינאַנד האָט אַרויסגעשיקט אַלע זיינע בעאַמטע און דיענער, און איז גע־בליבען אַליין מיט די צוויי פאַרשטעהער פון די מאַראַנען.

ביידע האָבען זיך פאַרנייגט און נאָך א קליינע פויזע האָט זיך פערדינאַנד צו זיי געווענדעט.

— וואָס איז אייער וואונש?

— אונזער האַרר קעניג! — האָט זשואַן אַבאַלאַפיא זיך אָפּגערופען, — מיר, די נייע קריסטען, וועלכע זיינען געטרייע און איבערגעבענע קאַטאָליקען, האָבען אויסגעפונען אַז אין גאַנץ שפּאַניען וועט אין גיכען איינגעפיהרט ווע־רען די אינקוויזיציע, און דעריבער האָבען מיר און אונזערע ברידער בעשלאָסען זיך צו ווענדען צו דעם קעניג מיט א בקשה אַז ער זאָל אונז אויסהערען. מיר האָבען א פאָרשלאַג צו מאַכען.

— און וואָס איז אייער פאָרשלאַג? — האָט דער קעניג זיי דורכגעדרונגען מיט זיינע בליקען.

— מיר האָבען צונויפגעזאַמעלט א סומע געלד וואָס מיר זיינען גרייט אוועקצוגעבען פאַר דער מלוכה, און דער האַרר קעניג זאָל באַווילינען אָפּצו־שאַפען די אינקוויזיציע.

— די אינקוויזיציע איז בעשטימט געוואָרען צו בעשטראָפען די זינדיגע.

די וועלכע וועלען געפונען. ווערען שולדיג אז זיי טראָגען א קאטאלישע מאסקע. און אין אמת'ען דיענען זיי צו דעם אידישען גאָט, און דאָס וואָס איהר קומט און פערלאַנגט פון מיר איך זאָל די אינקוויזיציע אָפּשאפען, איז דען דאָס ניט קיין סימן אז איהר ניט אליין צו אייער שולד. ווארום אויב איהר וואָלט באמת געווען אמת'ע געטרייע און פרומע קריסטען וואָלט איהר דאָך ניט געדארפט מורא האָבען!

— אָה, ניין, גנעדיגער קעניג! — האָט מאנועל סאלי געענטפערט, — מיר זיינען אלע גוטע און פרומע קריסטען, אָבער מיר ווייסען וואָס די אינקוויזיציע מיינט... ווי געטריי און פרום מיר זאָלען ניט זיין, קען זיך שטענדיג געפינען איינער א שונא וועלכער וועט מאכען א בלבול אויף איינעם אויף אונז... און דאן וועט יענער געבראכט ווערען פאר די אינקוויזיטאָרען וועלכע וועלען פארלאנגען באווייזע אז ער איז אומשולדיג... מיר האָבען זיך זעהר פיעל אנגעהערט פון די אינקוויזיציע אין סיציליען, און מיר ווייסען אז הונדערטע אומשולדיגע זיינען פארברענט געוואָרען, ווייל אזוי שנעל ווי אימיצער פון זייערע שונאים האָט אויף זיי א בלבול געמאכט, האָבען די אינקוויזיטאָרען פערלאנגט פון זיי אז זיי זאָלען בעווייזען אז זיי זיינען אומשולדיג... און דער הארר קעניג ווייס דאָך אז צו בעווייזען אימיצענס שולד איז א סך גרינגער ווי צו בעווייזען זיין אומשולד... און טאקע דערפאר ווייל מיר זיינען איבערגעבענע קריסטען זעהען מיר די נישט־גערעכטיגקייט וואָס די אינקוויזיציע וועט פאראורזאכען פאר אלע אונזערע ברי־דער, וועלכע זיינען מיט זייער לייב און לעבען איבערגעבענע קריסטען... מיר ווייסען אז מיר האָבען שונאים וועלכע וועלען זיך ניט אָפּשטעלען צו מאכען בלבולים און מיר האָבען דאריבער געפונען עס פאר אונזער פליכט צו קומען פאָרשלאָגען דעם קעניג א גרויסע סומע געלד, כדי צו פארמיידען די פארווירק־ליכונג פון דער אינקוויזיציע.

— און ווי גרויס איז אייער סומע געלד וואָס איהר באָט אן פאר דער מלוכה? — האָט פערדינאנד מיט געלאסענהייט געזאָגט.

— מיר האָבען צונויפגעזאמעלט צעהן מיליאָן דוקאטען און מיר וועלען עס מיט פארגעניגען אריינגעבען אין דעם אוצר פון דער מלוכה, אויב דער קעניג וועט צושטימען מבטל צו מאכען די גזרה.

פערדינאנד האָט זיך א ווייל פארטראכט. צעהן מיליאָן דוקאטען איז א גאנץ גרויסע סומע, זיין פוסטער שאַץ־קאמער וועט אָנגעפילט ווערען... ער וועט האָבען די מעגליכקייט אנצופאנגען זיין לאנג געפּלאנטע מלחמה געגען די מורען פון גראנאדא.

— אויב איהר יועט קענען פארדאָפּלען די סומע, וועל איך אייערע רייד נעהמען אין אנבעטראכט! — האָט דער קעניג געענטפערט.

— דאָס איז אונמעגליך פאר אונז צו זאָגען! — האָט זשואן אבאלאפיא זיך אָפּגערופען, — ווייל מיט גרויס מיה איז אונז אָנגעקומען צו קריגען די סומע געלד, אָבער דאָך ווען מיר וואָלטען זיכער געווען אז דער קעניג וועט אונז זיין פארשפּרעכען געבען, וואָלטען מיר זיך אָנגעשטרענגט נאָך מעהר און געשאפען די צווייטע העלפט פון דער סומע.

— יעדענפאלס וועל איך זיך בעראטען וועגען דעם, — האָט פערדי־נאנד געזאָגט, — איך וועל זיך בעראטהען מיט איינינע פון מיינע מענשען. און

אויב איך וועל בעשטימען אַנצונעהמען אייער פאָרשלאַג, וועל איך פריהער דאַר־פען קריגען די צושטימונג פון פּאַפּסט אז ער זאָל איינוויליגען צוריקצוציהען זיין גזרה.

— מיר זיינען וויליג אייך צו שיקען א גרויסע סומע געלד צום פּאַפּסט!

— האָט מאַנועל סאַלי צוגעגעבען, — מיר ווייסען אז ער נויטיגט זיך איז געלד און ער וועט זיכער ניט זיין דאגעגען.

— קומט צו מיר אין א וואָך ארום, און איך וועל אייך לאָזען וויסען מיין בעשלוס! — האָט פערדינאַנד זיי געזאָגט.

זשואַן אבאַלאַפּיא און מאַנועל סאַלי האָבען פארלאָזען דעם פּאַלאַץ.

---

פערדינאַנד איז געבליבען אליין. ער האָט זיך גענומען אריינטראַכטען וועגען דעם אַנבאָט וואָס די צוויי פאָרשטעהער פון די מאַראַנען האָבען צו איהם געמאַכט. צעהן מיליאָן דוקאַטען איז א גרויסע סומע, און מעגליך אז ווען ער וועט פערלאַנגען וועלען זיי צושטעלען צוויי מאָל אזוי פיעל. יאָ, ער וועט זיך דאַרפען בעראַטהען מיט די גייסטליכע... אויב עס וועט זיך לוינען פאַר איהם. ער וועט הערען וואָס זיי וועלען זאָגען. ער האָט געוואוסט אז איזאַבעלאַ וועט ניט זיין צופרידען, ווייל זי איז ערנסט. זי איז זעהר פרום און זי וויל איינפיהרען די אינקוויזיציע צו מאַכען יעדען מאַראַנאַ פרום. ער האָט דאַריבער בעשלאָסען איידער ער וועט זיך דורכריידען מיט איזאַבעלאַ'ן צו הערען וואָס זיינע ראַטה־געבען וועלען איהם ראַטהען.

דער קעניג האָט זיך פריהער בעראַטהען מיט די צוויי גייסטליכע סאַן מאַר־טין און פּעדראָ אַרבועז. ער האָט זיי איבערגעגעבען וועגען דעם אַנבאָט וואָס ער האָט באַקומען פון די צוויי פאָרשטעהער דזשואַן אבאַלאַפּיא און מאַנועל סאַלי.

— מיין האר קעניג! — האָט סאַן מאַרטין זיך אַפּגערופען, — דאָס בעווייזט אז די מאַראַנען פיהלען זיך שולדיג! מיין זוהן, דאָן מאַרטין, האָט מיר איבערגעגעבען אז ער האָלט אין ענטדעקען א נעסט פון מאַראַנען וואו זיי קומען זיך צוזאַמען און היטען אָפּ אידישקייט. ער האָט מיר פארזיכערט אז עס וועט לאַנג ניט נעהמען און ער וועט אַלעמען קריגען. זיי זיינען די רייכסטע פון אונזער לאַנד... און זייערע אוצרות וועלען דאָך אַלץ איינס קאָנפיסקירט ווערען פאַר דער מלוכה.

— עס איז אפילו איינער פון זיי קיין רעכטער ניטאָ! — האָט פּעדראָ אַרבועז צוגעגעבען, — זיי זיינען אַלע פאַלש, זיי האָבען אויף זיך ארויפגעצווי־גען א מאַסקע פון קריסטענטום כדי זיי זאָלען אַנפילען זייערע אוצרות, זיי זוינגען אוים די מארך פון אונזערע אמת'ע קריסטליכע ברידער. עס איז א גרויסע זינד זיי צו לאָזען אומבעשטראָפט און עס וועט נאָך זיין א גרעסערע זינד אויב דער קעניג וועט פון זיי נעהמען געלד, זיי ווילען אויסלייזען זייערע נשמות דורך זייער געלד וואָס זיי האָבען אַנגערויבט פון אונזערע קריסטליכע ברידער! זיי באָטען אז דעם קעניג געלד, כדי ער זאָל זיי צו־רוה לאָזען... זיי זאָלען קענען פאָרטזעצען זייער פאַלשקייט, זיי זאָלען אונגעשטערט קענען חוזק מאַכען פון אונזער הייליגער רעליגיע, זיי זאָלען קענען אונז אָפּנאַרען און זאָלען קענען פאָרטזעצען זייער פאַלשקייט. זיי זאָלען אַנגעשטערט קענען

אז זיי זיינען שולדיג, און אז זייער גאנצע געלד וועט בעלאנגען פריהער אדער שפעטער צו דער מלוכה. דאריבער קומען זיי אנבאטען א טייל פון זייער געלד, און זיי מיינען אז דורך דעם וועלען זיי זיך קענען אויסקויפען.

— איהר זייט גערעכט! — האט פערדינאנד זיך אפגערופען צו בײדען, — מיין הויפט־צוועק איז דאך ניט דאס וואס איך וועל ארויסקריגען זייער געלד איך וויל אז די מאראנען, די פאלשע קריסטען, זאלען בעקומען זייער שטראף און דאן וועט שוין זייער פארמעגען אלץ איינס געהערען צו דער מלוכה... זי האבען מיר פרובירט איינרעדען אז די נייע קריסטען זיינען געטריי און איבער געבען אונזער רעליגיע, זיי האבען בלויז מורא אז ווען מען וועט איינפיהרען אינקוויזיציע וועלען די עהרליכע פון זיי דארפען אויך ליידען.

— עס זיינען קיין עהרליכע צווישען זיי ניטא! — האט סאן מארטין אויסגערופען, — עס וועט לאנג ניט נעהמען און דער קעניג וועט זיין איבער ראשט אויסצוגעפינען אז די רייכסטע און די חשוב'סטע פון אונזער לאנד זיינען אפנארער, באטריגער און גאט־לעסטערער. מיין זוהן ווארט נאר אויף דער ריכטיגער געלעגענהייט ווען די אינקוויזיציע וועט איינגעפיהרט ווערען וועט ער קענען מיט אמאל אויפדעקען פאר די אינקוויזיטארען די שענדליכע מעשים פון די מאראנען. ער האט אויסגעפונען אלע זייערע געהיימניסע.

— ווי אזוי קומט דייז זוהן אלעס צו וויסען? — האט דער קעניג איהם געפרעגט.

— די טאכטער פון דיעגא דע שושאן, דעם רייכסטען מאן פון שפאניען, איז פארליעבט אין מיין זוהן, און אין זיין שלאס קומען פאר אלע געהיימע בעראטהונגען פון די מאראנען.

— דאס איז אונמעגליך! דיעגא דע שושאן איז אן אמת'ער געטרייער קריסט! — האט דער קעניג אויסגערופען, — ער איז זעהר א וויכטיגער און געשעצטער בירגער פון שפאניען.

— אזוי שנעל ווי די אינקוויזיציע וועט איינגעפיהרט ווערען און די הייליגע אינקוויזיטארען וועלען קריגען די פולע ־רעכט ארייצוברעכען זיך אין די הייזער פון די וועלכע זיינען אונטער פארדאכט, וועט דאן מיין זוהן קענען אלעס באווייזען. דיעגא דע שושאן'ס טאכטער האט איהם ענטדעקט פיעלע זאכען, און ער האט מיר געזאגט, אז גאר אין גיכען וועט ער אלעס ארויסברייגנען און גאנץ שפאניען וועט אויפגעטרייסעלט ווערען פון די פאלשקייטען פון די מאראנען... בלויז מיט דער איינפיהרונג פון דער אינקוויזיציע וועט מען קענען בעשטראפען אלע שולדיגע, ווייל זיי זיינען זעהר קלוג און וויסען ווי צו פארבארגען זייער פאלשקייט, און דאריבער זיינען זיי אין טויט־שרעק ווען זיי האבען זיך דערוואוסט אז די אינקוויזיציע וועט דורכגעפיהרט ווערען.

— ניין! — האט דער קעניג אויסגערופען, — קיין געלד וועט זיי ניט העלפען. די אינקוויזיציע וועט מוזען אריין אין קראפט.

— און דערפאר וועט גאט דיך גרויס מאכען! — האט פעדרא ארבועז זיך אפגערופען, — דו וועסט דאמיט טהאן א גרויסע דינסט צו זיין הייליגען נאמען.

---

אין א וואך ארום, ווען זשואן אבאלאפיא און מאנועל סאלי זיינען געקומען צום קעניג צו הערען זיין בעשלוס, האבען זיי געדארפט לאנג ווארטען איידער

זיי זיינען צוגעלאָזען געוואָרען צו איהם.

— דאָס איז ניט קיין גוטער סימן! — האָט זיך אבאלאפיא אָפּגערופען, — ווי עס ווייזט אויס, האָבען זיינע ראטהגעבער איהם געראטהען ער זאָל קיין געלד ניט נעהמען.

— אויב עס זאָל אזוי זיין, דאן זיינען מיר פארלאָרען! — האָט סאלי צוגעגעבען אין דער שטיל, — דאָס איז אונזער לעצטע פעסטונג.

— מיר וועלען פּרובירען פארדאָפּלען די סומע געלד! — האָט אבאלאפיא געזאָגט.

— יעצט וועט שוין זיין צו שפּעט! — האָט סאלי מיט א יאוש׳דיגע שטימע זיך אָפּגערופען, — אויב ער האָט זיך בעראטהען מיט די גייסטליכע, וועט ער שוין זיין בעשלום ניט ענדערען. עס איז אונזער אייגענע שולד. ווען ער האָט אונז געפרעגט אויב מיר וועלען די סומע פארדאָפּלען, האָבען מיר גלייך געדארפט צושטימען.

— ווי אזוי האָבען מיר געקענט זיך אונטערנעהמען אזא זאך! — האָט אבאלאפיא געענטפערט. — איידער מיר האָבען זיך בעראטהען מיט די איבריגע.

— מעגליך אז אונזער שרעק איז אומזיסט. די קעניגליכע קאסע איז פוסט און אזוי פיעל געלד וועט איהם יעצט צוניץ קומען, וועט ער ניט קענען בייי־שטעהן דעם נסיון און נאָכגעבען אונזער פארלאַנג.

אָבער ניט אומזיסט איז געווען זייער שרעק. אזוי שנעל ווי זיי זיינען פאר־געבראכט געוואָרען פאר דעם קעניג, האָבען זיי גלייך באמערקט אז זיין פנים אז זיי וועלען פון איהם קיין פרעהליכע רייד ניט הערען.

— איהר זייט געקומען הערען מיין בעשלום! — האָט פערדינאנד מיט א טרוקענע שטימע זיך אָפּגערופען, — איך האָב בעשלאָסען אז די אלע זינדיגע, די אלע וועלכע מאסקירען אלס קריסטען, און אין געהיים היטען זיי אָפּ אידיש־קייט וועלען מוזען בעשטראָפט ווערען לויט די שטראָף וואָס די אינקוויזיציע וועט בעשטימען. יא, די אינקוויזיציע וועט איינגעפיהרט ווערען.

— אָבער, גנעדיגער קעניג, — האָט זשוּאַן אבאלאפיא זיך אָפּגערופען.

— אומזיסט וועלען זיין אייערע רייד! — האָט פערדינאנד איהם אונטער־בראָכען, — איך וועל מיין בעשלום ניט ענדערען. און יעצט געהט און גיט איבער אייערע ברידער, די אלע וועלכע זיינען פאלש צום קריסטענטום, אז דער טאָג פון זייער שטראָף איז נאָהענט.

ביידע זיינען געבליבען שטעהן רוהיג מיט געבויגענע קעפּ.

— פארלאָזט יעצט מיין פּאלאץ! — האָט דער קעניג מיט א שטרענגער שטימע זיך אָפּגערופען, — אומזיסט איז אייער ווארטען. איך וועל מעהר מיט קיינעם פון די פארשטעהער פון די מאראנען ניט ריידען וועגען דעם. מיין בעשלום איז ענדגילטיג.

גרויס טרויער האָט דער באריכט פון אבאלאפיא און סאלי ארויסגערופען צווישען אלע מאראנען. די לעצטע שטראהל האָפנונג איז אויך פארשוואונדען. א שרעקליכער יאוש האָט אלעמען ארומגענומען. יעדער איינער האָט געוואוסט אז מען קען ערווארטען דאָס שווידערליכסטע.

די וויכטיגסטע און איינפלוסרייכסטע מאראנען האָבען בעשלאָסען זיך ווי־

דער צו פּערזאמלען אין דיעגא דע שושאַן׳ס הויז און דאָרטען בעשליסען אַנצו־ווענדען אַלע זיינע קרעפטען און קעמפען נעגען דער גרויזאמער גרזה.

---

לאַ פּערמאַסא פּעמברא האָט מיט א שאַרפע אויג גענומען נאָכפאָרשען אַלעס וואָס טהוט זיך אין איהר פאטער׳ס שלאָס. איהר געליעבטער דאָן מארטין האָט אויסגעאיבט א גרויסען איינפלוס אויף איהר, און זי פּלעגט איהם איבערגעבען אַלעס וואָס קומט פאָר אין הויז, וועלכע געסט קומען צו זיי אריין. און אַז זיי פארשווינדען גאַנץ אָפּט אין דעם געהיימען הייהל.

— ביזטו ווען עס איז ארונטערגעגאַנגען אין הייהל אויסצוגעפינען וואָס דאָרט קומט פאָר און וועגען וואָס זיי ריידען? — האָט דאָן מארטין איהר געפרעגט.

— ניין, מיין טהייערער! — האָט זי געענטפערט, — איך שרעק זיך עס צו טהאָן!

— אָבער אויב דו ווילסט רעטען די נשמות פון דיינע עלטערן, ווערסטו עס מוזען טהאָן, ליעבענדע לאַ פּערמאַסא, איך וועל מוזען האבען געניגענדע בעווייזע געגען אַלע פאַלשע קריסטען, וועלכע זוכען אריינצושלעפּען אויך דיינע עלטערן אין אַפּגרונד... דו ווייסט דאָך, אַז אַזוי לאַנג ווי די נשמות פון דיינע עלטערן וועלען זיין בעשמוצט פון די אומווירדיגע מאראַנען, וועט שווער זיין פאַר אונז צו הייראַטען. און זאָג מיר, האָסטו דען מיך אויפגעהערט ליעב צו האָבען? !...

— אָה, ניין, מיין ליעבער דאָן מארטין! — האָט איהם לאַ פּערמאַסא ארומגענומען, — איך האָב דיך ליעב מעהר פון אַלעס אין דער וועלט. קיין זאַך וועט מיר ניט זיין צו שווער צו טהאָן פאַר דיר.

— אויב אַזוי, וועל איך דיר דערצעהלען זעהר וויכטיגע נייעס! — האָט איהר דאָן מארטין א קוש געטהאָן, — דער קעניג האָט נעכטען זיך בעראַטהען מיט מיין פאטער און מיט דעם הייליגען פּעדרא ארבועז, ווייל די מאַראַנען האָבען געמאַכט א פארזוך אונטערצוקויפען דעם קעניג ער זאָל צוריקרופען די אינקוויזיציע. זיי האָבען איהם אָנגעבאָטען צעהן מיליאָן דוקאַטען... זייערע פאַר־שטעהער זיינען געוועזען זשואן אבאַלאַפּיא און מאַנועל סאַלי. האָסטו זיי פיעלייכט לעצטענס באמערקט אין דיין פאטער׳ס שלאָס?

— יאָ, איך האָב זיי איינינע מאָל באמערקט, און דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב זיי געזעהן איז געוועזען מיט צוויי טעג צוריק.

— דאָס פאַרגרעסערט מיין פערדאַכט, אַז זיי ווילען אויך דיין פאטער אריינשלעפּען אין דער צרה! — האָט דאָן מארטין אויסגערופען, — און עס איז אונזער ביידענס פליכט עס צו פאַרמיידען! מיר מוזען זעהר שנעל האַנדלען איידער עס וועט ווערען צו שפּעט.

— אָבער וואָס קענען מיר טהאָן? — האָט לאַ פּערמאַסא מיט שרעק גע־פרעגט.

— דו מוזט זיך פאַרבאָרגען אין דעם געהיימען הייהל און זיך צוהערען צו אַלעס וואָס דאָרט קומט פאָר, און מיר איבערגעבען אַלעס, און איך וועל שוין וויסען וואָס פאַר א מיטלען מיר קענען אָננעהמען ארויסצוראַטעווען דיינע על־טערן פון דעם נעץ וואָס די פאַרפלוכטע אידען פאַרשפּרייטען פאַר זיי.

— אַבער דאָס איז אונמעגליך! — האָט לא פערמאַסע געזאָגט, — ווען מיין מוטער וועט אויסגעפינען אז איך בין ניטאָ אין מיין צימער ביינאכט, וועט זי מיר געהן זוכען, און דאן וועט מען מיך זיכער געפינען אין הייהל.

— ווייסטו וואָס? — האָט דאַן מארטין זיך אָפּגערופען, — איך וועל זיך פארבאָרגען אין יענעם הייהל. איך וועל אויסגעפינען וועגען וואָס זייריידען און דאַן וועלען מיר זיי רעטען.

— אָבער ווי אזוי איז דאָס מעגליך?! — האָט איהם לא פערמאַסא אָנגעזוקט מיט ערשטוינונג.

— ווען דיינע עלטערען וועלען אין דער היים ניט זיין, וועסטו מיט מיר אריין אין יענער הייהל... איך וועל אויפזוכען א פּלאַץ וואו איך וועל זיך קענען בעהאלטען און ווארטען ביז וואַנען די מאראַנען וועלען זיך דאָרטען פארזאמלען. איך וועל זיך צו אַלעם צוהערען, זיי וועלען געוויס ניט חושד זיין אז אימיצער געפינט זיך דאָרטען און וועלען ריידען גאַנץ אָפען. דאַן וועל איך זעהן ווער זיי זיינען און וועגען וואָס זיי ריידען.

— אָבער ווי אזוי וועסטו נאכהער קענען ארויסגעהן פון הייהל? — האָט איהם לא פערמאַסא געפרעגט.

— דו וועסט מיר העלפען אין דעם. די נאכט ווען דו וועסט וויסען אז איך געפין זיך דאָרטען, זאָלסטו זיין וואך, און ווען דו וועסט זיך איבערצייגען אז אלע זיינען שוין אוועק, און דיין פאטער איז געגאנגען שלאָפען, זאָלסטו שטילערהייד ארויס פון דיין שלאָף־צימער און עפענען פאר מיר די געהיימע טיהר... דו זאָלסט אויך ניט פארגעסען צו לאָזען איין פענסטער אָפען, און אזוי וועל איך אוועקגעהן אומבאמערקטערהייט...

— אָבער מיין הארץ שרעקט מיך זעהר! — האָט לא פערמאַסא מיט א ציטערנדע שטימע אויסגערופען, — וואָס וועט זיין אז מען וועט דיך כאַפּען?

— קיינער וועט מיך ניט כאַפּען. איך וועל שוין וויסען ווי אזוי זיך אויסצוהיטען. דער הייליגער גייסט וועט מיך באשיצען, ווייל דאָס טהו איך דאָך כדי צו רעטען די נשמות פון דיינע עלטערען, זיי זאָלען געלייטערט ווערען פאר גאָט און זאָלען ניט דארפען ליידען קיין גיהנום... איך ווייס אז אין דעם שטעקט א געפאַהר, אָבער מיין ליעבע צו דיר איז אזוי גרויס, אז איך בין גרייט איינצושטעלען מיין לעבען אין סכנה פאר דיר און פאר דיינע עלטערען.

— יעצט זאָג מיר, וואָס האָט דער קעניג געענטפערט די מאראַנען? — האָט לא פערמאַסא איהם געפרעגט.

— דו מעגסט זיין גאַנץ רוהיג אז אונזער קעניג וועט זיך ניט לאָזען בעאיינפלוסען פון די אומריינע געלד פון די מאראַנען. נאָר איך וואונדער זיך, ווי אזוי האָבען זיי געקענט שאפען אזוי פיעל געלד אין אזא קורצער צייט?

— אָה, יעצט פארשטעה איך! — האָט לא פערמאַסא זיך אָפּגערופען.

— וואָס פארשטעהסטו?! — האָט דאַן מארטין איהר געפרעגט.

— איך האָב לעצטענס באמערקט אז מען בריינגט פיעלע פּעקלעך צו מיין פאטער, און ער האָט עס בעהאלטען. איך בין זיכער אז דאָס האָט געמוזט זיין די געלד.

— עס איז גאַנץ מעגליך! — האָבען דאַן מארטין'ס אויגען אויפגעלויכטען.

— ווייסטו פיעלייכט וואו ער האָט דאָס געלד אוועקגעלייגט?

— איך גלויב אז ער האָט עס אוועקגעלייגט אין דעם זעלבען הייהל! — האָט לא פערמאָסא געענטפערט.

— יעצט זעהסטו אז איך בין גערעכט? ! א גרויסע סכנה שוועבט איבער דיין פאטער'ס קאָפּ! — האָט דאָן מארטין געזאָגט, — אויב מיר וועלען גאָר ניט טהאָן, דאן וועט ער זיכער פארלירען ביידע וועלטען... עס איז דאריבער דיין פליכט צו העלפען דיינע עלטערען און טהאָן וואָס איך הייס דיר.

## עלפטער קאַפּיטעל

# קאָלאָמבוס'עס פערלוסט

קריסטאָפער קאָלאָמבוס האָט זיך אין גאנצען געענדערט זינט ער האָט זיך פון פּראָפעסאָר זאקוטא דערוואוסט אז ער שטאמט פון אידען. צוויי וויכטיגע זאכען האָט ער אויסגעפונען פון זאקוטא'ן, די ערשטע זאך אז זיינע עלטערען זיינען מאראנען און די צווייטע זאך אז ער וועט מוזען אויפגעבען זיין פּלאן צו געפינען א נייע וועג צו אינדיע. דאָס לאנד וועגען וואָס ער האָט אזוי פיעל פּלענער געהאט, איז ניט אינדיע נאָר א גאנץ נייע לאנד. וואָס איז לויט זאקוטא'ס בעווייזען, אזוי ווייט פון אינדיע און אפשר נאָך ווייטער ווי פון דאנען צו דעם נייעם לאנד.

א גרויס איבערקערעניש איז פּאָרגעקומען אין זיין נשמה. זאקוטא'ס רייד, אז ער מוז זיין דער שליח צו העלפען זיינע אומגליקליכע ברידער, האָבען אויף איהם א גרויסען רושם געמאכט. ער האָט זיך גענומען מעהר פעראינטערעסירען מיט דעם גורל פון דעם אידישען פּאָלק. און זיין הארץ איז אָנגעפילט געוואָרען מיט דעם טיעפסטען צער, ווען ער האָט ערפאהרען, ווי אזוי מען דריקט און מען שטיקט די אידען, ווי אזוי מען רודף'ט, מען יאָגט און מען פּלאגט זיי... ער האָט אָנגעהויבען פיהלען, אז פיליכט וועט ער טאקע ווערען דער שליח פון גאָט, און די רייד פון דעם גרויסען הייליגען נביא ישעיה זיינען געמיינט פאר איהם... גאָט וועט איהם העלפען... מיט זיין זוכען און ענדעקען א נייע לאנד, האָט ער יעצט א מעהר נאָבעלען און מעהר הייליגען צוועק... ער וועט ענדעקען א רוהע פּלאץ, א מקום מקלט פאר זיינע פערוואָגעלטע ברידער. אויב ער וועט זיין ערפאָלגרייך וועט ער קענען גרינדען א אידישע מלוכה, און די אידען פון אלע לענדער וועלען נעהמען אהין שטראָמען ..

קאָלאָמבוס האָט גענומען שטודירען דעם תנ"ך. איבערהויפּט האָט ער שטודירט דעם ספר ישעיה. ער האָט אין ישעיה געפונען פיעלע אָנדייטונגען און אָנווייזונגען און איז געווען איבערצייגט אז ער וועט זיין ערפאָלגרייך. ער האָט בעשלאָסען צו ענדעקען די גאנצע געהיימנים צו זיין פרוי פעליפּא מאניז. ער האָט אפילו פערשפּראָכען זאקוטא'ן צו בעהאלטען דעם סוד אפילו פון זיין אייגענער פרוי, אָבער ווען זאקוטא וואָלט געוואוסט וואָס פאר א נאָבעלע און ליעבענסווירדיגע פרוי ער האָט, וואָלט ער פערשטאנען אז איהר מעג ער אַנפערטרויען... זי וועט איהם פערשטעהן און וויסען ווי צו האלטען זיין סוד...

די איינציגע זאך וואָס האָט איהם אָפּגעהאלטען ער זאָל איהר גלייך אלעס ניט דערצעהלען, איז געווען איהר קראנקהייט.

פעליפּא מאניז איז אלע מאָל געווען א שוואכע צערטליכע פרוי. אָבער

זינט זי האָט איהם געבוירען דעם זוהן דיעגא'ן, האָט זי ניט אויפגעהערט צו קריינקען. ער האָט געהאָפּט אז זי וועט אין גיכען געזונט ווערען, און דאן וועט ער איהר אלעס אויסזאָגען. יעצט וועט ער דארפען זעהר פאָרזיכטיג זיין. זי מוז אויסמיידען יעדע אויפרעגונג... און אזא וויכטיגע ענדעקונג קען איהר לאַגע פערערגערען... ער האָט איהר דערצעהלט אז דער פּראָפעסאָר זאקוטא איז איינפערשטאנען מיט זיינע פּלענער און אז ער וועט איהם ארויסהעלפען.

— ווען דו, מיין טייערע, וועסט געזונט ווערען, וועלען מיר פערלאָזען פּאָרטוגאל און אוועק נאָך שפּאניען... דאָרטען וועל איך קריגען די שטיצע פון פיעלע וויכטיגע לייט. פּראָפעסאָר זאקוטא האָט מיר געזאָגט, אז דער בישאָף פון סאלאמאנקא, דיעגא דע דעזא, וועט מיר קומען צו הילף... דו וועסט זעהן, מיין טייערע אז מיר וועלען נאָךביידע זעהר גליקליך זיין. דו וועסט מיט מיר שטאָלצירען.

— איך האָב אימער מיט דיר שטאָלצירט — האָט פעליפּא אויסגע־שטרעקט איהרע הענט און אנגענומען זיין קאָפּ און צוגעבויגען צו איהרע ליפּען. איך וויים אז דו וועסט זיין ערפאָלגרייך אין דיין אונטערנעהמונג.
— זיין מיין ערפאָלג וועל איך האָבען בלויז דיר צו פערדאנקען! — האָט ער איהר געקושט דו האָסט מיר אזוי פיעל מוטה און האָפנונג געגעבען. איך האָף אז גאָר אין גיכען וועסטו געזונט ווערען... איך וועל זיך טיילען מיט דיר מיין ערפאָלג... מיר וועלען ביידע גליקליך זיין צוזאמען מיט אונזער ליעבען קינד, דיעגא.

טרעהרען האָבען זיך בעוויזען אין פעליפּא'ס אויגען... זי וויים ווי שטארק קריסטאָפער האָט זי ליעב... זי האָט איהם בעדארפט נאָך מעהר גליק געבען, אָבער אנשטאַט גליק פערשאַפט זי אזוי פיעל צער. ניט נאָר קען זי צו איהם מעהר קיין הילף ניט זיין, נאָר צוליעב איהר קען ער גאָר ניט אויפטהאָן. ער איז שטענדיג לעבען איהר בעט. ער טרעט פון איהר ניט אָפּ... זי וויים אז ער ליידט זעהר פיעל. ער קען גאָר ניט פערדיענען, און ווען איהר פעטער וואָלט איהר פון צייט צו צייט ניט געבראכט עטוואָס געלט, וואָלט זיי אויסגעקומען צו הונגערען. ער, קריסטאָפער, וויים ניט דערפון, ווייל זי וויל איהם ניט פעראורזאכען קיין שמערצען. זי וויים אז ער קען איהר פעטער ניט דולדען. און וואָלט זיך געפיהלט זעהר געקרענקט, ווען ער געפינט אויס אז זי קריגט שטיצע פון איהם. זי פלעגט איהם זאָגען. אז זי האָט דאָס געלט געקראָגען פאר די לאנדקארטעס וואָס ער פלעגט צייכענען.

אזוי איז אוועק א היבשע צייט. פעליפּא איז ניט בעסער געוואָרען, קאָ־לאָמבוס האָט געטהאָן אלעס פאר איהר. ער איז אפילו געגאנגען צו דעם דאָק־טאָר וויזינא. אויף וועמען ער האָט געטראָגען א שנאה, ער זאָל היילען זיין פרוי. ער האָט געבאָרגט געלט ביי זיינע בעקאנטע כדי ער זאָל קענען טהאָן אלעס פאר איהר אבער דאָס האָט ניט געהאָלפען. נאָך א לענגערע קראנקהייט איז פעליפּא מאניז, זיין בעליעבטע פרוי געשטאָרבען.

גרויס איז געווען קריסטאָפער קאָלאָמבוס'עס טרויער. ער איז געווען דער־שלאָגען, האָפנונגסלאָז און אָרים. ער איז געווען א גרויסער בעל חוב. דורך

דער צייט פון זיין פרוי׳ס קראנקהייט האָט ער גאָרניט פערדינט, און אומעטום, וואו ער האָט נאָר געקענט האָט ער געבאָרגט און געליהען. יעצט אז זיין פרוי איז געשטאָרבען און ער איז געבליבען אליין מיט זיין זוהן, דיעגא, וועלכער איז שוין דאן געווען אַרום זעקס יאָהר אלט, האָט ער אפילו ניט געקענט געהן פערדינען.

די בעלי חובות זיינען געקומען ביי איהם מאָהנען זייער געלט און איהם געסטראשעט מיט געפענגניס. זיין לאגע איז געווען א פערצווייפעלטע. יעצט אז ער האָט זיין זוהן אויף זיינע הענט. קען ער דאָך גאָרניט טהאָן... וועט ער דען קענען טראַכטען פון פערווירקליכען זיינע פּלענער? זיינע גוטע פריינד האָבען איהם פערלאָזען. די בעלי חובות הערען ניט אויף צו מאָהנען זייער געלט... אין זיין שווערער טרויעריגע לאגע, איז ער אוועק מיט זיין זוהן צו זיין פרוי׳ס פעטער. ער האָט פון איהם ניט פערלאנגט קיין שטיצע פאר זיך. ער האָט בלויז געוואָלט ער זאָל בעזאָרגען דעם קינד, ביז וואנען ער וועט קענען קומען צו זיך. ער האָט מיטגענומען דיעגא׳ן און איז צו איהם אוועק.

פון זיין קאלטע אויפנאהמע, האָט קאָלאָמבוס גלייך פערשטאנען, אז ער האָט זיך אומזיסט דערנידעריגט. אָבער ער קען דאָך דעם קינד ניט לאָזען הונ־גערען...

—וואָס איז דער צוועק פון דיין יעצטיגען בעזוך? — האָט פעליפּא׳ס פעטער צו איהם בייז א זאג געטהאָן.

— איך בין ניט געקומען פערלאנגען פאר מיר — האָט קאָלאָמבוס איהם געענטפערט — אָבער דו זעהסט דאָך אז מיינע הענט זיינען פערבונדען און איך קען גאָרניט טהאָן צו ערנערען מיין קינד.

— און א סך האָסטו פריהער געטהאָן! — האָט ער אויסגערופען מיט צאָרן — דו האָסט פריהער אויך גאָרניט פערדינט. ווען איך וואָלט ניט אונטער־געשטיצט פעליפּא׳ן, וואָלסטו דאָך פון הונגער געשטאָרבען. יא, דו ביזט שול־דיג אין איהר טויט. דו ביזט א טרוימער און א פוילענצער. דו האָסט בלויז געקענט אנמאַכען חובות. יעצט קומען זיי צו מיר מאָהנען, אָבער דו מעגסט זיכער זיין אז פון מיר וועלען זיי גאָרניט ארויסקריגען... זאָלען זיי דיך לאָ־זען ארעסטירען. דו וועסט אַפּפינסטערען אין געפענגניס, וועסטו דאָן וויסען צו פערגעסען אלע דיינע חלומות און נעהמען טהאָן עפּעס נוצליכע ארבייט.

קריסטאָפער איז געבליבען שטעהן בעוועגלאָז... ער האָט געוואוסט אז פעליפּא׳ס פעטער איז קאַרג, שלעכט, אָבער ער זאָל זיין אזוי געמיין, האָט ער זיך גאָר ניט פאָרגעשטעלט... ער האָט אנגענומען זיין קליינעם זוהן׳ס האַנט, וועלכער האָט זיך שטאַרק דערשראָקען פון זיין עלטער פעטער׳ס גע־שרייען, און האָט מיט איהם גענומען פערלאָזען זיין הויז.

— וואַרט! — האָט ער געהערט זיין טרוקענע שטימע — אויב דו ווילסט איבערלאָזען דאָס קינד ביי מיר, וועל איך איהם צונעהמען אָבער מיט דעם בעדינג, אז דו וועסט איהם מעהר קיינמאָל ניט צוריקקריגען... דו וועסט דאַר־פען אויפגעבען אלע דיינע תביעות אויף איהם. ער וועט בעלאנגען צו אונזער משפּחה. אויב דו וועסט צושטימען צו דעם, וועל איך דיעגא׳ן אפּשטעלען ביי זיך.

קאָלאָמבוס האָט איהם גאָר ניט געענטפערט. ער איז שנעל ארוים מיט זיין זוהן פון הויז. ער האָט געהאַט ביי זיך עטליכע מאַפּעס, וואָס ער האָט געצייכענט, און ער האָט עס פּראָבירט פערקויפען. ער איז געגאַנגען מיט דיעגאָ'ן פון איין פּלאַץ צום צווייטען. ווען דיעגאָ איז מיעד געוואָרען, האָט ער איהם גענומען אויף זיינע הענט... ער האָט זיי קוים פערקויפט און גענו־מען זעהר א נידעריגען פּרייז, ער איז אָבער געווען צופרידען אז ער האָט גע־קענט קויפען שפּייז פאַר'ן קינד.

ווען ער האָט זיך צוריקגעקעהרט צו זיין הויז האָט ער דאָרטען, צו זיין גרויס איבערראַשונג געטראָפען דעם דאָקטאָר וויזינא.

— איך האָב געהערט פון דיין אומגליק, און איך בין דיר געקומען טרייס־טען! — האָט וויזינא געזאָגט — דו דאַרפסט דיין האָפנונג ניט פערלירען.

— אויף וואָס האָב איך צו האָפען? — האָט קאָלאָמבוס איהם געענט־פערט מיט א יאוש'דיגע שטימע — דו אליין גלויבסט דאָך ניט אין מיינע פּלענער, דו האָסט דעם קעניג געראָטהען ער זאָל זיך ניט צוהערען צו מיינע רייד...

— ווען דו ביזט געקומען מיט דיין פּלאַן צו געפינען א גלייכע וועג נאָך אינדיע, האָב איך ניט געקענט איינשטימען מיט דיר, אָבער דער געדאַנק אז רייזענדיג איבער דעם אָקעאַן אין דער ריכטונג פון מערב, וועט מען דערגריי־כען לאַנד, אין דעם שטים איך איין מיט דיר.

— האָסטו פיליייכט גערעדט מיט דעם פּראָפעסאָר זאַקוטאַ פון לאַלאַ־מאַנקאַ? — האָט איהם קאָלאָמבוס געפרעגט.

— יע, איך בין ניט לאַנג צוריק געווען אין שפּאַניען, איך האָב זיך מיט איהם געזעהן — האָט דאָקטאָר וויזינא געענטפערט. ער האָט מיט מיר די גאַנ־צע צייט גערעדט וועגען דיר און דיין פּלאַן.

— און וואָס האָט ער דיר געזאָגט וועגען מיר? — איז קאָלאָמבוס נייגע־ריג געווען צו הערען.

ער האָט געזאָגט אז ער ליגט זעהר פיעל האָפנונג אויף דיין אונטערנעה־מונג'ס קראַפט. ער איז זיכער אז דו וועסט זיין ערפאָלגרייך. ער ערוואַרטעט דו זאָלסט קומען אין שפּאַניען, און דאָרטען וועט מען זעהן דיך בעהילפיג צו זיין. דו ווייסט דאָך געווים, אז זאַקוטאַ לעגט זעהר פיעל האָפנונג אויף דעם. זיינע ברידער אין שפּאַניען ווערען אונטערדריקט און אויב דיר וועט געלונגען צו ענדעקען א נייע לאַנד, וועט עס פיליייכט ברענגען א הילף צו די אידען פון שפּאַניען.

קאָלאָמבוס האָט איהם דורכגעדרונגען מיט זיינע בליקען. ער האָט געוואָלט וויסען אויב זאַקוטאַ האָט איהם ענדעקט דעם גאַנצען סוד וועגען זיין אָפּשטאַ־מונג.

— איך גלויב ניט אז דער שפּאַנישער קעניג און קעניגין וועלען זיין פער־אינטערעסירט אין מיין פּלאַן, איבערהויפּט נאָכדעם ווען דער קעניג פון פּאָר־טוגאַל האָט מיין אָנבאָט צוריקגעוויזען — האָט קאָלאָמבוס זיך אָפּגערופען — אויסער דעם בין איך יעצט ניט אימשטאַנד צו מאַכען מיין אונטערנעהמונג. גאָט האָט מיך געשטראָפט. איך האָב פערלאָרען מיין געטרייע פרוי און דאָס

קינד האָט קיינעם ניט ווער עס זאָל אויף איהם אכטונג געבען. ניין, עס וועט נעהמען נאָך פיעלע יאָהרען איידער איך וועל האָבען די מעגליכקייט דאָס צו טהאָן.

— פאַרוואָס זאָלסטו דיין זוהן ניט איבערגעבען אין די הענט פון דיין פרוי'ס שוועסטער? — האָט וויזינא זיך אָפּגערופען — איך קען איהר שוועסטער, זי איז א גוטהערציגע פרוי און זי וועט זיין צופרידען צו האָדעווען דיין זוהן דיעגאָ'ן ביז וואנען דו וועסט דיין ציעל דערגרייכען. איהר מאַן, מוליאר, איז אויך נאָבעל און גוטהערציג. איך בין זיכער אז ער וועט דיך ארויסהעלפען.

— וועגען דעם האָב איך אויך געטראַכט — האָט קאָלאָמבוס געזאָגט — אָבער דאָס קינד איז נאָך צו יונג און דער וועג נאָך הועלווא, וואו פעליפאַ'ס שוועסטער געפינט זיך, איז צו לאַנג, און עס וועט מיר זיין זעהר שווער צו וואנדערען מיט איהם. איך וועל מוזען צואוואַרטען, ביז וואנען ער וועט עטוואָס עלטער ווערען...

— איך וויים אז דו געפינסט זיך יעצט אין זעהר א שווערע לאגע! — האָט וויזינא זיך צו איהם אָפּגערופען, בעטראַכטענדיג זיינע אָפּגעטראָגענע קליידער און זיין בלאָס געוואָרענעם פנים — איך האָף אז דו וועסט מיר פערשטעהן, איך בין זיכער אין דיין ערפאָלג... איך וויל דיר יעצט אָנבאָטען עטוואָס הילף. ווען דו וועסט האָבען וועסטו מיר צוריקקעהרען.

וויזינא האָט ארויסגענומען איינינע גאָלדענע מטבעות און דערלאַנגט קאָלאָמבוס'ן.

— איך דאנק דיר, מיין האר, פאר דיין גוטהערציגקייט, אָבער איך וויל קיין צדקה ניט נעהמען! — האָט קאָלאָמבוס געזאָגט.

— אָבער איך גיב דאָך דיר דאָס געלט אלס אַ הלואה. דו וועסט מיר אָפּגעבען אזוי שנעל ווי דו וועסט האָבען.

— אין האָב קיין האָפנונג ניט צו קריגען געלט און דו אליין ווייסט, אז איך בין אָרים, פעראייניגט און האָפנונגסלאָז, דו ערוואַרטעסט ניט צוריקצוקריגען דיין געלט און דו ווילסט עס מיר שענקען אלס נדבה!

— דו ביזט נאָך א יונגערמאַן. קריסטאָפער! — האָט דאָקטאָר וויזינא זיך אָפּגערופען — דו ביזט אַן עהרליכער קריסט, גלויבסטו דען ניט אין דיין גאָט, אז ער וועט דיר ארויסהעלפען אין דיינע צרות... מיר אידען פערלירען קיינמאָל ניט אונזער האָפנונג, און גאָט העלפט אונז... אויב דו האָסט פולען צוטרויען צו דיין גאָט, דאַרפסטו ניט זיין פערצווייפעלט.

קאָלאָמבוס האָט זיך פערטראַכט פון זיינע לעצטע רייד. פערשטעהט ער אז זאַקוטא האָט איהם ניט אַנפערטרויט דעם סוד דאָס ער שטאַמט פון אידען... ער האָט זיך געפיהלט עטוואָס לייכטער, און געזאָגט:

— איך האָב מיין האָפנונג ניט פערלאָרען אין גאָט, אָבער איך וויים ניט אויב איך בין ווירדיג צו האָפען אויף זיין הילף, איך בין שולדיג אזוי אויך פיעלע חובות. און איך קען פון דיר ניט נעהמען דיין געלט, וואָס דו גיסט מיר מיט דער כונה קיינמאָל עס פון מיר ניט צוריק קריגען. ניין, איך וועל עס ניט

נעהמען. איך האָף אַז איך וועל געפינען ארבייט און וועל קענען ערנעהרען מיין זוהן, ביז וואנען איך וועל די מעגליכקייט האָבען צו פערלאָזען פּאָרטוגאל.

— וואָרט! — האָט וויזינא זיך אָפּגערופען — איך וועל קריגען פאַר דיר ארבייט — איך דאַרף האָבען אייניגע מאַפּעס פאַר זיך און אויך פאַר מיינע פריינד, און שפּעטער וועל איך פיללייכט קריגען נאָך בעשטעלונגען פאַר דיר.

קאָלאָמבוס האָט איהם איבערגעגעבען אַ פּאָר מאַפּעס וואָס ער האָט גע־האָט געצייכענט און וויזינא האָט איהם געפרעגט דעם פּרייז, איהם בעצאָהלט, און אוועקגעגאנגען.

— ער איז זעהר אַ וואוילער מאַן! — האָט קאָלאָמבוס ביי זיך געטראַכט — זיין פרוי האָט טאַקע זעהר פיעל געהאָלפען פון דעם דאָקטאָר וויזינא... איהם האָט שוין געקומען פערדריסען פאַרוואָס ער האָט געטראָגען אַ שנאה אויף איהם... ער זעהט דאָך אַז ער איז זעהר עהרליך און ער האָט ניט געוואָלט זיין פאַלש... ער האָט אַזוי געגלויבט און ער האָט דעם קעניג איבערגעגעבען זיין מיינונג. נאָך אַלעמען איז ער דאָך טאַקע צו אַנפאַנג געווען אומגערעכט... זיין אָריגינעלער פּלאַן צו געפינען אַ וועג נאָך אינדיע, האָט ער דאָך אַליין אויפגע־געבען נאָכדעם ווי זאַקוטא האָט פאַר איהם אַלעס קלאָהר געמאַכט... מעגליך אַז יעצט ער וואָלט דאַן געקומען מיט זיין נייעם פּלאַן, וואָלט ער געקראָגען דעם קעניג'ס צושטימונג.

קריסטאָפער האָט געגומען זיין זוהן אויף דעם שויס און זיך מיט איהם פערוויילט. ער איז געווען צופרידען וואָס ער וועט קענען קויפען שפּייז פאַר איהם.

דיעגאָ איז געווען אַ גאַנץ קלוג קינד, ער פלעגט איהם שטעלען זעהר פיעלע פראַגעס וועגען זיין פאַרשטאָרבענער מוטער און וועגען אַנדערע זאַכען.

— ווען דו וועסט אויפוואַקסען מיין זוהן, וועסטו מיט מיר פאָהרען אי־בער ים'ען און מיר וועלען ענדעקען נייע וועלטען און מיר וועלען שוין מעהר ניט דאַרפען ליידען...

— און וואו וועלען מיר נעהמען אַ שיף? — האָט איהם זיין זעקס יאָה־ריגער זוהן געפרעגט.

— דער קעניג וועט אונז געבען! — האָט קאָלאָמבוס געענטפערט מיט אַ שמייכעל — דער קעניג האָט פיעלע שיפען, און ער וועט אונז געבען אַ גרויסע שיף און מיר וועלען שווימען איבער דעם ברייטען ים וואָכען און מאָנאַטען, ביז וואַנען מיר וועלען אונזער ציעל דערגרייכען.

אין אייניגע טעג ארום איז געקומען צו קאָלאָמבוס'ן אַ שליח פון דאָקטאָר וויזינא און פון איהם פערלאַנגט ער זאָל צוגרייטען נאָך עטליכע מאַפּעס און אַנדערע אַסטראָנאָמישע צייכענונגען.

קאָלאָמבוס האָט זיך געזעצט ארבייטען. ער האָט געצייכענט די מאַפּעס לויט זיין בעגריעף, און לויט דעם בעגריעף פון זאַקוטאַ'ן, וועלכער האָט אָנגע־געבען אין זיינע ביכער פון אַסטראָנאָמיע און געאָגראַפיע.

פון דעם געלט וואָס ער פלעגט בעקומען, פלעגט ער צאָהלען ביסלעכווייז זיינע חובות און מיט די איבעריגע זיך ערנעהרען מיט זיין זוהן.

אין די אווענדען האט ער שטודירט אלע ביכער פון זאקוטא'ן און די אנדערע ביכער וואס ער האט איהם געגעבען. ער האט גענומען זיך אריינטראכטען וועגען דעם וואס זאקוטא האט איהם ענדעקט וועגען זיין אבשטאמונג. ער האט געהערט אז די אינקוויזיציע פאנגט זיך אן אין שפאניען, זיינע ברידער די מאראנען און די אידען ווערען אונטערדריקט... ווען איהם וואלט געלונגען צו פעראינטערעסירען א קעניג, וועלכער זאל צושטימען צו אלע בעדינגונגען וואס ער וועט איהם שטעלען, וואלט ער זיכער געקענט ברענגען א סך הילף צו די אידען... ביסלעכווייז האט אין איהם ווידער גענומען אויפוואכען זיין פערלאנג צו רייזען אויף דעם ים כדי צו געפינען נייע לענדער. זיין טרויער איז נאך געווען זעהר גרויס, און די איינציגע זאך וואס מאכט איהם פערגעסען, איז דער געדאנק, אז ער וועט ענדעקען א נייע לאנד, וואס וועט איהם מאכען בעריהמט און דורך וואס ער וועט קענען העלפען זיינע ברידער. ער האט גענומען טראכטען וועגען זיין מוטער. ווען ער זאל נאר האבען די מעגליכקייט צו קומען זי זעהן אין קארדאווא! אבער ער וויים אז מיט זיין יעצטיגען בעזוך וואלט ער איהר פערשאפט בלויז הארץ־וועהטאג. ווען ער האט זיך פון איהר אפגעשיידעט, האט ער איהר געזאגט, אז ווען ער וועט זיך אומקעהרען צו איהר, וועט זי קענען מיט איהם שטאלצירען, און יעצט וואס? ער האט געהאט איין דורכפאל נאכ'ן צווייטען. ער האט דערווייל גאר ניט דערגרייכט... ער האט זיין ליעבע פרוי פערלארען, און יעצט דארף ער ערציהען זיין קינד. ער מוז איהם ערנעהרען און קוים וואס ער קען דאס בעווייזען. ווען ניט די ארבייט וואס ער קריגט פון וויזינא'ן וואלט ער דאס אוך ניט געקענט בעווייזען.

קאלאמבוס האט זיך גענומען אריינטראכטען: מעגליך אז וויזינא דארף ניט זיינע מאפעס און ער קויפט זיי ביי איהם כדי איהם ארויסצוהעלפען... דיעזער געדאנק האט איהם גענומען בעאומרוהיגען... ער האט בעשלאסען אויסצופארשען די זאך. ווען וויזינא'ס דינער איז געקומען צו איהם און פערלאנגט די מאפעס, האט איהם קאלאמבוס אריינגערופען צו זיך אין צימער און געפרעגט:

— זאג מיר דעם ריינעם אמת, וואס טהוט דיין האר מיט די אלע מאפעס וואס דו ברענגסט צו איהם. קריגט ער ווירקליך אזוי פיעל בעשטעלונגען פאר זיי?

דער דינער האט א שמייכעל געטהאן.

— מיין האר ברויכט ניט ד[illegible]נע מאפעס! — האט ער זיך אפגערופען — קיינער האט זיי ניט בעשטעלט, ער איז זעהר גוטהערציג, ער וויים אז דו נויטיגסט זיך אין געלט, דעריבער שיקט ער מיר קויפען פון דיר דיינע צייכענונגען.

דעם דינער'ס רייד האבען אויף קאלאמבוס'ן געמאכט זעהר א שווערען איינדרוק... יעצט זעהט ער אז וויזינא זוכט איהם גאר צו שטיצען, ער גיט איהם צדקה.

— איך האב מעהר קיין מאפעס ניט! — האט קאלאמבוס אויסגערופען — און דו דארפסט צו מיר מעהר ניט קומען קויפען.

— אה, איך בין פערלארען! — האט דער דינער אויסגערופען מיט שרעק. ווען מיין האר וועט אויסגעפינען אז דו האסט אויפגעהערט צו צייכענען מאפעס

פאַר איהם דורך מיין שולד, וועט ער מיר בעשטראָפען פאַר דעם וואָס איך האָב גערעדט... איך ווייס אז איך בין בעגאַנגען א נאַרישקייט, אָבער דאָס האָב איך געטהאָן, ווייל דו האָסט מיך געפרעגט... און יעצט וועל איך צוליעב דעם דאַרפען ליידען.

— שרעק זיך ניט! דיין האר וועט ניט וויסען אז דו האָסט מיר דער־צעהלט... איך האָב דאָך א רעכט מעהר ניט צו וועלען צייכענען קיין מאַפּעס פאַר איהם... איך וועל איהם דאָך ניט דאַרפען אָנגעבען קיין אורזאַכע... זאָג דיין האר אז ווען דו ביזט צו מיר געקומען קויפען די מאַפּעס, האָב איך זיך ענטזאָגט צו פערקויפען.

— אָבער טאָמער וועט ער אַליין קומען און נעהמען אויספאָרשען — האָט דער דינער זיך נאָך אַלץ געשראָקען.

— איך פערזיכער דיר אז דאָקטאָר וויזינא וועט קיינמאָל פון מיר ניט אויסגעפינען אז דו האָסט מיט מיר גערעדט וועגען דעם! — האָט קאַלאַמבוס איהם געענטפערט.

ווען דער דינער האָט פערלאָזען זיין הויז, איז קאַלאַמבוס א היבשע ווײַלע געווען אויפגערעגט... ניין! ער וועט קיין צדקה ניט נעהמען: ער וועט טהאָן די שווערסטע ארבייט אָבער ער ייעט קיין געלט ניט נעהמען אומזיסט... ער זעהט אז וויזינא האָט געמיינט איהם בלויז צו שטיצען, זיינע צייכענונגען ברויכט ער ניט און דאָס וואָס ער האָט איהם געזאָגט, אז אַנדערע האָבען ביי איהם בעשטעלט, איז עס בלויז געווען איהם צו בערוהיגען! אה, ווען ער האָט יעצט געגוג געלט וואָלט ער איהם אָפּגעגעבען... ער פערלאַנגט ניט קיינע מתנות... ער וויל ניט מען זאָל אויף איהם רחמנות האָבען...

זינט דאַן האָבען זיך פאַר קאַלאַמבוס'ן ווידער אָנגעהויבען שלעכטע טעג... ער איז אָבער ביי זיך געווען פעסט ענטשלאָסען, און ווען אפילו וויזינא איז צו איהם אַליין געקומען, איז איהם אויך ניט געלונגען איהם איבערצורייידען... כאָטש ער האָט איהם גענומען פערזיכערען אז ער ברויכט זיינע מאַפּעס, ער דאַרף יעדען פון דער קאָמיסיע געבען א מאַפּע כדי זיי זאָלען עס שטודירען, און וויסען וואָס פאַר א בעריכט זיי קענען געבען דעם קעניג.

קריסטאָפער האָט פערשטאַנען, אז דאָס איז בלויז אן אויסרייד, און ער האָט זיך ענטזאָגט ווייטער צו צייכענען די מאַפּעס פאַר איהם... ער איז ביי זיך צו שטאָלץ געווען צו נעהמען צדקה... ער האָט געליטען זעהר פיעל. ער פלעגט זוכען אַלערליי שווערע ארבייט, אבי ער זאָל קענען מפרנס דיעגאָ'ע זיין זוהן. פאַר זיך האָט איהם שוין ניט געאַרט. עס איז איהם ניט איין מאָל אויסגעקומען צו הונגערען. ער האָט ווידער געמוזט אָנקומען צו הלואות... ער האָט זיך זעהר פעראיינגט... עס איז געקומען אזוי, אז זיינע בעלי חובות האָ־בען איהם געדראָהט מיט געפענגנים אויב ער וועט זיי ניט בעצאָהלען. אָבער פון וואַנען זאָל ער נעהמען? ער קען קוים פערדינען אויף א שטיקעל ברויט פאַר זיין זוהן און זיך... ער האָט געזעהן אז לאַנג וועט ער דאָ ניט קענען פערבלייבען, ער וועט זיין געצוואונגען צו פערלאָזען ליסאַבאָן... זיין לאַנגע איז געווען א פערצווייפעלטע, ער האָט אָנגעפאַנגען צו פערלירען זיין מוטה... אפשר איז ער טאַקע בלויז א טרוימער? ווי פיעלע האָבען איהם בעטראַכט...

אין אָוונט ווען ער פלעגט ליגען זיין זוהן שלאָפען, פלעגט ער אוועקגעהן צום האפען פון ליסאבאָן און בעטראכטען די שיפען, וועלכע פלעגען אָנקומען פון פערשידענע לענדער, ער האָט זיך געזעהן מיט די מאטראָזען און מיט זיי גערעדט... דאָס פלעגט איהם מונטערער מאכען. ער האָט ליעב געהאט צו הערען וועגען זייערע רייזעס אויפ'ן ים. מיט איינינע פון די מאטראָזען איז ער געוואָרען זעהר בעפריינדעט, ער האָט זיי פערטרויט זיין פלאַן וועגען רייזען נאָך מערב און געפינען א נייע לאנד. ניט אלע האָבען איינגעשטימט מיט איהם, אָבער איין מאטראָז איז געוואָרען אזוי בעגייסטערט פאר זיין געדאנק, אז ער האָט זיך ביי קאָלאָמבוס'ן געבעטען ער זאָל איהם פערשפּרעכען מיטצונעהמען אויף אזא רייזע, אויב איהם וועט געלונגען צו קריגען די צושטימונג פון קעניג. ער האָט געוואָלט פערלאָזען זיין שיף און געהן מיט איהם. אָבער קאָלאָמבוס האָט איהם דערפון אָפּגערעדט.

— איך בין אָרעם און האָב קיין מעגליכקייט זיך אליין צו ערנעהרען — האָט ער געזאָגט — איך האָב מיין פלאַן פאָרגעשלאָגען פאר דעם קעניג און ער האָט זיך צו מיר ניט געוואָלט צוהערען. איך פיהל זיך ענטוישט און אומגליקליך, פארוואָס זאָלסטו זיך דארפען טיילען מיט מיינע ליידען.

— אָבער איך וויל זיין איינער פון דיינע מאטראָזען, ווען דיר וועט געלונגען צו קריגען די נויטיגע אונטערשטיצונג פאר דיין רייזע! — האָט ער איהם געזאָגט.

— אויב עס וועט מיר געלינגען! — האָט קאָלאָמבוס מיט א זיפץ אויסגערופען — דערווייל איז עס נאָך גאנץ ווייט פון דעם.

---

דער פעטער פון קאָלאָמבוס'עס פערשטאָרבענער פרוי, איז געווען זעהר אויפגעבראכט אויף איהם. ער איז געווען זיכער, אז ער וועט נאָכגעבען זיין פאָדערונג און איבערגעבען דיעגא'ן אין זיין רשות... און דעריבער האָט ער איהם ניט געקענט מוחל זיין די חוצפּה וואָס ער האָט ארויסגעוויזען ווען ער האָט איהם דיעזע פאָדערונג געשטעלט. ער האָט זיך געוואונדערט ווי אזוי קאָלאָמבוס קען פערדינען אויף ברויט, אין דער צייט ווען ער דארף אכטונג געבען אויף זיין קינד.

ער האָט געמאכט עטליכע פערזוכען ארויסצוקריגען דיעגא'ן פון איהם, אָבער אָהן ערפאָלג. ער האָט געשיקט זיינע בעקאנטע זיי זאָלען זעהן ווירקען אויף איהם, אָבער קאָלאָמבוס האָט זיי פון זיין הויז פעריאָגט. דאָס האָט דעם פעטער זעהר אויפגעבראכט... ער האָט זעהר געוואָלט האָבען דאָס קינד ביי זיך; ער האָט דעריבער בעשלאָסען צו מאכען דעם לעצטען פערזוך און ער איז אליין אוועקגעגאנגען צו איהם.

קאָלאָמבוס האָט איהם גאנץ קאלט אויפגענומען, ער האָט פערשטאנען צוליעב וואָס ער איז געקומען...

— איך ווייס אז דו ליידסט יעצט גרויס נויט! — האָט דער פעטער זיך צו איהם אָפּגערופען — דיינע הענט זיינען געבונדען און דו קענסט ניט פערדינען, און איך בין יעצט געקומען דיר צו העלפען. לאָז איבער דיעגא'ן מיט מיר, איך וועל איהם ערציהען.

— דו וועסט איהם ערציהען ? — האָט קאַלאַמבוס ביטער א שמייכעל געטהאָן — איך וואָלט ניט וועלען אז מיין זוהן זאָל אויסוואַקסען מיט אזא כאראקטער ווי דו, די אומגעבונג ארום דיר איז פול מיט סם... ניין ! מיין זוהן וועט אויפוואקסען מיט א מענשליך הארץ... ער וועט וויסען ווי צו בע־האנדלען זיין פריינד מיט פריינדליכקייט און ליעבליכקייט... ער וועט ניט זיין קארג און גייציג נאָך געלט ווי דו !

— דו מיינסט געוויס אז דיין פרוי פעליפא מאניז האָסטו אויסגעהאלטען מיט דיין פערדינסט ? — האָט ער אויסגערופען מיט צאָרן — איך האָב זי געשטיצט מיט געלט ! זי האָט דיר ניט געזאָגט, אָבער איך פלעג איהר ברענגען געלט... דיר האָט זי געזאָגט, אז זי פערקויפט דיינע מאַפּעס, דיינע צייכענונ־גען. אַט זיינען זיי אלע דיינע נארישע צייכענונגען און מאַפּעס... מיט מיין געלט האָסטו געשטיצט דיין פרוי און איהר קינד. און יעצט רעדסטו צו מיר אזוי חוצפה'דיג... איך קען יעדען איינעם וועמען דו ביזט שולדיג געלט, און דו מעגסט וויסען זיין אז אויב דו וועסט זיך צו מיר ניט צוהערען וועסטו אריינגעשפּארט ווערען אין געפענגניס און דאן וועט דאָס קינד אלֵין איינס אריבערגעהן אין מיין רשות... איך גיב די רצייט דריי טעג זיך צו בעזינען. אייניגע פון דיינע בעלי חובות זיינען שוין געקומען צו מיר, און ווען איך וועל זיי בלויז אָנווינקען, וועסטו זיך מעהר ניט ארויסדרעהען... דו וועסט געבראכט ווערען אין געריכט און דו ווייסט דאָך וואָס עס קומט פאר ניט צאָהלען א חוב !

קאַלאַמבוס האָט איהם ניט געענטפערט, ער איז צוגעגאנגען צו דער טיהר, זי ברייט פאנאנדערגעעפענט און א וואונק געטהאָן צו איהם ער זאָל שנעלער פערלאָזען זיין הויז. דער פעטער האָט איהם געפאָלגט.

## צוועלפטער קאַפּיטעל

# דער סדר

מאַנאטען זיינען פאַראיבער און די צייט האָט זיך גענומען דערנעהנטערען ווען די אינקוויזיציע וועט ווערען א געזעץ איבער גאנץ שפּאניען. פיעלע מאַ־נאכען און בישאָפען זיינען אָנגעקומען צום פּאלאַץ. יעדער האָט געוואָלט קרי־גען אן אָרט אלס אינקוויזיטאָר פון זיין שטאָדט. זיי האָבען געזוכט נושא חן צו זיין אין די אויגען פון דער קעניגין און קעניג. מיט דעם וואָס ער האָט ארויס־געוויזען א שטארקערע שנאה צו די מאראנען און אידען.

פעדראָ ארבועז האָט אויך שוין לאנג אויסגעקוקט אויף אזא שטעלע. איהם האָט זיך זעהר געגלוסט צו ווערען דער הויפּט אינקוויזיטאָר פון סעוויל, ווייל אויב ער וועט דאָ פערבלייבען, וועט ער ניט דארפען אונטערברעכען זיינע ווי־זיטען צו דעם מאָנאסטיר... ער האָט נאָך אלץ ניט אויפגעגעבען זיין האָפנונג ארייִנצוקריגען די שעהנע ביטרים ענריקען אין מאָנאסטיר... דאָרטען וועט זי שוין פערבלייבען אונטער זיין איינפלוס. די אויפזעהערין טערעסא, וועט איהם בעהילפיג זיין, אזוי שנעל ווי זי וועט זיין דאָרטען, וועט ער קענען שטילען זיין ליעבעס דורשט צו איהר... די שטאָלצע בעצויבערענדע ביטרים וועט זיך אונ־טערגעבען... ער וועט בלויז דארפען זעהן אז די קעניגין זאָל זי אהין אריינ־געבען... דאָס איבעריגע וועט איהם ניט שווער אָנקומען. ער האָט די לעצטע צייט

בעמערקט אז אן אומעט איז בעצויגען אויף איהר פנים... זי געהט זעלטען ארוים פון איהר צימער, אויסער ווען די צייט קומט ווען ער דארף לערנען מיט איהר. ער געפינט אויף איהר קיין זאך ניט דורך וואס ער זאל קענען ציהען די קעניגין׳ס אויפמערקזאמקייט, זי זאל איהר ווערען בעשטראפען און שיקען אין מאנאסטיר... ער האט פרובירט מאכען נאך איניגע פערזוכען איהר צו בעאיינפלוסען זי זאל אליין פרייוויליג געהן אהין, אבער אהן ערפאלג... ביטרים האט פון דעם ניט געוואלט הערען.

דער פאלאץ איז פאר איהר געווארען ווי א געפענגניס. אה, ווען זי וואלט זיך קענען צוריקקעהרען נאך קארדאווא, ווען זי געפינט זיך צוזאמען מיט דער קעניגליכער משפחה. האלט זי איהרע אויגען שטענדיג ארונטערגעלאזען און איהר פנים איז געווענדעט אין אן אנדער ריכטונג, און דאך פיהלט זי פערדינאנד׳ס בליקען אויף איהר...

ווען ארבועז האט דערהערט אז דאן מארטין, דער זוהן פון זיין פריינד סאן מארטין, האלט ביים ענטדעקען א נעסט פון די מאראנען אין סעוויל, האט ער בעשלאסען אויסצוגעפינען ווער זיי זיינען, ער האט געוואלט זיין פון די ערשטע צו בעשטימען זייער שטראף אזוי שנעל ווי די אינקוויזיציע וועט אריין אין קראפט. ער האט דעריבער גאנץ אפט אנגעפאנגען בעזוכען דעם גייסטליכען סאן מארטין און פערבראכט מיט איהם און זיין זוהן. זיי האבען געוועהנליך גערעדט פון דער אינקוויזיציע און פון די "פערפלוכטע אידען" און מאראנען.

— ווי איך פערשטעה וועט דיין זוהן זיין א גרויסע הילף צו דער אינקוויזיציע, — האט פעדרא ארבועז זיך אפגערופען צו סאן מארטין — ער האלט זיינע אויגען אפען אויף די פאלשע פערמאסקירטע קריסטען, און אזוי שנעל ווי עס וועט ווערען א געזעץ, וועלען די אינקוויזיטארען ניט שטעהן לעדיג.

— יא, מיין זוהן איז זעהר קלוג און ער וועט אלעמען איבערראשען מיט זיין אויפדעקען די מאראנען און ארונטעררייסען זייערע מאסקעס — האט סאן מארטין מיט שטאלץ געזאגט — ווען ער וועט פארטיג ווערען. וועלען די רייכסטע און חשוב׳סטע פון סעוויל זיך בראטען אויף דעם פייער.

— און אויף וועמען האט ער א חשד ? — האט ארבועז איהם געפרעגט.

— דערווייל איז דאס נאך א סוד, אבער עס וועט שוין לאנג ניט דויערען און זייערע נעמען וועלען בעוואוסט ווערען.

— דארפסטו דען האלטען סודות פון מיר, מעגליך אז איך וועל איהם קענען בעהילפיג זיין !

— דו ביזט גערעכט, פעדרא ארבועז ! — האט סאן מארטין זיך אפגערופען — פאר דיר דארפען מיר קיין סודות ניט האבען. איך וועל ארייגרופען מיין זוהן און ער וועט דיר איבערגעבען זיינע פלענער.

דאן מארטין איז אריינגעקומען און זיין פאטער האט זיך צו איהם אפגערופען :

— דער הייליגער פעדרא ארבועז האט זעהר פיעל געהאלפען אז די אינקוויזיציע זאל אין שפאניען איינגעפיהרט ווערען. איהם מעגסטו אויסזאגען ווער עס איז דער הויפט אנפיהרער פון די מאראנען.

— המ... יא, — האט דאן מארטין געענטפערט — דערווייל האב איך בלויז א פערדאכט אבער אין גיכען וועל איך האבען א געלעגענהייט אליין

צו זעהן מיט מיינע אויגען... איך האָב אויסגעפונען אז זיי האבען א געהיימען הייהל.

— ווער האט א געהיימען הייהל ? — האט ארבוען געפרעגט.

דאַן מארטין האט א ווײלע געצעגערט... נאכהער האט ער זיך אפגערופען:

— דיעגאָ דע שושאן !

— דיעגא דע שושאן !—האט פעדרא ארבועז מיט ערשטוינונג אויסגער־רופען. ער איז דאך איינער פון די פרומסטע קאטוילי‌קען. איך האב איהם פיעלע מאָל געטראָפען אין קירכע. ער איז געאכטעט און געשעצט ביי אלעמען !

— און אין זיין שלאָס קומען זיך גאנץ אָפט צונויף די מאראנען. דארטען האב איך אויסגעפונען, געפינט זיך א פערבארגענע טהיר וואס פיהרט צו א הייהל.

— ווי אזוי האסטו עס אלעס אויסגעפונען ? — האט איהם ארבועז גע־פרעגט — ווי קומסטו אין זיין שלאָס.

— דיעגא דע שושאן׳ס טאָכטער, לאָ פערמאסא פעמברא איז מיט מיר בעפריינדעט און דורך איהר האב איך אלעס אויסגעפונען.

— פון זיין טאָכטער ? — האט זיך ארבועז נאך מעהר פעראינטערעסירט

— איך האב זי אויך געזעהען צוזאמען מיט איהר פאטער — אָבער ווי אזוי איז דאס מעגליך אז זי זאָל פערראטהען איהר אייגענעם פאטער ?

— פערשטעהסטו ? — האט סאן מארטין איהם געענטפערט מיט א שמייכעל — מיין זוהן האט זי געטראָפען אין קירך. זי איז א וואונדערבארע שעהנע און דאן האט ער דאך ניט געוואוסט אז איהר פאטער איז אונטער פערדאכט.

— אָה, איך פערשטעה ! — האט ארבועז א גלאָץ געטהאן מיט זיינע אויגען — עס איז א ליעבע צווישען זיי...

— יאָ, מיין זוהן האט זי ליעב און זי האט איהם אויך ליעב און זי פערטרויט איהם אלעס וואס זי געפינט אויס — האט סאן מארטין געזאגט — מיין זוהן האט איהרע אויגען געעפענט... זי האט ביז יעצט גארניט געוואוסט אז איהר פאטער שטאמט פון אידען, אז ער איז א מאראנא זי איז ערצויגען געווארען אלס א גוטע פרומע קאטוילי‌קין.

— אָבער יעצט אז ער געפינט אוים אז איהר פאטער איז א פאלשער פער־מאסקירטער קריסט וועט ער דאך...

— יאָ, וועגען דעם האב איך שוין מיט איהם גערעדט — האט סאן מארטין געענטפערט — מיין זוהן וועט ניט פעראומרייניגען אונזער ריינע משפחה מיט אידיש בלוט... ווען ער האט ניט געוואוסט פון איהר אפשטאמונג האט ער זי ליעב געהאט און האט געהאט בדעה מיט איהר צו הייראטהען... יעצט אָבער אזוי שנעל ווי ער האט זיך דערוואוסט וועט ער מיט איהר זיכער ניט הייראטען.

— פאטער, זי איז אין גאנצען אומשולדיג ! — האט דאן מארטין זיך אפגערופען ווען זי האט זיך דערוואוסט אז איהר פאטער׳ס פריינד זיינען פאלשע קריסטען, איז זי אויפגעציטערט געווארען...

— אפילו ווען זי וועט זיין ריין און אומשולדיג ווי א מלאך, וועל איך ניט דערלאָזען אז דו זאָלסט מיט איהר הייראטען !

— דיין פאטער איז גערעכט — מיר ווייסען אז צוליעב די מאראנען האָבען א סך קריסטען געליטען... און פערגעס ניט אז אויב איהר פאטער, ריעגא

דע שושאַן וועט געפונען ווערען שולדיג, וועלען דען זיינע קינדער קענען שטאָלצירען מיט דעם יחוס פון זייער מוטער? די זינד פון איהרע עלטערען וועט איהר בעגלייטען דעם גאַנצען לעבען... אויב זי וועט ווערען געהייליגט און גערייניגט ווערען פון די אומריינע אידיש בלוט וואָס שטאַמט אין איהרע אָדערען. וואָלט איך דיר געראַטהען אַז דו זאָלסט זעהן זי זאָל אַריינגעבראַכט ווערען אין מאָנאַסטיר, דאָרט וועט זי איינאָטעמען הייליגקייט, און פערבלייבענדיג דאָרטען דעם גאַנצען לעבען, וועט איהר גאָט מוחל זיין!

— איך גלויב אויך אַז דער מאָנאַסטיר איז דער איינציגער פּלאַץ פאַר איהר! — האָט סאַן מארטין צוגעגעבען — ווען די מאַראַנען וועלען געפינען ווערען שולדיג, וועלען זיי בעקומען זייער שטראָף דורך דער אינקוויזיציע. דאַן וועט זי בלייבען אַליין און מען וועט זי קענען אַריינגעבען אין מאָנאַסטיר...

— אין מאָנאַסטיר צווישען די הייליגע נאָנעס וועט איהר נשמה אויסגעלייטערט ווערען און זי וועט אַריינגעהן אין גן עדן! — האָט אַרבועז געזאָגט — אָבער ווען דו וועסט מיט איהר הייראַטען וועט דיר גאָט קיינמאָל ניט מוחל זיין, דו טאָרסט ניט בעגעהן אַ זינד יעצט און נאָכהער וועסטו און דיינע קינדער פון דעם ליידען.

דאַן מאַרטין האָט אַרונטערגעבויגען זיין קאָפּ און געשוויגען... ער האָט איינגעזעהען, אַז זיי האָבען רעכט, ווען ער וועט זיך פערבינדען מיט לאַ פּערמאַסאַ'ן וועט ער דאַמיט בעגעהען אַ זינד... אָבער זי האָט דאָך אַזוי פיעל צוטרויען צו איהם. זי ליעבט איהם און ווי אַזוי וועט ער קענען טהאָן אַזאַ זאַך צו איהר? — האָט איהם זיין געוויסען געגומען פּלאַגען... באַלד אָבער האָט ער זיך בערוהיגט... ער טהוט עס דאָך פאַר גאָט... יאָ, ער וועט אַזוי טהאָן... ער וועט איהר פערשפּרעכען צו הייראַטען, און אַזוי שנעל ווי ער וועט פון איהר אַרויסקריגען אַלעס וואָס קומט פאָר אין דע שושאַן'ס שלאָס און די מאַראַנען וועלען בעקומען זייער שטראָף, וועט ער איהר זאָגען אַז נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעפונען אַז איהרע עלטערען זיינען געווען געהיימע אידען, קען ער מיט איהר ניט הייראַטען ער וועט איהר דאַן ראַטהען אַריינצוטרעטען אין מאָנאַסטיר...

— יעצט זאָג מיר ווי אַזוי האָפסטו עס אַלעס צו ענטדעקען! — האָט אַרבועז אונטערבראָכען דאַן מאַרטין'ס געדאַנקען.

— לאַ פּערמאַסאַ וועט אויסגעפינען דעם טאָג ווען אַ געהיימע פערזאַמלונג וועט פאָרקומען אין יענעם הייהל, און איך האָב מיט איהר אָפּגעמאַכט זי זאָל מיר אַהין אַריינלאָזען מיט איניגע שטונדען פריהער, איך וועל דאָרטען וואַרטען ביז וואַנען זיי וועלען זיך אַלע צונויפזאַמלען, און איך וועל הערען וועגען וואָס זיי ריידען.

— אָבער דו וועסט איינשטעלען דיין לעבען אין געפאַהר! — האָט סאַן מאַרטין אויסגערופען — ווען די מאַראַנען וועלען אויסגעפינען אַז דו שפּיאָנירסט אויף זיי און וועלען דיך כאַפּען אין הייהל, וועלען זיי דיר געוויס טויטען!

— איך האָב פאַר זיי קיין מורא ניט, — האָט דאַן מאַרטין געענטפערט — איך וועל זיי זאָגען אַז אַלע ווייסען אַז איך געפין זיך ביי זיי און אויב זיי וועלען מיר שלעכטס טהאָן, וועלען זיי אַלע בעצאָהלען מיט זייערע לעבענס...

און עס וועט נויטיג זיין, וועל איך איהם אויסזאָגען אז זיין טאָכטער האָט מיך אין היהל אריינגעלאָזען דאן וועלען זיי מיך געווים גאָרניט טהאָן...

— זאָל דער הייליגער יעזוס דיר שיקען זיין ברכה! מיט דעם וואָס דו וועסט בעפרייען אונזערע קריסטליכע ברידער פון דער טומאה, דיין טהאט וועט בעוויליגט ווערען פון גאָט און דיין בעלוינונג וועט זיין גרויס. אָבער זאָג מיר, ווי אזוי איז דאָס מעגליך אז זי זאָל אליין העלפען בעשולדיגען איהר פאָטער?...

— זי גלויבט אז מען וועט איהר פאָטער ניט בעשטראָפען, זי איז זיכער אז ער איז ניט שולדיג, בלויז זיינע פריינד זוכען איהם אראָפצופיהרען פון וועג, און זי האָפט דאמיט וואָס מען וועט בעשטראָפען אלע מאראנען וועט מעהר ניט זיין ווער עס זאָל איהם בעאיינפלוסען... איך האָב איהר געזאָגט אז דאָס וואָס מיר וועלען טהאָן וועט עס זיין פאר דער טובה פון איהרע עלטערען...

— זי ווייס ניט אז זי שפרייט אויס דעם פייער פאר זיי צו ברענען, — האָט ארבועז א שמייכעל געטהאָן.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט ווען זי אליין וועט אויסגעפינען אז איהרע עלטערען זיינען פאלשע קריסטען, וועט זי זיך ניט נעהמען שטארק צום הארצען אויב זיי וועלען זייער שטראָף בעקומען — האָט סאן מארטין געזאגט — ניט, ריכטיג מיין זוהן?

— יעצט איז זי בלויז חושד אז איהרע עלטערען סימפאטיזירען מיט די מאראנען און זיי זוכען זיי צו העלפען, אָבער אז זיי אליין טראָגען א מאסקע, דאָס פאלט איהר גאָר ניט איין — האָט דאן מארטין צוגעגעבען — איך וועל אָבער עפענען איהרע אויגען זי איז אינגאנצען אונטער מיין איינפלוס און איך וועל שוין זעהן אז זי זאָל אלעס אויסגעפינען און מיר אויסזאָגען.

— דערפאר וועט זי ראטעווען איהר נשמה! — האָט פעדראָ ארבועז זיך אָפגערופען און אויב זי וועט אריינטרעטען אין מאָנאסטיר וועט זי פערערעכענט ווערען פאר א הייליגע.

---

עס איז געווען א שעהנער פריהלינג טאָג, עטליכע טעג פאר פסח פון דעם יאָהר 1480. לא פערמאסא פעמברא די טאָכטער פון דעם רייכען דיעגא דע שושאן, איז געזעסען אין איהר צימער פון איהר פאָטער'ס שלאָס און ארויסגעקוקט דורך איהר פענסטער, איהרע געדאנקען זיינען אין גאנצען געווען פערנומען מיט איהר געליעבטען דאן מארטין... עס זיינען שוין פאָראיבער איינינע טעג און זי האָט איהם ניט געזעהען, איהר איז אוממעגליך געווען צו פערלאָזען דעם שלאָס אומבעמערקטערהייט און אזוי ווי איהר פריינדין איז געקומען צו איהר אויף בעזוך, האָט זי ניט געקענט אָנגעבען אלס אן אויסרייד אז זי וויל געהן בעזוכען איהר פריינדין, זי האָט געוואוסט אז דאן מארטין ווארט אויף איהר אין יענעם וועלדעל, אויף דעמזעלבען פלאץ... זי האָט געהאָפט אז ער וועט ניט זיין ביין אויף איהר. ער וועט פערשטעהען אז זי האָט קיין מעגליכקייט ניט געהאט ארויסצוגעהן פון הויז זי האָט מורא געהאט ער זאָל אליין ניט קומען אין אבענד, ווי ער פלעגט אמאָל טהאָן... זי האָט איהם

אפילו געוואָרענט אז איהרע עלטערען זיינען זעהר פּאַרזיכטיג און דינער האָט מען אָנגעזאָגט גוט צו היטען אז קיין פרעמדע זאָלען ניט אריינקומען איז הויף פון פּאַלאַץ, אָבער ווער ווייס אויב ער וועט זיך קענען בעהערשען... ער איז געווייס אומגעדולדיג און בענקט נאָך איהר, זי האָט בעשלאָסען אז דעם גאַנצען אבענד וועט זי זיך געפינען אויף דעם באַלקאָן און וואַרטען אויף זיין סיגנאַל... דאַן וועט זי איהם זאָגען אז זי וועט זיך מיט איהם זעהן מאָרגען. אויף דעם בעשטימטען פּלאַץ.

פּלוצלונג האָט לאַ פּאַרמאַסא געהערט א גערויש וואָס איז געקומען פון הויף. זי האָט ארויסגעבויגען איהר קאָפּ און דערזעהען ווי א פוהר פאָהרט אריין אין הויף. זי איז געווען זעהר נייגעריג צו וויסען וואָס עס געפינט זיך אין פוהר. זי איז דעריבער ארונטערגעגאַנגען פון די טרעפּ און געוואָלט אריינקומען אין הויף, אָבער ביי דעם ארויסגאַנג האָט זי די מוטער פערהאַלטען.

— וואוהין געהסטו, מיין טאָכטער? — האָט מאַריאַ איהר געפרעגט.

— אָה, מוטער — איז לאַ פּאַרמאַסא עטוואָס איבערראַשט געוואָרען.

— איך געה אַרונטער אין הויף, איך האָב געזעהען א פוהר איז אריינגעפאָהרען אין הויף.

— אָה, די פוהר! — האָט די מוטער זיך אָפּגערופען — המ... מיר ווע־לען אין גיכען האָבען איינינגע געסט, האָב איך געהייסען ברייננגען מעהר שפּייז.

— וועלכע געסט ווע͏לען צו אונז קומען? — האָט לאַ פּערמאַסא זיך ניט וויסענדיג געמאַכט.

— זעהר וויכטיגע געסט, מיין טאָכטער, זיי זיינען גרויסע סוחרים און דיין פאָטער פיהרט מסחרים מיט זיי.

— איך וויל בלויז א קוק טאָהן וואָס פאַר א שפּייז מען האָט געבראַכט.

— האָט לאַ פּערמאַסא געזאָגט און האָט גענומען געהן ווייטער.

— וואַרט, מיין טאָכטער, האָט איהר מאַריאַ אָנגענומען ביי דער האַנט.— עס פּאַסט ניט פאַר דיר צו געהן, דער פורמאַן.... קום אריין צו מיר אין צימער, איך וויל מיט דיר ווענען עפּעס ריידען....

לאַפּערמאַסא האָט זיך עטוואָס דערשראָקען: ווענען וואָס וויל די מוטער יעצט מיט איהר ריידען.... איז עס מעגליך אז זי האָט זיך דערוואוסט ווענען דאָן מאַרטין?.... ניין, דאָס איז אונמעגליך.... ווען זי וואָלט געוואוסט ווענען איהם, וואָלט זי גאַנץ אַנדערש צו איהר גערעדט.

מאַריאַ איז א ווײלע געבליבען אין א פאַרלעגענהייט, זי האָט געוואָלט אָפּציהען איהר טאָכטער׳ס אויפמערקזאַמקייט פון דער פוהר... צוליעב דעם איז זי געשטאַנען נעבען ארויסגאַנג.... ווען זי וואָלט דערזעהען אז אויף דער פוהר געפינען זיך קערב מיט מצה.... וואָס פאַר אן אויסרייד וואָלט זי איהר געקענט אָנגעבען.... זיי וואָלטען פיליכט געווען געצוואונגען איהר אויס־צוזאָגען דעם גאַנצען אמת... און ביי דיזער שרעקליכער צייט וואָלט אזא זאַך ניט געווען ראַטהזאַם.... דער סוד טאָר נאָך צו איהר ניט ענטדעקט ווערען. זי האָט גענומען קלעהרען ווענען וואָס זי זאָל מיט איהר ריידען. יע, זי האָט זיך דערמאָנט, דאָס וואָס דיענאַ דע שושאַן האָט איהר געזאָגט ווענען דעם פּלי־מעניק, פון לואיס דע סאַנטאַנגעל. זי וועט ריידען מיט איהר ווענען דעם.

ווען זיי זיינען ביידע געזעסען אין איהר צימער, האט זיך מאריא אפּ־גערופען צו איהר טאָכטער:

— דו קענסט דאָך געוויס דיין פאטער'ס פריינד לואיס דע סאנטאנגעל? ער קומט גאנץ אָפט אריין צו אונז.

— יא, איך וויים ועמען דו מיינסט! — האט לא פערמאסא געענטפערט.

— ער ערוואַרט א בעזוך פון זיין פלימעניק וועלכער רופט זיך אויך לואיס דע סאנטאנגעל. ער געפינט זיך יעצט אין סאראגאסא, צוזאמען מיט די איבעריגע פון זיין משפחה.

לא פערמאסא האט איהר אנגעקוקט, זי האט ניט פערשטאנען וואס זי ציעלט מיט איהרע רייד.

— ער זאגט אז ער איז א וואונדערבארער יונגערמאן. דער קעניג האלט זעהר פיעל פון איהם. ער האט איהם געגעבען אן אמט אין דער מלוכה.... ווען ער וועט קומען אין סעוויל וועט לואיס דע סאנטאנגעל קומען מיט איהם צו אונז.

לאפערמאסא האט זיך אנגעשטויסען וואס איהר מוטער מיינט. זי איז רויט געווארען.

— ער איז נאָך א בחור! — האט די מוטער ווייטער געזאגט — און דו דארפסט וויסען אז די משפחה פון דע סאנטאנגעל איז זעהר א געהויבענע. איך האב ניט לאנג צוריק גערעדט מיט דעם פאטער וועגען דעם.... ווען ער וועט קומען צו אונז, וועסטו....

— אָה ניין, מוטער! — האט לא פערמאסא אויסגערופען — איך וויל ניט.... איך....

— וואס רעדסטו, מיין טאָכטער, דו האסט דאָך איהם אפילו ניט געזעהען! איך וויים אז דו ביזט נאָך יונג, אבער דו וועסט דאך קענען זיין פריינדליך צו איהם!

— בין איך דען ניט פריינדליך צו אלע געסט פון דעם פאטער? אבער ווען עס קומט אוים צו פערברייננגען מיט זיי שיקט איהר מיר ביידע ארוים פון גאסט צימער.... דו בעהאנדעלסט מיר מוטער ווי א קליין קינד, וואס דארף ניט הערען וואס עלטערע ריידען צווישען זיך.

— ניין, מיין טאָכטער, דו מאכסט א טעות! — האט מאריא א שמייכעל געטאָהן — בלויז דאן ווען זיי ריידען וועגען וויכטיגע ענינים שיקט מען דיך ארוים.... און איך אליין געה דען ניט ארוים פון גאסט צימער ווען זיי פאנגען אן צו ריידען וועגען געשעפט און מלוכה אנגעלעגענהייטען? וואס פאר אן אינטערעס קענען מיר ביידע געפינען אין אזעלכע געשפּרעכען? אונזער אנווע־זענהייט וואלט זיי בלויז געשטערט. דו זעהסט דאָך אז אין אונזערע אויגען ביזטו שוין אויסגעוואקסען, אז מיר טראכטען שוין וועגען דיין צוקונפט.... עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אז דער יונגער לואיס דע סאנטאגעל וועט דיר געפעלען. איך בין שוין אזוי נייגעריג איהם צו זעהען... אז דו וועסט איהם געפעלען בין איך דאָך זיכער — האט די מוטער איהר א קוש געטאָהן — געפינט זיך דען א שעהנערע פון דיר אין סעוויל?

— אין דיינע אויגען, מוטער! — האט זי שעהמעוודיג זיך אפּגערופען.— האסטו דען פערגעסען אז ביטריס ענריקעז איז שעהנער פון מיר?

— ביטרים ענריקעז איז דאָך ניט פון סעוויל, זי קומט פון קארדאוואַ! יע, מיין טאָכטער, איך בין שוין זעהר נייגעריג צו זעהן.

לאַ פערמאסאַ האט געשוויגען. זי האט ארונטערגעלאָזען איהרע אויגען צום באָדען. ווען איהר מוטער וואלט געוואוסט אז זי האט שוין א געליעבטען.... זי וועט איהם אויף קיינעם ניט אומבייטען.... דאָן מארטין איז איהר טייערער פון אלעם אין דער וועלט. זי וועט שוין זעהן אז זי זאָל ניט געפעלען דעם יונגען לואיס דע סאנטאנגעל'ן.

אין אָווענד איז לאַ פארמאסע יעדע ווילע ארויס אויף איהר באלקאָן צו זעהן פיליכט איז דאָן מארטין געקומען. כאָטש זי האט איהם אנגעזאגט, אז ער זאל מעהר ניט קומען אין שלאָס, וויל עס איז פאראַן א געפאהר דאס מען וועט איהם בעמערקען. פונדעסטוועגען, האט זי יעצט געהאט זעהר א שטארקען וואונש ער זאל דארט קומען. זי וואלט מיט איהם בלויז געצעהלטע ווערטער אויסגערעדט.... דאס אבער וואלט איהר בעוויזען ווי שטארק זיין ליבע איז צו איהר און ווען דער אָוועגד איז פאַראיבער און דאָן מארטין האט זיך ניט בעוויזען, איז זי געווארען ענטוישט.... זי וועט איהם מוזען מאָרגען זעהן. זי וועט איהם דערצעהלען וואס איהר מוטער האט מיט איהר גערעדט... זאל ער זיין עטוואס אייפערזיכטיג....

זי האט זיך דערמאָנט וועגען דעם פוהר מיט שפייז וואס איז אריינגעפאָהרען אין הויף און זי איז נייגעריג געווארען אויסצוגעפינען וואס פאר א שפייז דאס איז און פארוואס איז עס געווען פערדעקט אז מען האט קיין זאך ניט געזעהען. זי האט אפגעווארט ביז וואנען איהר מוטער איז ארויס פון קיך און זי איז אהין אריין. זי האט גענומען זוכען די שפייז און צו איהר גרויס איבעראשונג האט זי דארט געפונען די זעלבע מאָס וואס געפינט זיך דארט שטענדיג.... ניין, עס איז ניט געווען קיין שפייז! איהר מוטער האט איהר אָפּגענאַרט.... וואס אבער איז געבראכט געווארען אויפ'ן פוהר? זי מוז אויסגעפינען! מען האט עס געוויס ארונטערגעטראגען אין געהיימען הייהל.

אויף מאָרגען, ווי זי האט נאָר בעמערקט אז איהר פאטער און מוטער זיינען אוועק, האט זי בעשלאָסען ארונטערצוגעהן אין הייהל אויסצוגעפינען וואס מען האט דארט געבראכט. זי איז אריין אין יענעם צימער וואו די געהיימע טיהר געפינט זיך, זי האט אויפגעעפענט די טיהר, אנגעצונדען א ליכט און פארזיכטיג ארונטער אינגיכיניג. זי האט זיך גענומען ארומקוקען און זי האט דארט דערזעהען פיעלע קאסטענס, קערב און פעקלעך. זי איז צוגעגאנגען צו די קערב און איינעם פון זיי אויפגעעפענט. גרויס איז איהר איבעראשונג געווען ווען זי האט דארטען געפונען מצה.... יעצט איז שוין ביי איהר קיין ספק ניט אז איהרע עלטערען זיינען געהיימע אידען.... איהר הארץ האט אנגעהויבען צו קלאפען. איהר גאנצער קערפער ציטערן. איהרע עלטערען זיינען פאלשע קריסטען, זיי זיינען זינדיג צו גאָט! ווי אזוי קען זי זיי העלפען? ווען דאָן מארטין זאל עס וויסען? אבער ער פערדעכטיגט דאָך.... יע, ער איז זעהר קלוג, ער פערשטעהט.... ער האט איהר פערשפּראָכען אז ער וועט איהרע עלטערען העלפען, ער וועט בלויז זעהן אז די אנדערע, די פריינד פון איהר פאטער זאלען

בעקומען זייער שטראָף. ער איז דאָך זיכער אז יענע זוכען זיי צו בעאיינ־
פלוסען.... זי האט ווייטער געזוכט און דאָ האט זי געפונען א קאסטען מיט
פלעשער וויין... זי האט געהערט פון דעם אידישען יום טוב פסח, פון די
סדרים פון איהרע פריינדינעס, יעצט איז זי זיכער אז אויך איהרע עלטערען
וועלען פראווען סדרים.... א שוידער איז דורך איהר לייב... איז דאס מעגליך
אז איהרע עלטערען וועלכע זיינען פעררעכענט פאר אזעלכע פרומע קאטוילוקען
זאָלען גאָר אפּהיטען אידישקייט אין געהיים. זי וועט מוזען דערצעהלען איהר
געליעבטען וועגען דעם. ער וועט איהר ראטהען וואס צו טאָהן. זי האט געזעהען
דאָרט פיעלע אנדערע פערפאקטע קאסטענס אבער זי האט גלייך פערלאָזען
דעם הייהל מיט דעם בעשלוס אז זי וועט זיך מוזען זעהן מיט דאָן מארטין און
איהם אלעס דערצעהלען. ער וועט דאן קיין שלעכטעס געוויס ניט טאָהן איהרע
עלטערען. ער וועט זעהן זיי בלויז צו העלפען. זי איז שנעל אריין צו איהר
אין צימער און זיך אריינגעלייגט אין בעט און פאנאנדערגעוויינט. פערשידענע
געדאנקען האבען זיך איהר געפּלאָנטערט אין מוח.... איהרע עלטערען זיינען
געהיימע אידען, זיי זיינען פאלש... זיי קומען אין קירך און געהיים היטען זיי
אידישקייט. זיי בעגעהען א גרויסען פערברעכען.... זי האט ניט איינמאָל גע־
הערט פון די גלחים אז די פאלשע קריסטען זיינען פערשאָלטען אויף עוויג...
זיי וועלען ברענען אין פייער פון גיהנום. א שטארקער רחמנות ערוועקט זיך
פלוצלונג ביי איהר אין הארצען אויף איהרע עלטערען. זי שטעלט זיך פאָר
ווי מען ברענט זיי אין גיהנום, איהר הארץ ווערט צושמאָלצען פון יסורים
צוזעהענדיג דאס אלעס. ניין! זי טאָהר ניט דערלאָזען אז זיי זאלען זינקען
וואס טיפער, כל זמן זיי לעבען, וועלען זיי קענען פעררעכטען זייער פעהלער.
זיי וועלען קענען תשובה טאָהן מיט זייער גאנצען הארצען און דער היילינער
יעזוס וועט זיי מוחל זיין. דאָן מארטין האט איהר וועגען דעם ניט איינמאָל
געזאגט. זי וועט איהם אלעס דערצעהלען, און ער וועט זיי געוויס העלפען. ער
וועט עס טאָהן פון איהרטוועגען. ער האט דאָך זי אזוי ליעב און ער וועט ניט
וועלען אז איהרע עלטערען זאלען פערבלייבען זינדיגע... ער איז דאָך אזוי
פרום! זי קען זיך אויף איהם פערלאָזען. ער וועט שוין געפינען א וועג ווי
אזוי זיי צו בעוועגען צו ווערען גוטע עהרליכע קריסטען... דאָן מארטין וועט
זי נאָך מעהר ליעב האבען, ווען ער וועט זעהן אז זי פערטרויט איהם אזא
וויכטיגען סוד.

דאָ האט זיך לא פערמאסא דערמאָנט אַן דער אינקוויזיציע, און איהר
קערפער האט גענומען ציטערן. ווען מען זאל אויסגעפינען אז איהרע עלטערען
זיינען געהיימע אידען, וואָלט מען זיי אלייך ארעסטירט און זיי וואָלטען פער־
משפט געווארען פערברענט צו ווערען.... זי וועט זיך פריהער בעראטהען מיט
דאָן מארטין. זי וועט שוין זיי העלפען... ער וועט געפינען אן אויסוועג... באלד
אבער איז איהר געקומען א צווייטער געדאנק, פיליכט מאכט זי נאָך אלץ א
טעות, מעגליך אז איהרע עלטערען זיינען אמת'ע קריסטען, אבער זי ווייס אז
זיי זיינען זעהר גוטהערציג און ווילען העלפען זייערע פריינד, די מאראנען,
דעריבען האבען זיי דא אנגעגרייט די מצה און די אנדערע זאכען פאר זיי. ניין,
זי וועט דערוויל דאָן מארטין גאָר ניט זאגען. זי וועט מוזען זיך פריהער אי־

בערציייגען אין דעם... זי וויים אז אין א פּאָר טעג ארום פאנגט זיך אָן דער אידישער פּסח. זי וועט זיי נאָכשפּירען, זי וועט היטען און זעהן וואס זיי טוען און אויב זיי וועלען אריין אין געהיימען היהל, וועט זי דארטען אויך אריינ־קומען, זי וועט זעהן און הערען וואס זיי טוען דארטען. און ווען זי וועט זיך איבערצייגען אז זיי היטען אָפּ אידישקייט, וועט זי נאָך דאן צייט האבען צו ריידען מיט דאָן מארטין.

דער טאָג פון ערב פּסח איז געקומען. לא פערמאסא האט בעמערקט אז איהר מוטער בעשעפטיגט זיך אין קיך מעהר ווי שטענדיג. ווען זי איז אריי' אין קיך, האט איהר די מוטער גלייך פון דאָרטען ארויסגעשיקט... זי האט אבער נאָכגעקוקט און נאָכגעשפּירט אלעס וואָס עס ווערט געטהאָן אין הויז. ווען דער אָווענד האט גענומען צופאלען, האט זי בעמערקט אז פיעלע געסט קומען אָן אין שלאָס. זי האט געמיינט אז איהר מוטער וועט איהר זיך הייסען איבער־טאָהן דעמזעלבען אָווענד און ארויסגעהן פערברייינגען מיט די געסט, אבער איהר מוטער האט איהר געזאָגט אז מאָרגען בייטאָג וועט זי איהר פאָרשטעלען פאר דעם יונגען לואיס דע סאנטאנגעל. זי איז געווען זעהר נייגעריג איהם צו זעהן. כאָטש אין הארצען האט זי געוואוסט אז אומזיסט וועט זיין די מיה פון איהרע עלטערען. זי וועט הייראטהען מיט דאָן מארטין. פונדעסטוועגען האט זי איהם געוואלט זעהן. זי האט געוואלט האבען וואס צו דערצעהלען דאָן מארטינ׳ען. דאס וואלט איהם זיכער געמאכט אייפערזיכטיג און דאן וואלט זי איהם פערזיכערט אז קיינעם, אויסער איהם, האט זי ניט ליעב און מיט איהם וועט זי הייראטהען.

די טיהר פון לא פערמאסא׳ס צימער האט זיך געעפענט און מאריא איהר מוטער האט זיך בעוויזען.

— קום מיין טאָכטער ארויס אוויילע שפּאצירען. דער אָווענד איז דאָך אזא פּראכטפולער — האט זי זיך אפּגערופען.

— און די געסט! — האט זי מיט א שמייכעל געזאָגט — איך האב אויך געמיינט אז זיי קומען פערברייינגען, אבער ווי עס ווייזט אויס זיינען זיי גע־קומען צוליעב געשעפט און איך בין אוועק.

די מוטער און טאָכטער האבען שפּאצירט א ווייל און נאכהער האבען זיי זיך אומגעקעהרט.

— געה שלאָפען מיין טאָכטער, מאָרגען וועלען מיר דארפען אויפשטעהן גאנץ פריה צו געהן אין קירך. איך האב אויסגעפונען אז אין אונזער קירך וועט ריידען דער הייליגער פּעדרא ארבועז, איך וועל אויך געהן גלייך שלאָפען.

לא פערמאסא האט א שאָקעל געטאָהן מיט׳ן קאָפּ און קושענדיג איהר מוטער, איז זי אריין אין איהר צימער. זי האט אויסגעלאָשען דאס ליכט און זיך געלייגט אין בעט. זי איז געווען זיכער אז איהר מוטער נארט איהר. זי געהט נאָך ניט שלאָפען אזוי פריה. א היבשע ווייל איז זי געלעגען אין איהר בעט אין איהרע קליידער. זי האט זיך צוגעהערט צו יעדען שאָרך, צו יעדער בעוועגונג. זי איז געווען זיכער אז איהר מוטער האט איהר צימער פערלאָזען. זי האט צוגעווארט נאָך א קליינע ווייל און נאכהער איז זי פּאָרזיכטיג ארויס

פון איהר צימער און איז צוגעקומען צו איהר מוטער'ס צימער. זי האט אויפ־געעפענט די טיהר און זי האט זי דארטען ניט געטראָפען. יעצט איז אלעס קלאָר געווארען. זי איז געווים דארטען אין היהל מיט די איבעריגע.

לא פערמאסא איז צוגעקומען צו דער טיהר פון היהל. א היבשע ווײלע איז זי געשטאנען און בײ זיך ניט געקענט בעשליסען צו עפענען די טיהר אדער ניט. פערשיעדענע געדאנקען האבען זיך איהר געמישט: איז עס מעגליך אז די סאנטאנגעלס זיינען אויך פאלשע קריסטען! עס קען ניט זיין! עפעס איז איהר אלעס אומפערשטענדליך.... אזוי לאנג ווי זי זעהט עס ניט מיט איהרע אויגען קען זי ניט גלויבען. זי בעשליסט צו עפענען די טיהר און ארונ־טערגעהן. אויב מען וועט איהר דערזעהען, וועט זי זאגען אז זי האט געזעהען די טיהר אָפען איז זי דארט "ארונטערגעקומען.

זעהר פאָרזיכטיג האט זי די טיהר אויפגעעפענט. צו איהרע אויערען האבען זיך גלייך דערטראָגען א געזאנג... איהר הארץ האט גענומען שטארק קלאפען... אַט איז זי שוין אונטען. מיט שטילע טריט געהט זי עטוואָס ווייטער. זי בויגט איין איהר קאָפּ און זי דערזעהט א לאנגען פיין געדעקטען טיש. פיעלע ליכט ברענען. ארום טיש זיצען די געסט. אויבען אָן זיצט איהר פאטער איינגעהילט אין א ווייסען קיטעל, נעבען איהם זיצט איהר מוטער אנגעטאָהן אין איהרע שעהנסטע קליידער. אַט בעמערקט זי ווי איהר פאטער פילט אָן זיין בעכער מיט וויין, ער שטעלט זיך אויף פון פלאץ האלטענדיג זיין כום אין זיין האנט און זינגט אויס א תפלה, נאָך איהם טוהט דיזעלבע זאך א צווייטער. וועלכען זי דערקענט אלס זשואן אבאלאפיע, און דערנאָך זעהט זי ווי לואיס דע סאנטאנגעל הויבט אויף זייז בעכער און זינגט עפעס... נעבען איהם בעמערקט זי א יונגען מאן, מיט זעהר אן איידעלען פנים. זי פערשטעהט אז דאס איז דער פלימעניק פון לואיס דע סאנטאנגעל פון וועמען איהר מוטער האט מיט איהר גערעדט. זיי זיינען אלע פאלשע קריסטען! אין הארצען ווערט אנגעצונדען א פייער פון האס צו אלעמען, אפילו צו איהרע עלטערען.

לאפארמאסא'ס גאנצער קערפער האט געציטערט פון אויפרעגונג... איהרע עלטערען זיינען געהיימע אידען... מאָרגען אין דער פריה וועלען זיי געהן אין קירך... זיי וועלען דאָרטען מתפלל זיין און זיך מתודה זיין אויף זייערע זינד. אָבער אויך זייער וידוי וועט זיין א פאלשע... דער צאָרן איז איהר ברענט. אַט באמערקט זי ווי אלע זאָגען עפעס מיט אמאָל. די מצות זיינען אויסגעלייגט אויף דעם טיש. דער וויין פינקעלט אין די פלעשער. דאָס פראווען זיי א סדר. פון איהר באהאלט מען זיך. איהר נארט מען. אָבער זי וועט זיך שוין לאנג ניט לאָזען נארען. זיי האלטען זי פאר א פרעמדע... פון איהר פארבאָרגט מען זיך! אָה, איהרע עלטערען זיינען גאָר פארהאַכטע אידען. זיי זיינען פאלשע קריסטען. ווי אזוי וועט זי יעצט קענען קוקען איהר געליעבטען אין פנים: זי דערמאָהנט זיך וואָס זי האט זיך אנגעהערט וועגען די פאלשע קריסטען: ווי שטארק פארהאסט זיי זיינען ביי אלעמען. און צוליעב זיי האט מען דאָס איינגעפיהרט די אינקוויזיציע. זי האָט זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט אז איהרע עלטערען זאָלען אויך זיין אזעלכע! אַט באמערקט זי ווי זיי פילען אָן בעכערס א צווייטען מאָל, זאָגען עפעס, נאכ־

הער טרינקען זיי אויס. זי האָט שוין מעהר ניט געקענט איינשטעהן. זי איז שנעל ארויס פון הייזל, פאַרזיכטיג צוגעמאכט די טיהר און אריין אין איהר צימער.

יענע נאכט האָט זי ניט געקענט איינשלאָפען. זי האָט געוויינט און געפיהרט א קאמף מיט זיך אליין. איהרע עלטערען זיינען זינדער. עס איז איהר פליכט צו זעהען, אז זיי זאָלען ווערען אמת'ע פרומע קריסטען. אָבער וועלען זיי דען זיך צוהערען צו איהר? זאָל זי דערצעהלען צו איהר געליעבטען, דאָן מארטין, אז איהרע עלטערען צוזאמען מיט פיעלע אנדערע מאראנען האבען אָפּגעריכט א סדר אין דער פארבאָרגענער הייזל? ניין, דאָס איז אונמעגליך! זי טאָר עס איהם ניט דערצעהלען. זי וועט דערמיט פארראטען איהרע עלטערען און זיי אומגליקליך מאכען. אָבער ווי אזוי וועט זי קענען זיין פאלש צו איהר געליעבטען, ווען ער זאָל זיך שפּעטער דערוויסען אז זי האָט איהם גענארט. וועט ער זי דען ליעב האָבען? ער האָט איהר פארשפּראָכען אז ווען ער וועט וויסען אלעס וואָס עס קומט פאָר ביי זיי אין געהיים, וואָלט ער איהרע עלטערען געראטעוועט. יע, זי וועט איהם אלעס דערצעהלען און ביידע וועלען זיך בעראטהען ווי אזוי צו רעטען איהרע עלטערען. ער וועט בלויז זעהן אז די אנדערע מאראנען, וועלכע קומען אריין צו איהר פאָטער'ס שלאָס, אז יענע זאָלען זייער שטראָף באקומען פון דער אינקוויזיציע... איהרע עלטערען יועלען תשובה טהאָן און קיין שלעכטס וועט ניט געשעהן צו זיי...

אזוי האָט זי יענע גאנצע נאכט געטראכט און ווען זי איז אויפגעשטאנען און די מוטער איז איהר אריין באגריסען מיט א גוט מאָרגען, האָט זי איהר גלייך אין פּנים ניט געקענט קוקען...

— וואָס איז מיט דיר, מיין טאָכטער? — האָט איהר מאריא געפרעגט — דו שיינסט צו זיין זעהר אומעטיג.

— איך בין אויפגעשטאנען מיט א קאָפּוועהטאָג! — האָט זי געענטפערט— אָבער איך וועל א ווייל ארויסגעהן אויף דער פרישער לופט און זיך פיהלען בעסער.

— געה בעסער פריהער עסען פריהשטיק, ווייל מיר וועלען באלד דארפען געהן אין קירך. די גלעקער האָבען שוין געקלונגען.

א ציטער איז דורך איהר לייב. היינט איז זונטאָג, איהרע עלטערען און אלע מאראנען, וועלכע האָבען לעצטע נאכט געפראוועט דעם סדר, וועלען קומען באלד אין קירך אריין און זיך צונויפמישען מיט די אמת'ע פרומע קריסטען, זיי וועלען צוזאמען מיט זיי זינגען זייערע תפילות...

— מיר האָבען שוין אונזער פריהשטיק געגעסען — האָט מאריא ווייטער געזאָגט — מיר זיינען היינט גאנץ פריה אויפגעשטאנען.

לאפערמאסא האָט געשוויגען, זי איז אריין אין קיך וואו די דינסט האָט איהר דערלאנגט פריהשטיק. זי האָט קיין סך ניט געקענט עסען. זי האָט אנגעטהאָן איהר זונטאָגדיגע קלייד און איז מיט איהרע עלטערען געגאנגען אין דער קירך. זיי האָבען זיך געזעצט אויף זייערע פּלעצער. באלד האָט זי דערפיהלט דאָן מארטין'ס בליקען אויף איהר. זי האָט מורא געהאט אויפצוהויי-

בען איהרע אויגען. זי האט זיך געפיהלט זעהר שולדיג, אזוי ווי זי אליין וואלט געווען די זינדיגע. אט קומט ארויף אויף דער במה דער גייסטליכער פעדרא ארבועז. ער הויבט אויף זיינע הענט. אלע פאלען אויף זייערע קניה. לאפערמאסא זעהט ווי איהרע עלטערען טהוען דאס זעלבע, און אין איהר הארץ צינדט זיך אן א פייער פון צארען געגען זיי. ווי אזוי קענען זיי דאס זיין אזוי פאלש! אט ערשט לעצטע נאכט האבען זיי אין געהיים געפראוועט א סדר, זיי האבען געגעסען מצה און געטרונקען וויין און אט דא זיינען זיי מתפלל צו יעזוס'ען. ווינציג האט זי דאן פארשטאנען. זי האט ניט געוואוסט, אז איהרע עלטערען און צעהנדליגע טויזענדע אנדערע ווי זיי, זיינען געווען געצוואונגען דאס צו טהאן. מען האט זיי אדער זייערע עלטערען געצוואונגען זיך צו טויפען, אבער אין זייערע הערצער זיינען זיי פארבליבען געטרייע אידען. זיי זיינען געצוואונגען געווען אפצוהיטען אידישקייט אין געהיים, און זיין פרומע קריסטען אין דער עפענטליכקייט, ווייל אויב מען וואלט אויסגעפונען אז זיי זיינען פאלשע קריסטען, וואלטען זיי פארלארען אלע רעכטע צוזאמען מיט זייערע לעבענס.

לאפערמאסא האט דאס אבער ניט פארשטאנען. זי איז ערצויגען געווארען אלס אן אמת'ע פרומע קאטאליקין. זי האט זיך אנגעזאפט מיט גיפטיגע שנאה צו אידען און צו זייער רעליגיע.—אין איהרע אויגען זיינען זיי געווען די נידעריגסטע... און די פאלשע קריסטען — די נידעריגסטע פון די נידעריגסטע...

אלע אנוועזענדע אין קירך האבען זיך אויפגעשטעלט פון זייער קניהען און זיך צוריקגעזעצט אויף זייערע פלעצער. א שטילקייט האט געהערשט אין קירך. אלעמענס אויגען זיינען געווען אנגעווענדעט אויף פעדרא ארבועז, וועלכער האט מיט פארגלאצטע אויגען געשעפטשעט א תפילה.

א קליינע ווײלע האט אנגעהאלטען די אנגעצויגענע שטילקייט, דערנאך האט פעדרא ארבועז געהאלטען זיין "דרשה".

"מיר דארפען זיין טאפעלט דאנקבאר צו אונזער גאט יעזוס קריסטוס"— האט ער אנגעהויבען — "פאר די חסדים וואס ער טהוט מיט אונז, זיינע געטרייע דינער. אונזער ליעבע לאנד שפאניען איז יעצט פאראייניגט אונטער דער הערשאפט פון אונזער ג.עדיגען און העכסט קאטוילישען קעניג פערדינאנד און קעניגין איזאבעלא. גאט האט אין זיי דעם נאבעלען געדאנק אריינגעגעבען איינצופיהרען אין אונזער לאנד די "הייליגע אינקוויזיציע". וואס וועט מאכען א סוף צו אלע זינדיגע אומגלויביגע, צו די מאראנען וועלכע מאסקירען אלס טרייע קריסטען און אין געהיים היטען זיי אפ אידישקייט. היינט איז דער ערשטער טאג פסח פון דעם פארפלוכטען אידישען פאלק, און לעצטע נאכט האבען זיי געפראוועט זייער סדר. יעצט פרעג איך אייך, מיינע געטרייע קאטוילישע ברידער, וויפיעל פון די נייע קריסטען האבען געפראוועט דעם אידישען סדר לעצטע נאכט אין געהיים? יע, זעהר פיעלע פון זיי! עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז א גרויסע צאהל פאלשע קריסטען, וועלכע האבען נעכטען געפראוועט דעם סדר, און פיליייכט אויך מיט קריסטליך בלוט, געפינען זיך יעצט אין פיעלע קירכען, וואו דורך פאלשקייט טהוען זיי בעטען

צו אונזער גאט... אבער עס וועט לאנג אזוי ניט אנהאלטען. די מאסקעס פון די פאלשע קריסטען וועט אין גיכען ארונטערגעריסען ווערען פון די ריכטער פון דער אינקוויזיציע און מיר וועלען אויסרייניגען אונזער היילig לאנד פון די אומריינע אידען, וועלכע פארשטעלען זיך אלס קריסטען. עס איז דאריבער די פליכט פון יעדען פרומען, געטרייען און עהרליכען קריסט צו האלטען זיינע אויגען ברייט אפען, און אזוי שנעל ווי ער קריגט דעם קלענסטען פארדאכט אויף א נייעם קריסט, זאל ער עס גלייך לאזען וויסען די אינקוויזיטארען, וועלכע וועלען באשטימט ווערען אין יעדער שטאדט פון דער קעניגליכער פאר... דער וועלכער וועט זיך ניט זעהענדיג מאכען אדער וועלכער וועט ניט וועלען ארויסגעבען די פארפלוכטע געהיימע אידען, וועט טראגען א גרויסען זינד אויף זיין געוויסען און ער וועט פארלירען יענע וועלט, זיין נשמה וועט גלייך געהן אין גיהנום. עס איז א היילigע פליכט פון יעדען עהרליכען קאטוילישען קיינעם ניט צו שאנעווען, אפילו ווען דער פאלשער קריסט זאל זיין איינער פון זיין משפחה. יע, עס איז דער חוב פון קריסטליכע קינדער צו דערצעהלען אלעס וואס זיי וויסען וועגען זייערע עלטערען, וועגען זייערע קרובים. עס איז א קאמף פאר אונזער גאט, און מיר מוזען זעהן צו פארניכטען די זינדיגע... און דער וועלכער וועט ניט דערצעהלען וואס ער ווייסט וועגען זיינע פריינד און קרובים, וועט ביי גאט פאררעכענט ווערען אזוי ווי ער אליין וואלט געווען פאלש צו גאט, און ער האט קיין רעכט ניט פאררעכענט צו ווערען פאר א פרומען קריסט"...

לא פערמאסא פעמברא האט איהרע אויגען ניט ארונטערגענומען פון דעם היילigען פעדרא ארבועז. איהר האט זיך געדוכט, אז ער קוקט די גאנצע צייט אויף איהרע עלטערען. און דאס וואס ער זאגט אז קינדער דארפען ארויסגעבען זייערע עלטערען, האט ער דאס געמיינט איהר... אין איהרע געדאנקען האט זי געזעהן דעם גאנצען סדר, מיט אלע אידישע צערעמאניעס וואס איהרע עלטערען האבען לעצטע נאכט געפראוועט. און יעצט זיצען זיי דא אין קירך נעבען איהר... איהר מוטער טראגט א צלם אויפ'ן האלז... א שוידער איז דורך איהר קערפער. ווי אזוי קענען זיי באגעהן אזא שרעקליכע זינד. ווען פעדרא ארבועז וואלט יעצט געוואוסט אז דא געפינען זיך אזעלכע פאלשע קריסטען...

זי האט פלוצלונג דערפיהלט א מאדנע פרעמדקייט צו איהר פאטער און מוטער... זי באלאנגט אט דא צו דער קירך, צו דאן מארטין, און איהרע עלטערען—זיי באלאנגען צו די אידען, צו די מאראנען... זאל דאס זיין אמת, וואס זי האט געהערט איהרע חבר'טעס דערצעהלען, אז די אידען באנוצען קריסטליך בלוט אויף פסח? איהרע עלטערען אבער וועלען עס ניט טהאן! מעגליך אז יע... האט זי זיך דען ווען עס איז געקענט פארשטעלען אז זיי זיינען פארמאסקירטע קריסטען?

ארויסגעהענדיג פון קירך מיט איהרע עלטערען, האבען זיך איהרע בליקען באגעגענט מיט דאן מארטין'ס. א רויטקייט האט איהר פנים באדעקט. זי האט געפיהלט אז ער פאלגט איהר נאך מיט זיינע אויגען. ער וועט זיכער

קומען מאָרגען אָווענט זי זעהן. זי טאָר איהם אָבער ניט זעהן, איידער זי באַשליסט ביי זיך וואָס צו טהאָן... זי מוז האָבען עטליכע טעג צייט איבערצוטראַכטען. זי איז מיטגענאַנגען מיט איהרע עלטערען שווייגענדיג. פון א זייט האָט זי געוואָרפען א בליק אויף זיי. זי האָט באמערקט אז אן אומעט איז אויסגעגאָסען אויף זייערע פּנים'ער, און ביי איהר אין הארצען האָט זיך דערוועקט א רחמנות אויף זיי. זי וואָלט זיי וועלען העלפען. זי וויים אז זייער זינד איז גרויס, זיי וועלען פארלירען ביידע וועלטען, אויב זיי וועלען אין צייט ניט תשובה טהאָן... מעגליך אז איהר געליעבטער וועט איהר ראטהען וואָס צו טהאָן... מיט איין זאך מוז זי יעצט זיין פארזיכטיג און דאָס איז, אז איהרע עלטערען זאָלען איהר ניט חושד זיין אז זי פארדעכטיגט זיי. דאריבער האָט זי אויסגעמידען מיט זיי אין גאנצען צו ריידען וועגען דער אינקוויזיציע און וועגען די מאראנען. זי האָט געוואוסט אז אויך היינט ביי־נאכט וועלען זיי פראווען א סדר אין געהיים. זי וועט אָבער מעהר אהין ניט געהן... זי וועט פארבלייבען אין איהר צימער.

ווען עס איז געוואָרען אָווענט האָט זיך לאַ פערמאָסא באקלאָגט פאר איהר מוטער, אז זי האָט א לייכטען קאָפּוועהטאָג און זי וועט געהן זעהר פריה שלאָפען.

— וואָס איז מיט דיר, מיין טאָכטער? — האָט זיך די מוטער דערשראָקען, דערזעהענדיג איהר בלאַס געוואָרענעם פּנים.

— איך פארזיכער דיר, מוטער, אז אויסער דעם לייכטען קאָפּוועהטאָג, פיהל איך זיך גאַנץ גוט. איך בין בלויז עטוואָס מיעד און איך וועל זיך ליינען אוים־רוהען.

ווען מאריא האָט זיך בארוהיגט, איז זי געוועזען צופרידען וואָס איהר טאָכטער וועט היינט געהן פריהער שלאָפען. דאָס וועט פארמיידען פיעלע אונאנגענעהמע פראגען פון איהר.

ווען דיעגא דע שושאן איז געבליבען אליין מיט זיין פרוי, האָבען זיי צווישען זיך גערעדט וועגען זייער טאָכטער.

— דו ווייסט, מיין מאן — האָט מאריא געזאָגט — אז די רייד פון פּעדרא ארבועז, וואָס ער האָט היינט גערעדט אין קירך, האָבען געמאכט זעהר א שווערען איינדרוק אויף אונזער טאָכטער. זי איז גאָר ניט די זעלבע. זי איז בלאַס און פיהלט זיך עטוואָס דערשלאָגען. איך בין זיכער, אז דאָס טהוט איהר הארץ וועה פאר די אומגליקליכע, וועלכע וועלען אריינפאלען אין דער נעץ פון דער אינקוויזיציע. זי האָט געהערט אז די שולדיגע וועט מען באַשטראָפען מיט טויט, דורך פארברענען.... זי האָט דאך אזא ווייכע, צארטע הארץ.

— ניט אזוי שנעל וועלען זיי איינפיהרען די אינקוויזיציע דאָ אין סעוויל! — האָט דיעגא דע שושאן זיך אָפּגערופען — זי מעג זיכער זיין אז דאָ וועט ניט דערלאָזען ווערען אויפצושטעלען אן אויטאָ־דע־פע. מיר זיינען דאָ צופיעל און איבעריגענס איז א שטארקער איינפלוס אויף אלע איינוואוינער פון סעוויל.

— איך גלויב אָבער אז עס איז שוין צייט מיר זאָלען אונזער טאָכטער ענטדעקען אונזער סוד — האָט מאַריא זיך אָפּגערופען — זי ווערט זעהר שטאַרק באאיינפלוסט פון איהרע קאַטוילישע פריינדינס. א שטאַרקע גיפ־טיגע שנאה ווערט איינגעפלאַנצט אין איהר הארצען געגען די מאַראַנען, און נאכהער וועט עס זיין זעהר שווער די דאָזיגע שנאה אויסצוואוואָרצלען.

— די סכנה איז אָבער צו גרויס, די געהיימנים מוז יעצט וואָס טיפער זיין. און ווען לא פערמאָסא זאָל זיך דערפון דערוויסען, ווער ווייס אויב זי וועט זיך ניט ארויסריידען אומגערן און דאן ברייננגען אויף אונז אלעמען א גרויסען אומגליק.

— אָבער ביז ווי לאַנג וועלען מיר זיך קענען אויסהיטען? זי וועט אונז אָנהויבען צו פארדעכטיגען. בפרט נאָכדעם ווי זי האָט געהערט אזעלכע גיפטיגע רייד פון פעדרא ארבועז, וועלכער האָט געזאָגט אז עס איז די פליכט פון קינדער אויסצוגעפינען אויב זייערע עלטערען זיינען געטרייע קריסטען... איך האָב געהאַט פיעל שוועריגקייטען איהר איינצורײדען זי זאָל לעצטע נאכט געהן פריה צו בעט, און מיר האָבען געקענט פראווען דעם סדר אומגעשטערט. היינט האָב איך זיך שוין געשראָקען, איך האָב ניט געוואוסט וואָס פאר אן אויסרייד איהר צו געבען. צום גליק אָבער שיינט זי צו זיין מיעד און איז אליין געגאַנגען זיך לייגען פריה שלאָפען.

— איך וועל וואַרטען ביז וואַנען זי וועט צוואַנציג יאָהר אַלט ווערען און דאן וועל איך איהר נעהמען צוגרייטען... מיר וועלען מוזען זעהר פאָר־זיכטיג האנדלען. אפילו ווען אונז וועט געלונגען ניט צו דערלאָזען אז די אינקוויזיציע זאָל דורכגעפיהרט ווערען אין ספּאַניען.

— איך ווייס ניט, אויב עס וועט אונז זאך געלינגען — האָט מאַריא טרויעריג געזאָגט — אזוי לאַנג ווי פערדינאַנד און איזאבעלא זיינען איינ־שטימיג וועגען דעם און זיי זיינען ארומגערינגעלט מיט אזעלכע גייסטליכע ווי פעדרא ארבועז, וועלען זיי זיך פאר קיין זאך ניט אָפּשטעלען! מיין עצה וואָלט געווען, אז מיר זאָלען פארקויפען אלעס וואָס מיר האָבען און אוועק־פאָהרען נאָך פּאָרטוגאַל.

— און לאָזען מיינע ברידער אין אזא שרעקליכע צייט צו זייער איי־גענעם גורל! — האָט דע שושאן געענטפערט — ניין, מיר וועלען מוזען קעמפען צוזאמען. גלייך נאָך פסח וועלען מיר זיך צוזאמענקומען אויף אן אלגעמיינער פאַרזאמלונג. דו דאַרפסט ניט פארגעסען אז די אינקוויזיציע וועט אָנריהרען ניט נאָר אונז, וועלכע היטען אָפּ אידישקייט אין געהיים, נאָר אויך די נייע קריסטען, וועלכע זיינען אויפריכטיג, וועלכע האָבען אין גאַנצען פארלאָזען זייער אידישע אמונה. אויך זיי וועלען ניט זיין זיכער מיט זייערע לעבענס. ווייל די קנאה פון די קריסטען צו זיי איז זעהר שטאַרק און זיי וועלן זיכער זוכען זיי שלעכטס צו טהאָן. עס וועלען ניט פעהלען אזעלכע וועלכע וועלען אויסטראכטען בלבולים אויף זיי און דו ווייסט דאך וואָס דאָס וועט מיינען פאר זיי... דאריבער ב'ין איך זיכער אז זיי וועלען אויך ארויס־ווייזען זייער שטאַרקע געגענערשאפט צו דער אינקוויזיציע, און מיט פּאַראיי־

ניגטע כחות באקעמפען דאָס איינפיהרען פון דער אינקוויזיציע אין סעוויל. מיר זיינען דאָ א גרויסע מאכט און אויב מיר וועלען וויסען ווי צו האנדלען, וועלען מיר אויספיהרען.

— דו זעהסט דאָך אָבער, אז פון אלע אונזערע האָפענונגען האָט זיך גאָר ניט אויסגעלאָזען — האָט מאריא געזאָגט — פריהער האָבען מיר געהאָפט אז ביטרים ענריקעז ווערט ווירקען אויף פערדינאנד'ן. מיר האָבען אלעס געטהאָן זי ארייצוברייגנען אין פּאלאץ, אָבער אומזיסט איז אונזער מיה געווען. נאָכהער האָבען מיר געמיינט אז מיט געלט וועט אונז געלינגען צו ווירקען אויף דעם קעניג, אָבער מיר זיינען דורכגעפאלען אויך מיט דעם. וואָס בלייבט אונז יעצט צו טהאָן?

— מיר האָבען גענוג מאכט און מיר וועלען קעמפּען מיט מאכט געגען מאכט! — האָט דיעגא דע שושאן אויסגערופען — אָבער יעצט לאָמיר פון דעם ניט ריידען. דאָס וועלען מיר באשליסען אויף דער קומענדער פארזאמלונג. איך וועל ארויסשיקען געהיימע איינלאדונגען צו די וויכטיגסטע און חשוב'סטע איינוואוינער פון סעוויל. איך בין זיכער, אז איך וועל קריגען זייער פולע מיטווירקונג.

## דרייצעהנטער קאַפּיטעל.

# אַלאַנזאָ דע אָיעדאַ

דער קעניג פערדינאנד האָט שוין לאנג געזוכט א געלעגענהייט צו פארברייגנען מיט דער וואונדערשעהנער ביטרים. ער האָט אָבער באמערקט, אז איזאבעלא קוקט איהם צופיעל נאָך. ווען ביטרים געפינט זיך אין טראָהנצימער, פיהלט ער אז איזאבעלא נעהמט פון איהם די אויגען ניט ארונטער. זי וויל זיך איבערצייגען אויב ער ווארפט בליקען אויף ביטרים'ען...

וואָס מעהר איזאבעלא האָט איהם געהיט, אלץ שטארקער איז זיין פארלאנג געווען זיך צו זעהן מיט ביטרים'ען, צו זיין מיט איהר אליין. ער האָט אָבער געזעהן אז ביטרים אליין מיידט איהם אויס, און ער האָט פארשטאנען אז די קעניגין האָט אין דעם א האנט.

ניט איין מאָל פלעגט זיך פערדינאנד דערשרעקען פאר זיינע אייגענע געדאנקען. ער האָט געוואוסט, אז ער באגעהט א גרויסע זינד, ווען ער טראכט פון דעם. אזעלכע געדאנקען וועט זיין אפילו אונמעגליך פאר איהם זיך מודה צו זיין פאר זיין קאָנפעסאָר. ער באמיהט זיך זעהר שטארק די שלעכטע זינדיגע מחשבות צו פארטרייבען פון זיך, אָבער ניט ווילענדיג דרינגען זיי פּאָרט אריין אין זיין מוח... זיי פּלאָנטערען זיך אין קאָפּ. ער מאכט א פארגלייכעניש צווישען איזאבעלא'ן און ביטרים'ען. ניט ווילענדיג ווינשט ער אז איזאבעלא... ניין, ער טאָר דערפון ניט טראכטען... אָבער ווי גוט עס וואָלט איהם געווען, ווען ער קען אָנטהאָן איזאבעלא'ס קרוין אויף ביטרים'ען... ווי באצויבערענד שעהן זי וואָלט אויסגעקוקט! זי וואָלט געווען זיינע! זי איז דאָך פון זיין משפחה. און אז עס איז געווען דער ווילען פון גאָט,

ער זאָל זי רופען צו זיך אין הימעל, איז עס דאָך געווים ניט זיין שולד... אָבער פארוואָס טראַכט ער פון דעם? זי איז דאָך נאָך אַזוי יונג. זי האָט איהם געבוירען קינדער... האָט ער דען זי אויפגעהערט ליעב צו האָבען? פאַר־וואָס זאָל ער זינדיגען מיט זיינע געדאַנקען... אָה, עס איז דאָך לעבערליך צו טראַכטען פון דעם. פון דעסטוועגען האָט ער ביטרים'ען פון זיינע געדאַנקען ניט געקענט פארטרייבען. וויפיעל ער האָט זיך באַמיהט צו טראַכטען וועגען עפּעס אַנדערש, איז איהר שעהנע געשטאַלט פארביינעשוועבט זיינע אויגען... ער איז מיט יעדען טאָג געוואָרען מעהר פארליעבט אין איהר און געזוכט אַן אויסרייד מיט איהר זיך צו טרעפען.

פּעדראָ ארבועז האָט פון דעם קעניג'ס אויפיהרונג פארשטאַנען, אַז ער איז ניט גלייכגילטיג צו ביטרים'ען. אין הארצען האָט עס איהם הנאה גע־טהאָן. ער האָט געוואוסט אַז פריהער אָדער שפּעטער וועט די קעניגין דאָס באמערקען און דאַן וועט זי שוין איינשטימען אריינצוגעבען ביטרים'ען אין מאָנאַסטיר. ער האָט געוואוסט, אַז עס וועט זיין אַ סך בעסער פאַר איהם ווען איזאַבעלאַ זאָל זיך אַליין אָנשטויסען... ער טאָר אין דעם ניט זיין פאַר־מישט. ער זעהט אַז ער איז שוין נעהענטער צו זיין ציעל. די אינקוויזיציע וועט דורכגעפיהרט ווערען. און מעגליך אַז ער וועט באַשטימט ווערען פאַר אַן אינקוויזיטאָר אין סעוויל. אויב די קעניגין וועט איהם וועלען באשטימען אין אַן אַנדער שטאָדט וועט ער ניט צושטימען. ער וועט שוין געפינען אַן אויסרייד. ער וועט בעסער פארבלייבען אין סעוויל און זיין דער קאָנפעסאָר פון דעם מאָנאַסטיר. ער מוז טהאָן זיין הייליגע פליכט. ער וועט האָבען געדולד און וואַרטען. עס מאַכט איהם ניט אויס ווי לאַנג עס וועט נעהמען, אָבער ביטרים ענריקעז וועט מוזען אריין אין מאָנאַסטיר.

עס האָט אָבער ווירקליך לאַנג ניט גענומען און זיין טרוים וועגען אריינ־קריגען ביטרים'ען אין מאָנאַסטיר איז פארווירקליכט געוואָרען. אונערוואַרטעט איז איהם צו הילף געקומען אַן אַנדער מאָנאַך מיט דעם נאָמען אַלאַנזאָ דע אָיעדאָ.

אָיעדאָ האָט געהאַט אַ נאָמען צווישען די מאָנאַכען פאַר זעהר אַ פרומען און אַלס ביטערער שונא פון די מאַראַנען. ער איז געווען אין סעוויל און האָט פיעל געהאָלפען אַז דער פּאַפּסט זאָל זיין צושטימונג געבען איינצופיהרען די אינקוויזיציע אין שפּאַניען. פּלוצלונג אָבער איז אָיעדאָ פארשוואונדען גע־וואָרען. קיינער האָט ניט געוואוסט וואוהין ער איז געגאַנגען. צווישען זיינע אַנהענגער און פארעהרער האָבען זיך וועגען איהם גענומען פארשפּרייטען פאַר־שיידענע קלאַנגען. אייניגע האָבען געזאָגט, אַז ער איז אוועק צו פּוּם נאָך רוים צו קריגען די "הייליגע ברכה" פון פּאַפּסט. אַנדערע ווידער האָבען געזאָגט, אַז דער הייליגער פּיטער האָט איהם ארויפגענומען אין הימעל. עס האָבען זיך אָבער געפונען אויך אַנדערע, וועלכע האָבען געזוכט אויסצונוצען זיין פּלוצלונ־גען פארשווינדען אַלס אַ בלבול אויף די אידען. "זיי וויסען, די אידען, אַז אָיעדאָ איז זייער ביטערסטער שונא און ער האָט געהאָלפען איינפיהרען די אינקוויזיציע, דאריבער האָבען זיי איהם אָפּגעראַמט פון וועג"...

וואָס ווייטער האָבען זיך די דאָזיגע קלאַנגען שטאַרקער פאַרשפּרייט, און די אידען פון סעוויל און דער אומגעגענד זיינען געווען אין טויט שרעק.

הונדערטער גוים האָבען זיך אוועקגעלאָזען אין וועלדער און אין פאַרוואָר־פענע ווינקלען זוכען דעם טויטען קערפּער פון איעדראַ. און די הויט האָט אויף די אידען געציטערט. טאָמער וועלען זיי ערגיץ געפינען אַ טויטען קער־פּער און זאָגען אַז דאָס איז איעדראַ! אזוי זיינען מאָנאַטען פאַראיבער און די געמיטהער האָבען זיך איינגעשטילט. איעדראַ איז נאָך מעהר פאַרהייליגט גע־וואָרען.

איין פריהמאָרגען, ווען פּעדראַ ארבועז האָט פאַרלאָזען דעם מאָנאַסטיר און זיך פאַרנומען אויף דעם וועג צו דעם פּאַלאַץ, האָט ער פון ווייטען באַמערקט אַ וואַנדערער אַ ־קומענדיג. דער וואַנדערער איז געגאַנגען באָרוויס און אין זיין האַנט האָט ער געהאַלטען אַ גרויסען שטעקען.

ארבועז האָט זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט, אַז יענער זאָל זיך דערנעהענ־טערען. באַלד האָט ער איהם דערקענט. ער איז אַלאַנזאָ דע איעדראַ!

— אָה, מיין פריינד, איעדראַ! — האָט זיך ארבועז מיט איהם ארומגע־כאַפּט, — זאָג מיר, וואו ביזטו עס געווען די גאַנצע צייט, און ווען ביזטו אָנ־געקומען אין סעוויל?

— איך קום נאָר וואָס אָן! — האָט איעדראַ איהם געענטפערט.

— און פון וואַנען קומסטו?

— דאָס קען איך צו קיינעם ניט ענטדעקען! — האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— און וואוהין געהסטו?

— איך געה צום פּאַלאַץ!

— צום פּאַלאַץ? — האָט ארבועז איהם אָפּגעמאָסטען מיט זיינע בליקען.

— יע, איך קום באַגריסען די הייליגע קעניגליכע פּאָר פאַר דער איינ־פיהרונג פון דער אינקוויזיציע.

פּעדראַ ארבועז'ן איז זעהר שטאַרק ניט געפעלען געוואָרען, וואָס איעדראַ געהט אין פּאַלאַץ. ער האָט געוואוסט, אַז דורך זיין פּלוצלונגער פאַרשווינדען איז ער נאָך מעהר פאַרהייליגט געוואָרען און ער קען פאַר איהם ווערען זעהר אַ שטאַרקער און געפעהרליכער קאָנקורענט. דער קעניג וועט איהם זיכער אריינ־נעהמען אין פּאַלאַץ. ער האָט דאַריבער באַשלאָסען איהם צו חנפ'ענען, כדי דורך דעם צו געפינען חן אין זיינע אויגען.

— דו קוקסט אויס ווי אַ הייליגער נביא, וועלכער איז פון הימעל געשיקט געוואָרען צו זאָגען נביאות — האָט פּעדראַ ארבועז זיך אָפּגערופען — זאָל די ברכה פון יעזוס דיך אימער באַגלייטען און זאָלען דיינע רייד האָבען די גע־ווינשטע ווירקונג אויף דעם קעניג און קעניגין. איך וועל דיר העלפען ווי וויט מעגליך, מיין ברודער, וויל דו דאַרפסט וויסען זיין, אַז איך איב אויס אַ גרויסען איינפלוס אויף זיי.

— איך דאַנק דיר, ברודער! — האָט איעדראַ איהם געדריקט די האַנט — איך וועל אויך פאַר דיר טהאָן וואָס נאָר איך וועל קענען.

פעדרא ארבועז האָט גלייך איינגעזעהן אז ער וועט איהם ווירקליך קענען טהאָן א טובה, און ער איז געווען גאנץ צופרידען מיט דער דאָזיגער באַגע־געניש.

— דו ביזט דאָך מיעד פון וועג, מיין ברודער, און אויך פארשטויבט, קום אריין אין דעם מאָנאסטיר. דו וועסט זיך ארומוואשען און אויך דערקוויקען דיין הארץ און נאכהער וועלען מיר ביידע געהן צום פאַלאַץ.

איעדרא האָט איינגעשטימט און פעדרא האָט זיך אומגעקעהרט צוזאמען מיט איהם אין מאָנאסטיר.

טערעסא, די אויפזעהערין פון מאָנאסטיר איז זיי ביידען אנטקעגען גע־קומען.

— דאָס איז דער הייליגער איעדרא! — האָט פעדרא זיך אָפּגערופען צו דער אויפזעהערין — ער איז געקומען אין סעוויל מיט א הייליגע שליחות צום קעניג. דו וועסט איהם ברענגען אביסעל וואסער אויך געבען עטוואָס שפּייז, וויל מיר איילען זיך צום פאַלאַץ.

טערעסא האָט זיך דריי מאָל איבערגע׳צלם׳ט און עפּעס א שעפּטשע גע־טהאָן מיט איהרע ליפּען. זי איז גלייך אוועק ברענגען וואסער און שפּייז און איהם אריינגעפיהרט אין א צימער. ער האָט זיך ארומגעוואשען און עפּעס צוגעביסען.

פעדרא און איעדרא האָבען שוין געוואָלט פארלאָזען דעם מאָנאסטיר, איז אָבער טערעסא צו זיי צוגעגאנגען, זיך נאָכאמאָל איבערגע׳צלם׳ט און אויס־גערופען:

— אז גאָט האָט געבענשט דעם דאָזיגען מאָנאסטיר און מיר האָבען זוכה א שרעק איז אויף די איבריגע נאָנעס אָנגעפאלען... קיינער האָט ניט געקענט פארשטעהן פארוואָס זי האָט פּלוצלינג אזא קווימיש געטהאָן, און נאכהער גע׳חלש׳ט.

פעדרא ארבועז האָט באמערקט אז איעדרא׳ס פּנים איז עטוואָס בלאַס גע־וואָרען. ער האָט זיך געוואונדערט, אָבער ער האָט איהם בארוהיגט.

— עס טרעפט זיך גאנץ אָפט אזעלכע פאלען, אז די נאָנעס זעהן מאָדנע ערשיינונגען... אָבער עס איז גאָרנישט... די אויפזעהערין וועט זי א ווײַלע אויפ־פאסען און זי וועט זיך ווידער מונטער פיהלען... יעצט לאָמיר געהן צום פאַלאַץ.

איעדרא האָט גענומען זיין שטעקען און מיט ארבועז׳ן ארויס פון מאָנאסטיר. שווייגענדיג זיינען זיי אוועק צום פאַלאַץ.

גרויס פרייד האָט די ערשיינונג פון איעדרא׳ן ארויסגערופען ביי דעם קעניג און קעניגין... זיי האָבען איהם אויפגענומען מיט בעגייסטערונג.

פערדינאנד האָט איהם געפרעגט וואו ער איז געווען די גאנצע צייט, אָבער איעדרא האָט בלויז געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ.

דער קעניג און קעניגין האָבען גלייך פארשטאנען אז נעווים איז נאָד די צייט ניט געקומען ער זאָל זיי אלעס ענטדעקען.

באלד איז אין גאנץ סעוויל בעוואוסט געוואָרען אז דער הייליגער איעדרא האָט זיך צוריקגעקעהרט. פיעלע פון די גייסטליכע זיינען געקומען איהם באַגרי־

סען. אין אלעמענס אויגען איז ער נאָך מעהר געשטיגען. עפּעס א געהיימניס האָט איהם איינגעהילט. זיין היילינקייט איז נאָך גרעסער געוואָרען.

אלע האָבען מיט גרויס שפּאַנונג געוואַרט צו הערען זיין דרשה וואָס ער וועט האַלטען דעם קומענדען זונטאג אין דער קעניגליכער קירכע.

פּעדראָ ארבועז אָבער האָט ביי זיך אין הארצען שטארק גענומען צווייפלען וועגען איעדאַ'ס הייליגקייט. .. דער פּלוצלינגער קוויטש פון דער נאָנע און איהר חלש'ן האָבען אריינגעבראכט א חשד אין איהם. אויב זיין פאַרדאַכט וועט זיין ריכטיג וועט ער איהם קענען אויסנוצען פאַר זיין אי גענער טובה... ער וועט איהם געוויס קענען העלפען אריינברייגען ביטרים'ן אין מאַנאַסטיר. ער וועט בלויז דאַרפען זאָגען איין וואָרט צו דער קעניגין... ווען ער זאָל איהם האָבען אין האַנד, וועט ער זיך געוויס ניט דאַרפען שרעקען פאַר איהם. ער זאָל ניט ווערען זיין קאָנקורענט. ער וועט שוין דורך זיין איינפלוס דערגרייכען אלעס צו וואָס ער שטרעבט. זיי וועלען זיך איינער דעם צווייטען העלפען. ער וועט לויבען און פאַרהייליגען איעדאַ'ן פאַר פערדינאַנד און איזאבעלאַ'ן. און איעדאַ וועט דערפאַר איהם פאַרלויבען פאַר זיי... ער וועט מעגליך נאָך קענען ווירקען אויף איהר זי זאָל איהם בעשטימען פאַר אַן אינקוויזיטאָר אין סעוויל.

דעם זעלבען טאָג איז ארבועז ווידער אוועק אין מאַנאַסטיר ער איז געווען זיכער אַז טערעסאַ האָט אויסגעפונען ביי דער נאָנע וואָס עס האָט פּאַסירט מיט איהר און פאַרוואָס זי האָט גע'חלש'ט ווען זי האָט דערזעהן איעדאַ'ן... מיט גרויס אומגעדולד האָט ער געוואַרט זי זאָל אריינקומען אין איהר צימער, און ווען ער האָט זי דערזעהן, האָט ער איהר גלייך געפרעגט:

— וואָס האָט זי דיר דערציילט?

— גאָרניט! איך האָב פון איהר קיין זאַך ניט געקענט ארויסקריגען. איך האָב איהר בארוהיגט און געזאָגט אַז איך וועל אריינשיקען צו איהר דעם הייליגען פּאָטער ארבועז... איך בין זיכער אַז פאַר דיר וועט זי אלעס דערציילען... איך האָב איהר שוין דערצו אויך צוגעגרייט.

— איך מוז אלעס וויסען! — האָט ארבועז אויסגערופען, — אויב עס זאָל זיך ארויסווייזען אַז איעדאַ... יא, דאָס וואָלט מיר זעהר גוט צוניץ געקומען... געה אריין, זאָג איהר אַז איך קום... זי וועט זיך מוזען פאַר מיר מתודה זיין.

— דו קענסט גלייך אריינגעהן צו איהר! — האָט טערעסאַ געזאָגט, — איך האָב שוין מיט איהר גערעדט.

טערעסאַ האָט איהם אָנגעוויזען דעם צימער וואו יענע נאָנע איז געווען און זי איז גלייך אוועק פון דאָרטען.

פּעדראָ ארבועז האָט לאַנגזאַם אויפגעעפענט די טיהר פון איהר טונקעלען צימער. ער האָט באַמערקט ווי די נאָנע זיצט א פאַרטרויערטע.

— זיי געבענשט צו יעזוס! — האָט איהר ארבועז באַגריסט.

זי האָט זיך שנעל אויפגעשטעלט פון איהר פּלאַץ. איהר פּנים איז געווען בלאַס און צושראָקען.

— זאָג מיר, ווי פיהלסטו זיך יעצט? — האָט זיך צו איהר געווענדעט ארבועז, ארויפלייגענדיג זיין האַנד אויף איהר קאָפּ און געבענדיג איהר זיין ברכה.

זי האָט א שאָקעל געטהאָן מיט איהר קאָפּ און געענטפערט אז זי פיהלט זיך בעסער.

— פון דעם וואָס דו האָסט דיזען פריהמאָרגען אויסגעשריען און נאכהער גע׳חלש׳ט דערזעהענדיג דעם היילינגען איעדראָ׳ן, איז א צייכען אז עפּעס דריקט דיר אויף דיין נשמה, א זאך וואָס דו האָסט זיך נאך קיינמאָל ניט מתודה גע־ווען. און יעצט בין איך געקומען דיר זאָגען, דו היילינגע כלה פון יעזוס׳ן, אז דו האָסט זעהר ניט ריכטיג געהאנדעלט ווען דו האָסט געזוכט צו פאַרלייקענען פון דיין ווידוי פאטער א זאך פון גרויסער וויכטינקייט. ווען דו וואָלסט עס זיך גלייך אויפגערעדט פון הארצען, וואָלסטו זיך איין גאנצען אנדערש געפיהלט. עס וואָלט דיר א סך לייכטער געוואָרען און דו וואָלסט זיך גליקליכער געפיהלט... דו ווייסט דאָך אז פאר דיין היילינגען ווידוי פאטער טאָרסטו קיין פּאַרבאָרגענעס ניט האָ־בען. און אויב דו וועסט פאר מיר זיך אויף אלעם ניט מתודה זיין, באַגעהסטו דאמיט א גרויסע זינד פאר גאָט... און אפילו דייז זיין דאָ איז מאָנאסטיר וועט דיר גאָרנישט העלפען. דיין נשמה וועט קיינמאָל ניט אויסגעלייטערט ווערען.

— איך וויל ניט זיין אין מאָנאסטיר! איך וויל געהן אהיים צו מיין קינד!

— צו דיין קינד? — האָט פּעדראָ ארבועז אויסגערופען מיט ערשטוינונג.

— ביזטו דען געוועזן פערהייראט?

די נאָנע האָט א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ אויף ניין, און האָט אנגעהויבען וויינען.

מיט צערטליכע לאַסטשענדע רייד האָט ארבועז זי געטרייסט. ער האָט איהר געזאָגט וואָס עס איז פאר איהר אָנגעגרייט אין הימעל ווען זי וועט פאר איהם אויסגיסען איהר הארץ. זי טאָר פון איהם קיין זאך ניט פאַרלייקענען.

— ווייסטו ווער דער פאטער פון דעם קינד איז? — האָט ער פּלוצלינג א זאָג געטהאָן.

— איך ווייס! — האָט זי ניט אויפגעהערט צו כליפּען — דאָס איז אָט דער מאן וועלכער האָט אונז היינט אין דער פריה זייי ברכה געגעבען.

— אויב אזוי דאַרפסטו דאך געוויס ניט זאָרגען! — האָט ער מיט גרויס צופרידענהייט געזאָגט, — איעדראָ איז דאך ווירקליך א היילינגער מאַן, און אויב גאָט האָט דיר באַלוינט און דו האָסט געבוירען א קינד פון איהם. מעגסטו זיכער דאמיט שטאָלצירען. דיין קינד וועט אויסוואקסען איינער פון די היילינגע.

— ווער ווייס אויב דאָס קינד לעבט נאך! — האָט זי טרויערינ געזאָגט, — מיין פאטער האָט מיך אין מאָנאסטיר אריינגעגעבען ווען דאָס קינד איז בלויז איין מאָנאט אלט געווען. אלע אין הויז האָבען איהם אנגערופען ממזר.

— ווען דו וועסט מיר אלעם דערצעהלען, פאַרשפּרעך איך דיר, אז איך וועל אליין אוועקגעהן און זיך זעהן מיט דיין פאטער, איך וועל אויסגעפינען וואָס דיין קינד מאכט, און איך וועל איהם זאָגען אז ער זאָל דאָס קינד זעהר טהייער האַלטען, ווייל פון איהם וועט א גרויסער היילינגער אויסוואקסען.

די נאָנעס אויגען האָבען געגומען שטראַהלען פון גליק, ווען זי האָט גע־הערט זיינע לעצטע רייד. אָה, ווען זי זאָל נאָר וויסען אז איהר קינד לעבט!

ארבועז האָט געזעהן וואָס פאר א שטאַרקען איינדריק זיינע רייד האָבען אויף איהר געמאכט און ער האָט צוגעגעבען.

— בלויז דאַן וועל איך עפּעס קענען טהאָן פאַר דיר און דיין קינד, ווען דו וועסט מיר אַלע איינצעלהייטען דערצעהלען.

נאָך אַ קליינע פּויזע האָט די נאָנע מיט טרעהרען אין די אויגען דערצעהלט אַלעס וואָס מיט איהר האָט פּאַסירט.

"מיינע עלטערען געפינען זיך אין אַ דאָרף ניט ווייט פון סעוויל. זיי זיינען ניט קיין רייכע, איך בין די עלטסטע טאָכטער, איך האָב נאָך צוויי שוועסטער און איין ברודער. איך פּלעג מיינע עלטערען העלפען מיט דער ארבייט אין הויז און אין פעלד.

"איינמאָל איז אין אונזער דאָרף אָנגעקומען אַ גייסטליכער. מיין פאטער האָט איהם באַגעגענט אין וועג און איהם איינגעלאַדען צו אונז אין הויז. ווען ער איז געקומען צו אונז האָבען מיר זיך אַלע געשעצט גליקליך וואָס אַזא הייליגער מאַן טהוט אונז אַן אַזא כבוד. מיר האָבען איהם אָפּגעגעבען דעם בעסטען צימער. מיין פאטער האָט מיר געהייסען איהם בעדינען. ער האָט געהאָפט אַז איך וועל פון איהם זיין הייליגע ברכה קריגען. ער האָט מיר איינינגע מאָל פערהאַלטען אין זיין צימער און מיט מיר גערעדט. ער האָט מיר אַזוי פאַר'כישופ'ט מיט זיינע רייד אַז איך האָב זיך אין גאַנצען פאַרלאָרען. און איז אַ צייט ווען אַלע אונזערע זיינען געווען אין פעלד, האָב איך זיך איהם איבערגעגעבען. גלייך אויף מאָרגען איז ער פאַרשוואונדען. קיינער האָט ניט געוואוסט ווער ער איז, פון וואַנען ער איז געקומען און וואוהין ער איז אוועק. ער איז נאָך ביי אַלעמען מעהר פערהייליגט געוואָרען. אַפילו זיין בעטעל אויף וואָס ער איז געשלאָפען און זיין שטוהל אויף וועלכען ער איז געזעסען איז ביי אַלעמען פאַררעכענט געוואָרען אַלס הייליגע. איך בין די גאַנצע צייט געווען ווי איז אַ קאַשמאַר. איך האָב ניט באַגריפען וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט, ביז וואַנען איך האָב אָנגעהויבען פיהלען אַז איך דאַרף ווערען מוטער. איינינגע מאָנאַטען האָב איך געהאַט די מעגליכקייט עס צו פאַרבאָרגען פון מיינע עלטערען, אָבער שפּעטער איז שוין געווען אונמעגליך. מיין מוטער האָט אין מיר גלייך דערקענט, און זי האָט עס דערצעהלט מיין פאטער, וועלכער האָט מיר גלייך גענומען שלאָגען און צווינגען איך זאָל אויסזאָגען ווער דאָס איז...

— און דו האָסט זיי געווים דערצעהלט? — האָט פּעדרא ארבועז איהר געפרעגט.

— ניין, ביז היינטיגען טאָג ווייסען זיי ניט. וויפיעל מיין פאטער האָט מיך ניט געשלאָגען און געפייניגט איך זאָל אויסזאָגען, האָב איך עס ניט געטהאָן. אַפילו נאָכדעם ווי איך האָב דאָס קינד געבוירען, האָב איך קיינעם ניט געזאָגט ווער דער פאטער פון מיין קינד איז... קיינעם פון זיי וואָלט גאָר קיינמאָל ניט איינגעפאַלען אַז יענער הייליגער איז דער פאטער פון מיין קינד... זיי האָבען געמיינט אַז עס איז געווען איינער פון דאָרף... נאָכדעם ווי איך האָב דאָס קינד געבוירען, זיינען מיינע ליידען נאָך גרעסער געוואָרען. מיין זוהן האָבען זיי קיין אַנדער נאָמען ניט גערופען ווי ממזר... אַלע אין הויז האָבען אויף מיר געקוקט מיט פאַראַכטונג... איך בין געווען צו שאַנד און צו שפּאָט אין זייערע אַלעמענס אויגען. און ווען דאָס קינד איז איין מאָנאַט אַלט געוואָרען, האָט מיין פאטער מיר ערקלעהרט אַז איך בין אַ זינדיגע און כדי גאָט זאָל מיין זינד פאַרגעבען. וועל איך מוזען אַריינטרעטען אין מאָנאַסטיר, דאָרט וועט מיין נשמה געליי-

טערט ווערען. איך האָב געוויינט און געבעטען ער זאָל מיר ניט אוועקרייסען פון מיין קינד, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. איך האָב געוואוסט אז אפילו ווען איך וואָלט איהם אויסגעזאָגט ווער דער פאטער פון קינד איז, וואָלט ער מיך אליין איינם אָפּגעגעבען אין מאָנאסטיר. איך האָב דאריבער בעשלאָסען איהם קיינמאָל ניט צו דערצעהלען. ער האָט מיך מיט געוואלד פון מיין קינד אוועקגעריסען און אהער געבראכט. שוין באלד צוויי יאָהר אז איך געפין זיך דאָ אין מאָנאסטיר און איך קען מיין קינד פון מיינע געדאנקען ניט ארויסלאָזען... ביינאכטיג איך אין מיין בעט און פארגים טרעהרען. איך בין מתפלל צו גאָט ער זאָל בעשיצען מיין קינד פון שלעכטעס... איך וויים, אז איך האָב שוין מעהר קיין האָפנונג פון דאנען ארויסצוקומען.

— ווילסטו דען ארויס פון מאָנאסטיר? — האָט ער איהר געפרעגט, — ביזטו דען ניט גליקליך? ווייסטו דען ניט אז דער מאָנאסטיר איז די פאָדער־הויז צום גן עדן?

— אָבער איך בענק נאָך מיין קינד! — האָט זי זיך פאנאנדערגעכליפעט.

— אָ, איך בעט אייך, הייליגער וידוי פאטער, זאָל ער מיר קומען צו הילף און זאָל ער אנערקענען דאָס קינד און זאָל ער זאָגען אז איך בין אומשולדיג.

— בערוהיג זיך! — האָט פעדרא ארבועז שטילערהייט געזאָגט, — איך וועל זעהן אויסגעפינען אויב דיין קינד לעבט. דו מעגסט זיך שעצען גליקליך אז דער הייליגער אַיעדאַ איז דער פאטער פון דיין קינד... דאָך אליין באווייזט אז דו ביזט ווירדיג צו זיין די כלה פון יעזוס׳ן... איך וועל מיט איהם ריידען. אָבער דו מוזט מיר דערצעהלען אלעס וואָס ער האָט מיט דיר גערעדט אין דער צייט ווען דו האָסט זיך איהם איבערגעגעבען. געדענקסטו זיינע רייד?

— ניין, איך געדענקט גאָרנישט. איך וויים אז ער האָט מיט מיר זעהר פיעל גערעדט, אָבער איך בין געווען אזוי אויפגערעגט און צוטומעלט אז איך האָב גאָרנישט פארשטאנען... אָבער ווען ער האָט מיר געגעבען זיין ערשטען קוש, האָט ער מיר געזאָגט, אז דורך דעם בין איך געהייליגט געוואָרען. און מיין נשמה איז געלייטערט געוואָרען... מעהר געדענק איך נישט.

— יאָ, דאָס זיינען געווען הייליגע ווערטער פון א הייליגען מאן! — האָט פעדרא ארבועז אויסגערופען, — דערווייל בערוהיג זיך, איך וועל שוין זעהן אז דו זאָלסט מעהר קיין זאָרג ניט האָבען... דו דארפסט וויסען אז איך בין דער איינציגער מאן וועלכער וויים פון דיין סוד און דו מוזט מיר צושווערען אז אויסער מיר וועסטו מעהר קיינעם דיזען סוד ניט ענטדעקען.

ארבועז האָט אויפגעהויבען זיין צלם וואָס ער האָט ארויסגענומען פון אונ־טער זיין פעלערינא און ער האָט איהר געהייסען ארויפלעגען איהר האנד אויף דעם.

— יעצט שווער אין נאָמען פון יעזוס׳ן אז דו וועסט קיינעם ניט דערצעה־לען, סיידען איך וועל דיר געבען די ערלויבניש דערצו.

די בלאַסע און צושראָקענע נאָנע האָט צוגעשוואָרען. און דאן האָט פעדרא זי פארלאָזען. ער איז ארויס פון מאָנאסטיר מיט א פרעהליכען געמיטה. יעצט האָט ער אַיעדאַ׳ן אין זיינע הענד, און ער וועט פון איהם קענען ארויסקריגען א גרויסען נוץ. אין זיינע געדאנקען האָט ער אויסגעארבייט א פּלאַן ווי אזוי ער וועט דורך איהם קענען באוועגען די קעניגין אריינצוגעבען ביטרים׳ן אין

מאָנאסטיר. א פרעהליכער איז ער אוועק צום פאַלאַץ און דאָרטען האָט ער שוין געטראָפען פיעלע גייסטליכע, צווישען וועלכע עס האָבען זיך געפונען בישאָפען און עפּיסקאָפּען, וועלכע זיינען געקומען באַגריסען דעם הייליגען אַלאָנזאָ איעדאַ.

די קעניגין איז אויך אנוועזענד געווען. איעדא האָט זיך אויפגעשטעלט אוי' גענומען רעדען שיטענדיג פעך און שוועבעל אויף די מאראנען און די אידען.

— די מאראנען זיינען א סך מעהר געפעהרליכער ווי די אָפענע אידען! — האָט זיין שטימע געדונערט. — זיי באשמוצען דעם קריסטענטום, זיי טהוען אונז אָן חרפּות און בושות. מיט דער קריסטליכער מאסקע וואָס זיי האָבען אויף זיך ארויפגעצויגען האָבען זיי אריינגעדרונגען אין די הויכע פענסטער, זיי האָבען פאַרפּלייצט אונזער לאַנד מיט זייערע שענדליכע ביישפּיעלען, זיי האָבען אָנגעפילט זייערע קעשענעס מיט גאָלד און דערצו קריגען זיי אויך כבוד... זיי שפּאָטען און לאַכען אָפּ פון אונזער הייליגטום, זיי לעסטערען דעם נאָמען פון אונזער גאָט, און ווען זיי קומען אין פאַרבינדונג מיט אונז מאַכען זיי זיך פאַר פרומע קריסטען. זיי זוכען צו פאַרבלענדען אונזערע אויגען. אָבער יעצט איז זייער סוף שוין געקומען! אונזער גאָט האָט אריינגעגעבען דעם געדאַנק צו דער הייליגער קעניגליכער פּאָר און זיי האָבען די אינקוויזיציע איינגעפיהרט, עס וועט שוין לאַנג ניט נעהמען און די געריכטע וועלען זיין גרייט מיט די אינקוויזיטאָרען צו משפּט'ן די פאַלשע אומגלויביגע, דאָס פייער וועט זיך אָנצינדיגען און זיך פאַרשפּרייטען ביז וואַנען עס וועט פאַרצעהרען אַלע פאַלשע קריסטען. און דורך דעם וועט יעזוס בענשען אונזער לאַנד, אונזער קעניג און אונזער קעניגין.

די אנוועזענדע האָבען וואַרעם אַפּלאָדירט דעם הייליגען איעדא'ן. ער האָט אויסגעדריקט דאָס וואָס עס איז ביי אַלעמען געווען אויפ'ן הארצען. דער איינציגער וועלכער האָט זיך צוריקגעהאַלטען איז געווען איזאַבעלא'ס קאָנפעסאָר הערנאַנדאָ דע טאַלאַווערא. ער האָט נאָך ביז דער לעצטער מינוט געהאָפט אַז די אינקוויזיציע וועט פאַרמידען ווערען. ער האָט עס ניט געוואָגט ארויסצוזאָגען, ווייל דורך דעם וואָלט ער אויף זיך א חשד ארויפגעצויגען. די קעניגין האָט איהם ניט לאַנג צוריק געהייסען אָנשרייבען א בוך וואָס זאָל באַווייזען די מאראנען אַז זיי זיינען אומגערעכט, אַז זיי זיינען זינדיגע און אַז זיי זאָלען תשובה טהאָן. ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט דעם ביכעל און געלאָזען דער קעניגין דורכלעזען, איז זי שטאַרק באַגייסטערט געוואָרען פאַר דעם. זי האָט אויך געמיינט אַז נאָכדעם ווי יעדער מאראנא וועט עס דורכלעזען, וועט זיין הארץ אָנגעפילט ווערען מיט חרטה און ער וועט תשובה טהאָן... אָבער פעדראַ ארבועז, סאַן מאַרטין און די איבריגע גייסטליכע האָבען ניט אויפגעהערט אויסצואיבען זייער איינפלוס אויף איהר, ביז וואַנען זי האָט צוגעגעבען אַז דער איינציגער וועג צו מאַכען די מאראַנען פאַר עהרליכע קריסטען איז די אינקוויזיציע, דורך וואָס די זינדיגע וועלען גע'משפּט ווערען און באַקומען זייער שטראָף, וועלען דאַן די איבריגע זיך ארומזעהן און וועלען תשובה טהאָן מיט'ן גאַנצען הארצען. און אזוי ווי דער קעניג פערדינאַנד איז געווען מעהר ווי נייגעריג איינצופיהרען די אינקוויזיציע, האָט די קעניגין זיך שנעל געלאָזט איבעררעדען און דע טעלאַווערא'ס בוך איז געשריבען געוואָרען אומזיסט, ווייל מען האָט אַלץ איינס די מאראנען קיין געלעגענהייט ניט געגעבען תשובה צו טהאָן... אָבער

ניט דער קעניג און ניט די קעניגין האָבען איהם חושד געווען אז ער סימפּאַטיזירט מיט די מאראַנען.

אויסער דעם וואָס דע טעלאַווערא איז געווען עהרליך און אויפריכטיג, זיינען זיינע רייד געווען קלוג און לאָגיש. ער האָט שטענדיג גערעדט מיט רוהיגקייט און געלאַסענהייט און זיינע רייד האָבען אימער געמאַכט א טיעפען איינדרוק אויף דער קעניגין, וועלכע פלעגט זיך פאר איהם יעדען זונטאג מודה זיין אויף איהרע זינד, אָבער ער איז געווען הילפלאָז געגען אזוי פיעל גייסטליכע און געגען דעם שטאַרקען ווילען פון פערדינאַנד'ן וועלכער האָט געהאַפּט אַנצופילען זיינע אוצרות. מיט דעם רייכטום פון די מאראַנען.

דע טעלאַווערא האָט געוואוסט אז פיעלע פון די גייסטליכע וועלכע פּרעדיגען אזוי שטאַרק די אינקוויזיציע, טהוען דאָס ניט לשם שמים, נאָר צוליעב זייערע אייגענע צוועקען. זיי זוכען דורכדעם צו דערגרייכען הויכע עמטער. זיי האָפען בעשטימט צו ווערען פאר אינקוויזיטאָרען און דורך דעם רייך ווערען... מעהר פון אַלעמען האָט ער פאראכטעט פּעדראָ ארבועז'ן, ווייל ער האָט איהם גוט פארשטאַנען און געוואוסט אז ער איז פאלש. פון וואָס ער האָט געהערט פון ביטרים'ס מויל, איז זיין שלעכטע מיינונג וועגען ארבועז'ן נאָך שטאַרקער געווארען. ער האָט געוואוסט אז ווען אזעלכע געמיינע און פאַלשע מענשען ווי ארבועז וועלען ווערען אינקוויזיטאָרען, וועט שוין זיכער קיין גערעכטיגקייט ניט געטהאָן ווערען צו די אומגליקליכע מאראַנען וועלכע וועלען אריינפאלען אין דער נעץ וואָס די אינקוויזיציע וועט פארשפּרייטען פאר זיי.

וועגען איעדאָ'ן האָט דע טעלאַווערא נאָך קיין מיינונג ניט געקענט האָבען, ווייל עטליכע יאָהר איז ער אין גאַנצען פארשוואונדען געווען. און לויט די פארשידענע קלאַנגען וואָס האָבען זיך וועגען איהם ארומגעטראָגען, האָט ער אָפּגעריכט גלות און זיך געוויס גענוג אָנגעליטען... מ'ענגליך אז ער איז אויפריכטיג... ער איז שמאָל־קעפּיג און באַגרייפט ניט די ערנסטקייט פון דער לאגע, אָבער פּעדראָ ארבועז און אפילו סאַן מארטין, זיי זיינען בלויז אויסען זייער אייגענע טובה.

דעם לעצטען מאָל ווען ער האָט זיך געזעהן מיט לואיס דע סאַנטאַנגעל האָט ער איהם געזאָגט אז אלע האָפנונגען זיינען פארלאָרען, די אינקוויזיציע איז שוין א געזעץ און די איינציגע זאך וואָס די מאראַנען וועלע' דארפען טהאָן איז צו זיין זעהר פאָרזיכטיג, ווייל פיעלע שפּיאָנען וועלען פארשפּרייט ווערען איבער'ן גאַנצען לאַנד. עס וועט זיין גענוג אז אימיצער פון די שכנים זאָל אָנווינקען צו די אינקוויזיטאָרען אז ער איז חושד א נייעם קריסט. וועט שוין יענער געבראַכט ווערען פאר דער טריבונע און געפּייניגט ווערען אזוי לאַנג ביז וואַנען ער וועט זיין געצוואונגען זיך "מודה" צו זיין, און ערשט דאַן וועט מען איהם פאר'משפּט'ן פארברענט צו ווערען.

— מיין עצה איז - - האָט דע טעלאַווערא געזאָגט — אז יעדער מאראַנאָ זאָל זעהן אז זיין אויווען זאָל ברענען יעדען שבת, כדי א רויך זאָל ארויסקומען פון קוימען, ווייל ווי איך האָב זיך דערוואוסט וועט דאָס זיין דער ערשטער סימן. פיעלע פון די שפּיאָנען וועלען אומבאַמערקטערהייד בעאָבאַכטען די הייזער פון די מאראַנען אום שבת, און ווען זיי וועלען זעהן אז קיין רויך קומט ניט

ארויס פון זייערע קוימענס וועט עס פאר זיי זיין א גוטער באווייז אז זיי היטען אפ שבת און זיי זיינען געהיימע אידען.

---

פעדרא ארבועז האט געווארט א געלעגענהייט צו זיין מיט אלאנזא דע איעדא'ן אליין. ער האט געפיהלט אז זיי וועלעןביידע ווערען איבערגעבענע פריינד, זיי וועלען זיך ביידע פארשטעהן און ער וועט איהם גאנץ זיכער קענען פארטרויען זיין סוד וועגען זיין שטארקע ליעבע צו ביטרים'ן און ער וועט פון איהם פארלאנגען ער זאל איהם ארויסהעלפען.

אין איניגע טעג ארום איז די געלעגענהייט געקומען. פעדרא ארבועז האט איהם אפגעווארט אין וועג, און ווען ער האט איהם דערזעהן געהענדיג, איז ער צו איהם צוגעקומען און זיך ווארעם מיט איהם באגריסט.

— איך האב מיט דיר זעהר וויכטיגעס וואס צו ריידען, — האט ער אנגענומען איעדא'ס האנד, — לאמיר אוועקשפאצירען הינטער דער שטאדט וואו מיר וועלען קענען ריידען אונגעשטערט.

ער האט צוגעשטימט און ביידע האבען אוועקגעשפאצירט. ווען זיי זיינען שוין געווען א היבשען מרחק פון שטאדט, האט ארבועז זיך צו איהם געווענדעט:

— ווען איך האב דיך צום ערשטען מאל דערזעהן זייט דו ביזט פארשוואונדען געווארען, האב איך געפיהלט אז מיר ביידע וועלען קענען זיין גוטע, איבערגעבענע פריינד, מיר וועלען זיך קענען העלפען איינער דעם צווייטען... יעצט זעה איך אז איך האב קיין טעות ניט געמאכט.

— ווי איך פארשטעה האסטו זיך אויך ערווארבען א גאנץ גוטען נאמען צווישען די גייסטליכע, — האט איעדא מיט א שמייכעל געזאגט.

— יא, די קעניגין האט ארויסגעוויזען גרויס גנאד צו מיר, איך בין א שטענדיג אריינגעהער אין דעם קעניגליכען פאלאץ. אבער נאך מעהר בין איך געשעצט און געאכטעט אין דעם מאנאסטיר. דו ווייסט דאך אז איך בין דער וידוי־פאטער פון די נאנעס, און לאמיך דיר זאגען, אז קיין איינציגע נאנע האלט עפעס פארבארגען פון מיר... איך ווייס אלע זייערע סודות. זיי ענטדעקען צו מיר אלעס...

איעדא'ס פנים איז בלאס געווארען. ער האט גענומען פארשטעהען וואס ארבועז ציעלט מיט זיינע רייד, און ער האט דאריבער געזוכט צו פארקלענערען די וויכטיגקייט דערפון.

— ניט שטענדיג דארף מען נעהמען זייערע רייד ערנסט! — האט ער איהם געענטפערט, — צוליעב דעם וואס זיי געפינען זיך אליין אין זייערע איינזאמע צימערען, נעהמען זיי זיך גאנץ אפט איינבילדען זאכען וואס האט קיינמאל ניט פאסירט... דאס קומט פון דעם וואס זיי טראכטען און קלעהרען פון דעם זעהר פיעל ביז וואנען זיי אליין פאנגען אן צו גלויבען אז דאס האט ווירקליך פאסירט.

— מיך קען מען אבער ניט נארען! — האט פעדרא ארבועז געזאגט, — מיר דערצעהלט מען דעם אמת, אבער איך האב דיר שוין געזאגט, אז מיר ביידע דארפען שליסען א בונד פון פריינדשאפט און זעהן העלפען איינער דעם צווייטען ווי ווייט מעגליך... מיר האבען דאך ביידע איין ציעל און די זעלבע שטרעבונגען... און אויב דו ווילסט וויסען, קען איך דיר זאגען אז איך האב דיר שוין

געטהאַן איינע פון די גרעסטע טובות וואָס דו האָסט זיך וועז עס איז געקענט פאַרשטעלען.

— איך ווייס, און איך בין דיר זעהר דאַנקבאַר פאַר דעם! — האָט איעדאַ זיך אָפּגערופען.

— דו ווייסט?! — האָט ארבועז איהם אַנגעקוקט מיט ערשטוינונג, — פון וואַנען ווייסטו דאָס?

— איך ווייס אַז דו האָסט מיך גרויס געמאַכט און פאַרהייליגט אין די אויגען פון דער קעניגין... דו האָסט אויף מיר בלויז גוטעס גערעדט און פאַר דעם בין איך דיר זעהר דאַנקבאַר.

— אַה, ניין, ניט דאָס מיין איך! — האָט ארבועז געענטפערט, — די טובה וואָס איך האָב דיר געטהאַן, בין איך זיכער אַז דו וועסט וויסען ווי אָפּצושאַצען... פון דעם וועסטו אליין זיך איבערצייגען וואָס פאַר אַ גוטען פריינד דו האָסט אין מיר געפונען.

איעדאַ האָט אויף איהם געקוקט מיט נייגעריגע בליקען.

— די נאַנע וועלכע האָט גע'חלש'ט יענעם פריהמאָרגען ווען דו ביזט געקומען אין מאַנאַסטיר דיין ברכה זיי צו געבען, קענסטו זי?

— איך? הם... אַה, ניין! פון וואַנען זאָל איך איהר קענען?

ארבועז האָט איהם אַ לייכטען קלאַפּ געטהאַן אין פּלייצע און מיט אַ שמייכעל געזאָגט:

— איך זעה ניט איין פאַר וואָס מיר זאָלען ניט זיין אָפענהערציג איינער מיט'ן צווייטען... דו מעגסט זיכער זיין אַז דיין סוד וועט אייביג פאַרזיגעלט זיין אין מיין הארצען... די נאַנע האָט מיר אַלעס דערצעהלט.

איעדאַ'ס פּנים האָט זיך געביטען קאָלירען... אַ קאַלטער שוויים האָט באַנאַסען זיין קערפּער... ער האָט געקוקט אויף ארבועז'ן מיט מאָדנע בליקען.

— איך זעה אַז דו ביזט מיעד פון געהן! — האָט ארבועז זיך צו איהם אָפּגערופען, — אָט דאָרטען געפינט זיך אַ שטיין, לאָמיר זיך צוזעצען און נאָכהער וועלען מיר ריידען.

זיי האָבען זיך ביידע אנידערגעזעצט אויף דעם שטיין. אַ ווײַלע האָבען זיי ביידע געשוויגען.

— גלויב מיר, מיין פריינד, אַז איך האָב זעהר פאַרנינפטיג געהאַנדעלט ווען איך האָב זיך דעם זעלבען טאָג צוריקגעקעהרט אין מאַנאַסטיר און זיך געזעהן מיט דער נאַנע. זי האָט מיר אַלעס דערצעהלט. יעצט איך האָב זיך איבערצייגט אַז איך בין דער איינציגער וועמען זי האָט דערצעהלט אַלעס. האָב איך זי בעשוואָרען אַז זי זאָל קיינעם דעם סוד ניט ענטדעקען.

— אָבער איך פאַרשטעה דיך נאָך אַלץ ניט! — האָט איעדאַ געזאָגט, און זיין פּנים איז רויט געוואָרען.

— דו ווייסט אַז זי האָט אַ זוהן געבוירען?! — האָט ארבועז זיך צו איהם געווענדעט.

— זי האָט געבוירען אַ זוהן? — האָט ער זיך פּלוצלינג אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ.

— יאַ, זי האָט דיר געבוירען אַ זוהן, — האָט ארבועז ווייטער געזאָגט, —

איך קען דיר זאָגן אז זי איז ווירקליך א הייליגע... וויפיעל איהר פאטער האט איהר געשלאָגען זי זאָל אויסזאָגען ווער דער פאטער פון איהר קינד איז, האט זי ניט אויסגעזאָגט... זי האט געליטען יסורים... איהר פאטער האט דאָס קינד פון איהר אוועקגענומען... ער האט איהר אריינגעגעבען אין מאָנאסטיר... אָבער איהרע ליפּען זיינען געווען פארזיגעלט, ביז יענעם טאָג ווען זי האט דיך אזוי פלוצלינג דערזעהן... זי האט זיך מעהר ניט געקענט באהערשען, און ארויסגעלאָזען דעם געשריי און גלייך איין חלשות געפאלען. די אויפזעהערין פון מאָנאסטיר האט איהר גענומען אויספרעגען, אָבער זי האט פון איהר גאָרנישט געקענט ארויסקריגען... צו מיר אָבער, אלס דעם הייליגען ווידוי־פאטער, האט זי געהאט צוטרויען... מיר האט זי אלעס דערצעהלט... אָבער איך וויל דיך פארזיכערן אז איך פארשטעהע דיר גאנץ גוט און איך ווייס אז אונזער פריינדשאפט וועט צוליעב דעם נאָך שטארקער ווערען, און אזוי שנעל ווי איך האב פון איהר דערגאנגען אז איך בין דער איינציגער וועמען זי האט עס פארטרויט, האב איך דיך געוואָלט באווארענען און איך האב איהר צוגעשוואוירען אזוי זאָל פאר קיינעם ניט דערצעהלען... סיידען, איך וועל איהר דערצו די ערלויבניש געבען.

— און וואָס האט זי דיר דערצעהלט? — האט איעדא געפרעגט, און זיינע בלאַס געוואָרענע ליפּען האָבען געציטערט.

— זי האט מיר אלעס דערצעהלט, ווי אזוי דו ביזט אָנגעקומען אין זייער דאָרף, איהר פאטער האט דיך איינגעלאדען, זי האט מיר אפילו דערצעהלט אז ווען דו האָסט איהר געגעבען דעם ערשטען קוש, האָסטו איהר געזאָגט אז דורך דעם איז זי געהייליגט געוואָרען און איהר נשמה איז געלייטערט געוואָרען. און ווייסטו וואָס איך האב איהר צו דעם געזאָגט? איך האב איהר געזאָגט, אז דאָס זיינען געווען הייליגע ווערטער פון א הייליגען מאַן.

— אָה, איך בין פארלאָרען! איך בין פארלאָרען! — האט איעדא קוים ארויסגערעדט, — דער טייוועל האט זיך דאָן אין מיר אריינגעזעצט. איך ווייס ניט וואָס מיט מיר האט דאָן פּאסירט. איך האָב זעהר א שרעקליכע זינד בעגאנגען.

— דאָס רופסטו א זינד! — האָט ער איהם געטרייסט, — דורך דעם ביזטו נאָך מעהר געהייליגט אין מיינע אויגען. איך האָב דיר אויך זעהר א וויכטיגען סוד צו ענטדעקען, און דאָן בין איך זיכער, אז דו וועסט האָבען צו מיר פולען צוטרויען און דו וועסט מיט מיר נאָך קומען באזוכען דעם מאָנאסטיר גאנץ אָפט.

— אָה, ניין! ניין! אהין וועל איך שוין מעהר ניט קומען, — האָט איעדא עטוואָס צושראָקען אויסגערופען.

— דו האָסט זיך ניט וואָס צו שרעקען, אפילו יענע נאָנע, די מוטער פון זיין קינד, האָט זיך שוין בארוהיגט. עס איז בלויז געווען די פלוצלינגע באַגעגעניש וואָס האָט איהר אזוי ערשיטערט... יעצט אז זי וועט דיך דערזעהן, וועט זי זיך ווייסען ווי צו האלטען... און דארפסט ניט פארגעסען, אז אויסער איהר זיינען פאראן נאָך פיעלע יונגע שעהנע נאָנעס.

— אָה, וואָס רעדסטו, דו זינדיגסט דאָך מיט דיינע רייד! — האָט איעדא אויסגערופען.

— אויב גאָט וועט עס מיר פאר א זינד פאררעכענען, וועל איך דיזע זינד אָפּוואשען מיט די בלוט פון די פאלשע קריסטען... יעדער מאראנא וואָס וועט

דורך אונזערע הענד געטויטעט ווערען, וועט זיין א כפּרה פאר אזעלכע זינד, — האָט ארבועז געענטפערט, — אלע ווייסען אז אזעלכע הייליגע ווי מיר ביידע וועלען אריינקומען אין מאָנאסטיר, וועט די לופט געהייליגט ווערען... זיינען מיר דען ניט די שלוחים פון יעזוס'ן ער שיקט דאָך אונז אהין צו פאר'קנס'ען זיינע כלות.

— אָבער איך האָב ביי זיך בעשלאָסען מעהר מיין פוס ניט אריבערטרעטען די שוועל פון מאָנאסטיר! — האָט אַלאַנזאָ דע איעדרא זיך אפּגערופען.

— איך וועל דיר זיכער ניט צווינגען אהין צו געהן! — האָט ארבועז געשמייכעלט, — איך האָב דיר בלויז געוואָלט פארזיכערען אז דו האָסט מעהר ניט וואָס זיך צו שרעקען... איך האָב שוין אלעס גוט בעזאָרגט, און יעצט פאר־לאַנג איך אז דו זאָלסט מיר אויך א טובה טהאָן, און איך בין זיכער אז דו וועסט מיר פארשטעהן און געוויס ניט ענטזאָגען.

— איך וועל טהאָן פאר דיר אלעס וואָס דו וועסט פון מיר פארלאַנגען!

— האָט איעדרא איהם געדריקט זיין האנד.

— איך צווייפעל ניט אין דעם! — האָט ארבועז איהם ארומגענומען, — מיר וועלען שטענדיג בלייבען די געטרייעסטע פריינד. קיינער וועט פון אונזערע סודות ניט וויסען. מיר וועלען זיך איינער דעם צווייטען העלפען און איך בין זיכער אז מיר וועלען אונזער ציעל ערגרייכען... יעצט הער זיך צו, מיין ברודער...

ארבועז האָט זיך ארומגעקוקט צו זעהן אויב אימיצער קומט ניט אָן, און נאכהער האָט ער פאָרטגעזעצט:

— דו ווייסט דאָך אז מיר האָט די קעניגין בעשטימט אלס לעהרער צו די קרובה פון דעם קעניג, ביטרים ענריקעז... האָסטו זי פיעלייכט באמערקט.

— יא, איך האָב זי איינמאָל געזעהן, זי האָט גערעדט מיט דעם קעניג, זי איז א וואונדערליכע רייצענדע שעהנהייט.

— א שעהנע מיידעל קען יעדער איינער דערקענען! — האָט ארבועז באַ־מערקט מיט א שמייכעל. — יעצט שטעל זיך פאָר, אז עס איז שוין באלד צוויי יאָהר ווי איך לערען מיט איהר... מיר געפינען זיך ביידע אליין אין א באזונ־דער צימער... זי האָט מיך אינגאנצען מיט איהר שעהנקייט פאר'כשופ'ט. איך בין שרעקליך פארליעבט אין איהר!

— דו ביזט פארליעבט? — האָט איהם איעדרא אָנגעקוקט מיט ערשטוי־נונג. — ווי אזוי, עה...

— איך ווייס, אז צו פארווירקליכען מיין ליעבע צו איהר איז אונמעגליך. אָבער איך ווער פארצעהרט פון מיין שטארקער ליידענשאפט צו איהר! איך מוז זי באזיצען!

— אָבער ווי אזוי איז עס מעגליך!

— עס איז פאראן בלויז איין וועג! און דאָס איז, אז די קעניגין זאָל זי אריינגעבען אין מאָנאסטיר... יע, איך האָב דיר פארגעסען צו זאָגען, אז די אויפ־זעהערין פון מאָנאסטיר איז מיינע איבערגעגעבענע און פארטרויענסווערטע פריינדין. דורך מיר האָט זי די שטעלע געקראָגען און זי ווייסט זעהר גוט ווי אַפּצושאַצען אלעס, וואָס איך האָב פאר איהר געטהאָן.

— זי ווייסט דיינע סודות? — האָט איעדרא איהם מיט זאָרג געפרעגט.

— יע, פיעלע פון מיינע סודות וויסט זי. מען קען זיך אויף איהר פאַרלאָזען. זי העלפט מיר גאַנץ אָפט ארויס און ווען איך ברינג אהין מיינעם א גוטען פריינד, קומט זי איהם אויך צו הילף...

— אָבער ווי אזוי קענסטו פארטרויען אזעלכע סודות צו א פרוי ?!

— טערעסא איז אזא פרוי, וועלכער מען מעג אלעם אָנפאַרטרויען. אָבער איך וויל דיך פארזיכערען, אז דיין סוד וועט זי קיינמאָל ניט אויסגעפינען. וועגען דעם האָב איך שוין געזאָרגט... די נאָנע וועט א שבועה, וואָס זי האָט געשוואוירען ביי דיעזען צלם, ניט ברעכען.

איעדא האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט.

— דו האָסט מיר געזאָגט, אז דיינע פריינד קומען אויך באזוכען דעם מאָנאסטיר, — האָט זיך איעדא פאראינטערעסירט. — איז עס מעגליך, אז...

— טערעסא באזאָרגט שוין אלעס! — האָט ארבועז פארשטאנען, וואָס ער מיינט. — און אויב דו אליין וועסט ווען עס איז באשליסען צו קומען נאָכאמאָל, וועסטו גאָרניט דארפען זיין באזאָרגט, זי וועט פון יעצט אָן זיך האלטען רוהיג... אָבער אין מאָנאסטיר זיינען פאראן שעהנערע פאר איהר.

— יעצט זאָג מיר, מיט וואָס וועל איך דיר קענען באהילפיג זיין ?

— דו וועסט דארפען באוועגען די קעניגין, זי זאָל באשליסען צו שיקען ביטריס'ן אין מאָנאסטיר. דו ווייסט דאָך, אז איך האָב געזאָגט דער קעניגין, אז דיינע רייד זיינען רייד פון נבואה. דו וועסט איהר ווארענען, אז אויב ביטריס וועט זיך געפינען לענגער אין פאלאץ, וועט עפּעס אומאנגענעהמעס פאסירען. און ווען זי וועט דיך פרעגען, וואָס זי זאָל טהאָן, זאָלסטו איהר ראטהען אריינצוגעבען ביטריס'ן אין מאָנאסטיר. עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז זי וועט דיין עצה אָננעהמען און זי וועט זי אריינגעבען אין מאָנאסטיר.

— אויב עס וועט העלפען, וועל איך עס זיכער טהאָן פאר דיר! — האָט איעדא געזאָגט. — יעצט, אז מיר ביידע זיינען געטרייע פריינד, וועט קיין זאך ניט זיין צו שווער פאר מיר צו טהאָן פאר דיר.

— דו ווייסט וואָס איך האָב באשלאָסען צו טהאָן פאר דיר? — האָט ארבועז זיך אָפּגערופען. — איך האָב פארשפּראָכען יענער נאָנע, אז איך וועל אויסגעפינען וועגען איהר קינד, אויב עס לעבט. וועל איך איהר דערצעהלען, אז איך בין געווען אין דעם דאָרף, וואו איהר פאָטער געפינט זיך און איך בין דערגאנגען אז דאָס קינד איז טויט, דאן וועט זי זיך שנעל פארגעסען אָן איהם און דו וועסט ניט זיין געצוואונגען זי אויסצומיידען.

זינט יענעם טאָג האָבען זיך ביידע "הייליגע גייסטליכע" זעהר גוט פארשטאנען... פּעדראָ ארבועז האָט איעדא'ן געליבט ביז'ן הימעל. איבערהויפּט האָט ער געערדט וועגען זיין גרויסער הייליגקייט און אויסערגעוועהנליכער קראפט פאָראויסצוזעהן זאכען דורך נבואה. איעדא פלעגט פאר אלעמען זאָגען, אז פּעדראָ ארבועז איז א הייליגער און אז שפּאניען איז געבענשט, וואָס זי פארמאָגט אזעלכע הייליגע קאטוילישע זיהן ווי פּעדראָ ארבועז איז...

---

איייניגע וואָכען זיינען פאָראיבער און די קעניגין האָט גענומען באשטימען די הויפּט־אינקוויזיטאָרען און די ריכטער פון דער אינקוויזיציע. זי האָט ניט געוואָלט איינפיהרען די אינקוויזיציע אין גאנץ שפּאניען מיט אמאָל. זי האָט

פריהער געוואָלט זעהן ווי עס וועט געהן אין סעוויל, און דאַן וועט מען ערשט נעהמען איינפיהרען אין די אנדערע שטעדט פון שפּאַניען.

פאַר דעם הויפּט פון די אינקוויזיטאָרען פאַר סעוויל האָט זי באַשטימט דעם "היילִיגען" אַלאָנזאָ דע אָיעדאַ. זי האָט איהם געגעבען די מאַכט צו באַשטימען זיינע ארויסהעלפער און אויך צו באַשטימען די צייט. ווען די אינקוויזיציע זאָל אָנפאַנגען איהר ארבייט.

אָיעדאַ האָט דער קעניגין באַדאַנקט פאַר דעם גרויסען כבוד, וואָס זי האָט איהם אָנגעטהאָן און ער האָט איהר געזאָגט, אַז ער וועט געטריי דינען דער הייליגער אינקוויזיציע.

ער האָט אויפגעהויבען זיין צלם און דערמיט געבענשט איזאַבעלאַ'ן:

— זאָל דער הייליגער גייסט פון דער אינקוויזיציע באַשיצען דיין קעניגרייך און זאָל פרידען און צופרידענהייט הערשען אין דעם קעניגליכען הויף. זאָל די קרוין פון שפּאַניען איבערגעהן בירושה צו די קעניגליכע יורשים ביז אייביג!

די קעניגין איז געזעסען אויף איהר טראָהן, איהר קאָפּ געבויגען. זי האָט מיט גרויס צופרידענהייט אָנגענומען די ברכה.

— איך וויל, אַז דו זאָלסט אויך בענשען מיין דריי־יעהריגען קינד! — האָט איזאַבעלאַ געזאָגט און געהייסען איינער פון די דינסטען אריינצושיקען דעם קליינעם פּרינץ מיט זיין ערציהעריז.

דאָס קינד איז געבראַכט געוואָרען און אָיעדאַ האָט איהם אויך געבענשט.

ווען די ערציהערין האָט זיך צוריקגעצויגען מיט דעם קינד, האָט אָיעדאַ זיך אָפּגערופען צו דער קעניגין:

— ... פאַלאַץ האַלט זיך אויף ביטרים ענריקעז, א קרובה פון דעם קעניג, און ווי גאָט האָט מיר ענטדעקט, איז זעהר ניט געוואונשען, אַז זי זאָל זיך געפינען אין פּאַלאַץ.

— אָבער זי איז דאָך א וואויל קינד און א פרומע קאַטוילִיקין?! — האָט די קעניגין געזאָגט. — אויך דער הייליגער ארבועז האָט זי שטאַרק פאַרליבט פאַר מיר.

— מען האָט מיר פון הימעל אָנגעוואונקען, אַז דער קעניגליכער פּאַלאַץ איז פאַר איהר קיין פּלאַץ ניט און מיין עצה איז, אַז די קעניגין זאָל אריינגעבען ביטרים'ן אין מאָנאַסטיר, ווייל בלויז דאָרטען וועט זי צו קיין זינד ניט קומען. זייענדיג אין פּאַלאַץ וועט איהר שעהנקייט זיין א גרויסע שטרויכלונג פאַר איהר און פאַר אַנדערע...

זיינע לעצטע ווערטער האָבען געהאַט די געווינשטע ווירקונג. א שטרויכלונג פאַר אַנדערע... דאָס מיינט ער געוויס פערדינאַנד'ן... זי האָט זיך געגומען דערמאָנען, אַז ארבועז האָט איהר אַמאָל אויפמערקזאַם געמאַכט וועגען דעם.

— איך וועל דיין עצה אָננעהמען, הייליגער אָיעדאַ! — האָט די קעניגין זיך אָפּגערופען. — איך וועל מאָרגען זיך דורכרעדען מיט פּעדראָ ארבועז, וועלכער איז דער הייליגער וידוי־פאָטער פון מאָנאַסטיר, און זי וועט דעם זעלבען טאָג אהין אוועקגעשיקט ווערען.

אָיעדאַ האָט זיך פאַרנויגט און האָט פאַרלאָזען דעם פּאַלאַץ. ער איז גלייך אוועק צו ארבועז'ן, איהם אָנצוזאָגען די גוטע בשורה.

ארבועז׳ס פּנים האָט געשטראַהלט פון גליק. זיין שטאַרקער וואונש איז ערפילט געוואָרען. ביטרים וועט געהן אין מאָנאַסטיר. דאָרטען וועט ער זי באַזיצען... דאָרטען וועט ער זיך שוין פאַר קיינעם ניט דאַרפען שרעקען... ער וועט שוין וויסען ווי אזוי זי צו באהאנדלען. טערעסאַ וועט איהם ארויסהעלפען.

— איך וויים ניט מיט וואָס איך קען דיר אָפּדאַנקען, מיין פריינד! — האָט איהם ארבועז געדריקט זיין האַנט. — יעצט מעג איך דיך פאַרזיכערען, אז איך בין זעהר צופרידען, וואָס די קעניגין האָט דיך באַשטימט פאַר דעם הויפּט־אינקוויזיטאָר פון סעוויל. איך בין זיך מודה, אז פריהער בין איך געווען עטוואָס אייפערזיכטיג אויף דיר, איך האָב ערוואַרטעט, אז זי וועט מיך באַשטימען פאַר דיזען אמט. אָבער יעצט פאַרגין איך דיר מיט מיין גאַנצען האַרצען. דו האָסט ווירקליך עס פאַרדינט און איך האָף, אז דו וועסט וויסען ווי צו האנדלען מיט די פאַרשאָלטענע פאַלשע קריסטען. איך וויים, אז מען קען זיך אויף דיר פאַרלאָזען.

— אויב דו ווילסט, וועל איך דיך באַשטימען אלס מיין געהילף! — האָט איעדאַ זיך צו איהם אָפּגערופען. — די קעניגין האָט איבערגעלאָזען פאַר מיר דאָס רעכט צו באַשטימען וועמען איך וויל.

— איך דאַנק דיר, מיין ברודער! אָבער איך וועל יעצט זיין צופיעל פאַרנומען אין מאָנאַסטיר... — האָט ארבועז מיט א שמייכעל געזאָגט. — שפּעטער, פיעלייכט, וועל איך זעהן. דערווייל שעץ איך זיך גליקליך, אז מיין טרוים ווערט פאַרווירקליכט.

— דו וועסט אָבער דאַרפען פאָרזיכטיג זיין! — האָט איהם איעדאַ געוואָרענט. — פאַרגעס ניט, אז ביטרים איז פון דעם קעניג׳ס משפּחה.

— דער קעניג אַליין קומט קיינמאָל ניט אין מאָנאַסטיר, און די קעניגין אַליין קומט זעהר זעלטען אהין אויף באַזוך. און אפילו ווען זי באַשליסט צו קומען, לאָזט זי מיר פריהער וויסען וועגען דעם. און אויב איך וועל האָבען דעם קלענסטען פאַרדאַכט, אז ביטרים וועט רעדען, וועט שוין טערעסאַ זעהן צו געפינען אין איהר א זינד און זי פאַרשפּארען אונטען אלס זינדיגע. אהין וועט דאָך די קעניגין געוויס ניט געהן.

— און וואָס וועסטו טהאָן, אויב זי וועט זיך נאָכפרעגען אויף איהר און ווען מען וועט איהר זאָגען, אז זי איז פאַרשפּאַרט אין דעם תפיסה צימער, וועט זי פאַרלאַנגען מען זאָל זי ברייננגען צו איהר?

— דאָס האָב איך שוין אויך באַזאָרגט. איך האָב ארויסגעגעבען א באַפעהל, אז קיינע פון די זינדיגע טאָר ניט ארויסגענומען ווערען פון געפענגניס, סיידען טערעסאַ, די אויפזעהערין, וועט דערצו קריגען מיין ספּעציעלע ערלויבניס. און די פרומע קעניגין וועט פאַרשטעהן, אז א געזעץ אין דעם היילינגען מאָנאַסטיר טאָר ניט געבראָכען ווערען, אפילו דורך דער קעניגין. פונדעסטוועגען האָף איך, אז עס וועט דערצו ניט דאַרפען קומען. ביטרים איז ניט אנדערש פון די אנדערע נאָנעס. איהר שטאָלץ וועט געבראָכען ווערען. זי וועט זעהן, אז איך מיין איהר טובה... איך וועל שוין וויסען ווי אזוי צו רעדען צו איהר... זי אַליין וועט דאָך שוין זעהן, אז עס איז פאַר איהר קיין האָפענונג ניטאָ ווען עס איז ארויסצוקומען פון מאָנאַסטיר, וועט זי זיך אונטערגעבען... אויסער דעם בין איך כמעט ווי זיכער, אז זי האָט מיך אויך ליעב. געוועהנליך, זי האָט מורא צו טראַכטען

וועגען דעם, אָבער ווען איך וועל איהר איבערציייגען, אַז דורך איהר ליעבע צו מיר וועט זי געהייליגט ווערען און וועט דאַן זיין ווירדיג צו ווערען די הייליגע כלה פון יעזוס'ן, וועט זי שוין פאַרשטעהן.

— איך בין צופרידען, אַז איך האָב עפּעס געקענט טהאָן פאַר דיר, מיין ברודער! — האָט איעדאַ זיך אָפּגערופען. — איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען די טובה, וואָס דו האָסט מיר געטהאָן. יעצט מעג איך דיר זאָגען, אַז ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אַז יענע נאָנע, וועלכע האָט גע'חלש'ט ,האָט מיך דערקענט, האָט אין מיר מיין הארץ זיך שטאַרק געשראָקען. איך האָב מורא געהאַט, אַז זי וועט אַלעמען אַלעס דערצעהלען. געוועהנליך, איך וואָלט עס געלייקענט און מען וואָלט מיר גיכער געגלויבט. אָבער איך האָב מורא געהאַט, טאָמער האָט זי דערצעהלט איהרע עלטערען און זיי וועלען מיך אויך דערקענען.. יעצט אָבער, אַז דו האָסט מיר איבערגעגעבען, אַז זי האָט קיינעם אויסער דיר ניט דערצעהלט וועגען דעם, און אַז דו האָסט יי דערצו באַשוואוירען, אַז זי זאָל קיינעם ניט דערצעהלען וועגען דעם, קען איך זיין פאָלקאָם רוהיג. איך וועל דיר מיין גאַנצען לעבען דאַנקבאַר זיין פאַר דעם.

— און איך וועל דיר דאַנקבאַר זיין פאַר דעם, וואָס דו האָסט פאַר מיר געטהאָן! איך האָב שוין באַלד אויפגעגעבען די האָפענונג אריינצוקריגען ביטרים'ן אין מאָנאַסטיר.

## דרייצעהנטער קאַפּיטעל

# ביטרים אין מאָנאַסטיר

הערנאַנדאָ דע טעלאַווערא האָט זיך דעם זעלבען טאָג דערוואוסט, אַז די קעניגין האָט באַשלאָסען אריינצוגעבען ביטרים'ן אין מאָנאַסטיר. ער האָט פאַרשטאַנען פון אַרבועז'ס לויכטענדען פּנים, אַז ער איז שטאַרק צופרידען. ער האָט פאַרדעכטיגט, אַז דאָס האָט איהם איעדאַ אַ טובה געטהאָן און זיין פאַרדאַכט איז שטאַרקער געוואָרען, ווען ער האָט זיי באַמערקט צוזאַמען. זאָל עס מעגליך זיין, אַז אַרבועז האָט אַ באַזונדערע כונה אין דעם? ער האָט געוואוסט, אַז ניט אַלע מאָנאַכען, וואָס האָבען צו טהאָן מיט די מאָנאַסטירען זיינען "צדיקים", אָבער אויף אַרבועז'ן איז איהם שווער געווען צו גלויבען. ער ציינט דאָך אַרויס אַזוי פיעל פרומקייט?... וואָס וועט איהם אַרויסקומען, אויב ביטרים וועט אריינגעגעבען ווערען אין מאָנאַסטיר? סיידען...

ווען איזאַבעלאַ האָט איהם איבערגעגעבען יועגען איעדאַ'ס עצה און איהר באַשלוס, האָט ער געשוויגען. ער האָט געוואוסט, אַז זיין מישען זיך אין דער יעצטיגער צייט וועט קיינע נוצען ניט ברייגנען. אָבער ווען די קעניגין האָט איהם דערצעהלט וועגען דעם, אַז ביטרים האָט זעהר פיעל געוויינט און זיך געבעטען ביי איהר, האָט עס איהם פאַרדריקט ביים האַרצען. ער האָט רחמנות געהאַט אויף איהר און ער האָט זיך אָפּגערופען צו דער קעניגין:

— זי איז נאָך יונג און צאַרט; זי פאַרשטעהט ניט די וויכטיגקייט און הייליגקייט פון דעם מאָנאַסטיר. זי האָט מורא. איך וועל מיט איהר רעדען און זי באַרוהיגען.

— איך וועל דיר דאַנקבאַר זיין, מיין הייליגער ווידוי-פאַטער! — האָט איזאַבעלאַ זיך אָפּגערופען. — איך האָב מיטלייד מיט איהר. דאָך זעה איך, אַז

עס איז אזוי באשעהרט. איעדא'ן האט מען פון הימעל אנגעוואונקען, אז זי טאר זיך ניט געפינען אין פאלאץ, איהר שעהנקייט קען אמאל זיין א שטרויכלונג פאר איהר און פאר אנדערע... אין מאנאסטיר וועט איהר ריינקייט ניט באפלעקט ווערען... דארטען וועט איהר נשמה געלייטערט ווערען. דו יועסט עס איהר אלץ דערקלעהרען און זי וועט דורך דעם געטרייסט ווערען.

הערנאנדא דע טעלאווערא האט געשיקט רופען ביטרים'ן און זי איז אריינגעקומען אין זיין וידוי־צימער. איהרע אויגען זיינען געווען רויט פון וויינען. איהר פנים בלאס. זי האט זיך גלייך פאנאנדערגעוויינט.

מיט פאטערליכע צערטליכע רייד האט טעלאווערא צו איהר גערעדט.

— זארג ניט, ביטרים! ניט אויף אייביג וועסטו דארטען פארבלייבען. איך וועל זעהן, ווי ווייט מעגליך, דיך פון דארטען צו באפרייען. איך האב א שטארקען פארדאכט אויף ארבועז'ן. מעגליך, אז ער וועט זוכען אויסצונוצען די גע־לעגענהייט און דיך פיעלייכט באלעסטיגען... דעריבער איז מיין עצה צו דיר, אז דו זאלסט זיך פאר איהם גארניט שרעקען, וואס ער זאל צו דיר ניט רעדען, זאלסטו זיך האלטען פעסט און ריין. און אויב ער וועט ארויסצייגען אונמאראלישע אבזיכטען, מענסטו איהם באהאנדלען ווי דו וואלסט באהאנדעלט וועלכען עס איז גראביאן... דו זאלסט איבערלאזען צייכענס אויף זיין פנים און ווען איך וועל עס באמערקען, וועל איך פארשטעהן, אז מיין חשד איז גוט באגרינדעט און דאן האף איך, אז איך וועל דיר קענען העלפען. זיי זיך ניט מיאש און פארליר ניט דיין מוטה!

ביטרים האט ניט אויפגעהערט צו וויינען, כאטש טעלאווערא'ס רייד האבען איהר געגעבען עטוואס האפענונג.

יענע נאכט איז זי ניט געשלאפען. דער טרויער האט איהר געדריקט ביים הארצען. זי האט זיך גענומען פיהלען אזוי עלענד און פארלאזען. זי האט ניט קיין עלטערען, וועלכע זאלען זיך פאר איהר איינשטעלען. און ווען אפילו איהרע עלטערען וואלטען געלעבט, וואס וואלטען זיי פאר איהר געקענט טהאן? זיי זיינען דאך געווען מאראנען... א שרעקליכע גזרה קומט אן אויף זיי... די מאראנען וועלען ניט זיכער זיין מיט זייערע לעבענס. זי זעהט יעצט, אז פאלשקייט און צביעות הערשט איבעראל. אלע שענדליכע, נידעריגסטע פארברעכענס ווערען אפגעטהאן אין נאמען פון דער הייליגער רעליגיע. איהרע ברידער, די מאראנען און די אידען, וועלען זיכער ליידען נאך מעהר פון איהר... יעצט האבען זיי שוין מעהר ניט אויף וואס צו האפען.

אויף מארגען אין דער פריה האט ארבועז מיט איהר געלערנט צום לעצטען מאל.

— דו דארפסט דאנקען אונזער גאט, וואס דיין נשמה וועט געראטעוועט ווערען, — האט ארבועז איהר געזאגט. — איך זעה, אז דו האסט א זכות אין הימעל.

ביטרים האט איהם ניט געענטפערט. איהרע אויגען האט זי געהאלטען ארונטערגעלאזען צום באדען. ארבועז איז ארויס פון צימער. אין א ווײלע ארום זיינען אריינגעקומען צוויי דינסטען פון דער קעניגין און האבען זיך פארנוינט.

שוויגענדיג איז ביטרים זיי נאכגעגאנגען. זי איז ארויס אין דעם קעניג־

ליכען הויף, וואו א קארעטע האָט אויף איהר געווארט. די דינסטען האבען איהר נעהאָלפען אריינגעהן. זיי האָבען זיך נאכהער אויך אריינגעזעצט. דער קוטשער האָט געטריבען די פערד. די רעדער פון דער קארעטע האבען זיך שנעל געקיי־קעלט אויף דעם וועג, וואָס פיהרט צום מאָנאסטיר.

---

שטארק אומצופרידען איז געווען פערדינאנד מיט דעם, וואָס מען האָט אוועקגעשיקט ביטריס'ן פון פאלאץ אין מאָנאסטיר. ער האָט אבער געוואוסט, אז ער טאָר זיך אין דעם ניט מישען. פארקעהרט, ער דארף נאָך רעכטפארטיגען איהר טהאָט און זאָגען, אז די קעניגין האָט גוט געטהאַן, וואָס זי האָט אריינגע־געבען ביטריס'ן אין מאָנאסטיר. ער האָט געוואוסט, אז די קעניגין פלעגט גוט אכטונג געבען, אז ער זאָל ניט וואַרפען קיין בליקען אויף איהר... אבער מעגליך, אז עס וועט זיין בעסער אזוי... דאָס האָט איהם גאָט פארהיט פון א זינד. ער וועט זי מוזען איינגאנצען ארויסשלאָגען פון זיינע געדאנקען. ער וועט פון יעצט אָן זיין איבערגעגעבען צו דער אינקוויזיציע.

ניט אזוי גרינג אָבער איז איהם אָנגעקומען צו פארטרייבען ביטריס'ן פון זיינע געדאנקען. ער האָט געפיהלט, אז מיט איהר אוועקגעהן האָט זי אין פאלאץ איבערגעלאָזען א פוסטקייט. און אין זיין הארצען א בענקעניש.

אז אומעט האָט איהם אין יענעם טאָג באנומען, כאָטש ער האָט זיך באַ־מיהט צו זיין פרעהליך און לוסטיג. ער האָט געוואוסט, אז מעהר וועט ער זי שוין ניט זעהן. זי וועט דאָרטען, אין מאָנאסטיר, פארבלייבען איהר גאנצען לעבען. עס איז א שאדען, — האָט ער זיך געטראכט, — וואָס אזא זעלטענע שעהנהייט וועט דארפען פארוויאנעט ווערען דאָרטען. עס איז ביי איהם קיין צווייפעל ניט געווען, אז די קעניגין האָט באשלאָסען צו מאכען אזא שריט אוים אייפערזוכט.

---

ווען ביטריס איז אריינגעקומען אין מאָנאסטיר איז זי געווען אזוי אָפּגע־שוואכט, אז זי האָט אפילו קיין כח ניט געהאַט צו וויינען אויף איהר שוידער־ליכער לאגע.

די אויפזעהערין, טערעסא, האָט זי גלייך אריינגעפיהרט אין איהר צימער, וואָס זי האָט געהאָט אָנגעגרייט פאר איהר. דאָס איז געווען איינער פון די בעס־טע צימערען פון מאָנאסטיר. א פענסטער מיט אייזערנע גראטעס איז ארויסגע־קומען אין הויף. דאָס צימער איז געווען גרעסער ווי די דורכשניטליכע צימערען פון מאָנאסטיר. דאָס האָט שוין ארבוען באזארגט. ער האָט אָנגעזאגט טערעסא'ן זי זאָל זעהן צו מאכען איהר זעהר באקוועהם.

טערעסא האָט אריינגעטראָגען אין צימער די שווארצע קליידער, וואָס די נאָנעס טראָגען און געהאָלפען ביטריס'ן ארונטערנעהמען איהרע קליידער.

— טהו אָן דיזע הייליגע קליידער און דיין גייסט וועט געהייליגט און גערייניגט ווערען, — האָט זי געזאָגט און גענומען איהר אויסטהאָן.

ביטריס האָט זיך ניט געוועהרט. זי איז געשטאַנען באייגעלאָז און פיה־לונגסלאָז. זי האָט אפילו ניט פארשטעלט איהר נאקעטקייט, ווען די אויפזעהע־רין האָט פון איהר די אונטערשטע קלייד ארונטערגענומען.

טערעסא האָט מיט א באזונדערען פארגעניגען באטראכט איהר וואונדער־שעהנעם גראציעזען קערפער. זי האָט זיך ניט געאיילט ארויפצוטהאָן אויף איהר די שווארצע ״הייליגע״ קליידער.

— דו דארפסט זיך שעצען גליקליך, וואָס דו ביזט אַנגעקומען אהער! — האָט זי זיך אָפּגערופען. — דאָס איז א זכות, וואָס ניט יעדער מיידעל פארדינט עס... פארגעס ניט, אז דו ביזט אויסדערוועהלט געוואָרען צו ווערען די הייליגע כלה פון יעזוס'ן. דער הייליגער פאָטער, ארבועז, אויף וועמען דער גייסט פון גאָט רוהט, וועט זיין דער פארמיטלער צווישען דיר און יעזוס'ן. דו דארפסט זעהן צו האלטען זיך ווירדיג. דיין נשמה וועט מוזען געלייטערט און גערייניגט ווערען. דאָס וועט קענען פאָרקומען בלויז, ווען דו וועסט זיך מתודה זיין אויף אלע דיינע זינד, וואָס דו האָסט געטהאָן, זינט דו געדיינקסט, און ניט נאָר אויף די זינד, וואָס דו האָסט געטהאָן, אָבער אויך אויף דיינע זינדיגע געדאנקען וועסטו זיך מוזען מודה זיין, ווייל ווער פון אונז האָט ניט קיין זינדיגע געדאנקען? די איינציגע זאך, וואָס דו וועסט דארפען ביי זיך באשליסען איז צו דער־צעהלען ארבועז'ן אלעס, אלעס, וואָס ביי דיר אויפ'ן הארצען געפינט זיך, דאן וועט דיר אזוי גרינג ווערען. דו וועסט פיהלען ווי דער אומרייינער גייסט האָט דיך פארלאָזען און זיין פּלאַץ איז פארנומען געוואָרען פון א הייליגען ריינעם גייסט. ערשט דאן וועסטו קענען פיהלען דעם גענוס פון געטליכקייט און הייליגקייט.

טערעסא האָט איהר גענומען אָנטהאָן די קליידער און ווייטער גערעדט:

— אונזער מאָנאסטיר איז געבענשט מיט דעם, וואָס דער וידוי־פאָטער איז דער הייליגער און געטליכער מאַן ארבועז. זיין אנוועזענהייט הייליגט די לופט. די קדושה ווערט געפיהלט אין יעדען ווינקעל, ווען זיין פוס טרעט אריבער די שוועל פון מאָנאסטיר. ער איז דער אויסדערוועהלטער פון גאָט. וועלכער האָט איהם אלס שליח געשיקט אויף דיעזער אומרייינער ערד, צו רייניגען און לייטע־רען די נשמות פון די ווירדיגע, כדי זיי זאָלען קענען נאכהער גלייך אין גן עדן אריינקומען. און צו דערגרייכען דיעזען ציעל האָט פּעדראָ ארבועז פארשיעדענע וועגען און מיטלען. גאנץ אָפט קען אויסקומען אונז, די פּשוט'ע מענשען, זעהר מאָדנע און אומפארשטענדליך... אָבער איך וויל דיר אָנזאָגען פאראויס, אז דו מוזט האָבען דעם גרעסטען צוטרוי צו דעם הייליגען וידוי־פאָטער, פּעדראָ אר־בועז. דו וועסט דארפען טהאָן אלעס, וואָס ער וועט דיר הייסען, בלויז דאן וועסטו זיכער זיין, אז דער האר יעזוס האָט איינגעווילינט דיך פאר זיין כלה צו נעהמען.

א שוידער איז דורך ביטרים'ס קערפּער, ווען זי האָט געהערט די רייד פון דער אויפזעהערין. וואָס ווייטער איז איהר געוואָרען מעהר פארשטענדליך, אז ארבועז האָט שלעכטע כוונות, און אז די אויפזעהערין זוכט איהם ארויסצוהעלפען. זי האָט געפיהלט, אז זי געפינט זיך אין א שטייג, ארום איהר זיינען ווילדע חיות. זי האָט באשלאָסען צו קעמפען מיט אלע איהרע קרעפטען נעגען די ווילדע חיות...

די ערשטע עטליכע טעג איז ארבועז אפילו ניט אריין צו איהר אין צימער, אז זי זאָל זיך פאר איהם מתודה זיין, ווי עס איז געוועזן זיין שטייגער מיט יעדער נאָר־וואָס אָנגעקומענער נאָנע. ער האָט פארשטאנען, אז עס וועט זיין

א סך בעסער ווען ער וועט זי צורוה־לאָזען פאר עטליכע טעג. זאל זי זיך צו־געוואוינען צו דעם לעבען פון מאַנאַסטיר.

טערעסא האָט איהם איבערגעגעבען, אז זי האָט מיט איהר שוין גערעדט וועגען אלעס און זי האָט זי צוגעגרייט.

— און וואָס האָט ביטריס דיר געענטפערט? — האָט ארבועז געפרעגט מיט נייגעריגקייט.

— זי האָט גאָרניט גערעדט. זי האָט זיך צוגעהערט צו אלעס, וואָס איך האָב איהר געזאָגט און זי האָט געשוויגען...

— דו וועסט דארפען ריידען מיט איהר נאָכאמאָל... איהר שווייגען געפעלט מיר ניט. דו מוזט ארויסקריגען פון איהר רייד. דאן וועל איך וויסען וואָס איך האָב צו טהאָן.

— די עטליכע טעג זינט זי געפינט זיך דאָ האָב איך פון איהר קיין וואָרט ניט געקענט הערען... ווי זי וואָלט געווען שטום. זי האָט אויך כמעט ווי גאָרניט געגעסען, אָבער איך ווער ביי זיך ניט אנטמוטיגט, אזוי פיהרען זיך פילע פון די וועלכע קומען אהער געצוואונגענערהייט... עס וועט לאנג ניט נעהמען און זי וועט, ווי די איבעריגע, זיך צוגעוואוינען און אלעס וועט רעכט ווערען...

טערעסא האָט נאָכאמאָל גערעדט מיט ביטריס׳ן, זי האָט זיך צו איהר באַ־נומען מיט צערטליכקייט, זי איז צו איהר צוגעשטאנען, אז זי זאָל עסען עט־וואָס מעהר.

— איך ווייס פאַרוואָס דו פיהלסט זיך אזוי דערשלאָגען און אומעטיג, — האָט טערעסא זיך אָפּגערופען צו איהר מיט א שמייכעל. — דיינע זינדיגע געדאנקען דריקען דיר שווער אויף דיין נשמה. איך בין זיכער. אז אזוי שנעל ווי דו וועסט זיך אלעס ארויספּריידען פון הארצען, ווען דו וועסט זיך מתודה זיין פאר דעם הייליגען פאָטער, וועסטו זעהן ווי גרינג דיר וועט ווערען אויפ׳ן הארצען... דיין אומעט וועט אין גאנצען פארשווינדען, דו וועסט אָנפאנגען זיך צו פיהלען גליקליך... דו וועסט זעהן, אז דער הייליגער גייסט שוועבט ארום דיר, דו וועסט זיך אויך פיהלען שטארקער און דיין אַפּעטיט וועט צו דיר צוריקקומען...

— איך פיהל זיך איצט א סך בעסער! — האָט ביטריס זיך אָפּגערופען.

- איך האָב זיך ניט אויף וואָס מתודה צו זיין, איך האָב ניט געזינדיגט.

— דערמיט אליין האָסטו שוין געזינדיגט! — האָט טערעסא מילד איהר פאַרגעוואָרפען. — מיר זיינען אלע זינדיגע מענשען, און קיינער האָט קיין רעכט ניט צו זאָגען, אז ער האָט ניט געזינדיגט.. און אפילו אויף דעם וועסטו זיך דארפען מתודה זיין. דו זעהסט אָט די אלע נאָנעס, יעדע פון זיי איז זיך מתודה אלע וואָך אויף איהרע זינד.. דו ווייסט דאָך אליין, אז זייענדיג אין מאַנאַסטיר זינדיגען זיי דאָך געוויס נים, פון דעסטוועגען געפינט יעדע איינע א זינד וואָס זי איז באגאנגען געגען גאָט, אמאָל מיט א וואָרט און זעהר אָפט מיט א זינדיגען געדאנק און בלויז ווען זיי זיינען זיך מתודה, ווערען אלע זינד פארגעבען, דאן פאנגען זיי אָן זיך צו פיהלען מונטערער און גליק־ליכער. דער הייליגער פאָטער ארבועז איז געווען זעהר שטארק פארנומען די

לעצטע עטליכע טעג און ער האט קיין צייט ניט געהאט צו דיר אריינצוקומען דו זאלסט זיך מתודה זיין, אבער איך וועל איהם דערמאנען און ביי דער ערשטער געלעגענהייט וועט ער צו דיר אריינקומען.

ביטרים האט געוואלט אויסרופען, אז עס איז ניט נויטיג, זאל ער צו איהר ניט אריינקומען, אבער זי האט ניט געקענטריידען. די טרערען האבען איהר געשטיקט. זי האט מיט בעטענדע בליקען געקוקט אויף דער אויפזעהע־רין... זי האט געזעהן, אז מיט ריידען וועט זי גארניט העלפען.

— איך זעה, אז דו ביזט צופרידען מיט דעם וואס דער הייליגער וידוי־פאטער וועט קומען צו דיר דו זאלסט זיך פאר איהם מתודה זיין, — האט טערע־סא געזאגט. — איך וועל דיר די געפעליגקייט טהאן און אזוי שנעל ווי ער וועט קומען אין מאנאסטיר וועל איך איהם עס איבערגעבען.

איידער ביטרים האט עפעס געוואלט זאגען האט טערעסא פארלאזען איהר צימער.

ביטרים איז געפאלען אויף איהר געלעגער און זיך פאנאנדערגעוויינט. אלעס וואס האט זיך איהר אנגעקליבען אויפ'ן הארצען, איהר גאנצע ביטערניש, וועהטאג און יסורים האט פאראורזאכט אן אומאויפהערבארען שטראם פון טרערען... זי איז אזוי געלעגען ביז דעם אווענד ווען אלע נאנעס זיינען גע־רופען געווארען אריינצוקומען אין קירך פאר דעם אווענד־געבעט.

די אויפזעהערין האט ביטרים'ן איבערגעגעבען א שווארצען צלם, וואס איז געהאנגען אויף א ווייסען שנור.

— קום, די צייט איז געקומען צו געהן אין קירך. דארטען וועט דער הייליגער פאטער ארבועז אלעמען זיין ברכה געבען. מיט דיזען צלם וועסטו האבען א רעכט זיך צו שטעלען אין דער ערשטער רייהע, כדי זיין הייליגע ברכה זאל דיך צום ערשטען דערגרייכען.

טערעסא האט ארויפגעטאן דעם צלם אויף איהר האלז און זי איז מיט איהר ארויסגעגאנגען. זי האט באמערקט ווי אלע נאנעס געהען לאנגזאם, שוויי־גענדיג צו דער קירך.

— עס איז שטרענג פארבאטען פאר איין נאנע צו ריידען מיט דער צווייטער אהן אן ערלויבניש, — האט די אויפזעהערין זיך אפגערופען. — אבער דו קענסט זיך אויסקלייבען איינע פון די נאנעס אלס דיין פריינדין, און איך וועל דיר די נויטיגע ערלויבניש געבען, וועסטו זיך ניט פיהלען אזוי איינזאם. יע, ביז וואנען דו וועסט זיך צוגעוואוינען, דאן וועסטו אליין ליב האבען צו פארבלייבען אליין מיט דיינע געדאנקען וועגען יענער וועלט, וואו מען ווייס בלויז פון גליק... געוויס וועסטו שוין פון אלעס, ווייל, ווי איך האב אויס־געפונען, האט דיר דער וידוי־פאטער ארבועז פיל געלערענט. יע, ער ווייס אלעס! פאר איהם איז קיין פארבארגענעס ניטא. ער ווייס וואס עס טוט זיך אין הימעל אזוי ווי מיר, געוועהנליכע מענשען, ווייסען, וואס עס טוט זיך אויף יעדער ערד... אונזערע הייליגע זיינען דאך די פארמיטלער צווישען יעזוס'ן און זיינע געטרייע דינער. דער הייליגער פאפסט האט ארבועז'ן געגעבען א טייל פון זיין קדושה און דורכדעם איז ער מסוגל געווארען צו ווערען גאט'ס פארטרעטער און אלעס וואס ער זאגט און טוט, איז אזוי גלייך ווי עס וואלט געזאגט און געטהאן געווארען פון גאט אליין!

ביטרים איז לאַנגזאַם נאָכגעגאַנגען טערעסאַ'ן. זי האָט געפּיהלט אַ שרעק־ליכען עקעל צו אָט דער דאָזיגער מימעליעהריגער פרוי. זי האָט ניט געקענט פאַרליידען איהר פאַלשקייט און צביעות, אָבער זי האָט געוואוסט, אַז איצט האָט זי קיין אַנדער ברירה ווי אויסצופאָלגען אַלעס וואָס זי וועט איהר הייסען.

אין קירך איז געוועזען גאַנץ טונקעל... בלויז אייניגע ליכט האָבען געברענט און געוואָרפען מורא'דיגע שאָטענס אויף די פאַרשידענע בילדער און געטשקעס.

די נאָנעס האָבען זיך ווי שוואַרצע שאָטענס באַוועגט. יעדע האָט זיך אויף איהר פּלאַץ געזעצט. די מעהר פּריוועליגירטע זיינען געזעסען אין די ערשטע רייהען כדי זיין די ערשטע צו כאַפּען די היילינע ברכה פון דעם וידוי־פאַטער. אויף זיי פלעגען די איבריגע קוקען מיט קנאה... ווייל ניט נאָר זיינען זיי געוועזען די ערשטע אין קירך, זיי זיינען אויך געוועזען די ערשטע אין עס־צימער... בלויז די וועלכע האָבען געוואוסט ווי צופרידענצושטעלען די אויפזעהערין האָבען עס געקראָגען.

טערעסאַ איז אַריינגעקומען אין קירך מיט ביטרים'ן וועלכע איז איהר נאָכ־געגאַנגען מיט וואַקלענדע טריט. זי האָט איהר אָנגעציינט איהר פּלאַץ אין דער ערשטער רייהע פּונקט געגענאיבער דער בימה. זי האָט זיך אָטאָמאַטיש געזעצט. זי האָט באַמערקט די צלמים, די פאַרשידענע בילדער וואָס זיינען געהאַנגען אויף די ווענט. אַ געדריקטע שטילקייט האָט געהערשט אַרום. אַלע האָבען געוואַרט אויף דעם הייליגען וידוי־פאַטער וועלכער זאָל אָנפאַנגען די גאָטעס־דיענסט.

באַלד האָט זיך געהערט אַ גערויש. די זייטיגע טיהר וואָס די בימה איז געשטאַנען האָט זיך לאַנגזאַם געעפענט... עס האָבען זיך דערהערט טריט... דערנאָך האָט זיך באַוויזען פּעדראָ אַרבועז.

ביטרים'ס האַרץ האָט אַ צאַפּעל געטהאָן... זי האָט געוואָרפען אַ בליק אויף איהם. זי זעהט ווי ער קומט אַרויף אויף דער בימה. אין זיין האַנד האַלט ער אַ גרויסען גאָלדענעם צלם וואָס האָט אָפּגעשטראַהלט אין דער טונקעלהייט. אַ שטאַרקען האַס האָט זי געגומען פיהלען צו איהם. זי ווייס אַז ער איז דער איינ־ציגער וואָס איז שולדיג אין דעם וואָס זי געפינט זיך דאָ.

אַזוי שנעל ווי פּעדראָ אַרבועז האָט זיך מיט זיין צלם באַוויזען אויף דער בימה, האָבען זיך אַלע נאָנעס אויפגעהויבען פון זייערע פּלעצער און געבליבען שטעהן.

ווען אַרבועז האָט אויפגעהויבען דעם צלם אין דער הויך, האָבען אַלע גע־קניהט. ער האָט דאָן אַרויסגעמורמעלט אַ תפלה, און נאָכהער האָט ער די נאָנעס "געבענשט". ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען מיט זיין "ברכה" האָט ער איינ־געטונקט זיין האַנד אין דעם "הייליגען וואַסער" וואָס איז געוועזען נעבען איהם אין אַ שיסעל און האָט גענומען שפּריצען אין אַלע ריכטונגען.

גליקליך האָט זיך געפיהלט יענע נאָנע וועלכע האָט אויף זיך דערפיהלט דעם שפּריץ... זי פלעגט זיך פיהלען גערייניגט דורך דעם... זעלטען אָבער פלעגט דער שפּריץ דערגרייכען די וועלכע פלעגען זיצען אין די לעצטע רייהען, און דאָס איז אויך געוועזען אַ גענוגענדע אורזאַכע מקנא צו זיין די גליקליכע.

ווען ביטרים האָט דערפיהלט דעם שפּריץ פון קאַלטען וואַסער אויף איהר פנים און האַלז, האָט אַ שוידער איהר עקעל דורכגענומען... אָט הערט זי זיין דרשה, ער רעדט די זעלבע זאַך. זי האָט עס שוין צעהנדליגע מאָל פון איהם

געהערט. זיינע רייד האָבען איהר שוין געגרילצט אין די אויערען. זיי זיינען געווען מאָנאָטאָן און האַמעטנע. מיט אַמאָל אָבער האָט זיך ארבועז צואוואַרעמט. ער האָט גענומען ריידען וועגען דער אינקוויזיציע, וועגען די פארשאָלטענע מאַראַנען. ער האָט די נאָנעס געזאָגט אז די אַלע פאַלשע קריסטען וועלען פאַרברענט ווערען דורך דעם הייליגען פייער פון דער אינקוויזיציע און אז עס איז די פליכט פון די נאָנעס מתפלל צו זיין פאַר די נשמות פון די פאַרברענטע, אזוי אז זיי זאָלען אם וויינינגסטען צוגעלאָזען ווערען צום הייליגען פעטרוס אין הימעל, ער זאָל זיי מוחל זיין פאַר די גרויסע זינד וואָס זיי זיינען בעגאַנגען אויף דער זינדיגער ערד.

ער האָט גענומען אויסמאָלען פאַר די נאָנעס די שוידערליכקייט און שרעקליכקייט פון דעם גהינום וואָס עס איז אָנגעגרייט פאַר די וועלכע האָבען ניט באַוויזען תשובה צו טהאָן און וועלכע האָבען זיך דורך פאַלשקייטען ארויסגעדרעהט פון דער שטראָף פון דער אינקוויזיציע. די נאָנעס האָבען פאַרגאָסען טרעהרען. זיי האָבען געוויינט אויף דעם ביטערען גורל פון די מענשען וועלכע ווילען ניט פאַרשטעהען, וועלכע ווילען ניט זעהן די הייליגקייט און ווילען ניט וויסען דעם אמת...

נאָך זיין דרשה זיינען די נאָנעס געגאַנגען עסען ארבועז איז פאַרבליבען אין זיין צימער וואָס איז געווען אין דער קירכע. טערעסאַ אַליין האָט איהם בעדיענט און זי האָט איהם געבראַכט די שפּייז.

— נו, ווי איז ביטרים? — האָט ארבועז איהר געפרעגט, ווען זי איז צו איהם אין צימער אריינגעקומען.

— זי בויגט זיך! — האָט טערעסאַ מיט א שמייכעל געזאָגט. — און איך גלויב אז אין איניגע טעג ארום וועט איהר גייסט געריינינגט ווערען און דו וועסט קענען צו איהר אריינקומען... זי וועט זיך פאַר דיר מתודה זיין... זי איז די שעהנסטע פון אַלע נאָנעס.

א תאוה׳שער שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף ארבועז׳ס ליפּען.

— עס האָט גענומען א לאַנגע צייט, אָבער מיר האָט זיך איינגעגעבען! יעצט איז זי מיינע... און דיר וועל איך אויך גוט בעלוינען... איעדאַ איז מיין בעסטער פריינד, ער איז יעצט געוואָרען דער הויפּט אינקוויזיטאָר פון סעוויל... ער וועט זעהר רייך ווערען, און מעגליך אז פון צייט צו צייט וועט ער קומען בעזוכען דעם מאָנאַסטיר... איך וועל דיר שוין אָנזאָגען, און דאַן וועסטו צו איהם גאָרניט צילעגען...

טערעסאַ האָט איהם מיט א שעלמישען שמייכעל געזאָגט אז נאָך איינע פון די נאָנעס געפינט זיך אונטען שוין איניגע טעג, און זי וועט דאָרט פאַרבלייבען ביז וואַנען זי וועט איבערקומען.

— איך האָב געהאַט זעהר פיעל שוועריגקייטען מיט איהר, — האָט זי צוגעגעבען, — זי האָט ניט אויפגעהערט צו וויינען טאָג און נאַכט און זי פלעגט ניט וועלען ארויסקומען פון איהר צימער.

— און ווער... איך מיין... פאַר וועמען האָט זי געערדט? — האָט ארבועז געפרעגט עטוואָס צוטומעלט.

— דו ווייסט דאָך אז איך בעזאָרג שוין אז אזעלכע זאָל ניט ריידען.. איך

גיב שוין גוט אכטונג. פאר מיר האָט זי געזאָגט אז זי האָט זיך פאר דיר מתודה געווען.

— איבערהויפּט זאָלסטו זעהן אז ביטרים ענריקען זאָל פון דעם קיינמאָל ניט אויסגעפינען, — האָט ארבּוען זיך אָפּגערופען.

## פערצעהנטער קאַפּיטעל

# די פערזאַמלונג

נאָך פריהער ווי די איינוואָהנער פון סעוויל האָבען ערוואַרטעט, איז די טריבונע פון דער אינקוויזיציע אוועקגעשטעלט געוואָרען אין סעוויל.

אַלאָנזאָ דע אָיעדאַ, סאַן מארטין און מאָרילאַ זיינען געווען די דריי אינקוויזיטאָרען וועלכע זיינען בעשטימט געוואָרען פאר סעוויל צו משפט'ן די מאַראַנען אויף וועמען עס וועט פאַלען א חשר אז זיי היטען אָפּ אידישקייט אין געהיים.

די ערשטע זאַך וואָס זיי האָבען געטהאָן איז ארויסצוגעבען א באַפעהל אז קיינער פון די נייע קריסטען טאָר ניט פערלאָזען סעוויל, און אויב אימיצער פון זיי וועט מאַכען א פּאַרזוך אוועקצוגעהן פון שטאָדט, וועט דאָס אַליין זיין א גוטער באַווייז אז ער איז א פאַלשער קריסט און ער וועט געשטעלט ווערען צום משפט פאר דער טריבונע פון דער אינקוויזיציע.

די נייעס אז די אינקוויזיציע האָט שוין אָנגעפאַנגען צו טהאָן איהר ארבייט האָט אריינגעוואָרפען די אידען און מאַראַנען אין א גרויסען פאַניק. א שוידער־ליכער שרעק איז אויף אַלעמען ארויפגעפאַלען. אַלע האָפנונגען און ערוואַרטונגען אז די אינקוויזיציע וועט איבערהיפּען סעוויל, וואו דאָס רוב בירגער זיינען געווען פון די נייע קריסטען און וועלכע האָבען געהאַט אזא אונגעהייערען איינפלוס אין שטאָדט, זיינען צונישט געוואָרען.

דיעגאָ דע שושאַן וועלכער איז געווען דער רייכסטער און וויכטיגסטער בירגער פון סעוויל האָט גלייך אין געהיים איינגעלאַדען צו זיך אַלע רייכע איינ־פלוסרייכע מאַראַנען, וועלכע זיינען געווען פאררעכענט פאר גוטע קריסטען. די פערזאַמלונג האָט געזאָלט פאָרקומען אויף דעם צווייטען טאָג אין אָוועגט, אין דעם געהיימען היכל. בלויז מאַראַנען זיינען געווען איינגעלאַדען. דע שושאַן האָט ניט געוואָלט אז אין אזא צייט זאָל מען באַמערקען אז אידען קומען צו איהם אין שלאָס, און אפילו אברהם סינאַד און דאָן יצחק אבּאַרבאַנעל זיינען צו יענער פערזאַמלונג ניט איינגעלאַדען געוואָרען.

אין אָנפאַנג פון אָוועגט האָבען שוין די מאַראַנען גענומען אָנקומען.

דע שושאַן און זיין פרוי מאַריא האָבען בעשלאָסען אז עס וועט זיין א סך בעסער ווען זייער טאָכטער זאָל אין אָנפאַנג אָוועגט ניט זיין דאַביי, וועט זי ניט באַמערקען אזוי פיעל מענשען און ניט פרעגען קיין פראַגען.

מאַריא איז אריין צו לאַ פערמאָסאַ'ן אין צימער און געזאָגט:

„מיין טאָכטער, היינט אין אָוועגט וועלען אָנקומען פיעלע רייכע סוחרים און וועלען ריידען וועגען געשעפט מיט'ן פאַטער. איך ווייס אז דו וועסט זיך פיהלען לאַנגווייליג, אויב דו ווילסט קענסטו יעצט אריבערגעהן צו דיין פריינדין און דאָרט פערבּלייבען דעם גאַנצען אָוועגט, און נאַכהער וועבטו זיך צוריק־

סעהרען, אָבער זעה אַז דיין פריינדין און איהר דינסט זאָלען דיך באַגלייטען אַהיים... איך וויל ניט אַז דו זאָלסט אַזוי שפּעט ביינאַכט אַליין געהן״...

לאַ פּערמאַסאַ׳ס האַרץ האָט אַ צאַפּעל געטהאָן. זי פאַרשטעהט אַז היינט ביינאַכט וועט זיין די געפּלאַנטע פערזאַמלונג וואו מען וועט בעשליסען ווי אַזוי צו באַקעמפען די אינקוויזיציע. זי האָט זיך מיט אַ קורצע צייט צוריק אונטערגעהערט אַ געשפּרעך פון איהר פאַטער און מוטער. זיי האָבען איהר דאָן ניט באַמערקט. זי האָט געהערט ווי איהר פאַטער רעדט וועגען אַ גרייסער פערזאַמלונג וואו עס וועט אָנגענומען ווערען די נויטיגע שריט צו מאַכען אַ סוף פון דער אינקוויזיציע אין סעוויל. זי האָט עס אַלעם דערצעהלט איהר געליעבטען דאָן מאַרטין און ער האָט איהר אָנגעזאָגט אַז זי זאָל האַלטען אָפען איהרע אויגען און אַזוי שנעל ווי זי וועט אויסגעפינען די ריכטיגע צייט זאָל זי איהם קומען אָנזאָגען.

— וואָס ביזטו אַזוי פאַרטראַכט, מיין טאָכטער? — האָט מאַריא איהר אָנגעקוקט, — דו האָסט אַפילו ניט געהערט וואָס איך האָב דיר נאָר וואָס געזאָגט.

— אָה, ניין, מוטער! — האָט זיך לאַ פערמאַסאַ פאַרענטפערט, — איך האָב געטראַכט וואָס פאַר אַ קלייד אָנצוטהאָן יוען איך וועל געהן צו מיין פריינדין.

מאַריא האָט אַ קוק געטהאָן אויף איהר טאָכטער מיט אַ ליעבליכען שמייכעל. זי איז אַזוי אומשולדיג, זי האָט גאָר קיין אהנונג ניט וואָס דאָ קומט פאָר... איהר ליגט נאָך אין זינען צו טראַכטען וואָס פאַר אַ קלייד אָנצוטהאָן. אָה, ווען זי זאָל וויסען דעם אמת, ווען זי זאָל וויסען אַז איהרע עלטערן זיינע געהיימע אידען... אָבער ניין, דערוויילע מאָר זי קיין זאַך ניט פאַרדעכטיגען.

— נעהם אַרויס דיינע קליידער און איך יועל דיר העלפען אויסקלייבען אַ קלייד, — האָט מאַריא געזאָגט.

לאַ פערמאַסאַ האָט אַרויסגענומען עטליכע זיידענע קליידער און צוזאַמען מיט איהר מוטער האָט זי אויסגעקליבען אַ קלייד...

מאַריא האָט איהר געהאָלפען זיך אָנטהאָן, און זי האָט איהר אַרויסבאַגלייט פון שלאָס.

---

איינציגווייז זיינען די מאַראַנען אַריינגעקומען אין שלאָס כדי ניט אַרויסצורופען קיין פאַרדאַכט.

דיענער דע שושאַן האָט געזעהן אַז אַלע דיענער און דינסטען זאָלען זיין באַשעפטיגט אין דער צווייטער אַפּטיילונג פון שלאָס. בלויז אייז פאַרטרויענסווערטהער אַלטער דיענער וועלכער איז אַליין אויך געווען אַ מאַראַנאַ, האָט דע שושאַן אוועקגעשטעלט ביי דעם אַריינגאַנג פון שלאָס. ער זאָל אָנווייזען די געסט וואוהין זיי דאַרפען אַריינקומען.

ווען די געסט־צימערן פון שלאָס זיינען אָנגעפילט געוואָרען, האָט דע שושאַן בעשלאָסען אַרונטערצופיהרען זיי אין דעם געהיימען גרויסען הייהל. צו די לאַנגע טישען און ביינק וואָס זיינען שוין פאַרט פון פריהער געווען זיינען צוגעקומען נאָך טישען, ביינק און שטוהלען, וואָס האָט בעדאַרפט זיין גענוג פאַר אַ הונדערט מענשען, וועלכע זיינען איינגעלאַדען געוואָרען.

אַלעמענס פּנים׳ער זיינען געווען פאַראומערט און בעזאָרגט... שרעק און

אונזיכערקייט האָט ארויסגעקוקט פון זייערע אויגען. יעדער איינער האָט געוואוסט די גרויסע פאראנטוואָרטליכקייט פון דיזער געהיימער פערזאמלונג... דאָ וועט היינט בייגאכט בעשלאָסען ווערען ווי אזוי זיך צו רעטען פון די שארפע נעגעל פון דער אינקוויזיציע. איין פאלשער שריט און זיי אלע זיינען פארלאָרען. מען האָט געוואוסט אז טויזענדע אויגען לויערען אויף יעדען מגוראנא... די געפאהר איז גרויס. מען מוז זיך רעטען... אלע מיזען זייז פעראייניגט אין אזא שרעקליכער צייט.. זיצענדיג אין די געסט־צימערען האבען אלע געשוויגען. אזוי ווי אבלים איז מען געזעסען, די קעפ געבויגען... יעדער איינער האָט זיך געשראָקען פאָר זיין אייגענעם שאטען.

דע שושאַן האָט צו זיי א וואונק געטהאָן און שווייגענדיג האָבען איהם אלע געגומען נאכפאָלגען... ער איז אריינגעקומען אין יענעם צימער וואו די געהיימע טיהר איז געווען. ער האָט די טיהר געעפענט. אין זיין האנד האָט ער געהאלטען א ליכט און צוגעלויכטען די עטליכע טרעפ. ווען אלע זיינען שוין ארונטער האָט ער מיט דעם ליכט אנגעצונדען די ליכט וואָס זיינען געווען אין די לייכטער אויף די טישען. אלע האָבען זיך געזעצט ארום די טישען. דע שושאַן איז דאן געגאנגען און פארמאכט די טיהר. ער האָט זיך געזעצט אויף זיין פלאַץ און נעבען איהם איז געזעסען מאריא, זי איז געווען די איינציגע פרוי צווישען אלע פערזאמעלטע.

דע שושאַן האָט פריהער געגומען בעטראכטען די געסט יעדען איינעם באזונדער. צווישען זיי זיינען געווען אייניגע בישאָפען און גייסטליכע... אָט זעהט ער דעם גובערנאטאָר פון טריאנא, וועלכער זיצט נעבען דשיאן אבאלאפיא און מאנועל סאלי. ווי עס ווייזט אויס האָבען זיי איהם איינגעלאדען אהער... מסתמא ווייסען זיי אז עס איז זיכער... ווען וואָלט עס איינגעפאלען אז אויך ער זאָל אזוי בעאונרוהיגט ווערען וועגען דער אינקוויזיציע... ער איז דאָך אזוי געאכטעט ביי דעם קעניג... — האָט זיך דע שושאַן געטראכט. — און וואָס איז וועגען די גייסטליכע ?!... אויך זיי זיינען פון יעצט אן ניט זיכער... פארקעהרט, זיי האָבען נאָך מעהר וואָס מורא צו האָבען צוליעב די קנאה פון די ריינע קריסטליכע גייסטליכע.. זיי ווייסען אז מען וועט זיך ניט אפשטעלען פאר קיין זאך און מאכען בלבולים אויף זיי. די געפאהר איז גרויס פאר יעדען איינעם און דאריבער וועט מען קענען ריידען אָפען.. מען וועט זיך מוזען בעראטהען וואָס צו טהאָן, ווי אזוי זיך צו פערטיידיגען און בעשיצען פון די ווילדע צוויישעטע חיות וועלכע דורשטען נאָך בלוט.

---

ווען לא פערמאָסא פעמברא האָט פארלאָזען דעם שלאָס, איז זי א קליינע ווייל געבליבען שטעהן פערטראכט, ווי זי וואָלט געוואָלט באשליסען ווי אזוי זי זאָל האנדלען. ערשט ניט לאנג צוריק האָט זי זיך געזעהן מיט איהר געליעבטען סאן מארטין, און זי האָט פאר איהם אויסגעגאָסען איהר הארץ... זי האָט פון איהם פערלאנגט ער זאָל איהר העלפען, ער זאָל זעהן צו טהאָן אלעס וואָס איז מעגליך... ער זאָל העלפען אומקעהרען די הערצער פון איהרע עלטערען צו יעזוס'ן... ער האָט איהר פארשפּראָכען צו העלפען, מיט דעם באדינג אז זי זאָל איהם אלעס דערצעהלען וואָס עס קומט פאָר אין געהיים... ער האָט פון איהר פערלאנגט זי זאָל ארונטערגעהן אין דעם געהיימען הייהל און זיך צוהערען צו

די געשפּרעכען פון איהרע עלטערען מיט די איבריגע. איבערהויפּט דאָן ווען זי האָט איהם דערצעהלט וועגען דער גרויסער פערזאמלונג יואָס עס ווערט געפּלאַנט געהאלטען צו ווערען אין דעם הייהל. זי האָט איהם פאַרשפּראָכען צו לאָזען וויסען וועגען דעם... זי ווייס אז ער וועט פאַרלאַנגען פון איהר זי זאָל איהם אריינלאָזען אין הייהל... דאָס וועט דאָך מיינען אז זי וועט פערראַטהען איהרע עלטערען... ניין, זי וועט עס ניט טהאָן. אָבער וואָס האָט זי געטהאָן ביז יעצט? האָט זי דען זיי ניט פערראַטהען צו איהם פריהער, ווען זי האָט איהם ענטדעקט אז איהרע עלטערען זיינען מאראַנען און זיי האַלטען אָפּ געהיימע פערזאמלונגען? ער ווייס דאָך שוין אַלעס און ער איז וויליג איהר צו העלפען.. ער האָט דאָך זי אזוי ליעב און זי האָט איהם פאַרשפּראָכען... יא, זי וועט געהן צו איהם, זי וועט זיך מיט איהם בעראַטהען, זי וועט איהם אַלעס זאָגען. דאָן מאַרטין׳ס פאַטער איז איינער פון די אינקוויזיטאָרען, ער וועט אויף דעם פערלאַנג פון זיין זוהן זיך באַגעהן מיט איהרע עלטערען מיט חסד. ער וועט זיי ערלויבען תשובה צו טהאָן און דאַן וועלען זיי ווירקליך בלייבען געטרייע קריסטען.

מיט פעסטע טריט האָט זי גענומען געהן אין דער ריכטונג פון דאָן מאַר־טין׳ס הויז. זי איז פאַרבייגעגאַנגען אייניגע מאָל פאַר דעם פענסטער, מיט דער האָפנונג אז ער וועט זי באַמערקען. אָבער ער האָט זיך אין פענסטער ניט באַווי־זען. זי האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. צוציקומען נעהנטער צום הויז און בעטען איינע פון די דינסטען, האָט זי ניט געוואָלט.

זי האָט באַמערקט א קליין אינגעל פאַרבייגעהענדיג. זי האָט איהם צוגע־רופען און זי האָט איהם געהייסען אריינקומען אין הויז און זאָגען דאָן מאַרטין אז מען וואַרט אויף איהם אין דרויסען.

זי האָט דעם אינגעל געגעבען א קליינע מטבע און ער האָט פּינקטליך דורכ־געפיהרט די שליחות.

אין א ווייַלע ארום האָט זי שוין געזעהן דאָן מאַרטין ארויסקומענדיג פון זיין הויז. ער האָט זי באַמערקט און זי האָט גענומען געהן צו דער זייטיגער גאַס. דאָרט איז דאָן מאַרטין צו איהר צוגעקומען און שווייגענדיג האָבען זיי ביידע אוועקגעשפּאַצירט צו זייער שטענדיגען באַגעגנונגס פּלאַץ. דאָרטען זיינען זיי שוין געווען זיכער אז מען וועט זיי ניט הערען און ניט באַמערקען.

— אָה, מיין ליעבע לאַ פערמאָסאַ, — האָט דאָן מאַרטין זי ארומגענומען און א קוש געטהאָן, — איך זעה אז דו האָסט פאַר מיר זעהר וויכטיגע נייעס... לעצטענס האָב איך גענומען צווייפלען אין דיין ליעבע צו מיר, איך האָב געמיינט אז דו האָסט מיך שוין אויפגעהערט ליעב צו האָבען. איך האָב געזעהן אז דו זוכסט צו פאַרבאָרגען פיעלע זאַכען פון מיר.

— אָה, מיין ליעבער דאָן מאַרטין! — האָט זי זיך צו איהם געטוליעט, — דו ביזט מיר טהייערער פון אַלעס אין דער וועלט... איך וועל פאַר דיר קיינמאָל קיינע סודות ניט האָבען... און יעצט ביז איך דיר געקומען ענטדעקען א וויכ־טיגען סוד... און איך האָף אז דו וועסט מיר העלפען רעטען מיינע עלטערען.

— יעצט אז מיין פאַטער איז געוואָרען אינקוויזיטאָר איז סעוויל וועט מיר ניט שווער אָנקומען צו טהאָן א טובה דיינע עלטערען. אָבער איך וועל דאַרפען אַלעס וויסען... עס וועט זיין זעהר נויטווענדיג אפּצוראַמען פון וועג

אלע די פאַלשע קריסטען וועלכע האָבען אויסגעאיבט א שלעכטען איינפלוס אויף דיינע עלטערען און דאָס וועט זיין מעגליך יוען איך אליין וועל מיט מיינע אויגען זעהן ווער עס שטעהט אין געהיימע פאַרבינדונגען מיט דיינע עלטערען.

— אָבער ביזטו זיכער אז די שטראָף פון מיינע עלטערען וועט זיין אומבעדייטענד, און אזוי שנעל ווי זיי וועלען תשובה טהאָן וועט מען זיי אין גאַנצען פאַרגעבען?

— געוויס בין איך זיכער, מיין טהייערע! — האָט מאַרטין געזאָגט, — איך וועל דאָס טהאָן פון דיינעטוועגען, ווייל איך האָב דיך זעהר ליעב... וועל איך דען וועלען דיר פאַרשאַפען שמערצען?

— אויב אזוי האָב איך דיר א וויכטיגען סוד צו ענטדעקען, — האָט לאַ פערמאָסא זיך צו איהם אָפגערופען אין דער שטיל, — היינט איז אוועקגעקומט פאַר די גרויסע געהיימע פערזאַמלונג, איך האָב שוין באַמערקט פיעלע אַנקומענדיג... און מיין מוטער האָט מיך אבזיכטליך געהייסען געהן בעזוכען מיין פריינדין, ווייל זי האָט ניט געוואָלט איך זאָל אנוועזענד זיין.

— דאָס איז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט! — האָט דאַן מאַרטין אויסגערופען, — די טריבונע פון דער אינקוויזיציע איז גערייט. עס וועט זיין פון גרויס וויכטיגקייט פאַר מיר און פאַר אונזערביידענס צוקונפט אז איך זאָל זיין דער ערשטער וועלכער וועט קענען אַנגעבען די נעמען פון די אלע פאַלשע קריסטען וועלכע פאַרנעהמען אזעלכע וויכטיגע פּלעצער אין דער מלוכה... איך אליין וועל דורך דעם דערהויבען ווערען, און דו, מיין טהייערע, וועסט זיך טיילען מיט מיר מיין גרויסקייט!... גלייך נאָכדעם וועלען מיר הייראַטען... דער קעניג פערדינאַנד וועט מיר זעהר דאַנקבאַר זיין פאַר אלעס וואָס איך האָב געטהאָן און איך וועל ווערען אן אָפטער אריינגעהער אין פּאַלאַץ... די קעניגין איזאַבעלא וועט אויך מיט דיר באַפריינדעט ווערען און דו וועסט פאַרנעהמען דעם זעלבען פּלאַץ אין איהר הויף וואָס ביטריס האָט פריהער פאַרנומען.

— אָה, ווי גליקליך דיינע רייד מאַכען מיך, מיין ליעבער דאָן מאַרטין, איך טרוים שוין פון לאַנג צו זיין איינע פון דער קעניגין'ס הויף־דאַמען, איך האָב ביטריס'ן שטענדיג מקנא געווען, אָבער דאָך ציטערט אין מיר מיין האַרץ.

— איך ווייס, דו האָסט מורא אז פיעלייכט וועט אויך די קעניגין דיך אריינגעבען אין מאָנאַסטיר? — האָט דאָן מאַרטין מיט א שמייכעל געזאָגט.

— אָה, איך וואָלט בעסער געוואָלט שטאַרבען איידער אהין צו געהן!

— לאַ פערמאָסא! — האָט מאַרטין זיך אָפגערופען, — די זינדיגסט דאָך מיט דיינע רייד... וועגען הייליגען מאָנאַסטיר טאָר מען אזוי ניט ריידען... עס פאַרשטעהט זיך, אז דו וועסט אהין ניט געהן, אָבער דו, אלס פרומע קאַטאָליקין דאַרפסטו אזוי ניט ריידען וועגען דעם הייליגען מאָנאַסטיר!...

— איך ווייס אז איך האָב געזינדיגט נעגען גאָט! — האָט לאַ פערמאָסא זיך פאַרענטפערט, — און איך האָף אז ער וועט מיר מוחל זיין... אָבער דו ווייסט דאָך אז איך האָב דיך אזוי ליעב, אז א שרעק נעהמט מיר אָן ווען איך שטעל זיך פאָר די מעגליכקייט אז איך זאָל פון דיר אָפּגעזונדערט ווערען.

— דו האָסט זיך פאַר דעם ניט וואָס צו שרעקען, — האָט דאָן מאַרטין איבערארומגענומען, — ווייסטו פאַרוואָס די קעניגין האָט אריינגעגעבען ביטריס ענריקען אין מאָנאַסטיר? ווייל זי איז געווען צו שעהן פאַר איהר פּאַלאַץ.

— יעצט זעה איך אז אויך אין דיינע אויגען איז ביטרים ענריקעז שעהנער פאר מיר! — האָט זי מיט אביסעל איינפערזוכט אין איהר שטימע געזאָגט, — און דו האָסט מיר שטענדיג געזאָגט אז איך בין די שעהנסטע . . .

— און איך זאָג עס יעצט אויך! — האָט ער געשמייכעלט, — אָבער דו האָסט מיר ניט געלאָזען ענדיגען, — איך זאָג, אז ביטרים ענריקעז איז געווען די שעהנסטע פון אלע הויף־דאמען און איזאבעלא איז געווען אייפערזיכטיג, ווייל ביטרים איז דאָך געווען א מיידעל, אָבער ווען דו וועסט אריינגענומען ווערען אין פּאלאץ וועסטו שוין דאן זיין מיין פרוי, און די קעניגין וועט ניט האָבען וואָס מורא צו האָבען פאר דיר... איך ווייס אלעס וואָס עס איז פאָרגעקומען אין פּאַלאַץ צוליעב ביטרים'ן... דער הייליגער פּעדרא ארבועז וועלכער איז געווען ביטרים'ס לעהרער האָט מיין פאטער דערצעהלט, אז דער קעניג פלעגט גאנץ אָפט ווארפען בליקען אויף ביטרים'ן, אָבער איך זאָג דיר יעצט נאָך אַמאָל, אז דו ביזט א סך שעהנער פון ביטרים'ן.

— ענטשולדיג מיר מיין טהייערער! — האָט זי זיך עטוואס פארשעהמט.

— איך צווייפעל ניט אין דיינע רייד און איך בין גליקליך אז דו האָסט מיך ליעב.

— און ווי שטאָלץ איך וועל מיט דיר זיין, מיין ליעבע פערמאָסא, ווען איך וועל וויסען אז דו ביזט די שעהנסטע פון אלע הויף־דאמען. אלע וועלען מיר מקנא זיין... דער קעניג און די קעניגין וועלען וויסען אז דו האָסט זעהר פיעל אויפגעטהאָן פאר דער הייליגער אינקוויזיציע און דאמיט יועסטו נאָך מעהר געגרויסט ווערען אין זייערע אויגען... און יעצט, טהייערע, פארלאנג איך אז דו זאָלסט פאר מיר מעגליך מאכען אריינצוקומען אין דיין פאטער'ס געהיימען הייהל, ווייל בלויז דאן ווען איך וועל אלעס זעהן מיט מיינע אויגען און הערען מיט מיינע אויערען, וועל איך קענען ברייננגען נוצען פאר דער אינקוויזיציע און אויך טהאָן א טובה דיינע עלטערען.

— אָבער איך שרעק זיך זעהר, טאָמער וועט מען דיך כאפּען, — האָט לא פערמאָסא מיט א ציטערנדע שטימע געזאָגט, — און דאן וועט מען אלעס דערגעהן.

— זאָרג ניט, מיין ליבינקע, איך וועל זעהר פאָרזיכטיג זיין!... און אין ערגסטען פאל, אויב מען וועט מיך כאפּען וועל איך וויסען ווי אזוי זיך ארויס־צודרעהען. איך וועל זיי פאָרזיכערען אז איך בין אויך איינער פון זייערע.

— און וואָס יועסטו טהאָן ווען מען וועט דיך פרעגען ווי אזוי דו ביזט אהין אריין.

— דו מעגסט זיכער זיין אז איך וועל דיך, מיין טהייערע, ניט פערראטהען. אויב דו וועסט מיר ארויסהעלפען וועט אלעס אפּגעהן זעהר גלאַט. דו וועסט זיך באלד צוריקקעהרען אהיים און אויב דו וועסט באגעגענען דיין מוטער אדער פאטער און מען וועט דיך פרעגען פארוואָס דו האָסט זיך צוריקגעקעהרט אזוי שנעל וועסטו זאָגען, אז דו האָסט געקראָגען קאָפּ־שמערצען און דו האָסט זיך צוריקגעקעהרט פריהער. אָבער ווי איך פארשטעה וועלען שוין דיינע עלטערען, ביי דיזער צייט, זיין שטארק פארנומען ביי דער פערזאמלונג... איך וועל אריינ־קומען אין שלאָס דורך דעם צווייטען אריינגאנג און יוארטען אונטען אויף דיין סיגנאל און ווען דו וועסט זעהן אז אלעס איז אין אָרדנונג, וועל איך ארויפקלעטערען און דאן וועסטו מיר זאָגען וואָס ווייטער צו טהאָן.

— איך וועל אליין פריהער ארונטערגעהן אין הייהל. איך וועל זעהן אויב עס איז זיכער און דאן וועל איך דיך ראטהען וואס צו טהאן.

— געה, מיין טהייערע, וואס שנעלער, — האט איהר דאן מארטין א קוש געטהאן, — דו טהוסט זעהר א הייליגע ארבייט אין יעזוס וועט דייז וועג בעגליקען.

לא פערמאסא איז אוועק אהיים מיט שנעלע טריט. דאן מארטין איז א ווייל שפעטער אויך אוועק אין דער ריכטונג פון שלאס. ער האט געווארט א ווייל, ער האט זיך גוט ארומגעקוקט, נאכהער האט ער אריבערגעקלעטערט דעם צוים וואס נעהמט ארום דעם גארטען און פון וואנען עס איז גאנץ גרינג אריינצוקומען אין שלאס. מיט גרויס פארזיכטיגקייט איז ער צוגעקומען צו דעם פלאץ וואו דער באלקאן פון לא פערמאסא'ס צימער קומט ארויס, ער האט ארויפגעקוקט אויבען צו איהר פענסטער. ער זעהט אז עס איז ליכטיג אין איהר צימער... ער האט געווארט אויף איהר סיגנאל... זיין הארץ האט איהם שטארק געקלאפט... ער האט גענומען טראכטען פון די ערשטע צייטען ווען ער האט זיך געהאט נאר וואס באגעגענט מיט דער בעצויבערנדער לא פערמאסא'ן... דאס איז געווען אין קירך... ווי שטארק ער האט זי דאן ליעב געהאט... עס איז געווען אן אמת'ע אויפריכטיגע ליעבע... וויפיעל גליקליכע מינוטען ער האט מיט איהר פארבראכט ביז וואנען ער האט זיך דערוואוסט אז איהרע עלטערען זיינען פאלשע קריסטען... כאטש ער האט גאנץ גוט געוואוסט אז זי איז אומשולדיג, אז זי איז א פרומע קאטוילִיקין, און עס וועהטאגט איהר הארץ וועגען איהרע עלטערען, האט ער דאך פלוצים דערפיהלט אז זיין הייסע פייערדיגע ליעבע צו איהר איז אויסגעוועפט געווארען... זיין פאטער האט ניט בעדארפט אנווענדען צופיעל מיה איהם איבערצוציינגען אז ער טאר מיט איהר ניט הייראטען, און ער האט גלייך איינגעשטימט אז דער מאנאסטיר וואלט געווען דער בעסטער פלאץ פאר איהר... פריהער האט איהם אפילו זיין געוויסען גענומען פלאגען, אבער יעצט איז דיזער געפיהל אויך אוועק פון איהם... ער ווייס אז ער טהוט עס פאר דער קאטוילישער קירכע... ער האט פארשפראכען מיט איהר צו הייראטען, ווייל בלויז מיט דעם וועט ער קענען דורך איהר אויסגעפינען אלע געהיימניסע וואס קומט פאר אין לא פערמאסא'ס שלאס. דורך איהר וועט מען דערגעהן ווער עס זיינען די פאלשע קריסטען און די אינקוויזיציע וועט קענען זיי אויסטיילען די ריכטיגע שטראף... ער ווייס אז זיין פאטער און די אנדערע אינקוויזיטארען ווארטען מיט גרויס אינגעדולד אויף דעם... און ווי ער פארשטעהט געפינען זיך דארט יעצט די רייכסטע און וויכטיגסטע בירגער פון סעוויל, פיעלע וועלכע זיינען אפטע אריינגעהער אין דעם קעניגליכען פאלאץ... אה, יוען ער וועט אלעמען מיט אמאל קענען פאנגען אין זיין נעץ.

דאן מארטין האט גענומען טראכטען, ווי אזוי ער זאל האנדלען. אזוי שנעל ווי ער וועט זיך איבערציינגען וואס דארט קומט פאר, וועט ער אוועקגעהן אהיים צו זיין פאטער און דאן וועלען זיי ביידע אוועק צו דער פאליציי און מען וועט ארומרינגלען דעם שלאס, און דאן וועט ער די בעוואפענטע מיליטער אריינפיהרען אין דעם פארבארגענעם הייהל... און אלע וועלען ארעסטירט ווערען... אה, ווי איבערראשט לא פערמאסא אליין וועט דאן ווערען... אויף דעם וועט

זי זיך גארניט ריכטען... ערשט דאן וועט זי צו איהם נעהמען לויפען פאר שוץ און ער וועט פארשלאגען דעם מאנאסטיר.

ער האט דערהערט א באוועגונג. ער האט אויפגעהויבען זיינע אויגען און ער האט באמערקט אין דער פינסטערניש פון דער נאכט א פיגור פארבייישלייכענדיג אויף דעם באלקאן... באלד האט ער באמערקט ווי די פיגור בויגט ארונטער דעם קאפ... דאס איז געווען לא פערמאסא... ער האט זי אין דער פינסטערניש דערקענט. בליץ שנעל האט ער ארויפגעקלעטערט אויף איהר באלקאן.

— ששש... — האט זי איהם געווארנט.

— געפינט זיך דען אימיצער אין די אנדערע צימערען? — האט דאן מארטין איהר געפרעגט אין דער שטיל.

— ניין, קיינער איז ניטא. איך בין שוין געווען אונטען... מיין מוטער איז אויך דארטען... די פערזאמלונג איז אין פולען גאנג... אבער מיר מוזען זעהר פארזיכטיג זיין.. איך האב די געהיימע טיהר געלאזען עטוואס אפען... דאך וועל איך מיט דיר אהין צוקומען... אה, געליעבטער, ווי מיין הארץ שרעקט מיך... דער גאנצער הייהל איז פול מיט מענשען, פיעלע ליכט ברענען. איך האב דארט געזעהן אזעלכע מענשען וואס איך וואלט אויף זיי קיינמאל ניט געגלויבט... אה, ווי שוידערליך... זיי פארזיכטיג... איך וועל געהן מיט דיר און וועל דיר אנצייגען א פלאץ וואו זיך צו שטעלען אז דו זאלסט קענען אלעס באמערקען און הערען, און דיך וועט מען ניט באמערקען... אין פאל ווען דו וועסט ניט באוויזען פון דארטען ארויסצוגעהן איידער די פערזאמלונג וועט זיך ענדיגען, וועסט דארטען זיך קענען בעהאלטען... דאן, וועל איך אין מיטען דער נאכט ארונטערקומען און עפענען פאר דיר די טיהר.

— ניין דו זאלסט מעהר ניט ארונטערקומען! — האט דאן מארטין איהר געווארנט, — אזוי לאנג ווי די טיהר וועט זיין אפען וועל איך שוין זעהן פון דארטען ארויסצוגעהן איידער די פארזאמלונג וועט זיך ענדיגען... דו ווייסט דאך ווי פלינק איך בין... אבער ווען דו וועסט פרובירען ארויסקומען האב איך מורא אז דו וועסט נאך אריינפאלען און אלע אונזערע פלענער וועלען צושטערט ווערען.

— אבער פארגעס ניט, מיין טהייערער, צו פערמאכען די טיהר ווען דו וועסט פון דארטען ארויסקומען, כדי עס זאל קיינעם ניט איינפאלען חושד צו זיין אז אימיצער איז דא געווען.

— דו מעגסט זיך אויף מיר פארלאזען! איך וועל שוין אלעס בעזארגען!

— האט ער איהר געזאגט, — אבער דו פארשפרעכסט מיר זיך צו לייגען שלאפען און אפילו ניט טראכטען מעהר פון ארונטערצוקומען.

— אויב דאס איז דיין פערלאנג, וועל איך דאס מיהאן! אזוי לאנג ווי איך וועל זיין רוהיג וועגען דיר!

לא פערמאסא האט אויפגעעפענט די געהיימע טיהר און מיט דער גרעסטער פארזיכטיגקייט ארונטערגעגאנגען מיט דאן מארטין אונטען אין הייהל... זי האט איהם שווייגענדיג אנגעוויזען דעם פלאץ וואו ער וועט אלעס קענען זעהן און הערען... און מיט דערזעלבער פארזיכטיגקייט זיך צוריקגעצויגען איבערלאזענדיג די טיהר עטוואס אפען.

די פערזאמלונג איז היהל איז געווען אין פולען גאנג. מיט ציטערנדע שטימען האָט יעדער גערעדט און אויפגעוויזען די גרויסע געפאהר וואָס עס שטעהט פאָר יעדען איינעם פון די נייע קריסטען.

— זיי שארפען שוין לאנג די צייהנער אויף אונז! — האָט מאנועל סאלי אויסגערופען, — עס מאכט ניט אויב מיר זיינען געטריי אונזער נייע רעליגיע אָדער מיר היטען אין געהיים אידישקייט, פאר זיי, די הונגעריגע וועלף, די בלוט־דורשטיגע חיות, זייגען מיר א ציעל־ברעט זיך צו צילעווען. מיר זייגען זיי גרויס אין די אויגען. זיי ווערען צופּלאצט פון קנאה. און יעצט אז זיי האָבען געקראָגען די מאכט וועלען זיי עס אויסנוצען. קיינער פון אונז איז ניט זיכער. עס מעג זיין אפילו אזעלכער וועלכער האָט זיך אין גאנצען דערווייטערט פון אידישקייט, וועלכער האָט אויסגעוואָרצעלט יעדען אידישען שפור, וועלכער האָט זיך מיט זיין גאנצען הארצען איבערגעגעבען צו דער קריסטליכער רעליגיע, אויך אזעלכער איז אין געפאהר!... ווארום אויב ער זאָל האָבען א שונא וואָס וויל זיך נוקם זיין אָן איהם וועט יענער מאכען א בלבול און דאָס וועט זיין גענוג פאר די אינקוויזיטאָרען... יא, מיינע ברידער, די געפאהר איז פאר אלעמען גלייך... מיר מוזען זוכען מיטלען, מיר מוזען זיך דעראטהען וואָס מיר האָבען צו טהאָן.

דיעגאָ דע שושאן וועלכער איז די גאנצע צייט געזעסען נעבען זיין פרוי און זיך צוגעהערט מיט גרויס טרויער צו די רייד פון די פערזאמעלטע, האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ און אויסגערופען:

— מיינע ברידער, פיעלע פון אייך האָבען געשילדערט אונזער טרויעריגע לאגע, יעדער איינער האָט אויפגעוויזען צו וואָס פאר א שרעקליכען געפאהר מיר זיינען אלע אויסגעשטעלט, אָבער דערוויל האָט נאָך קיינער ניט אָנגעדייטעט וואָס פאר א מיטלען מיר זאָלען אָננעהמען... מיר אלע ווייסען אז ווייטער אזוי אָנגעהן קענען מיר ניט, מיר מוזען זיך פארטיידיגען, מיר מוזען בעשיצען אונזערע משפחות, אונזער האָב און גוטס... אמת, די סכנה איז גרויס, אָבער ווען מיר וועלען אלע זיין פעראייניגט וועלען מיר זי קענען בייקומען... מיר דארפען ניט פארגעסען אז מיר זיינען די וויכטיגסטע און הייפּט בירגער פון סעוויל... מיר זיינען רייך ניט נאָר אין גאָלד, נאָר אויך אין דעם גוטען ווילען פון אונזערע מיטבירגער... מיר האָבען פיעלע פריינד מיט וועמען מיר האָבען פיעל גוטעס געטהאָן... פיעלע ציהען זייער חיונה פון אונז. מיר האָבען די מעגליכקייט ארויסצוצייגען א ווידערשטאנד און מיר מוזען עס טהאָן... מיר מוזען איבערצייגען די אינקוויזיטאָרען אז דאָ איז ניט זייער פּלאַץ... מיר וועלען זיי ניט דולדען!... ווי אזוי קענען זיי קומען אויף אונז ווען מיר זיינען די הויפּט בירגער פון שטאָדט?!... מיר וועלען אלע זיין פעראייניגט און ווען זיי וועלען קומען אונז נעהמען וועלען מיר איבערקעהרען די שטאָדט... מיר וועלען זיי צייגען אונזער מאכט... לאָמיר פארזאמלען אלע אונזערע מענשען, מיר וועלען אָנגרייטען וואפען און ווען די צייט וועט קומען וועלען מיר זיין גרייט צו ענטפערן מיט מאכט... מיר מוזען אָנוואַרפען אויף זיי א שרעק אז זיי זאָלען ניט וואגען זיך צו באפעסטיגען אין סעוויל.

אן עלטערער מאראנא האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ און מיט א שוואכע ציטערנדע שטימע זיך אָפּגערופען:

— דיין עצה שיינט צו זיין גוט, עס איז א גוטע זאך צו פערזאמלען מענשען, צו האבען געוועהר און צו זיין גרייט... אבער די הערצער! וואו זיינען די הערצער?!... געפין מיר די הערצער!

— ווען מיר דארפען פארטיידיגען אונזערע לעבענס און די לעבענס פון אונזערע משפחות דארפען די הערצער זיין מיט אונז! — האט דע שושאן אויסגערופען — יעדער פון אונז דארף זיין גרייט אפצוגעבען וויפיעל געלד ער קען. יעדער איינער דארף זיך פארפליכטען צו בריינגען וואפען און האלטען זיך גרייט... יעדער פון אונז דארף פארזאמלען זיינע פריינד און בעקאנטע... ער דארף זיי ווארענען וועגען דער געפאהר און זיי געבען וואפען.

— אבער דאס וועט דאך מיינען אן אויפשטאנד געגען דער רעגיערונג?

— האט זיך נאך איינער אפגערופען.

— מיר זיינען פרידליכע בירגער! — האט דע שושאן'ס שטימע געציטערט.

— מיר זיינען שטענדיג געווען געטריי דעם קעניג און דער קעניגין. יעדער פון אייך ווייס אז איך און נאך אייניגע זיינען געווען די ערשטע וועלכע האבען אונטערשטיצט די פעראייניגונג פון אראגאן און קאסטיליען. מיר האבען געטהאן אלעס אין אונזער מאכט דורכצופיהרען דעם שידוך צווישען פערדינאנד און איזאבעלא'ן... פון דעם קען מען זעהן אז אן אויפשטאנד געגען דער רעגירונג איז גאנץ ווייט פון אונז... ווען מיר האבען זיך דערוואוסט פון די פלענער פון דער קעניגליכער פאר איינצופיהרען די אינקוויזיציע, האבען מיר אנגעבאטען העלפט פון אונזערע פערמעגענס אום פערדינאנד זאל די גזרה בטל מאכען, אבער דער איינפלוס פון די אומווירדיגע גייסטליכע וועלכע גלאצען מיט זייערע אויגען צו גאט און אין זייערע הערצער זיינען זיי בלוט־דורשטיג, וועלכע זוכען רייך און גרויס צו ווערען פון יענעם'ס אומגליק... יא, זיי האבען איהם אין גאנצען אונטער זייער איינפלוס און מיר וועלען זיך מוזען פארטיידיגען... מיר ווילען ניט קעמפען געגען דער רעגירונג נאר געגען דער אינקוויזיציע. אבער ווען די רעגירונג אונטערשטיצט די אומגערעכטע אינקוויזיציע, דארפען מיר וויסען וואס מיר האבן צו טהאן... די מאראנען פון שפאניען זיינען איינפלוסרייך... זיי בעזיצען א גרויסע מאכט. זיי דארפען בלויז וויסען ווי אויסצונוצען זייער מאכט... און יעצט איז געקומען אונזער צייט צו האנדלען... און האנדלען מוזען מיר זעהר שנעל... די טריבונע פון דער אינקוויזיציע איז שוין דא... די דריי בעסטיאלישע אינקוויזיטארען סאן מארטין, מיגועל דע מארילא און אלאנזא דע איעדא שארפען שוין זייערע וואלפישע צייהנער... זיי דורשטען נאך בלוט זיי ווארטען אויף דעם ערשטען קרבן און דאן וועט שוין זיי קיין בלוט ניט פעהלען צו שטילען זייער דורשט... געגען זיי מוזען מיר קעמפען, געגען אלע ווילדע חיות, וועלכע זוכען אריינצושטעכען זייערע שארפע נעגעל אין אונזערע הערצער! ניין... מיר טארען עס ניט דערלאזען... מיר מוזען קעמפען... מיר מוזען זיין פעראייניגט. מיר קענען זיך אויך פארלאזען אויף די שטיצע פון אונזערע ברידער, די אפענע אידען, און איבערהויפט דארפען מיר זיך פארלאזען אויף אונזער גאט, דעם גאט פון ישראל!

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

דאן מארטין איז די גאנצע צייט געשטאנען אין זיין באהעלטעניש און זיך

צוגעהערט צו אַלעם וואָס דאָרט קומט פאָר. ער האָט געהערט זייערע רעדעס... זיין בלוט האָט אין איהם געזאָטען... ער דערקענט פיעלע פון זיי... ניט אַלעמען האָט ער געקענט זעהן, אָבער אָט באַמערקט ער איינעם פון די גייסטליכע וועל־כער פלעגט גאַנץ אָפט באַזוכען זיין פאַטער.

— זיי זיינען אַלע פאַרפלוכטע אידען! — האָט ער זיך געטראַכט, — יעצט איז געקומען זייער סוף. ער וועט גלייך לויפען אַהיים און צוזאַמען מיט זיין פאַטער וועט ער מעלדען דער פּאָליציי... זיי וועלען אַרומרינגלען דעם שלאָס און אַלע וועלען אַריינפאַלען אין פאַסטקע.

מיט גרויס פאַרזיכטיגקייט איז ער אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ פון הייהל. די טיהר איז געווען אָפען, האָט ער זיך שנעל אַרויסגערוקט פון דאָרט, ניט צומאַכענדיג די טיהר... דורך אַ פענסטער פון דעם צימער איז ער אין דרויסען אַרויס און פון דאָרטען איז ער אַריבער דעם צוים און שנעל אַהיים געלאָפען.

עס איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט און זיין פאַטער איז שוין געווען אין בעט, און ער איז מיט אַ גרויסען אימפּעט און אויפרעגונג אַריינגעלאָפען אין הויז צום פאַטער.

— פאַטער! — האָט ער אויסגעשריען, — איך האָב זיי געפּאַקט! די פאַל־שע קריסטען זיינען אין מיין נעץ!

— וואָס איז געשעהן? — האָט סאַן מאַרטין איהם געפרעגט.

— איך קום דאָס יעצט פון דיעגאָ דע שושאַן'ס שלאָס! לאַ פערמאָסאַ האָט מיך אַריינגעלאָזט אין הייהל... איך האָב אַלעס געהערט... זיי האָבען דאָרט אַ פאַרזאַמלונג... זיי ווילען מאַכען אַ פאַרשווערונג געגען דער הייליגער אינקוויזיציע. שנעלער פאַטער! אויב דיר וועט געלינגען צו קריגען גענוג פּאָליציי אַרומצורינגלען דעם שלאָס, דאַן וועלען אין אונזערע הענד אַריינפאַלען די וויכ־טיגסטע מאַראַנען... אפשר אַ הונדערט פון זיי זיינען יעצט פאַרזאַמעלט אין דעם פאַרבאָרגענעם הייהל... זיי זיינען אַלע פאַלשע קריסטען... איך האָב אַליין געהערט ווי זיי האָבען געלעסטערט דעם הייליגען נאָמען פון יעזוס'ן... זיי האָבען גערעדט אין דעם נאָמען פון גאָט פון ישראל...

— גלויבסטו אַז מען וועט זיי נאָך דאָרטען טרעפען? — האָט סאַן מאַרטין געפרעגט זיין זוהן.

— געוויס! זיי וועלען דאָרט פאַרברייינגען ביז שפּעט. זיי מאַכען פּלענער פאַר דעם אויפשטאַנד!... לאָמיר זיך איילען, פאַטער.

סאַן מאַרטין האָט זיך שנעל אָנגעטהאָן, און דאַן מאַרטין האָט דערווייל איינגעשפּאַנט די קאַרעטע און זיי זיינען באַלד אַוועק צו דעם הויפּט פון דער פּאָליציי.

דאַן מאַרטין האָט אַלעס איבערגעגעבען און געזאָגט:

— מען וועט דאַרפען האָבען אַ גרויסע צאָהל סאָלדאַטען און באַאַמטע אַרומצורינגלען דעם שלאָס און זיי אַלעמען אַרעסטירען, ווייל זייער צאָהל איז זעהר גרויס.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און די פּאָליציי־באַאַמטע און די סאָלדאַטען זיינען געווען גרייט. דאַן מאַרטין איז געגאַנגען פאָראויס, דער הויפּט פון דער

פּאָליציי און סאַן מארטין זיינען געגאנגען נאָך איהם און א גרויסע מחנה פון בעוואפענטע פּאָליציסטען און סאָלדאטען האָבען זיי באַגלייט...

זיי זיינען צוגעקומען צו דעם טויער פון שלאָס, אין האָבען געהייסען דעם וועכטער שנעל עפענען דעם טויער.

ער האָט געפאָלגט און אלע האָבען זיך א לאָז געטהאָן אינעוויינינג.

דאָן מארטין האָט זיי צוגעפיהרט צום הויז... די טיהרען זיינען געווען פארשלאָסען פון אינעוויינינג, ער האָט מורא געהאט אויב מען וועט נעהמען ברעכען די טיהרען, וועלען זיי פיעלייכט דערהערען און זיי וועלען זיך צולויפען דורך די געהיימע ארויסגאנגען... ער האָט דאריבער אָנגעזאָגט אז אלע זאָלען זיך דערוויילע פערהאַלטען זעהר רוהיג און שטיל. ער וועט די טיהרען אויפ־עפענען פון אינעוויינינג.

ער איז שנעל צוגעלאָפען צו דעם אָפענעם פענסטער און איז דורך דאָרט אריין אינעוויינינג. ער איז גלייך געגאנגען און אויפגעעפענט די טיהרען... ער האָט אָנגעצונדען א ליכט און זיי געפיהרט צו דעם צימער וואו די געהיימע טיהר צום הייהל איז געווען.

— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

די פערזאמעלטע אין הייהל האָבען גענומען אויסארבייטען אלע נויטיגע פּלענער.

דיעגאָ דע שושאן האָט געזאָגט אז יעדער איינער זאָל געבען וויפיעל געלד ער קען, און די וואפען זאָל געקויפט ווערען אזוי אז קיין פאַרדאכט זאָל ניט זיין.

— דאָ איז א זיכערער פּלאַץ! — האָט ער אויסגערופען, — אהער האָט מען געבראכט די מצות און וויין פאר פסח און קייער האָט דערפון ניט גע־וואוסט, אפילו ניט מיין איינציגע טאָכטער. אהער וועלען מיר ברייגען די געוועהר... פון דאנען וועט יעדער פעהיגער מאן קריגען זיינע וואפען און דאָ וועלען ליגען די אוצרות וואָס וועלען נויטיג זיין אָנצופיהרען אונזער פערטייי־דיגונגס קאמף... קיינער וועט ניט אויסגעפינען דעם געהיימען אריינגאנג פון דיזער הייהל און דאָ וועלען מיר קענען אפּהאַלטען אלע אונזערע באראטונגען אונגעשטערט... און יעצט, מיינע ברידער, מוזען מיר נאָך איין זאך בעזאָרגען און דאָס איז, אז מיר מוזען אלע צושווערען קיינמאָל קיינעם ניט ארויסצוגעבען... אין פאל, בעהיטע גאָט, אז אימיצער פון אונז וועט אריינפאלען אין די הענד פון די אינקוויזיטאָרען זאָל ער קיינמאָל ניט ארויסגעבען די נעמען פון די וועלכע זיינען געווען מיט איהם פארבונדען. דאָס איז אונזער הייליגער חוב צו אונזערע ברידער. וויפיעל די אינקוויזיטאָרען זאָלען יענעם ניט פּייניגען, דארפען זיינע ליפּען זיין פארזיגעלט און זיין ענטפער מוז זיין: "איך וויים ניט!" שטימט איהר אלע צו צו נעהמען די שבועה? !

— יאָ! — האָבען אלע אויפגעהויבען זייערע הענד.

דע שושאָן איז צוגעגאנגען צום ארון קודש וואו די איינציגע תורה איז געווען. ער האָט פאנאנדערגעעפענט די טירלעך און אויסגערופען:

"אין נאמען פון אונזער גאָט, אין נאָמען פון זיין הייליגער תורה, שווערען מיר אלע צו בלייבען געטריי אונזער אָפּמאך און פאר קיין פאל ניט ארויס־

געבען די נעמען פון די אנדערע אפילו ווען די שווערד יועט ליגען אויפ'ן האלז... מיר וועלען אריבערטראָגען די שווערסטע ליידען און ענויים, און מיר וועלען זיך איינער דעם צווייטען ניט פערראטהען".

— אמן! — האָבען אלע מיט אמאָל אויסגערופען.

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

זעהר שטיל און פאָרזיכטיג האָט זיך די פּאָליציי ארונטערגעלאָזען אין הייהל. זייערע שווערדען זיינען געווען געצויגען. פון דעם גרויסען טומעל און די היציגע רעדעס וואָס זיינען טיעפער אין הייהל געהאלטען געוואָרען, האָט מען אפילו ניט געקענט הערען די מינדעסטע באוועגונג.

. דאָן מארטין האָט זיי געהייסען א ווייל'ע וואַרטען. ער וועט זיי אליין פריהער איבערראשען און דאַי זאָלען זיי איהם קומען צו הילף.

ווען אלע פערזאמעלטע זיינען נאָך אזוי געשטאַנען און געהאלטען אויפגעהויבען זייערע הענד, מיט זייערע פּנים'ער געווענדט צום ארון קודש, האָט זיך דאָן מארטין דערנעהנטערט און פּלוצלינג זיך הילכיג פאַנאנדערגעלאכט.

א טויט־שרעק און א ציטער איז אויף אלעמען אנגעפאלען. זיי האָבען שנעל אומגעדרעהט זייערע קעפּ און געזעהן א הויכע' יונגען מאַן שטעהענדיג ניט ווייט פון זיי און לאַכט...

א ווייל'ע זיינען זיי געבליבען שטעהן באוועגלאָז, ווי פארגליווערט . . . מיט צושראָקענע אויגען האָבען זיי אויף איהם געקוקט... קיינער האָט צו זיך ניט געקענט קומען.. דע שושאַן האָט שנעל צוגעמאכט דעם ארון קודש... ער האָט געפּאכט מוטה און זיך געווענדעט צו דעם יונגען מאַן.

— ווער ביזטו, און ווי קומסטו אהער?

— איך? — האָט דאָן מארטין געענטפערט מיט חוצפּה, — איך בין דער געליעבטער פון דיין טאָכטער לא פערמאָסא פעמברא!... כא־כא־כא־כא!

מאַריא האָט ארויסגעלאָזען א געשריי... דע שושאַן האָט איהר צוגעהאַלטען זי זאָל ניט אומפאלען... איהר קערפּער האָט זיך אין גאַנצען געטרייסעלט ווי אין קאָנוואולסיען... דער ווילדער געלעכטער פון דאָן מארטין האָט אלעמען ווי מיט שפּיזען געשטאָכען.

— א פערראטה! — האָט דיעגאָ דע שושאַן מיט ביטער־קייט אויסגערופען.

— מיין אייגענע טאָכטער האָט מיך פערראטהען!...

— כאַפּט איהם! — האָט זשואַן אבאלאפיא א געשריי געטהאָן.

איידער איינינע פון די פערזאמעלטע האָבען זיך געוואָלט א לאָז טהאָן צו איהם, האָבען שוין די פּאָליציי מיט די בלויזע שווערדען זיי אלעמען ארומגערינגעלט.

— קיינער פון אייך זאָל זיך פון ארט ניט ריהרען! — האָט דער הויפּט פון דער פּאָליציי באפוילען.

— באזוכט זיי אויב זיי האָבען ביי זיך געוועהר!—האָט ער זיך געווענדעט צו דער פּאָליציי.

יעדער איינער פון זיי איז באזוכט געוואָרען. מען האָט באזוכט דיעגאָ דע שושאַן און זיין פרוי, וועלכע איז געווען האלב טויט. מען האָט צוגענומען

פון זיי פאַרשידענע דאָקומענטען און בריעף, אויך די געלד וואָס איז געקליבען געוואָרען פאַר דעם צוועק איז פון דער פּאָליציי אוועקגענומען געוואָרען.

— אין דעם נאָמען פון דער היילינער אינקוויזיציע זייט איהר אַלע אַרעס־טירט! — האָט סאַן מאַרטין אויסגערופען.

— דער וועלכער וועט מאַכען א פאַרזוך צו אַנטלויפען וועט אויפ'ן אָרט געטויטעט ווערען! — האָט דאָן מאַרטין צוגעגעבען.

— יעצט קומט! — האָט דער פּאָליציי־הויפּט א באַפעהל געגעבען.

מיט געבויגענע קעפּ און מיט טרויעריגע הערצער זיינען אַלע ארויסגע־גאַנגען פון קייהל.

מאַריא איז געוואָרען זעהר היסטעריש... איהרע געשרייען האָבען דורכ־געשניטען די שטילקייט פון דער נאַכט.

לאָ פערמאָסא וועלכע איז שוין געווען פאַרזונקען אין טיעפען שלאָף, האָט זיך פון דעם גרויסען טומעל אויפגעכאַפּט. זי האָט זיך שנעל אַנגעטהאָן און ארויסגעלאָפען פון איהר צימער... זי דערזעהט די פּאָליציי, די געסט, איהר פאָטער און מוטער, דאָן מאַרטין... איהרע אויגען האָבען אַנגעהויבען צו שווינדלען... וואָס קומט דאָ פאָר... דאָן מאַרטין האָט זיי אַלעמען איבערגעגע־בען איידער ער האָט זיך מיט איהר בעראַטהען.

— אַה, דאָן מאַרטין! דאָן מאַרטין! — איז זי צו איהם צוגעלאָפען.

— דיינע פאַרפלוכטע עלטערען וועלען זייער שטראָף בעקומען, — האָט ער איהר מיט ברוטאַלער קאַלטקייט געענטפערט.

— גאָה, מיין טהייערער דאָן מאַרטין, וואָס האָסטו געטהאָן? — האָט זי איהם אַנגענומען פאַר דער האַנד, — פאַרוואָס האָסטו זיך אַזוי געאיילט?

— איך האָב געטהאָן מיין פליכט צו דער קירך און צו דער היילינער אינ־קווויזיציע, — האָט דאָן מאַרטין איהר לייכט אָפּגעשטויסען פון זיך.

— אַה, פאַרשאָלטען זאָלסטו ווערען, מיין טאָכטער! — האָט דיעגאָ דע שישאָן אויסגערופען, — דו האָסט אויף אונז אַלעמען אַן אומגליק געבראַכט.

לאָ פערמאָסא האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

איינער פון די פּאָליציסטען האָט זיך צו איהר אָפּגערופען:

— דו וועסט מיט אונז אויך מיטגעהן.

— ניין, זי איז ניט שולדיג, ביז דאָ ניט לאַנג האָט זי אַליין ניט געוואוסט אַז איהרע עלטערען זיינען פאַלשע קריסטען... זיי האָבען דאָס פון איהר פאַר־באָרגען... און אַזוי שנעל ווי זי האָט אויסגעפונען וועגען זייער פאַלשקייט, האָט זי מיר ארויסגעהאָלפען... און יעצט איז אונז געלונגען זיי צו אַרעסטירען. און דורך זיי וועלען מיר שוין אויסגעפינען די איבריגע מאַראַנען וועלכע היטען אָפּ שבת און זונטאַג געהען זיי אין קירך... ניין, לאָ פערמאָסא, וועט ניט מיט־געהן מיט זיי אין תפיסה, זי וועט דאַרפען אריינגעגעבען ווערען אין מאָנאַסטיר. בלויז דאָרטען וועט זי קענען געלייטערט און גערייניגט ווערען פון דעם שמוץ וואָס האָט איהר אַרומגערינגעלט.

— אַה, מיין טהייערער דאָן מאַרטין! דו זאָלסט אַזוי ריידען וועגען מיר? האָסטו דען מיך מעהר ניט ליעב?!...

דאָן מאַרטין האָט איהר ניט געענטפערט.

מען האָט אַלע געפאַנגענע ארויסגעפיהרט אין דרויסען. עס האָט שוין

אַנגעפאַנגען צו טאָגען. דאָרטען זיינען זיי א ווייל געבליבען שטעהן. דער הויפּט האָט איבערגעצעהלט די געפאַנגענע און זיך אָפּגערופען:

— הונדערט איז די צאָהל... אלע וועלען דארפען ועפיהרט ווערען צו דעם געפענגניס וואָס געפינט זיך ביי דעם מאָנאַסטיר פון דעם "הייליגען פּאָול". דאָרטען וועלען זיי פארבלייבען ביז איבער דעם משפּט.

— איינינע פון די פּאָליציי־בעאמטע וועלען איבערבלייבען איז שלאָס ביז וואנען מען וועט בעשליסען וואָס צו טהאָן. און ווער נאָך עס וועט אריינקומען אהין דורך דעם גאַנצען טאָג זאָל ארעסטירט ווערען.

מען האָט זיי אלעמען אוועקגעפיהרט צו דעם מאָנאַסטיר פון "הייליגען פּאָול", און זיי דאָרטען פארשפּארט אין געפענגניס.

די נייעס אז מען האָט געכאַפּט א הונדערט געהיימע אידען מיט אמאָל, וועלכע זיינען געווען די וויכטיגסטע און רייכסטע בירגער האָט זיך שנעל פארשפּרייט אין סעוויל און ארום. א שמחה און א גליק איז געווען פאר אלע גייסטליכע און קריסטען וועלכע האָבען געפּרעדיגט די אינקוויזיציע.

מעהר פון אלעמען האָט זיך געפרעהט דער קעניג פערדינאַנד. זיין שמחה איז געווען גרויס צוליעב דעם וואָס כמעט אלע ארעסטירטע זיינען געווען זעהר רייך. דיעגאָ דע שושאַן'ס פארמעגען האָט מען דאן געשאצט איז צעהן מיליאָן און די אנדערע זיינען אויך געווען מיליאָנערען... אזוי שנעל ווי די ריכטער פון דער אינקוויזיציע וועלען זיי געפינען שולדיג, וועט ער קאָנפיסקירען זייער גאַנץ פארמעגען פאר דער מלוכה... און דאן וועט דער קעניגליכער שאַץ־קאַמער אַנגעפילט ווערען. אז זיי וועלען געפונען ווערען שולדיג, איז ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט געווען. די עדות און די באווייזע, דאָס וואָס מען האָט ענטדעקט דעם געהיימען הייכל און די ספר תורה... דארף מען דען א בעסערען באווייז? יעצט אז אזוי פיעל געלד וועט אריינפאלען צו דער מלוכה, קען ער שוין אָנהויבען טראַכטען וועגען אָנפאַנגען די מלחמה מיט די מורען פון גראַנאַדא, וואָס ער האָט שוין לאַנג געפּלאַנעוועט און געמוזט אָפּלייגען צוליעב דעם וואָס די קעניגליכע קאַסע איז געווען פּוסט. יאָ, דאָס וועט זיין א גיטער אָנפאַנג.

סאַן מאַרטין און זיין זוהן זיינען דערהויבען געוואָרען צוליעב דעם. דער קעניג האָט געמאַכט סאַן מאַרטינען פאר דעם הויפּט־ריכטער פון דיזען משפּט. אַלאָנזאָ דע אָיעדא איז געווען אזוי צופריעדען פון דעם, אז ער איז אפילו ניט געווען אייפערזיכטיג אויף דעם וואָס דער קעניג האָט איהם געגעבען מעהר מאַכט.

דער משפּט איז בעשטימט געוואָרען אין א מאָנאַט ארום. דערווייל האָבען די אינקוויזיטאָרען בעשלאָסען אָנצואווענדען אלע אינקוויזיטאָרישע מיטלען אויסצוגעפינען די נעמען פון די אנדערע מאַראַנען וועלכע זיינען געווען פארבונדען מיט דיעגאָ דע שושאַן.

פופצעהנטער קאַפּיטעל

## קאָלאָמבוס אין שפּאַניען

קריסטאָפער קאָלאָמבוס'ס לאַגע אין ליסאַבאָן איז נאָך ערגער געוואָרען... פאר איהם זיינען אָפּגעשניטען געוואָרען אלע מעגליכקייטען פון חיונה. זיין שטאָלץ

האַט איהם ניט געלאָזען נעהמען שטיצע פון דאָקטאָר וויזינאַ... זיין פרוי׳ס פעטער האָט ער פון זיין הויז פארטריבען, ווען ער איז צו איהם געקומען פאַר־לאַנגען ער זאָל איבערגעבען זיין זוהן דיעגאָ׳ן אין זיין רשות. זיינע חובות זיינען געוואַקסען, און ער האָט געוואוסט וואָס עס מיינט אין פּאָרטוגאַל ניט צו בעצאָהלען אַ חוב. פיעלע האָבען איהם געבאָרגט געלד בלויז צוליעב דעם רייכען פעטער וואָס זיין פרוי האָט געהאַט, און דאריבער וועז זיי פלעגען קומען צו איהם מאָהנען דאָס געלד און ער האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו צאָהלען, פלעגען זיי זיך ווענדען צום פעטער... ער האָט אָבער מיט׳ן פולען מויל געזאָגט, אַז ער וועט קאָלאַמבוס׳ס חובות ניט צאָהלען, אַזוי לאַנג ווי ער וועט איהם ניט איבערגעבען זיין זוהן דיעגאָ׳ן ער זאָל ערצויגען ווערען אין זיין הויז.

זיינען קאָלאַמבוס׳ס בעלי חובות מיט ברענענדען צאָרן געקומען צו לויפען צו איהם און האָבען פון איהם געפאָדערט אַז ער זאָל נאָכגעבען דעם פארלאַנג פון פעטער, כדי זיי זאָלען קריגען זייער געלד.

— דו דאַרפסט זיך דאָך שעצען גליקליך! — האָט איין בעל חוב צו איהם גע׳טענה׳ט, — דו ביזט אָרים, דו האָסט ניט קיין פּרוטה ביי דער נשמה, דו ביזט פארזונקען אין חובות... דו האָסט קיין אויסזיכטען ניט צו פארדיענען מעהר געלד, בפרט ווען דיין קינד האַלט דיינע הענד פארבונדען... פארוואָס גיסטו איהם ניט נאָך? דיין זוהן קען ערוואַרטען אַ מעהר גלענצענדע צוקונפט ביי זיין פעטער איידער ביי דיר... דאָרטען וועט איהם גאָרניט פעהלען, און דו וועסט אויך באַפרייט ווערען פון דיינע חובות... דו וועסט מעהר קיין זאָרג ניט האָבען... דיין קינד וועט זיך געפינען אין גוטע הענד און דו וועסט קענען טהאָן וואָס דיר וועט געפעלען.

— מיין פרוי׳ס פעטער איז אַליין צו מיר געקומען מיט דעם פאָרשלאָג! — האָט קאָלאָמבוס געענטפערט, — און איך האָב איהם געוויזען די טיהר.

— אויב אַזוי וועל איך אָננעהמען דעם פעטער׳ס עצה! — האָט דער בעל חוב מיט כעס אויסגערופען, — און דו מעגסט עס וויסען, איך האָב עס געוואָלט פארמיידען... ווען איך בין צו איהם געקומען און געוויזען דיין אונ־טערשריפט אויף מיין חוב און פון איהם פערלאַנגט ער זאָל מיר בעצאָהלען אויב ער וויל איך זאָל דיך ניט איינשפּארען אין תפיסה, האָט ער מיר געזאָגט, אַז וואָס שנעלער איך וועל דיך אין געריכט אָנקלאָגען אַלץ שנעלער וועל איך קריגען מיין געלד. ער האָט מיר געזאָגט וועגען דייע עקשנות און איך האָב בעשלאָסען דיך פריהער צו וואָרענען, ווייל איך האָב אויף דיר רחמנות געהאַט, און יעצט מעגסטו וויסען אַז איך וועל דיך ברייגגען אין געריכט, און ווען דו וועסט [illegible]משפט ווערען צום געפענגנים פאַר ניט צאָהלען קיין חובות, וועט דיין זוהן אַלץ איינס געהן צו דיין פרוי׳ס פעטער... דו וועסט דאריבער מיט דיין עקשנות גאָרניט געווינען... דו וועסט פאַר זיך ערגער מאַכען... דו וועסט דארפען זיצען אין תפיסה פאַר פיעלע יאָהר, ווייל ווי איך פארשטעה, בין איך ניט דער איינציגער בעל חוב. דיין פעטער האָט דיר געגעבען דריי טעג צייט... היינט איז דער לעצטער טאָג, אויב דו וועסט מיר ביז מאָרגען אין דער פריה ניט אָפּצאָהלען מיין חוב וועל איך דיך לאָזען ארעסטירען... אָבער איך ראָטה דיר נאָכצוגעבען דעם פעטער.

— איך וועל זיך איבערלעגן ביז מארגן, — האט איהם קאלאמבוס טרויעריג געענטפערט.

ווען יענער איז אוועק און קאלאמבוס איז געבליבען אליין מיט זיין זיבען יעהריגען זוהן, האט ער איהם אויף זיין שויס ארויפגענומען און צערטליך גע־דריקט צו זיך.

— פאטער, פארוואס קומען אט די אלע מענשען שרייען אויף דיר? — האט דיעגא איהם געפרעגט, און אין זיינע בלויע אויגען איז געלעגען אזוי פיעל ליעבליכקייט און אומשולד.

קריסטאפער האט איהם א קוש געטהאן אויף זיי ווייסען שטערן.

— דאס האט זיי דייז פעטער צו מיר געשיקט ער וויל איך זאל דיך איבערלאזען אין זיין הויז... ווילסטו געהן צו איהם, דיעגא?

— ניין, ניין! איך וויל ניט! ער איז א שלעכטער ער שרייט און בייזערט זיך שטענדיג... איך וויל בלייבען מיט דיר..

טרערען האבען זיך באוויזען אין קאלאמבוס'עס אויגען ווען זיין קינד האט איהם ארומגענומען אין זיך צו איהם געטוליעט... ער האט זיך דערמאנט אז פיליפא'ן, זיין ליעבליך און צערטליך פרוי... ווי קורץ זיין גליק איז געווען... ער האט טיעף אין דיעגא'ס אויגען אריינגעקוקט און איהם האט זיך געדוכט אז ער זעהט דארטען זיין פיליפא'ן, די מוטער פון זיין קינד... זי בעט זיך ביי איהם מיט א ריהרענדען געבעט ער זאל אכטונג געבען אויף דעם קינד. ער זאל זעהן אז דאס קינד זאל ניט וויסען פון ליידען... זיין הארץ איז צו־גאנגען געווארען פון גרויס רחמנות צו זיין אומגליקליכען קינד, וועלכער איז אזוי יונג א יתום געווארען... וואס קען ער איהם געבען?... און אויב ער זאל איהם אפגעבען צום פעטער... א שוידער איז דורך זיין לייב ווען ער האט פון דעם געטראכט... ניין! דאס וועט קיינמאל ניט געשעהן. ער האט פלוצלונג ארונטערגעלאזען דעם קינד פון זיין שויס. ער האט זיך אויפגע־שטעלט פון זיין פלאץ און זיך אפגערופען:

— דיעגא, דו ווילסט מאכען מיט מיר א לאנגע רייזע? מיר וועלען ביידע פארלאזען די שטאדט און זיך לאזען אין וועג.

— און דארטען וועלען די בייזע מענשען מעהר צו דיר ניט קומען? און דער פעטער אויך ניט?

— ניין, מיין קינד. דארטען וועלען מיר ביידע פריי זיין... גאנץ ווייט פון דאנען האסטו א מוהמען און אן אנדער פעטער... זיי זיינען זעהר גוט... מיר וועלען געהן אהין צו זיי.

דעם קינד'ס אויגעלאך האבען אויפגעבליצט פון שמחה.

— אה, פאטער, לאמיר געהן אהין! — האט ער אויסגערופען.

— אויב אזוי, מוזטו זיך גלייך לייגען שלאפען. דו מוזט זיך גוט אויס־שלאפען ביז וואנען עס וועט פינסטער ווערען. ווייל מיר וועלען מוזען געהן ביינאכט.

— ווייל יעצט איז ליכטיג און די שלעכטע מענשען וועלען אונז דער־זעהן, וועלען זיי אונז ניט לאזען געהן... ביינאכט איז פינסטער, וועלען מיר קענען אוועקגעהן אומבאמערקט... אבער געדענק דיעגא, אז דו טארסט זיך

פאַר קיינעם ניט אַרויסריידען אַז מיר געהען פאַרלאָזען די שטאָדט... אויב אימיצער וועט דיך פרעגען, זאָלסטו איהם ניט ענטפערען... אַזי יעצט געה שלאָף זיך אויס. איך וועל אַלעס צוגרייטען און ווען איך וועל פאַרטיג ווערען וועל איך דיך אויפוועקען און מיר וועלען זיך לאָזען אין וועג אַריין...

דיעגאָ האָט זיך צוגעלעגט שלאָפען און קאָלאָמבוס האָט גענומען זיך צור גרייטען פאַר׳ן וועג... פאַר דאָס ביסעל געלד וואָס איהם איז פאַרבליבען האָט ער איינגעקויפט שפייז פאַר זיך און פאַר׳ן קינד. ער האָט איינגעפּאַקט אַלע זיינע מאַפּעס, פּלענער און ביכער וואָס זאַקוטאַ און וויזינאַ האָבען איהם געגעבען. און ווען עס האָט גענומען טונקעל ווערען, האָט ער אויפגעוועקט זיין זוהן. ער האָט איהם אַרומגעוואַשען און איהם געגעבען עסען און טרינקען. ער האָט איהם אָנגעטהאָן וואַרימע בגדים און איבערלאָזענדיג דאָס ביסעל אָרימע מטלטלין האָט ער דאָס הויז פאַרלאָזען און איז אוועק מיט זיין זוהן אין וועג אַריין.

די נאַכט איז געווען אַ ליכטיגע. די לבנה האָט הערליך געשוועבט אין די הימלען... די שטערען אַרום האָבען געפינקעלט ווי זיי וואָלטען ווינקען און רופען...

קאָלאָמבוס און דיעגאָ האָבען זיך פאַרנומען דורך די זייטיגע געסלאַך.. ער האָט ניט געוואָלט אַז מען זאָל איהם באַמערקען... מיט אַ פּעקעל אויף זיינע פּלייצעס און מיט אַ שטעקען אין איין האַנט און מיט דער צווייטער האַנט האַלטענדיג די האַנט פון זיין קינד, האָט קאָלאָמבוס אָנגעהויבען זיין וואַנדערונג... ווען זיי זיינען שוין אַרויס פון ליסאַבאָן האָט קאָלאָמבוס פרייער אָפּגעאָטעמט. דאָ וועלען איהם זיינע בעלי חובות ניט געפינען...

איניגע שטונדען האָט ער אַזוי מיט זיין קינד געוואַנדערט, ביז וואַנען ער האָט דערפילט אַז דיעגאָ איז מיעד, האָט ער אויפגעזוכט אַ שטיין און זיך דאָרט מיט איהם צוגעזעצט. ער האָט אַרויפגענומען זיין קינד אויף זיין שויס און האָט איהם גענומען דערצעהלען מעשיות פון זיינע אַמאָליגע רייזעס איבער דעם ים... ער האָט איהם דערצעהלט וועגען די פּיראַטען, ווי אַזוי מען האָט איהם שוין איינמאָל אין ים אַריינגעשליידערט און דאָס וואָס ער האָט געקענט גוט שווימען האָט איהם פון אַ זיכערען טויט געראַטעוועט... ער האָט איהם אויך גענומען דערצעהלען פון אַ נייער וועלט וואָס געפינט זיך ווייט, גאַנץ ווייט פון דאַנען...

דאָרטען, אין דער נייער וועלט לעבען די מענשען גליקליך! — האָט קאָלאָמבוס איהם דערצעהלט — דאָרט געפינט זיך זעהר פיעל גאָלד און אַלע ווערען רייך.

— און פאַר וואָס פאָהרען מיר ניט אַהין? — האָט איהם דיעגאָ געפרעגט.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט מיין קינד, אַז עס איז זעהר ווייט... ניט אַלע וויסען פון יענעם גליקליכען לאַנד... ווען גאָט וועט מיר העלפען און דער קעניג פון שפּאַניען וועט מיר וועלען געבען שיפען, וועל איך אַהין מאַכען אַ רייזע.

— און וועסטו מיר אויך מיטנעהמען, פאָטער?

— ניט יעצט, ווען דו ביזט נאָך אזוי יונג, אָבער ווען דו וועסט אויס־וואקסען, וועסטו מיט מיטרייזען. איך וועל דיר מאַכען פאר א קאפּיטאן איבער א שיף... אָבער פריהער וועסטו מוזען שטודירען אַט די אַלע ביכער וואָס איך האָב... יעצט ביזטו נאָך צו קליין אַלעם צו פאַרשטיהן.

די זיסע אנגענעהמע מעשיות האָבען דיעגאָ'ן איינגעשלעפערט... קאָ־לאָמבוס איז אזוי מיט איהם אַפּגעזעסען א היבשע ווײלע. ער האָט איהם צוגעדעקט מיט זיין מאנטעל...

ווען דיעגאָ האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט שוין אָנגעפאנגען צו ווערען ליכ־טיג. אין מזרח האָט זיך די זון באוויזען...

ער האָט אויסגעריבען זיינע אויגען און מיט גרויס באגייסטערונג באַ־טראכט די זונען־אויפגאנג.

קאָלאָמבוס האָט זיך אויפגעשטעלט, אויסגעגלייכט. ער האָט ארויסגע־נומען עטוואָס שפּייז און וואסער פון פּעקעל פאר'ן קינד און פאר זיך. זיי האָבען ביידע געגעסען און געטרונקען און זיך ווייטער געלאָזט אין וועג.

צוויי טעג האָבען ביידע געוואנדערט. ווען דער דריטער אָוועגט האָט גע־נומען צופאלען, האָט קאָלאָמבוס געזעהן אז ווייטער וועט ער ניט קענען וואנ־דערען. זיין קינד איז שוין געווען מיעד... א היבשען וועג האָט ער איהם אויף זיינע הענד געטראָגען און דאָס האָט איהם אויך זעהר אויסגעמאטערט... די שפּייז איז שוין אויפגעגאנגען. דיעגאָ האָט זיך קוים געהאַלטען אויף זיינע פיס. ער האָט איהם געמוזט ווייטער טראָגען אויף זיינע הענד... עס איז איהם געווארען גאנץ ביטער אויפ'ן הארצען. אויב דאָס קינד וועט זיין געצוואונגען ווייטער צו בלייבען נעכטיגען אין דרויסען, וועט ער זיכער קראַנק ווערען... פון ווייטען האָט ער באמערקט א פוהר אַנקומענדיג איהם אַנטקעגען. ער האָט בעשלאָסען צוצוגעהן צו דעם פוהרמאַן און בעטען ער זאָל איהם צופיהרען צו א פּלאַץ וואו ער וועט געפינען א דאך פאר איהם און זיין קינד פאר א נאכט.

ער האָט איבערגעלאָזען א ווײלע דיעגאָ'ן אַליין און איז געלאָפען צו דעם פוהרמאַן.

קאָלאָמבוס האָט איהם דערצעהלט זיין לאַגע און איהם געפרעגט וואוהין ער פאָהרט.

— איך פאָהר קיין ליסאבאָן! — האָט איהם יענער געענטפערט, — אויב דו ווילסט, וועל איך דיר אהין מיטנעהמען אויף מיין פוהר.

— איך דאנק דיר, מיין פריינד! — האָט איהם קאָלאָמבוס געענטפערט — איך וויל בלייבען אין שפּאניען. אָבער זאָג מיר, פיעלייכט איז דאָ ניט ווייט פאראן ערגעץ א פּלאַץ וואו איך און מיין קינד וועלען זיך קענען אויסרוהען.

— דאָ ניט ווייט געפינט זיך די שטאָדט לאַ ראַבידאַ, דאָרטען איז פאראן א קלויסטער וואו פיעלע פון די מאַנאכען האַלטען זיך אויף. ווען דו וועסט קומען אהין, בין איך זיכער, וועט מען דיך און דיין קינד אריינלאָזען... זיי זיינען זעהר גאַסט־פריינדליך.

— מיר זיינען ביידע אזוי מיעד. פיעלייכט וואָלסטו אונז קענען אונטער־פיהרען א שטיקעל וועג? איך וועל דיר די טובה קיינמאָל ניט פארגעסען.

— איך קום יעצט פון יענער ריכטונג, און איך איל זיך צו פאָהרען קיין

ליסאבאָן. איך וועל זיך יעצט ניט קענען צוריקקעהרען... איך פאַרזיכער דיר אָבער אַז עס וועט דיר לאַנג ניט נעהמען און דו וועסט דאָרט צוקומען.

קאָלאָמבוס האָט איהם בעדאַנקט און האָט זיך אומגעקעהרט צו דיעגאָ'ן. ער האָט איהם גענומען אויף זיינע הענד און איז ווייטער געגאַנגען.

איינינע שטונדען איז ער אַזוי געגאַנגען ביז וואַנען ער האָט פון ווייטען באַמערקט ליכט... ער האָט פאַרשטאַנען אַז ער איז שוין ניט ווייט פון דער שטאָדט לאַ ראַבידאַ. עס איז איהם געוואָרען פרעהליכער אויפ'ן האַרצען. ער האָט זיך גענומען פיהלען קרעפטיגער אויף זיינע פיס און פאַרשנעלערט זיינע טריט. פון דעם ליכט וואָס האָט אַרויסגעלויכטען פון די פענסטער פון אַ הויכער געביידע, האָט קאָלאָמבוס פאַרשטאַנען אַז דאָס איז דער קלויסטער. קוים, קוים, האָט ער זיך אַהין דערשלעפּט.

דער קלויסטער איז געשטאַנען אויף אַ באַרג. ווען ער איז דאָרט אַרויפגעקומען, האָט ער געזעהן אַז די טויערען זיינען פאַרמאַכט.

קאָלאָמבוס האָט גענומען קלאַפּען אין דעם טויער. ער האָט צוגעוואַרט אַ ווײַלע און ווען ער האָט געזעהן אַז קיינער ענטפערט ניט, האָט ער גענומען נאָך שטאַרקער קלאַפּען... דיעגאָ, וועלכער איז געווען אַזוי אויסגעמאַטערט, הונגעריג און דורשטיג, האָט געוויינט... קאָלאָמבוס האָט איהם באַרוהיגט... זיין האַרץ איז אין איהם צוריסען געוואָרען הערענדיג דאָס געוויין פון זיין קינד... ער האָט גענומען קלאַפּען מיט אַלע זיינע כוחות.

אַ גערויש האָט זיך דערהערט פון אינעווייניג.

— אָט קומט מען עפענען די טויערען! — האָט ער זיך אָפּגערופען צו דיעגאָ'ן, — וויין ניט מעהר, מיין קינד... דו וועסט זיך באַלד אויסרוהען, דאָרט וועט מען דיר אויך געבען שפּייז.

לאַנגזאַם האָט זיך דער טויער געעפענט... פאַר קאָלאָמבוס'עס אויגען איז ערשיענען אַן עלטערער מאַן מיט אַ ליכט אין האַנד און אין קליידער פון אַ מאָנאַך. אַ גרויסער צלם איז געווען אויף זיין האַרצען.

— פרידען צו דיר אין נאָמען פון דעם האַר יעזוס! — האָט קאָלאָמבוס זיך אַ בייג געטהאָן, — איך און מיין זוהן וואַנדערען שוין צוויי טעג... מיר זיינען מיעד, הונגעריג און דורשטיג... קענען מיר דאָ פיעלייכט קריגען אַ פּלאַץ זיך אויסצורוהען, שפּייז און וואַסער צו שטילען אונזער הונגער און דורשט?

— ווילקאָמען, ווילקאָמען, ווירדיגער גאַסט! קום אַריין צוזאַמען מיט דיין זוהן... דיזער פּלאַץ איז ברייט אָפען פאַר יעדען וואַנדערער.

אַ גרויסע פרייד האָט קאָלאָמבוס'ן אַרומגענומען. דער מאָנאַך האָט גענומען דיעגאָ'ן פון זיינע הענד און איז מיט איהם פאַראויסגעגאַנגען אויף די טרעפּ... קאָלאָמבוס איז איהם נאָכגעגאַנגען. זיי זיינען אַריינגעקומען אין אַ גרויסען ליכטיגען צימער. דאָרטען זיינען נאָך עטליכע מאָנאַכען געזעסען.

— מיין נאָמען איז זשואַן פערעז — האָט זיך דער עלטערער מאָנאַך פאָרגעשטעלט פאַר דעם פרעמדען.

— און מיין נאָמען איז קריסטאָפאָר קאָלאָמבוס! — האָט ער זיך פאַרנייגט פאַר דעם מאָנאַך.

— צום ערשטען וועל איך זעהן אייך ביידען צו בעזאָרגען מיט שפּייז, — האָט פערעז געזאָגט — און דערנאָך וועלען מיר ריידען.

ער איז שנעל אריין אין א צווייטען צימער, און פון דארטען האט ער גע־בראכט שפייז, מילך און אייער, ברויט און וואסער.

ביידע, קאלאמבוס און זיין זוהן, האבען זיך קוים צוגעכאפט צום עסען. ווען זיי זיינען זאט געווארען און זיך אנגעטרונקען, האט זיי זשואן פערעץ אריינגעפיהרט אין א צימער וואו א גרויסע בעט איז געווען.

— רוהט זיך אויס, מיינע טהייערע געסט! — האט דער מאנאך פערעץ געזאגט מיט צערטליכקייט, — מיר וועלען צייט האבען מארגען צו ריידען.

אויף מארגען אין דער פריה ווען קאלאמבוס האט זיך אויפגעכאפט איז שוין געווען גוט ליכטיג. זיין קינד האט נאך געשמאק געשלאפען. מיט גרויס פארזיכטיגקייט, ניט אויפצואוועקען דיעגא'ן, איז ער ארויס פון בעט און האט זיך אנגעטהאן. ער איז ארויס אין קירך, דארטען האט ער זיך צוזאמען מיט די איבריגע מאנאכען געקניעט נעבען אלטאר.

דער מאנאך פערעץ האט איהם געפרעגט ווי ער פיהלט זיך יעצט און ווי ער האט געשלאפען.

מיט דאנקבארע אויגען האט קאלאמבוס איהם געענטפערט, אז ער האט זעהר גוט געשלאפען, און אז זיין קינד שלאפט נאך איצט.

— דו בעסער געפינן זיך נעבען איהם, ווייל ווען דאס קינד וועט זיך אויפ־כאפען און דיך ניט זעהן, וועט ער זיך דערשרעקען.

שפעטער ווען דיעגא האט זיך אויפגעכאפט, איז ער מיט איהם געגאנגען צו דעם צימער וואו די מאנאכען האבען געגעסען. ער האט מיט צופרידענהייט בעטראכט ווי דיעגא פיהלט זיך פריש און מונטער.

— יעצט, מיין פריינד, זאג מיר פון וואנען קומסטו און וואוהין געהסטו?

— האט איהם פערעץ מיט פריינדליכקייט געפרעגט.

— איך קום פון ליסאבאן! — האט קאלאמבוס געענטפערט — און ער האט איהם דערצעהלט אלעס וועגען זיינע פלענער וואס ער האט פאר־געלייגט פאר דעם קעניג פון פארטוגאל, וועגען זיינע ליידען, וועגען דעם טויט פון זיין פרוי, און אז ער געהט יעצט איבערלאזען זיין קינד מיט זיין פרוי'ס פערהייראטע שוועסטער וועלכע געפינט זיך אין הועלווא. און דאן וועט ער מעגליך געהן נאך איטאליען אדער פראנקרייך פארצולייגען זיין פלאן צו יענע רעגירונגען.

— און פארוואס ניט צו דעם שפאנישען קעניג? — האט זיך זשואן פערעץ צו איהם אפגערופען.

— איך האב פריהער טאקע געהאט אין זינען עס פארצושלאגען פאר פערדינאנד און איזאבעלא'ן, אבער איך צווייפעל אויב איך וועל זיין ערפאלגרייך ווייל ווען זיי וועלען אויסגעפינען אז דער קעניג פון פארטוגאל האט מיין פאר־שלאג ניט אנגענומען, וועלען זיי מיר אויך ענטזאגען.

— איך אליין בין שטארק פאראינטערעסירט אין דיין פלאן, — האט דער מאנאך זשואן פערעץ זיך אפגערופען, — איך האב זיך איבערגעגעבען זעהר פיעל צו אויספארשונגען און צו שטודירען פערשידענע ביכער וועגען אסטרא־נאמיע. האסטו פיעלייכט געהערט פון דעם פראפעסאר אברהם זאקוטא פון דעם סאלאמאנקער אוניווערזיטעט?

קאָלאָמבוס האָט א שמייכעל געטהאָן. ער האָט פאַנאַנדערגעוויקעלט זיין פּעקעל און ער האָט ארויסגענומען זאקוטא'ס ביכער און צייכנונגען און איהם געצייגט.

— פּראָפעסאָר זאקוטא איז געקומען מיך זעהן אין פּאָרטוגאל! — האָט קאָלאָמבוס מיט שטאָלץ געזאָגט, — ער האָט פון מיר געהערט און ער איז מיך געקומען זעהן און צוגעבען מוטה.

— אויב אזוי בין איך זיכער אז דו וועסט האָבען ערפאָלג! — האָט דער מאָנאך מיט צופרידענהייט געזאָגט, — זאקוטא איז זעהר בעריהמט, און אויב ער איז אין דיין פּלאַן פאַראינטערעסירט, וועט זיך אויך פאַראינטערעסירען דער פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע אין דעם זעלבען אוניווערזיטעט. זיין נאמען איז דיעגאָ דע דעזא. ער איז זעהר נאָהענט מיט דעם קעניג, ער לערנט מיט דעם קרוינ־פּרינץ, און ער וועט דיר א סך קענען ארויסהעלפען. מיין עצה דאריבער איז, אז דו זאָלסט ניט פאַרלאָזען שפּאַניען כל זמן דו וועסט זיך ניט זעהן מיט דער קעניגין איזאבעלא... איך האָב דאָרט אין קעניגליכען הויף אויך א גוטען פריינד, זיין נאמען איז הערנאַנדאָ דע טעלאַווערא, ער איז דער קאָנפעסאָר פון דער קעניגין, איך וועל דיר צו איהם געבען א בריעף און ער וועט דיר באהילפיג זיין.

קאָלאָמבוס איז נאָך יעצט געווען מעהר צופריעדען וואָס ער איז געקומען אהער אין קלויסטער. ניט נאָר האָט אויף איהם א גוטע ווירקונג געהאַט די גאַסט־פריינדליכקייט פון דעם ליעבליכען מאָנאך, נאָר יעצט זעהט ער, אז ער איז געבילדעט און האָט א גוטע ידיעה אין אסטראָנאָמיע און געאָגראַפיע.

עטליכע טעג האָט קאָלאָמבוס פאַרבראַכט מיט איהם, און ביידע האָבען געהאַט א סך וואָס צו ריידען. ווען ער האָט איהם געזאָגט אז ער וויל געהן אין הועלווא דאָרט איבערצולאָזען זיין קינד אין די הענד פון זיין פרוי'ס שוועסטער, האָט איהם פּערעץ אָפּגערעדט דערפון.

— פאַרבלייב מיט אונז נאָך אביסעל. דערוויל וועל איך זיך שטעלען אין פאַרבינדונג מיט איינינע פון מיינע פריינד וועלכע האָבען אן איינפלוס אויף דעם קעניג און קעניגין, מעגליך אז דורך זיי וועסטו קיין שוועריגקייט ניט האָבען זיך צו זעהן מיט דער קעניגליכער פּאָר.

קאָלאָמבוס האָט צוגעשטימט. דער מאָנאך האָט געלערנט מיט דיעגאָ'ן די ביכער פון זאקוטא און פון אנדערע געלערנטע פון יענער צייט וועלכע האָבען געשריבען ביכער וועגען אסטראָנאָמיע און געאָגראַפיע.

זעכצעהנטער קאַפּיטעל

## דער "יסורים קאַמער"

אין דער קורצער צייט וואָס די אינקוויזיציע איז איינגעשאַפט געוואָרען אין סעוויל, האָבען שוין די אינקוויזיטאָרען באוויזען אויסצוטראַכטען די שווידערליכסטע מעטאָדען ווי צו פּייניגען זייערע קרבנות איידער זיי שיקען זיי צום שייטערהויפען פאַרברענט צו ווערען. עס איז אונמעגליך איבערצו־געבען די שרעקליכסטע יסורים און אונערטרעגליכע שמערצען, וואָס איינער וועלכער איז שוין אריינגעפאַלען אין די הענד פון יענע "הייליגע" בלוט־

דורשטיגע חיות האָט געדאַרפט דורכמאַכען איידער דער משפט איז אויף איהם אַרויסגעגעבען געוואָרען.

אין אַ לאַנגען אונטערערדישען קאָרידאָר האָט מען דורכגעפיהרט די געפאַנגענע וועלכע מען האָט אַריבערגעפיהרט פון דעם געפענגנים. דאָרטען זיינען געווען די קאַמערען וואו די אומגליקליכע פלעגען אַריינגעוואָרפען ווערען איידער זיי ווערען גערופען צו דער אויספאָרשונג פון די אינקוויזיטאָרען.

די שטיינערנע ווענט זיינען געווען שוואַרץ און פאַרזשאַווערט פון דער פייכטקייט. אַ קעלט האָט דורכגענומען די געפאַנגענע וועלכע זיינען געווען געצוואונגען צו ליגען אויף דעם באָדען וואָס איז געווען פול מיט שמוץ און פייכטע בלאָטע, וואו ווערים און פאַרשידענע קריכענדע אינזעקטען זיינען געווען. דער געפאַנגענער איז געווען געצוואונגען צו זיצען און צו שלאָפען אויף דעם באָדען, ווייל קיין באַנק אָדער בעט איז דאָרט ניט געווען. פון צייט צו צייט פלעגט ער דערפיהלען דאָס דורכלויפען פון אַ ראַץ אָדער מויז. אַ סקרוד פלעגט דורכגעהן איבער'ן לייב.

אין אַט אַזאַ "וואָהנונג" האָט מען אַריינגעפיהרט דעם רייכען נאָבעלען דיעגאָ דע שושאַן. די פיס זיינען געווען געשמידט אין קייטען. מען האָט איהם אַריינגעלאָזען אין זיין קאַמער און איהם צוגעוואָרפען אַ שטיקעל ברויט.

מאַריאַ, די צערטליכע גוטהערציגע און איידעלע פרוי פון דיעגאָ דע שושאַן האָט אויך געקראָגען דיזעלבע בעהאַנדלונג. אין איינער פון אַזעלכע קאַמערען אָהן אַ בעטעל און בענקעל האָט מען זי אַריינגעפיהרט. זי האָט ביטער געוויינט. דער שלעכטער גערוך וואָס האָט אַרויסגעשלאָגען פון די קאַמערען פון דער פייכטקייט און שמוץ האָט איהר אָטעם פאַרכאַפּט... זי איז געוואָרען היסטעריש. איהר יאָמערליכע שטימע האָט דערגרייכט דע שושאַן'ס אויערען, וועמענס קאַמער איז געווען אויף דער צווייטער זייט פון קאָרידאָר.

ביי דעם סוף פון קאָרידאָר איז געווען אַ גרויסער און לאַנגער צימער, וואו די אינקוויזיטאָרען פלעגען זיצען און משפט'ן די מאַראַנען. אין איין עק פון צימער איז געשטאַנען אַ טיש און אַרום טיש זיינען געווען דריי שטוהלען.

אויף דער צווייטער זייט פון צימער זיינען געווען פאַרשידענע יסורים־מאַשינען דורך וועלכע די אינקוויזיטאָרען פלעגען צווינגען די אַרעסטירטע זיך מודה צו זיין אויף זייערע זינד.

כאָטש זייער ערשטער פאַרזוך צו כאַפּען די מאַראַנען און ברייגגען זיי פאַר דער אינקוויזיציע טריבונע איז געווען אַ גרויסער ערפאָלג, האָבען זיך פון דעסטוועגען די הויפּט אינקוויזיטאָרען מיט דעם ניט באַנוגענט. זיי האָבען געוואָלט אַריינקריגען נאָך מעהר מאַראַנען. זיי האָבען געוואוסט אַז יעדער פון די געפאַנגענע וויים פון פיעלע אַנדערע וועלכע זיינען פאַלשע קריסטען, און זיי האָבען געוואָלט אַרויסקריגען זייערע נעמען פון די אַרעסטירטע איידער מען וועט זיי פאַר'משפט'ן צום טויט.

אין דער פריה איז צוגעפאָהרען אַ קאַרעטע צו דעם פּלאַץ וואו די אינקוויזיציע טריבונע האָט זיך געפונען. פון דאָרט זיינען אַרויסגעקומען די דריי הויפּט אינקוויזיטאָרען, סאַן מאַרטין, אַיעדאַ און מאַרילאַ. זיי זיינען געווען אָנגעטהאָן אין לאַנגע שוואַרצע פּעלערינעס. אויף זייערע קעפּ האָבען זיי געטראָגען שוואַרצע דריי עקיגע היט. אויף זייערע הערצער האָבען זיך געזעהן גרויסע צלמים.

זיי זיינען אריין אינעווייניג. באַלד זיינען צו זיי צוגעקומען איינציגע פון די וועכטער מיט וואקסענע לאַנגע ליכט אין די הענד און האָבען זיך א נייג געטהאָן, איבער'צלמ'דיג זיך דריי מאָל. זיי האָבען בעלויכטעט דעם וועג פאר די דריי אינקוויזיטאָרען, וועלכע זיינען אריין אין זייער צימער.

סאַן מאַרטין האָט זיך דער ערשטער געזעצט אויף דעם שטוהל ארום טיש, נעבען איהם אויף דעם צווייטען שטוהל האָט זיך געזעצט איעדא, און ביי דער זייט פון טיש האָט זיך געזעצט מאַרילא. אויף דעם טיש איז געשטאַנען א גרויסער צלם מיט א פיגור פון דעם געקרייציגטען יעזוס'ן. פון ביידע זייטען צלם האָבען געברענט צוויי וואקסענע ליכט אין לייכטער.

איינציגע דיענער זיינען דאָרט געווען גרייט צו טהאָן יעדען באַפעהל וואס וועט ארויסקומען פון די "הייליגע" מיילער פון די אינקוויזיטאָרען.

— זאָל מען ברייגגען דיעגאָ דע שושאַן! — האָט סאַן מארטין באַפוילען.

צוויי פון די דיענער זיינען ארויס, און אין א ווײַלע ארום האָבען זיי זיך צוריקגעקעהרט מיט דע שושאַן'ען. זיין פּנים איז געווען פאר'חושך'ט און פארשווארצט. ער איז נאָך אָבער געווען אָנגעטהאָן אין זיינע רייכע בגדים וואס ער האָט געטראָגען ווען מען האָט איהם ארעסטירט. די קליידער זיינען געווען איינגעשטויבט און איינגעשמוצט פון דער בלאָטע פון זיין קאַמער אויף וועלכע ער האָט געהאט זיין געלעגער. דער געריויש און די קלאַנגען פון די קייטען וואס זיינען געווען אויף זיינע פיס האָבען אונטערבראָכען די שוידערליכע שטילקייט וואס האָט דאָרט א ווײַלע געהערשט.

דע שושאַן איז געבליבען שטעהן אין מיטען צימער. ער האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען און בעטראַכט די דריי אינקוויזיטאָרען וועלכע זיינען געזעסען ארום טיש.

— קום אהער נעהנטער! — האָט ער דערהערט סאַן מארטין'ס שטימע.

דע שושאַן האָט געפאָלגט. ער איז צוגעקומען עטוואס נעהנטער.

— ווי איז דיין נאָמען? — האָט סאַן מארטין איהם געפרעגט.

— דיעגאָ דע שושאַן! — האָט ער געענטפערט.

מאַרילא האָט אַלעס פארשריבען מיט טינט און פעדער, אַלעס וואס דע שושאַן האָט געענטפערט.

— דו פארשטעהסט דאָך געוויס אז דו וועסט דארפען דאָ זאָגען דעם ריינעם אמת! — האָט איעדא זיך צו איהם געווענדעט.

דע שושאַן האָט געשוויגען.

— יעצט זאָג מיר, ביזטו זיך מודה אז דו ביזט א געהיימער איד, און דו האָסט אָנגעטהאָן די קריסטליכע מאַסקע צו פארבלענדען די אויגען פון די אמת'ע קריסטען? ! . . .

— עס איז אמת! — האָט דיעגא דע שושאַן צוגעשאָקעלט מיט זיין קאָפּ. — אָבער איך בין געווען געצוואונגען צו טראָגען אזא מאַסקע.

— דאַמיט ווילסטו פּיעלייכט צוגעבען אז די אַלע נייע קריסטען זיינען געצוואונגען זיך צו בעשיצען אונטער א קריסטליכער מאַסקע.

— איך קען פאר קיינעם ניט זאָגען. איך רייד נאָר פון זיך! איך בין געווען געטריי דעם גאָט פון מיינע אבות, און אפילו נאָכדעם ווי איך בין געצוואונגען געוואָרען צו ווערען א קריסט, האָב איך אין געהיים געדיענט מיין גאָט.

— און דיין פרוי? — האָט איהם איעדא געפרעגט.
— איך האָב געזאָגט אז מעהר ווי פון זיך קען איך ניט ריידען!
— דו ווייסט דאך אָבער אויב דיין פרוי האָט אויך געהיט אידישקייט אין געהיים!
— פון מיין פרוי קען איך גארניט זאָגען. זי איז ביי אייך אין די הענד און זי וועט ריידען פאר זיך. אָבער איין זאך וויל איך צוגעבען, אז מיין טאָכטער לאַ פערמאָסא איז ערצויגען געוואָרען אַלס אמת'ע קריסטין.
— דאָס ווייסען מיר! — האָט סאן מארכיין א שמייכעל געטהאָן. — מיין זוהן איז אַלעם דערגאַנגען פון איהר, און דערפאַר איז זי דאך ניט ארעסטירט געוואָרען. דערצו וועט זי נאָך האָבען די זכיה אריינצוטרעטען אין דעם מאָנאַס־טיר וואו איהר נשמה וועט געלייטערט ווערען פון די זינד פון איהרע עלטערען... יא, מיר דארפען איהר דאנקען פאר דעם וואָס מיין זוהן האָט ענטדעקט א נעסט פון געהיימע אידען.
— ווי לאַנג איז עס שוין אז דער געהיימער היכל איז געבויט געוואָרען אין דיין שלאָס? — האָט איעדא איהם געפרעגט.
— איך געדענק ניט!
— עס איז אָבער שוין מעהר ווי צעהן יאָהר?
דע שושאן האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף יא.
— און די גאַנצע צייט האָסטו דארטען מיט דיינע פריינד, די אנדערע געהיימע אידען, געהיט אידישקייט?
— איך האָב עס אַליין געטהאָן! — איז געוועזען דע שושאן'ס ענטפער.
— האָבען מיר דען ניט געפאַנגען א הונדערט מענשען יענע נאַכט אין דעם געהיימען היכל? — האָט סאן מארטין געפרעגט.
— פיעלע פון זיי זיינען געקומען דאָן צום ערשטען מאָל!
— אָבער פיעלע פון זיי זיינען געוועזען אָפטע באזוכער, ניט אמת?
דע שושאן האָט ניט געענטפערט.
— פארוואָס ענטפערסטו ניט? — האָט מאַרילא בייז א זאָג געטהאָן, אנצייגענדיג מיט זיין פינגער אויף די כלי משחית וואָס זיינען געוועזען אין צווייטען ענד פון צימער — ענטפער, זיינען פיעלע געוועזען אָפטע באזוכער?
— יא, האָט דע שושאן צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.
— יעצט רוף אָן יענע אָפטע באזוכער ביי זייערע נעמען!
— דאָס וועל איך ניט טהאָן! — האָט דע שושאן פעסט געזאָגט.
— וועלען מיר דיך מוזען צווינגען דאָס צו טהאָן! — האָט איעדא זיך אָפּגערופען.
— לאָמיר דאָס אָפּלייגען פאר א ווייל׳ע, — האָט סאן מארטין געזאָגט — די אַלע וועלכע געפינען זיך אין אונזערע הענד וועלען שוין אַלע איינס זייער שטראָף בעקומען. מיין זוהן האָט דאך אַליין געזעהן און געהערט ווי זיי האָבען אַלע געשוואָרען ביי זייער תורה... אָבער וואָס מיר מוזען דערגעהן איז, ווער עס זיינען די געהיימע אידען וועלכע זיינען דאָן צו דער פערזאַמלונג ניט געקומען... יא, דע שושאן, זאָג אונז זייערע נעמען און דאמיט וועסטו זיך אויסקויפען דיינע שרעקליכע זינד.
— צו פּערראַטהען מיינע פריינד וועט זיין א גרעסערע זינד! — האָט

דע שושאַן געענטפערט.

— ווען דאָס וועט געטהאָן ווערען פאַר דער טובה פון דער היילינער אינ־קוויזיציע וועט יעזוס עס דיר ניט פאַררעכענען פאַר א זינד!

— אָבער דאָמיט וועל איך זינדיגען געגען מיינע ברידער און פריינד!

— האָט דיר דען דיין אייגענע טאָכטער ניט פערראַטהען?! — האָט סאָן מארטין ביטער א שמייכעל געטהאָן, — יא, זי איז ווירקליך א־פרומע קריסטין... אונזער היילינע אמונה שטעהט העכער פון אַלעס, פון פריינד, פון ברידער און שוועסטער און אפילו פון פאָטער און מוטער... דיין טאָכטער האָט עס פאַר־שטאַנען און דו ווילסט עס ניט פארשטעהן!

זיינע לעצטע ווערטער האָבען דע שושאַן'ען געשטאָכען ווי מיט שפּיזען... ער שיט איהם זאַלץ אויף די וואונדען... זיין איינציגע טאָכטער! אָה, וואָס פאַר אן אומגליק זי האָט אויף זיי אַלעמען געבראַכט... א שווידער איז דורך זיין לייב ווען ער שטעלט זיך פאָר ווי אַזוי זי האָט איבערגעגעבען דעם געליעבטען אלע סודות וואָס זי איז דערגאַנגען... ווי זי האָט איהם אריינגעלאָזען אין הייכל.

— וועסטו אונז דען ניט איבערגעבען די נעמען פון די געהיימע אידען, וועלכע זיינען יענע נאַכט ניט געווען מיט אייך צוזאַמען אין הייכל?

— אלע זיינען געווען! מעהר ווייס איך ניט... איך קען קיינעם ניט אויסער די וועלכע געפינען זיך אין אייערע הענד... אָבער אויך פיעלע פון זיי זיינען אומשולדיג... זיי זיינען שטענדיג געבליבען געטריייע קריסטען, זיי האָבען זיך פאַרזאַמעלט ביי מיר ווייל זיי האָבען געוואָלט מיט פעראייניגטע כוחות באַ־קעמפען די אומגערעכטע אינקוויזיציע וואָס וועט ווערען א געפאַהר פאַר אלע נייע קריסטען, אפילו ווען זיי וועלען זיין געטריי זייער נייער אמונה.

— די וועלכע זיינען געטריי וועט זיי גאָט באַשיצען... מיר זיינען דאַ צו משפּט'ן מיט גערעכטיגקייט! דער וועלכער איז ניט שולדיג וועט אָהער ניט געבראַכט ווערען... און דאַריבער פאַרלאַנגען מיר פון דיר דו זאָלסט ארויס־געבען זייערע נעמען.

— דאָס וועל איך קיינמאָל ניט טהאָן.

— גיב אונז אם וועניגסטען ארויס צעהן נעמען פון די געהיימע אידען און מיר וועלען דיין שטראָף פאַרגרינגערען.

— איך וויל ניט געניסען פון יענעם'ס בלוט וואָס וועט פאַרגאָסען ווערען!

— אויב דו וועסט אונז איבערגעבען צעהן פון די געהיימע אידען פון סעוויל וועלען מיר מעגליך פארבייטען דיין טויט־שטראָף וואָס דיר קומט, אויף געפענגניס.

— ניין, איך וועל קיין איינציגען נאָמען ניט ארויסגעבען! — האָט דע שושאַן מיט ענטשלאָסענהייט געזאָגט.

— דו וועסט באַלד ענדערען דיין בעשלוס! — האָט סאָן מארטין מיט א רציחה'שע שטימע געזאָגט — און א וואונק געטהאָן צו די צוויי דיענער וועלכע זיינען געשטאַנען נעבען דע דושאַן'ען.

זיי האָבען איהם א נעהם געטהאָן פאַר זיינע הענד.

— רייסט ארונטער פון איהם די קליידער! — האָט איעדרא באַפוילען.

די דיענער האָבען פון איהם גענומען ארונטערנעהמען די קליידער.

דע שושאַן איז געבליבען שטעהן א נאַקעטער.

— פיהרט איהם צו דעם אויפהויבונגס פּלאַץ! — האָט סאַן מאַרטין א זאָג געטהאָן.

זיי האָבען איהם צוגעפיהרט אהין. אויף דער וואַנט איז געווען איינגע־ריכט אזא ראָד, איבער דעם ראָד איז געווען אריבערגעוואָרפען א דיקע שטריק, צו איין זייט פון שטריק איז געווען צוגעטשעפּעט אַן אייזערנער קרוק.

די דיענער האָבען יעצט געוואַרט אויף א וואונק פון איינעם פון די אינ־קוויזיטאָרען און אזוי שנעל ווי זיי האָבען דעם וואונק געקראָגען, האָבען זיי א דרעה געטהאָן דע שושאַן'ס הענד אויף הינטען. און האָבען זיי גוט פאַרבונדען מיט א שטאַרקע שטריק. נאָכהער האָבען זיי די שטריק וואָס האָט פאַרבונדען זיינע הענד אַנגעטשעפּעט אויף דעם אייזערנעם קרוק.

איינער פון די דיענער האָט א ציה געטהאָן די שטריק־ראָד און דע שושאַן איז עטוואָס אויפגעהויבען געוואָרען ביי די הענד פון באָדען. דער צווייטער דיענער איז גלייך צוגעגאַנגען און צו די קייטען פון זיינע פיס צוגעטשעפּעט א שווערע אייזערנע געוויכט, דאַן איז ער צוגעקומען צום צווייטען דיענער און ביידע צוזאַמען האָבען גענומען ציהען די שטריק. דע שושאַן איז אויפגעהוי־בען געוואָרען ביז דעם באַלקען. א ווייל'ע האָבען זיי איהם אזוי געהאַלטען... דע שושאַן האָט געקרעכצט... ער האָט געביסען זיינע ליפּען פון גרויסע יסורים.

— נו, יעצט ועסטו ריידען? — האָט איעדאַ זיך צו איהם געווענדעט.

דע שושאַן האָט געזיפצט און געקרעכצט. די וועהטאָגען זיינען געווען אונערטרעגליך, אָבער ער האָט ניט געענטפערט. ער האָט געפיהלט ווי זיינע הענד ווערען ארויסגעריסען פון זיין קערפּער. די שווערע משא אויף זיינע פיס האָט איהם געצויגען אַרונטער און די דיענער האָבען איהם געשלעפּט ארויף...

פּלוצלינג האָבען זיי אַפּגעלאָזען די שטריק און שושאַן האָט מיט גרויס אימפּעט א קראַך געטהאָן אויף דעם באָדען, אַז עס האָט זיך געדוכט אַז אלע זיינע גליעדער וועלען צושאָטען ווערען. עטליכע ציינער זיינען פון זיין מויל ארויס־געפאַלען און דאָס בלוט האָט געפּלאָסען.

די דיענער האָבען אָפּגעטשעפּעט זיינע הענד פון דעם קרוק און האָבען איהם אויפגעהויבען פון באָדען און איהם ווידער צוגעפיהרט צו די אינקוויזיטאָרען.

— דאָס איז בלויז דער אַנפאַנג! — האָט סאַן מאַרטין א קריץ געטהאָן מיט די ציינער, — אויב דו וועסט זיך האַלטען ביי דיינע עקשנות, וועסטו באַלד פיהלען נאָך א שווערערע שטראָף.

דע שושאַן'ס קערפּער איז געווען איז גאַנצען צוקיילט און צובייל'ט, בלוט האָט געפּלאָסען פון זיין מויל און געראָנען אויף זיין פּנים און נאַקעטען קער־פּער... ער האָט שווער געאָטעמט...

דער דאָקטאָר וואָס איז געשטאַנען אין א זייט, איז צו איהם צוגעגאַנגען און בעטראַכט, און נאָכהער א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ צו די אינקוויזיטאָ־רען אלס א צייכען אַז ער וועט קענען פאַרטראָגען נאָך ערגערע יסורים.

— אויב דו וועסט אַנרופען בלויז צעהן נעמען פון געהיימע אידען, אויסער די וועלכע געפינען זיך שוין אין אונזער רשות, וועסטו פאַרשפּאָרען די איבריגע יסורים! — האָט איעדאַ זיך אָפּגערופען.

— מיין בלוט וועט אויף אייערע קעפּ פאַלען, איהר בלוט־דורשטיגע חיות!

— האָט דיענאַ דע שושאַן קוים ארויסגערעדט, — איך בין גליקליך אַז איך

בעלאַנג ניט צו דער זעלבער אמונה ווי אזעלכע אומווירדיגע מענשען ווי איהר בעלאַנגט.

— עס איז א גאָט לעסטערונג! — איז אַיערא אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ, — פאר דעם וועסטו נאָך שווערער בעשטראָפט ווערען.

— די גליהענדע אייזענס! — האָט סאַן מארטין א געשריי געטהאָן.

באַלד האָט מען אריינגעבראכט צוויי טעפּ מיט גליהענדע קויהלען, אויף דעם האָט מען אוועקגעלייגט לאַנגע שפּיציגע אייזענס און זיי געהאַלטען אויף די גליהענדע קויהלען אזוי לאַנג ביז די אייזענס זיינען אליין גליהענד רויט געוואָרען.

דערווייל האָט מען דע שושאַן'ען אריינגעזעצט אין אזא קאסטען וואו איז איין וואנט פון קאסטען זיינען געווען צוויי עפענונגען וואו די אונטערשטע טיילען פון זיינע פיס האָבען זיך אריינגעפּאסט. זיי האָבען פארשרויפט די ברעטער פון דער וואנט אזוי אז די ארויסגעסטארטשטע פיס פון דרויסען איז אונמעגליך געווען צו ריהרען. זיי האָבען אויך איהם שטייף צוגעבונדען צום קאסטען מיט אייזערנע קייטען.

דער דאָקטאָר האָט צוגעהאַלטען זיין קאָפּ צו זעהן ווי ווייט זיי קענען אָנגעהן מיט די פּייניגונגס־מיטלען. די צוויי דיענער האָבען זיך אויף זייערע קניע איינגעבויגען און האָבען אויפגעהויבען די ברענענדע גליהענדע אייזענס. זיי האָבען מיט די פייער־רויטע אייזענס אָנגעריהרט זיינע פיס.

דע שושאַן האָט ארויסגעלאָזען א שמערצליכען געשריי.

— וועסטו יעצט ריידען?! — האָט סאַן מארטין זיך א הויב געטהאָן פון זיין פּלאַץ און זיך געווענדעט צו דע שושאַן'ען.

דע שושאַן האָט זיך געדרעהט און געקאָרטשעט פון יסורים. זיין פּנים איז געווען אָנגעצויגען פון וועהטאָג... יעדען מאָל ווען מען האָט אָנגעריהרט זיין נאַקעטען פוס מיט דעם גליהענדען אייזען האָט ער א שוידערליכען געשריי ארויסגעלאָזען...

אויף די פּנים'ער פון די אינקוויזיטאָרען האָט זיך באוויזען א טייפעלשער שמייכעל... זיי האָבען צוגעשאָקעלט מיט זייערע קעפּ, זיי האָבען געהאט דעם גרעסטען פארגעניגען צוצוזעהן ווי אזוי מען פּייניגט דעם אומגליקליכען.

איינינגע מאָל האָבען די דיענער ווידערהאָלט זייער שוידערליכע פּייניגונג, ביז וואנען דע שושאַן איז געפאלען אין חלשות.

דער דאָקטאָר האָט א וואונק געטהאָן אז זיי זאָלען אויפהערען.

די דיענער האָבען אָבגעשרויפט די ברעטער און איהם אָפּגעבונדען. זיי האָבען אויף איהם ארויפגעגאָסען אַן עמער קאַלטע וואסער, און דע שושאַן האָט גענומען קומען צו זיך. ער האָט אָבער ניט געקענט שטעהן אויף זיינע פיס פון די בראַנדוואונדען וואָס ער האָט געקראָגען... פענכערס און פּוזירען האָבען באַדעקט זיין גאַנצען פוס־טריט.

סאַן מארטין האָט איהם ווידער אמאָל געהייסען צוברייגען צו איהם. אָבער דער דאָקטאָר איז צוגעגאַנגען און האָט איהם עפּעס אריינגערוימט אין אויער.

— פיהרט איהם צוריק צו זיין געפענגניס־קאמער! — האָט ער א באַפעהל געגעבען. — און יעצט זאָל מען אריינברייגען זיין פרוי. אויב מיר האָבען

דערוויל פון איהם גאַרניט געקענט ארויסקריגען, וועלען מיר מאַכען זיין פרוי צו ריידען.

— פאַרפלוכט זאָלט איהר ווערען רשעים! — האָט דע שושאַן קוים ארויס־גערעדט.

די דיענער האָבען איהם גענומען ארויספיהרען פון דעם יסורים־קאמער. ער האָט ניט געקענט געהן, זיינע פיס האָבען זיך געשלעפּט, און די דיענער האָבען איהם צוגעשלעפּט ביז זיין קאמער, און דאָרטען האָבען זיי איהם אַ שליידער געטהאָן און פאַרשלאָסען די טיהר. זיי האָבען געהערט ווי ער קרעכצט און יאָמערט פון יסורים, אָבער זיי האָבען הילכיג געלאַכט... מיט שנעלע טריט זיינען זיי געגאַנגען צו דעם קאַמער וואו מאַריא איז געווען פאַרשפּאַרט.... נאָך מיט מעהר צופרידענהייט האָבען זיי איהר גענומען פיהרען. ביי דער שיין פון די ליכט וואָס זיי האָבען מיט זיך געהאַט האָבען זיי געקענט באַמערקען שפּורען פון שעהנקייט אויף מאַריא'ס פּנים. די דיענער האָבען זיך איבערגע־וואָרפען מיט בליקען און געשמייכעלט. זיי האָבען זיךביידע פאַרשטאַנען... זיי האָבען געוואונשען אַז אויך זי זאָל פאַר'עקשן'ט זיין ווי איהר מאַן... דאַן וועלען זיי דאַרפען טהאָן צו איהר דאָסזעלבע וואָס זיי האָבען געטהאָן צו איהר מאַן... אַ פריידיגע האָט זיך צוגאָסען אויף זייערע פּנים'ער... זיי האָבען פעסט געהאַלטען מאַריא'ן אונטער איהרע הענד.

— לאָזט מיך אָפּ, איך בעט אייך, איך וועל אַליין געהן! — האָט מאַריא מיט טרעהרען געזאָגט.

זיי האָבען איהר נאָך מעהר געדריקט, און האָבען געשמייכעלט... זיי האָ־בען איהר געאיילט זי זאָל געהן שנעלער... זיי זיינען געוואָרען אומגעדולדיג... אויף אַזאַ "אַנגענעהמע" ארבייט האָבען זיי זיך אַליין קיינמאָל ניט געריכט.

ווי נאָר מאַריא איז אריינגעבראַכט געוואָרען אין צימער, האָבען די דריי אינקוויזיטאָרען אָנגעשטרענגט זייערע בליקען אויף איהר. די דיענער האָבען אָפּגעלאָזען זייערע הענד פון איהר, און זי איז געבליבען שטיהן.

סאַן מאַרטין האָט מיט זיין פינגער אַ מאַך געטהאָן זי זאָל צוקומען עטוואָס נעהנטער.

לאַנגזאַם איז זי צוגעגאַנגען. איהר קאָפּ געהויבען מיט שטאָלץ און זעלבסט־ווירדע. ווען זי איז צוגעקומען עטליכע טריט פון טיש, איז זי געבליבען שטעהן. זי האָט געוואָרפען בליקען פון פאַראַכטונג אויף די דריי אינקוויזיטאָרען.

איעדאַ האָט עס דערפיהלט און אַ ווייל האָט ער זיך געפיהלט אומבאַקוועם. ער האָט זיך דערמאָנט אָן יענע נאַכט ווען זי האָט איהם געזעהן, ווען זי האָט גע'חלש'ט וועלכע האָט דערזעהן, און אַ לייכטער ציטער איז דורך זיין קערפּער. באַלד אָבער האָט ער זיך געשטאַרקט, און אַ גלאָץ געטהאָן מיט זיינע אויגען, ווי ער וואָלט גערעדט מיט גאָט.

— דו ביזט עס די פרוי פון דיעגאָ דע שושאַן? — האָט סאַן מאַרטין זיך אָפּגערופען מיט העפליכקייט.

— יאָ, איך בין זיין פרוי!

— ביזטו אַ געבוירענע קריסטין, אָדער דו שטאַמסט אויך פון אידען?

— איך בין אַ אידישע טאָכטער! — האָט זי מיט שטאָלץ אויסגערופען.

— דו האָסט אָבער אָנגענומען די קריסטליכע רעליגיע!

— יאָ!

— ווען האָסטו אָנגענומען אונזער אמונה, איידער דו האָסט געהייראַט אָדער נאָכהער?

— איידער איך האָב געהייראַט!

— האָט דיך אימיצער געצוואונגען דאָס צו טהאָן?

— געוויס האָב איך דאָס ניט געטהאָן מיט מיין אייגענעם ווילען!

— קענסטו מיר זאָגען ווער עס האָט דיך געצוואונגען?

— איהר אַלע, די קריסטען, די קאַטוילִיקען! מען האָט אונז געדריקט און גע'רודפ'ט אויף יעדען שריט און טריט... אַלס איך איז יעדער פון אונז פאַר־פאַלגט... אונזערע לעבענס זיינען הפקר... די עהרע פון אונזערע קינדער איז שטענדיג אין געפאַהר פאַרשוועכט צו ווערען... דאָס אַלעס צווינגט אונז צי לעבען אונטער א מאַסקע.

— איך פאַרשטעה! איך פאַרשטעה! — האָט סאַן מאַרטין צוגעשאָקעלט מיט זיין קאָפּ — אַלע נייע קריסטען זיינען אידען אין געהיים, ניט ריכטיג? מאַריאַ האָט ניט געענטפערט.

— גיסטו צו אַז יעדער איינער פון די אידען וועלכער נעהמט אָן די קריסטליכע רעליגיע איז א פאַלשער קריסט? — האָט ער ווידערהאָלט זיין פראַגע.

— ניין! איך גיב עס ניט צו... עס זיינען פאַראַן מעהר אַזעלכע וועלכע פאַרלאָזען זייער אַלטע רעליגיע אויף שטענדיג... יענע זיינען קיינמאָל ניט געווען קיין גוטע אידען...

— און דו און דיין מאַן זיינען געווען גוטע אידען און פאַלשע קריסטען? מאַריאַ האָט געשוויגען.

— דו מוזט וויסען אַז עס איז דיין פליכט צו ענטפערען אויף אַלע פראַגען וואָס די ריכטער פון דער אינקוויזיציע פרעגען דיך! און איך האָף אַז מיר וועלען ניט זיין געצוואונגען צי טהאָן צו דיר דיזעלבע זאַך וואָס מיר האָבען גע־טהאָן צו דיין מאַן!

— וואָס האָט איהר געטהאָן צו מיין מאַן? ! — האָט זי אויסגערופען, און איהר גאַנצער קערפּער האָט געשוידערט.

— דיין מאַן איז געווען זעהר פער'עקשנ'ט, ער האָט ניט געוואָלט ענטפערען אויף אונזערע פראַגען, — האָט איעדאָ זיך אָנגערופען, — און מיר האָבען איהם געגעבען פאַרזוכען דעם טעם פון אַט יענע גוטע זאַכען, — האָט ער מיט זיין פינגער געצייגט אויף די כלי משחית.

— אָה! ! — האָט מאַריאַ אויסגערופען מיט שרעק.

— בערוהיג זיך, דיין מאַן איז נאָך ניט טויט... דער דאָקטאָר האָט גע־זאָגט אַז אין א פּאָר טעג אַרום וועט מען איהם ווידער קענען ברייינגען אַהער! — האָט מאַרילאַ געזאָגט מיט א שמייכעל, האַלטענדיג זיין פעדער אין האַנד, — מעגליך צום צווייטען מאָל וועט ער קליגער ווערען.

— און דו, האָף איך, וועסט קלוג זיין צום ערשטען מאָל! — האָט סאַן מאַרטין געמאַכט א צערטליכע שטימע, — דו וועסט אונז ענטפערען אויף אַלע פראַגען און זאָגען בלויז דעם אמת, וועסטו אויסמיידען פיעלע אומזיסטע יסורים.

איך זעה אז דו ביזט ניט אין גאנצען שולדיג. דו ביזט געווען געצוואונגען צו טהאָן דאָס וואָס דיין מאַן טהוט, כאָטש דו ביזט פון דעם אָנצופרידען געווען.

— ניין, דער אמת איז. אז איך בין שטענדיג געווען צופרידען צו טהאָן אַלעס וואָס מיין מאַן טהוט, ווייל איך בין איבערצייגט אז ער טהוט די גערעכטע זאך.

— און דו האָסט מיט דיין גוטען ווילען געדיענט צו דיין גאָט?

— יא, מיט מיין גוטען ווילען.

— און דו ביזט זיך מודה אויף דיינע זינד?

— איך בין זיך מודה און איך בין גרייט פארברענט צו ווערען פאר מיין אמונה.

די דריי אינקוויזיטאָרען זיינען געוואָרען עטוואס ערשיטערט פון איהר ענטפער.

— אונזער פליכט איז צו רייניגען און לייטערען דיין נשמה, אזוי אז ווען דו ווערסט קומען צו דיין באַשעפער, ווערסטו ניט דארפען גלייך געהן אין גהינום פאר דיינע זינד, — האָט איעדא זיך אָפּגערופען, — און דער איינציגער וועג פאר דיר זיך אויסצוקויפען פון דיינע זינד איז, אז דו זאָלסט ענטפערען אויף אַלע אונזערע פראגען און בלויז זאגען דעם אמת.

— איך האָב ניט וואָס צו פארלייקענען, איך האָב שוין געזאָגט דעם ריינעם אמת!

— ענסטו פיעלייכט נאָך אזעלכע געהיימע אידען אויסער די אַלע וועלכע זיינען ארעסטירט געוואָרען יענע נאכט?

מאריא האָט געשוויגען.

— פארוואָס ענטפערסטו ניט אויף דער פראגע? — האָט מארילא זיך אָנגערופען צו איהר, — קענסטו דען ניט קיין אנדערע געהיימע אידען?

— איך קען ניט!

— יעצט זאָגסטו שוין א ליגען! — האָט סאַן מארטין א שמייכעל געטהאָן, — און דו האָסט דאָך פארשפּראָכען צו זאָגען דעם אמת?

— איך וועל קיינעם ניט פערראַטהען!

— דיין מאַן האָט אויך אזוי געענטפערט! אָבער דו דארפסט געדענקען אז אַלעס וואָס דו טהוסט פאר גאָט, הייסט ניט קיין פערראַטה, פארקעהרט, עס איז א גרויסע מצוה. און דאַמיט וועסטו דיינע זינד אָפּוואַשען.

— איך וועל עס ניט טהאָן!

— האָט דען דיין טאָכטער דיך ניט פערראַטהען פאר דער הייליגער אינקוויזיציע?!

א שוידער איז דורך איהר לייב ווען ער האָט דערמאָנט איהר טאָכטער.

סאַן מארטין האָט באַמערקט דעם שטארקען איינדרוק וואָס דאָס האָט אויף איהר געמאַכט, און ער האָט ווייטער געזאָגט:

— דיין טאָכטער, לא פערמאָסא, בעזיצט אן אמת'ן קאַטוילישען גייסט... ווען זי האָט זיך דערוואוסט אז איהרע עלטערען זינדיגען, האָט זי גלייך בעשלאָסען זיי ארויסצוגעבען, און דערפאר וועט זי געהן אין מאָנאַסטיר. און זי וועט מעגליך נאָך זוכה זיין צו זיין די דינסט צו יעזוס'ס כלה!

— מיין אומגליקליכע טאָכטער איז פאַרפיהרט געוואָרען! איך בין זיכער אז זי איז געווען אומפעהיג צו באַגעהן אזא פאַרברעכען געגען איהרע עלטערען. דאס איז זי אריינגענארט געוואָרען פון דיין זוהן... זאָל איהם גאָט שטראָפען פאר דיזען פאַרברעכען וואָס ער איז בעגאַנגען געגען אן אונשולדיג קינד... עס איז אין גאַנצען ניט געווען איהר שולד... זי איז ערצויגען געוואָרען אלס גוטע קאטוילִיקין;

— איהר איינציגע זינד איז וואָס זי איז געבאָרען געוואָרען ביי אזעלכע עלטערען! — האָט איעדא געזאָגט, — און דורך דעם וואָס זי וועט אריין אין מאָנאסטיר וועט מיט דער צייט אויך דיזע זייד אפּגעמעקט ווערען.

— און אויב דו ווילסט אויך דיינע זינד פאַרגרינגערן, זאָלסטו אונז איבערגעבען צעהן נעמען פון די נייע קריסטען וועלכע היטען אָפּ די אידישע אמונה אין געהיים.

— דאָס וועל איך קיינמאָל ניט טהאָן! — האָט זי אויסגערופען מיט א פעסטע שטימע.

— דו וועסט עס יא טהאָן! — איז שוין סאן מארטין בייז געוואָרען. — עס איז דער באַפעהל פון דער הייליגער אינקוויזיציע אז דו זאָלסט טהאָן אלעס וואָס מען הייסט דיר! זאָג אונז שנעלער וועמען נאָך קענסטו אלס געהיימע אידען?!

— איך וועל ניט זאָגען! איך בין אין אייערע הענד... איהר קענט מיך טויטען!

— רייסט ארונטער פון איהר די קליידער! — האָט סאן מארטין'ס שטימע א דונער געטהאָן.

שנעל ווי א בליץ האָבען די צוויי דיענער, וועלכע זיינען געשטאַנען אין דער צווייטער זייט פון צימער, א לאָף געטהאָן צו איהר.

מאריא האָט זיך גענומען וועהרען, אָבער די דיענער האָבען זי א נעהם געטהאָן ביי די הענד און גענומען רייסען פון איהר די קליידער.

מאריא האָט גענומען פאַרשטעלען איהר נאַקעטקייט מיט איהרע הענד, אָבער די דיענער האָבען איהרע הענד אויף הינטען פאַרלייגט...

— אָה, איך בעט אייך, לאָזט מיך אָפּ! — האָט זי געשריען, און ארונטער־געבויגען איהר קאָפּ, — אין נאָמען פון גאָט טהוט עס ניט צו מיר!

די דריי אינקוויזיטאָרען האָבען אויסגעשטאַרטשעט זייערע אויגען אויף איהר. א ווילדע הנאה האָט זיי בענומען צו קוקען ווי די אומגליקליכע פרוי צאַפּעלט זיך, רייסט זיך, זוכט צו פאַרשטעלען איהר נאַקעטקייט, אָבער איהרע הענד זיינען אויף הינטען געבונדען, און ווען זי בויגט זיך ארונטער, גלייכען איהר די דיענער אויס.

— אָט דאָס טהוט איהר אין נאָמען פון יעזוס'ן?! — האָט מאריא מיט ביטערניש און היסטעריע אויסגערופען, — איהר פאַלשע צבועקעס! איהר זייט דאָך פול מיט זינד!

— צו דעם אויפהויבונגס פּלאַץ, אָבער אָהן די שווערע אייזערנע געוויכט! — האָט סאן מארטין באַפוילען.

די דיענער האָבען איהר א הויב געטהאָן פון פּלאַץ און אויף די הענד זי

צוגעטראָגען צו יענעם פּלאַץ... זיי האָבען אָנגעטשעפּעט איהרע פון הינטען־פארבונדענע הענד צום קרוק, אוןביידע דיענער האבען גענומען ציהען די שטריק.

מאריא האָט ארויסגעלאָזען א שרעקליכען געשריי און איז געבליבען הייני־גען לעבענסלאָז.

דער דאָקטאָר איז שנעל צוגעלאָפען און געהייסען די דיענער לאַנגזאם זי ארונטערלאָזען... ער האָט זי בעטראכט און א זאָג געטהאָן צו די אינקוויזיטאָ־רען:

— זי לעבט, זי האָט בלויז גע׳חלש׳ט.

מען האָט גלייך געבראכט קאַלטע וואסער, וואָס דער דאָקטאָר האָט א גאָס געטהאָן אויף איהר נאקעטען קערפּער... מען האָט איהר קוים דערמינטערט.

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט אז פאר היינט וועט עס זיין גענוג.

מאריא׳ס פּנים האָט זיך איין דיזער קורצער ווייַלע אזוי געענדערט, אז עס איז געווען אונמעגליך זי צו דערקענען. טיעפע קנייטשען זיינען געווען אין איהר פּנים, איהרע אויגען אויסגעלאָשען... עס איז געווען א שרעק אויף איהר א קוק צו טהאָן. אָבער די הערצער פון די בייזע חיות זיינען ניט געריהרט גע־וואָרען. זיי האָבען זיך בלויז געפיהלט ענטטוישט וואָס זיי וועלען היינט מעהר ניט קענען אָנזעטיגען זייערע בלוטדורשטיגע אויגען מיט איהר שעהנעם קערפּער.

די דיענער האָבען אויף איהר ארויפגעוואָרפען איהרע קליידער און זי צוריקגעפיהרט צו איהר געפענגנים־צימער.

## זיבעצעהנטער קאַפּיטעל

# לא פערמאָסא ווערט געריהרט

צווישען די נאָנעס אין דעם מאָנאסטיר וואו פעדרא ארבועז איז געווען דער קאָנפעסאָר, האָט געהערשט גרויס אויפרעגונג. א יונגע נאָנע איז דאָרטען געשטאָרבען.

קיינער האָט ניט געוואוסט די ריכטיגע סיבה פון איהר טויט. מען האָט בלויז געוואוסט אז זי האָט זיך מיט עפּעס פארזינדיגט און טערעסא האָט זי אריינגעגעבען אין די אונטערשטע צימערען.

די אויפזעהעריז האָט פאר אלעמען דערצעהלט אז די נאָנע וואָס איז געשטאָרבען איז זעהר א הייליגע, ווייל זי האָט נאָך באוויזען א פּאָר מינוט פאר איהר טויט זיך מתודה צו זיין פאר איהרע זינד פאר דעם הייליגען פאטער ארבועז... זי איז יעצט גליקליך... איהר נשמה איז גלייך ארויף אין הימעל.

ווען איינוגע נאָנעס האָבען געוואָלט ארונטערגעהן אונטען צו זעהן די געשטאָרבענע, און האָבען געבעטען ערלויבניס פון טערעסא׳ן, האָט זי זיי ניט ערלויבט.

— הימעלשע מלאכים היטען איהר קערפּער און קיינער פון אייך טאָר געהין ניט אריין צו שטערען איהר רוה... ווען די טרונע וועט פארטיג ווערען און זי וועט דאָרט אריינגעלייגט ווערען, דאַן וועל איך אייך אלעמען ערלויבען זי צו בעגלייטען ביז איהר קבר, — האָט זי זיי געזאָגט.

בלויז איין איינציגע נאָנע האָט געוואוסט די ריכטיגע סיבה פון איהר טויט

און דאס איז געווען די נאנע וועמעס צימער איז געווען נעבען דער פארשטארבענער'ס. זי האט פיעלע מאל, פארבייגעהענדיג איהר צימער, געהערט ווי זי וויינט... זי האט געוואוסט אז זי טאר איהר ניט פרעגען... זי האט גענומען פארדעכטיגען... איבערהויפט וואס טערעסא אליין פלעגט איהר אריינברייגגען שפייז אין איהר צימער... אויסער דעם האט זי באמערקט אז זי געהט זעהר ועלטען ארויס פון איהר צימער, און ווען זי באווייזט זיך, איז זי איינגעהילט אין א ברייטער פעלערינע...

איינמאל, ביינאכט, האט זי געהערט א ביטער געוויין וואס איז געקומען פון יענעם צימער. זי איז ארויס פון איהר צימער און שוין געוואלט אהין אריינגעהן איהר פרעגען פארוואס זי וויינט, אבער ווי זי איז צוגעקומען צו דער טיהר, האט זי דערהערט טערעסא'ס שטימע. זי האט זיך שוין מיט שרעק געוואלט גלייך צוריקציהען צו איהר צימער, אבער עפעס האט איהר געצויגען אהין זיך צוצוהערען... זי האט געוואוסט וואס פאר א געפאהר עס שטעהט איהר פאר, אויב טערעסא וועט איהר כאפען. אבער דאך האט זי ניט געקענט ביישטעהן דעם נסיון און צוגעבייגט איהר אויער און זיך צוגעהערט צו דעם געשפרעך... זי האט געהערט ווי די נאנע כליפענדיג, דערצעהלט איהר ווי אזוי ארבוען איז צו איהר אריינגעקומען זי זאל זיך פאר איהם מתודה זיין... ער האט צו איהר גערעדט אזעלכע רייד אז זי האט זיך אין גאנצען פארלארען און ניט געוואוסט וואס ער טהוט מיט איהר... זי געדיינקט בלויז אז ער האט איהר געזאגט, אז ער האט זי פאר'קנס'ט פאר יעזוס'עס כלה... און יעצט פיהלט זי זיך אומגליקליך... זי ווייס ניט וואס זי זאל טהאן.

די נאנע האט געהערט ווי טערעסא טרייסט איהר און זאגט אז דורך דעם האט זי קיין זינד ניט בעגאנגען... דאס קינד וואס זי וועט געבוירען וועט זיין א הייליג קינד, זי וועט איהר ארונטערנעהמען אונטען... דארטען וועט זי אויף איהר גוט אכטונג געבען ביז וואנען זי וועט איבערקומען... דאס הייליגע קינד וועט אריינגענומען ווערען אונטער דעם שוץ פון גאט... דו וועסט געזונט ווערען און דו וועסט זיך פיהלען נאך בעסער ווי פריהער.

דאס אלעס האט די נאנע זיך אונטערגעהערט, און ווען טערעסא האט זי ארונטערגעפיהרט אונטען וואס האט געהייסען אז זי קומט אפ כלומרשט איהר שטראף פאר א זינד, איז זי אבער געווען די איינציגע וועלכע האט געוואוסט אז עפעס אנדערש האט פאסירט מיט דער נאנע... זי האט אבער פאר קיינעם ניט געוואגט צו דערצעהלען, ווייל טאמער וועט עס דערגרייכען די אוירען פון דער אויפזעהערין, וועט זי האבען א שלעכטען אפשניט... יעצט אבער ווען זי האט זיך דערוואוסט אז די נאנע איז געשטארבען האט זי זעהר שלעכט געפיהלט... זי האט געקראגען א שטארקען פארלאנג צו דערצעהלען פאר אימיצען אלעס וואס זי ווייס... אבער איהר הארץ האט איהר געשראקען... די אויפרעגונג צווישען די נאנעס איז געווען גרויס... טערעסא איז געווען אונטען... זי האט יעצט א געלעגענהייט צו ריידען מיט אימיצען... זי האט באמערקט ווי ביטריס ענריקעז, די נייע נאנע, געהט פארביי... זי איז דאך אזוי וואונדערליך שעהן... אבער די שעהנע נאנעס האבען אויסצושטעהן א גרעסערען געפאהר... זי איז נאך אזוי יונג און אונערפאהרען. זי מוז מיט איהר ריידען,

זי מוז איהר ווארענען אז זי זאָל זעהר פּאָרזיכטיג זיין ווען דער "הייליגער" פּאטער ארבועז וועט צו איהר אריינקומען זי זאָל זיך פאר איהם מתודה זיין... יענע וועלכע איז היינט געשטאָרבען איז אויך געוועזן גאנץ שעהן... ווען זי וואָלט ניט געוועזן קיין שעהנע וואָלט זי נאָך יעצט געלעבט.

אזעלכע געדאנקען האָבען איהר גענומען בעאומרוהיגען... זי מוז מיט איהר ריידען, האָט זי ביי זיך בעשלאָסען. זי איז צוגעגאנגען צו ביטריס'ן, וועלכע האָט שוין געוואָלט אריין צו זיך אין צימער.

— אָה, ווי שרעקליך דאָס איז! — האָט זי זיך אָפּגערופען צו ביטריס'ן, — זי איז געוועזן אזא שעהנע און ליעבליכע, זי איז געוועזן מיין שכנה, מיין טיהר איז עטליכע טריט פון איהר טיהר.

— יאָ, עס איז א גרויס רחמנות! — האָט ביטריס צוגעגעבען און זיך גענומען ארומקוקען.

— דו האָסט זיך ניט וואָס צו שרעקען! — האָט א זאָג געטהאָן די נאָנע צו ביטריס'ן, — מיר מעגען א ווייַלע ריידען. די אויפזעהערין איז אונטען, זי גרייט זי צו פאר דער טרונע... אָה, די אומגליקליכע... זי איז געפאַלען א קרבן... קיינער ווייס עס ניט... איך ווייס אַלעס...

ביטריס האָט איהר אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג... זי האָט ניט פארשטאַנען וואָס זי מיינט.

— אויב דו ווילסט איך זאָל דיר עפּעס דערצעהלען, טאָ קום אריין מיט מיר אין דיין צימער. די אויפזעהערין וועט אזוי גיך ניט ארויפקומען. אבער ניין... איך קען ניט... איך טאָר ניט דערצעהלען... איך האָב מורא ווען דער הייליגער פאטער ארבועז וועט צו דיר קומען דו זאָלסט זיך פאר איהם מתודה זיין, וועסטו איהם אַלעס דערצעהלען און דאַן ביד איך א פארלאָרענע.

— איז דאָס וואָס דו ווילסט מיר דערצעהלען א זינד? וועל איך דען באגעהן א זינד אויב איך וועל זיך דערצו צוהערען? — האָט ביטריס איהר געפרעגט.

— ניין, עס איז ניט קיין זינד זיך צוצוהערען צו דעם אמת... אבער ווען ארבועז קומט אריין פרעגט ער אַלעס אויס, און גאנץ אָפט ווען די אויפזעהערין האָט א פערדאכט, ציהט זי פאר דעם צונג ביז וואנען מען דערצעהלט איהר אַלעס, און ווען זי וועט זיך דערוויסען וועגען וואָס איך האָב מיט דיר גערעדט, דאַן וועט זי מיר פיעל שלעכטעס טהאָן.

— אָבער איך וועל איהר ניט דערצעהלען און אויך ניט ארבועז'ן! — האָט ביטריס זיך שוין גענומען פאראינטערעסירען אין וואָס זי האָט איהר צו דערצעהלען.

— צלם זיך איבער דריי מאָל און פארשפּרעך מיר אז ווען דיר וועט אויס־קומען זיך מתודה צו זיין פאר ארבועז'ן, זאָלסטו קיינמאָל קיין וואָרט צו איהם ניט ריידען וועגען דעם.

ביטריס האָט אזוי געטהאָן און די נאָנע איז מיט איהר אריין אין צימער. זי האָט צוגעמאכט די טיהר.

— דו ווייסט פון וואָס זי איז געשטאָרבען? — האָט די נאָנע זיך אָפּ־גערופען צו ביטריס'ן מיט א נידריגע שטימע.

— ניין!

— זי איז געשטארבען פון... פון... פון קינד־געבורט!

— וואס? ! — האט ביטריס איהר אנגעקוקט מיט פארוואונדערונג, איהר האט זיך געדאכט אז די נאנע איז פון זינען געריהרט.

— איך בין ביי מיין פולען פערשטאנד, און דו דארפסט אויף מיר אזוי ניט קוקען... איך וויים וואס איך רייד...

— אבער... ווי איז עס דען מעגליך?

— אט וועל איך דיר אלעס דערצעהלען, — האט זי נאך נידריגער איהר שטימע געמאכט, — די געשטארבענע איז געווען זעהר א שעהנע נאנע, און ארבועז פלעגט גאנץ אפט אריינקומען צו איהר צו זאל זיך פאר איהם מתודה זיין... איך וואלט עס אויך קיינמאל ניט געגלויבט ווען איך וואלט עס מיט מיינע אויערען אליין ניט געהערט... מיט איינינע טעג צוריק האב איך געהערט ווי זי וויינט זעהר שטארק, די אומגליקליכע! דאס הארץ האט איהר געמוזט זאגען אז איהר סוף איז נאהענט... איך האב שוין געוואלט אריינגעהן צו איהר אין צימער. דו וויסט דאך, אז דאס איז ניט ערלויבט. אבער מיין הארץ האט מיר פארקלעמט און איך האב בעשלאסען אריינצוגעהן. איך קום צו גאנץ נאהענט... איך הער א געשפרעך... איך לייג צו מיין אויער און איך דערקען די שטימע פון די אויפזעהעריז.

די נאנע האט איבערגעבען ביטריס'ן אלעס וואס זי האט געהערט, און זי האט צוגעגעבען:

— ווען איך האב דיך דערזעהן פארבייגעהענדיג, האב איך דערפיהלט אז איך מוז דיר אלעס דערצעהלען. דו ביזט דאך אזוי יונג, אומשולדיג און אונערפאהרען, און מאמער וועט פעדרא ארבועז אויך צו דיר אריינקומען דו זאלסט זיך פאר איהם מתודה זיין, זאלסטו וויסען אז דו דארפסט פארזיכטיג זיין... און יעצט געדענק, דו האסט דיך דריי מאל געצלם'ט, דו טארסט זיך קיינמאל ניט ארויסריידען קיין ווארט וועגען דעם... ווייל ווי נאר ער וועט פארדעכטיגען אז דו וויסט עפעס וועגען דעם וועט ער שוין זעהן אז דו זאלסט איהם אלעס דערצעהלען.

א שוידער איז דורך ביטריס'ס קערפער ווען זי האט עס דערהערט. זי האט זיך קיינמאל ניט געקענט פארשטעלען אז אין א מאנאסטיר זאל אפגעטהאן ווערען אזעלכע שענדליכע זאכען. און אלץ אין נאמען פון דעם הייליגען גייסט... יעצט פארשטעהט זי שוין פיעלע זאכען וועגען ארבועז'ן... זי האט אפילו פריהער אויך געהאט א חשד אז זיינע כוונות זיינען ניט קיין ריינע, אבער אויף אזוי פיעל האט זי זיך ניט געקענט פארשטעלען.

ביטריס האט דער נאנע בעדאנקט פאר אלעס וואס זי האט איהר דערצעהלט, און האט איהר נאך אמאל פארזיכערט אז ארבועז און טערעסא וועלען קיינמאל ניט אויסגעפינען אז זי האט איהר עפעס דערצעהלט.

---

ווען מען האט געבראכט די טרונע און די נאנעס קערפער איז דארטען אריינגעלייגט געווארען, איז די אויפזעהעריז ארויפגעקומען און געהייסען אלע

נאָנעס ארונטערקומען צו דער לויה... דער קבר איז אויסגעגראָבען געוואָרע הינטען אין הויף פון דעם מאָנאסטיר.

ארבועז און נאָך אייניגע מאָנאכען האָבען די טרונע געטראָגען. די נאָנ זיינען נאָכגעגאנגען און האָבען געזונגען פסאַלמען און תפילות.

נאכדעם ווי זיי האָבען די טרונע ארונטערגעלאָזען איז גרוב, און מ האָט צוגעשאָטען מיט ערד, האָט ארבועז אויפגעהויבען זיין צלם און או גערופען:

— א היילינע ליגט דאָ באגראָבען, איהר קערפער איז דאָ, אָבער אי נשמה שוועבט אין די הימלען... גאָט האָט זי צוגענומען צו זיך, ווייל זי א געוועזן צו היילינ צו פארבלייבען אונטען...

ביטריס איז געשטאנען מיט א געבויגענעם קאָפּ, און ווען זי האָט געהע ווי ארבועז רעדט אזוי וועגען היילינקייט און גייסטליכקייט, האָט איהר גענ מען עקלען... טרעהרען האָבען זיך באוויזען אין איהרע אויגען... וועט זי דאו פען דאָ אין דיזען פלאץ פארברייננען איהר גאנצען לעבען?... זי האָט ז ווידער ניט געקענט באהערשען און אויסגעבראָכען איז א געוויין.

טערעסא איז שנעל צו איהר צוגעגאנגען. זי האָט איהר גענומען בערוהיגע זי האָט געמיינט אז דאָס האָט זי זיך פאנאנדערגעווייכט צוליעב דעם טויט פ דער נאָנע... זי האָט דאריבער גענומען איהר טרייסטען... און איהר פארשפרא כען אז דער היילינער פאטער ארבועז וועט איז גיכען אליין צו איהר ארײ קומען און זי בערוהיגען.

ווען טערעסא האָט דערמאָנט ארבועז'ס נאָמען האָט ביטריס א ציטע געטהאָן. אָבער טערעסא האָט עס ניט באמערקט... זי איז גלייך צוריקגעגאנג און געהייסען די נאָנעס געהן אין קירך אריין.

— דער היילינער פאטער ארבועז וועט אָפּהאַלטען א תפלה פאר איה נשמה! — האָט זי אויסגערופען.

א פּאָר טעג זיינען פאָראיבער און די געמיטהער פון די נאָנעס האָט זי גענומען בארוהיגען. אלעס איז ווידער געוועזן ווי פריהער. אלע האָבען גע וואוסט אז עס וועט לאנג ניט נעהמען און דער ליידיגער צימער פון דער נא וועלכע איז געשטאָרבען וועט ווידער פארנומען ווערען.

עס האָט טאקע לאנג ניט געדויערט און דער ליידיגער צימער איז ווידע פארנומען געוואָרען. און דאָס איז ניט געוועזן קיין אנדערע ווי לא פערמאָס פעמברא, די אומגליקליכע טאָכטער פון די נאָך מעהר אומגליקליכע עלטערע דיעגא דע שושאן און מאריא.

ווען זי איז ארייגעבראכט געוואָרען אין מאָנאסטיר איז זי געווען אזוי היסטעריש, אז זי האָט געריסען די האָר פון איהר קאָפּ. זי האָט געמאכט אזעלכע ווילדע געשרייען אז אלע האָבען זיך דערשראָקען.

די נאָנעס איז גאנץ אָפט אויסגעקומען צו הערען געוויינען און געשרייע פון די נייע נאָנעס וועלכע ווערען ארייגעבראכט אין מאָנאסטיר געצוואונגע נערהייט, אָבער אזעלכע געוואלדען און געשרייען האָט נאָך קיינע פון זיי ני געהערט.

טערעסא האָט פריהער זי פּרובירט בערוהיגען מיט צערטליכע ווייכע רייד

אַבער לאַ פּערמאַסא האָט ניט אויפגעהערט צו יאָמערען און קלאָגען.

— אָה, מיין אומגליקליכע מוטער, מיין ליעבער פאטער! — איך האָב אייך פערראטהען! פון איהרע יאָמערליכע געוויינען האָט קיינער ניט פארשטאַנען וועגען וואָס זי רעדט.

ווען טערעסא האָט געזעהן אז מיט צערטליכע ווייכע רייד קען זי איהר ניט בערוהיגען, האָט זי איהר ארונטערגעלאָזען א שטארקען פּאטש אין פּנים.

— אָה, פּאטש מיר, שלאָג מיר, איך בין ווערטה! — האָט זי ניט אויפגעהערט צו יאָמערען.

טערעסא האָט אַ וואונק געטהאָן צו צוויי פון די נאָנעס זיי זאָלען איהר העלפען אריינפיהרען אין איהר צימער.

זי האָט זיך געריסען, געצאַפּעלט און געשריען: "לאָזט מיר צו מיין פאטער, צו מיין מוטער! איך וויל ניט בלייבען דאָ! עס איז אומריין! ער האָט מיר פערראטהען... ער האָט מיך ניט ליעב"!

— זי איז געריהרט פון זינען! — האָט טערעסא זיך אָפּגערופען צו די נאָנעס. מען וועט איהר דארפען גוט היטען.

ווען פּעדרא ארבועז איז געקומען, האָט זיך טערעסא פאר איהם באקלאָגט אז מען האָט איהר אריינגעשיקט א משוגענע נאָנע.

— איך ווייס ווער זי איז! — האָט ארבועז זיך אָפּגערופען, — זי איז די טאָכטער פון דעם רייכסטען מאַן אין סעוויל. איהר פאטער דיעגא דע שושאַן און איהר מוטער זיינען יעצט אין די הענד פון די אינקוויזיטאָרען... זעה, גיב גוט אכטונג אויף איהר, ווייל זי איז אהער געבראכט געוואָרען אויף דעם פערלאַנג פון מיין פריינד סאַן מארטין און זיין זוהן דאָן מארטין. זי האָט ארויסגעגעבען פאר דער פּאָליציי אז איהר פאטער און פיעלע פון זייערע רייכע פריינד היטען אָפּ אידישקייט אין געהיים.

— א טאָכטער האָט פערראטהען איהרע עלטערען! — האָט טערעסא אויסגערופען מיט איבערראַשונג.

— זי האָט עס געטהאָן אויס ליעבע! — האָט ארבועז א שמייכעל געטהאָן.

— זי האָט זיך געליעבט אין דאָן מארטין און ער האָט פון איהר ארויסגעקראָגען אלע סודות ביז וואַנען איהם איז געלונגען אויפצודעקען א גרויסע נעץ פון פאלשע קריסטען... זיי וועלען זיין די ערשטע צו ברענען...

— און דאָן מארטין האָט זי דען ניט געליעבט? — האָט טערעסא איהם געפרעגט.

— יאַ, ער האָט זי אויך שטארק ליעב געהאַט, אַבער זיין פאטער און איך האָבען איהם דערפון אָפּגערעדט. ווי באַלד אז איהר פאטער און מוטער זיינען געהיימע אידען, טאָר ער מיט איהר ניט הייראטען. ער האָט באַלד איינגעזעהן אז מיר האָבען רעכט און ער האָט בעשלאָסען אויסצונוצען איהר ליעבע צו איהם און דערגעהן אלע סודות פון איהר הויז... ער האָט גענומען אויספאָרשען און בײַ־לעכוויין האָט זי פאר איהם אלעס ענטדעקט, אז יעצט זיינען איהרע עלטערען און הונדערטע אנדערע פאלשע קריסטען אין די הענד פון די אינקוויזיטאָרען. און סאַן מארטין האָט בעשלאָסען אז מען זאָל זי אריינברענגען אין מאָנאַסטיר.

זעהר שטארק איבערראַשט איז געווען ביטריס ענריקעז ווען זי האָט לאַ

פערמאסא'ן דערזעהן אין מאנאסטיר. איהרע יאמערליכע און ווילדע געשרייען האבען איהר הארץ געריהרט... וואס האט מיט איהר פאסירט? זי וויים דאך אז איהר פאטער וועט איהר אין מאנאסטיר ניט אריינבריינגען... טא ווי אזוי קומט זי אהער און פארוואס יאמערט זי אזוי ביטערליך? זי האט געוואלט אויסגעפינען אלעס, אבער זי וויים דאך אז ריידען איינע מיט דער צווייטער איז פארבאטען, סיידען טערעסא איז דא דערביי. ווען זי וואלט ניט מורא געהאט וואלט זי צו איהר אין צימער אריינגעקומען. זי וואלט שוין פון איהר אויסגעפונען אלעס...

ביטריס האט געפיהלט אז כאטש זי איז שוין דא עטליכע וואכען, פון דעסטוועגען בעהאנדעלט איהר די אויפזעהערין נאך אלץ מיט פיעל צערטליכקייט. זי וויים אז פיעלע נאנעס זיינען איהר מקנא... זי פארשטעהט אבער אז דאס מוז זיין א וואונק פון ארבועז'ן, און ווען זי זאל אפילו באגעהן אזא "פארברעכען" און האבען גערעדט מיט לא פערמאסא'ן, וועט אויך קיין גרויסע שטראף דערפאר ניט זיין, דערצו נאך וועט עס זיין דאס ערשטע מאל. זי האט בעשלאסען דאריבער אז ווען אלע נאנעס וועלען שוין שלאפען וועט זי שטילערהייד ארויסגעהן פון איהר צימער און צוגעהן צו לא פערמאסא'ס צימער.

זי האט עס געטהאן דיזעלבע נאכט. ווען זי איז געווען זיכער אז די אויפזעהערין שלאפט שוין און אויך די נאנעס זיינען פארזונקען אין טיעפען שלאף, איז זי אויף די שפיץ פינגער פון איהר צימער ארויס. אין קארידאר איז געווען פינסטער. בלויז א קליין איל לעמפעל האט געברענט אין א ווינקעל איבער אן איקאנא... זעהר פארזיכטיג איז ביטריס געגאנגען ביז וואנען זי איז צוגעקומען צו לא פערמאסא'ס טיהר. דאס הארץ האט איהר שטארק געקלאפט... אלע מיינען אז זי איז געריהרט פון זינען... זי האט זיך דערמאנט אז אין דעם זעלבען צימער איז ניט לאנג צוריק געווען די נאנע וועלכע איז געשטארבען... זי האט צוגעלייגט איהר אויער צו דער טיהר און זי האט דערהערט א הארצרייסענדען און יאמערליכען שטילען געוויין... זי האט זיך אנגענומען מיט מוטה און געעפענט די טיהר. א ליכט האט געברענט אויף דעם פענסטער... לא פערמאסא איז געלעגען אין איהרע זאכען... איהר פנים איינגעגראבען אין קישען... און זי האט געוויינט...

א ווייל איז ביטריס געבליבען שטעהן נעבען איהר. זי האט מורא געהאט זי אנצוריהרען, פיעלייכט וועט זי נאך מאכען גרעסערע געוואלדען און אויפוועקען די אויפזעהערין.

— לא פערמאסא! בארוהיג זיך! דו דערקענסט מיך ניט? איך בין ביטריס ענריקעז פון קארדאווא... איך בין אין דיין פאטער'ס שלאס איינגעשטאנען ווען איך בין אין סעוויל אנגעקומען.

לא פערמאסא האט אויפגעהויבען איהר קאפ, און דערזעהענדיג ביטריס'ן האט זי איהר קאפ איינגענורעט אין איהר בוזים און זיך ווידער פאנאנדערגעוויינט.

ביטריס האט איהר גענומען איינשטילען.

— בערוהיג זיך, לא פערמאסא, פיעלייכט וועל איך דיר קענען מיט עפעס בעהילפיג זיין, — האט ביטריס געזאגט, כאטש זי האט געוואוסט אז זי איז אליין הילפלאז, — דערצעהל מיר וואס האט פאסירט און ווי אזוי קומסטו אהער?

כליאענדיג און קוים באהערשענדיג איהר שטימע האט לא פערמאסא פאר

איהר גענומען אויסגיסען איהר הארץ... זי האט איהר דערצעהלט וועגען איהר געליעבטען דאן מארטין, ווי אזוי ער האט פון איהר ארויסגענארט אלע סודות פון איהרע עלטערען, וועלכע זיינען געווען געהיימע אידען, ווי אזוי זי האט איהם אליין אריינגעפיהרט אין דעם געהיימען הייהל און ער האט איהר פארשפראכען צו העלפען איהרע עלטערען, האט ער זיי אבער אלעמען איבערגעגעבען אין די הענד פון די אינקוויזיטארען... אה, עס איז מיין שולד, איך האב מיינע ליעבע עלטערען פערראטהען, און דאן מארטין האט מיך פערראטהען... ווען איך בין צו איהם געלאפען און געפאלען צו זיינע פיס ער זאל ארויסראטעווען מיינע עלטערען, האט ער זיך פון מיר אויסגעלאכט... ער האט מיר קאלטבלוטיג געזאגט אז מיינע עלטערען וועלען ברענען... ער האט מיר געזאגט אז איידער מען וועט זיי פארברענען, וועט מען זיי אנטהאן יסורים... איך האב פאר איהם געוויינט, איך האב איהם געפרעגט אויב ער ליעבט מיך מעהר ניט... זיין ליעבע צו מיר איז דאך געווען אזוי שטארק.

— אזוי שנעל ווי איך האב אויסגעפונען אז דיינע עלטערען זיינען פאלשע קריסטען, האב איך דיך אויפגעהערט צו ליעבען! — האט ער מיט א שטימע פון פעראכטונג צו מיר געזאגט, — דו דארפסט זיך שעצען גליקליך אז איך האב דיך ניט איבערגעגעבען אין די הענד פון די אינקוויזיטארען.

איך האב גענומען בעטען און וויינען:

— גיב מיר אויך איבער אין זייערע הענד, איך וויל שטארבען צוזאמען מיט מיינע עלטערען, וועלכע איך האב פערראטהען, איך וויל מעהר ניט לעבען! איך בין געפאלען צו זיינע פיס און געבעטען ער זאל רחמנות האבען אויף מיר און אויף מיינע אומגליקליכע עלטערען. אויב זיי וועלען פארברענט ווערען, וויל איך אויך פארברענט ווערען. ער האט מיך אבער אפגעשטויסען פון זיך, און געזאגט:

— דו וועסט געהן אין מאנאסטיר.

און גלייך האבען מיך אייניגע מענשען אריינגעזעצט אין א קארעטע און אהער געבראכט.

ביטריס האט מיט איהר מיטגעוויינט... זי זעהט אז לא פערמאסא איז דערוויילע ביי איהר קלארען פארשטאנד. זי רעדט צו דער זאך. איהר אומגליק איז גרויס. אויב עס וועט גארניט געטהאן ווערען איהר צו העלפען, וועט זי זיכער פון זינען ארונטער. אבער וואס קען זי פאר איהר טהאן... זי האט אויף זיך אליין דעם אומגליק געבראכט... זי זעהט אז פאלשקייט און צביעות הערשט צווישען אלע גייסטליכע, זיי טהאן אפ די שווידערליכסטע פארברעכען אלץ אין נאמען פון גאט... אין איהר הארצען דאנקט זי גאט וואס איהרע עלטערען זיינען טויט און זיי דארפען ניט צוזעהן מיט זייערע אויגען דעם אומגליק וואס עס איז באפאלען זייערע ברידער... ווען זי וואלט געקענט פון דאנען אנטלויפען און אוועק אין אן אנדער לאנד, וואלט זי אויך זיך צוריקגעקעהרט צו דעם אידישען גאט... אבער זי ווייס אז עס איז בלויז א חלום... זי וועט שוין אויף אייביג דא אין דיזען אומריינעם פלאץ פארבלייבען.

ביטריס האט ביטער געוויינט. זי האט געוויינט אויף לא פערמאסא'ס גרויסען אומגליק און אויך אויף איהר אייגענעם גורל.

א לאנגע צייט זיינעןביידע אזוי געזעסען אויף דעם בעטעל, אין דעם טונקעלען צימער און שטילערהייד געוויינט.

— אַה, הלואי וואָלט איך בעסער געשטארבען איידער צו טהאן אזא זאך! איך וועל לאנג ניט קענען לעבען. איך בין בעגאנגען דעם גרעסטען פארברעכען... איך טאָר מעהר ניט לעבען! — האָט לא פערמאָסא קערפער ווידער קאָנ־וואולסירט.

— עס איז ניט אין גאנצען דיין שולד! — האָט ביטריס איהר גענומען טרייסטען, — דיינע עלטערען האָבען דיך ערצויגען אלס א קאטוילִיקין, דו האָסט אין זיך אנגעזאפּט פיעל האס און פערראכטונג פאר די אידען און פאר זייער רעליגיע... און ווען דו האָסט זיך פּלוצלינג דערוואוסט אז זיי זיינען געהיימע אידען, האָסטו זיך פארלאָרען. דו האָסט פארלאָרען די ליעבע און אכ־טונג צו דיינע עלטערען און ווען דער פאלשער דאָן מארטין האָט נאָך מיט זיינע צערטליכע ליעבעס־רייד גענומען רײדען צו דיר, האָסטו צו איהם פולען צוטרויען געהאט... יא, לא פערמאָסא, איך פארשטעה עס גאנץ גוט... איך האָב מיטלייד מיט דיר... פארליר ניט דיין מוטה, פּיעלייכט וועט גאָט געבען...

— גאָט? וועלכער גאָט?! — האָט לא פערמאָסא אויף איהר געקוקט מיט פייערדיגע בליקען, — איך האָב ניט קיין גאָט. דעם קאטוילישען גאָט האָב איך פארלאָרען, און דעם גאָט פון מיינע עלטערען האָב איך קיינמאָל ניט געהאט... אָה, איך וויל ניט לעבען! איך טאָר ניט לעבען! איך בין א גרויס פארברעכען בעגאנגען!...

לא פערמאָסא האָט גענומען רייסען די האָר פון איהר קאָפּ.

ביטריס האָט איהר צוריקגעהאלטען. זי האָט איהר געגלעט... זי האָט איהר געהאָלפען זיך אריינלייגען אין בעט.

— איך וועל זיך מיט דיר מארגען ווידער זעהן! — האָט זי איהר שטי־לערהייד געזאָגט, און איז ארויס פון צימער.

ביטריס האָט שוין יענע נאכט ניט געקענט שלאָפען. די טראגישע פּאסי־רונג האָט איהר הארץ געריהרט. ווי געאכטעט און געשעצט די משפחה פון דע שושאן איז ביי אלעמען געווען. ניט איינמאָל איז איהר אויסגעקומען צו הערען אין פּאלאץ ווי מען רעדט וועגען דיעגא דע שושאן... דער קעניג אליין האָט אָפט זיין נאָמען צום גוטען דערמאָנט. זי האָט אויך פארשטאנען אז פערדינאנד האָט ערוואַרטעט צו קריגען ביי איהם א גרויסע הלואה פאר זיין געפּלאנטע מלחמה מיט די מורען אין גראנאדא... ווי אזוי איז עס מעגליך... יא, זי פאנגט אָן צו פארשטעהן. פאר וואס זאָל דער קעניג דארפען אנקומען צו איהם נאָך אן הלואה ווען ער קען עס אַלץ קריגען אומזיסט... יעדער איינער וועלכער וועט געפונען ווערען שולדיג ביי דער אינקוויזיציע, וועט דאָך זיין גאנץ פארמעגען קאָנפיסקירט ווערען פאר דער מלוכה... זי וויים אז דאס איז געווען דער הויפּט מאָטיוו וואס פערדינאנד איז געווען אזוי נייגעריג איינצופיהרען די אינקוויזיציע... די רייכסטע בירגער פון שפּאניען זיינען די נייע קריסטען... יא, וואָס רייכער א נייער קריסט, אַלץ גרעסער איז פאר איהם די סכנה... עס וועט זיך שוין געפינען ווער עס זאָל אויף איהם א בלבול מאכען, און די אינ־קוויזיטאָרען וועט לאנג ניט נעהמען איהם צו געפינען שולדיג... און זי אליין

וואָלט זי געווען זיכער מיט איהר לעבען ווען זי וואָלט געווען יעצט פריי?... איהר איינציגער גליק איז וואָס זי איז קיינמאָל ניט רייך געווען, און קיינער אין קאָרדאָווא האָט זיך ניט פאראינטערעסירט אויסצוגעפינען וועגען איהר משפּחה... אָה, ווען זי זאָל זיין פריי, זי וועט דאָך ניט קענען אָפּהיטען אידישקייט... איהר הארץ אָבער וועט זיין מיט איהרע ברידער אפילו ווען זי וועט קומען אין קירך. זי געדענקט אז ווען אברהם זאקוטא און דאָן יצחק אבארבאנעל זיינען ביי איהר געווען און האָבען איהר אלעס ענטדעקט, האָבען זיי איהר אָנגעזאָגט אז זי דאַרף ניט אין געהיים דיענען צו דעם אידישען גאָט... ווייל דאמיט וועט זי קיינמאָל ניט דערגרייכען איהר צוועק... זי וועט קענען ברייננען איהרע ברידער מעהר נוצען אויב זי וועט זיין א קאטוילעקין... גאָט וועט איהר מוחל זיין אזוי לאנג ווי אין הארצען טראכט זי וועגען דעם אידישען גאָט, אפילו ווען זי איז מתפּלל אין קירך... און וואָס האָט זי אויפגעטהאָן פאר איהרע ברידער? גארניט! זי איז געווען הילפלאָז, און יעצט איז זי נאָך מעהר הילפלאָז... זי האָט געהאָפט אז דער גוטער הערנאנדאָ דע טעלאוועראָ וועט עפּעס פאר איהר קענען טהאָן... ער האָט איהר פארשפּראָכען... אָבער עס דוכט זיך איהר אָז זי וועט שוין דאָ אייביג בלייבען... זי איז צופרידען וואָס ארבועז קומט איהר ניט באלעסטיגען, ווי זי האָט פריהער ערווארטעט... מעגליך אז דאָס וואָס האָט פּאָסירט מיט יענער נאָנע האָט אויף איהם שטארק געווירקט און ער וועט זי צורוה לאָזען.

נאָך איינינע טעג זיינען אזוי אוועק אין מאָנאסטיר. לאַ פערמאסא האָט ניט אויפגעהערט צו יאָמערען און קלאָגען. ווען די אויפזעהערין טערעסא איז געקורמען צו איהר און געוואָלט זי זאָל אומבייטען איהרע קליידער, האָט זי געמאכט גרויסע געוואלדען, זי האָט גענומען רייסען איהרע האָר פון קאָפּ, אז טערעסא האָט זיך שטארק דערשראָקען און איהר צורוה געלאָזען.

די עטליכע טעג וואָס לאַ פערמאסא האָט זיך געפונען אין מאָנאסטיר, איז זי פון איהר צימער ניט ארויסגעגאנגען. טערעסא פלעגט איהר ברייננען די שפּייז אין צימער און גלייך ארויס פון דאָרטען. זי האָט זיך פאר איהר שטארק געשראָקען. זי האָט אָבער געהאָפט, אז ווען עס וועלען פאריבער נאָך איינינע טעג, וועט זי זיך בערוהיגען.

זי האָט א פּאָר מאָל געמאכט א פערזוך מיט איהר צו ריידען. זי האָט איהר געהייסען קומען אין קירך צו גאָטעס דינסט, אָבער לאַ פערמאסא האָט זיך ניט גערירט פון אָרט... זי פלעגט זיך היסטעריש פאנאנדערשרייען און טערעסא פלעגט שנעל אוועקגעהן פון איהר.

איין מאָל אין א קאטוילישען יום טוב, און אין מאָנאסטיר זיינען געקומען פיעלע מאָנאכען, גוטע פריינד פון ארבוייז'ן און טערעסא'ן. אלע נאָנעס האָבען זיך פערזאמעלט אין קירך צו פייערען גאָטעס דינסט.

ארבועז איז געשטאנען אויף דער בימה און געהאלטען דעם גרויסען צלם אין זיין האנט... ער האָט דערצעהלט די ניסים און נפלאות פון דעם "הייליגען" וועמענס יום טוב די קאטוילישע קירכע פייערט. ארום איהם זיינען געזעסען די אנדערע מאָנאכען מיט צלמים אין זייערע הענט.

גרויסע וואקסענע ליכט האָבען געברענט אין אלע לייכטער לכבוד דיזען יום טוב. מיט גרויס אינטערעס האָבען זיך די נאָנעס צוגעהערט צו ארבועז'ס

פייערדיגע רייד, ווי ער האָט פאַר זיי פאַרגעשטעלט דעם גן־עדן וואו דער "היי־ליגער" געפינט זיך יעצט...

— דאָרטען, אין יענעם גן־עדן איז אָנגעגרייט אַ פּלאַץ פאַר יעדע פון אייך! — האָט ער אויסגערופען מיט אַ הויכע בעגייסטערטע שטימע, ווייל איהר זייט אַלע פערדעבענט פאַר די הייליגע כלות פון אונזער האר יעזוס.

פּלוצלונג האָט זיך גענומען דערהערען ווילדע יאָמערליכע געשרייען און קוויטשען און גלייך האָט זיך די טיהר פון דער קירכע אויפגעפּראַהלט, און אינ־וויינינג, איז מיט גרויס אימפּעט אריינגעלאָפען לאַ פערמאסא פעמבראַ מוטער־נאַקעט... איהרע האָר צושויבערט... די אויגען האָבען געברענט... זי איז ווילד געלאָפען הין און צוריק און געריסען איהרע צושויבערטע האָר... אָט איז זי שוין צוגעלאָפען צו דער בימה, וואו די הייליגע איקאָנע איז געווען.

אַ טויט שרעק איז אויף אַלעמען אָנגעפאַלען. ביי די מאַנאַכען פון די הענט זיינען די צלמים ארויסגעפאַלען... עס איז געוואָרען אַ טומעל און אַ פּאַ־ניק. די נאָנעס, צושראָקענע האָבען זיך געלאָזען לויפען צו דער טיהר...

טערעסא האָט זיך אָבער ניט פערלאָרען. זי האָט זיך גענומען נאָכיאָגען נאָך לאַ פערמאסא'ן, וועלכע איז ארומגעלאָפען ווילד און געשריען מיט איהרע לעצטע כחות: "פּאַטער! מוטער!"

זי האָט איהר אָנגעכאַפּט און זי צוגעהאַלטען אין איהרע שטאַרקע הענט. לאַ פערמאסא האָט זיך געצאַפּעלט, זי האָט זיך געריסען און געקוויטשעט...

פּעדראָ ארבועז איז גלייך צוגעלאָפען צו העלפען טערעסא'ן. אַ צווייטער מאָנאַך האָט צוגעטראָגען אַ מאַנטעל און אָפּקעהרענדיג זיינע אויגען האָט ער אויף לאַ פערמאסא'ן ארויפגעוואָרפען דעם מאַנטעל. טערעסא האָט איינגעהילט איהר נאַקעטען קערפּער אין דעם בגד און מיט דער הילף פון ארבועז'ן, האָט זי לאַ פערמאסא'ן אוועקגעטראָגען צו איהר צימער. ביידע זיינען אָפּגעווען מיט איהר אַ היבשע ווײַלע און זי געזוכט צו בערוהיגען, אָבער לאַ פערמאסא האָט ניט אויפגעהערט צו יאָמערען... זי איז געווען אַזוי אויסגעמאַטערט פון איהר וויינען און שרייען, פון איהר ניט שלאָפען שוין עטליכע נעכט אַז זי איז באַלד איינגעשלאָפען.

טערעסא און ארבועז זיינען ארויס פון איהר צימער.

— דאָ איז פאַר איהר קיין פּלאַץ ניט! — האָט טערעסא זיך אָבגערופען צו ארבועז'ן — זי איז געריהרט פון זינען און זי וועט נאָך דאָ פיעל שאַדען אָנטאָן.

— וואָס זאָל מען מיט איהר טאָן? — האָט ארבועז געפרעגט.

— איך זאָג, אַז מען זאָל עפענען די טויערען און זי ארויסלאָזען פון דאַ־נען! זי איז אַ משוגענע און זאָל זי ארומלויפען איבער די גאַסען פון סעוויל, און אויב די פּאָליציי וועט זעהן אַז זי איז אַ געפאַהר, וועט מען זי פערשפּאַרען אין אַ משוגעים הויז.

— איך קען עס אָבער ניט טאָן צוליב מיין פריינד סאַן מארטין און זיין זוהן! — האָט ארבועז זיך אָפּגערופען — איך האָב זי דאָ אריינגענומען אויף זייער פערלאַנג און יעצט, אַז איך וועל זי בעפרייען וועלען זיי פאַראיבעל האָבען אויף מיר.

— אָבער דער מאַנאסטיר איז דאָך ניט קיין אנשטאַלט פאַר משוגעים !— האָט טערעסאַ געזאָגט — אַלע נאָנעס האָבען זיך שטאַרק דערשראָקען, ווען זי איז אריינגעלאָפען אַ נאַקעטע אין קירך... וויפיעל האָט געפעהלט, אַז זי זאָל אויף אימיצען ארויפפאַלען... עס איז אַ גרויס געפאַהר זי דאָ צו האַלטען.

— איך וועל זיך פריהער זעהן מיט סאַן מארטין און איהם דערצעהלען וואָס עס האָט מיט לאַ פאַרמאסאַ'ן פּאַסירט. איך וועל הערען וואָס ער וועט וועגען דעם זאָגען... פיליכט וועט ער מיר ראטען וואָס צו טאָן...

— איך האָב געמיינט אַז ווען אייניגע טעג וועלען פאַריבער, וועט זי זיך דאָ צוגעוואוינען און זיך בערוהיגען, אָבער אנשטאָט דעם, ווערט זי ערגער... זי איז געריהרט געוואָרען פון זינען.

— אַ שאָדען ! אַ שאָדען ! — האָט ארבועז ארויסגעמורמעלט — זי איז געווען אַזאַ וואונדערשעהנע מיידעל... אַזאַ שעהנער קערפּער... אָבער ביטרים איז שעהנער פון איהר... זאָג מיר, טערעסאַ, האָסטו שוין בעוויזען צו ריידען מיט ביטרים'ן... איך מיין וועגען דעם ווי וויכטיג עס איז פאַר אַ נאָנע זיך מתודה צו זיין, און דאמיט אָפּווישען אַלע זינד פון איהר הייליגער נשמה...

— עס איז בעסער ראַטזאַם צוצוואַרטען נאָך אייניגע טעג... — האָט טערעסאַ געענטפערט — די געמיטער פון אַלע נאָנעס זיינען יעצט זעהר אנגעצויגען, צוליב דער טויטער נאָנע... זי איז שוין דער צווייטער קרבן אין די לעצטע עטליכע יאָהר... איך האָב געטאָן אַלעס וואָס מעגליך... אָבער דאָס קינד, ווייזט אויס, איז שוין ביי איהר געווען טויט עטליכע טעג... זי איז געשוואָלען געוואָרען... דו ווייסט דאָך אַז צו איהר האָב איך קיין דאָקטאָר ניט געקענט רופען... איך האָב זעהר פאַרזיכטיג בעהאַנדעלט און קיינע פון די נאָנעס האָט ניט דעם מינדעסטען פערדאַכט... אָבער דו מוזט זיין מעהר פאַרזיכטיג, ארבועז. עס קומען אריין אהער גאַנץ אָפט בעזוכער און ווען זיי זאָלען אַזאַ זאַך בעמערקען, דאַן זיינען מיר ביידע פערלאָרענע...

— איך וועל... הם... איך ווייס אַז איך האָב דיר פיעלעס פאַרוואָס דאנקבאַר צו זיין — דו האָסט דאָך איהר זיכער בעשוואָרען פאַר קיינעם קיין וואָרט ניט צו ריידען... און אויב אַזוי איז דאָך ניטאָ וואָס מורא צו האָבען ווייל עס קומען אהער גאַנץ אָפט בעזוכער.

— מיין הארץ האָט מיר וועה געטאָן צו קוקענדיג צו די גרויסע יסורים און שמערצען וואָס די נאָנע האָט געהאַט איידער זי איז געשטאָרבען — האָט טערעסאַ געזאָגט — אָבער איך בין זיכער אַז יעזוס וועט אונז מוחל זיין. זי איז געשטאָרבען אַ הייליגע...

— יע, איך האָב דאָך פאַר איהר נשמה תפלה געטאָן... איהר נשמה וועט גלייך ארויף אין הימעל — האָט ארבועז געזאָגט.

— אָבער מיר דארפען זעהן פּטור צו ווערען פון לאַ פערמאסאַ'ן ! — האָט טערעסאַ זיך אָפּגערופען — און וואָס פריהער וועט זיין אַלץ בעסער... איך וואָלט זעהר ניט געוואָלט, אַז סאַן מארטין און זיין זוהן זאָלען אהער קומען... עס וועט זיין אַ סך בעסער ווען זיי וועלען קיין אויסרייד ניט האָבען צו בעזוכען דעם מאַנאסטיר...

דערווייל וואָלט איך דיר געראטען צו האַלטען איהר פערשפּאַרט אין

איהר צימער ביז וואנען איך וועל זיך אומקעהרען פון סאן מארטין'ן הויז — האָט ארבועז געזאָגט און האָט פערלאָזען דעם מאָנאסטיר.

ארבועז איז געווען זעהר נייגיריג אז אלעס אין מאָנאסטיר זאל זיך בערוהיגען. ער האָט געוואוסט, אז אזוי לאנג ווי עס וועט זיך דאָרט טומלען, און די נאָנעס וועלען זיין אין א צושטאנד פון אויפרעגונג און שרעק, וועט ער ניט קענען דערגרייכען זיין ציעל... ביטרים איז שוין פיעלע וואכען אין מאָנאסטיר און ער איז נאָך אפילו ביי איהר ניט געווען...

אין אָווענט איז ער אוועק צו סאן מארטין, דאָרטען איז ער פריינדליך אויפגענומען געוואָרען.

— נו, הייליגער סאן מארטין, ווי איז עס געגאנגען דער ערשטער טאָג פון דער אינקוויזיציע ? — האָט ארבועז איהם געפרעגט מיט א צופרידענעם שמייכעל.

— די פערפלוכטע אידען זיינען זעהר פער'עקשנ'ט — האָט סאן מארטין געענטפערט — וויפיעל זיי זיינען ניט געפייניגט געוואָרען, איז אוממעגליך געווען ארויסצוקריגען ביי זיי די נעמען פון די אנדערע מאראנען... זייער איינגענע שולד גיבען זיי צו, אָבער אָנצייגען אויף די אנדערע, דאָס ווילען זיי ניט. מיר האָבען פריהער געפייניגט דע שושאַן'ען און נאכהער זיין פרוי. אבער עס האָט ניט געהאָלפען... מען האָט זיי אזוי שטארק געפייניגט, אז דער דאָקטאָר האָט געזאָגט אז זיי וועלען מעהר ניט אויסהאלטען דעם זעלבען טאָג. מאָרגען וועלען מיר זיך ווידער צו זיי נעהמען... איך וועל שוין ברעכען זייער עקשנות...

— איך בין דיר געקומען זאָגען, מיין פריינד אז לאַ פערמאסא פעמבראַ וועמען דו האָסט אריינגעגעבען אין מאָנאסטיר, איז געריהרט געוואָרען פון זינען... אין דער צייט ווען איך האָב אָפּגעריכט גאָטעס דינסט איז זי אריינגעלאָפען אין קירך מוטער־נאקעט, און געשריען מיט משונה'דיגע קולות... אלע נאָנעס האָבען זיך דערשראָקען און אויך די אויפזעהערין האָט מורא געהאָט זי זאל קיין שאָדען ניט פעראורזאכען. זי האָט פון מיר פערלאַנגט, אז מען זאל זי פון מאָנאסטיר ארויסלאָזען. דאָרט איז ניט דער פלאץ פאר איהר.

— א נאקעטע איז זי ארומגעלאָפען ! — האָט סאן מארטין געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ — און אויך איהר מוטער... איך מיין אז ווען מאריא האָט זיך ענטזאָגט ארויסצוגעבען די נעמען, איז זי דאמיט בעשטראָפט געוואָרען...

— און וואָס איז דיין עצה זאל מען טאָן מיט לאַ פערמאסא'ן ? — האָט ארבועז ווייטער געפרעגט.

— מיין עצה איז... וואַרט, איך וועל פרעגען מיין זוהן. ער וועט ראטען וואָס צו טאָן מיט איהר.

סאן מארטין האָט אריינגערופען זיין זוהן און איהם דערצעהלט וועגען לאַ פערמאסא'ן.

א ווייל[ע] איז זיין פנים בלייך געוואָרען... באלד אָבער האָט זיך בעוויזען א שמייכעל אויף זיינע ליפּען.

— איך האָב מיין אויפגאבע ערפילט, מעהר האָב איך מיט איהר ניט וואָס צו טאָן. אויב זי איז משוגע געוואָרען, דאַרף מען זי דאַר'ען ניט האלטען.

— מיין זוהן איז גערעכט ! זאָל זי ארויסגעלאָזען ווערען איבער די גאסען.

דאס וועט זיין א ביישפּיעל פאר די איבעריגע מאראנען... זאלען זיי זעהן וואס עס איז געווארען פון דער איינציגער טאכטער פון דעם רייכסטען מאן פון סעוויל !

— דאס איז זעהר א גוטער פּלאן ! — האט ארבועז צוגעשאקעלט מיט זיין קאפּ. ניט אלע ווייסען און קענען זעהן וואס עס ווערט געטאן צו דיעגא דע שושאן און צו זיין פרוי, וועלען זיי אם וויינינגסטען זעהן ווי אזוי גאט האט זיי בעשטראפט דורך זייער טאכטער...

— עס וועט לאנג ניט נעהמען און גאנץ סעוויל וועט זעהן ווי אזוי איהרע עלטערען ווערען פערברענט — האט סאן מארטין געזאגט — דער אורטייל איז שוין אזוי גוט ווי ארויסגעגעבען. זיי האבען ניט געלייקענט, אז זיי זיינען געווען געהיימע אידען.

— ווי אזוי האבען זיי עס געקענט לייקענען, אז איך האב אליין מיט מיינע אויגען געזעהן ווי זיי האבען אלע געשווארען ביי זייער תורה ? — האט סאן מארטין געזאגט.

— מיר האבען פּרובירט אויספרעגען די איבעריגע ארעסטירטע און איניגע פון זיי לייקענען גאר אין גאנצען. זיי זאגען, אז זיי זיינען געטרייע קריסטען. נאר זיי זיינען געקומען זיך בעראטען מיט דיעגא דע שושאן, ווייל זיי האבען מורא געהאט פאר דער אינקוויזיציע — האט סאן מארטין זיך אפּגערופען. אבער איך בין זיכער, אז זיי וועלען זיך אויך מודה זיין... די "יסורים מאשינען" וועלען זיי מאכען צו ריידען... וואס מעהר זיי וועלען לייקענען אלץ מעהר וועט מען זיי פּייניגען... און דאן וועלען זיי זיך שוין אויף אלעס מודה זיין... איך האף, אז פון די אנדערע וועלען מיר אויך קענען ארויסקריגען נאך נעמען... מיר דארפען זיך ניט צופרידענשטעלען מיט די וועלכע געפינען זיך שוין אין אונזערע הענט. סעוויל איז פול מיט געהיימע אידען, און מיר מוזען די שטאדט אין גאנצען אויסרייניגען...

— איך בין געווען איזפּאלאץ און אונזער קעניג פערדינאנד איז זעהר צופרידען מיט די ארבייט פון דער אינקוויזיציע. ער האט מיר געזאגט, אז אין גיכען וועט די אינקוויזיציע איינגעפיהרט ווערען אויך אין די אנדערע שטעדט פון שפּאניען.

— מיר האט איעדא געזאגט, אז דער קעניג פּלאנעוועט דיך צו מאכען פאר דעם הויפּט אינקוויזיטאר פון סאראגאסא — האט סאן מארטין זיך אפּגערופען — אויב די אינקוויזיציע וועט זיין ערפאלגרייך דא, וועט שוין לאנג ניט דויערען און דו וועסט קריגען דיזען אמט.

— איך בין זיך מודה, אז מיר וועט זיין זעהר שווער צו פערלאזען סעוויל. מיינע פליכטען אין מאנאסטיר און מיינע גוטע פריינד וועלען מיך אפּהאלטען... פיליכט שפּעטער. יעדענפאלס ניט אזוי גיך.

— סאראגאסא איז אויך א גרויסע שטאדט ! — האט סאן מארטין גע־זאגט — און אויך דארטען געפינען זיך פערפלוכטע געהיימע אידען, און דו וועסט טאן זעהר א גרויסע זאך פאר דער הייליגער קירכע, אויב דו וועסט זיך צו זיי נעהמען.

— נו, עס איז נאך פאראן צייט וועגען דעם צו ריידען ! — האט ארבועז זיך אויפגעשטעלט — איז, אזוי בלייבט עס, לא פערמאסא זאל ארויסגעלאזען

ווערען פון מאָנאַסטיר. איך האָב אויך אַזוי גלייך געטראַכט, אָבער איך האָב עס אַליין ניט געוואָלט טאָן, איידער איך בעראַט זיך מיט דיר און דיין זוהן.

— מיין זוהן האָט מעהר גאָר ניט צו טאָן מיט איהר... דו ווייסט דאָך אַז ער איז קיינמאָל ניט געווען ערנסט מיט איהר, בפרט ווען ער האָט אויסגעפונען, אַז איהרע עלטערען זיינען פאַלשע קריסטען... ער האָט בלויז זי אויסגענוצט צו דערגעהן אַלע זייערע סודות.

— זאָל איהם דערפאַר דער האַר יעזוס בעלוינען! — האָט ארבועז געזאָגט.

ער האָט פערלאָזען זייער הויז און זיך צוריקגעקעהרט אין מאָנאַסטיר. דאָרט האָט ער געטראָפען טערעסאַ'ן נעבען דער טיהר פון לאַ פערמאַסאַ'ס צימער. זי האָט די טיהר געהאַלטען צוגעשלאָסען, און די געשרייען פון לאַ פערמאַסאַ האָבען אָפּגעהילכט איבער דעם גאַנצען קאָרידאָר.

— מאָרגען אין דער פריה וועסטו איהר ארויסלאָזען פון מאָנאַסטיר! — האָט ארבועז זיך אָפּגערופען צו טערעסאַ'ן.

— איך קען פון דאַנען ניט אָפּטרעטען דעם גאַנצען טאָג. איהרע געשרייען און איהר קלאַפּען האָט אַלעמען אויפגערעגט. עס וועט זיין גוט פון איהר פּטור צו ווערען.

## אכצעהנטער קאַפּיטעל

# דער משפט

ניט נאָר די אידען און מאַראַנען פון סעוויל זיינען געווען ערשיטערט פון דאָס וואָס האָט פּאַסירט מיט דיעגאָ דע שושאַן און זיין משפחה, נאָר אויך פיעלע קריסטען האָבען זיך שטאַרק צום האַרצען גענומען, ווייל דיעגאָ דע שושאַן איז ביי אַלעמען שטאַרק בעליבט געווען פאַר זיין גוטסקייט און צדקה. דאָך האָט קיינער ניט געוואַגט אַ וואָרט אויסצורייידען געגען דער האַנדלונג פון דער אינקוויזיציע. יעדער האָט געציטערט... אַלע האָבען געזעהן אַז די אינקוויזיטאָרען האָבען געקראָגען זעהר פיעל מאַכט... זיי וועלען קענען טאָן וואָס זיי ווילען.

בלויז צוויי בראַווע מענשען האָבען זיך דאָן געפונען וועלכע האָבען איינגעשטעלט זייערע לעבענס און געגאַנגען צו פערדינאַנד'ן ער זאָל האָבען איינזעהעניש מיט דעם חשוב'סטען בירגער פון לאַנד דיעגאָ דע שושאַן. דיזע צוויי זיינען געווען די בעוואוסטע אידען אברהם סינאָר און דאָן יצחק אברבאַנעל. זיי האָבען ביידע געוואוסט אַז דער קעניג נויטיגט זיך אין זייער שטיצע און ראַטה. זיי האָבען זיך אונטערגענומען צוצושטעלען שפּייז פאַר די קעניגליכע אַרמעען וועלכע האָבען געזאָלט אָפּגעהן נאָך גראַנאַדאַ אָנצופאַנגען די מלחמה געגען די מורען. דאָך איז עס אין אַזאַ אויפרעגענדע צייט געווען אַ געפעהרליכער שריט.

זיי זיינען געווען די איינציגע אָפענע אידען אין פּאַלאַץ און בלויז צוליב די אונגעהויערע גרויסע נוצען וואָס זיי האָבען געבראַכט אין דער מלוכה, האָט זיי דער קעניג געדולדעט.

דעם זעלבען טאָג, ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט וועגען דער ארעסטירונג ביי דער אינקוויזיציע פון דיעגאָ דע שושאַן און די איבעריגע זיינען זיי אוועק־

געגאַנגען צו דעם קעניג, און געקומען זיך משתדל זיין פאַר זייער טייערסטען פריינד.

— גנעדיגער קעניג! — האָט דאָן יצחק אבאַרבאַנעל זיך אָפּגערופען — דיעגאַ דע שושאַן איז געווען דער געטרייסטער און בעסטער בירגער פון שפּאַ־ניען. זיינע אוצרות זיינען שטענדיג געווען אָפען... ער פלעגט שטיצען יעדען נויטבעדערפטיגען און ליידענדען, עס האָט ניט אויסגעמאַכט פון וועלכע רעלי־גיע יענער איז געווען. ער איז געווען דער שטאָלץ פון סעוויל, און אויב ער האָט אפילו געזינדיגט, בעט איך דיר, מיין האַר קעניג, אַז דו זאָלסט איהם מוחל זיין.

— אויף אזא זינד איז קיין מחילה ניטאָ. ער האָט אָפּגעשפּאָט פון אונזער גאָט, ער האָט חוזק געמאַכט פון אונזער רעליגיע... ער פלעגט קומען אין קירך און זיך ארויסצייגען אלס א פרומער קאַטוילִיק און אין געהיים פלעגט ער מתפלל זיין צו דעם אידישען גאָט! ניין, ער וועט זיין שטראָף פערדינען.

— אָה, מיין האַר קעניג — האָט אברהם סינאָר זיך אָפּגערופען — טו בלויז מיט איהם דיזען חסד. דיעגאַ דע שושאַן איז געווען איינער פון די וועל־כער האָט אַלעס געטאָן צו זעהן אַז די פעראייניגונג פון אראַגאָן און קאַסטיליען זאָל פּאַרקומען. וויפיעל האָט ער געטאָן צו העלפען דורכפיהרען דעם שידוך צווישען דעם גנעדיגען קעניג און איהר מאַיעסטעט די קעניגין... מיר זיינען אַלע זינדיגע מענשען און יעדער פון אונז בענאַרישט זיך גאַנץ אָפט... איך בעט דיר, גנעדיגער קעניג, האָב רחמנות אויף איהם און אויף זיין פרוי, און זעה אַז זיי זאָלען בעפרייט ווערען.

— אַ פיינעם ביישפּיעל וואָלט עס געווען פאַר דער אינקוויזיציע, ווען איך וואָלט בעפרייט די ערשטע שולדיגע! — האָט פערדינאַנד אויסגערופען — ניין, איך וועל גאָר ניט טאָן פאַר זיי. איך האָב די מאַכט איבערגעגעבען אין די הענט פון די אינקוויזיטאָרען, און זייער משפּט איז ענדגילטיג... דיעגאַ דע שו־שאַן און די אַנדערע וועלען דאַרפען ליידען פאַר זייער זינד, און איך קען זיי גאָר ניט העלפען.

א היבשע צייט זיינען ביידע, אבאַרבאַנעל און סינאָר געווען ביים קעניג. זיי האָבען געטאָן אַלעס וואָס נאָר זיי האָבען געקענט צו בעאיינפלוסען דעם קעניג, אָבער זיין האַרץ איז געווען פון אייזען. ער האָט גאָר ניט געוואָלט טאָן. פערדינאַנד האָט געוואוסט, אַז אזוי שנעל ווי די אינקוויזיטאָרען וועלען ארויס־טראָגען זייער אורטייל פון שולדיג, וועלען דע שושאַן'ס מיליאָנען אריינפאַלען צו איהם... וועט ער דען ארויסלאָזען פון זיינע הענט אזוי פיעל געלט... דאָס אי דאָך זיין הויפּט צוועק געווען ווען ער האָט איינגעפיהרט די אינקוויזיציע...

ער האָט געראַטען די צוויי אידען זיי זאָלען זיך אויפהערען משתדל זיין פאַר די מאַראַנען, ווייל דורך דעם וועלען זיי פערערגערען די לאַגע פון אַלע אידען אין שפּאַניען.

— ניט נאָר האָבען דיעגאַ דע שושאַן און די אַנדערע געזינדיגט געגען דער הייליגער קירכע, אָבער אויך געגען דער רעגירונג זיינען זיי בעגאַנגען א פער־ברעכען... זיי האָבען געפּלאַנעוועט צו מאַכען אַן אויפשטאַנד, כדי צו צוברעכען דאָס געזעץ וואָס איך האָב ארויסגעגעבען איינצופיהרען די אינקוויזיציע אין מיין לאַנד! — האָט פערדינאַנד זיך צו זיי אָפּגערופען — איך ווייס, אַז אין סעוויל געפינען זיך נאָך פיעלע מאַראַנען וועלכע האָבען געזאָלט ארויסהעלפען

די פערשווערער און עס איז די פליכט פון די אינקוויזיטאָרען אויסצוגעפינען ווער זיי זיינען. און איך האָף, אז דורך די יסורים מאשינען וועט דאָס ניט זיין שווער אויסצוגעפינען... לויט דעם בעריכט וואָס דער היילינער אלענזא דע איעדא האָט מיר איבערגעגעבען זיינען זיי דעם ערשטען טאָג פון זייער משפט געווען זעהר פער'עקשנ'ט... די פערשידענע פייניגונגען האָט דערוויל נאָך ניט געהאָלפען, אָבער אין דעם אינקוויזיציאָנ'ס געריכט ווערען איינגעפיהרט נאָך ערגערע פייניגונג'ס מאשינען, און דאן איז צו האָפען, אז זייער עקשנות וועט געבראָכען ווערען.

---

טרויעריגע, מיט פערביטערטע הערצער האָבען אבארבאנעל און סינאָר פערלאָזען דעם פאַלאַץ. א גרויסע יאוש האָט זיי ארומגענומען. זיי זעהן, אז אויך די לאגע פון די אידען וועט באלד ערגער ווערען... וואָס קענען זיי טאָן? יעצט איז זייער פליכט צו ווארענען די אידען זיך צו האלטען גאנץ אָפּגעזונדערט פון די מאראנען, כדי דערמיט ניט ארויסצוברייגען דעם חשד אז די נייע קריסטען היטען אָפּ אידישקייט.

— עס וועט זיין בעסער פאר די אידען פון שפאניען און פאר דער טובה פון די מאראנען, אז איהר וועט זיך האלטען פון דער וויטענס איינער פון צוויי־טען — האָבען זיי געלאָזט .ויסען זייערע ברידער. אזוי לאנג ווי די גזירה האָט נאָך ניט דערגרייכט די אָפענע אידען, דארפען מיר זעהן ניט אויפצורייצען דעם המון... לאָמיר מתפלל זיין צו גאָט ער זאָל שיקען זיין ישועה צו אונזערע אומגליקליכע ברידער וועלכע זיינען געצוואונגען געוואָרען אָנצונעהמען דעם קאטוילישען גלויבען, אָבער אין זייערע הערצער זיינען זיי פערבליבען ריינע אידען.

א טויט שרעק איז געפאלען אויף אלע מאראנען פון סעוויל. פיעלע פון זיי האָבען גענומען מאכען פליטה, אָבער אזוי שנעל ווי די אינקוויזיטאָרען האָבען זיך דערפון דערוואוסט, האָבען זיי ארויסגעגעבען א גזירה, אז דער וועלכער פערלאָזט סעוויל, איז א סימן אז ער איז שולדיג, און וועט גלייך געמשפט ווערען ביי דער אינקוויזיציע, און יעדער איינער, אפילו אן אמת'ער קריסט, וועלכער וועט אויסבעהאלטען א מאראנא ביי זיך, וועט אליין אויך גע'משפט ווערען אזוי ווי ער וואָלט געווען אליין דער פערברעכער. זיי האָבען אויך געלאָזען ויסען, אז עס איז דער חוב פון יעדען קריסט צו לאָזען וויסען דער אינקוויזיציע אזוי שנעל ווי ער קריגט .א חשד אויף איינעם, אז ער היט אָפּ אידישקייט. דער וועלכער וועט זיך ניט זעהענדיג מאכען, אָדער פערשוויגען אזא חטא, וועט אליין פערעכענט ווערען פאר א זינדיגער, און וועט פערלירען ביידע וועלטען.

עס איז זיך גרינג פאַרצושטעלען אז קיין מוסרים האָבען ניט געפעהלט. די קריסטליכע שכנים האָבען געהאַלטען זייערע אויגען אָפען אויף די נייע קריס־טען. זיי פלעגען נאָכשפּיאָנירען, און ווען זיי פלעגען בעמערקען אז אימיצער האָט אום שבת אָנגעטאָן א בעסערען בגד, איז עס שוין געווען א גוטע סיבה איהם צו ארעסטירען און פערשפּארען אין געפענגנים.

פיעלע קריסטען פלעגען יעדען שבת שטעהן בעהאלטענערהייט נעבען א הויז פון א מאראנא און בעאָבאכטען זיין קוימען, און ווען זיי פלעגען זעהן

אז קיין רויך געהט נישט ארויס פון קוימען, איז עס ביי זיי געווען א סימן אז דער מאראנא היט אָפּ שבת און זונטאג איז ער שוין געווען ארעסטירט.

זיי פלעגען זעהן, אויב א מאראנא קויפט ניט קיין חזיר פלייש, אָדער ווען ער קויפט וויין, פלעגט מען יענעם גלייך פער'מסר'ן. גאנץ אָפט פלעגט א קריסטליכע פרוי אריין צו איהר שכנה מיט געבראָטענע חזיר פלייש און אלס פריינדליכקייט איהר בעטען צו פערזוכען פון דעם געשמאקען בראטען וואָס זי האָט נאָר וואָס געמאכט. און ווען די שכנה האָט איהר העפליך בעדאנקט, און מיט אן אויסרייד ניט געוואָלט פערזוכען, האָט גלייך די קריסטליכע שכנה איהר פער'מסר'ט פאר דער אינקוויזיציע טריבונע.

אזוי זיינען אין א קורצע צייט אלע געפענגניסען פון סעוויל פערפולט געוואָרען פון די מאראנען. אָבער די בעסטיאלישע אינקוויזיטאָרען זיינען נאָך אלץ ניט געווען צופרידען. זייער בלוט דורשט איז נאָך ניט געשטילט געוואָרען. זיי האָבען געוואָלט ארויסקריגען די נעמען פון די רייכע נייע קריסטען וועלכע שפּילען א גרויסע ראָלע אין לאנד, וועלכע האלטען וויכטיגע אמטען אין דער מלוכה. אויף זיי האָבען זיי געשארפט די נעגעל... זיי אָבער זיינען געווען בעשיצט צוליב זייער רייכטום און חשיבות. און בלויז ווען איינער פון די ארעסטירטע מאראנען וואָלט דערמאָנט זייערע נעמען, וואָלטען די אינקוויזיטאָרען געהאט א רעכט זיי צו ארעסטירען. און דעריבער האָבען זיי אלעם געטאָן צו צווינגען דיעגא דע שושאַן און זיין פרוי ארויסצוגעבען די נעמען פון זייערע פריינד און בעקאנטע.

די אינקוויזיטאָרען האָבען געוואוסט אז דיעגא דע שושאן האָט געהאט צאָהלרייכע פריינד, צווישען וועלכע עס געפינען זיך אויך גייסטליכע, בישאָפען און גלחים, און אָט יענע האָבען זיי געוואָלט אריינקריגען אין זייערע נעגעל... די שנאה צו די גייסטליכע וועלכע האָבען געשטאמט פון אידען איז ביי זיי נאָך שטארקער געווען. זיי האָבען ניט געקענט צוזעהן ווי אזוי אזעלכע זאָלען ערלויבט ווערען צו זיין גייסטליכע, און האָבען געהאָפט, אז דורך דער אינקוויזיציע וועלען זיי אויסרייניגען אזעלכע גייסטליכע פון דער קירכע.

צום רבינ'ס הויף — אמעריקאנער

אויף דעם צווייטען טאָג פון דעם משפט פון דער אינקוויזיציע, האָט סאַן מארטין בעשלאָסען צו ברייגנען ביידע, דיעגאָ דע שושאן און זיין פרוי. זאָל ער צוזעהן ווי זיין פרוי ווערט געפּייניגט פּיעלייכט וועט דאָס איהם באוועגען צו ריידען. און ווען מען וועט פּייניגען דע שושאן'ען פאר מאריא'ן אין די אויגען, וועט איהר הארץ ווייכער ווערען און זי וועט ארויסגעבען די נעמען פון די אנדערע.

סאן מארטין האָט געוואוסט אז דער קאָנפעסאָר פון דער קעניגין, הערנאנדא דע טעלאווערא איז געווען זעהר בעפריינדעט מיט דיעגא דע שושאן. ער פלעגט אָפט קומען איהם באזוכען... ער האָט איבריגנס איהם ניט ליעב געהאט כאָטש ער איז געווען פארעכענט פאר א הייליגען... אָבער סאן מארטין האָט געוואוסט אז ער האָט געהאט א אידישע באָבע... דאָס אָבער האָט ער איהם ניט געקענט אויפוואָרפען פאר א חטא, ווייל דער קעניג אליין האָט דאָך אויך געהאט א אידישע באָבע... דאריבער האָט ער זעהר געוואָלט געפינען אויף איהם אן אנדער חטא, און אזוי שנעל ווי ער וועט ארויסקריגען זיין נאמען פון דיעגא

דע שושאַן אָדער זיין פרוי, וועט די אינקוויזיציע האָבען א רעכט איהם צו ארעסטירען און משפט'ן.

געוועהנליך, האָט ער אליין ניט געוואגט צו דערמאָנען זיין נאמען און פרעגען זיי אויב דע טעלאוועראַ איז אויך איינער פון זיי. דאָס וואָלט גלייך דערגאנצען צו דע טעלאוועראַ'ס אויער און ער וואָלט שוין געווירקט אויף דער קעניגין מען זאָל איהם ארונטערזעצען פון זיין אמט... ניין, ער דארף זעהר פאָרזיכטיג זיין. זיין נאמען דארף דערמאָנט ווערען פון זיי אליין, און אויף דעם האָט ער געהאָפט, ווען ער האָט געהייסען ביידען, מאן און פרוי, זאָלען מ׳ט אמאָל געבראכט ווערען פאר דער אינקוויזיציע טריבונע.

פריהער האָט מען אריינגעבראכט דע שושאן'ען געשמידט אין קייטען. זיין פנים איז געווען טויט־בלאס... זיין קערפער איז געווען פארוואונדעט... די בראנד־וואונדען פון זיינע פיס האָבען איהם נאָך געשמערצט, און ער האָט קוים געקענט איינשטעהן... ער איז געווען אין גאנצען צובראָכען... זיינע האָר זיינען גרוי געוואָרען... עס איז געווען א שוידער אויף איהם א קוק צו טהאָן.

באלד נאָך דעם האָט מען אריינגעפיהרט מאריא'ן... איהר צושטאנד איז אויך געווען ניט בעסער... זי איז געווען אין גאנצען אָפּגעשוואכט... איהרע אויגען זיינען רויט געווען פון וויינען... ניט צוליעב איהרע יסורים און וועהטאָגען האָט זי געוויינט... זי האָט די גאנצע צייט ניט אויפגעהערט צו וויינען פון איהר טאָכטער... זי וויים, אז זי איז אריינגעפאלען אין מערדערישע הענד... וואָס וועט פון איהר ווערען!... זי איז אזוי יונג געווען... זי האָט זיך געלאָזט פארפיהרען... עס איז ניט איהר שולד... זי איז ד׳ךד ערצויגען געוואָרען אלס קריסטין. וועלכע דארף האסען די אידען, און דאָס וואָס זי האָט זיך פּלוצים דערוואוסט אז איהרע עלטערען זיינען געהיימע אידען, האָט עס איהר אין גאנצען צוטומעלט... איהר מוטער־הארץ איז געווען פול מיט מיטלייד אויף איהר אומגליקליך קינד... זי האָט גלייך באמערקט ווי דער רשע דאָן מארטין האָט זיך פון איהר אָפּגעקעהרט אזוי שנעל ווי ער האָט געקראָגען פון איהר דאָס וואָס ער האָט געוואָלט... ער האָט בלויז געוואָלט קריגען די סודות פון דער משפחה.

סאַן מארטין'ס גראָבע שטימע האָט איהר איבערגעשלאָגען די געדאנקען. זי האָט זיך א צאפּעל געטהאָן... זי האָט דערזעהן איהר אומגליקליכען מאן... זי האָט א קוק געטהאָן אויף זיין פאר'חושד'טען פנים, ווי ער איז געבויגען און געקאָרטשעט פון יסורים... זי האָט געזעהן זיינע איינגעגראָבענע אויגען און זי האָט זיך מעהר ניט געקענט באהערשען און אויסגעבראָכען אין א יאָמערליכען געוויין.

די אינקוויזיטאָרען זיינען געווען צופרידען פון דעם... זיי האָבען געמיינט אז יעצט, ווען זי איז אזוי נידערגעשלאָגען, וועלען זיי שוין מעהר קיין שוועריגקייטען ניט האָבען ארויסצוקריגען פון איהר וואָס זיי ווילען.

— דו האָסט געהאט א גאנצען טאָג זיך צו בעטראכטען און בעזינען! — האָט סאַן מארטין זיך אָפּגערופען צו דיעגא דע שושאן. — און יעצט האָף איך, אז דו ביזט געקומען צום שכל... דו וועסט אונז אָנגעבען די נעמען פון אם וויניגסטען צעהן פערזאָן וועלכע האָבען אין געהיים אָבגעהיט די אידישע אמונה, און דאן וועט דיין שטראָף א סך פארגרינגערט ווערען.

דע שושאַן האָט ניט געענטפערט.

— נעכטען האָסטו פארזוכט דעם טעם פון יענע מאַשינען, היינט האָבען ר דאָ נאָך ערגערע מאַשינען... און איידער מען פיהרט דיך דאָרט צו, וויל יך דיר געבען אַ געלעגענהייט. עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אַז דו ווייסט ־ נעמען... וואָרט, אויב דו וועסט מיר אָנגעבען בלויז פינף נעמען פון גייסט־ ע, וועלכע זיינען נאָך ביי די קריסטען פאררעכענט אלס הייליגע און וועלכע ען גאָר אידען אין געהיים, אויב דו וועסט אויסרעכענען זייערע נעמען, עסטו דערביי אַ סך געווינען.

— פאר וואָס ענטפערסטו ניט ? ! — האָט איעדאַ אויף איהם אַ געשריי טהאָן, — וויפיעל מאָל דאַרף מען צו דיר ריידען ? !...

— איך בין אין אייערע הענד, טהוט מיט מיר וואָס איהר ווילט... איך ועל מיט מיין מויל מעהר ניט זינדיגען געגען מיינע פריינד ! — האָט דיעגאַ דע ושאַן זיך אָפּגערופען מיט אַ נידריגע שטימע.

— מיין ניט אַז זיי וועלען ניט אַריינפאַלען אין אונזערע הענד, פריהער ער שפּעטער וועלען מיר זיי כאַפּען... אָבער ווען דו וועסט אונז זייערע נעמען ויסגעבען וועסטו מאַכען אַ סך גרינגער פאר דיר און פאר דיין פרוי ! — האָט אַרילאַ צוגעגעבען.

— איך וועל מיין בעשלום ניט ענדערען ! — האָט דע שושאַן פעסט גע־ נטפערט.

— באַלד וועסטו אַנדערש ריידען ! — האָט סאַן מאַרטין מיט צאָרן אויס־ ערופען, און אַ וואונק געטהאָן צו די דיענער.

מיט אַ ווילדע רציחה האָבען זיך די דיענער אַ וואָרף געטהאָן אויף איהם און איהם אַ נעהם געטהאָן פאר די הענד, וועגדענדיג זייערע פּנים׳ער צו די אינקוויזיטאָרען צו הערען וואָס פאר אַ פּייניגונג זיי דאַרפען איהם אָנטהאָן.

— אין דעם איינשרימפּונג מאַשין ! — האָט זיך דערהערט סאַן מאַרטין׳ס טימע.

גלייך האָבען זיי אַרונטערגעריסען פון דע שושאַן׳ען זיינע קליידער. מאַריא האָט אונאויפהערליך געוויינט.

ווען ער איז שוין געווען אויסגעטהאָן, האָבען איהם די דיענער צוגעפיהרט צו דעם איינשרומפּונג מאַשין. דאָס איז געווען אַן אייזערנע מאַשין וואָס די ווענט זיינען געווען מיט שאַרפע נעגעל. דאָרטען האָט מען דע שושאַן אַריינגע־ שטעלט. און די דיענער האָבען גענומען שרויפען די מאַשין ביז וואַנען די ווענט האָבען גענומען דריקען זיין קערפּער און די נעגעל שטעכען זיין נאַקעטע לייב.

דע שושאַן האָט פון יסורים געשריען.

איעדאַ האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ און צוגעלאָפען צו דער מאַשין.

— און יעצט וועסטו ריידען ? — האָט ער זיך געווענדעט צו איהם.

ווען דע שושאַן האָט ניט געענטפערט, האָט ער אַ וואונק געטהאָן אַז זיי אלען נעהמען שרויפען די מאַשין.

זיי האָבען מיט גרויס פלייס זיך גענומען צו דער אַרבייט. דע שושאַן׳ס האַרצרייסענדע קרעכצען פון די יסורים האָבען געקענט ריהרען אַ שטיין, אָבער ניט די פאַרשטיינערטע הערצער פון די אינקוויזיטאָרען.

— לאָזט איהם אָפּ! לאָזט איהם אָפּ! — האָט מאריא אויסגעשריען מיט א היסטערישע שטימע.

— ווערסטו אונז אָנרופען די נעמען? — האָט זיך סאן מארטין געווענ־דעט צו איהר.

זי האָט אָבער געשריען: „לאָזט איהם אָפּ!" „פּייניגט איהם ניט!" איהרע קולות האָבען זיך צונויפגעמישט מיט דע שושאן'ס קרעכצען און וועה־געשרייען. אָבער די דיענער זיינען פארזאָגט געוואָרען אָנצוגעהן מיט דער ארבייט.

דער דאָקטאָר איז צוגעגאנגען. די דיענער האָבען א ווייל'ע אפּגעלאָזען די שרויפען, און נאכדעם ווי דער דאָקטאָר האָט דעם געפּייניגטען בעטראכט, האָט ער א שאָקעל געטהאָן מיט זיין קאָפּ, אלס צייכען אז זיי קענען אנגעהן מיט זייער רציחה'שע ארבייט.

זיי האָבען איהם אזוי לאנג געמוטשעט ביז ער איז געפאלען אין אָהנמאכט. ערשט דאן האָבען זיי פאנאנדערגעפענט די מאשין און איהם פון דאָרטען אַרויסגענומען.

זיין קערפּער איז געווען צובלוטיגט און צושטאָכען פון די שארפע נעגעל. זיי האָבען אויף איהם ארויפגעגאָסען קאלטע וואסער, און ווען ער האָט אנגע־הויבען צו אָטעמען, האָבען זיי איהם געלאָזען ליגען אויף דעם באָדען קרעכ־צענדיג.

יעצט האָבען זיך די אינקוויזיטאָרען גענומען צו מאריא'ן.

— האָסטו געזעהן וואָס מען האָט געטהאָן צו דיין מאן? ווערסטו יעצט אויך זיין פער'עקשנ'ט?

מאריא האָט געבליבּעט.

— ענטפער! ווערסטו טהאָן וואָס מיר פערלאנגען פון דיר?

זיי האָבען א ווייל'ע געוואַרט און ווען זיי האָבען פון איהר קיין ענטפער ניט געקראָגען, זיינען די דיענער צוגעקומען. זיי זיינען געווען גרייט צו טהאָן זייער ארבייט.

— ווילסטו אויך פארזוכען דעם טעם פון יענער מאשין?! — האָט איעדא זיך צו איהר אָפּגערופען.

— אויב [illegible] ווערסט אונז ארויסגעבען בלויז דריי נעמען פון גייסטליכע וועל־כע היטען אידישקייט אין געהיים, וועלען מיר זיך צופרידענשטעלען! — האָט סאן מארטין זיך אָפּגערופען.

— איך וועל קיינע נעמען ניט ארויסגעבען! — האָט זי היסטעריש אויס־געשריען, — איהר רשעים קענט טהאָן מיט מיר וואָס איהר ווילט.

— נעהמט זי! — האָט סאן מארטין אויסגערופען.

די דיענער האָבען גענומען ארונטעררייסען פון איהר די קליידער און צוגעפיהרט צו דעם איינשרומפּונג מאשין.

פּלוצלינג האָט זיך די טיהר אָפען געטהאָן און די פון זינען־געריהרטע לא פערמאָסא פעמברא האָט זיך אריינגעריסען אינעווייניג.

ווען מען האָט לא פערמאָסא'ן ארויסגעלאָזען פון מאָנאסטיר, איז זי ארומ־

געלאָפען ווילד איבער די גאסען פון שטאדט און געשריען: פאטער, מוטער, וואו זייט איהר!

די קריסטען וועלכע האבען די שעהנע רייכע און געצערטעלטע לא פערמאַסאַ'ן געקענט, האבען אנגעקוואָלען דאָס צו זעהן. עס האבען זיך געפונען אייניגע וועלכע האבען זיך איבער איהר "מרחם" געווען און איהר געזאגט וואו איהרע עלטערען געפינען זיך יעצט... מען האט איהר אנגעוויזען דעם פּלאַץ, און זי האט, א צושויבערטע מיט ווילדע פלאמענדע אויגען, גענומען לויפען אהין... ווען זי איז צוגעקומען צו דעת אונטעראירדישען ארייגאנג, האבען די וועכטער זי ניט געוואָלט אריינלאָזען... אבער זי האט זיך פלינק פון זייערע הענד ארויסגעדרעהט... זי איז אריין אינעווייניג און דורכגעלאָפען דעם לאנגען קאָרידאָר... זי האט דערקענט איהר פאטער'ס שטימע... זי האט געזוכט דעם אריינגאנג אין דער ריכטונג פון וואנען די געשרייען זיינען געקומען... באלד אבער האבען די געשרייען אויפגעהערט... זי איז ארומגעלאָפען איבער דעם קאָרידאָר... און אָט דוכט זיך איהר, אז זי הערט איהר מוטער'ס שטימע... זי איז צוגעלאָפען און אן עפען געטהאָן די טיהר און אריין אינעווייניג...

די אינקוויזיטאָרען זיינען געוואָרען עטוואס צוטומעלט. זיי האבען באַמערקט איהרע ווילדע ברענענדע אויגען, איהרע צושויבערטע האר, איהרע צוריסענע קליידער, און האבען זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען.

— אַה, פאטער! — איז לא פערמאַסא צוגעלאָפען צו דיעגא דע שושאן, וועלכער איז נאָך אליין געלעגען אַ צובלוטיגטער אויף דעם באַדען.

מאריא וועלכע איז שוין געווען אין דעם איינשרומפּונג מאשין, האָט פון וויטען באמערקט איהר טאָכטער, און זי האָט ארויסגעלאָזען א געשריי און גע'חלש'ט.

לא פערמאַסא האָט זיך אויפגעשטעלט און איז געלאָפען צו איהר מוטער. אבער סאן מארטין'ס שטימע האָט געדונערט:

— וואַרפט זי ארויס, די משוגע'נע!

די דיענער האבען זי אָנגעכאַפּט. זי האָט זיך געראַנגעלט, געקוויטשעט און געשריען; פאטער! פאטער! אבער די דיענער האבען זי בייגעקומען און גענומען ארויסשלעפּען פון דעם פּייניגונגס צימער.

— די וועכטער וועלכע האבען זי אריינגעלאָזען, וועלען אומגעבּיטען ווערען אויף אנדערע! — האָט איעדאָ אויסגערופען.

די דיענער האבען די קוויטשענדע לא פערמאַסאַ'ן צוגעפיהרט צום ארויסגאנג און דאָן ארויסגעשליידערט אין דרויסען.

די וועכטער האָט מען אָנגעזאָגט אז זיי זאָלען מעהר קיינעם ניט אריינלאָזען, און זיך גלייך צוריקגעקעהרט.

ווען מען האָט אָפּגעמינטערט מאריא'ן האָט מען זי צוריק אריינגעשטעלט אין דער מאשין. זי איז געווען אזוי אָפּגעשוואכט און צוטומעלט אז זי האָט ניט געפיהלט און ניט געוואוסט וואָס מען טהוט מיט איהר.

אָיעדאָ איז צו איהר צוגעגאנגען און פּרובירט ווידער רײדען צערטליכע רייד צו איהר. ער האָט איהר געזאָגט, אז דער איינציגער וועג ווי זי קען תשובה טהאָן, איז ווען זי וועט ארויסגעבען דריי נעמען פון גייסטליכע וועלכע נארען

די קאַטוילישע קירכע, דאַמיט וועט זי אין גאַנצען אַפּוואַשען איהר זינד און זי וועט געהן גלייך אין הימעל.

מאַריאַ האָט אפילו ניט געהערט וואָס ער רעדט צו איהר. ווען ער איז אזוי אָפּגעשטאַנען נעבען איהר א היבשע ווײַלע און זי האָט איהם גאָרניט געענטפערט, האָט ער געהייסען די דיענער זיי זאָלען אָנפאַנגען. זיי האָבען גענומען שרויפען די מאַשין... די נעגעל האָבען דערגרייכט איהר נאַקעט ליִיב... זי האָט דערפיהלט דעם גרויסען וועהטאָג און זי האָט קוים געקענט קרעכצען.

— — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

איינינע וואָכען האָט זיך דער משפט געצויגען. און יעדען מאָל וואָס מען האָט זיי פאָרגעבראַכט פאַר דער אינקוויזיציע טריבונע און דער דאָקטאָר האָט ערקלעהרט אז מען קען זיי ווייטער מוטשען און פייניגען, האָ מען דאָס געטהאָן. אָבער מען האָט פון זיי ניט געקענט אַרויסקריגען דאָס וואָס זיי האָבען געוואָלט דאן האָבען די אינקוויזיטאָרען זיי גענומען משפט'ן.

עס האָט לאַנג ניט גענומען זיך מיישב צו זיין, און זיי האָבען איינשטימיג אַרויסגעגעבען זייער אורטייל אז דיעגאָ דע שושאַן און זיין פרוי מאַריאַ דאַרפען פאַרברענט ווערען לעבעדיגערהייט אויפ'ן אָטאָ־דע־פע וואָס עס איז איינגעריכטעט געוואָרען אין סעוויל.

דער אָטאָ־דע־פע איז אוועקגעשטעלט געוואָרען אין מיטען שטאָדט אויף א ברייטען אָפענעם פּלאַץ. ארום זיינען געווען פיער זיילען פון קופּער. יעדער זייל איז געווען א חלל (פּוסט) גענוג פלאַץ אז מען זאָל אהין קענען אריינשטעלען דעם פאַר'משפט'ן. דאן האָט מען ארומגעלייגט א פייער ארום יענעם זייל און גענומען בראָטען דעם קרבן לעבעדיגערהייט... דאָס פלעגט נעהמען זעהר לאַנג און די יסורים וואָס דער אומגליקליכער פלעגט זיך אָנליידען איידער ער האָט אויסגעהויכט זיין נשמה, איז אונמעגליך זיך פאָרצושטעלען.

אזא לאַנגזאַמען געפּייניגטען טויט פלעגט מען אָבער געבען אזעלכע וועלכע האָבען עפענטליך געלעסטערט גאָט. די אנדערע פאַר'משפט'ע פאַרברענט צו ווערען אויף דעם אָטאָ־דע־פע פלעגט מען אוועקשטעלען אין מיטען. די פיס צוגעקייטעלט צו דעם אייזערנעם באָדען, און דאן ארומלייגען האָלץ ארום איהם און מאַכען א גרויסען פייער.

אזעלכע הינריכטונגען פלעגען פאָרקומען פאַר די אויגען פון צעהנדליגע טויזענדע מענשען, וועלכע פלעגען קומען קלייבען פאַרגעניגען פון דעם וואונדערליכען ספּעקטאַקעל.

צוליעב דעם צוועק האָט מען ארום דעם אָטאָ־דע־פע געבויט טויזענדע זיץ־פּלעצער, וואו די מעהר פּריווילעגירטע פלעגען קענען זיצען און הנאה האָבען.

ווען דער טאָג פון דער הינריכטונג איז בעשטימט געוואָרען, האָט מען איז סעוויל אלעמען געלאָזט וויסען וועגען דעם. מען האָט בעקאַנט געמאַכט אז די פּראָצעסיע וועט זיך אָנפאַנגען פון דעם פּלאַץ וואו דער משפט איז פאָרגעקומען. אן אונגעהייער גרויסער המון האָט זיך פערזאַמעלט. אלע האָבען מיט אונגעדולד געוואַרט צו זעהן ווי די ערשטע שטראָף פון דער אינקוויזיציע ווערט דורכגעפיהרט. נאָך מעהר צוציהענד איז עס געווען צוליעב דעם וואָס דער רייב־

סטער און חשוב׳סטער בירגער פון שפּאַניען און זיין פרוי זיינען געווען די ערשטע קרבנות. די פּראָצעסיע האָט זיך אָנגעפאַנגען.

פּאָראוים איז געגאַנגען אַ מאָנאַך אָנגעטהאָן אין גאַנצען אין שוואַרצען. אויפגעהויבען אין דער הויך האָט ער געהאַלטען דעם גרינעם צלם פון דער אינקוויזיציע. הינטער איהם זיינען געגאַנגען אַנדערע גלחים מיט צלמים און פאָהנען אויף וואָס עס זיינען געווען אויסגעמאָלען פאַרשידענע בילדער פון דעם געקרייציגטען יעזוס און פון אַנדערע "הייליגע". נאָך זיי זיינען מיט שטאָלצע קעפּ געגאַנגען דיעגאַ דע שושאַן און זיין פרוי. די עטליכע טעג נאָך דעם משפט זיינען זיי פאַרבליבען אין געפענגנים, און מען האָט זיי שוין מעהר ניט געפּייניגט... זיי זיינען שוין געווען אויסגערוהט... זייערע פּנים׳ער זיינען געווען בלאַס, די באַקען־ביינער האָבען אַרויסגעשטאַרטשט... זיי האָבען אָבער ניט אַרויסגעוויזען קיין אויפרעגונג און זאָרג. זיי זיינען געווען געקליידעט אין לאַנגע געלע זעק־קליידער, אויף וועלכע עס זיינען געווען אויסגעמאָלען שוואַרצע צלמים, און אויף די העלזער האָט מען אויף זיי אַרויפגעטהאָן אַזעלכע כאָמוטען פון האָלץ, זיי זאָלען ניט קענען פריי באַוועגען די קעפּ. זיי זיינען געגאַנגען באָרוועס. נעבען זיי זיינען געווען די וועכטער פון ביידע זייטען.

דער הילצערנער כאָמוט האָט שטאַרק געדריקט דע שושאַן׳ס האַלז און ער האָט זיך געווענדעט צו איינעם פון די וועכטער וועלכער איז געווען ביי זיין רעכטער זייט:

— זיי אַזוי גוט און רוק אַרונטער דעם "זיידענעם האַלז־טוך" פון מיין האַלז, ווייל עס מאַכט מיר שווער דאָס געהן.

דער וועכטער האָט איהם ניט געענטפערט.

אַזוי האָט די פּראָצעסיע פון דעם געפענגנים ביז דעם פּלאַץ פון דער אָטאָ־דע־פע געדויערט איינינע שטונדען.

צעהנדליגע טויזענדע מענשען זיינען שוין געווען פאַרזאַמעלט. די פּריווילעגירטע האָבען פאַרנומען זייערע זיץ־פּלעצער. די איבריגע זיינען געשטאַנען מיט אויסגעשטרעקטע העלזער און מיט אויסגעסטאַרטשטע אויגען נייגעריג צוגעקוקט צו אַלעם וואָס קומט פאָר.

די גלחים האָבען גענומען זאָגען קאַפּיטלעך תהילים.

אַלע זיינען געבליבען שטיל.

דיעגאַ דע שושאַן און מאַריאַ זיינען געבראַכט געוואָרען נעבען דעם אָטאָ־דע־פע.

אַלאָנזאָ דע אָיעדאַ איז אַרויפגעגאַנגען אויף דער פּלאַטפאָרמע. ער האָט פריהער פאַרגלאָצט זיינע אויגען צום הימעל, נאָכהער האָט ער מיט אַ צלם אין זיינע הענד געבענשט דעם "הייליגען" פּובליקום, וועלכער איז געקומען זעהן ווי געטליכע גערעכטיגקייט ווערט געטהאָן.

— מיינע הייליגע ברידער! — האָט אָיעדאַ אויסגערופען, — דריי יאָהר האָב איך אָפּגעריכט גלות, איך בין געווען נע ונד געוואַגעלט און געוואַנדערט פון שטאָדט צו שטאָדט, איך האָב טאָג און נאַכט זיך איבערגעגעבען מיט תפלות צו גאָט ער זאָל אַריינגעבען אַ געדאַנק אונזער הייליגען קעניג פערדינאַנד און קעניגין איזאַבעלאַ זיי זאָלען אין שפּאַניען איינפיהרען די הייליגע אינקוויזיציע.

מיר זאָלען קענען אויסראָטען די פאַלשע קריסטען פון אונזער לאַנד... דער טאָג איז געקומען... מיר דאַרפען אַלע לויבען און דאַנקען אונזער גאָט.

"אָט דאָ ברענט דאָס הייליגע פייער. באַלד וועלען אויף דיזען פייער פאַרברענט ווערען די טמא'דיגע גופים וואָס האָבען געזינדיגט געגען אונזער גאָט.. דאָס איז דער אָנפאַנג... די ביידע זינדיגע — האָט ער אָנגעוויזען אויף דע שושאַן און מאַריאַ — זיינען געווען די פיהרער פון אונזער שטאָדט... זיי האָבען אונז אַלעמען גענאַרט... זיי פלעגען קומען אין קירך און אין געהיים פלעגען זיי אָפּהיטען אידישקייט... אָבער אונזער גאָט האָבען זיי לאַנג ניט געקענט נאַרען... זיי זיינען געכאַפּט געוואָרען און זיינען געבראַכט געוואָרען פאַר דער טריבונע פון דער אינקוויזיציע. מיר האָבען זיי געגעבען אַ גערעכטען משפּט. און יעצט וועלען זיי פאַרברענט ווערען פאַר אַלעמען אין די אויגען.

"איך וויל צוגעבען, מיינע הייליגע ברידער, אַז עס איז אַ פליכט פון יעדען געטרייען און פרומען קאַטאָליק נאָכצופאָרשען און אויסגעפינען פאַלשע קריסטען... יעדער איינער וועלכער וועט ברייננגען אַ קלאַגע געגען אַ מאַראַנאַ, וועט מען יענעם גלייך פאַרברייננגען פאַר דער אינקוויזיציע און אויב יענער וועט געפונען ווערען שולדיג וועט דער באַשולדיגער באַלוינט ווערען פון גאָט.

"מיינע קאַטוילישע ברידער! האַלט אייערע אויגען אָפען אויף די אומרייניע גאָט־לעסטערער און טהוט אייער פליכט צו גאָט און צו דער הייליגער אינקוויזיציע, און לאָמיר אַלע האָפען אַז די אינקוויזיציע זאָל איינגעפיהרט ווערען אין אַלע אנדערע שטעדט פון שפּאַניען".

ווי איעדאַ האָט געענדיגט ריידען, איז צוגעגאַנגען סאַן מאַרטין מיט זיין צלם אין האַנד. נעבען איהם איז געווען מאַרילאָ מיט אַ שיסעל "הייליג" וואַסער.

סאַן מאַרטין האָט אויפגעהויבען דעם צלם אין דער הויך מיט אייז האַנד. און די צווייטע האַנד האָט ער איינגעטונקט אין הייליגען וואַסער און מיט דעם באַשפּריצט דעם אַטאָ־דע־פע. דאַן האָט ער עפּעס ארויסגעמורמעלט אַ תּפלה, און ער האָט אַ וואונק געטהאָן צו די וועכטער אַז זיי קענען אָנפאַנגען.

די וועכטער האָבען גענומען פיהרען דיעגאָ דע שושאַן און מאַריאַ'ן צו דעם אַטאָ־דע־פע.

פריהער האָבען זיי ארויפגעבראַכט דע שושאַן, און זיין פרוי האָט מען דערוויייל אָפּגעשטעלט אונטען זי זאָל צוזעהן ווי איהר מאַן ברענט.

סאַן מאַרטין און די איבריגע האָבען בעשלאָסען זיי צו פאַרברענען בעזונדער כדי דער בלוטדורשטיגער המון זאָל האָבען אַ טאָפּעלטע פאַרשטעלונג.

די וועכטער האָבען צוגעקייטעלט דע שושאַן'ס פיס צו דעם באַדען, ער זאָל זיך ניט קענען ריהרען פון אָרט. נאָכהער האָבען זיי ארומגעלייגט ארום איהם טרוקען האָלץ און זיי זיינען ארונטער.

אימיצער האָט געבראַכט אַ פאַקעל פייער און דאָס איבערגעגעבען צו איעדאַ'ן. אַלע האָבען אָנגעשטרענגט זייערע בליקען.

איעדאַ איז צוגעגאַנגען צום אַטאָ־דע־פע און דעם פאַקעל פייער צוגעלייגט צו די האָלץ. באַלד האָט זיך באַוויזען אַ רויך. דאָס פייער האָט גענומען שנעל ברענען און פונקען זיינען געפלויגען.

—שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד!" — האט זיך דערהערט דע שושאן׳ס שטימע, וועלכער האט אויסגעשריען מיט זיינע לעצטע כחות.

די פלאמען זיינען גרעסער געווארען. דער רויך האט געזעצט און צעהנדליגע טויזענדע הערצער זיינען צושמאלצען געווארען פון נחת.

נאכדעם אז פון אלעם ארום איז געבליבען קויהלען און אש, האט מען זיך גענומען צו מאריא׳ן.

מען האט צו איהר געטהאן דאס זעלבע וואס צו איהר מאן.

צווישען עולם איז ארומגעלאפען די האלב-משוגענע לא פערמאסא. זי האט עפעס געזוכט מיט איהרע אויגען, וועלכע זיינען געווען אויסגעשטארטשט און געהאט א ווילדען אויסזעהן.

אימיצער פון עולם האט זי דערקענט. ער האט געוואוסט אז זי איז געריהרט פון זינען. אבער דאך האט ער געוואלט אז זי זאל אליין צוזעהן מיט איהרע אויגען. ער האט איהר אנגענומען פאר דער האנד און זיך דורכגעשפארט מיט איהר דורך דעם המון. און ווען זי איז געווען ניט ווייט פון אטא-דע-פע האט ער איהר געוויזען ווי מען פארברענט איהר מוטער.

א ווילדער הילכיגער געלעכטער האט זיך פון לא פערמאסא׳ן ארויסגעריסען. און דאס האט צוגעגעבען עטוואס קאליר צו דעם ספעקטאקעל.

---

## ניינצעהנטער קאפיטעל

# ארבועז כאפט פעטש

זעהר פארזיכטיג איז ארבועז געווען מיט ביטריס׳ן. פון דער צייט וואס ער האט מיט איהר געלערנט אין פאלאץ האט ער אויסגעפונען אז איז גאנצען צו געווינען ביטריס׳ס צוטרויען וועט איהם ניט אזוי גרינג אנקומען. ער האט דאריבער זיך פיעל געניטיג אין טערעסא׳ס הילף. און דאס האט ער געקראגען. טערעסא פלעגט גאנץ אפט אריינקומען אין ביטריס׳ס צימער און מיט איהר ריידען וועגען ארבועז׳ס הייליגקייט, ווי אזוי ער האט פארבינדונגען מיט יעזוס׳ן און אז אין זיינע הענד ליגט די מאכט פון פאר׳קנס׳ן די גאנעם וועלכע זיינען ווירדיג גענוג, אלס די כלה פון דעם האר יעזוס.

ביטריס ענריקעז האט זיך שוין אנגעהערט פון דער אינקוויזיציע. זי האט זיך דערוואוסט אז די ערשטע פארברענט צו ווערען אויף דעם אויטא-דע-פע איז געווען דיעגא דע שושאן און זיין פרוי מאריא. שטילערהייט האט זי ביטער געוויינט אויף זייער גורל, וואס זי האט געוואוסט אז פריהער אדער שפעטער וועט עס אויך זיין דער גורל פון אלע איהרע ברידער, די מאראנען... זי האט יעצט איינגעזעהן ווי פארזיכטיג זי וועט דארפען זיין אז מען זאל אויף איהר קיין פערדאכט ניט האבען אז זי אליין איז געניגט צו די מאראנען. דאריבער ווען טערעסא פלעגט קומען און ריידע. וועגען די הייליגקייטען פון די אלע גייסטליכע, האט זי זיך געמאכט ווי זי שטימט צו צו אלעם וואס זי רעדט. און דאס האט די אויפזעהעריז אנגענומען אלס א צייכען אז ביטריס איז שוין אין גאנצען באזיעגט און אז ארבועז וועט קיינע שוועריגקייטען ניט האבען זי אריינצוקריגען אין גאנצען אונטער זיין איינפלוס.

מיט גרויס פרייד האָט ארבועז אויפגענומען טערעסאַ'ס רייד. ער האָט שוין לאנג אויף דעם געוואַרט... זיין ליידענשאַפטליכע ליעבע צו ביטריס'ן האָט ניט געוואוסט קיינע גרעניצען... און ער איז געוועזן זעהר אומגעדולדיג... ער האָט פארשפּראָכען טערעסאַ'ן א גרויסע באַלוינונג אויב זי וועט איהם ארויסהעלפען, און איצט איז ער איהר זעהר דאנקבאר געוועזן.

ער האָט געהייסען טערעסאַ'ן אָנזאָגען ביטריס'ן אז ער וועט קומען צו איהר זי זאָל זיך מתודה זיין פאר איהם... און נאכדעם ווי ארבועז האָט געענדיגט זיין גאָטעס־דיענסט אין קירך, איז זי אוועק צו ביטריס'ן און זיך צו איהר אָפּגע־רופען:

— דו ווייסט, ביטריס, אז דער הייליגער וידוי פאַטער ארבועז וועט היינט קומען צו דיר דו זאָלסט זיך מתודה זיין אויף דיינע זינד. ער איז צו דיר פריהער ניט געקומען, ווייל ער האָט געוואָלט דו זאָלסט זיך צוגעוואוינען צו דעם מאָ־נאסטיר און דו זאָלסט האָבען גענוג צייט צו בעטראכטען דיינע זינד וואָס דו ביזט בעגאנגען אין דיינע געדאנקען, כדי דיין נשמה זאָל אויסגעלייטערט ווע־רען, און דו זאָלסט קענען אריינקומען אין הימעל מיט אלע הייליגע כלות פון יעזוס'ן...

ביטריס האָט ניט ווילענדיג א שאָקעל געטהאָן מיט איהר קאָפּ, אלס צייכען אז זי שטימט צו. און אביסעל שפּעטער איז שוין ארבועז אריין צו איהר אין צימער. ער אי. געוועזן זעהר אויפגערעגט און צורודערט. ער איז יעצט אליין מיט דער שעהנער ביטריס'ן... ער האָט מיט דורכדרינגענדע בליקען זי בעטראכט. ווי פּראכטפאָל זי קוקט אויס און ווי רייצענד און בעצויבערנד זיינען איהרע אויגען, און ווי צארט און ווייס איז איהר הויט...

— זיי געבענשט צו גאָט, דו הייליגע כלה! — האָט ארבועז זיך אָפּגערו־פען צומאכענדיג די טיהר פון איהר צימער.

א ציטער איז דורך ביטריס'ס קערפּער. זי האָט פאר דער שיין פון דער ליכט א בליק געטהאָן אויף זיין צופלאמטען פּנים און ברענענדע אויגען, און איהר הארץ האָט א צאפּעל געטהאָן... זי האָט זיך גענומען שרעקען פאר זיינע בליקען... אויף איהרע געדאנקען זיינען ארויפגעקומען די רייד פון דער נאָנע וואָס האָט איהר דערצעהלט... און א שוידער האָט איהר אָנגענומען... זי האָט גענומען זיך דערמאָנען ווי אזוי ער איז צו איהר געוועזן אין פּאלאץ ווען ער האָט מיט איהר גערעדט, ווי ער האָט שטענדיג אויף איהר געבליקט מיט אזעלכע אויגען... זי פאנגט אָן צו פארשטעהען אלע זיינע כונות... זי וועט אָבער קעמפען מיט אלע איהרע כחות... זי וועט ניט אריינפאלען אין זיין נעץ... זי האָט זיך דערמאָנט אָז די רייד פון הערנאנדאָ דע טעלאַווערא, וועלכער האָט איהר געגע־בען אָנצוהערעניש וועגען ארבועז'ס שלעכטע אבזיכטען, און איהר אָנגעוואונקען אז פון א "צייכען" וואָס זי וועט איבערלאָזען אויף זיין פּנים, וועט איהם איבער־צייגען אז זיין פערדאכט איז ניט אומזיסט, דאן וועט ער מעגליך איהר קומען צו הילף...

אָט די אלע געדאנקען האָבען זיך ביטריס'ן געפלאָנטערט אין מח ווען זי האָט דערפיהלט ארבועז'ס בליקען... זי האָט ארונטערגעלאָזען איהרע אויגען.

ארבועז האָט אראָפּגענומען דעם גאָלדענעם צלם פון זיין הארצען און עס צוגעטראָגען צו ביטריס'ס ליפּען. זי האָט עס א קוש געטהאָן. דערנאָך האָט ער

ארויפגעלייגט זיינע הענד אויף איהר קאָפּ און עפּעס א שעפּטשע געטהאָן. באלד נאכדעם האָט ער פארגלאָנצט מיט די אויגען ווי ער וואָלט געווען זעהר טיעף פארטראכט...

— יא, ביטרים, — האָט ער פּלוצלינג אויסגערופען, — גאָט האָט מיין תפלה אָנגענומען, דו וועסט זיין ווירדיג צו ווערען די כלה פון יעזוס'ן, דו וועסט בלויז דארפען פאר מיר זיך מתודה זיין אויף דיינע זינד, און דאן וועל איך רייניגען און לייטערען דיין נשמה...

ביטרים האָט געשוויגען.

— פארוואָס ביזטו זיך ניט מתודה? — האָט ארבועז איהר געפרעגט נאָך א קליינע פּויזע.

איך ווייס ניט וואָס זיך מתודה צו זיין, ווייל איך האָב ניט געזינדיגט.

— יעדער מענש איז פון בלוט און פלייש און מוז זינדיגען! — האָט ארבועז איהר געענטפערט, — און אויב דו האָסט ניט געזינדיגט אין טהאָט האָסטו געוויס געזינדיגט אין דיינע געדאנקען... דערמאָן זיך וואָס פאר א זינדיגע געדאנקען דו האָסט געהאט און זיי זיך מתודה, וועל איך וויסען אויף וואָס דיר מוחל צו זיין.

— המ... איך... איך האָב געזינדיגט אין מיינע געדאנקען געגען דיר, הייליגער פאטער! — האָט ביטרים ארויסגעשטאמעלט.

— געגען מיר?! — האָט זיך א פרייד צוגאָסען איבער אלע זיינע גליע־דער, — נייז, די געדאנקען וואָס דו האָסט וועגען מיר קענען שוין קיין זינדיגע ניט זיין... ווייל איך בין דאָך דער פארמיטלער צווישען גאָט און דיר... און אויב דו טראכסט וועגען מיר איז א סימן אז דער הייליגער גייסט האָט אין דיר ערוואכט... יעצט זאָג מיר אלעס! גיס אויס פאר מיר דיין הארץ.

ביטרים האָט ארונטערגעלאָזען איהרע אויגען און געשוויגען.

ארבועז האָט עס אָנגענומען אלס א צייכען אז זי שעהמט זיך... ער איז געווען אזוי זיכער אז אויך ביטרים האָט איהם ליעב און ער האָט עס געוואָלט הערען פון איהר מויל... ער האָט געוואָלט אז זי זאָל איהם איבערגעבען יעדען געדאנק וואָס זי האָט וועגען איהם.

ער האָט מיט גרויס צערטליכקייט ארויפגעלייגט זיין האנד אויף איהר קאָפּ און מיט א שטילע מילדע שטימע זיך אָפּגערופען:

— דו דארפסט וויסען זיין, הייליגע נאָנע, אז פאר מיר האָסטו זיך ניט וואָס צו שעהמען... דיינע געדאנקען וועגען מיר קומען צו דיר פון א געטליכען וואָל... דו טאָרסט קיין זאך ניט פארהוילען פון מיר... דערצעהל מיר אלעס!

א שוידער איז דורך ביטרים'ס קערפּער ווען זי האָט דערפיהלט זיין האנד אויף איהר קאָפּ. זי האָט געזוכט א דרעה צו טהאָן איהר קאָפּ און זיך באפרייען פון זיין האנד, אָבער ארבועז איז נאָך נעהנטער צוגעקומען... ער האָט א פיהר געטהאָן זיין האנד איבער איהר פּנים און גענומען גלעטען.

— דו ווייסט, ביטרים, אז גאָט האָט דיר בעשאָנקען מיט אויסערגעוועהנ־ליכע שעהנקייט, און איצט בעזיצסטו אויך א הייליגען גייסט... דאָס באווייזט דאָס דו טראכסט פון מיר... איך בין דאָך דער פארמיטלער צווישען דיר און יעזוס'ן... איך ווייס אלע דיינע געדאנקען, אָבער כדי זאָלסט פאר'קנס'ט ווערען פון גאָט א לויטערע און א ריינע, דארפסטו מיר אלעס ענטדעקען... כאטש איך

ווייס אז די געדאנקען וואס דו האסט וועגען מיר, זיינען ניט קיין זינדיגע, פון דעסטוועגען דארפסטו מיר אלעס דערצעהלען... פארלייקען גארניט פון מיר... דו מעגסט זיכער זיין אז קיינער וועט דערפון קיינמאל ניט וויסען... זאג מיר, וואס פאר א געדאנקען דו האסט וועגען מיר.

— איך ווייס אז דו ביזט הייליג און איך האב קיין רעכט ניט געהאט צו טראכטען בייזע מחשבות פון דיר, — איז ביטריס ביי זיך דרייסטער געווארען, — און דאריבער האף איך אז דו וועסט מיר מוחל זיין.

— געוויס וועל איך דיר מוחל זיין! — האט ארבועז מיט א שמייכעל געזאגט, — אבער זאג מיר שוין שנעלער וואס זיינען דיינע געדאנקען וועגען מיר געוועזן?

— איך האב געצווייפעלט אין דיין הייליגקייט! — האט ביטריס אויסגערופען און איהם בעטראכט.

— אין מיין הייליגקייט?! — איז ארבועז צוטומעלט געווארען, — איך פארשטעה דיך ניט! האסטו דען געצווייפעלט אז איך פארטרעט דעם הייליגען גייסט?!...

— איך ווייס אז איך בין דורך דעם בעגאנגען א גרויסע זינד, — האט ביטריס ווייטער געזאגט, — אבער איך האב זיך ניט געקענט העלפען. איך האב געזוכט יענע געדאנקען פון זיך צו פארטרייבען, אבער אומזיסט... איך האב דעם הייליגען פאטער פערדעכטיגט אין אונמאראלישע אבזיכטען... איך בעט דיך, פארגיב מיר!... איך האב אין מיינע געדאנקען געגען דיר געזינדיגט.

ארבועז איז געבליבען שטעהן עטוואס ערשיטערט. דאס האט ער גארניט ערווארטעט... זי האט מיט איין מאל אלע זיינע פלענער צושטערט... אבער ניין, ער וועט זיך ניט אונטערגעבען, ער וועט שוין וויסען ווי אזוי צו געווינען איהר צוטרויען... זי איז זעהר נאאיוו און אומשולדיג...

— און אזוי האסטו וועגען מיר געטראכט?! — האט ארבועז גענומען זי גלעטען, — געוויס בין איך דיר מוחל... יעצט, אז דו ביזט זיך פאר מיר מתודה, וואס א שטייגער האסטו וועגען מיר געטראכט?

— איך... הם... איך ווייס ניט... אבער...

— דו ביזט נאך יונג און נאריש... איך ווייס אז דו ביזט נאך ניט מסוגל צו פארשטעהען אלעס — האט ארבועז לאנגזאם ארונטערגענומען דעם צודעק פון איהר קאפ, — אה, וואס פאר א שעהנע האר דו פארמאגסט... גאט האט דיר בעשאנקען מיט בעצויבערנדע שעהנקייט... ער האט דיר געגעבען א טייל פון זיין גלאררייכקייט און הייליגקייט... דו ביזט ווירדיג צו זיין די כלה פון יעזוס'ן.

ארבועז'ס פנים האט געפלאמט... זיינע אויגען האבען געפלאקערט... ער האט ארויפגעלייגט זיינע הענד אויף איהרע אקסלען...

ביטריס האט זיך געזוכט צו באפרייען פון זיינע הענד. אבער ארבועז האט זי נאך מעהר איינגעקלאמערט אין זיינע ארעמס.

— דו פארשטעהסט ניט, דו ביזט נאך יונג... עס איז מיין פליכט דיך צו פאר'קנס'ן פאר גאט... פאר זיין הייליגען גייסט... איך בין דער הייליגער פאטער פון מאנאסטיר... איך בין בעפאלמעכטיגט פון גאט צו טהאן זיין ווילען... בלויז דורך מיר וועסטו געהייליגט ווערען... דו ווארפסט זיך אין גאנצען איבערגעבען צו מיר, מיט דיין נשמה און גוף און איך וועל דיך צוגרייטען צום גן עדן...

ביטריס האָט זיך שטארק דערשראָקען... זי האָט זיך ארויסגעדרעהט פון זיינע הענד און אוועקגערוקט זיך אין דעם צווייטען ברעג פון צימער.

ארבועז אָבער איז שוין געווען אזוי אויפגערעגט, צוקאָכט און צוהיצט, אז ער האָט זיך אין גאנצען פארלאָרען... ער האָט זיך שנעל א לאָז געטהאָן און איהר אָנגענומען ביי דער האנד...

ביטריס האָט געזוכט לויז צו מאכען איהר האנד פון זיינע. ער האָט זי אָבער פעסט געהאלטען.

— אָה, הייליגער פאטער, — האָט זי זיך מיט טרעהרען אין די אויגען געבעטען, — לאָז מיך אָפּ... דו באגעהסט א זינד... מיין פארדאכט איז ניט געווען אומזיסט.

— דו פארשטעהסט מיך ניט, דו הייליגע ביטריס... אזוי איז דער ווילען פון גאָט... דאמיט וועל איך דיר אויף אייביג פאר'קנס'ן צו זיין הייליגען נאמען.

— לאָז מיך אָפּ! איך בעט דיך, לאָז מיך אָפּ! — האָט זי זיך גענומען ראנגלען מיט איהם, — לאָז מיך אָפּ אז ניט וועל איך שרייען.

— אָה, דו וועסט ניט שרייען! — האָט ער מיט זיינע הענד איהר נאָך שטייפער ארומגענומען — דו ווייסט ניט וואָס פאר א שטראָף ווידערשפּעניגסטע נאָנעס באקומען... זיי ווערען אריינגעשפּארט אונטען אין יענע איינזאמע קאלטע צימערען... דו מוזט מיך פאָלגען... דאָס טהו איך פאר דיין אייגענער טובה... דורך דעם וועט דיין נשמה אויסגעלייטערט ווערען און אלע דיינע זינד וועלען אָפּגעמעקט ווערען... ווען דו וועסט אויפהויבען דיין שטימע, וועט מען מיינען אז דו ביזט זעהר א זינדיגע... קום אהער, ביטריס, נעהנטער צו מיר... מיט מיינע הייליגע ליפּען וועל איך דיינע ליפּען בעריהרען... מיין אטעם פון הייליגקייט וועל איך אין דיר אריינאטעמען.

ביטריס האָט זיך א ריס געטהאָן פון זיינע הענד און גענומען לויפען צו דער טיהר.

ארבועז אָבער האָט איהר פארלאָפען דעם וועג. ער האָט זי א כאָפּ געטהאָן מיט זיינע ביידע הענד און געזוכט איהרע ליפּען.

ביטריס האָט אָפּגעקעהרט איהר קאָפּ, און מיט איהרע הענד גענומען אָפּשטופּען זיין פּנים פון זיך... ער אָבער איז געווען שטארקער און זיין פּנים איז שוין געווען נעבען איהרען... פון גרויס פארצווייפלונג און צארן האָט זי זיך איינגעגראָבען מיט איהרע נעגעל אין זיין פּנים... זי האָט איהם צוגראבעלט און צובלוטיגט... שטיקער הויט האָט זי פון זיין פּנים אראָפּגעריסען... ער אָבער האָט עס נישט געפיהלט... זי האָט איהם גענומען בייסען מיט איהרע צייהנער זיינע הענד, און בריקען מיט איהרע פיס... אָבער די תאוה האָט זיך אין איהם צוגליהט... ער האָט גאָרניט געפיהלט... ער האָט בלויז געהאט נאָר איין ציעל...

ביטריס האָט זיך ניט פארלאָרען. מיט איהרע שארפע נעגעל האָט זי געגראבעלט, מיט איהרע פינגער האָט זי אָנגעריהרט זיין רעכטע אויג און דאָס האָט איהם בעוואויגען זי א ווײַלע אָפּצולאָזען. ביטריס האָט זיך א רוק געטהאָן צום וואנט. זי איז געשטאנען גרייט זיך צו בעשיצען געגען די ווילדע חיה... זי האָט באמערקט זיינע אויגען, זיין צווישעטע בלוט... זי האָט בעשלאָסען

צו קעמפען מיט אַלע איהרע כחות געגען איהם און ווען זי האָט דערזעהן אַז ער דערנעהנטערט זיך ווידער צו איהר, האָט זי איהם מיט איהר גאַנצער מאַכט אַרונטערגעלאָזען אַ פּאַטש אין פּנים, און באַלד אַ צווייטען פּאַטש מיט אַזאַ קראַפט אַז זי האָט איהם אויסגעהאַקט אַ צאָהן און ביידע באַקען זיינען ביי איהם געשוואָלען געוואָרען. די אויגען זיינען ביי איהם מיט בלוט פאַרלאָפען געוואָרען.

ווי עס ווייזט אויס האָבען די פייערדיגע פּעטש וואָס ביטרים האָט ארבועז'ן אַרונטערגעלאָזען, געהאַט אויף איהם די געווינשטע ווירקונג... ער האָט זיך גלייך אָפּגערוקט פון איהר... ער האָט גענומען טאַפּען זיין פּנים... ער האָט אָנגעהויבען פיהלען די שמערצען פון ־ער צוגראַבעלטער הויט...

ביטרים האָט אַליין ניט געוואוסט וואו זי האָט גענומען אַזוי פיעל כחות... ווען זי האָט באַמערקט אַז ער נעהמט ווישען זיין בלוט פון פּנים, האָט זי זיך שנעל אַ רוק געטהאָן צו דער טיהר, אַן עפען געטהאָן און האַסטיג אַרויסגעלאָפען.

ארבועז אָבער איז אויך באַלד אַרויס פון צימער. ער האָט געוואָלט אַז טערעסאַ זאָל איהם קומען צו הילף איידער ביטרים וועט מאַכען אַ טומעל.

אין קאָרידאָר איז געווען שטיל. ביטרים איז געלאָפען צו די טרעפּ, אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָט די אויפזעהערין דערהערט דעם גערודער און איז אַרויס פון צימער.

— ביטרים, וואוהין לויפסטו! — האָט זי אויף איהר אַ בייזען בליק געוואָרפען, און זי אָנגענומען ביי דער האַנד.

ביטרים האָט איינגעבויגען איהר קאָפּ און זיך פאַנאַנדערגעכליפּעט.

טערעסאַ איז מיט איהר גלייך אַריין אין צימער.

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט זי צו איהר שטרייננ אַ זאָג געטהאָן.

— אָה, דער פאַלשער, אומווירדיגער ארבועז! — האָט ביטרים אויסגערופען, און איהר גאַנצער קערפּער האָט געציטערט פון אויפרעגונג.

— אָה, ־ו נידערטרעכטיגע! ווי אַזוי וואַגסטו אַזוי צו ריידען וועגען היילינען פאַטע־! דו זינדיגע... דו פאַרשטעהסט ניט זיין היילינע כונה... ער ־אָט דיין טובה געמיינט און דו האָסט עס גענומע־ אויסטייטשען צום שלעכטען.

ביטרים האָט באַלד איינגעזעהן אַז אומזיסט וועט זיין איהר מיה אַלעם צו דערצעהלען טערעסאַ'ן... זי העלפט איהם אַרויס אין זיינע שענדליכע טהאַטען וואָס ער טהוט אָפּ אין נאָמען פון דעם היילינען גייסט... זי האָט דאַריבער מעהר ־יט גערעדט... באַלד האָט זיך די טיהר פון טערעסאַ'ס צימער אויפגעעפענט און מיט וואַקלענדע טריט איז ארבועז אַהין אַריינגעקומען. זיינע באַקען זיינען געווען רויט און געשוואָלען, זיינע אויגען זיינען געווען מיט בלוט פאַרלאָפען. זיין פּנים איז געווען צוקראַצט און צובלוטיגט.

ווען טערעסאַ האָט איהם דערזעהן האָט זי זיך שטאַרק דערשראָקען... זי האָט געוואָרפען אַ בייזען גיפטיגען בליק אויף ביטרים'ן, וועלכע איז געשטאַנען טויט־בלאַס און צושראָקען.

— פאַרשפּאַר די חצופה אונטען! — האָט ארבועז מיט גרויס צאָרן אויסגערופען, — זאָל זי דאָרטען פאַרפוילט ווערען.

מעהר האָט ארבועז ניט גערעדט. ער האָט גענומען אַרויסגעהן.

— איך וועל דיר שוין ווייזען ווי אַזוי צו לעסטערן דעם נאָמען פון גאָט!...

דו וועסט פאַר דיין שלעכטער אויפפיהרונג טהייער בעצאָהלען... קום מיט מיר, דו זינדיגע... דאָרטען וועסטו פאַר דיינע זינד אָפּקומען!... דו וועסט דאַרט אזוי לאַנג פאַרבלייבען ביז וואַנען דו וועסט צו דיין שכל קומען, — האָט טערעסאַ בייז זיך אָפּגערופען.

מיט א געבויגענע קאָפּ און מיט א טרויעריגען געמיטה איז ביטרים איהר נאָכגעגאַנגען. טערעסאַ האָט גענומען א ליכט אין האַנט און איז מיט איהם אַרונטער אונטען, דאָרטען וואו די נאָנעס וועלכע האָבען זיך פאַר איהר פערזינדיגט זיינען געווען.

דאָס צימער איז געווען קליין, בלויז א קליין בעטעל איז דאָרט געווען. אַרום זיינען געהאַנגען צלמים און בילדער פון טייוואָלים וועלכע בעשטראָפען א זינדיגען.

די אויפזעהערין איז מיט כעס אַרויס פון דאָרטען. ביטרים איז איבערגעבליבען אַליין. פערשידענע טרויעריגע געדאַנקען האָבען איהר בעאומרוהיגט. זי האָט אויף זיך געבעטען דעם טויט. זי האָט שוין פערלאָרען אַלע האָפענונגען ווען עס איז בעפרייט צו ווערען פון מאָנאַסטיר. זי האָט איינגעזעהן ווי פאַלש אַלע זיינען. מען ברענט מענשען און מען טהוט זיי אָן די שווידערליכסטע ענוייִם אין נאָמען פון גאָט. און אַליין טוען די "הייליגע" אָפּ די ערגסטע פערברעכנס.. זי האָט די גאַנצע נאַכט ביטער געוויינט, און ווען זי האָט זיך עטוואָס בערוהיגט האָט זי געפיהלט ווי מיעד זי איז פון דעם ראַנגלען זיך מיט אַרבועז'ן... זי האָט דערפיהלט א בעפרידיגונג ווען זי האָט זיך דערמאָהנט ווי זי האָט זיך אַריינגעגראָבען מיט איהרע נעגעל אין זיין פּנים, ווי אזוי זי האָט איהם אַראָפּגעלאָזען צוויי פייערדיגע פּעטש, ווי אזוי זי האָט איהם צוביסען און צובלוטיגט. זאָל ער זיך געהן בעקלאָגען אויף איהר. א שטראַהל האָפנונג האָט זיך אין איהר ערוועקט, ווען זי האָט א טראַכט געטאָן, אז מעגליך הערנאַנדאָ דע טעלאַווערא וועט בעמערקען אַרבועז'ס פּנים און ער וועט פערשטעהן וואָס עס איז פאָרגעקומען. באַלד אָבער איז דער יאוש ווידער צו איהר געקומען. זי וויים, אז אַרבועז וועט זיך שעהמען זיין פּנים צו ווייזען אין דער עפענטליכקייט. ער וועט זיכער אָפּוואַרטען איניגע טעג ביז וואַנען עס וועט פערהיילט ווערען.

---

אַרבועז האָט יענע נאַכט גענעכטיגט אין מאָנאַסטיר. ער איז געווען אזוי אויפגערעגט און צרשיטערט, אז ער האָט זיך קיין פּלאַץ ניט געפונען. דער וועהטאָג איז איהם געווען גרויס, אָבער די שאַנדע איז געווען נאָך גרעסער. דאָס טרעפט איהם דאָס ערשטע מאָל, אז א נאָנע זאָל אַרויסווייזען אזא שטאַרקען ווידערשטאַנד... און טערעסאַ האָט איהם פאַרזיכערט, אז זי האָט ביטריס'ן גוט צוגערייט... ער האָט גענומען פיהלען זיין פּנים, וואו דאָס בלוט איז נאָך געווען פייכט, די וואונדען אָפען. ער האָט זיי גענומען אַרומוואַשען און פון זיינע ליפּען האָבען זיך געשאָטען קללות... ער איז נאָך מיט איהר ניט פאַרטיג... ער וועט זי נאָך באַזיגען... ער איז געווען אין כעס אויף אַלעמען, אויף טערעסאַ'ן און אויף זיך אַליין!... ער האָט געוואוסט, אז ער דאַרף זיין אין פּאַלאַץ מאָרגען. ער וועט זיך דאָרטען דאַרפען טרעפען מיט סאַן מאַרטין, אַלאָנזאָ דע איעדאַ און מאַרילאַ'ן, זיך צו באַראַטען מיט דער קייזערליכער

פאַר, אין וועלכע אנדערע שטעדט זאָל מען איינפיהרען די אינקוויזיציע. ווי אזוי וועט ער זיך דאָרטען קענען באווייזען מיט אזא פנים? וואָס וועט ער זיי קענען דערצעהלען? ער האָט די גאנצע נאכט געטראכט וואָס פאר אן אורזאך אנצוגעבען, וואָס הז׳ט מיט איהם פאסירט?...

א געדאנק איז איהם געקומען, אז ער וועט זיך דערמיט קענען אפּרעכענען מיט זיינעם א גרויסען שונא, א מאראנא... ער וועט אויף איהם ווארפען דעם בלבול, אז דאָס איז ער איהם באפאלין, ווען ער איז ביינאכט פארבייגעגאנגען זיין הויז. ער האָט גענומען אויסארבייטען אלע איינצעלהייטען און איהם האָט דער דאָזיגער איינפאל שטארק הנאה געטאָן... אמווייניגסטען וועט ער נקמה נעהמען אָן א מאראנא, וועמען ער האסט אזוי פיעל און אויף וועמען ער האָט שוין לאנג געזוכט צו געפינען א חטא, אז ער זאָל קענען איבערגעגעבען ווערען אין די הענט פון דער אינקוויזיציע.

ווען עס איז געוואָרען ליכטיג איז ארבועז ארויס פון זיין צימער. ער האָט שוין געטראָפען אין קאָרידאָר די אויפזעהיערין. זי האָט אין דער ליכטיג־קייט באמערקט זיין צו קיילטען און צובייליטען פנים און זי האָט אויסגעדריקט איהר טיפסטען פארדרוס...

— זי וועט שוין איהר שטראָף באקומען! — האָט טערעסא זיך אפּגע־רופען. — זי וועט פאר אלעם טייער באצאָהלען.

— ניין, באשטראָף זי ניט צו שטארק! — האָט ארבועז געזאָגט. — האלט זי בלויז פארשפּארט ביז וואנען דו וועסט זעהן, אז זי קומט צום שכל... זיי זעהר פאָרזיכטיג, אז זי זאָל קיין מעגליכקייט ניט האָבען צו רייקען צו די נאָנעס, ביז וואנען דו וועסט וויסען, אז אלעס איז געזיכערט...

— דו וועסט מוזען געפינען אן אויסרייד ווי אזוי דאָס איז צו דיר געטאָן געוואָרען — האָט טערעסא זיך אָפּגערופען. — אָבער איך וואלט דיר געראטען דו זאָלסט פארבלייבען דאָ אויף עטליכע טעג, ביז וואנען עס וועט פארהיילט ווערען.

— ניין, דאָס איז פאר מיר אוממעגליך, — האָט ארבועז זיך אָפּגערופען.

— איך מוז נאָך היינט זיין אין פּאלאץ, אָבער איך האָב שוין אויסגעארבייט א פּלאן און אלעס וועט רעכט ווערען.

ארבועז האָט איהר איבערגעגעבען זיין פּלאן און געזאָגט:

— אמווייניגסטען וועל איך דערלעבען א נקמה אָן מיינעם א שונא, דעם מאראנא, וועמענס הויז עס געפינט זיך אויף דעם וועג צום מאנאסטיר... איך האס איהם שוין פון לאנג, אָבער איך האָב אויף איהם ניט געקענט געפינען קיין זינד... איצט אָבער וועט ער זיך שוין געפינען אין די הענט פון די אינקוויזיטאָרען.

טערעסא האָט איהם פארבאנדאזשירט דעם פנים און זיין געבטע האנד וואָס ביטרים האָט מיט איהרע שארפע צייהנער איהם צוביסען. און ארבועז האָט זיך אוועקגעלאָזען אין פּאלאץ.

ווען ער איז אָנגעקומען דאָרטען האָט ער געלאָזט וויסען, אז ער וויל זיך גלייך זעהן מיט דעם קעניג, ווייל ער האָט זעהר וויכטיגס איהם איבערצוגעבען. אריינקומענדיג אין טראָן־צימער האָט ער זיך פארנייגט און פערדינאנד

און איזאַבעלאַ האָבען מיט אַמאָל אויסגערופען:

— וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט, הייליגער אַרבוען?

— געלויבט איז יעזוס, וואָס איך בין לעבען געבליבען! — האָט אַרבוען אויפגעהויבען זיינע הענט און פאַרגלאָצט מיט די אויגען. — איין טריט איז געווען צווישען מיר און טויט... דער הייליגער גייסט האָט מיך באַשיצט, דורך אַ נס בין איך געראַטעוועט געוואָרען.

— דערציילט אַלעס וואָס מיט דיר האָט פּאַסירט, הייליגער פּאַטער! איז די קיניגין אומגעדולדיג געוואָרען.

— געבענשט זאָל זיין דער קעניג און די קעניגין, וואָס זיי האָבען גענומען איינפיהרען, די הייליגע אינקוויזיציע, וואָס וועט מאַכען אַ סוף צו די פאַלשע, אומווירדיגע קריסטען! — האָט אַרבוע אַנגעפאַנגען. — אויף דער וועג צום מאָנאַסטיר געפינט זיך אַ הויז פון אַ מאַראַנאָ, וועמען איך האָב שוין לאַנג גענומען פאַרדעכטיגען, אַז ער היט אָפּ אידישקייט אין געהיים, אָבער איך האָב געגען איהם קיין באַווייזען ניט געהאַט, ווייל ער איז זעהר כיטרע און וויסט זיך ווי אויסצוהיטען. איך האָב גענומען באַמערקען, אַז שבת קומט קיין רויך ניט אַרויס פון זיין קוימען... און דעריבער פלעג איך יענעם טאָג גאַנץ אָפּט פאַרבייגעהן. דער מאַראַנאָ האָט מיך באַמערקט און ער האָט גענומען פאַרשטעהן אַז איך פאַרדעכטיג איהם... איינמאָל ווען איך האָב זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון זיין הויז און גענומען אַרויפקוקען אויף זיין דאַך, איז פּלוצלונג אַ גרויסער שטיין געוואָרפען געוואָרען אין מיין ריכטונג. ווען דער שטיין וואָלט מיך געטראָפען, וואָלט ער מיך אויפ'ן אָרט געטויטעט, אָבער גאָט האָט מיך באַשיצט... איך האָב גענומען זוכען דעם וואַרפער פון שטיין, אָבער איך האָב איהם ניט געקענט זעהן, אָבער איך בין זיכער געווען, אַז דאָס שטאַמט פון דעם מאַראַנאָ... לעצטען אָוונד, ווען איך בין געווען אויף דעם וועג צום מאָנאַסטיר, און מיר איז אויסגעקומען פאַרבייצוגעהן דאָס הויז פון דער מאַראַנאָ, האָב איך פּלוצלונג דערפיהלט אַז מען געהט מיך נאָך, און איידער איך האָב באַוויזען זיך אַרומצוקוקען, זיינען צוויי מענשען אויף מיר באַפאַלען און האָבען מיך גענומען שלאָגען איבער'ן פּניב... איך האָב זיך גענומען ראַנגלען מיט זיי, אָבער זיי האָבען מיך גענומען שטאַרקער שלאָגען צובלוטיגט. איך הער ווי זיי ריידען צווישען זיך, אַז זיי מוזען מיך טויטען... איך דערקען די שטימע פון יענעם מאַראַנאָ... איך האָב זיך געוועהרט מיט אַלע מיינע כחות, אָבער זיי זיינען געווען צוויי... איך האָב שוין געמיינט, אַז מיין סוף איז נאָהענט, האָט דער האַר יעזוס מיט מיר געטאָן אַ נס... עס האָט זיך דערהערט אַ גערויש פון רעדער, און מיינע איבערפאַלער האָבען געמיינט, אַז מען קומט אָן אין אונזער ריכטונג, האָבען זיי זיך דערשראָקען און אַנטלאָפען, מיך איבערלאָזענדיג אַ צובלוטיגטען אויף דעם באָדען. איך האָב זיך געשטאַרקט און אָפּגעהויבען און אַוועק אין מאָנאַסטיר. דאָרטען האָט מען מיינע וואונדען אויסגעוואַשען און פאַרבאַנדאַזשירט און איצט בין איך געקומען זאָגען דער קעניגליכער פּאָר, וואָס פאַר אַ גרויס געפאַהר עס לויערט אויף יעדען גייסטליכען פון די פאַרפלוכטע מאַראַנען.

— זאָל דער מאַראַנאָ גלייך געבראַכט ווערען פאַר דער אינקוויזיציע־טרי

בונע ! — האָט איזאבעלא אויסגערופען, — און ווען ער איז זיין זוהן וועלען געפונען ווערען שולדיג, זאָלען זיי זייער שטראָף באקומען.

ארבועז׳ס געשיכטע און זיין צוקאָליעטשעטער פּנים האָט אויפגערעגט אלע מען אין פּאלאץ. יעדער האָט געערעדט דערפון. קיינער האָט ניט געצווייפעלט אין ארבועז׳ס רייד... מען האָט גלייך ארעסטירט יענעם מאראנא מיט זיין משפּחה און זיי זיינען באשטימט געוואָרען גע׳משפּט צו ווערען ביי די אינקוויזיטאָרען.

הערנאנדא דע טעלאווערא איז געווען דער איינציגער, וועלכער האָט גע צווייפעלט אין ארבועז׳ס רייד. ער איז אָבער זעהר פאָרזיכטיג געווען ניט ארויס צוציינען זיין צווייפעל... ער האָט אויף זיך ניט געוואָלט האָבען דעם מינד סטען פאַרדאכט, אז ער זוכט זיך אָנצונעהמען פאר די מאראנען, דאָך האָט ער געוואַרט אויף א געלעגענהייט, ווען ער וועט קענען קומען באזוכען דעם מאָנאס טיר.... אלס דער קאָנפעסאָר פון דער קעניגין האָט ער א רעכט צו קומען אהין איינמאָל אין מאָנאט און זעהן אויב אלעס איז דאָרט אין גוטען אָרדנונג.. ער האָט גלייך גענומען פאַרדעכטיגען, אז ביטרים האָט אין דעם א האנט... ז האָט פאַרשטאנען זיין אָנדייטונג... אויב זיין פאַרדאכט וועט זיך ארויסצייגען צו זיין ריכטיג, דאן וועט ער זי אין גאנצען קענען באפרייען פון מאָנאסטיר, ארבועז אליין וועט איהם נאָך דערצו העלפען....

---

צוויי וואָכען האָבען די אינקוויזיטאָרען געפּייניגט יענעם מאראנא מיט זיין משפּחה, אויף וועמען ארבועז האָט א בלבול געמאכט. מען האָט זיי אָנגע טאָן אלערליי שוידערליכע נגישות זיי זאָלען זיך "מתודה" זיין, און וואָס מעהר זיי האָבען געלייקענט, אלץ שטארקער האָט מען געפּייניגט. די אומגליקליכע האָבען געלייקענט, אז זיי זיינען געווען פאלשע קריסטען, און זיי האָבען גע שוואָרען, אז זיי זיינען אומשולדיג, אז זיי האָבען ארבועז׳ן ניט אָנגעריהרט און געוויס מאכט ער טעות, מעגליך, אז אנדערע זיינען איהם באפאלען או איהם האָט זיך אויסגעדאכט, אז דאָס זיינען זיי. ארבועז׳עס עדות האָט אָבער אריבערגעוואויגען און צום סוף פון די צוויי וואָכען פון מוטשען און פּייניגונ האָט מען דעם מאראנא מיט זיין משפּחה פאַרברענט אויף דעם אָ־טאָ־דע־פע.

ארבועז האָט זיך זעהר גליקליך געפיהלט. איהם האָט זיך זיין פּלאן איינ געגעבען. ער איז פּטור געוואָרען פון דעם מאראנא, זיין שונא, און אין דער זעלבער צייט האָט ער פון זיך ארונטערגעוואָרפען יעדען חשד. ער פלעגט בא זוכען גאנץ אָפט דעם מאָנאסטיר, און טערעסא פלעגט איהם באריכטען וואָס ביטרים טוט. ער האָט פון איהר פאַרלאנגט, אז זי זאָל נאָך אלץ זעהן צו ווירקען אויף איהר פיליכט וועט זי זיך ענדערען...

די אויפזעהערין האָט גענומען איינ׳טענה׳ן מיט ביטרים׳ן יעדען טאָג. זי האָט איהר באוויזען, וואָס פאר א פאַרברעכען זי איז באגאנגען געגען גאָט און געגען דעם הייליגען ארבועז... מיט דעם וואָס זי האָט איהם אזוי באהאנ דעלט, אין דער צייט ווען ער האָט געוואָלט לייטערען איהר נשמה און זי ווירדיג מאכען צו ווערען די כלה פון יעזוס׳ן.

— זאָג מיר, ביטרים, האָסטו חרטה אויף דעם וואָס דו האָסט געטאָן ?

וועסטו שוין פאַרשטעהן, אז אַלעס וואָס דער הייליגער פאָטער טוט איז עס פון דיין טובה וועגען . . . אויב דו וועסט צוגעבען, אז דו ביזט באַגאַנגען דורך דעם א זינד און דו האָסט בדעה תשובה צו טאָן, וועל איך זעהן, אז דער הייליגער ארבועז זאָל דיר מוחל זיין און דאן וועל איך דיר צוריק ארויספיהרען צו דיין צימער.

ביטרים האָט איהר ניט געענטפערט, און ווען טערעסאַ איז צו איהר שטאַרק צוגעשטאַנען, האָט ביטרים אויסגערופען מיט ביטערקייט:

— איך האָב קיין זינד ניט באַגאַנגען, און ווען דאָס וועט פאַסירען א צווייטען מאָל וועל איך טאָן די זעלבע זאַך.

איהר ענטפער האָט טערעסאַ'ן שטאַרק אויפגעבראַכט און זי האָט איהר דערפאַר באַשטראָפט נאָך מעהר. דריי טעג האָט זי איהר קיין אנדערע שפייז ניט געבראַכט אויסער ברויט און וואַסער.

ווען אייניגע וואָכען זיינען פאַראיבער נאָכדעם ווי דער טויט-אורטייל איבער דעם מאַראַנאָ איז דורכגעפיהרט געוואָרען, האָט הערנאַנדאָ דע טעלאַוועראַ גע־קראָגען ערלויבניס פון דער קעניגין צו געהן באַזוכען דעם מאָנאַסטיר.

ארבועז האָט זיך דערפון דערוואוסט, און ער האָט אנגעזאָגט טערעסאַ'ן אז זי זאָל האַלטען ביטרים'ן אין גאַנצען אָפּגעזונדערט פון די איבריגע נאָנעס וועלכע זיינען געווען איינגעשפּאַרט אונטען. און אין פאַל הערנאַנדאָ דע טע־לאַוועראַ וועט אויסדריקען א פערלאַנג צו בעזוכען אויך די נאָנעס וועלכע האָבען זיך פאַרזינדיגט, זאָל זי זעהן אויסמיידען ביטרים'ן.

די אויפזעהערין האָט אויסגעפאָלגט זיין באַפעהל. זי האָט ביטרים'ן איבער־געפיהרט אין דעם לעצטען צימער און אָנגעזאָגט די איבריגע נאָנעס ווי זיך אויפצופיהרען ווען דער קאָנפעסאָר פון דער קעניגין וועט אריינקומען אין מאָ־נאַסטיר. זי האָט זיי פאַרבאָטען פיעל צו ריידען. בלויז צו ענטפערען אויף די פראַגען וואָס ער וועט זיי פרעגען.

יענעם טאָג ווען דע טעלאַוועראַ איז געקומען אין מאָנאַסטיר, האָט ארבועז געהייסען אַלע נאָנעס צוזאַמענקומען אין מאָנאַסטיר פאַר גאָטעס־דינסט. ער האָט פאַר זיי גערעדט און זיי גע'מוסר'ט אז זיי זיינען נישט גענוג פרום. די נאָנעס האָבען געקניהט און איבערגע'צלם'ט זיך און האָבען געוואַרט ביז וואַנען ארבועז וועט זיי באַשפּריצען מיט דעם "הייליגען" וואַסער. ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען, האָט מען איהם אָנגעזאָגט אז דע טעלאַוועראַ איז געקומען.

ארבועז איז איהם אנטקעגען געקומען און האָט איהם פריינדליך באַגריסט אין נאָמען פון אַלע נאָנעס. א קליינע ווייַלע האָבען זייביידע גערעדט. ארבועז האָט זיך אָנגעבאָטען מיט איהם צו געהן איבער דעם גאַנצען מאָנאַסטיר און איהם צו ציינגען וואָס דאָרטען קומט פאָר, אבער דע טעלאַוועראַ האָט איהם בעדאַנקט און מיט אַן אויסרייד אז ער וויל איהם ניט מטריח זיין, האָט ער פערלאַנגט אז די אויפזעהערין פון מאָנאַסטיר זאָל איהם אַלעס צייגען.

טערעסאַ האָט דע טעלאַוועראַ'ן ארומגעפיהרט איבער דעם גאַנצען מאָ־נאַסטיר און איהם אריינגעפיהרט אין יעדען צימער וואו די נאָנעס זיינען געווען. יעדע נאָנע האָט געקושט דעם צלם וואָס איז געווען אין זיין האַנד. און גע־ענטפערט אויף די פראַגען וואָס ער האָט זיי געפרעגט.

ווען זי האָט איהם שוין אָנגעצייגט אויף אַלע נאָנעס, האָט ער טערעסאַ'ן געפרעגט:

— זיינען שוין מעהר קיינע נאָנעס ניטאָ אין מאָנאַסטיר? — האָט דע טעלאַווערא איהר געפרעגט, ווען ער האָט ביטריס'ן נישט באַמערקט דאָרטען.

— המ... ער... יע!... עס זיינען פאַראַן נאָך איינינע, — האָט די אויפזעהערין ארויסגעשטאַמעלט, — אָבער יענע האָבען פאַרזינדיגט און דאַריבער ווערען זיי געהאַלטען אָפּגעזונדערט פאַר איינינע טעג אַלס שטראָף, כדי זייערע זינד זאָלען דורך דעם פאַרגעבען ווערען.

— איך וויל זיי אויך זעהן! — האָט דע טעלאַווערא אויסגערופען.

— גוט, הייליגער פאָטער, איך וועל באַלד מיט זיי אַריינקומען! — האָט טערעסאַ זיך אָפּגערופען, און איהם ויערלאַנגט א שטוהל ער זאָל זיך צוזעצען און אַביסעל וואַרטען.

— און וואו געפינען זיי זיך? — האָט ער געפרעגט.

— זיי געפינען זיך אונטען, אין ואַנצען אָפּגעזונדערט, — האָט זי מיט א לייכטען שמייכעל א זאָג געטהאָן, — דאָס איז די איינציגע שטראָף וואָס א זינדיגע נאָנע קריגט ווען זי פאַרזינדיגט זיך.

— איך וועל מיט דיר אַרונטערגעהן אין זעהן זיי דאָרטען אויף זייערע פּלעצער — האָט דע טעלאַווערא געזאָגט און איז איהר נאָכגעגאַנגען.

טערעסאַ האָט איהם אַרונטערגעפיהרט אונטען און מיט איהם אַריין אין די האַלב־פינסטערע צימערען וואו די פאַרזינדיגטע זיינען געווען.

— און מעהר זיינען שוין דאָ ניטאָ? ! — האָט ער איהר א פרעג געטהאָן.

— ניין! — דאָס זיינע אַלע נאָנעס.

דע טעלאַווערא האָט א ווײַלע אויף איהר געקוקט מיט ערשטוינונג.

— ביזטו זיכער אַז מעהר קיין נאָנעס זיינען שוין דאָ ניטאָ?

— המ... ע... געוויס. — האָט זי געענטפערט און האָט זיך גענומען פאַררויטלען.

— אויב איך מאַך קיין טעות ניט, האָט די קעניגין מיט א קורצע צייט צוריק אַריינגעגעבען אין מאָנאַסטיר ביטריס ענריקעז! — האָט ער א ציה געטהאָן מיט די אַקסלען, — און איך האָב זי אויבען ניט באַמערקט, און יעצט זאָגסטו אַז דאָ געפינט זיך אויך מעהר קיינער ניט? !...

— אַה, יע, ביטריס! — האָט זי זיך אין גאַנצען פאַרלאָרען, און איהר פּנים איז נאָך מעהר רויט געוואָרען, — איך האָב וועגען איהר גאָר פאַרגעסען. יאַ, זי איז אין גאַנצען אָפּגעזונדערט געוואָרען פאַר א פּאָר טעג... וויל... ווייל זי האָט גאָט געלעסטערט.

— ביטריס האָט גאָט געלעסטערט! — האָט ער אויסגערופען, — דאָס איז שרעקליך! זי מוז פאַר דעם שטאַרק באַשטראָפט ווערען!

— יאַ, דער ווידוי־פאָטער אַרבועז האָט אויך בעשטימט אַז זי זאָל בע־שטראָפט ווערען! — האָט די אויפזעהערין פרייער אָפּגעאָטעמט. — און זי וועט שוין מעהר אַזוינס ניט וואַגען צו טהאָן.

— דאָך וואונדערט זיך מיר אויף ביטריס'ן, האָט דע טעלאַווערא געצויגען מיט די אַקסלען, — זי איז אימער געווען גאָטעסאַרכטיג און געהאַרכזאַם, איך קען ניט פאַרשטעהן פאַרוואָס זי זאָל אין מאָנאַסטיר ערגער ווערען! פיהר מיך אַריין

צו איהר און איך וועל אויסגעפינען פארוואָס זי איז באהערשט געוואָרען פון דעם בייזען גייסט.

— זי האָט ניט פארדיענט אז דער הייליגער פאטער זאָל זיך מיט איהר פאראינטערעסירען, — האָט טערעסא געזאָגט.

— דאָך וויל איך זי זעהן. איך וויל מיט איהר אַליין ריידען, פיעלייכט וועט מיר געלינגען צו דערגעהן די ריכטיגע אורזאכע פון איהר זינדיגען געגען גאָט. לעסטערנדיג זיין הייליגען נאמען. זי וועט מיר אַלעס דערצעהלען.

טערעסא איז געבליבען שטעהן באוועגלאָז... אויף דעם האָט זי זיך ניט געריכט. איהר הארץ האָט איהר געקלעמט שרעקען. טאָמער וועט ביטריס נעהמען ריידען... דאן וועט זי איהם אַלעס דערצעהלען . זי האָט איהר אפילו ניט געוואָרנט דאָס זי זאָל ניט ריידען... זי האָט ניט ערוואַרטעט אז דע טעלאוועראַ וועט זי וועלען זעהן... יעצט אבער איז שוין פאַרפאַלען...

ניט ווילענדיג האָט זי איהם צוגעפיהרט צו דעם לעצטען צימער וואו ביטריס איז געווען. זי האָט אויפגעעפענט די טיהר. ביטריס איז געלעגען אויף דעם בעט, איהר קאָפּ צום וואנט, זי האָט געוויינט. דאָס לעבען איז איהר איז גאנצען נמאס געוואָרען... זי האָט שוין קיין האָפנונג ניט געהאט... זי זעהט אז אַלעס ארום איהר איז פאלש... די גייסטליכע אַליין זיינען פול מיט זינד און זיי אונטערדריקען איהרע ברידער, די מאראנען, מעהר אויס קנאה ווי אויס פרומקייט.

א שטראהל ליכטיגקייט האָט זיך אריינגעריסען אין איהר טונקעלען צימער. זי האָט א׳מגעדרעהט איהר קאָפּ און דערזעהען הערנאנדאָ דע טעלאוועראַ. זי האָט זיך שנעל אויפגעשטעלט פון איהר פּלאַץ, און פון גרויס איבערראַשונג איז זי געבליבען שטעהן באוועגלאָז.

— מיך וואונדערט זיך אויף דיר, ביטריס! — האָט ער מיט א בייז־געמאכטע שטימע אויסגערופען, — דו ביזט געווען אזוי פרום און גוט אין פּאלאַץ, און יעצט האָסטו גאָט׳ס נאמען געלעסטערט און דאמיט האָסטו א גרויסע זינד בעגאנגען!

ביטריס האָט איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג. זי האָט קיין וואָרט ניט געקענט ארויסריידען. זי זעהט יעצט אז מען האָט אויף איהר א בלבול געמאכט און ער גלויבט אַלעס וואָס מען האָט איהם וועגען איהר געזאָגט.

— איך בין זעהר נייגעריג צו וויסען די ריכטיגע אורזאכע וואָס עס האָט דיך בעוואָגען צו לעסטערען גאָט... אבער ווי איך פאַרשטעה, ווילסטו ניט ריידען אין דער געגענוואַרט פון דער אויפזעהערין... דאריבער וועל איך פארלאנגען פון איהר זי זאָל אונז אַליין איבערלאָזען און דו וועסט מיר אַלעס דערצעהלען.

טערעסא האָט זיך ניט געמאכט הערענדיג און איז געבליבען שטעהן אין צימער און זיך ניט גערוהרט פון אָרט.

— דו קענסט יעצט פארלאָזען דעם צימער! — האָט דע טעלאוועראַ צו איהר זיך געווענדעט.

— המ... איך... יאַ... איך וויל דעם הייליגען פאטער זאָגען, אז אויסער דעם וואָס ביטריס האָט געזינדיגט, איז זי אויך א גרויסע ליגנעריןֹ... זי רעדט זאכען וואָס זי זעהט בלויז אין איהר פאַרשטעלונגס־קראַפט... און מען דאַרף זי ניט נעהמען ערנסט און ניט גלויבען אַלעס וואָס זי וועט דערצעהלען.

— איך וועל שוין וויסען וואָס צו גלויבען און וואָס ניט! — האָט דע טעלאַווערא אויסגערופען און ברייט אויפגעעפענט די טיהר.

טערעסא האָט עפּעס א מורמעל געטהאָן און איז ארויס פון צימער.

דע טאַלעווארע האָט איהר א ווייליע נאָכגעקוקט און ווען ער האָט געזעהן אז זי האָט דעם קאָרידאָר אין גאַנצען פאַרלאָזען, האָט ער צוגעמאַכט די טיהר און זיך אָפּגערופען צו ביטרים'ן:

— איך זעה אז זיי האָבען אויף דיר א בלבול געמאַכט. אזוי שנעל ווי איך האָב דערזעהן ארבועז'ס צוקראַצטע און צעוואונדעטע פּנים, האָב איך שוין באַגריפען וואָס עס איז פאָרגעקומען. ער האָט איך דעם בעשולדיגט אז אומשול־דיגען מאַראַנא, וועמען די אינקוויזיטאָרען האָבען פאַרברענט... איך האָב אָבער פאַרשטאַנען אלעס... איך האָב גאָרניט געקענט טהאָן דעם אומגליקליכען צו רעטען... אָבער יעצט איז פאַראַן א האָפנונג אז איך וועל האָבען די מעגליכקייט צו פאַראורזאַכען דייז באַפרייאונג פון מאָנאַסטיר... דו דאַרפסט מיר בלויז איבערגעבען אלע איינצעלהייטען. דערצעהל מיר אלעס וואָס עס איז פאָרגעקו־מען מיט ארבועז'ן און דיר, און אויך אלעס וואָס דו האָסט פון די אנדערע נאָנעס געהערט... ווען איך וועל איהם קענען צודריקען צום וואַנט, דאַן וועסטו פון דאַנען באַפרייט ווערען.

ביטרים האָט איהם אלעס דערצעהלט. זי האָט איהם דערצעהלט ווי אזוי ער איז געקומען צו איהר כלומרשט זי זאָל זיך מתודה זיין און ווי אזוי ער האָט זי געוואָלט באַצווינגען, אָבער זי האָט זיך מיט אלע קרעפטען געוועהרט און איהם צובלוטיגט.

— דו ביזט א בראַוועס קינד! — האָט דע טעלאַווערא אויסגערופען, — יעצט וועל איך שוין וויסען ווי אזוי צו ריידען מיט איהם. איך וועל בלויז דאַר־פען האָבען עטוואָס מעהר באַווייזע, און יעצט דערצעהל מיר וואָס דו האָסט פון די אנדערע נאָנעס געהערט, פיעלייכט וועל איך דורך דעם קענען פאַר־שטאַרקען די בעשולדיגונג געגען איהם.

ביטרים האָט איהם דערצעהלט וועגען דער נאָנע, וועלכע איז מיט א קורצע צייט צוריק געשטאָרבען אין דיזען קאָרידאָר, און וואָס זי האָט געהערט אז זי איז געשטאָרבען אין קינד־געבורט און ארבועז איז געווען דער פאַטער פון דעם פאַרשטאָרבענעם קינד.

— דאָס איז גענוג! —האָט זיך דע טעלאַווערא אָפּגערופען, — איך זעה שוין וואָס פאַר א פאַרדאָרבענער מענש ער איז. מיין פאַרדאַכט אויף איהם האָט זיך ארויסגעוויזען צו זיין ריכטיג. בערוהיג זיך, איך וועל שוין זעהן אז דו זאָלסט דאָ לאַנג ניט פאַרבלייבען.

דע טעלאַווערא'ס אויפרעגונג איז געווען גרויס. זיין צאָרן האָט אין איהם געברענט. ער האָט געוואוסט אז ער קען יעצט האָבען גענוג באַווייזע געגען ארבועז'ן אָבער ווען ער זאָל יעצט מאַכען דיזע אויפדעקונגען פון'ם מאָנאַסטיר, וועט ער אויף זיך ציהען דעם צאָרן פון אלע גייסטליכע און איבערהויפּט פון די אינקוויזיטאָרען, וועלכע וועלען זוכען זיך נוקם צו זיין אָן איהם... ניין, ער וועט דאַרפען זעהר פאָרזיכטיג זיין, אָבער סטראַשען דאַמיט ארבועז'ן וועט ער קענען.

ער איז גלייך ארויס פון איהר צימער און ער איז אוועק צו ארבועז'ן, וועל־

כער איז געזעסען אין זיין צימער טויט־בלאַס. ער האָט פאַרשטאַנען אַז ביטריס האָט גערעדט, און ע. האָט בעשלאָסען זיך צו האַלטען פעסט און צוריקשלייד־ערען איהר בעשולדיגונג.

מיט אַן ערנסטען פּנים האָט ער זיך געזעצט נעבען אַרבועז'ן.

— איך ווייס אַלעס! — האָט דע טעלאַווערא אויסגערופען מיט א טרו־קענע שטימע.

— וואָס מיינסטו? — האָט אַרבועז זיך באַמיהט צו האַלטען קאַלטבלוטיג.

— ביטריס האָט מיר אַלעס דערצעהלט! זי האָט מיר געזאָגט אַז דאָס האָט זי דיין פּנים צוגראַבעלט ווייל דו . . .

— זי איז א ליגנערין! זי ליידעט פון א קראַנקהאַפטע פאַרשטעלונגס־קראַפט. קיינער דאַרף איהרע רייד ניט נעהמען ערנסט!

— איך ווייס נאָך מעהר פון דאָס! — איז טעלאַווערא'ס שטימע מעכטי־גער געוואָרען, — איך ווייס אויך פון וואָס די נאָנע איז ניט לאַנג צוריק גע־שטאָרבען. אויב עס וועט נויטיג זיין וועט מען קענען אויפגראָבען דעם קבר.

א קאַלטער שוויס האָט באַדעקט אַרבועז'ס פּנים. עס האָט איהם אָנגעהויבען טרייסלען העגד און פיס. ער האָט געוואוסט אַז אויב מען וועט נעהמען אויפ־גראָבען קברים וועט מען נאָך מעהר דאָרט געפינען.

— איך בעט דיך, הייליגער פאַטער, זיי מיר מוחל... איך האָב געזינדיגט, אָבער עס איז ניט מיין שולד... א שלעכטער גייסט איז איבער מיר געקומען... איך האָב זיך אין גאַנצען פאַרלאָרען... איך בעט דיך גיב מיר ניט אַרויס! איך וועל דיר דיזען חסד קיינמאָל ניט פאַרגעסען. איך וועל טהאָן אַלעס וואָס דו וועסט מיר הייסען... טהו מיט מיר א גנעדיגקייט...

— איך וואָלט דיר שוין די גנעדיגקייט געטהאָן, — האָט דע טעלאַווערא געזאָגט, — אָבער דו ווייסט דאָך אַז ביטריס וועט, זייענדיג אין מאָנאַסטיר, געווים קריגען א געלעגענהייט צו ריידען מיט אימיצען אַנדערש.

— דאָס וועל איך שוין בעזאָרגען! זי וועט מעהר ניט ריידען!

— איך וואָלט דיך געראַטהען אַז דו זאָלסט זעהן צו דערוויטערען ביטריס'ן פון מאָנאַסטיר, ווייל אַזוי לאַנג ווי זי געפינט זיך דאָ וועט זי געווים ריידען.

— זי וועט אָבער נאָך מעהר ריידען אויב זי וועט פון דאַנען באַפרייט ווע־רען, — האָט אַרבועז מיט אַן אומעטיגע אונטערטהעניגע שטימע געזאָגט.

— איך פאַרשטעה אַז ביטריס וויל זעהר פון דאַנען באַפרייט ווערען, און אויב דו וועסט זי באַפרייען מיט דעם באַדינג אַז זי זאָל פאַר קיינעם ניט ריידען, וועט זי דיין באַדינג זיכער ערפילען.

— און וואָס וועל איך טהאָן אויב זי וועט מיר נאַרען און אַזוי שנעל ווי זי וועט פון דאַנען אַרויסקומען וועט זי ריידען?!...

— זי וועט דיר מוזען פאַרשפּרעכען אין מיין געגענוואַרט און איך בין זיכער אַז זי וועט איהר פאַרשפּרעכען האַלטען.

אַרבועז האָט זיך א ווייַלע פאַרטראַכט. זיין פערלעגענהייט איז געוועזען זעהר גרויס. ער זעהט אַז דאָס איז דער איינציגער וועג. אָבער וואָס וועט זיין אַז די קעניגין וועט זיך דערוויסען. מען וועט זי דערזעהן אין סעוויל און נאָכהער איבערגעבען דער קעניגין. וואָס פאַר אַן ערקלעהרונג וועט ער דאַן קענען אָנ־געבען.

ער האָט דיזע מורא אויסגעדריקט פאר דע טעלאַוועראַ'ן.

— זי וועט מוזען באַפרייט ווערען אין אָוועגט, און זי וועט גלייך דארפען פארלאָזען סעוויל, — האָט דע טעלאַוועראַ געזאָגט, — די קעניגין קומט דאך קיינמאָל ניט בעזוכען דעם מאָנאַסטיר און ווען זי וועט מיך פרעגען וועגען ביטרים'ן וועל איך שוין וויסען וואָס צו ריידען.

ארבועז האָט געהייסען טערעסאַ'ן גלייך ארויספיהרען ביטרים'ן. און ווען זי איז מיט איהר אריין אין דעם צימער וואו ער איז געווען מיט טעלאַוועראַ'ן האָט ער צו איהר א וואונק געגעבען און זי איז ארויסגעגאַנגען.

ביטרים איז געשטאַנען ביי דער טיהר איהר קאָפּ ארונטערגעלאָזען.

קום אהער, ביטרים! — האָט זיך טעלאַוועראַ אָנגערופען, — זעץ זיך דאָ אוועק.

ביטרים האָט זיך אוועקגעזעצט.

— דו ווילסט באַפרייט ווערען פון דעם מאָנאַסטיר? — האָט ער איהר ווייטער געפרעגט.

זי האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ אויף יאָ.

— איך האָב נאָר וואָס גערעדט מיט דעם ווידוי פאַטער ארבועז וועגען דיר. ער איז וויליג דיך צו באַפרייען אונטער געוויסע באדינגונגען, — האָט דע טעלאַוועראַ זיך אָפּגערופען, — ערשטענס, מוזטו אונז פארשפּרעכען מיט קיינעם ניט צו ריידען וועגען דעם וואָס דו האָסט מיט מיר גערעדט, און צווייטענס, מוזטו דעם אָוועגט אפרייזען פון סעוויל. און דו וועסט זיך דארפען פארפליכטען זיך ניט צוריקקעהרען אהער פאר א לאַנגע צייט... דאָס וועט אייך זיין פאר דיין אייגענער טובה. שטימסטו איין?

ביטרים האָט איהם אָנגעקוקט מיט שטראַהלענדע אויגען. איז עס מעגליך אז זי וועט באַפרייט ווערען פון מאָנאַסטיר? יאָ, דער גוטער טעלאַוועראַ איז איהר צוהילף געקומען.

— איך פארשפּרעך דאָס צו טהאָן! — האָט זי אויסגערופען, — און איך וועל מיין פארשפּרעכען הייליג האַלטען.

— איך ווייס אז מען קען דיר געטרויען, — האָט טעלאַוועראַ געזאָגט.

ארבועז איז די גאַנצע צייט געזעסען דערשלאָגען און ערנידריגט. ער האָט ניט געקענט קוקען ביטרים'ן אין די אויגען. און אזוי שנעל ווי ער האָט געהערט אז זי שטימט איין האָט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ אָנגעריינגערופען טערעסאַ'ן.

— היינט ביינאַכט פארלאָזט ביטרים דעם מאָנאַסטיר! — האָט ער איהר געזאָגט.

— אָבער?... המ...

— אזוי איז עס! — האָט ארבועז א מאַך געטהאָן מיט דער האַנד, — די איבריגע נאָנעס זאָלסטו דערצעהלען אז ביטרים וועט איבערגעפיהרט ווערען צו א צווייטען מאָנאַסטיר. איך וועל שוין זעהן בעזאָרגען אז א פוהר זאָל וואַרטען אויף איהר אין אָוועגט אזוי שנעל ווי עס וועט טונקעל ווערען.

הערנאַנדאָ דע טעלאַוועראַ האָט געוואַרט אין מאָנאַסטיר ביז דעם אָוועגט. ער האָט ארבועז'ן ניט געטרויט. ער האָט געוואוסט אז די אויפזעהעריז און ער

זיינען פעהיג צו באַגעהן דעם גרעסטען פאַרברעכען, און ווען ער זאָל אוועקגעהן איידער ער וועט אַליין זעהן ווי זי ווערט באַפרייט, קען זיין אַז זיי וועלען איהר שלעכטעס טהאָן.

ווען ס׳האָט אָנגעהויבען טונקעל ווערען איז דע טעלאַוועראַ ארויס פון מאָנאַסטיר און געוואַרט אין דרויסען. דאָרט האָט ער שוין באַמערקט די פוהר. באַלד איז ארויס טערעסאַ און ביטריס. ער איז אויך צוגעגאַנגען צו דער פוהר און ער האָט געהערט ווי טערעסאַ זאָגט אָן דעם פוהרמאַן ער זאָל זי אוועקפיהרען נאָך קאָרדאָווא. נאָכהער האָט זיך ביטריס אַריינגעזעצט אין וואָגען און דער פוהרמאַן האָט אַ טרייב געטהאָן די פערד. די פוהר האָט זיך גערוהרט פון אָרט.

## צוואַנציגסטער קאַפּיטעל

# קאָלאָמבוס און ביטריס

אָפּזייענדיג אַ היבשע צייט אין דעם קלויסטער פון לאַראַבידאַ איז קאָלאָמבוס נאָך שטאַרקער באַפריינדעט געוואָרען מיט דעם מאָנאַך פּערעז, וועלכער האָט זיך ארויסגעצייגט צו זיין אַ געבילדעטער מאַן, וועלכער איז שטאַרק פאַר־אינטערעסירט געוואָרען אין זיין פּלאַן צו געפינען אַ נייעם וועג נאָך אינדיען. פּערעז האָט גענומען פאַראינטערעסירען נאָך איינינע איינפלוסרייכע פריינד דורך וועלכע ער האָט געהאָפט צו קענען באַהילפיג זיין קאָלאָמבוס׳ן, וועל־כער האָט שוין אין גאַנצען געוואָלט פאַרלאָזען שפּאַניען און אוועקגעהן מיט זיינע פּלענער צו דעם קעניג פון פראַנקרייך.

— איך בין זיכער אַז דער קעניג פערדינאַנד און קעניגין איזאַבעלאַ וועלען שענקען אויפמערקזאַמקייט צו דיין פּלאַן און וועלען מעגליך מאַכען אַז דו זאָלסט זיי פאַרווירקליכען, — האָט פּערעז צו איהם געזאָגט, — איך וועל דיר געבען בריעף צו מיינע פריינד, וועלכע קומען אָפט אין באַריהרונג מיט דער קעניגליכער פּאָר און זיי וועלען טהאָן אַלעס וואָס אין זייער מעגליכקייט דיר צו העלפען. לאָז איבער דיין זוהן מיט מיר. איך וועל אויף איהם אַכטונג געבען. איך וועל איהם ערציהען און דו וועסט פריי זיין זיך צו באַוועגען און דורכ־פיהרען דיין פּלאַן.

קאָלאָמבוס האָט צוגעשטימט און האָט פון איהם גענומען בריעף צו פאַר־שידענע חשוב׳ע און גרויסע לייט פון שפּאַניען, אויך אַ בריעף צו איזאַבעלאַ׳ס קאָנפעסאָר הערנאַנדאָ דע טעלאַווערא. ער האָט געקושט זיין זוהן און זיך געזעגענט מיט פּערעץ׳ן און ער האָט פאַרלאָזען לאַראַבידאַ.

פול מיט מוטה און האָפנונג האָט קאָלאָמבוס געריזט נאָך קאָרדאָווא. זיין הארץ האָט אין איהם געפלאַטערט. דאָרטען געפינט זיך זיין מוטער וועמען ער האָט שוין אַזוי פיעל יאָהרען ניט געזעהן... ווי שטאַרק ער האָט נאָך איהר געבענקט... ער האָט זיך גענומען דערמאָהנען פון זיין יוגענד, פון דער צייט ווען ער איז מיט זיין מוטער צוזאַמען געווען, וואָס פאַר אַ ליעבע און צערטליכקייט זי פלעגט צו איהם ארויסצייגען. וויפיעל האָפנונג זי האָט אויף איהם געלעגט ווען ער האָט צום ערשטען מאָל זיין פּלאַן ענטדעקט צו איהר. זי האָט געהאַט אַזוי פיעל צוטרויען צו אַלעס וואָס ער זאָגט איהר און זי האָט איהם זעהר ערמוטיגט, זיינע טרוימען זיינען נאָך ניט פאַרווירקליכט געוואָרען, אָבער ער

וועט איהר צייגען די פיעלע בריעף וואָס ער האָט געקראָגען צו דעם קעניג און קעניגין, ער וועט איהר דערצעהלען ווי אַזוי דער גרויסער פּראָפעסאָר אברהם זאַקוטאָ האָט באַשטעטיגט זיין פּלאַן און אַלעס וואָס ער האָט מיט איהם גערעדט. ווי גליקליך זיין מוטער וועט זיך שעצען, ווען זי וועט עס אַלעס הערען... ער וועט איהר זאָגען, אַז ער ווייס וועגען זיין אָפּשטאַמונג און אַז ער שטאָלצירט דאַמיט. אַז ער נעהמט זיך אונטער צו ענטדעקען אַ נייע לאַנד וואָס וועט זיין אַ מקלט פאַר זיינע פאַרוואָגעלטע ברידער. מיט אַזוינע געדאַנקען איז קאָלאָמבוס אָנגעקומען אין קאָרדאָווא. ער האָט זיך גענומען נאָכפרעגען וועגען זיין מוטער, אָבער קיינער האָט ניט געוואוסט און איהר ניט געקענט. ער איז אויך געווען זיכער אַז זי האָט קאָרדאָווא ניט פאַרלאָזען. אָבער אַזוי ווי זי איז געווען אַן אָרימע פרוי, וועלכע פלעגט שטענדיג זיצען אין הויז, איז זי ניט בעוואוסט געווען.

אַ גאַנצען טאָג האָט זיך קאָלאָמבוס אַרומגעדרעהט אין שטאָדט און ער האָט זיין מוטער ניט געקענט געפינען. ער איז געווען אין גרויס פאַרצווייפלונג. זיין הארץ האָט איהם געשראָקען. מעגליך אַז זי איז געשטאָרבען. ער האָט דאָך פון איהר אַזאַ לאַנגע צייט ניט געהערט. ווער ווייסט פיעלייכט האָט מען זיך דערוואוסט אַז זי איז אַ געהיימע אידין און זי איז אומגעקומען דורך די הענד פון די אינקוויזיטאָרען... אַ שוידער איז דורך זיין קערפּער ווען ער האָט פון דעם אַ טראַכט געטהאָן. ער וועט ניט רוהען ביז וואַנען ער וועט אויסגעפינען וואו זיין מוטער איז און וואָס מיט איהר האָט פּאַסירט.

דער אָוועגט האָט גענומען צופאַלען. ער איז געווען אויסגעמאַטערט. ער האָט די גאַנצע צייט געטראָגען דאָס פּעקעל אויף זיינע פּלייצעס. ער האָט בעשלאָסען ביי קיינעם קיין נאַכטלעגער ניט פאַרלאַנגען ביז וואַנען ער וועט הערען וועגען זיין מוטער. ער האָט יעדען פאַרבייגעהער אָפּגעשטעלט און געפרעגט. ער האָט זיך געשטעלט אין וועג און ווען ער האָט געזעהן אימיצען אַריינקומענדיג אין שטאָדט, איז ער צו יענעם צוגעקומען און געפרעגט. יענער פלעגט אַ קוועטש טהאָן מיט די פּלייצעס און זאָגען אַז ער האָט קיינמאָל פון אַזאַ נאָמען ניט געהערט.

קריסטאָפער קאָלאָמבוס׳עס פאַרצווייפלונג איז גרעסער געוואָרען ווען עס האָט שוין גענומען טונקעל ווערען. ער האָט שוין געהאַט אויפגעגעבען די האָפנונג צו געפינען זיין מוטער אין דעם אָוועגט. ער איז געווען מיעד, הונגעריג און דורשטיג. ער האָט זיך צוגעזעצט אויף דעם פייכטען גראָז און אַרויסגענומען פון זיין פּעקעל עטוואָס שפּייז און אַביסעל וואַסער און גענומען עסען. אַרום איז געווען שטיל, קיין מענשען האָט ער ניט באַמערקט. נאָכדעם ווי ער האָט עפּעס צוגעביסען, האָט ער גענומען איינדרעמלען.

אַ גערויש פון רעדער האָט איהם אויפגעוועקט פון זיין שלאָף. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און גענומען זיך אַרומקוקען. ער האָט באַמערקט אַז פון אויסער דער שטאָדט קומט אָן אַ פוהר.

— געוויס איז עס אַ סוחר, — האָט קאָלאָמבוס געטראַכט, — ער קעהרט זיך אום אין שטאָדט. מעגליך אַז ער האָט געהערט פון זיין מוטער.

ער האָט זיך אויף דעם מיטען וועג געשטעלט און אַ צייכען געגעבען צו דעם מאַן וועלכער האָט די פערד געטריבען. יענער האָט זיך אָפּגעשטעלט, און

קאַלאַמבוס איז צו איהם צוגעגאַנגען און פאַרנויגענדיג זיך פאַר איהם, האָט ער זיך אָפּגערופען:

— ענטשולדיגט מיר, מיין הארר, וואָס איך האָב דיר געשטערט, אָבער זאָג מיר, פיעלייכט האָסטו געהערט פון אַן עלטערער פרוי מיט'ן נאָמען שושנה קאַלאַמבוס, וועלכע האָט פאַר פיעלע יאָהרען געוואָהנט אין קאָרדאָווא?

— איך בין ניט פון קאָרדאָווא! — האָט דער מאַן געענטפערט, — איך קום פון סעוויל.

קאַלאַמבוס האָט זיך נאָך אַמאָל ענטשולדיגט און אַן ענטטוישטער האָט ער זיך צוריקגעקעהרט צו זיין פּלאַץ.

אין יענער פוהר איז עס געזעסען ביטריס ענריקעז. זי האָט באַמערקט אַז אַ פרעמדער מאַן האָט אָפּגעשטעלט די פוהר און עפּעס דעם פוהרמאַן געפרעגט. דורך דעם גאַנצען וועג וואָס זי איז געפאָהרען פון סעוויל נאָך קאָרדאָווא, האָט עטליכע מאָל געטראָפען אַז מען פלעגט דעם פוהרמאַן אָפּשטעלען און עפּעס פרעגען, אָבער ווען זי האָט באַמערקט אין דער טונקעלהייט ווי ער געהט אַוועק אַן ענטטוישטער, האָט זי זיך שוין פאַראינטערעסירט און געפרעגט דעם פוהרמאַן וואָס דער פרעמדער האָט פון איהם פערלאַנגט.

— ער האָט מי' געפרעגט אויב איך קען אַן עלטערע פרוי מיט'ן נאָמען שושנה קאַלאַמבוס!

— שושנה קאַלאַמבוס! — האָט ביטריס אויסגערופען, — שנעלער שטעל אָפּ די פוהר! איך ווייס ווער זי איז, פיעלייכט וועל איך איהם קענען באַהילפיג זיין.

דער פוהרמאַן האָט אָפּגעשטעלט די פערד. ביטריס איז אַרויס פון וואָגען און זיך גענומען אַרומקוקען וואו דער יונגערמאַן געפינט זיך. ווען זי האָט איהם באַמערקט, איז זי שנעל צו איהם צוגעקומען.

— סענאָר, וועסטו פיעלייכט ווידערהאָלען דיין פראַגע צו מיר? — האָט ביטריס זיך צו איהם אָפּגערופען.

קאַלאַמבוס האָט איהר מיט פאַרוואונדערונג אַנגעקוקט. ער איז געוועזען אַזוי איבערראַשט אַז ער האָט אויף אַ ווייל זיך פאַרלאָרען. ער זעהט אַזאַ בעצויבערנדע שעהנהייט לויפט איהם אַנטקעגען. באַלד אָבער איז ער צו זיך געקומען. ער האָט זיך אַ נויג געטהאָן און געזאָגט:

— איך זוך מיין מוטער, איך בין דאָ אַ פרעמדער און שוין דעם גאַנצען טאָג ווי איך פרעג זיך נאָך אויף איהר און קיינער ווייסט נישט ווער זי איז.

— זאָג מיר איהר נאָמען! — האָט ביטריס איהם געזאָגט.

— איהר נאָמען איז שושנה קאַלאַמבוס!

— שושנה קאַלאַמבוס?! — האָט ביטריס אויסגערופען, — ביזטו פיעלייכט איהר זוהן קריסטאָפער?!...

קאַלאַמבוס איז געבליבען שטעהן פאַרוואונדערט.

— קענסטו דען מיין מוטער? — האָט ער מיט אַן איבערראַשענדע שטימע אויסגערופען.

— יאָ, איך האָב דיין מוטער זעהר גוט געקענט, כאָטש איך האָב זי שוין עטליכע יאָהר ניט געזעהן.

— ווייסטו פיעלייכט וואו זי געפינט זיך?
— געוויס ווייס איך! — האָט זי געענטפערט.
— און פון וואנען ווייסטו אז מיין נאָמען איז קריסטאָפער?
— ווייל דיין מוטער האָט שטענדיג גערעדט פון דיר!
— אַה, איך בעט דיך, זאָג מיר וואו זי געפינט זיך, ווייל איך בין שוין זעהר אומגעדולדיג אהין צו געהן.

— די פוהר מיט וועלכע איך פאָהר ועט פארבייפאָהרען איהר הויז.

— איך וועל פּרובירען נאָכהאַלטען נאָך דער פוהר, — האָט קאַלאַמבוס געזאָגט, — דו וועסט מיר טהאָן א געפעליגקייט אויב דו וועסט פון דיין פוהרמאַן פערלאַנגען אז ער זאָל זעהר לאַנגזאַם פאָהרען.

— פארוואָס זאָלסטו זיך ניט אריינזעצען אין דער פוהר? — האָט ביטרים זיך אָפּגערופען, — יעצט אז איך ווייס ווער דו ביזט, האָב איך דאָך ניט וואָס מורא צו האָבען. דיין מוטער איז צו מיר זעהר גנעדיג געוועזן און זי האָט ביי מיר פארדיענט אז איך זאָל איהר בעליעבטסטען זוהן דיזע קליינע געפעליגקייט טהאָן.

קאַלאַמבוס איז געוועזן בערוישט פון גליק. ער איז מיט איהר צוגעגאַנגען צו דער פוהר. און ביטרים האָט ערקלעהרט דעם פוהרמאַן אז זי איז געוועזן זעהר בעפריינדעט מיט דער מוטער פון דיזען יונגען מאַן און אז ער וועט זיך אריינזעצען אין וואָגען און זי וועט איהם שוין זאָגען וואו זיך אָפּצושטעלען.

קאַלאַמבוס איז אריין אין פוהר מיט זיין פּעקעל און זיך געזעצט נעבען ביטרים'ן. דער פוהרמאַן האָט א טרייב געטהאָן די פערד און זיי זיינען ווייטער געפאָהרען.

— זאָג מיר, ווי האָט מיין מוטער אויסגעקוקט דעם לעצטען מאָל וואָס דו האָסט זי געזעהן? — האָט קאַלאַמבוס מיט גרויס נייגעריגקייט איהר געפרעגט.

— זי האָט דאן אויסגעקוקט זעהר גוט! — האָט זי איהם פארזיכערט, — זי איז זעהר ליעבליך און איך פלעג ביי איהר גאַנץ אָפט פארברייינגען. איך ווייס וואָס פאר א גליקליכע איבערראַשונג עס וועט זיין פאר איהר ווען זי וועט דיך זעהן. זי פלעגט ניט אויפהערען צו ריידען פון דיר, און שטענדיג געהאָפט אז דו וועסט קומען זי זעהן.

ווען זיי זיינען אָפּגעפאָהרען א היבשע ווייל האָט זיך ביטרים אָפּגערופען:

— דאָ איז די גאַס וואו דיין מוטער'ס הויז געפינט זיך. באַלד וועלען מיר דאָרט צוקומען. איך האָב פריהער גערעכענט אז ווען איך וועל פארבייפאָהרען איהר הויז וועל איך זיך אָפּשטעלען אויף א ווייל זי צו באַגריסען. אבער יעצט וועסטו איהר איבערגעבען אין מיין נאָמען אז איך וועל מאָרגען צוקומען צו איהר.

— און פארוואָס האָסטו דיין בעשלוס געענדערט? — האָט קאַלאַמבוס איהר געפרעגט.

— ווייל איך ווייס ווי גרויס איהר פרייד וועט זיין ווען זי וועט דיך דער־זעהן און איך גלויב אז עס וועט זיין ראַטהזאַם אז זי זאָל מיט דיר אַליין בלייבען, ווייל א פרעמדע פּערזאָן וועט אין אַזא צייט זיין א שטערונג.

— ניין, איך בעט דיך, ענדער ניט דיין בעשלוס! — האָט ער זיך צו איהר

געוועגדעט, — איך האָב זעהר פיעל דיר דאנקבאר צו זיין און איך ביז זיכער, אז מיין מוטער'ס פרייד וועט דאָפּעלט זיין ווען זי וועט ־דיך דערזעהן, בפרט ווען איך וועל איהר דערצעהלען דעם צופאַל, ווייל אויב ניט דו וואָלט איך דאָך היינט געוויס ניט געהאט די געלעגענהייט זיך צו זעהן מיט מיין מוטער.

— דאָך גלויב איך אז איך וועל אייך ניט שטערען און וועל ערשט מאָרגען צוקומען און באגריסען דיין מוטער מיט איהר וויכטיגען גאסט.

— איך וויים ווי אומגעדולדיג דו ביזט צו זעהן דיינע עלטערען, און דאריבער האָב איך קיין רעכט ניט פון דיר צו בעטען דו זאָלסט פריהער מיין מוטער באגריסען.

— איך האָב ניט קיין עלטערען! — האָט ביטרים טרויעריג געענטפערט.

— דאָס פאָהר איך יעצט צו מיין ערציהעריז. מיינע עלטערען זיינען שוין לאנג טויט.

— איך בעדויער עס זעהר, — האָט קאָלאָמבום געזאָגט, — אָבער אויב אזוי וועל איך פון דיר נאָך אמאָל פארלאנגען דו זאָלסט גלייך בעזוכען מיין מוטער.

— איך וועל דיין פארלאנג ערפילען מיט דעם בעדינג אז דו זאָלסט פריהער אריין אין הויז און איך וועל א קליינע ווייל ווארטען אין דרויסען. און ערשט דאן ווען די ערשטע איבעררא־שענדע באגעגעניש וועט פאָראיבער וועסטו ארויס־קומען און מיך אריינרופען.

— זעהר גוט! — האָט קאָלאָמבום מיט גרוים פרייד געזאָגט.

ער האָט א קלאַפּ געטהאָן אין טיהר און אין א קליינע ווייל האָט זיך די טיהר געעפענט און א פארעלטערטע פרוי מיט א ליכט אין האנד האָט זיך באווי־זען. זי האָט א בליק געטהאָן אויף איהם און באלד האָט זי אויסגעשריען:

— קריסטאָפער, מיין זוהן! . . .

— מיין טהייערע מוטער! — האָט ער א געשריי געטהאָן, און איז איהר געפאלען אויפ'ן האלז.

שושנה האָט געוויינט פון גרוים פרייד. זיי זיינען גלייך אריין אינעווייניג און ערשט דאן האָט זי איהם גענומען האלזען און קושען.

— וואָס מאכסטו מיין זוהן? פון וואַנען קומסטו? — האָט זי איהם גלייך גענומען פארוואָרפען מיט פראגעס.

— איך וועל דיר אלעס באלד דערצעהלען, ליעבע מוטער! — האָט קריס־טאָפער געזאָגט, — אָבער צום ערשטען דערצעהל מיר וועגען זיך. האָסטו גע־הערט פון מיינע ברידער?

— איך האָב ניט לאנג צוריק געהאט א גרוס פון יאקאָבוס, מען האָט מיר איבערגעגעבען אז ער וועט אין גיכען קומען נאָך שפּאניען. אָבער פון בארטאָ־לאמעא האָב איך שוין לאנג ניט געהערט. זעץ זיך, מיין ליעבער זוהן, דו ביזט אַך זעהר מיעד און אויך הונגעריג, איך וועל עפּעס צוגרייטען פאר דיר.

— וואַרט, מוטער! — האָט ער זיך אָפּגערופען, — ווייסטו ווער עס האָט זיך צוגעפיהרט אהער? !... איך האָב ארומגעוואנדערט אויסער דער שטאָדט א היבשע צייט און זיך ביי פיעלע נאכגעפרעגט וועגען דיר, און קיינער האָט ניט געוואוסט ווער דו ביזט. איך האָב שוין געמיינט אז איך וועל שוין זיין גע־צוואונגען צו נעכטיגען אויף דער גאס, און מאָרגען אין דער פריה זיך ארויס

לאָזען וויטער זוכען. אָבער גאָט האָט מיך באַגליקט און אַ יונגע שעהנע מיידעל איז פאַרבייגעפאָהרען אין אַ קאַרעטע, און ווען איך האָב דעם טרייבער פון דער קאַרעטע געפרעגט אויב ער ווייס וואו דו וואָהנסט, האָט זי עס דערהערט, און זי האָט מיר געזאָגט אַז זי קען דיך, און מיך געבעטען אריינזעצען אין קאַרעטע, און האָט געהייסען דעם טרייבער זיך אָפּצושטעלען פאַר דיין הויז. און איך האָב איהר אַ סך דאַנקבאַר צו זיין.

— און ווער איז זי? — האָט שושנה געפרעגט, — זאָל זי זיין געבענשט פון גאָט.

— איהר נאָמען איז ביטריס ענריקעז!

— ביטריס ענריקעז! — האָט שושנה אויסגערופען מיט גרויס איבעררא־שונג, — אַה, גאָט, איז זי באַפרייט פון מאָנאַסטיר! אַה, די אומגליקליכע ביטריס! איך בין אַזוי נייגעריג זי צו זעהן. ווי אַז אייגענע טאָכטער איז זי ביי מיר פאַררעכענט געווען.

— זי וואַרט יעצט אין דרויסען, אָט וועל איך זי אריינרופען! — האָט קריסטאָפער אַ זאָג געטהאָן, — זי האָט ניט געוואָלט גלייך אריינקומען מיט מיר כדי מיר זאָלען אליין בלייבען ביי דער ערשטער באַגעגעניש. און יעצט וועל איך זי אריינרופען.

ער איז ארויס פון הויז און זיך באַלד צוריקגעקעהרט מיט ביטריס׳ן.

מיט גרויס פרייד האָט זי שושנה אויפגענומען. זי האָט זיך מיט איהר צו־קושט.

— איך ווייס, ביטריס, אַז דו האָסט פיעל געליטען דורך דער צייט, דער־צעהל מיר אַלעס וואָס מיט דיר איז פאָרגעקומען.

— דאָס וועל איך מאָרגען טהאָן! — האָט ביטריס געענטפערט, — יעצט האָסטו אַ וויכטיגען גאַסט און ער האָט געוויס אַ סך צו דערצעהלען. איך וועל צופאָהרען צו מיין ערציהערין און דאָרטען בלייבען איבער נאַכט. און מאָרגען אין דער פריה וועל איך אַהער צוקומען.

ביטריס האָט שוין געוואָלט געהן צום טיהר, אָבער שושנה האָט איהר אָפּגעהאַלטען:

— בלייב איבער מיט אונז, ביטריס! — האָט זי זיך אָפּגערופען, — וויל דיין ערציהערין איז שוין מעהר ניטאָ!

— וואָס האָט מיט איהר פּאַסירט?

— עס איז שוין באַלד צוויי יאָהר אַז זי איז טויט.

— זי איז טויט! — האָבען זיך טרעהרען באַוויזען אין ביטריס׳ס אויגען, — יעצט האָב איך קיין פּלאַץ ניט וואוהין צו געהן.

— דו וועסט בלייבען מיט אונז! — האָט שושנה זיך אָפּגערופען, — דו ווייסט דאָך ווי טהייער דו ביזט מיר די גאַנצע צייט געווען, און פאַר איהר טויט האָט מיר דיין ערציהערין אָנגעבעטען אַז ווען דו וועסט זיך צוריקקעהרען אין קאָרדאָווא זאָל איך דיך מקרב זיין.

ביטריס האָט געווישט איהרע טרעהרען. זי האָט זיך פּלוצלונג דערפיהלט אַזוי עלענד, אָבער ווען זי האָט געוואָרפען איהרע בליקען אויף שושנה׳ן און אויף איהר זוהן האָט זי זיך בערוהיגט.

קריסטאָפער און שושנה האָבן זי גענומען שטארק בעטן זי זאָל פערבלייבן מיט זיי און זי האָט זייער איינלאדונג אָנגענומען.

— איך וועל בלויז ארויסגעהן און איבערגעבן דעם פוהרמאן אז ער איז פארטיג מיט זיין שליחות און אז ער קען זיך אומקעהרען נאָך סעוויל.

ביטריס האָט אוועקגעשיקט דעם פוהרמאן און זיך באלד צוריקגעקעהרט. שושנה האָט צוגעגרייט שפייז. זיי האָבן געגעסן, און נאָכ'ן עסן האָט קריסטאָפאָר דערצעהלט פאר זיין מוטער און פאר ביטריס ענריקען אלעס וואָס מיט איהם האָט פאסירט אין פאָרטוגאל, וועגן זיין פערשטאָרבענע פרוי און וועגן זיין זוהן דיעגא וועמען ער האָט איבערגעלאָזען אין דעם קלויסטער פון לא ראבידא.

שושנה האָט געוויינט ווען זי האָט געהערט די טרויעריגע פאסירונג. ביטריס'עס אויגען זיינען אויך אָנגעפילט געוואָרען מיט טרעהרען. זי האָט איהם געטרייסט אז ער וועט נאָך געפינען גליק און אז זיין פלאן וועט אין גיכען פערווירקליכט ווערען.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט — האָט זי זיך אָפּגערופען צו איהם, אז דער קעניג און די קעניגין וועלען זיך צוהערען צו דיינע רייד און וועלען אָננעהמען דיין פלאן. איך בין אָפּגעווען א היבשע צייט אין פאלאץ, און איך ווייס, אז דו וועסט זיין ערפאָלגרייך, איבערהויפּט וועסטו קריגען די שטיצע פון דער קעניגין איזאבעללא.

— יעצט, דערצעהל דו, ביטריס, וואָס מיט דיר האָט פאסירט אין פאלאץ און ווי אזוי מען האָט דיך אריינגעגעבן אין מאָנאסטיר? — האָט שושנה זיך צו איהר אָפּגערופען.

ביטריס האָט א ווייל‍ע געצענערט. עס איז איהר געווען שווער צו ריידען. זי האָט ניט געוואָלט צופיעל ריידען פאר איהר זוהן. זי האָט דאָך געוואוסט, אז שושנה'ס זיהן זיינען ערצויגען געוואָרען אלס קאטוילי‍קען און זיי ווייסען ניט פון זייער אידישער אָפּשטאמונג. ווי אזוי וועט זי דען קענען דערצעהלען ווי אזוי זי איז אוועק צום קעניג'ס פאלאץ מיט דעם צוועק צו העלפען איהרע ברידער. ניין, זי טאָר וועגען דעם אפילו ניט אָנדייטען.

זי האָט דערצעהלט וועגען איהר לעהרער ארבוען וועלכער האָט פעראורזאכט, אז די קעניגין זאָל זי אריינגעבען אין מאָנאסטיר. ווי אזוי זי איז בעפרייט געוואָרען האָט זי דערוויל ניט דערצעהלט. זי האָט געזאָגט, אז דאס וועט זי שפּעטער דערצעהלען.

שושנה האָט אָפּגעגעבען א צימער פאר ביטריס'ן און זי איז אהין אריין זיך אויסצורוהען.

קריסטאָפאָר און זיין מוטער זיינען פערבליבען אליין. ער האָט געזוכט א געלעגענהייט איהר צו זאָגען, אז ער ווייס אלעס. ער האָט זיך אבער געוואונדערט פארוואָס זיין מוטער רעדט מ'ט איהם ניט וועגען דעם. האָט זי דען מורא פאר איהם? האָט זי ניט קיין צוטרויען צו איהם?

— מוטער! — האָט זיך קריסטאָפאָר צו איהם אָפּגערופען נאָכדעם ווי זיי זיינען געבליבען אליין — איך האָב זיך געזעהן מיט אברהם זאקוטא'ן און ער האָט מיר געזאָגט, אז ער איז ביי דיר געווען. איך האָב אויסגעפונען פיעלע

זאכען וועגען זיך... יע, דו דארפסט זיך פון מיר ניט פערבארגען... איך בין יעצט נאָך מעהר שטאָלץ אויף מיין אָפּשטאַמונג.

— מיין זוהן! — האָט שושנה אויסגערופען — דו מוזט יעצט זיין נאָך מעהר פאָרזיכטיג. האָסטו דען ניט געהערט פון דער אינקוויזיציע? ווען אימי־צער זאָל קריגען בלויז א פערדאכט וועגען דעם, דאן וועט דיין גאַנצער פּלאַן ניט פערווירקליכט ווערען און פון אלע דיינע שטרעבונגען וועט גאָר ניט ווערען.

— אברהם זאקוטא האָט מיר אויך וועגען דעם געוואָרענט און ער האָט מיר געזאָגט, אז כדי צו פערווירקליכען מיין פּלאַן, צו געפינען א לאַנד פאַר אונזערע פערוואָגעלטע ברידער, מוז איך בלייבען ביי דער קאטוילישער רעלי־גיע אין וועלכער איך בין ערצויגען געוואָרען, און גאָט וועט מיר מוחל זיין, איך וועל ניט דארפען זיך בעהאַלטען.. און קיינער וועט אויף מיר ניט קענען קומען און זאָגען, אז איך בין ניט געטריי צו דער קריסטליכער רעליגיע.

— זעהר א טרויעריגע צייט איז אויפגעשטאַנען אויף אונזערע ברידער! —האָט שושנה געווישט איהרע אויגען. די גזרה האָט ניט געקענט פערמיטען ווערען. הונדערטע זיינען שוין געפּאַלען קרבנות. די בעסטע און איידעלסטע פון אונזערע ברידער זיינען אומגעקומען אויף דער אויטאָ־דאַ־פע, און יעצט זיי־נען פערשפרייט פיעלע נעצען אויף אונז. די לאַגע פון די אידען איז שוין זייט פיעלע יאָהרען טרויעריג, און איך בין געווען געצוואונגען צו לעבען א פאַלשען לעבען. איך האָב דיך און דיינע ברידער ערצויגען אלס קאטויליקען מיט דער האָפנונג, אז עס וועט קומען א צייט, ווען מיר וועלען שוין מעהר זיך ניט דאַרפען שרעקען... ווען מיר וועלען זיין פריי צו דיענען אונזער גאָט, און דאן, האָב איך געהאָפּט, וועל איך האָבען די מעגליכקייט צו דערצעהלען דיר און דיינע ברידער וועגען אונזער אָפּשטאַמונג, אָבער צום בעדויערען איז די לאַגע געוואָרען נאָך מעהר שוידערליכער און די געפאַהר פון טויט שוועבט איבער אלע מאראנען... קיינער קען ניט זיכער זיין, אויב זיין פריינד פון פריהער וועט ניט פערוואַנדעלט ווערען אין זיין פיינד און אויף איהם מסר'ן און איהם אי־בערגעבען אין די הענט פון די אינקוויזיטאָרען. דעריבער דארפען מיר פון יעצט אָן זיין מעהר פאָרזיכטיג.. מיר טאָרען אפילו אין געהיים ניט אָפּהיטען אידיש־קייט, ווייל מיר קענען געשטרויכעלט ווערען. עס איז א הייליגע פליכט פון יעדען מאראנא צו ראטעווען זיין לעבען און די לעבענס פון אלע זיינע נאָ־הענטע... ער טאָר מעהר ניט ריזיקירען און גאָט וועט איהם מוחל זיין... ניט נאָר דארף יעדער זעהן, אז קיין חשד זאָל אויף איהם ניט פאַלען אז אין געהיים היט ער אָפּ אידישקייט, נאָר ער טאָר וועגען דעם ניט ריידען צו זיינע אייגענע קינדער... דער פאַל פון דיעגא דע שושאַן און זיין טאָכטער לא פערמאסא פעמ־ברא, האָט בעוויזען אז די מאראנען דארפען צייטוויליג אין גאַנצען אויפגעבען צו דינען דעם גאָט פון ישראל אין געהיים ביז וואַנען גאָט וועט זיך איבער אונז מרחם זיין.

— אזוי האָט מיר אברהם זאקוטא אָנגעזאָגט — האָט קריסטאָפאָר קאָ־לאָמבוס זיך אָפּגערופען — ער האָט מיר געזאָגט, אז כאָטש איך וועל זיין דער שליח פון גאָט און ערפילען מיין פליכט צו מיינע ברידער, דארף איך פארבלייבען א ריינער קאטויליק, כדי צו האָבען די מעגליכקייטען צו העלפען אלע מיינע

ברידער. ווייל אויב מיר וועט געלינגען צו ענטדעקען א נייע לאנד, וואו די אידען וואלטען קענען געפינען א רוהע פלאץ, וואו זייערע לעבענס און האב און גוטס וועט געזיכערט זיין, וועלען מיר דארט אלע קענען דינען גאט אומ געשטערט...

— הלואי, מיין זוהן, זאלען דיינע פלענער דורכגעפיהרט ווערען און די זאלסט ברענגען א ישועה אויף אונזערע אומגליקליכע ברידער. איך ווייס אז אברהם זאקוטא איז אן עהרליכער מאן און אויף זיינע רייד קען מען בויען..

— ער האט מיר באוויזען אז דער גרויסער נביא ישעיה האט נביאות געזאגט וועגען דעם און ער האט מיר געזאגט, אז איך בין באשטימט פון גאט דורכצופיהרען ישעיה'ס נבואה.

— גאט ווייס אויב איך וועל דערלעבען דאס צו זעהן מיט מיינע אויגען

— האט שושנה א זיפץ געטהאן, — אבער ווען איך ווייסען אז דו ביזט ערפאלג רייך און אז אונזערע ברידער וועלען פריהער אדער שפעטער קענען פארלאזען דיעזען גיהנום און אויסוואנדערען אין דעם נייעם לאנד וואס דו וועסט פאר זיי ענטדעקען, וועל איך רוהיג קענען שטארבען.

— מוטער, דו האסט מיר געזאגט אז איך מוז זעהר פארזיכטיג זיין. אבער אויך דו דארפסט זיך אפהיטען אז קיינער זאל ניט אויסגעפינען וועגען דיין אפשטאמונג — האט קריסטאפאר געזאגט — און איצט זאג מיר, צי ווייס ווער עס איז אין קארדאווא וועגען אונז?

— קיינער ווייסט ניט! אין אלעמענס אויגען בין איך פאררעכענט פאר א קריסטין און זינט די אינקוויזיציע איז אריין אין קראפט, האב איך אויפ געגעבען אפצוהיטען אידישקייט אויך אין געהיים. דו זעהסט אט דעם צלם — איך טראג איהם שטענדיג. איך הייץ מיין אויווען אום שבת, כדי עס זאל אויף מיר ניט פאלען קיין חשד, אז איך היט אפ שבת. בלויז אין מיין הארצען בין איך געטריי צו מיין גאט און ביינאכט, איידער איך געה שלאפען, בין איך אין מיין הארצען מתפלל צו גאט, ער זאל מיר מוחל זיין. וויטער ווייסט קיינער ניט אויסער..

— אויסער וועמען?

— אויסער ביטריס ענריקעז!

— וואס?! — האט קריסטאפאר מיט פארוואונדערונג אויסגערופען — ביטריס ענריקעז ווייסט אונזער געהיימניס?

— יא, זי ווייסט! אבער דו האסט ניט וואס מורא צו האבען פאר איהר.. זי איז ביי מיר ווי אן אייגענע טאכטער געווען פאררעכענט און אונזער געהיימ ניס וועט שטענדיג בלייבען פארזיגעלט אין איהר הארצען.

— אבער, מוטער, דארף מען זיך דען ניט היטען פאר אייגענע קינדער? קענסטו דען באהויפטען, אז א ריינע קאטוליקין זאל ווייסען פון אונזער גע־היימניס?

אויף שושנה'ס ליפען האט זיך באוויזען א שמייכעל.

— מיין זוהן, אויך איך ווייס איהר געהיימניס! — האט זי א שאקעל געטהאן מיט איהר קאפ.

— איז זי אויך איינע פון אונזערע?

— איך ווייס ניט אויב איך האב א רעכט צו דערצעהלען דיר אלעס.

אָבער אַזוי ווי זאַקוטאַ האָט דיר אַלעס ענטדעקט און ער איז געקומען צו מיר דורך ביטריס'ן.

קריסטאָפאָר קאָלאָמבוס'עס נייגעריגקייט איז גרעסער געוואָרען. מיט בעטענדע בליקען, אַז זי זאָל איהם אַלעס דערצעהלען, האָט ער געקוקט אויף זיין מוטער.

שושנה האָט איהם אַלעס דערצעהלט. זי האָט איהם דערצעהלט וועגען ביטריס'עס עלטערען, וועלכע זיינען גע'רודפ'ט געוואָרען צוליעב דעם וואָס זיי זיינען געווען מאַראַנען. ווי אַזוי איהר פאָטער איז געשטאָרבען אין זאַקוטאַ'ס הויז, נאָכדעם ווי ער איז געצוואונגען געוואָרען צו אַנטלויפען פון קאָרדאָווא. ווי אַזוי ביטריס איז ערצויגען געוואָרען אַלס קאַטוילִיקין און זי האָט ניט געוואוסט פון איהר אָפּשטאַמונג, ביז וואַנען אַבְרָהם זאַקוטאַ און דאָן יצחק אַבּאַרבּאַנעל זיינען געקומען און איהר אַלעס ענטדעקט.

— יאָ, זיי האָבען געלעגט גרויסע האָפנונגען אויף ביטריס'ן — האָט שושנה א זיפץ געטהאָן — ווייל ביטריס שטאַמט פון דעם קעניג פערדינאַנד'ס משפחה, און זיי האָבען געהאָפט, אַז ווען זי וועט זיין אין קעניגליכען פאַלאַץ וועט איהר ביסלעכווייז געלינגען צו ווירקען אויף דעם קעניג, ער זאָל צוריק־ציהען זיין שרעקליכע גזירה פון דער אינקוויזיציע.. אָבער פון זייער האָפנונג איז גאָרנישט געוואָרען. איזאַבעלאַ און פערדינאַנד זיינען בעאיינפלוסט געוואָרען פון זייערע מאָנאַכען און ביטריס איז גאָר אַריינגעגעבען געוואָרען אין מאָנאַסטיר... דאָס איבעריגע האָסטו דאָך אַליין געהערט פון ביטריס'עס מויל.. זי האָט זיך גענוג אָנגעליטען ביז וואַנען איהר איז געלונגען זיך צו באַפרייען פון מאָנאַסטיר.

קריסטאָפאָר האָט פּלוצלונג דערפיהלט אַזאַ נאָהענטקייט צו ביטריס'ן... ווען ער האָט זי צום ערשטען מאָל דערזעהן איז ער פאַר'כשופ'ט געוואָרען פון איהר שעהנקייט, אָבער זי איז געווען אַזוי ווייט און פרעמד פון איהם. יעצט האָט ער דערפיהלט אַז זי איז איהם אַזוי נאָהענט און טייער. ער האָט קוים זיך דערוואַרט דעם פריהמאָרגען, ווען ער וועט קענען זי ווידער זעהן און ריידען צו איהם. זיין האַרץ האָט צו איהר געצויגען, ווי ער וואָלט זי שוין געקענט פון פיעלע יאָהרען. ער האָט זיך דערמאָהנט ווי אַזוי זי איז צו איהם צוגע־קומען אויפ'ן וועג און זיך אין איהם פאַראינטערעסירט צו העלפען אין נויט. ווי נאָבעל און גוטהערציג זי איז... ער האָט פּלוצלונג דערפיהלט אַז ער איז אין איהר פאַרליעבט... זי וועט זיין א ליכטיגער שטערן אין זיין פינסטערען וועג... באַלד אָבער האָט זיך א טרויער אין איהם פאַר'גנב'עט... ווי אַזוי קומט ער צו איהר. זי איז אַזוי יונג און בעצויבערנד שעהן. זי שטאַמט פון דער קעניגליכער משפחה, און ווער איז ער? — אַן אומבאַוואוסטער מאַטראָז. וועלכער האָט חלומות, וועלכע וועלען פיליכט קיינמאָל ניט פאַרווירקליכט ווערען... ער איז אַן אַלמן און א פאָטער פון א זוהן... ער איז געווען זיכער. אַז ער האָט ניט קיין רעכט צו טראַכטען פון איהר, אָבער זיין האַרץ האָט איהם געצויגען... ער האָט זי ליעב באַקומען, און ער איז געגרייט צו טהאָן אַלעס פאַר איהר. קיין זאַך וועט איהם ניט צו שווער זיין... ער וועט אפילו אויפ־געבען אַלע זיינע פּלענער, אויב זי וועט עס פון איהם פאַרלאַנגען... ער האָט דערפיהלט, אַז אַלעס וואָס ער האָט אַזוי פיעל געטראַכט און געטרוימט איז

אומוויכטיג און נישטיג געגען זיין ליעבע פאר ביטריס'ן... באלד איז איהם אָבער אויף דעם געדאנק ארויפגעקומען די רייד פון זאקוטא, וועלכער האָט איהם געזאָגט, אז אויף איהם איז געפאלען דער גורל צו זיין דער שליח פון די פארוואָגעלטע אידען, אז ער וועט ענטדעקען א נייעס לאנד, וואָס וועט ווערען א מקלט פאר די גע'רודפ'טע אידען... ער זעהט דאָך ווי זיי ווערען גערריקט... ווי די מאראַנען ווערען געפייניגט און נאכהעם פארברענט אויף דער אויטאָ־דע־פע. ניין, קיין זאך טאָר איז זיין וועג ניט שטעהן. עס שטעהט איהם פאָר צו טהאָן א זאך, וואָס איז וויכטיגער פון זיינע אייגענע פארלאנגען און געפיהלען...

ווען ער האָט אין דער פריה דערזעהן ביטריס'ן און מיט איהר גערעדט, איז זיין ליעבע צו איהר נאָך שטארקער געוואָרען. ער האָט פאר איהר אַלעס ענטדעקט. ער האָט איהר דערצעהלט וועגען אלע זיינע פּלענער און זיינע חלומות.

ביטריס איז זעהר באגייסטערט געוואָרען פאר זיינע רייד. ער האָט איהר גלייך ניט געוואָלט זאָגען, אז ער ווייסט פון איהר אָפּשטאמונג. ער האָט מיט איהר פארבראַכט און זיי האָבען פון אלעס גערעדט, אָבער ניט פון זייער אָפּשטאמונג. מיט יעדען טאָג איז די פריינדשאפט צווישען קריסטאָפאר קאָ־לאָמבוס און ביטריס ענריקעז געוואקסען, ביז וואנען עס איז פארוואנדעלט גע־וואָרען אין א פלאַם־פייערדיגער ליעבע...

אין איין שעהנעם אָוועגט, ווען זיי האָבעןביידע ארומגעשפּאצירט הינטער דער שטאָדט קאָרדאָווא, האָט ער פאר איהר זיין הארץ אויסגעגאָסען. ער האָט איהר געזאָגט ווי שטארק ער האָט זי ליעב און אז ער איז גרייט אלעס אויפצו־געבען, אום צו זיין שטענדיג מיט איהר...

— איך וויים, אז איך בין ניט ווירדיג אפילו צו טראכטען פון דיר, אָבער מיין הארץ געהערט צו דיר, און איך האָף אויך אז אין דיין הארץ האָב איך געפונען א פּלאַץ — האָט ער געזאָגט אָננעהמענדיג איהר האנד.

ביטריס האָט א לייכטען ציטער געטהאָן. זי זעהט פאר זיך דעם שעהנעם העלדישען קריסטאָפאר, וועלכער שרעקט זיך פאר קיין זאך ניט, וועלכער איז גרייט צו רייזען דורך אומבאוואוסטע ימים אום צו דערגרייכען זיין ציעל. זי אכטעט איהם און שעצט איהם... זי האָט איהם אויך שטארק ליעב, אָבער וועט זי דען ניט זיין א שטערונג צו איהם? וועט זי דען קענען דערלאָזען, אז ער זאָל צוליעב איהר אויפגעבען זיינע פּלענער. זי איז זיכער, אז ער וועט זיין ציעל דערגרייכען, ווייל ער באזיצט א שאטרקע אונטערנעהמונגס קראפט. און ווען ער זאָל נאָר קריגען אביסעל דערמונטערונג, וועט ער זיך פאר קיין זאך ניט אָפּשטעלען.

— איך וויים, קריסטאָפאר, אז דו האָסט א הייליגע שליחות אין דיין לעבען צו ערפילען און קיינער טאָר אין דיין וועג ניט שטעהן — האָט ביטריס זיך אָפּגערופען — עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז דו וועסט דיין ציעל דערגרייכען.

— מיין ליעב צו דיר שטייגט אריבער אלעס אין דער וועלט, און בלויז דאָן, אז איך וועל וויסען אז איך האָב דיין הארץ געוואונען, וועל איך קענען

מאַכען אַזאַ אונטערנעהמונג... ווייל מיין גאַנצער לעבען איז ווערטהלאָז אָהן דיין ליעבע.

— אונזער ליעבע טאָר אָבער קיינמאָל קיין שטערונג ניט זיין צו דיינע פּלענער, וועגען וואָס דו האָסט דיין גאַנצען לעבען גע'חלומ'ט — האָט ביטריס געזאָגט — איך ווייס, אַז ווען דו האָסט געהייראַט מיט פיליפּאַ מאָניז ביזטו געווען געצוואונגען אויפצוגעבען אַלע דיינע פּלענער, ווייל דו האָסט אויף זיך גענומען דעם יאָך פון אַ משפּחה און דו האָסט געדאַרפט זאָרגען וועגען פּרנסה... ניין, קריסטאָפער, דו טאָרסט דיזען טעות ניט ווידערהאָלען. דו מוזט פריי זיין, כדי צו האָבען די מעגליכקייט צו פאַרווירקליכען אַלע דיינע שטרעבונגען... ווייל דאָס וואָס דו ווילסט זיך אונטערנעהמען צו טהאָן איז פון גרויס וויבטיגקייט, און אויב דיר וועט עס געלינגען, וועסטו ברענגען נוצען פאַר דער גאַנצער וועלט און אויך פיעל גליק פאַר די אומגליקליכע פאַרוואָגעלטע אידען...

קאָלאָמבוס האָט זי דורכגעדרונגען מיט זיינע בליקען. זי פאַרשטעהט אַז ער ווייסט פון איהר אָפּשטאַמונג און זי האָט קיין פורכט ניט מיט איהם צו ריידען וועגען אידען... איז דען דאָס אַליין ניט קיין צייכען, אַז זי האָט צו איהם דעם גרעסטען צוטרויען? און זי האָט איהם אויך ליעב!

— איך גלויב אַז יעצט איז די צייט, אַז מיר ביידע קענען ריידען גאַנץ אָפען... מיר האָבען זיך ניט וואָס צו שרעקען.

ביטריס האָט זיך ארומגעקוקט אויב עס איז ארום ניטאָ קיין פרעמדער, און זי האָט מיט אַ שטילער שטימע געזאָגט:

מיר האָבען זיך ניט וואָס צו שרעקען איינס פאַר'ן צווייטען. אָבער מיר מוזען זעהר פאָרזיכטיג זיין, אַז קיין פרעמדער זאָל אונז ניט הערען, ווייל אין דיזער שרעקליכער צייט, וואָלט עס אויף אונז געבראַכט דעם גרעסטען אומגליק... דו האָסט געוויס געהערט וואָס עס האָט פּאַסירט אין סעוויל, ווי אַזוי די רייכסטע און חשוב'סטע משפּחה פון גאַנץ שפּאַניען איז פאַראומגליקט געוואָרען דורך דעם וואָס זיי זיינען זעהר ניט פאָרזיכטיג געווען אפילו מיט זייער אייגענער טאָכטער.

— יאָ, איך האָב געהערט פון יענער שוידערליכער טראַגעדיע! — האָט קאָלאָמבוס מיט אַ טרויעריגער שטימע געזאָגט — דאָס איז דאָך די משפּחה פון דיעגאָ דע שושאַן...

— איידער איך בין פאַרגעבראַכט געוואָרען בעפאָר דעם קעניג און דער קעניגין, האָב איך אין זייער הויז פאַרבראַכט איינינע טעג. איך האָב זיך גוט באַפריינדעט מיט די פאַרמאָסאַ'ן סעמברא און איך וואָלט קיינמאָל ניט געקענט גלויבען, אַז זי זאָל זיין פעהיג צו טהאָן אַזאַ זאַך... זי איז געווען שרעקליך פאַרליעבט, און דורך איהר ליעבע האָט זי אויף אַלעמען אַזאַ אומגליק געבראַכט. זי האָט פאַרראַטען איהרע אייגענע עלטערן, און נאָכהער האָט איהר געליעבטער זי אַליין פאַרראַטהען... זי איז אריינגעגעבען געוואָרען אין אַ מאָנאַסטיר און איז געריהרט געוואָרען פון זינען.

— און וואָס איז פון איהר געוואָרען?

— איך האָב פון איהר מעהר ניט געהערט. פאַרשידענע קלאַנגען זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען אין מאָנאַסטיר וועגען לאַ פערמאָסאַ'ן. איינינע האָבען

געזאָגט, אַז זי איז געוואָרען אַן אויסגעלאָסענע פרוי. אָבער איך צווייפעל אויב די קלאַנגען זיינען אויף עפּעס באַגרינדעט.

— אין אַזאַ שווידערליכע צייט וואָלט געווען ראַטהזאַם פאַר אַלע מאַראַנען, אַז זיי זאָלען אויפהערען אַפּצוהיטען אידישקייט אפילו אין געהיים, ווייל פריהער אָדער שפּעטער וועט זיך געפינען אימיצער, וועלכער וועט אויסגעפינען וועגען דעם און ער וועט זיי פאַר׳מסר׳ען. מיר אַליין האָט זאַקוטאַ געראַטהען צו פאַרבלייבען אַ געטרייער קאַטאָליק, און ווען איך בין מתפּלל, זאָל איך אין מיין הארצען אין זינען האָבען דעם גאָט פון ישראל... ער האָט מיר געזאָגט, אַז אויף מיר טאָר קיין מאָל דער מינדסטער חשד ניט פאַלען, אַז איך שטאַם אפילו פון אידען, ווייל דאַס וואָלט אַלע מיינע פּלענער צו נישט געמאַכט.

— דאָס זעלבע האָבען זאַקוטאַ און אַבאַרבאַנעל מיר אויך אָנגעזאָגט — האָט ביטרים זיך אָפּגערופען — און כאָטש איך ווייס פון מיין אָפּשטאַמונג און די פיעלע ליידען און רדיפות וואָס מיינע עלטערען איז אויסגעקומען דורכצומאַכען, האָב איך זיי אויסגעפאָלגט. איך האָב פריהער געהאָפט אַז איך וועל קענען ברענגען אַ פאַרלייכטערונג צו מיינע ברידער, אָבער אַלעס איז געווען אומזיסט. דורך דער צייט האָב איך פיעל געלערענט. איך האָב געזעהן ווי פאַלש און מאַראַליש געזונקען עס זיינען פיעלע פון די מאַנאַכען, וועלכע זיינען גרייט צו ברייגנען אויפ׳ן אוטאָ־דע־פע אַזעלכע, וועלכע גלויבען אַנדערש ווי זיי. זיי רעדען אין נאָמען פון גאָט און זיי טהוען אָפּ די שענדליכסטע און שרעקליכסטע מעשים. דאָס אַליין האָט מיר איבערצייגט, אַז די ריכטיגע אמונה איז צו באַזיצען אַ ריינע עהרליכע הארץ און דאַן מאַכט ניט אויס ווי אַזוי מען דיענט גאָט...

— איך ווייס, אַז דיר איז אויסגעקומען פיעל צו ליידען אין מאַנאַסטיר — האָט קאָלאָמבוס זיך אָפּגערופען — און איך וואונדער זיך נאָך יעצט, ווי אַזוי דיר איז געלונגען זיך פון דאָרטען צו באַפרייען. דו האָסט מיר די איינצעלהייטען ניט דערצעהלט.

— די איינצעלהייטען זיינען זעהר מיאוס און שרעקליך — האָט ביטרים געזאָגט — איך וועל דיר עס אַמאָל דערצעהלען, און דאַן בין איך זיכער, אַז דו וועסט אויך ניט האָבען קיין געהויבענע מיינונג וועגען די מאַנאַכען און פּריעסטען. איך זאָג ניט אַז אַלע זיינען פאַרדאָרבען. עס זיינען געווים פאַראַן זעהר פיעל ערנסטע און עהרליכע. אָבער איין זאַך בין איך זיכער, אַז די אַלע, וועלכע זיינען בלוט־דורשטיג, וועלכע זיינען גרייט צו ברענען מענשען ווייל זיי גלויבען אַנדערש, זיינען פאַרדאָרבען, פאַלש און טיעף געזונקען מאַראַליש. זיי זוכען בלויז צו באַפרידיגען זייערע היה׳שע אינסטינקטען, זיי ווילען שטילען זייער בלוט־דורשטיגקייט און דעריבער האָבען זיי אָנגעטהאָן אַ מאַסקע פון פרומקייט און דורך דעם שטילען זיי זייער ליידענשאַפט... זיי זיינען אמת׳ע רוצחים, וועלכע באַגעהען זייערע פאַרברעכענס אין נאָמען פון גאָט. די אַלע אינקוויזיטאָרען, וועלכע פּייניגען זייערע אומגליקליכע קרבנות, זיינען די נידעריגסטע ברואים, זיי נוצען אויס יעזוס׳ן כדי צו רעכטפאַרטיגען זייערע שווידערליכע מעשים.

— דאָס איז ריכטיג! — האָט קאָלאָמבוס געענטפערט — דער וועלכער איז פרום מיט׳ן גאַנצען הארצען ראַזיצט אַ נאָבעלע נשמה, אַזאַ מענש וועט ניט

פאַראורזאַכען די ליידען פון אַ צווייטען. ער וועט זוכען איהם צו בעאיינ־פלוסען מיט צאַרטע ווייכע רייד, אָבער ניט אַרויפצווינגען זיין מיינונג אויף דעם צווייטען. דער „גייסטליכער פּערעץ, ביי וועמען איך האָב איבערגעלאָזט מיין זוהן, באַזיצט נאָבעלע נשמה. איך האָב פון איהם קיין שלעכטען וואָרט ניט געהערט וועגען די אידען און וועגען די מאַראַנען. איך בין זיכער אַז זיין האַרץ טהוט איהם וועה פאַר די אומגליקליכע מאַראַנען, וועלכע זיינען געפאַלען קרבנות פון די גרויזאַמע הענט פון די אינקוויזיטאָרען.

— דאָך האָבען זיי אַלע עהרליכע גייסטליכע בעדאַרפט אויפהויבען זייער שטימע געגען דער אינקוויזיציע! — האָט ביטריס געזאָגט.

— זעהר ווינציג וואָלטען זיי געקענט אויפטהאָן! — האָט קריסטאָפאָר געזאָגט — ווייל דער המון איז שטענדיג מיט די פינסטערע און פאַנאַטישע גייסטליכע. אפילו דער קעניג און די קעניגין האָבען זיך אויך געלאָזט בעאיינפלוסט ווערען פון יענע מאָנאַכען, וועלכע לעכצען נאָך אידיש בלוט.

— איך וויים גאַנץ גוט די אורזאַכען, פאַרוואָס דער קעניג האָט צוגע־שטימט צו דער אינקוויזיציע — האָט ביטריס געזאָגט — איך בין לאַנג גענוג געווען אין פּאַלאַץ אויסצוגעפינען די ריכטיגע אורזאַכע. פערדינאַנד האָט עס געטהאָן, ווייל ער האָט אין דעם געפונען אַ מיטעל, ווי אַזוי אַרויסצוקריגען דעם גאַנצען רייכען פאַרמעגען פון די מאַראַנען. די אינקוויזיציע איז פאַר איהם אַ גוטער אויסרייד, ער זאָל קענען אָנפילען זיינע אוצרות מיט גאָלד... אָבער דאָס איז נאָך ניט די איינציגע סיבה . . . איך בין זיכער, אַז דאָס וואָס זיין עלטער־באָבע איז געווען פון אידישער אָפּשטאַמונג האָט געהאַט אַ סך צו טהאָן, וואָס ער איז געווען אַזוי נייגעריג איינצופיהרען די אינקוויזיציע. דערמיט האָט ער געוואָלט, איינמאָל פאַר אַלע מאָל, אָפּוואַשען דעם "פלעק" פון זיין משפחה. דורך דעם וועט ער דאָך פאַררעכענט ווערען ביי אַלע גייסטליכע אַלס דער העכסטער קאַטוילישער קעניג פון שפּאַניען. די קעניגין אַליין איז דאָך פריהער געווען געגען דער אינקוויזיציע און עס האָט געדויערט אַ היבשע צייט ביז וואַנען זי האָט צוגעשטימט.

— איך האָב געהערט, אַז די מאַראַנען האָבען איהם אָנגעבאָטען גרויסע סומען געלד, אַז ער זאָל די גזירה מבטל זיין, אָבער ער האָט ניט געוואָלט.

— פאַר וואָס זאָל ער דאָס טהאָן? דאָס געלד וועט דאָך פריהער אָדער שפּעטער אַלץ איינגם אַריינפאַלען צו איהם. אָבער ווען ער וואָלט אָנגענומען זייער אָנבאָט, וואָלטען די גייסטליכע ניט געווען צופרידען און ער וואָלט פון זיי ניט געאַכטעט געוואָרען... יעצט אָבער האָט ער באַקומען די רייכטימער פון די מאַראַנען און צו דערצועלבער צייט האָט ער זיך ערוואָרבען אַ נאָמען אַלס דער פרומסטער קאַטוילישער קעניג פון שפּאַניען.

— איך וועל זיך אין גיכען דאַרפען זעהן מיט דעם קעניג. איך האָב בריעף צו פיעלע פון די גייסטליכע וועלכע רינגלען אַרום די קעניגליכע פּאָר. איך וועל דאַרפען פאַרברייננגען מיינע פּלענער פאַר זיי און קריגען זייער שטיצע, — האָט קאָלאָמבוס געזאָגט.

— צו וועמען האָסטו דיינע בריעף? — האָט ביטריס איהם געפרעגט, — איך האָב אַ בריעף צו הערנאַנדאָ דע טעלאַווועראַ. מען האָט מיר געזאָגט אַז ער איבט אויס זעהר אַ גרויסען איינפלוס אויף דער קעניגליכער פּאָר.

— יא, דאָס איז ריכטיג! דערצו איז ער א וואונדערבארער מענש. ער בעזיצט א נאָבעלע נשמה. ער האָט געטהאָן אלעס וואָס נאָר מעגליך כדי צו פארמיידען די אינקוויזיציע, אָבער ער איז געווען דער איינציגער און האָט גאָרניט געקענט אויפטהאָן. און יעצט קען איך דיר זאָגען, אז ער איז געווען דער יעניגער וועלכער האָט פאראורזאכט מיין באפרייאונג פון מאָנאסטיר.

ביטרים האָט איהם יעצט דערצעהלט ווי אזוי זי איז באפרייט געוואָרען פון מאָנאסטיר. זי האָט איהם דערצעהלט פון דעם וידוי פאטער פעדרא ארבועז, און דאָס בלוט האָט אין קריסטאָפאָר'ן געזאָדען פון אויפרעגונג.

— אזא מענש טאָר ניט ארומגעהן אונבעשטראָפט! — האָט ער אויס־גערופען מיט צאָרן, — מען האָט בעדארפט פו: איהם ארונטעררייסען זיין מאסקע און זאָל דער קעניג זעהן ווער זיינע ה'יליג' זיינען.

— דער קעניג אליין איז ווייט פון צו זיין א צדיק. אפילו ווען מען זאָל עפענען זיינע אויגען און איהם איבערציייגען ווי פאלש און פארדאָרבען די אלע אנהייגגער פון דער אינקוויזיציע זיינען, וועט ער זיינע אויגען צוריק פארמאכען... איך בין יעצט איבערצייגט נאָך מעהר ווי פריהער, אז מיט דעם ארויסגעבען די שוידערליכע גזרה פון דער אינקוויזיציע האָט ער אין זינען געהאט בלויז איין זאך — און דאָס איז דאָס געלד פון די רייכע מאראנען! און ווען מען זאָל איהם קומען דערצעהלען וועגען די שענדליכע מעשים פון זיינע גייסטליכע און די אינקוויזיטאָרען, וועט ער ניט גלויבען, ווייל אזוי וועט זיך איהם דאָס לוינען. אפילו ווען מען זאָל דעם קעניג און דער קעניגין באווייזען די קברים, וועט שוין טערעסאַ געפינען אן אויסרייד, און די איבריגע גייסטליכע, וועלכע בעזוכען דעם מאָנאסטיר גאנץ אָפט וועלען באשטעטיגען ארבועז'ם רייד און זיי וועלען זיין א סך מעהר באגלויבט. און דער וועלכער וועט זיך אונטער־נעהמען אלעס צו ענטדעקען וועט זיין דער ליידענדער. דאריבער האָב איך אויס־געפונען אז די בעסטע זאך איז שווייגען... לאָמיר האָפען אז גאָט אין הימעל, וועלכער זעהט און ווייס אלעס, וועט ווען־עס־איז בעצאָהלען די רשעים לויט זייער ווירדע. מיר האָט דע טעלאווערא געזאָגט אז די זינדיגע און אומגערעכטע וועלען פריהער אָדער שפּעטער בעשטראָפט ווערען.

— יא, אָבער דערווייל ווערען אזוי פיעל אומשולדיגע נפשות אומגע־בראכט, — האָט קאָלאָמבוס טרויעריג געזאָגט, — אזעלכע נאָבעלע און טהייערע מענשען ווי דיעגאָ דע שושאַן און זיין משפחה, און די פיעלע אנדערע איידעלע גוט־הערציגע מאראנען וועלכע זיינען געווען דער שטאָלץ פון שפּאניען, יעצט זיינען זיי אלע פאראורטיילט צום אונטערגאנג. אָה, זעהר א שוידערליכע צייט איז אָנגעקומען פאר אונזערע ברידער אין שפּאניען. זאקוטא איז גערעכט! עס איז קיין אנדער אויסוועג פאר זיי ניטאָ ווי אויסצואוואנדערען.

— עס איז ניטאָ קיין איין לאנד אויף דער וועלט וואו די אידען ליידען ניט. אומעטום דריקט מען און מ'פּיעניגט דעם אידען, מען פארפאָלגט איהם פאר זיין רעליגיע און אפילו די וועלכע גיבען אויף זייער רעליגיע ווערען פאר־דעכטיגט און מען רודפ'ט זיי נאָך מעהר. יא, דאָס איינציגע מיטעל איז צו ענטדעקען א נייעס לאנד וואו די אידען וועלען געניסען פון אלע פרייהייטען, און איך ווייס, קריסטאָפאָר, אז דו וועסט באַגליקען אין דיין אונטערנעהמונג.

זאקוטא איז גערעכט, גאָט האָט דיך פאר זיין שליח געשיקט דו זאָלסט ראטעווען דיינע אומגליקליכע ברידער פון אונטערגאנג.

— און גאָט האָט דיך געשיקט מיר צו געבען מוטה און בעגייסטערונג פאר מיין אונטערנעהמונג! — האָט קריסטאָפאָר געזאָגט, — די קורצע צייט וואָס איך האָב דאָס גליק געהאט דיך צו קענען, האָב איך זיך אין גאנצען געענדערט. פריהער האָב איך אליין גאנץ אָפט געצווייפעלט אין מיין אונטערנעהמונג, יעצט בין איך זיכער אז איך וועל זיין ערפאָלגרייך.

ביטריס האָט א שמייכעל געטהאָן.

— און איך האָב מורא אז איך זאָל צו דיר קיין שטערונג ניט זיין! — האָט זי זיך אָפּגערופען, — אָבער איך טאָר ניט זיין עגאָאיסטיש. דו האָסט א הייליגע פליכט און דו מוזט עס דורכפיהרען. איך ווייס וואָס פאר א ריזיקאַ־לישע אונטערנעהמונג דאָס איז... דו שטעלסט דייז לעבען אין געפאהר... זעהר ווייניג מענשען וואָלטען געוואגט צו מאכען אזא שריט. דו ביזט בראוו און מוטיג... זאָל דיך גאָט באקליגען... איך וועל די גאנצע צייט מתפלל זיין צו גאָט ער זאָל דיר מצליח זיין. דו זאָלסט האָבען ערפאָלג אין דיין אונטערנעהמונג, און דאמיט ברייננען א ישועה פאר אונזערע פארוואָגלטע ברידער.

קאָלאָמבוס האָט אויף איהר געקוקט מיט דאנקבארע אויגען.

— איך בין איבערצייגט אז יעצט וועל איך זיכער זיין ערפאָלגרייך! — האָט ער געזאָגט אָננעהמענדיג איהר האנד — דיינע רייד האָבען מיר נאָך מעהר מוטה געגעבען. איך פיהל זיך זעהר גליקליך אז איך האָב זיך מיט דיר געטראָפען, דאָס איז א צייכען אז גאָט איז מיט מיר און מיין אונטערנעהמונג וועט געקרוינט ווערען מיט ערפאָלג.

## איין-און-צוואנציגטער קאַפּיטעל

נאכדעם ווי פּעדרא ארבועז האָט געזעהן אז הערנאַנדאָ דע טעלאַוועראַ ווייס פון אלע זיינע שעדלליכע מעשים אין מאָנאסטיר, איז ער זעהר אומרוהיג געוואָרען. ער האָט זיך גענומען שרעקען פיעלייכט וועט ער דערצעהלען דעם קעניג אָדער די קעניגין וועגען דעם, און דאן איז ער פארלאָרען. ווען מען זאָל מאכען אן אויספאָרשונג וועלען די נאָנעס געוויס אָנהויבען צו ריידען, און דאן וועט מען מעגליך אָנהויבען אויסצוגראָבען... א שוידער איז דורך זיין לייב ווען ער האָט פון דעם געטראכט. כאָטש דע טעלאַווערא האָט איהם דאָן, ווען ער האָט אוועקגעשיקט ביטריס'ן פון מאָנאסטיר, פארשפּראָכען אז ער וועט קיינעם גאָרניט דערצעהלען, פון דעסטוועגען האָט איהם דאָס הארץ געשראָקען.

זייט דאן האָט ער אויסגעמידען אריינצוגעהן אין די צימערען פון די נאָנעס זיי זאָלען זיך פאר איהם מתודה זיין... ער איז ארומגעגאנגען טרויעריג און פארזאָרגט.

טערעסא האָט איהם גענומען טרייסטען:

— דו האָסט גאָרניט וואָס מורא צו האָבען! — האָט זי איהם איינמאָל געזאָגט, — ווי איך פארשטעה איז דע טעלאַווערא געווען זעהר פאראינטערע־סירט אז ביטריס זאָל באפרייט ווערען פון מאָנאסטיר. און יעצט אז ער האָט אויסגעפיהרט אז זי זאָל אוועקגעשיקט ווערען פון דאנען, איז ער צופרידען און ער וועט זיכער וועגען דעם מעהר ניט וועלען ריידען... שטעל זיך פאר אז

ווען ער זאָל דערצעהלען וועגען דיין אויפפיהרונג, וועט מען איהם דאָך פרעגען פון וואנען ער וויים דאָס, וועט ער דאָך זיין געצוואונגען צו זאָגען אז דאָס האָט איהם ביטריס דערצעהלט, און דאַן וועט מען דאָך אויסגעפינען אז ער האָט א טייל אין דעם וואָס מען האָט זי אוועקגעשיקט פון דאנען.

— שוין עטליכע נעכט ווי מיין שלאָף איז פון מיר גערויבט געוואָרען, — האָט ארבוען זיך באַקלאָגט פאַר איהר — ביטריס איז אין מיינע הענד געווען און איך האָב זי פאַרלאָרען.

— די בעסטע זאַך פאַר דיר וואָלט געווען, ווען דו וועסט זי אין גאַנצען פאַרגעסען ! — האָט איהם טערעסא געראַטהען, — צווישען די נייע אָנגעקומענע נאָנעס געפינען זיך גאַנץ שעהנע און יונגע מיידלעך און צוליעב ביטריס'ן האָסטו זיי ניט באַמערקט. פאָלג מיך, טהו אָפּ דיין טרויער און נעהם זיך ניט צום האַר־צען דאָס וואָס עס האָט פּאַסירט.

— איך זעה אַז אין מאָנאַסטיר איז מעהר פאַר מיר קיין פּלאַץ ניטאָ !

— האָט ארבוען טרויעריג א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ — אזוי לאַנג ווי איזאבעלא'ס קאָנפעסאָר וויים פון פיעלע פון מיינע סודות, וועט ער שוין האַלטען אַן אָפענע אויג אויף מיר. פאַר מיר אי פאַרבליבען בלויז איין וועג : אין גאַנצען צו פאַרלאָזען סעוויל.

— וואָס רעדסטו, הייליגער פאַטער ! — האָט טערעסא אויסגערופען, — פאַרוואָס זאָלסטו אין גאַנצען וועלען פאַרלאָזען סעוויל ? דו זעהסט דאָך אז דיין פריינד אלאָנזאָ דע אָיעדא האָט זיך ניט דערשראָקען, דאָס וואָס די נאָנע האָט איהם דערקענט אלס דער פאָטער פון איהר קינד, און ער האָט נאָך דערצו געקראָגען א וויכטיגע שטעלע אלס איינער פון די הויפּט אינקוויזיטאָרען אין סעוויל.

ארבוען האָט א ווײַלע א טראַכט געטהאָן און נאָכהער אויסגערופען :

— אין סעוויל איז פאַר מיר מעהר קיין פּלאַץ ניטאָ ! אָבער איך שווער ביי יעזוס'ן אז איך וועל זיך זעטיגען מיט דעם בלוט פון די פאַרפלוכטע מאראנען אין אנדערע שטעדט. די אינקוויזיציע איז נאָך ניט איינגעפיהרט אין אלע שטעדט פון שפּאניען. איך וועל בעטען מיין פריינד אָיעדא'ן ער זאָל זיך זעהן משתדל זיין פאַר מיר, די קעניגין זאָל מיך בעשטימען פאַר דעם הויפּט אינקוויזיטאָר פון א צווייטער גרויסער שטאָדט. איך וויים אז זיינע רייד האָבען א גרויסע ווירקונג אויף דעם קעניג און קעניגין, און מיין איינציגע טרייסט און צופריּ־דענהייט וועט זיין ווען איך וועל קענען שטילען מיין דורשט מיט די בלוט פון די מאראנען.

דעם זעלבען טאָג האָט זיך ארבוען געזעהן מיט זיין פריינד אָיעדא, וועל־כער איז בעוואוסט געוואָרען אלס דער אינקוויזיטאָר דורך וועמעס הענד הונ־דערטער מאראנען זיינען אומגעקומען.

— איך בין צו דיר געקומען דו זאָלסט מיר טהאָן א טובה ! — האָט זיך ארבוען אפּגערופען צו איהם. ווען זיי זיינען ביידע אליין געבליבען.

— דו ווייסט דאָך אז קיין זאַך וועט פאַר מיר נישט צו שווער זיין צו טהאָן פאַר דיר ! — האָט איהם אָיעדא געענטפערט, — איך וועל דיין חסד וואָס דו האָסט מיט מיר געטהאָן קיינמאָל ניט פאַרגעסען.

— יא, דו האָסט מעהר גליק פון מיר ! — האָט ארבוען געזאָגט מיט אַן

אומעטיגע שטימע — ווען די נאַנע האָט דיך דערקענט, האָסטו געהאַט אַ גוטען פריינד וועלכער זאָל דיר אַ טובה טהאָן. איך האָב פון איהר ארויסגעקראָגען אַ שבועה אז זי זאָל פאַר קיינעם ניט ריידען. אָבער איך האָב ניט קיין פריינד וועלכע זאָלען עפּעס פאַר מיר טהאָן.

— וואָס רעדסטו, פעדראַ ארבועז! — האָט איעדאַ זיין האַנד ארויפּגעלייגט אויף זיין פּליצע, — האָב איך דען דיר ניט ארויסגעהאָלפען אַז די שעהנע ביטריס, וועמען דו האָסט אזוי ליעב געהאַט, זאָל אריינגעגעבען ווערען אין מאַנאַסטיר?!...

— אַה, רייד מעהר ניט וועגען איהר! — האָט ארבועז אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד, — די עראינערונגען פאַרשאַפען מיר בלויז יסורים און אנגסטען.

— וואָס האָט פאַסירט? קענסטו זי דען ניט בעאיינפלוסען?

— דו ביזט מיין איינציגער פריינד, און פאַר דיר מעג איך אַלעס דערצעהלען, איך וויים אַז דו וועסט וויסען ווי צו האַלטען מיינע סודות אזוי ווי איך האָב ביז איצט געוואוסט צו האַלטען דיינע געהיימנים. זיי וויסען, אַז ביטריס איז שוין מעהר ניטאָ אין מאַנאַסטיר!

אַלאַנזאָ האָט איהם אַנגעקוקט מיט ערשטוינונג, און ארבועז האָט איהם אַלעס דערצעהלט. ער האָט איהם דערצעהלט ווי אזוי דע טעלאַוועראַ איז געקומען אין מאַנאַסטיר און פון ביטריס'ן אויסגעפונען וועגען אַ נאַנע וועלכע איז צופעליג געשטאָרבען. זי האָט איהם אויך אנדערע זאַכען וועגען מיר דערצעהלט, און דע טעלאַוועראַ האָט מיך געצוואונגען איך זאָל ביטריס'ן אין גאַנצען פון מאַנאַסטיר באַפרייען.

— און דו האָסט איהם געפאָלגט?

— איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט. איך בין אויך יעצט ביי איהם אין די הענד. ווען ער זאָל ענטדעקען אַלעס וואָס ער וויים וועגען מיר, דאַן בין איך אויף אייביג אומגליקליך.

— וואַרט, איך וועל נאָך אין איהם זעהן נקמה! — האָט איעדאַ זיך אָפּגערופען, — מיין מאַכט ווערט וואָס ווייטער גרעסער, די קעניגליכע פאַר האַלטען זעהר פון מיר און מיין וואָרט איז ביי זיי הייליג.

— אויך פאַר מיר האָט די קעניגין גרויס אכטונג. אָבער שטעל זיך פאָר ווען זי זאָל זיך דערוויסען וואָס עס איז פאָרגעקומען אין מאַנאַסטיר. וועל איך דאַן אין גאַנצען מיין חן פאַרלירען אין איהרע אויגען... און... ווען די קעניגין אָדער דער קעניג זאָל אויסגעפינען וועגען דיר און דער נאַנע, וועסטו זיכער פאַרלירען דיין וויכטיגען אַמט. אָבער דער אונטערשיעד צווישען מיר און דיר איז, וואָס דיין סוד וויים דיין גוטער פריינד און מיין סוד וויים מיינער אַ שונא.

— זאָרג ניט, איך וועל שוין זעהן אַז דע טעלאַוועראַ זאָל קריגען אַ מפּלה... ווי איך האָב זיך דערוואוסט פליסט אין זיינע אָדערען אידיש בלוט... זיינע אַן עלטער באָבע האָט געשטאַמט פון אידען.

— פון וואַנען ווייסטו עס? — האָט ארבועז געפרעגט, און זיינע אויגען האָבען אויפגעלויכטען.

— עס איז פון מיר קיין פאַרבאָרגענעס ניטאָ! — האָט איעדאַ אַ שמייכעל געטהאָן, — דאָס האָב איך שוין לאַנג געוואוסט.

— אויב אזוי קען מען דאָך זעהר גרינג פון איהם פּטור ווערען ! — האָט ארבועז אויסגערופען מיט פרייד אין זיין שטימע.

— ניט אזוי גרינג ווי דו מיינסט ! דו דאַרפסט ניט פארגעסען אז אויך דעם קעניגס עלטער־באָבע איז געווען א אידישע און דורכדעם איז דע טעלאַ־ווערא געזיכערט אז מען וועט איהם ניט אויפוואַרפען דיזען חטא, אָבער דו קענסט זיך אויף מיר פארלאָזען... איך גראָב שוין פון לאַנג אויף איהם א גרוב.

— אָה, ווען ער וואָלט אָפּגעראַמט ווערען פון וועג, וואָלט איך זיך א סך גרינגער געפיהלט, — האָט ארבועז א זיפץ געטהאָן, — אָבער אזוי לאַנג ווי ער לעבט און געפינט זיך אין פּאַלאַץ, בין איך אין גרויס געפאהר. איך טאָר דאָ מעהר ניט פארבלייבען אין סעוויל און איך בין געקומען דו זאָלסט מיר ארויס־העלפען.

— איך וועל טהאָן אַלעס וואָס דו ווערסט פון מיר פערלאַנגען, אויב איך וועל נאָר די מעגליכקייט האָבען.

— איך וויל פארלאָזען סעוויל און אזוי ווי איך ווייס אז ניט אומעטום אין שפּאַניען איז די אינקוויזיציע איינגעפיהרט, וואָלט איך וועלען אז דו זאָלסט בעאיינפלוסען די קעניגין זי זאָל מיך בעשטימען אלס הויפּט אינקוויזיטאָר אין איינער פון די גרויסע שטעדט.

— דו ביזט געקומען אין דער ריכטיגער צייט ! — האָט איזעדא אויסגע־רופען מיט א פרעהליכע שטימע, — איך האָב ערשט נעכטען גערעדט מיט דער קעניגליכער פּאָר וועגען דער שטאָדט סאראגאָסא. פון יענער שטאָדט קומען אָן בעריכטען וועגען פיעלע מאַראַנען וואָס ווערען שטארק פארדעכטיגט. און דער קעניג האָט גלייך בעשטימט אויך דאָרטען איינצופיהרען די אינקוויזיציע. די קעניגין האָט מיך געפרעגט וועמען איך רעקאָמענדיר אלס די הויפּט אינקוויזי־טאָרען, האָב איך געזאָגט אז גאספּאַר יוגלאַר, מיין פריינד, וואָלט זעהר געפּאַסט פאר דיזען אמט. און דעם צווייטען האָב איך רעקאָמענדירט דאָן מארטין, דעם זוהן פון סאַן מארטין. איך האָב די גאַנצע צייט וועגען דיר געטראַכט, אָבער איך האָב געמיינט אז דו ווערסט ניט וועלען פארלאָזען סעוויל און דעם מאָנאַסטיר.

— אָבער יעצט איז דאָך שוין פארפאַלען ! — האָט ארבועז געזאָגט מיט א יאוש׳דיגע שטימע.

— וואַרט, עס איז נאָך ניט צו שפּעט ! — האָט איזעדא אויסגערופען, — דאָן מארטין איז נאָך צו יונג צו האַלטען אזא וויכטיגען און פאראַנטוואָרטליכען אמט. איך וועל נאָך היינט זיין ביי דעם קעניג און איהם זאָגען אז איך האָב זיך ארומגעזעהן און דאָן מארטין איז צו יונג און איך וועל דאָן דיר רעקאָמענדירען. עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אז דער קעניג און קעניגין וועלען צושטימען דערצו.

— אויב דיר וועט געלינגען עס פאר מיר צו טהאָן, וועל איך אָט די טובה קיינמאָל ניט פארגעסען, — האָט ארבועז געזאָגט, — איך בין געווען אין סאראַ־גאָסא. זי איז ווירקליך א גרויסע שטאָדט און איך בין דאָרטען בעקאַנט מיט פיעלע מענשען. איך שווער דיר ביי דער הייליגער מוטער מאריא, אז איך וועל אויסרייניגען סאראגאָסא פון אלע אומריינע אידען, מאראַנען, און אנדערע אומגלויביגע.

— איך ווייס אז מען קען זיך אויף דיר פארלאזען! — האט איעדרא איהם געזאגט, — און איך וועל זיך נאך היינט דורכריידען וועגען דיר מיט דעם קעניג.

— און האסטו דען ניט געזאגט דאן מארטין וועגען דיין רעקאמענדאציע?

— יא, איך האב עס איבערגעגעבען צו זיין פאטער, סאן מארטין, און איך בין זיכער אז ער וועט זיין אויף מיר אין כעס פאר דעם. אבער איצט האב איך פאר איהם קיין מורא ניט. איך בין מעהר השוב אין די אויגען פון דעם קעניג, און ער ווייס דאס גאנץ גוט. ווען ניט איך, וואלט זיין זוהן דאן מארטין זיכער געהייראט מיט לא פערמאסא פעמברא. איך האב אבער איהם פון דעם פארהיט.

— וואס איז געווארען פון לא פערמאסא פעמברא? — האט ארבועז איהם געפרעגט.

— זאל דאס ווערען פון אלע טעכטער פון די מאראנען און די אידען וואס עס איז געווארען פון איהר! — האט איעדרא זיך אפגערופען מיט א צופרידענעם שמייכעל, — זינט דעם טאג ווען מען האט איהרע עלטערען פארברענט אויף דעם אויטא־דע־פע, האט מען זי באמערקט אויפ'ן גאס. זי איז געריהרט געווארען פון זינען און יעצט איז זי אין גאנצען געווארען אן אויסגעלאסענע פרוי... קיין שפור איז פון איהר אמאליגער שעהנקייט ניט פארבליבען. די קללה פון גאט האט זיך אויף איהר אויסגעגאסען, כאטש דאן מארטין פארזיכערט מיר, אז זי איז געוועזען אין גאנצען אומשולדיג. זי האט די גאנצע צייט ניט געוואוסט אז איהרע עלטערען זיינען פארמאסקירטע קריסטען. זי איז געוועזען א פרומע און געטרייע קאטאליקין.

— נו, דערפאר קומט זי אפ אויף דער וועלט פאר איהרע עלטערן'ס זינד. אבער זי וועט גלייך ארייגעהן אין גן עדן.

— נו, דאס איז דאך אויך די פליכט פון די אינקוויזיטארען צו זעהן אז יעדער זינדיגער זאל נאך זיין טויט אריין אין גן עדן. צוליעב דעם האט מען דאך איינגעפיהרט די אינקוויזיציע און דעם אויטא־דע־פע.

— איך פארזיכער דיר, אז איך וועל זעהן אז אלע מאראנען פון סאראגאסא זאלען אפקומען פאר זייערע זינד כדי זיי זאלען ניט דארפען לײדען אויף יענער וועלט.

— איך האב לאנג געטראכט פון דיר, אז דו וועסט זיין אן אויסגעצייכענטער אינקוויזיטאר. איך ווינש דיר אז דו זאלסט זיין ערפאלגרייך און ראטעווען אזוי פיעל נשמות ווי איך האב עס געטהאן אין סעוויל.

— איך וועל זיך שעצען גליקליך אז איך וועל קענען פארלאזען סעוויל און פארגעסען אן אלעם. איך ווייס אז די בלוט פון די אידען וועט שטילען מיין דורשט און מיך בערוהיגען... איך האב שוין לאנג געטרוימט פון מאכט, ווען איך וועל קענען דורכפיהרען מיינע נקמה־געפיהלען אויף די פערהאסטע אידען.

— און אין גיכען וועט דיין חלום פארווירקליכט ווערען! דו וועסט קריגען גענוג מאכט צו קענען טהאן מיט יעדען מאראנא אין סאראגאסא וואס דו וועסט וועלען.

---

דעם זעלבען טאג האט זיך אלאנזא דע איעדרא געזעהן מיט דער קעניגין.

— איך בין געקומען, הייליגע קעניגין, מיט א וויכטיגע שליחות, — האט

ער געזאָגט ווען ער איז אין טראָהן־צימער אריין, — דורך מיין גוטהייסונג האָט דער קעניג בעשטימט צוויי אינקוויזיטאָרען פאר סאראגאָסא. אבער לעצטע נאכט האָט זיך צו מיר א מלאך אין חלום באוויזען און מיר געזאָגט, אז גאָט איז אונצופרידען מיט דעם וואָס דער יונגער דאָן מארטין איז בעשטימט געוואָרען צו זיין איינער פון די הויפט־אינקוויזיטאָרען. אמת, ער איז גאָטס־פאָרכטיג און איז ווירדיג צו האלטען אזא הייליגען אמט, אבער ער איז נאָך צו יונג. און ווען איך האָב דעם מלאך אין מיין חלום געפרעגט ווער עס זאָל אויף זיין פלאַץ בעשטימט ווערען, האָט ער מיר געזאָגט אז אין סעוויל געפינט זיך דער הייליגער וידוי־פאטער פעדרא ארבועז. איך האָב זיך גלייך פון מיין שלאָף אויפגעכאַפּט און די גאנצע נאכט געטראכט פון ארבועז'ן. ער איז מיר געקומען אויפ'ן געדאנק אז ער איז דער פאסענדסטער אינקוויזיטאָר פאר סאראגאָסא.

— ביזטו זיכער אז ארבועז וועט וועלען פארלאָזען סעוויל און דעם מאָנאסטיר? — האָט די קעניגין געפרעגט.

— איך האָב זיך מיט איהם גלייך געזעהן, און צו מיין גרויסער פרייד האָט ער צוגעשטימט. יעצט זעה איך אז די אינקוויזיציע טריבונע פון סאראגאָסא וועט זיין אין גוטע הענד.

די קעניגין האָט גלייך געשיקט רופען פעדרא ארבועז'ן און איהם געזאָגט אז זי בעשטימט איהם פאר דעם הויפט־אינקוויזיטאָר פון סאראגאָסא, און זי גיט איהם די פולע מאכט צו טהאָן דאָרטען וואָס איהם געפעלט.

ארבועז איז געפאלען אויף די קני און בעדאנקט דער קעניגין.

— איך וועל דיענען גאָט מיט אלע מיינע קרעפטען. איך וועל זעהן אויסצוּוואָרצלען אלע אומגלויביגע און פאלשע קריסטען. זייער סוף איז געקומען! אונזער לאנד וועט אויסגערייניגט ווערען פון די זינדיגע, און דאן וועט גאָט שיקען די הילף צו אונזער קעניג.

— יא, איך וויל אז אלע הייליגע זאָלען מתפלל זיין פאר דעם וואוילזיין פון אונזער לאנד! — האָט די קעניגין צוגעגעבען, — מיר זיינען שוין גרייט אָנצופאַנגען די מלחמה מיט די מורען פאר גראנאדא. דאָס גאנצע געלד וואָס דער קעניג האָט קאָנפיסקירט פון די רייכע מאראנען וועט זיין גענוג דערוויילע. און אויב דאָס וועט ניט קלעקען, פארמאָגט שפאניען גאנץ רייכע אידען.

— יא, די אומווירדיגע אידען זיינען רייך געוואָרען אין שפאניען. פאר פיעלע יאָהרען האָבען זיי אלע פריויהייטען געהאט, זיי האָבען אויסגעזויגען דאָס בלוט פון די שפאניער און יעצט דארף מען זיי לאָזען פיהלען דעם רוט פון גאָט'ס צאָרן. איך האָף אז נאָכדעם ווי אונזער הייליג לאנד וועט פטור ווערען פון די מאראנען, זאָל מען זיך דאן נעמען צו די אידען. אונזער לאַנד איז קיין פלאַץ ניט פאר די אידען.

— איך האָב שוין וועגען דעם איינינע מאָל גערעדט מיט דעם קעניג. ער האלט אויך אז עס וואָלט געווען א סך בעסער פאר אונזער לאנד ווען מיר טרייבען ארויס די אידען פון דאנען... איך האָב איהם אבער דערפון אפגערעדט... קיינער קען דאָך ניט פארלייקענען אז די אידען האָבען זעהר פיעל בייגעטראָגען צו דער אויפבליהונג פון אונזער לאַנד.

— די קעניגין וועט מיר ענטשולדיגען ווען איך וועל באהויפטען אז אהן

די אידען וואָלט אונזער לאַנד א סך בעסער געווען. זיי נעהמען צו מעהר ווי זייביישטייערען, און עס איז ניט כדאי זיי איבערצולאָזען אין שפּאניען.

— וועגען דעם וועלען מיר זיך נאָך בעראטהען, — האָט די קעניגין געזאָגט, — דערווייל דארפען מיר קאָנצענטרירען אונזערע קרעפטען געגען די פאַלשע קריסטען.

— פון מיינע הענד וועט קיינער ניט ענטרונען ווערען! — האָט ארבועז אויסגערופען, — איך וועל יעדען איינעם, אויף וועמען עס וועט פאלען דער מינדעסטער פארדאכט, ברייגען צו דער טריבונע פון דער אינקוויזיציע און מאכען אז ער זאָל זיך מודה זיין און ערשט דאן וועט ער ברענען אויף דעם אויטאָ־דע־פע.

דער קעניג און די קעניגין האָבען גלייך אוועקגעשיקט א בריעף צו דעם גובערנאטאָר פון סאראגאָסא און איבערגעגעבען אז אין גיכען וועט דאָרטען איינגעפיהרט ווערען די אינקוויזיציע, און אז ער זאָל צוגרייטען א שעהנע אויפנאהמע פאר די צוויי הויפּט אינקוויזיטאָרען וועלכע וועלען אין גיכען געשיקט ווערען נאָך סאראגאָסא.

---

ווען סאַן מארטען האָט זיך דערוואוסט אז אלאָנזאָ דע איעדא האָט פאַראורזאכט אז זיין זוהן'ס אמט זאָל אָפּגעגעבען ווערען צו ארבועז'ן, האָט ער געברענט פון צאָרן.

— איך וועל זיך נאָך מיט איהם אָפּרעכענען פאַר דעם! — האָט ער געזאָגט צו דאָן מארטין, — ער שאצט ניט אָפּ די אלע טובות וואָס איך האָב מיט איהם געטהאָן.

— און וואו וואָלט ער יעצט געווען ווען איך געפין ניט אויס די גאנצע געהיימניס פון די מאראנען? די טריבונע פון דער אינקוויזיציע וואָלט די גאנצע צייט קיין ארבייט ניט געהאט, ווייל דיעגאָ דע שושאן און די אַנדערע וואָלטען מיט דער מאכט פון זייער רייכטום קיינמאָל ניט דערלאָזען אז מען זאָל אָנריהרען די רייכע און חשוב'ע מאראנען.

— יא, אָט דער איעדא איז זעהר אן אונדאנקבארער נפש! — האָט סאַן מארטין ווייטער געזאָגט, — אָבער איך וועל זיך מיט איהם אָפּרעכענען. איך וויים אז יעצט איז ער זעהר געאכטעט און געשעצט אין די אויגען פון דעם קעניג און קעניגין, אָבער עס וועט קומען א צייט און איך וועל זיך קענען אויסגלייכען מיט איהם.

— איך האָב א פּלאַן! — האָט דאָן מארטין אויסגערופען, — און אויב דאָס וועט מיר געלינגען וועט זיין נאָמען ווערען צו שאַנד און צו שפּאָט.

— וואָס קענסטו דען טהאָן צו איהם?

— דו ווייסט דאָך אז לא פערמאָסא פעמברא איז געוואָרען אן אויסגעלאָסענע פרוי... יעצט איז זי כמעט ביי איהר פולען פארשטאנד... איך האָב זיך מיט איהר געזעהן...

— וואָס, דו האָסט פארבראכט מיט אָט דער שמוציגער פרוי? — האָט סאַן מארטין אויסגערופען מיט צאָרן.

— אָה, ניין, פאטער, איך האָב זיך צופעליג מיט איהר געטראָפען. איך

בין דורכגעגאַנגען דורך דעם קליינעם וועלדעל, דערזעה איך ווי זי זיצט אויף דער ערד און עסט עפּעס. ווען זי האָט מיך דערזעהן האָט זי זיך אויפגעשטעלט פון פּלאַץ. איך פרעג איהר ווער עס האָט איהר דאָס עסען געגעבען, האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי האָט עס געקראָגען פון איעדאַ'ן... איך בין זיכער אַז איעדא האָט עפּעס צו טהאָן מיט איהר, און איך וועל זעהן אויסצוגעפינען פון איהר, און פיעלייכט וועט מיר געלינגען צו מאַכען איהר פאַר א שטרויכלונג פאַר איהם.

— ווען דיר וואָלט עס געלונגען וואָלט איך זעהר צופריעדען געווען, אָבער איך האָב מורא אַז עס זאָל גאָר פאַר דיר קיין שטרויכלונג ניט זיין.

— דו ווייסט דאָך, פאַטער, אַז איך האָב מעהר קיין ליעבע ניט צו איהר, אָבער איך בין זיכער אַז איך האָב נאָך אַן איינפלוס אויף איהר, און אַז זי וועט מיך פאָלגען וואָס איך וועל איהר זאָגען.

— און וואָס וועסטו טהאָן אַז זי וועט איהם נאָכהער אויסזאָגען אַז דו האָסט זי צו איהם געשיקט?

— ווען איך וועל איהר זאָגען צו האַלטען איהר מויל, וועט זי מיך פאָלגען. זי האָט זעהר מורא פאַר מיר איך זאָל זי ניט איבערגעבען צו דער אינקוויזיציע.

— עס וועט זיין ניט מעהר ווי רעכט זיך אָפּצורעכענען מיט איעדאַ'ן, זאָל ער אַרונטער פון זיין גרויסקייט, אָבער איך האָב מורא אַז דו זאָלסט ניט דורכפאַלען.

— בין איך דען דורכגעפאַלען ווען איך האָב זיך אונטערגענומען צו ענטדע־קען דעם נעסט פון די מאַראַנען... פאַטער, דו קענסט זיך אויף מיר פאַרלאָזען... איך וועל מיין פּלאַן ריכטיג דורכפיהרען, און אַזוי שנעל ווי ער וועט פאַרלירען זיין חן אין די אויגען פון קעניג און קעניגין, וועסטו קענען זיך נוקם זיין אין איהם.

———

דאָן מאַרטין האָט זיך גאַנץ אָפּט געזעהן אין געהיים מיט לא פערמאָסא פעמברא, כאָטש זי איז שוין מעהר ניט שעהן געווען, פלעגט זי דאָך אין איהם ערוועקען עראינערונגען פון אמאָליגע גליקליכע טעג, ווען ער איז אין איהר אויף אַן אמת פאַרליעבט געווען... ער האָט געוואוסט אַז זי איז יעצט אויסגעלאָסען, און דאריבער איז ער זעהר פאָרזיכטיג געווען מען זאָל ניט באַמערקען אַז ער רעדט צו איהר.

ער האָט געוואוסט וואו זי געפינט זיך, און גאַנץ אָפּט איז ער אהין צו איהר געגאַנגען זיך מיט איהר צו טרעפען.

לא פערמאָסא האָט לעצטענס זעהר פיעל געליטען. קיינער האָט זיך איצט אויף איהר ניט אומגעקוקט. א קורצע צייט איז זי אין גאַנצען פון זינען גע־ריהרט געווען, און ווען איהר פאַרשטאַנד האָט זיך צו איהר אומגעקעהרט, האָט זי ערשט דערפיהלט איהר עלענד און צובראָכענקייט. די אידען און די מאַראַנען האָבען אויף איהר געקוקט מיט גרויס האַס. קיינער האָט איהר ניט געקענט מוחל זיין וואָס זי האָט געטהאָן צו איהרע עלטערן. די קריסטען האָבען זיך געפרעהט צו זעהן אַז די טאָכטער פון דעם אמאָליגען רייכען מאַן איז אין גרויס נויט. זיי האָבען איהר אויך פאַרשטויסען.

לא פערמאָסא פעמברא האָט אָנגעהויבען צו הונגערען און ליידען קעלט. זי האָט קיין היים ניט געהאַט. זי פלעגט זיך קוים איינבעטען מען זאָל זי לאָזען

געבעטיגען אין א הויז, און אזוי איז זי געוואָרען אויסגעלאָסען. זי פלעגט איהרע קערפּער פאַרקויפען פאר א שטיקעל ברויט.

די וועלכע האָבען פון דעם געוואוסט האָבען אויף איהר מיט עקעל גע־קוקט. אנדערע האָבען אויף איהר שטיינער געוואָרפען ווען מען פלעגט זי זעהן פאַרבייגעהענדיג.

ווען זי האָט דערזעהן דאָן מארטין איז זי צו איהם געלאָפען און פערלאַנגט ער זאָל איהר העלפען.

— איך וועל דיר געבען געלד! — האָט דאָן מארטין געזאָגט, — אויב דו וועסט טהאָן וואָס איך וועל דיך בעטען.

לאַ פערמאָסאַ האָט צוגעשאָקעלט מיט איהר קאָפּ אלס א צייכען אז זי שטימט צו.

— ניט לאַנג צוריק, ווען איך האָב דיך דערזעהן אויף דיזען פּלאַץ עסענדיג, האָסטו מיר געזאָגט, אז דו האָסט די שפּייז געקראָגען פון איעדא'ן, דערצעהל מיר אלעס ווי אזוי דו קומסט צו איעדא'ן — האָט דאָן מארטין געפרעגט לאַ פערמאָסאַ'ן.

לאַ פערמאָסאַ האָט ציניש א שמייכעל געטאָן:

— דו מיינסט וויסען אז אפילו דער "גוטהערציגער" איעדא וועלכער האָט געפיהרט מיין פאַטער און מוטער צו דער אָטאָ־דע־פע וועט מיר אויך ניט געבען שפּייז אומזיסט.

— דו מיינסט אז ער... המ... — האָט דאָן מארטין גענומען שטאַמלען און רויטלען זיך.

— יע, ער האָט פאר זיין שפּייז וואָס ער האָט מיר געגעבען געקראָגען באַצאָהלט און ניט מיט קיין געלט. אבער וואָס פאר אן אונטערשייד איז עס צו דיר? דו האָסט דאָך מיך פיינט... און דו ווייסט דאָך אז איך פאַרקויף מיין קערפּער פאר שפּייז.

דאָן מארטין האָט א ווײַלע א טראַכט געטהאָן. ווען דאָס זאָל זיין אמת, וואָלט ער יעצט גאַנץ גרינג איעדא'ן געקאָנט רואינירען. אבער ווער וועט איהרע רייד נעמען ערנסט, אפילו ווען זי זאָל קומען און עס דערצעהלען פאר אנדערע און איעדא זאָל אָפּלייקענען, וועט מען איהם גיכער גלויבען.

ווען ער זאָל קענען קריגען עדות..

— ווען איך וואָלט געוואוסט אז איך קען זיך אויף דיר פאַרלאָזען, וואָלסטו ביי מיר געקראָגען א סך געלט! — האָט ער זיך צו איהר אָפּגערופען.

— וואָס זאָל איך ווייטער טאָן פאר דיר! — האָט זי זיך א קרים געטאָן.

— דו ווייסט דאָך, לאַ פאַרמאָסאַ, אז דו ביזט אין מיינע הענד. איין וואָרט פון מיר און דו וועסט געבראַכט ווערען פאַר דער אינקוויזיציע... דו האָסט צוריק דיין פאַרשטאַנד געקראָגען און דו דאַרפסט פאַרשטעהן אָפּצושאַצען אלעס וואָס איך טו פאר דיר.

— איך האָב פאר דיר מעהר קיין מורא ניט! — האָט זי אויסגעשריען — דו קענסט מיר מעהר ניט סטראַשען אז דו וועסט מיך שיקען צום אטא־דא־פּע!

— אָבער ווי אזוי קענסטו נעמען שפּייז ביי איינעם וועלכער האָט אזוי

שטארק געפּייניגט דיינע עלטערען? — האָט דאָן מארטין פּרובירט אויפּרייצען איהר כעס געגען איעדא'ן.

— נעהם איך דען ביי דיר קיין געלד ניט? און דו האָסט אין גאנצען מיין אומגליק פאראורזאכט! — האָט זי א שאָקעל געטאָן מיט איהר קאָפּ. — יאָ, איך האָב און פעראכטע דיך און דאָך בעט איך אז דו זאָלסט מיר העלפען!

— איך בין שטענדיג געווען גרייט דיר צו העלפען, און איך האָב פון דיר פאר דעם גאָר ניט פארלאנגט. אָבער יעצט בין איך צו דיר געקומען דו זאָלסט פאר מיר אויך עפּעס טאָן.

— וואָס קען איך, אַן אויסגעלאָסענע פרוי, טאָן פאר דיר, וועלכער איז א הייליגער און דער זוהן פון א הייליגען.. דיין פאָטער איז דאָך דער הויפּט אינקוויזיטאָר!

— יעצט איז אָיעדא דער הויפּט אינקוויזיטאָר און דו ווייסט נדאָך אז ער האָט דיינע עלטערען מעהר געפּייניגט און ער איז באשטאנען אויף דעם אז מען זאָל זיי פארברענען אויף דעם אטא־דא־פע. און יעצט וויל איך דיר זאָגען, אז איך און מיין פאָטער טראָגען א שנאה אויף אָיעדא'ן, און עס וועט פאר אונז זיין זעהר ווינשענסווערט ווען מיר וועלען קענען איהם דערנידעריגען אין די אויגען פון פאָלק.

— און וואָס פארלאנגסטו פון מיר? — האָט זי מיט א טרוקענע שטימע איהם געפרעגט.

— איך וויל אז דו זאָלסט פון איהם ווידער פארלאנגען ברויט...
— און איך זאָל איהם דערפאר באצאָהלען מיט מיין קערפּער? ...
— הם... יע. איך זעה אז דו פארשטעהסט וואָס איך מיין... איך וועל דיר דערפאר גוט באלוינען. איך וועל שוין זעהן צוצושטעלען עדות און דורכדעם וועט ער אין גאנצען ארונטערגעהן פון זיין גדולה.
— גוט, איך וועל דיין פארלאנג טאָן! — האָט זי זיך אָפּגערופען — אָבער דו דארפסט מיר א גוטע באלוינונג געבען.
— איך וועל דיר געבען א סך געלט!
— איך ברויך ניט קיין געלט, אויב דו וועסט מיר געבען דיין זיעגעל רינג וועל איך עס טאָן.

— דאָס איז פאר מיר זעהר שווער צו טאָן! — האָט דאָן מארטין געזאגט.

— אויב אזוי וועל איך עס פאר דיר ניט טאָן. איך ווייס אז איך בין שטענדיג אין גרויס מורא דו זאָלסט מיר ניט איבערגעבען אין די הענט פון די אינקוויזיטאָרען, און ווען איך וועל דיין זיעגעל רינג האָבען, וועל איך זיכער זיין, אז דו וועסט מיר קיין שלעכטס מעהר ניט טאָן.

דאָן מארטין האָט א ווײלע געצעגערט. זי פארלאנגט פון איהם א צו גרויסע באלוינונג, אָבער, ווען ער האָט א טראכט געטאָן, אז דורך איהר וועט ער דורכפיהרען זיין נקמה אָן אָיעדא'ן, און מעגליך, אז ער זאָל נאָך אויך קריגען זיין אמט אַלס איינער פון די הויפּט אינקוויזיטאָרען פון סעוויל, האָט ער באשלאָסען איהר נאָכצוגעבען. ער האָט ארונטערגענומען דעם זיעגעל רינג

פון זיין פינגער און ער האָט איהם איבערגעגעבען צו לא פערמאסא׳ן.

זי האָט איהם גענומען און א קליינע ווייל׳ע האָט זי איהם באטראכט און נאָכהער איהם אויף איהר פינגער ארויפגעטאָן.

— יעצט וועסטו זיך צואיילען צו טהאָן מיין פארלאנג און אויב דו וועסט וויסען ווי אזוי צו האלטען דעם סוד וועל איך מיט דיר א סך גוטעס טהאָן.

לא פערמאסא האָט איהם פארשפּראָכען, אז זי וועט דעם קומענדען טאָג דורכפיהרען זיין פארלאנג, און זי איז גלייך פון איהם אוועק. זי איז געווען צופרידען וואָס זי האָט געקראָגען זיין זיעגעל רינג. יעצט וועט זי פיליכט קענען זיך מיט איהם אָפּרעכענען. איהר לעבען איז אלץ איינס גאָרניט ווערטה, אָבער איידער זי שטארבט וועט זי נקמה נעמען אָן איהר באטריגער. זי וועט איהם מאכען צו שאנד און צו שפּאָט. זאָלען אלע וויסען ווער ער איז און די אנדערע "הייליגע", וועלכע פארברענען מענשען אין נאָמען פון גאָט... זי וועט מיט דיעזען רינג קענען באווייזען ווי דאָן מארטין איז אליין פארדאָרבען: זי וועט איבערגעבען אָיעדא׳ן אלעס וואָס ער האָט פון איהר פארלאנגט. זאָלען זיי זיך צורייסען און צואמפּערען צווישען זיך...

דאָן מארטין האָט זיך געפיהלט גליקליך וואָס ער וועט זיך יעצט אָפּרעכענען מיט זיין שונא. ער איז גלייך אוועק צו זיין פאָטער און איהם געזאגט, אז ער האָט פארשפּרייט א נעץ פאר זייער שונא און מאָרגען וועט אָיעדא אריינ־פאלען אין נעץ...

— איך וועל דארפען בלויז האָבען צוויי עדות וועלכע זאָלען זעהן אז לא פערמאסא איז אריין צו איהם אין הויז און זיך דאָרטען פארזאמט א לענגערע צייט, און קיינער אויסער אָיעדא׳ן איז אין הויז ניט געווען...

— איך וועל עס בסוד איבערגעבען מאָראלי׳ן, אונזער דריטען אינקוויזיטאָר. און דו וועסט ברענגען דיינעם א פריינד און זיי וועלען שטעהן און אָפּוואַרטען ביי דעם ארויסגאנג פון אָיעדא׳ס הויז, און אזוי שנעל ווי לא פערמאסא וועט פון דאָרטען ארויס, וועלען זיי אריין צו איהם, און דאן וועלען זיי זיך איבער־ציינגען אז ער איז אליין אין הויז געווען מיט דער אויסגעלאסענער לא פערמאסא.

— ניט נאָר איינעם פון מיינע פריינד, נאָר אלע מיינע באקאנטע און פריינד וועל איך דערצעהלען וועגען אָיעדא׳ן, זאָלען אלע זעהן וואָס פאר א הייליגער מאן ער איז — האָט דאָן מארטין זיך אָפּגערופען — איך וועל איהם אזוי ערנידעריגען אז ער וועט זיין קאָפּ מעהר ניט קענען אויפהויבען.

---

לא פערמאסא פעמברא האָט דעם זעלבען טאָפ אָפּגעוואַרט אָיעדא׳ן. און ווען זי האָט איהם געזעהן פארבייגעהענדיג אין דער איינזאמער גאס, איז זי צו איהם צוגעאנגען און זיך אָפּגערופען:

— איך האָב זעהר וויכטיגעס מיט דיר צו ריידען.

אָיעדא האָט זיך אָפּגעשטעלט און איהר א ווייל׳ע אָנגעקוקט פארוואונדערט.

— דו האָסט וויכטיגעס מיט מיר צו ריידען! — האָט ער א שמייכעל געטאָן — זאָג מיר שנעלער, וואָס דאָס איז.

— דיין גוטער פריינד דאָן מארטין זוכט דיר שלעכטס צו טאָן. ער וויל

פאר דיר א נעץ פארשפרייטען. מאָרגען, ארום מיטאָג צייט, וועלען אייניגע מענשען שטעהן ארום דיין הויז און היטען. און ווען זיי וועלען מיך פון דארט זעהן ארויסגעהענדיג וועלען זיי גלייך צו דיר אריינגעהן.

— איך פארשטעה ניט וואָס דו רעדסט! — האָט איעדרא זיך אָפּגערופען.

לא פערמאסא האָט איהם דאן דערצעהלט אלעס וואָס דאָן מארטין האָט מיט איהר אָפּגעמאכט, און זי האָט איהם אויך געצייגט דעם זיעגעל רינג וואָס דאָן מארטין האָט איהר געגעבען.

— דאָס וועט איהם ניט געשאָנקען ווערען! — האָט איעדרא מיט צארן אויסגערופען — איך וועל זיך מיט איהם פאר דעם אָפּרעכענען.

— איך וועל דיר זאָגען ווי אזוי דו קענסט זיך מיט איהם אָפּרעכענען — האָט זי געזאגט — לאדע מאָרגען איין אין דיין הויז פילע פון דיינע גוטע פריינד און וויכטיגע לייט. איך וועל פאר זיי דערצעהלען וועגען די באציהונגען צווישען דאָן מארטין און מיר, און איך וועל באשטעטיגען מיינע רייד מיט דעם וואָס איך וועל זיי צייגען זיין רינג. און נאכדעם ווי איך וועל ארוים פון דיין הויז און דאָן מארטינ'ס עדות וועלען אריינקומען, זאָלסטו מיר צוריקרופען און איך וועל פאר זיי דערצעהלען די זעלבע זאך.

איעדרא'ן זיינען איהרע רייד געפעלען געוואָרען און ער האָט דערצו צו־געשטימט.

אויף מאָרגען האָט ער צו זיך אין הויז איינגעלאדען זיינע פריינד, מאנא־כען און בישאָפען, ער האָט זיי געזאגט אז ער וויל מיט זיי ריידען וועגען דער אינקוויזיציע.

זיי זיינען אלע געקומען צו איהם גאנץ פריה. צווישען די איינגעלאַדענע איז אויך געווען הערנאנדא דע טעלעווערא.

איעדרא האָט זיי איבערגעגעבען א באריכט וועגען דער אינקוויזיציע.

— מיר האָבען געקראָגען באריכטען, אז אין דרום שפאניען בושעוועט א שרעקליכע מגפה און פילע שפאניער שטארבען אוים טעגליך! — האָט איין בישאָף פלוצלונג זיך אָפּגערופען — און דאָס איז צוליב דעם וואָס דארטען, אין יענע געגענדען איז נאָך די אינקוויזיציע ניט איינגעפיהרט געווארען.

— און איך וויים אז אפילו אין די שטעדט וואו די היילינע אינקוויזייציע עקזסטירט, זיינען אויך געווען פיעלע פאלען פון דער מגפה! — האָט א צווייטער זיך אָפּגערופען.

— מעגליך אז די אינקוויזיטאָרען פון יענע געגענדען טוען ניט זייער פולע הייליגע פליכט.

— אין דער מגפה זיינען שולדיג די אידען און די מאראנען! — האָט אן אנדער בישאָף זיך אָפּגערופען — כל זמן מיר וועלען זיי ניט אויסראָטען פון אונזער לאנד וועט די האנט פון גאָט אויף אונז זעהר שווער זיין.

איעדרא האָט פארגלאָצט מיט זיינע אויגען און נאכהער זיך אָפּגערופען:

— אָהן צווייפעל אז די מגפה האָט גאָט אָנגעשיקט אויף אונזער לאנד צוליעב די פארפלוכטע אידען און מאראנען. אָבער דאָך מוזען מיר אויך אונזערע אייגענע טהאטען נאָכפאָרשען. מעגליך, אז פיעלע פון אונזערע גייסט־

ליבע טוען נים אין גאנצען זייער פליכט צו גאט און אויב אונעהרליכקייט קען זיך געפינען צווישען די גייסטליכע, וואס זאל שוין דער פשוט'ער המון זאגען. עס איז דעריבער אונזער פליכט אויסצופאָרשען און נאָכזעהן אויב צווישען די גייסטליכע געפינען זיך אזעלכע וועלכע זיינען פארדאָרבען, און אויב אזעלכע געפינען זיך, דארפען זיי עפענטליך באשטראָפט ווערען, און דאן וועט אונזער האר יעזוס אפּטאָן זיין צאָרן פון אונז.

— די צרה איז אז פיעלע פון די מאראנען זיינען געוואָרען גייסטליכע — האט אן אנדער בישאָף א זאָג געטאָן און געוואָרפען א בליק אויף הערנאנדא דע טעלאַוועראַ, וועלכער איז די גאנצע צייט געזעסען, זיך צוגעהערט און געשוויגען.

— איעדראַ האט גלייך פארשטאַנען אויף וועמען ער ציעלט מיט זיינע רייד, און האט געזוכט צו פארריכטען דעם איינדרוק. ער האט ניט געוואָלט אז דע טעלאַוועראַ זאל אוועקגעהן אין כעס אויף איהם. און דעריבער האט ער זיך אָפּגערופען:

— עס איז גאָנץ אנדערש ווען עס זיינען פאראן גייסטליכע וועלכע שטאַמען פון אידען, אָבער פאר די לעצטע צוויי אָדער דריי דורות האבען זיי באוויזען אז זיי זיינען געטרייע קאַטוילִיקען. אזעלכע דארפען פאררעכענט ווערען אזוי ווי ריינע געבוירענע קריסטען. אָבער אונזער צאָרן דאַרף זיך אויסגיסען אויף אזעלכע וועלכע זיינען אליין געבוירען געוואָרען אידען און קורץ נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך גע'שמד'ט האָבען זיי דערגרייכט צו הויכע עמטער אין דער קירכע. אזעלכע קענען קיינמאָל ניט קריגען די הייליגקייט פון יעזוס'ן. און דאָס רוב זיינען אזעלכע פאַלש און ברענגען אויף אונז, אמת'ע קריסטען, אלע צרות.

— דיינע רייד זיינען הייליג, אידראַ! — האט א מאָנאך איהם א הנפּ'ע געטאָן — אויסוואָרצלען דאַרף מען אזעלכע מאראנען, אז ניט וועלען לייד'ען אומשולדיגע פאר זייער זינד!

א ווײַלע שפּעטער האט מען געמאָלדען איעדראַ'ן אז לא פערמאָסא פעמבראַ איז געקומען צו איהם אין הויז און זי האט געבעטען מעלדען אז זי האט זעהר וויכטיגעס צו דערצעהלען.

— לא פערמאָסא פעמבראַ! — האט א בישאָף א קריץ געטהאָן מיט די צייהן — איז זי דען ניט די טאָכטער פון דעם פארפלוכטען מאראן דיעגאָ דע שושאן?

— נאָכדעם ווי דיעגאָ דע שושאן איז פארברענט געוואָרען אויף דעם אטא־דא־פע, זיינען אלע זיינע זינד אָפּגעווישט געוואָרען און ער איז זיכער גלייך אין הימעל ארויף. דעריבער איז ניט ריכטיג איהם צו רופען „פאר־פלוכטער" — האט איעדראַ באמערקט — די מאראנען און אידען זיינען פאר־פלוכט בלויז ביז וואנען זיי באקומען זייער פארדינטען שטראָף, און דערנאָך ווערען זיי דורך דעם פארברענען געריינִיגט און געלייטערט און זיי האָבען דיזעלבע געלעגענהייט אריינצוגעהן אין גן עדן ווי א פרומער קריסט... זיי פארשטעהען ניט, די מאראנען, און ווילען ניט וויסען אז דאָס וואָס מיר פייניגען

זיי און דערנאָך פאַרברענגען מיר זיי, איז עס צוליעב זייער אייגענער טובה. וואָס מעהר און שטאַרקער זיי ווערען געפּייניגט, אַלץ שנעלער וועלען זיי אין גן עדן אריינטרעטען.

— אָבער לאַ פערמאָסאַ איז דאָך אַן אויסגעלאַסענע פרוי און מען טאָר איהר אויף דעם שוועל פון אַ קריסטליך הויז ניט אַרויפלאָזען! — האָט זיך דער בישאָף צוהיצט.

— האָסטו פאַרגעסען וואָס יעזוס האָט געזאָגט וועגען מאַגדאַללענאַ! — האָט איָעדאַ זיך אָפּגערופען — זאָל זי אַריינקומען און לאָמיר הערען וואָס זי האָט צו זאָגען.

לאַ פערמאָסאַ איז אַריינגעקומען. איהר פּנים איז געווען קרענקליך בלאַס. איהר קערפּער אויסגעצערט און בלויז איהרע אויגען האָבען געברענט. איהרע קליידער זיינען געווען אַלט און צוריסען, און די וועלכע האָבען זי געקענט פון פריהער, האָבען זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען פון דער שרעקליכער ענדערונג וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער שעהנער, יונגער, בליהענדער לאַ פערמאָסאַ.

— איך בין געקומען צו אייך דערצעהלען, אַז דאָן מאַרטין, דער זוהן פון דעם אינקוויזיטאָר סאַן מאַרטין, איז מיט מיר ווידער באַפריינדעט געוואָרען. ער האָט מיט מיר פיעלע נעכט אין מיין הויז פאַרבראַכט, און אַלס צייכען אַז איך זאָג דעם אמת, קען איך אייך צייגען זיין זיגעל־רינג, וואָס ער האָט מיר געגעבען.

זי האָט פון איהר פינגער אַראָפּגענומען דעם רינג, און אַלע האָבען איהם באַטראַכט, געצויגען מיט די אַקסלען און זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען...

— און דאָס איז נאָך ניט אַלעס! — האָט זי פאָרטגעזעצט — לעצטע נאַכט, ווען ער איז ביי מיר געווען, האָט ער פון מיר פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל מאַכען אַ בלבול אויף דעם היילינגען איָעדאַן. ער האָט מיר געבעטען איך זאָל מיט אַן אויסרייד אַריינקומען דאָ אין הויז און זיך דאָרטען אַ ווייל פאַרזאַמען, און ער וועט אוועקשטעלען עדות נעבען דעם אַרויסגאַנג פון הויז, און אַזוי שנעל ווי איך וועל אַרויסגעהן, וועלען זיי דאָ אַריינקומען און נאָכהער וועלען זיי קענען עדות זאָגען, אַז איָעדאַ האָט זיך ניט גוט אויפגעפיהרט.

— דו ביזט אַ ליגנערין! — האָט איָעדאַ זיך געמאַכט ווי ער ווערט אויפגערעגט. — עס איז אונמעגליך! דאָן מאַרטין איז אַליין אַ גייסטליכער און ער איז דער זוהן פון אַ היילינגען גייסטליכען. ער וועט אַזאַ אומרעכט ניט טאָן!

— אָבער דו זעהסט דאָך אַז ער פיהרט זיך אויף ווי אַן אונווירדיגער יונג — האָט אַ מאַנאַך אַ זאָג געטאָן — קען דען זיין אַ צווייפעל אין דעם, נאָכדעם ווי זי צייגט אונז זיין זיגעל־רינג?

— און מיר קענען זיך אין דעם נאָכמעהר איבערצייגען — האָט אַ צווייטער געזאָגט — זאָל זי אַרויסגעהן, און דאַן וועלען מיר זעהן אויב זיינע עדות וועלען גלייך אַריינקומען איז אַ סימן אַז אַלעס וואָס זי האָט געזאָגט איז אמת, און אויב ניט, וועלען מיר מעהר ניט שענקען קיין אכט צו די רייד פון אַן אויסגעלאַסענער פרוי.

— אויב די עדות וועלען ווירקליך אריינקומען, דאן איז מיין פלאן, אז מיר זאלען זי צוריקרופען און זי זאל פאר זיינע אייגענע עדות דערצעהלען אלעס וואס זי האט אונז דערצעהלט, און דאן וועט ער זיין שטראף זיכער באקומען..

— ווען עס זאל זיין ריכטיג, וועט זיין שטראף דארפען זעהר גרויס זיין! — האט איעדרא זיך אפגערופען — אבער מיט גלויבט זיך נאך אלץ ניט אז דאן מארטין, וועלכער איז נאך א האר בעשטימט געווארען אלס הויפט אינקוויזיטאר פון דער שטאדט סאראגאסא, זאל אזוי האנדלען. און אויב עס זאל זיין אזוי ווי דיזע אויסגעלאסענע פרוי דערצעהלט, וועל איך פארשטעהען אז פון הימעל האט מען פארמיטען ער זאל ניט באשטימט ווערען פאר דיזען הייליגען אמט, מען האט ניט דערלאזען אז דער קעניג און די קעניגין זאלען געשטרויכעלט ווערען.

לא פערמאסא איז ארויס פון איעדרא'ס הויז. אין א ווײלע ארום האט זיך דיר טיר ווידער געעפענט און מארילא, איינער פון די הויפט אינקוויזיטארען פון סעוויל און נאך אייניגע גייסטליכע זיינען אריינגעקומען אין הויז. איעדרא איז זיי אנטקעגען געקומען און מיט א פריינדליכען שמייכעל באגריסט.

— איך בין זעהר צופריעדען אייך פאר מיינע געסט צו האבען! — האט ער געזאגט.

— און איין גאסט, וואס האט נאר וואס דיין הויז פארלאזען, האט דיך א סך מעהר צופרידענגעשטעלט! — האט מארילא מיט א סארקאסטישען שמייכעל אויף זיינע ליפען געזאגט.

— איך פארשטעה ניט וואס דו ציעלסט מיט דיינע רייד — האט איעדרא געצויגען מיט די אקסלען.

— עס איז פאר אונז געווען אונמעגליך צו גלויבען אזא זאך אויף דיר ביז וואנען מיר האבען מיט אונזערע אייגענע אויגען געזעהן!

— וואס האט איהר געזעהן?!

— מיר האבען געזעהן ווי די אויסגעלאסענע לא פערמאסא איז צו דיר אין הויז אריינגעקומען און זי האט מיט דיר פארבראכט א היבשע ווײלע, און נאר־וואס האבען מיר געזעהן ווי זי איז ארויסגעקומען פון דיין הויז... אזא זאך וועט ניט פארשוויגען ווערען, דו האסט פארשוועכט זיין הייליגען נאמען און אלע וועלען דערפון וויסען!

— איין ווײלע! — האט איעדרא זיך אפגערופען און ער האט ברייט פאנאנדערגעעפענט די טיר.

מארילא און די איבעריגע האבען גלייך דערזעהן די בישאפען און מאנאכען וועלכע זיינען געזעסען אין צווייטען צימער.

— קומט אריין, איהר זייט געקומען אין דער ריכטיגער צייט. — האט איעדרא מיט א שמייכעל געזאגט — איהר זייט ווילקאמען אין מיין הויז.

— צוליעב וועלכען צוועק זייט איהר יעצט געקומען צו איעדרא'ן ניט איינגעלאדענערהייט? — האט זיך דע טעלאווארא געווענדט צו זיי.

— המ... ער.. איהר מוזט אונז ענטשולדיגען... מיר האָבען ניט געהאט אין זינען צו צושטערען אייער הייליגע פארזאמלונג... מען האָט אונז אָפּגענארט.. יע, מען האָט אונז פארפיהרט! — האָט זיך מאַרילא גענומען פארענטפערען.

— ווער האָט אייך גענארט און פארפיהרט? — האָט זיך איעדא צו זיי געווענדט.

— דער זוהן פון סאַן מארטין, אונזער פריינד, דער גרויס אינקוויזיטאָר.

— דאָן מארטין! — האָט איעדא אויסגערופען, — וואָס האָט ער פון אייך פארלאנגט?

— ער האָט אונז געזאגט אז... המ.. ער... אז לא פערמאסא פעמברא די אויסגעלאסענע פרוי, קומט דאָ אַפּט אריין, אין דער צייט ווען דער הייליגער איעדא געפינט זיך אליין צו הויז...

— זאָל מען גלייך צוריקרופען די אויסגעלאסענע פרוי! — האָט דע טעלאווערא זיך אָפּגערופען — און זאָל זי איבערדערצעהלען פאר זיי וואָס זי האָט נאָר־וואָס אונז אלעמען דערצעהלט.

איעדא האָט צוריקגערופען לא פערמאסא'ן און ער האָט איהר געהייסען אלעם איבערדערצעהלען.

זי האָט די עדות געצייגט דאָן מארטין'ס זיעגעל רינג און זיי אלעם דערצעהלט.

— יעצט איז שוין ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט אז דאָן מארטין איז שולדיג, אז ער איז אומווירדיג און זינדיג! — האָט דע טעלאווערא אויסגערופען. — און ער האָט נאָך געוואלט מאכען א בלבול אויף אן אונשולדיגען און הייליגען מאַן.

— פאר די ערשטע זינד אליין איז ער ווערט פארברענט צו ווערען — האָט א בישאָף געזאגט -- און פאר דעם וואָס ער האָט מיט זיין אייגענער זינד געוואָלט באשולדיגען א צווייטען, איז נאָך זיין פארברעכען א טאָפּעלטע.

— ניט נאָר איז ער אליין שולדיג אין דעם, נאָר אויך זיין פאָטער, סאַן מארטין! — האָט איעדא אויסגערופען — ער האָט ניט געקענט פארליידען דאָס וואָס איך רעקאָמענדיר דעם קעניג אז ער זאָל דעם הייליגען פעדרא ארבועז באשטימען פאר דעם הויפּט אינקוויזיטאָר אין סאראגאסא, אָנשטאָט דאָן מארטין, זיין זוהן. ווײלע פון הימעל האָט מען מיר ענטדעקט, אז ער איז ניט ווירדיג צו האלטען אזא הייליגען און גרויסען אמט. יעצט האָט איהר זיך דאָך אלע איבערצייגט אז איך האָב געהאט רעכט, אָבער סאַן מארטין און זיין זוהן זיינען צוליב דעם אויף מיר בייז געווארען און איך בין זיכער אז דאָן מארטין האָט עס געטאָן מיט דער צושטימונג פון זיין פאָטער.

— די באווייזע האָבען מיר בלויז געגען דאָן מארטין און ניט געגען זיין פאָטער — האָט מאַרילא זיך אָפּגערופען — און דעריבער איז מיין עצה אז ער אליין זאָל גע'משפּט ווערען.

— ער מוז זאָפאָרט ארעסטירט ווערען! — האָט איעדא געזאגט — אוה. אלס איינער פון די הויפּט אינקוויזיטאָרען, האָב א רעכט צו שיקען פאָליציי און

איהם אַרעסטירען און איך פאַרלאַנג פון אייך אַלעמען אָנוועזענד צו זיין אויף דעם משפט.

— און דעם רינג דאַרף מען פון איהר צונעמען אַלס אַ באַווייז געגען איהם — האָט מאַרילאַ געזאָגט — און זי, לאַ פּערמאַסאַ, זאָל אויך קומען און עדות זאָגען געגען איהם פאַר די שופטים אין די אויגען.

— מיר האָבען אַלע געהערט וואָס זי האָט אונז דערצעהלט, מיר האָבען זיך איבערצייגט, אַז זי האָט אונז קיין ליגען ניט געזאָגט, און דערצו האָבען מיר דאָן מאַרטין'ס זיעגעל רינג אַלס אַ באַווייז, און דאָס אַלעס איז גענוג. בלויז דאָן, ווען ער וועט פּרובירען לייקענען און זאָגען אַז דיעזער זיעגעל איז ניט זיינער, וועלען מיר מוזען שיקען נאָך לאַ פּערמאַסאַ'ן.

— גיב מיר דעם זיעגעל רינג — האָט איעדראַ זיך אָפּגערופען צו איהר.

לאַ פּערמאַסאַ האָט איהם געגעבען דעם רינג און זי האָט גלייך פאַרלאָזען דאָס הויז.

— זאָל דאָן מאַרטין גלייך געבראַכט ווערען אַהער און פון דאַנען זאָל ער אַרעסטירט ווערען! — האָט מאַרילאַ געזאָגט — איך אַליין וועל איהם געהן רופען, ווייל ער האָט מיר געוואָלט שטרויכלען מיט אַ זינד. איך זאָל זאָגען עדות געגען אַזאַ הייליגען מאַן ווי איעדראַ. איך וועל שוין וויסען ווי אַזוי איהם אָהער אַריינצוקריגען, און אַזוי שנעל ווי ער וועט זיין רינג דערקענען, דאַן זאָל ער אַרעסטירט ווערען. זאָל די פּאָליציי קומען אין דיין הויז און אויף איהם וואַרטען.

מאַרילאַ איז גלייך אַוועק צו דאָן מאַרטין, וועלכער האָט איהם מיט גרויס פרייד באַגעגענט.

— נו, מיין פריינד, האָסטו זיך איבערצייגט אַז אַלעס וואָס איך האָב דיר דערצעהלט וועגען דאָן מאַרטין איז ריכטיג?

— געוויס! און נאָך מעהר: אַלע וויסען וואָס פאַר אַ זינדיגער און פאַרברעכער ער איז. יעצט איז געקומען די צייט אַז דו זאָלסט אויך אַרויס־טרעטען געגען איהם און דאָן וועט אַלעס פאַרפּולט ווערען, און איעדראַ וועט זיין מפּלה קריגען.

זעהר גליקליך האָט זיך דאָן מאַרטין געפיהלט, ווען ער האָט עס דערהערט. אָט באַלד, באַלד וועט ער זעהן אַ נקמה אָן זיין שונא. זאָל ער וויסען ווי אַזוי איהם צו דערנידעריגען. ער איז ביי זיך זיכער געווען אַז איעדראַ וועט אַרונטערגעזעצט ווערען פון זיין אַמט אַלס איינער פון די הויפּט אינקוויזיטאָרען פון סעוויל און די קעניגין וועט איהם באַשטימען אויף זיין פּלאַץ... האָט ער דען דאָס ניט פאַרדינט? האָט ער דען מיט זיין קלוגשאַפט ניט אַרויסגעקראָגען די סודות פון די רייכסטע מאַראַנען פון סעוויל?

— איך געה! — האָט דאָן מאַרטין מיט אַ פרעהליכער שטימע אויס־געדופען — איך וועל אַלעס באַשטעטיגען. ווייל איך האָב עס שוין פון לאַנג געוואוסט. איך זעה אַז זיינע טעג זיינען געצעהלטע, ער וועט שוין מעהר ניט זיצען צוזאַמען מיט דיר און מיט מיט מיין פאָטער אין דער טריבונע פון דער אינקוויזיציע.

— לאָמיר זיך צואיילען! — האָט מארילא געזאגט און איז מיט דאַן מארטין אוועק צו איעדא'ן אין הויז.

— וואַרט דאָ צו א ווײלע אין דיעזען צימער! — האָט מאַרילא זיך צו איהם אָפּגערופען — די איבעריגע עדות געפינען זיך אין צווייטען צימער, איך וועל בלויז זעהן צי אלעס איז צוגעגרייט.

מארילא איז אריין אין צווייטען צימער און אלעמען געזאגט, אז ער האָט דאַן מארטין'ען געבראכט אהער.

— יעצט גיט מיר דעם רינג און איהר אלע זאָלט זיך שטעלען הינטער דעם פאָרהאַנג.

איעדא האָט איהם געגעבען דעם רינג, און אלע פארזאמעלטע זיינען שטילערהייט אריינגעקומען אין דעם צווייטען צימער און זיך געשטעלט הינטער דעם פאָרהאַנג.

מאַרילא איז ארויסגעקומען צו דאַן מארטין און געזאָגט:

— אלעס איז געגרייט, באלד וועלען מיר ביידע אריינקומען אהין. יעצט זאָג מיר, דערקענסטו דיזען רינג?!

דאַן מארטין האָט דעם רינג באטראכט און דאָס בלוט האָט איהם אין זיין פּנים א זעץ געטאָן.

— ווי קומט דער רינג צו דיר? — האָט ער מיט שרעק אויסגערופען.

— דאָס וועל איך דיר שפּעטער אלעס ערקלערען. אבער דערווייל זאָג מיר, האָט דיזער רינג באלאנגט צו דיר?

— המ... ער... איך האָב איהם געגעבען... איך מיין אז...

— דו ווייסט דאָך אז איך בין דיין פריינד און דו האָסט ניט וואָס מורא צו האָבען פאר מיר, זאָג מיר, האָסטו דיזען רינג געגעבען צו לא פערמאסא'ן?

דאַן מארטין איז שטארק צוטומעלט געווארען... ער האָט אָנגעהויבען צו הוסטען, ווי ער וואָלט זיין האלז געוואָלט באפרייען פון עפּעס, און ער האָט זיך ווידער גענומען פלאָנטערען מיט'ן צונג.

— איך בעט דיר, דאַן מארטין, זאָג מיר האָט לא פערמאסא נעכטען געקראָגען דעם רינג פון דיר?

— המ... יע, איך האָב איהר דעם רינג געגעבען — האָט דאַן מארטין קוים ארויסגעשטאמעלט.

— דאָס אלעס וואָס איך האָב געוואָלט וויסען — האָט מארילא זיך אָפּגערופען און איז צוגעגאנגען צו דעם פאָרהאַנג און איהם פאַנאַנדערגעעפענט.

דאַן מארטין האָט דערזעהן די אלע בישאָפען און מאָנאכען און א טויט שרעק איז איהם באפאלען.

— זאָל ער גלייך ארעסטירט ווערען און געהאלטען ווערען אפּגעזונדערט ביז זיין משפּט וועט פאָרקומען! — האָט איעדא אויסגערופען. און באלד זיינען צוויי פּאָליציסטען צוגעקומען און זיינע הענט אין קייטען געשמידט.

— וואָס בעדייט עס?! — האָט ער גענומען שרייען אין נאָמען פון יעזוס קריסטוס: איך בין אונשולדיג!

— דער רינג איז דיינער! דאָס האָסטו דאָך אליין צוגעגעבען און לא

פערמאסא האָט אַלעס פאַר אונז אַלעמען דערצעהלט. אפילו דיינע אייגענע עדות וועלען באשטעטיגען דיין זינד, און דו האָסט קיין רעכט ניט מיט דיינע אונרייינע ליפּען צו דערמאָנען גאָט'ס הייליגען נאָמען.

— זאָל מען ברענגען לאַ פערמאסא, די אויסגעלאַסענע פרוי, די בעטרי־גערין און פאַררעטערין. איך וועל זיך מיט איהר אָפּרעכענען! — האָט דאַן מארטין געשטורעמט.

קיינער האָט צו זיינע רייד קיין אכט ניט געלייגט. מען האָט איהם אוועק־געפיהרט אין געפענגניס און פאַרשפּאַרט אין אַ באַזונדער ענגען צימער.

ווען סאַן מארטין האָט זיך דערוואוסט וואָס עס האָט פּאַסירט מיט זיין זוהן, איז ער אויסער זיך געוואָרען פון אויפרעגונג.

— ווי אַזוי וואגען זיי דאָס איהם צו ארעסטירען! — האָט ער זיך אָפּגע־רופען צו זיינע בעקאַנטע, — דאָס האָבען אויף איהם זיינע שונאים אַ בלבול געמאַכט, און מיט זיי וועל איך זיך אָפּרעכענען. ער איז גלייך אוועק צו איעדאַ'ן און זיך מיט איהם דורכגערעדט.

— מיין זוהן איז אומשולדיג, זאָג איך דיר! איך פאַרלאַנג פון דיר אַז דו זאָלסט איהם באפרייען!

— פון וואַנען ביזטו אַזוי זיכער אין זיין אומשולד?! — האָט איעדאַ געענטפערט, --- האָבען מיר דען ניט גענוג עדות און בעווייזע וועגען זיין שולדיגקייט!

— ווייל די רייד פון אַן אויסגעלאַסענער פרוי זיינען שטענדיג פאַלש, בפרט לאַ פערמאַסאַ וועלכע וויל זיך אָפּרעכענען מיט מיין זוהן צוליעב דעם וואָס ער האָט אויפגעדעקט די נעסט פון די מאַראַנען!

— אָבער וואָס וועסטו זאָגען צו דעם וואָס ער האָט אויף מיר געוואָלט מאַכען אַ בלבול? און צו דעם וואָס לאַ פערמאַסאַ האָט געצייגט זיין רינג וואָס ער האָט איהר געגעבען? קען דען וואָר עס איז אָפּלייקענען אַט די אַלע בע־שולדיגונגען?

סאַן מארטין האָט געשוויגען. ער האָט זיך אַ ווייַלע פאַרטראַכט. ער ווייס אַז זיי האָבען זיין זוהן אין די הענד, און ווען ער זאָל זיך צופיעל איינשטעלען וועט ער אין גאַנצען ארונטערגעזעצט ווערען פון זיין אמט. ער האָט דאריבער בעשלאָסען צו ריידען צו איעדאַ'ן און בעטען ביי איהם רחמים.

— דו ווייסט דאָך אַז מיר ביידע האָבען שטענדיג ערפילט אונזערע פליכטען צו דער קאטוילישער קירכע, און וויפיעל מאראַנען האָט מיין זוהן געהאָלפען אומברייינגען? ער האָט זיך געפיהלט זעהר דערשלאָגען דאָס וואָס דו האָסט דעקאָמענדירט פעדראַ ארבועז'ן פאַר דעם הויפּט אינקוויזיטאָר, נאָכדעם ווי דו האָסט איהם פאַרשפּראָכען. איך בין זיך מודה, אַז אויך איך בין אויף דיר עטוואָס אין כעס געוועזן... אָבער מיר זיינען דאָך פריינד, מיר טהוען ביידע אונזער פליכט צו דער קירכע און אונזער הייליגער צוועק איז צו פאַרברענען די אומגליקליכע... דאריבער בעט איך דיך אַז דו זאָלסט באַפרייען מיין זוהן און ניט דערלאָזען דערצו אַז ער זאָל גע'משפט ווערען.

— דיין זוהן האָט מיך געוואָלט אומברייינגען, ער האָט מיך געוואָלט פאַר־שעהמען און ערנידריגען אין די אויגען פון דעם קעניג און קעניגין, אַזוי אַז

איך וואָלט שוין מעהר מיין קאָפּ ניט געקענט הויבען. און יעצט קומסטו מיך בעטען איך זאָל איהם באַפרייען. דאָס וואָלט געמיינט אז איך בין ווירקליך שולדיג.

— איך וועל זעהן אז ער זאָל זיך פאר דיר עפענטליך ענטשולדיגען! — האָט סאַן מארטין ווייטער געזאָגט.

— ווען איך אליין וואָלט געוואוסט פון זיין פארברעכען וואָלסטו עס פון מיר געקענט פארלאַנגען. יעצט אָבער, אז אזוי פיעל עדות האָבען עס בייגע־וואוינט, קען איך איהם גאָרניט העלפען. דו דאַרפסט ניט פארגעסען אז דיין זוהן מארטין איז לעצטענס פאררעכענט געוואָרען פאר א גייסטליכען, און ווי אזוי קען ער זינקען אזוי נידריג און צו זינדיגען מיט דער גאסען־פרוי!...

— און דו? — האָט שוין סאַן מארטין מיט אויפרעגונג געזאָגט, — האָסטו דען מיט איהר פריהער ניט געזינדיגט? מיין זוהן האָט מיר געזאָגט, אז זי האָט איהם דערצעהלט.

— איך זעה אז אויך דו ווילסט אויף מיר א בלבול מאכען! — האָט איעדראַ מיט צאָרן אויסגערופען, — יעצט מעגסטו זיכער זיין, אז דיין זוהן וועט גע־משפּט ווערען ביי דער אינקוויזיציע, ווייל ער האָט געזינדיגט געגען דער קירכע, און ער וועט גע'משפּט ווערען ווי אלע אזעלכע פארברעכער. און אויב ער וועט געפונען ווערען אומשולדיג, דאַן וועט דאָך גאָר ניט געשעהן צו איהם! איך וועל זעהן אז מען זאָל איהם משפּט'ן מיט יושר.

סאַן מארטין האָט געזעהן אז ער וועט מיט איעדראַ'ן גאָר ניט אויפטהאָן, איז ער אוועקגעגאַנגען צום מאָנאַסטיר זיך צו זעהן מיט פּעדראָ ארבועז'ן. ער איז אָבער אָנגעקומען פּונקט אין דעם טאָג ווען ארבועז האָט זיך געגרייט צו פארלאָזען סעוויל און ווען ער האָט זיך געזעגענט מיט אלע נאָנעס, און ער האָט דאַן אין דער קירכע אָפּגעהאַלטען א געבעט און אויף אלע געשפּריצט מיט דעם "הייליגען" וואסער.

די אויפזעהערין פון מאָנאַסטיר, טערעסאַ, איז געווען אונצופרידען מיט דעם וואָס ארבועז פארלאָזט דעם מאָנאַסטיר. זי האָט גאָרניט צוגעלעגט צו דעם. זייט ער איז געווען פארבונדען מיט דעם מאָנאַסטיר, איז זי רייך געוואָרען... ער פלעגט אהין בריינגען פיעלע פון זיינע נאָהענטסטע גייסטליכע, וועלכע האָבען געהאַט פיעל געלד. זי האָט געוואוסט אז ווען אימיצער אַנדערש וועט פארנעה־מען ארבועז'ס פּלאַץ, וועלען יענע גייסטליכע נעהמען ווייכען פון מאָנאַסטיר. זיי וועלען מורא האָבען דאָרט צו קומען און דורך דעם וועט זי זעהר פיעל ליידען. זי האָט דאריבער אָנגעווענדעט אלע איהרע כחות איהם אפּצורעדען פון צו פארלאָזען סעוויל. ער האָט זיך אָבער צו איהר ניט צוגעהערט. ער האָט געזאָגט אז ער הערט ווי די שטימע פון יעזוס'ן רופט איהם צו געהן נאָך סאראַגאָסאַ און "ראטעווען" טויזענדע נשמות... ער וועט מוזען געהן אהין.

— איך ווייס פארוואָס דו ביזט אזוי נייגעריג דיזען פּלאַץ צו פארלאָזען, — האָט טערעסאַ זיך אָפּגערופען, — ווייל דו האָסט מורא אז ביטרים וועט אמאָל ארויסגעבען אלעס וואָס דו האָסט אָפּגעטהאָן אין מאָנאַסטיר. אָבער איך קען דיר פארזיכערען אז דאָס וועט קיין מאָל ניט פּאסירען. ניט אזוי לאַנג ווי איך לעב און איך בין די אויפזעהערין. אפילו פערנאַנדאַ דע טעלאַוועראַ וועט ניט

וואגען שלעכטעס צו ריידען פון דיר. און לעצטענס זיינען דאָ אָנגעקומען פיעלע יונגע און שעהנע נאָנעס... אייניגע פון זיי זיינען, דוכט זיך, אפילו שעהנער פון ביטריס ענריקעז...

— אומזיסט זיינען דיינע רייד, טערעסא! — האָט ארבועז זיך אָפּגערו־פען, — איך וועל ניט אויפגעבען מיין אמט אלס הויפּט אינקוויזיטאָר פון סאראַ־גאָסא... ווען איך וועל מיעד ווערען פארברענענדיג די טויזענדע מאראנען, דאַן וועל איך פיעלייכט זיך אומקעהרען אהער.

אימיצער האָט געלאָזט וויסען טערעסא'ן, אז סאַן מארטין איז געקומען און וויל זיך זעהן מיט ארבועז'ן.

— איך האָב קיין חשק ניט זיך מיט איהם צו זעהן! — האָט ארבועז זיך אָפּגערופען, — איך ווייס צוליעב וואָס ער איז געקומען. אָבער איך וויל זיך ניט מישען אין דעם. אָיעדא האָט זעהר גוט געהאנדעלט... דאַן מארטין האָט אויף איהם געוואָלט א בלבול מאכען, און יעצט וועט ער פאר דעם בעצאָהלען.

— פון דעסטוועגען וואָלט איך דיך געראטהען אז דו זאָלסט זעהן ווירקען אויף אָיעדא'ן ער זאָל דעם יונגען דאָן מארטין מוחל זיין, און צוריקציהען זיין בעשולדיגונג.

— דאָס איז אונמעגליך! אַלע וויסען שוין פון דעם! ער וועט כוזען גע'משפט ווערען! — האָט פּעדרא ארבועז אויסגערופען, — און דאָס איז נאָך אַן אורזאכע וואָס איך וויל וואָס שנעלער פארלאָזען סעוויל. איך וויל דערביי ניט זיין.

אָבער ווען סאַן מארטין איז דאָך ארייננעלאָזען געוואָרען אין מאָנאסטיר, האָט ער זיך גלייך געווענדעט צו ארבועז'ן ער זאָל העלפען באפרייען זיין זוהן:

— איך ווייס אז דיינע רייד וועלען האָבען א גרויסע ווירקונג אויף אָיעדא'ן

— האָט ער געזאָגט צו ארבועז'ן.

— אָבער איך מוז נאָך היינט פארלאָזען סעוויל. מיין פריינד יולגאַר וואַרט אויף מיר, און באלד פאָהרען מיר ביידע אָפּ נאָך סאראַגאָסא... אָבער איך בין זיכער אז גערעכטיגקייט וועט געטהאָן ווערען צו דיין זוהן, און ווען דו וועסט זיך אליין זעהן מיט אָיעדא'ן וועסטו אויך ביי איהם פועל'ן.

— איך בין שוין געווען ביי איהם, אָבער זיין הארץ איז אזוי הארט ווי א שטיין, ער האָט צו מיין געבעט קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשאָנקען.

— אויב אזוי קען איך דיר ווייניג וואָס העלפען! — האָט ארבועז געזאָגט, און האָט פארלאָזען דאָס צימער.

סאַן מארטין איז געבליבען שטעהן אין מיטען צימער מיט א געבויגענעם קאָפּ... ער איז געווען פארצווייפעלט.

— זיי ניט בעזאָרגט! — האָט טערעסא זיך אָפּגערופען, — איך וועל זעהן אז דיין זוהן זאָל באפרייט ווערען.

— דו?! — האָט סאַן מארטין איהר אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג, — ווי אזוי וועסטו עס קענען באווייזען?

— קום אהער מאָרגען אין דער פריה, און איך וועל מיט דיר ריידען וועגען דעם, עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז איך וועל דיר קענען טהאָן א טובה.

— מאָרגען דארף פאָרקומען דער משפט איבער מיין זוהן! און איך וואָלט וועלען דו זאָלסט זיך זעהן מיט אָיעדא'ן פאר דעם.

— דו ווייסט דאך אז פאר מיר איז אונמעגליך צו פארלאזען דעם מאנאסטיר, אבער איך גלויב אז ווען דו וועסט נאך היינט צו איהם אוועקגעהן און זאגען אז איך וויל זיך מיט איהב זעהן, וועט ער צוקומען נאך דיזען אווענט אהער. זאג איהם אז זיי אויפזעהעריז פון מאנאסטיר האט זעהר וויכטיגעס מיט איהם צו ריידען, און צוליעב זיין אייגענער טובה וועגען זאל ער גלייך צו מיר קומען. אבער דו וועסט דארפעןווארטען אביסעל ביז וואנען ארבוען וועט פארלאזען די שטאדט.

— ווי איך פארשטעה, ווייסטו א וויכטיגען סוד וועגען איעדרא'ן. אויב אזוי בעט איך דיך, דערצעהל עס מיר און איך וועל עס קענען אויסנוצען געגען איהם.

— ניין, דאס קען איך ניט! פריהער וועל איך זיך אליין מיט איהם מוזען זעהן, און אויב ער וועט זיך צו מיינע רייד ניט וועלען צוהערען, ערשט דאן וועל איך וויסען וואס צו טהאן!

ווען סאן מארטין האט זיך צוריקגעקעהרט פון מאנאסטיר, איז שוין געווען גאנץ שפעט. ער איז גלייך אוועק צו איעדרא'ן, אבער ער האט איהם אין הויז ניט געטראפען. ער האט זיך דערוואוסט אז איעדרא און נאך איינינע גייסטליכע זיינען גערופען געווארען אין פאלאץ פאר א בעראטונג. און דאס וואס מען האט איהם קיין איינלאדונג ניט געשיקט, האט איהם נאך א סך מעהר געערגערט. ער האט גענומען איינזעהן אז מיט איהם רעכענט מען זיך שוין ניט. יעצט נאך מעהר ווי פריהער האט ער געוואלט וויסען די געהיימנים וואס טערעסא ווייס וועגען איעדרא'ן. ווען ער זאל האבען א בייטש איבער איהם, וועט ער מעגליך קענען רעטען זיין זוהן. ער האט בעשלאסען ארויסצוקריגען דעם סוד פון טערעסא'ן... ער וועט צו איהר אוועקגעהן און זאגען, אז ווען ער האט איעדרא'ן דערמאנט איהר נאמען, האט ער זיך אויסגעלאכט פון איהר... דאס וועט איהר מאכען צו ריידען...

---

אויף מארגען איז פארגעקומען דער משפט איבער דאן מארטין.

סאן מארטין האט ניט געקענט אריינגעהן אינעווייניג. ער האט דאריבער געווארט אין דרויסען מיט גרויס אונגעדולד. ער האט געזעהן פיעלע מאנאכען און גייסטליכע וועלכע זיינען גערופען געווארען אלס עדות געגען זיין זוהן. ער האט אויך געזעהן מארילא'ן, וועלכער האט זיך פריהער גערעכענט פאר זיין בעסטען פריינד און וועלכער האט זיין זוהן אריינגענארט ער זאל זיך מודה זיין כדי מען זאל איהם קענען ארעסטירען. ער האט געוואוסט אז מיט אזעלכע עדות וועט דאן מארטין האבען א שוואכע געלעגענהייט זיך ארויסצודרעהען. זיין צארן האט אין איהם געברענט אויף די אלע וועלכע האבען זיך פארזאמעלט צו משפט'ן זיין זוהן... ער האט ביי זיך ניט געקענט באשליסען אויב ער זאל פריהער געהן צו טערעסא'ן אדער ווארטען דא ביז נאכ'ן משפט.

אימיצער איז ארויסגעקומען פון געריכט'ס הויז, און סאן מארטין איז איהם אנטקעגען געגאנגען:

— זאג מיר, איך בעט דיך, ווי האלט עס מיט מיין זוהן? — האט סאן מארטין איהם געפרעגט.

— זעהר שלעכט! — האט יענער איהם געענטפערט, — אלע באווייזע זיינען געגען איהם. אבער דיין זוהן האלט אין איין שרייען אז מען זאל אהער

ברייִנגען די אויסגעלאַסענע פרוי לאַ פערמאַנסאַ, דאַן וועט ער אַלעמען איבער־צייגען אַז ער האָט קיין פאַרברעכען ניט בעגאַנגען.

— האָט ער געזאָגט וואו מען קען זי געפינען? — האָט סאַן מאַרטין גע־פרעגט.

— ער האָט געזאָגט אַז מען קען זי געפינען אין איהר הויז הינטער דער שטאָדט. און אויב זי איז דאָרטען ניטאָ, קען מען זי געפינען ביי דעם אַלטען שפּייז־קרעמער וועלכער האַלט זיין שפּייז־קראָם ניט ווייט פון איהר הויז. ער האָט זעהר רחמנות אויף איהר און ער גיט איהר עסען.

— איך וועל זי אהער ברייִנגען! — האָט סאַן מאַרטין אויסגערופען, — אפילו ווען איך וועל זי דאַרפען שלעפּען ביי די האָר פון קאָפּ.

ער איז שנעל אוועק הינטער דער שטאָדט. און ווען ער האָט זי ניט גע־טראָפען אין דעם הויז, איז ער אוועק צו יענעם אַלטען שפּייז־קרעמער.

לאַ פערמאַסאַ פעמבראַ איז דאָרטען געווען. זי האָט ארויסגעקוקט דורך דעם פענסטער און דערזעהן סאַן מאַרטין'ען אַנקומענדיג. זי איז שנעל צוגעגאַנגען צו דעם אַלטען קרעמער און מיט טרעהרען אין די אויגען זיך אַפּגערופען:

— דו האָסט מיט מיר פיעל חסד געטהאָן, טהו מיט מיר בלויז דיזע טובה. אָט קומט אָן סאַן מאַרטין, איך ווייס אַז ער קומט נאָך מיר, ער וויל מיר שלעכטס טהאָן. בעהאַלט מיך, און ווען ער וועט דיך פרעגען צי איך געפין זיך אין דיין הויז, זאָלסטו איהם זאָגען אַז איך בין נאָר וואָס אוועקגעגאַנגען.

דער אַלטער האָט זי בעהאַלטען, און איז אריין צו זיך אין קראָם. באַלד איז אהין אריינגעקומען סאַן מאַרטין.

— איך האָב געהערט אַז לאַ פערמאָסאַ פעמבראַ, די אויסגעלאַסענע טאָכ־טער פון דעם מאַראַנאַ דיעגאָ דע שושאַן, קומט גאַנץ אָפט אריין צו דיר אין הויז.

— יאָ, דאָס איז ריכטיג. איך האָב שטאַרק רחמנות אויף איהר. זי איז זעהר אומגליקליך, זי איז קראַנק און פאַרלאָזען, זי איז ביי אַלעמען פאַרהאַסט און גע'רופ'ט און ווען זי קומט אריין צו מיר, גיב איך איהר עטוואָס שפּייז, אָבער היינט איז זי ביי מיר ניט געווען. זי מוז געווים ארומוואַנדערען איבער דער שטאָדט...

— איך מוז זי אומבעדינגט זעהן! — האָט סאַן מאַרטין מיט גרויס פאַר־צווייפלונג געזאָגט, — מיין זוהן'ס לעבען היינגט אויף אַ האָר!

— דיין זוהן! — האָט דער אַלטער געענטפערט, — זי האָט מיר דערצעהלט ווי אַזוי ער האָט איהר אומגליק פאַראורזאַכט. ווי אַזוי ער האָט זי בעוואָגען זי זאָל פערראַטהען איהרע אייגענע עלטערן. און ווי אַזוי מען האָט זיי פאַר־ברענט אויף דעם אויטאָ־דע־פע.

— גלויבסטו, אַלס עהרליכער קאַטאָליק, אַז ער האָט ניט ריכטיג געהאַנדעלט?

— האָט סאַן מאַרטין אויף איהם געקוקט מיט פאַרדעכטיגטע בליקען.

— איך בין ניט קיין שופט וועלכער זאָל קענען אורטיילען אויב ער האָט ריכטיג געהאַנדעלט אָדער ניט. איך ווייס נאָר, ווען איך דערזעה דיזע אומ־גליקליכע פרוי, קריג איך רחמנות אויף איהר, און ווען זי זאָגט מיר, אַז זי איז הונגעריג גיב איך איהר שפּייז.

— פיעלייכט ווייסטו וואו זי געפינט זיך? זאָג מיר, איך בעט דיך.

— איך האָב דיר געזאָגט, אַז הינטער דער שטאָדט, דאָרטען אין סליי־

נעם װעלדעל, פלעגט זי זיך גאנץ אפט טרעפען מיט דיין זוהן. זי איז איצט געװיס דארטען.

— און װען דו װעסט זי זעהן זאלסטו זי אויפהאלטען ביז װאנען איך װעל ױך צוריקקעהרען, װײל דו דארפסט פארשטעהן אז אויב איך בין נאך איהר געקומען, איז עס א צייכען אז עס איז זעהר נויטיג זי זאל מיט מיר מיטגעהן צום געריכט־הויז.

— איך װעל דיין פארלאנג ערפילען! — האט דער אלטער איהם פארשפראכען.

װען סאן מארטין איז ארויס, איז ער אװעק צו דעם צימער װאו לא פערמאסא האט זיך בעהאלטען, און ער האט איהר איבערגעגעבען װאס סאן מארטין האט איהם געזאגט.

— אויף דעם האב איך לאנג געװארט איך זאל קענען נקמה נעהמען אן דעם װעלכער האט מיר אזוי פיעל שלעכטעס געטהאן. און װען איך װעל האבען דיזע נקמה דורכגעפיהרט, װעל איך קענען רוהיג שטארבען... איך װייס, אז צו מיין פארברעכען איז קיין פארגעבונג ניטא... א טאכטער זאל איבערגעבען איהרע עלטערען אין די הענד פון מערדער, דאס איז די גרעסטע זינד, און כאטש איך בין אזוי ארייגעצװיגען געװארען דורך סאן מארטין, װייס איך אז צו אזא פארברעכען איז אין דער װעלט קיין גלייכען ניטא. די איינציגע טאכטער פון אזעלכע ליעבע און געטרייע עלטערען זאל שפיאנירען און נאכהער זיי איבערגעבען אין די הענד פון רוצחים... מיט יעדען טאג װאס איך לעב איבער װערט די װאונד אין מיין הארצען גרעסער. איך זעה אז מיינע טעג זיינען געצעהלטע. און יעצט װיל איך פון דיר עטװאס פארלאנגען. דו ביזט צו מיר געװען דער איינציגער פריינד, װעלכער האט אויף מיר רחמנות געהאט, און יעצט האב איך איין איינציגען װאונש: נאך מיין טויט, זאלסטו מיין קאפ באגראבען אונטער דער שװעל פון דעם הויז װאו איך געפין זיך. זאלען די מענשען טרעטען אויף מיר מיט זייערע פיס אזוי װי איך האב געטראטען מיט מיינע פיס די געזעצען פון דער נאטור... איך בעט דיך, שװער מיר צו, אז דו װעסט מיין װאונש ערפילען... אויב ניט װעל איך אין מיין קבר ניט קענען רוהען.

דער אלטער האט איהר פארשפראכען און צוגעשװארען אז ער װעט איהר װאונש ערפילען.

---

דער משפט איבער דאן מארטין האט געדויערט א גאנצען טאג. די װיכטיגסטע לייט פון סעװיל זיינען געקומען צום משפט. די בישאפען און מאנאכען װעלכע זיינען געקומען עדות זאגען געגען דאן מארטין זיינען בעגלויבט געװען. זיי האבען געהאט אלע באװייזע אז ער איז שולדיג אין צװיי גרויסע פארברעכענס: אז ער האט געהאט בעציהונגען מיט דער גאסען־פרוי, און אז ער האט דורך איהר געװאלט מאכען א בלבול אויף דעם הייליגען גייסטליכען אלאנזא דע איעדא.

דאן מארטין האט זיך מודה געװען אין דעם צװייטען פארברעכען, אבער ער האט געלייקענט אין דעם ערשטען פארברעכען. ער האט גע'טענה'ט אז לא פערמאסא האט זיך אן איהם געװאלט נוקם זיין, דאריבער האט זי אויף איהם א בלבול געמאכט.

— און ווי אזוי קומט צו איהר דיין זיגעל־רינג? — האָט איהם אַיעדא געפרעגט.

דאָן מארטין האָט גענומען פּלאָנטערען מיט'ן צונג, און נאכהער קוים ארויסגערעדט:

— זי האָט אנדערש ניט געוואָלט געהן מאכען דעם בלבול אויף דיר.

דאָס האָט נאָך אַיעדא'ן מעהר אויפגערעגט, און ער האָט מיט צאָרן אויסגערופען:

— דו ביזט אַן אומווירדיגער מענש. דו האָסט פארשוועכט דעם נאמען פון אונזער גאָט.... איך בין זיכער אז די שופטים וועלען פאר דיר געפינען די ריכטיגע שטראָף. אַיעדא האָט גערעדט מיט ביטערקייט געגען איהם.

קורץ נאָך אַיעדא'ס רייד האָבען די שופטים ארויסגעגעבען זייער אורטייל אז זיי געפינען דאָן מארטין שולדיג איןביידע פארברעכענס, און ער וועט דארפען פארברענט ווערען אויף דעם אויטאָ־דע־פע.

בליץ־שנעל איז די נייעס פון דעם אורטייל פארשפּרייט געוואָרען איבער סעוויל. סאָן מארטין, זיין פאטער, האָט איינגעלעגט וועלטען, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. אין דעם בעשטימטען טאָג האָט מען דעם יונגען דאָן מארטין, וועלכער איז געווען דער ערשטער צו ענטדעקען די בעהאַלטענע אידען און פאראורזאכט זייער טויט, געפיהרט אליין צו דעם זעלבען אויטאָ־דע־פע.

גאַנץ סעוויל איז ארויסגעקומען צו זעהן ווי א געוועזענער גייסטליכער און דער זוהן פון איינעם פון די הויפּט־אינקוויזיטאָרען, ווערט פארברענט אויף דעם אויטאָ־דע־פע.

איינגעהילט אין א דיקען שלייער האָט זיך לאַ פערמאָסא דורכגעשפּארט דעם געדיכטען המון און האָט זיך דערנעהנטערט צו דעם אויטאָ־דע־פע... זי האָט געזעהן די פלאמען וואָס קומען פון דאָרט ארויס... אין איהרע געדאנקען זיינען ארויפגעשוואומען איהרע עלטערן... זי דערמאָנט זיך ווי אזוי מען האָט זיי פריהער אזוי שרעקליך געפּייניגט און דאן האָט מען זיי פארברענט. יעצט פיהרט מען דאָן מארטין, וועלכער האָט איהר אזוי שרעקליך פערראַטהען... אויף דיזען מאָמענט האָט זי לאַנג געוואַרט. זי זעהט יעצט א נקמה אָן איהם. זיינע קולות דערגרייכען איהרע אויערען, און זי פיהלט זיך אזוי גרינג אויף'ן הארצען... זי זעהט אז דער רשע בעקומט זיין שטראָף. זי באַמערקט ווי זיין פאטער סאן מארטין לויפט ארום פון אַיעדא'ן צו די בישאָפען, ווי ער בעט זיך ביי זיי, אָבער זיינע רייד פאלען אויף טויבע אויערען.

דער בישאָף גיט א צייכען מיט זיין האַנד אז אַלעס איז פארטיג. דאָן הערט זיך א געזאנג פון די מאָנאכען. מען פיהרט דאָן מארטין צום אויטאָ־דע־פע.

די מאָנאכען האַלטען שווארצע ליכט און צלמים אין זייערע הענד... דאָן מארטין האָט ארויסגעצייגט א גרויסען ווידערשטאנד... ער האָט זיך געראַנגעלט מיט די וועלכע האָבען איהם געפיהרט... אָבער זיי האָבען איהם בייגעקומען. מען האָט איהם ארויפגעפיהרט אויף דער פּלאטפאָרמע און איהם צוגעבונדען צו דעם זייל, און דערנאָך האָבען די פלאמען איהם ארומגעהילט... א רויך האָט ארויסגעזעצט...

די צערעמאָניע האָט זיך געענדיגט, און דער המון האָט געשטילט זיין דורשט און לוסט נאָך מענשען־בלוט, אָבער די צופרידענהייט איז ניט געווען

אזוי גרוים ווי די וועלכע פלעגט צו זיי קומען נאכדעם ווי מען פלעגט פאר־ברענען א מאראנא.

לא פערמאסא האט זיך קוים דערשלעפט צו איהר הויז. און אין איינינע טעג ארום איז זי געשטארבען.

דער אלטער האט איהר וואונש ערפילט. ער האט איהר קאפ באגראבען אונטער דער שוועל פון דעם הויז, וואו זי האט זיך אויפגעהאלטען.

---

גלייך נאך דער הינריכטונג פון זיין זוהן, איז סאן מארטין אוועק אין מאנאסטיר.

— נו, וואס זאגסטו אויף מיין אומגליק? ! — האט ער זיך אפגערופען צו טערעסא'ן, — מיינע טרעהרען און געבעטען האבען ניט געהאלפען. איעדא האט זיינס דורכגעפיהרט. ער האט פון מיר אוועקגערויבט מיין איינציגען זוהן.

— האסטו איהם געזאגט אין מיין נאמען אז ער זאל זיך מיט מיר קומען זעהן אין מאנאסטיר? — האט טערעסא איהם געפרעגט.

— יא, איך האב דאס איהם געזאגט, אבער ער האט זיך פון דיר אויס־געלאכט. ער האט צו מיר געזאגט: "ווער איז זי, די אומווירדיגע פרוי, אז איך זאל צו איהר קומען"!

— אזוי האט ער וועגען מיר גערעדט! — איז טערעסא אויפגערעגט גע־ווארען, — איך וועל איהם שוין ציינען וואס איך קען טהאן צו איהם. דו האסט זיך בענארישט, סאן מארטין, וואס דו ביזט גלייך ניט געקומען און מיר איבער־געגעבען זיינע רייד, דאן וואלט נאך פיעלייכט געווען א מעגליכקייט צו רעטען דיין זוהן.

— איך בין געווען אזוי צומראגען, אז איך האב ניט געוואוסט וואס צו טהאן. איך בין געלאפען אויפזוכען די אויסגעלאסענע לא פערמאסא... איך האב זיך געטראכט, פיעלייכט וועל איך זי קענען צווינגען צוריקצוציהען איהר בע־שולדיגונג, כאטש איך וויים, אז איעדא וואלט שוין געזעהן אז מען זאל איהם פאר'משפט'ן צום טויט פאר דעם צווייטען פארברעכען אין וואס מיין זוהן האט זיך געהאט מודה געווען... יא, דער פאלשער גרויזאמער איעדא שרעקט זיך פאר קיינעם ניט.

— איך וועל איהם ציינען אז פאר מיר האט ער זיך שוין יא וואס צו שרעקען... דו וועסט באלד הערען א זאך וואס דו וועסט שטוינען. זיי וויסען אז איעדא אליין איז ווייט פון צו זיין אומשולדיג און הייליג...

— וואס בעדייטען דיינע רייד? — האט סאן מארטין זיך אפגערופען.

— געדענקסטו אז איעדא איז פלוצלינג פארפאלען געווארען און קיינער האט ניט געוואוסט וואו ער איז אהינגעקומען. און ווען ער האט זיך נאך דריי יאהר וואנדערען צוריקגעקעהרט, האט ער פאר אלעמען געזאגט, אז ער האט אפגעריכט גלות און פארבראכט מיט די הייליגע גייסטער, און ער איז צוריק־געקומען א הייליגער, א געלייטערטער. דער קעניג און די קעניגין האבען איז איהם געגלויבט, און דאריבער איז ער אזוי שנעל דערהויבען געווארען. אבער פעדרא ארבועז און איך וויסען עפעס אנדערש. מיר וויסען וואס ער האט גע־טהאן דורך די דריי יאהר צייט... ער פלעגט פארפיהרען אומשולדיגע מיידלעך...

— ווי אזוי קען מען דאָס באַווייזען ? — האָבען סאַן מאַרטין׳ס אויגען גענומען גלאַנצען.

— דאָ אין מאַנאַסטיר געפינט זיך א נאָנע, וועלכע האָט דערקענט איעדא׳ן אַלס דעם פאַטער פון איהר קינד. דאָס איז נאָך געווען מיט א פּאָר יאָהר צוריק, ווען איעדא האָט זיך נאָר וואָס צוריקגעקעהרט נאָך סעוויל. ער האָט זיך דאַן באַגעגענט מיט פעדרא ארבועז, וועלכער האָט איהם איינגעלאַדען אין מאַנאַסטיר. ווען אַלע נאָנעס האָבען זיך פאַרזאַמעלט צו גאָטעס־דינסט אין קירכע, האָט איין נאָנע איהם דערקענט און זי .האָט פּלוצלינג ארויסגעלאָזען א געשריי, און איז געפאַלען אין חלשות... ווען מען האָט זי דערמינטערט האָט זי פאַר ארבועז׳ן אַלעס דערצעהלט. זי האָט דערצעהלט ווי אזוי איעדא איז געקומען אין דעם דאָרף וואו איהרע עלטערען געפינען זיך און איהר פאַטער האָט איהם אַלס היילינען צו זיך אין הויז איינגעלאַדען, דאַן האָט ער זי, די אומשולדיגע יונגע טאָכטער, פאַרפיהרט און אזוי שנעל ווי ער האָט אויסגעפונען אז זי דאַרף ווערען מוטער איז ער פארשוואונדען געוואָרען. איהר פאַטער האָט איהר מער־דעליך געשלאָגען און זי האָט ניט געוואָלט אויסזאָגען וועֶר דער פאַטער פון איהר קינד איז. דאַן האָט ער זי אוועקגעשיקט אין מאָנאַסטיר... און יעצט האָט זי איהם דאָ דערזעהן. ארבועז האָט ניט געוואָלט עס זאָל דאַן קומען צו אַן עפענטליכען סקאַנדאַל, האָט ער דאריבער בעוואויגען די נאָנע זי זאָל איהם צושווערען קיינעם דיזען סוד ניט צו ענטדעקען, סיידען זי וועט פון איהם די ערלויבניס קריגען... און יעצט פארשטעהסטו שוין פאַר וואָס איעדא איז אזוי פריינדליך צו ארבועז׳ן ?

— אָה, דער פארפלוכטער פאַלשער איעדא ! — האָט סאַן מאַרטין זיך אָפּגערופען, — איך וועל זיך אָן איהם נוקם זיין.

— יאָ, ער וועט דערפאַר בעשטראָפט ווערען, אויב דו וועסט וויסען ווי אזוי צו האַנדלען.

— איך האָב אָבער מורא אז מען וועט מיר ניט וועלען גלויבען. מען וועט מיינען אז איך זוך ווידער אויף איהם א בלבול צו מאַכען !

— איך וועל דיר ראַטהען וואָס צו טהאָן. דו פאָהר אוועק אין דעם דאָרף וואו די עלטערען פון דער נאָנע וואוינען, און דאָרטען וועסטו בלויז דאַרפען זאָגען צו איהר פאַטער אז דו האָסט אויסגעפונען ווער דער פאַטער פון זיין טאָכטער׳ס קינד איז, און ווען ער וועט מיט דיר מיטקומען נאָך סעוויל, דאַן וועסטו איהם אָנצייגען זיין טאָכטער׳ס פארפיהרער. איך וועל דערווייל זעהן צו ריידען מיט דער נאָנע און איהר זאָגען אז ארבועז האָט איהר באַפרייט פון איער שבועה, און אז יעצט איז געקומען די צייט דאָס איהר קינד זאָל ווערען געזעצליך. דאַן וועלען מיר צוזאַמענברייינגען דעם פאַטער מיט דער טאָכטער און מיט דעם קינד, און דאַן וועט זיך שוין איעדא ניט קענען ארויסדרעהען. איך וועל שיקען די נאָנע צו איהם און ער וועט שוין קומען אין מאָנאַסטיר. איך וועל זעהן אז פיעלע גייסטליכע זאָלען אנוועזענד זיין ווען מען וועט איהם ברייינגען פּנים אל פּנים מיט דער נאָנע און זיין קינד. און זאָל ער פּרובירען דאַן אָפּלייקענען.

— אָה, ווען איך וועל דאָס קענען דורכפיהרען, וועט עס זיין פאַר מיר די

גרעסטע באַפּרידיגונג... איך וועל זיך קענען נוקם זיין אַז מיין גרעסטען שונא וועלכער האָט פאַרגאָסען מיין זוהן'ס בלוט...

— טהו אַלעס וואָס איך האָב דיר געהייסען, און איך וועל דיר ארויסהעלפען אין דעם — האָט די אויפזעהערין פון מאָנאַסטיר איהם געזאָגט.

סאַן מאַרטין איז דעם זעלבען טאָג אוועקגעפאָהרען נאָך יענעם דאָרף. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף דער משפחה פון דער נאָנע און ווען ער איז צוגעקומען צו איהר פאָטער, האָט ער זיך אָפּגערופען:

— איך בין איינער פון די הויפּט אינקוויזיטאָרען אין סעוויל. איך בין צו דיר געקומען מיט זעהר א וויכטיגע שליחות. איך ווייס אַלעס וואָס עס האָט פּאַסירט צו דיין טאָכטער וועלכע געפינט זיך אין מאָנאַסטיר. זי האָט דער־קענט דעם וועלכער האָט איהר פאַרפיהרט.

— וואו געפינט ער זיך, דער נידערטרעכטיגער יונג! — האָט דער פאָטער אויסגעשריען מיט צאָרן, — איך וועל איהם אויף שטיקער צורייסען.

— ער געפינט זיך אין סעוויל. ער פאַרשטעלט זיך פאַר א היילינגען, און ווען ער איז צופעליג איינמאָל געקומען אין מאָנאַסטיר האָט איהם דיין טאָכטער דערקענט אַלס דעם פאָטער פון איהר קינד. געוועהנליך האָט מען דאָן ניט געוואָלט דערלאָזען צו אַז עפענטליכען סקאַנדאַל ביז אַלעס וועט דורכגעפאָרשט ווערען, און יעצט ווען איך האָב שוין אַלע בעווייזע וואָס צייגען אַז ער איז דער שולדיגער, בין איך געקומען צו דיר, דו זאָלסט איהם אויך דערקענען, ווייל ווי איך האָב זיך דערוואוסט, האָט ער פאַרבראַכט אין דיין הויז א היבשע צייט.

— דו מיינסט אַז יענער היילינגער איז דאָס דער פאָטער פון מיין טאָכ־טער'ס קינד! — האָט ער מיט גרויס פאַרוואונדערונג אויסגערופען.

— יא, דו ווייסט דאָך אַז קיין אַנדערער איז דאָן ביי דיר אין הויז ניט געוועזען.

— אָה, עס איז אונמעגליך. ער איז דאָך געוועזען אַזא היילינגער מאַן... טאָג און נאַכט האָט ער געקניהט פאַר דעם היילינגען בילד, און האָט מתפלל געוועזען. אָה, מיין אומגליקליכע טאָכטער, יעצט זעה איך, אַז זי איז געוועזען אומשולדיג... אומזיסט האָב איך זי געשלאָגען, און אַלס שטראָף זי פאַרטריבען פון מיין הויז. איך האָב זי אין מאָנאַסטיר אוועקגעגעבען.

— דיין ערשטוינונג וועט נאָך גרעסער ווערען ווען דו וועסט זיך דערוויי־סען ווי אַזוי אַט יענער אומווירדיגער מאַן האָט אַלעמענס אויגען פאַרבלענדעט. ער איז זעהר חשוב אין די אויגען פון קעניג און קעניגין. ער איז דערהויבען געוואָרען צו זיין דער גרעסטער פון די הויפּט־אינקוויזיטאָרען פון סעוויל, זיין נאָמען איז אַלאָנזאָ דע אָיעדאָ.

— אַט דיזער היילינגער איז דער פאַרפיהרער פון מיין טאָכטער?! — האָט ער זיך ניט געקענט גלויבען, — מעגליך אַז עס איז א טעות! עס איז דאָך אונ־מעגליך.

— נאָך דעם ווי דיין טאָכטער האָט איהם דערקענט, האָט ער זיך אַליין מודה געוועזען און פערלאַנגט מען זאָל עס פאַר קיינעם ניט דערצעהלען. יעצט אָבער איז זיין צייט געקומען... דו וועסט מיטנעהמען דיין טאָכטער'ס קינד און

קומען מיט מיר אין סעוויל, און דאָן וועט אַלעס ארויסקומען. דורך דעם וועסטו אַפּוואַשען דעם פלעק פון דיין אומשולדיגער טאָכטער.

דער פאַטער האָט מיטגענומען זיין אייניקעל וועלכער איז שוין געווען פינף יאָהר אַלט, און איז מיט סאַן מאַרטין אָפּגעפאָהרען נאָך סעוויל.

— וואוהין וועלען מיר פאַרפאָהרען? — האָט ער געפרעגט סאַן מאַרטין.

— מיר וועלען אריינפאָהרען אין מאָנאַסטיר. די אויפזעהערין פון מאָנאַסטיר ווייס אויך פון דער גאַנצער געשיכטע. אהין וועלען מיר ברייגגען איעדאַ'ן און פאַר פיעלע עדות וועט ער זיין געצוואונגען זיך מודה צו זיין, בפרט ווען דו וועסט איהם דערקענען אַלס יענער הייליגער, וועלכער האָט זיך ביי דיר אין הויז אויפגעהאַלטען צו יענער צייט, און דיין טאָכטער וועט ערלויבט זיין צו ריידען... זי וועט איהם דערקענען אַלס איהר פאַרפיהרער.

אין אָווענט זיינען זיי אָנגעקומען אין מאָנאַסטיר.

אין דער צייט ווען סאַן מאַרטין איז אוועק צו דעם פאַטער פון דער נאָנע, איז טערעסאַ אריין אין צימער פון דער נאָנע און זיך צו איהר אָפּגערופען:

— איך ווייס פון אַלע דיינע ליידען. פאַר זיין פאַרלאָזען דעם מאָנאַסטיר האָט מיר דער הייליגער פאַטער ארבוען אַלעס דערצעהלט. ער האָט מיר געהייסען דיר איבערגעבען אַז ער באַפרייט דיך פון דער שבועה וואָס דו האָסט איהם צוגעשוואָרען פאַר קיינעם ניט צו ענטדעקען ווער דער פאַטער פון דיין קינד איז... יעצט איז געקומען די צייט אַז דיין קינד זאָל ווערען געזעצליך. אין גיכען וועט דיין פאַטער אהער קומען און מיטברייגגען דיין קינד.

— מיין קינד! — האָט די נאָנע אויסגערופען, און טרעהרען האָבען זיך אין איהרע אויגען באַוויזען — איך האָב איהם ניט געזעהן זינט ער איז עטליכע וואָכען אַלט געווען.

— ווען דיין פאַטער וועט אויסגעפינען אַז עס איז דיין שולד ניט געווען, וועט ער זיכער דיך צוריקרופען פון מאָנאַסטיר! — האָט טערעסאַ ווייטער געזאָגט, — און כאָטש איך האָב א רעכט דיך דאָ צו פערהאַלטען, וועל איך דאָס ניט טהאָן, ווייל איך ווייס אַז גאָט וועט דיר מוחל זיין, ווייל אויב דיין קינד וועט פון אַלעמען אנערקענט ווערען אַלס געזעצליך, דאַן איז דיין פלאַץ מיט דיין קינד.

— אָבער איך האָב דאָך געהערט אַז איעדאַ איז פאַררעכענט פאַר דעם הייליגסטען מאַן פון שפּאַניען! — האָט די נאָנע טרויעריג געזאָגט, — ווי אזוי וועל איך גאָר קענען אָנצייגען אויף איהם, אַז ער איז דער פאַטער פון מיין קינד? מען וועט מיר אפילו אין דעם ניט וועלען גלויבען!

— וועגען דעם דאַרפסטו ניט זאָרגען. דיין פאַטער וועט דאָך איהם דערקענען אַלס דעם מאַן וועלכער איז איינגעשטאַנען אין זיין הויז פאַר א לענגערע צייט, דאָס וועט ער דאָך ניט לייקענען... איך וועל שוין זעהן דאָ צו האָבען אייניגע עדות בעהאַלטענערהייט, אַז ער וועט אפילו ניט וויסען. ער וועט זיין געצוואונגען זיך מודה צו זיין, און אויב ער וועט זיך ענטזאָגען דיך צו הייראַטען, דאַן וועלען אַלע וויסען אַז ער איז געווען דער שולדיגער, און דו און דיין קינד וועלען ריינגעוואַשען ווערען.

— אָבער אַלס הייליגער איז דאָך איהם ניט ערלויבט צו הייראַטען! — האָט די נאָנע געזאָגט.

— און פארפיהרען אן אומשולדיגע מיידעל איז איהם יא ערלויבט? — האָט טערעסא געענטפערט, — ווען מען וועט זיך דערוויסען ווי אזוי ער האָט געהאנדעלט, וועט ער שוין מעהר פאר קיין היליגען ניט פאררעכענט ווערען! דו דארפסט בלויז וויסען איין זאך: יעצט ביזטו פריי אלעס צו דערצעהלען. ווען דיין פאטער וועט קומען זאָלסטו איהם זאָגען דעם ריינעם אמת, און איך וועל שוין זעהן אז איָעדא זאָל אויך אהער קומען, דאָן וועסטו אויף איהם קענען אָנצייגען אז ער איז דער וועלכער האָט דיך פארפיהרט.

יענעם אָווענט איז סאָן מארטין אָנגעקומען מיט דער נאָנע'ס פאטער און איהר קינד אין מאָנאסטיר.

טערעסא האָט באשטימט א פלאץ אין הויף, וואו דער פאטער מיט זיין אייניקעל זאָלען איבערנעכטיגען, וויל אין די מאָנאסטירען זיינען שטענדיג געווען געביידעס וואו דורכוואנדערער פלעגען קענען איבערנעכטיגען.

סאָן מארטין איז אוועק צו זיך אהיים א צופרידענער. ער וועט באלד זעהן זיין נקמה אָן זיין גרעסטען שונא. זאָל מען איהם אויך משפט'ן... אָה, ווען ער זאָל ברענען אויף דעם אויטאָ־דע־פע ווי זיין זוהן, בלויז דאָן וואָלט זיין צארן געשטילט געוואָרען, און זיין פארלאנג צו נעהמען נקמה וואָלט באפרידיגט געוואָרען.

אין דער פריה איז ער אוועק צו איינינע בעקאנטע גייסטליכע, און האָט זיי געזאָגט אז אין מאָנאסטיר וועט היינט אויפגעדעקט ווערען א זאך וואָס וועט אויפרודערען אלע גייסטליכע פון שפאניען. איהר מוזט דאָרט קומען ארום מיטאָג־צייט. די אויפזעהערין פון מאָנאסטיר וועט אייך שוין זאָגען ווי אזוי צו האנדלען און וואו צוווארטען.

זעהר נייגעריג זיינען די גייסטליכע געווען אויסצוגעפינען וועגען וואָס עס האנדעלט זיך דאָ, און דאריבער זיינען זיי אוועק צו דער בעשטימטער צייט אין מאָנאסטיר.

טערעסא האָט זיי אריינגעפיהרט אין א צימער פון וואנען א קליינע טיהרעל איז ארויסגעקומען צו א גרעסערען צימער.

— איך וועל דיזע טיהרעל לאָזען עטוואס אָפען, און דאָן וועט איהר אלעס קענען הערען און זעהן! — האָט טערעסא זיך אָפגערופען.

---

אלאָנזאָ דע איָעדא איז געזעסען אין זיין הויז פארשפארט אין זיין צימער. נעבען איהם איז געשטאנען א פלאַש וויין ,און יעדע ווילע האָט ער א זופּ געטהאָן פון פלאש און אָפגעווישט זיינע ליפען. ער האָט גלייכצייטיג נעבען זיך אָנגעגרייט ריינעם וואסער, אז ווען איינער קומט, זאָל ער גלייך קענען אויסשווענקען דאָס מויל כדי דער ריח פון וויין זאָל פארשווינדען פון זיין מויל.

זופענדיג דעם וויין האָט ער געגומען טראַכטען פון די מאראנען וועלכע ער האָט אזוי שטארק געפייניגט די לעצטע עטליכע וואָכען. ער האָט שוין מיט גרויס אונגעדולד געווארט אויף דעם טאָג ווען זיי וועלען אלע געפיהרט ווערען צום אויטאָ־דע־פע. ער קריגט א שטארקע באפרידיגונג ווען ער זעהט ווי אזוי די פארפלוכטע אידען ווערען געבראָטען אויף דעם פייער. ער דערמאָנט זיך ווי אזוי ער איז פּטור געוואָרען פון זיין שונא דאָן מארטין. יעצט איז ער נאָך

מעהר דערהויבען געוואָרען אין די אויגען פון די גייסטליכע און פון דער קעניגילכער פּאָר. ער איז זיכער אז זיין פּלאן ארויסצוטרייבען אלע אידען פון שפּאניען און צונעהמען זייער פארמעגען וועט נאָך אויך דורכגעפיהרט ווערען. פיעלע בישאָפען און זיינע פריינד שטיצען אונטער זיין פּלאן. ער האָפט אז ער וועט נאָך קענען זיך אָפּרעכענען מיט די אידען דאָן יצחק אבארבאנעל און אברהם סינאָר, וועלכע האלטען אזעלכע וויכטיגע עמטער ביי דעם קעניג. ער וויים אז זיי איבען נאָך יעצט אויס א שטארקען איינפלוס איבער פערדינאנד'ן און איזאבעלא'ן. און אזוי שנעל ווי איהם וועט געלינגען זיי אָפּצוראמען פון וועג, וועט ער מעהר קיין שוועריגקייטען ניט האָבען דורכצופיהרען אלע זיינע פּלענער וועגען די אידען פון שפּאניען, קיינער וועט איהם ניט שטעהן אין וועג.

מיט די געדאנקען איז אָיעדא דאָן געווען פארנומען זיצענדיג אליין אין זיין צימער און זופּענדיג די וויין פון פּלאש.

א קלאַפּ אין טיהר האָט זיך דערהערט. אָיעדא האָט שנעל בעהאלטען די פּלאש וויין, אויסגעשווענקט דאָס מויל און דאן האָט ער אויפגעעפענט די טיהר.

— איך האָב א בריעף פאר דיר! — האָט א מיטעל־יעהריגער מאַן זיך צו איהם אָפּגערופען, און איהם דערלאנגט א פארמאכטען בריעף.

אָיעדא האָט גענומען דעם בריעף. דער מאן האָט זיך א נייג געטהאָן און איז אוועק.

אָיעדא האָט שנעל געעפענט דעם בריעף און דורכגעלייענט פאָלגענדעס:

"הייליגער אָיעדא! דאָס שרייבט דיר די נאָנע פון מאָנאסטיר, וועלכע איז די מוטער פון דיין קינד. איך מוז דיך אומבעדינגט זעהן מאָרגען אום מיטאָג צייט. איך בין זיכער, אז דו וועסט קומען, ווייל דאָס האָט צו טהאָן מיט דעם וואָהלזיין פון אונזער קינד. איך האָב געזאָגט דער אויפזעהעריז, אז איך וויל זיך מתודה זיין פאר דיר, און דאריבער ווען דו וועסט קומען וועט קיינער גאָרניט פארדעכטיגען. איך וועל ווארטען אויף דיר אין דעם גרויסען צימער נעבען דער קירכע".

א שוידער איז דורך אָיעדא'ס קערפּער ווען ער האָט דורכגעלייענט דיזען בריעף. אויף דעם האָט ער זיך גאָרניט געריכט. וואָס פארלאנגט זי פון איהם?! האָט דען פּעדרא ארבועז ניט בעזאָרגט אז זי זאָל איהם צו־רוה לאָזען?! ארבועז האָט דאָך איהם פארזיכערט אז ער האָט איהר געמאכט צו שווערען זי זאָל קיינמאָל פון איהר מויל ארויסברייגען זיין נאמען אין פארבינדונג מיט דעם געשעהענים... אָבער עס וועט איהם גאָרנישט העלפען... ער וועט מוזען קומען אין מאָנאסטיר... ער וועט זיך מוזען באוואָרענען אז זי זאָל מעהר קיינמאָל איהם ניט באלעסטיגען וועגען דעם, און אויב זי נויטיגט זיך אין געלד וועט ער איהר געבען וויפיעל זי פערלאנגט, ער וועט אָבער פריהער מוזען ארויסקריגען נאָך א שבועה צו האלטען דעם סוד פארבאָרגען אין איהר הארצען ביז דעם לעצטען טאָג פון איהר לעבען.

אויף מאָרגען האָט אָיעדא מיטגענומען מיט זיך אייניגע גאָלדענע מטבעות. ער האָט אָנגעטהאָן אויף זיין האלז דעם גרויסען שווארצען צלם און איז אוועק אין מאָנאסטיר.

טערעסא איז איהם אנטקעגנען געקומען מיט א שמייכעל און זיך אפּגע־רופען:

— זינט דער הייליגער ווידוי־פּאטער פּעדרא ארבוען האָט פערלאָזען דעם מאָנאסטיר, פיהלען זיך די נאָנעס פערלאָרען. צו קיין אנדערען קענען זיי זיך ניט צוגעוועהנען און האָבען ניט קיין צוטרוי... אט האָט איין נאָנע געוויינט א גאנצען טאָג... זי זאָגט מיר אז עפּעס א שוועריגקייט דריקט איהר אויף דער נשמה און זי וועט פאר קיינעם ניט מתודה זיין זיך אויסער פאר דעם הייליגען איָעדרא. און יעצט אז דו ביזט געקומען וועט זי זיך פיהלען א סך בעסער. איהר נשמה וועט אויסגעלייטערט ווערען.

— וואו געפינט זי זיך? — האָט איָעדרא צוזאמענגעלייגט זיינע הענד און א גלאָץ געטהאָן מיט זיינע אויגען, שעפּטשענדיג א תפלה.

טערעסא האָט איהם אָנגעוויזען דעם צימער און ער איז אהין אריינגע־קומען.

אין דעם צווייטען צימער זיינען געזעסען פינף גייסטליכע, כאָן מארטין און דער פּאטער פון דער נאָנע. די טיהר איז געווען אָפען, אָבער פאַרצויגען מיט א לייכטען פאָרהאנג.

ווען זיי האָבען דערהערט די טריט אין צווייטען צימער, האָבען זיי פאר־שטאנען אז איָעדרא איז שוין דאָרט געקומען. זיי האָבען זיך אַלע אויפגעשטעלט שטילערהייט און האָבען אריינגעקוקט דורך דער עפענונג. זיי זעהן ווי איָעדרא געהט צו צו דער נאָנע און רופט זיך אָפּ מיט א נידריגע שטימע:

— פארוואָס האָסטו נאָך מיר געשיקט? ווייסטו דען ניט ווי שטארק איך בין פארנומען צו טהאָן מיין פליכט צו דעם האר יעזוס?

— איך האָף אז דו וועסט מיר ענטשולדיגען, הייליגער איָעדרא! — האָט זיך די נאָנע אָפּגערופען, — אָבער איך האָב אזוי געמוזט האנדלען... דו ווייסט דאָך אז אויסער איך און ארבוען ווייס קיינער ניט אז דו ביזט דער פּאטער פון מיין קינד... איך האָב זעהר פיעל געליטען... מיין פאטער האָט מיך מער־דערליך געשלאָגען איך זאָל אָנרופען מיין פארפיהרער מיט'ן נאָמען, אָבער איך האָב עס ניט געטהאָן... איך האָב בעסער געליטען און דעם סוד געהאלטען פאר־באָרגען אין מיין הארצען... יעצט אָבער איז געקומען אזא לאַגע אז איך קען מעהר ניט שווייגען... מיין קינד איז עלטער געוואָרען, און קיין אנדער נאמען ווי ממזר האָט מען פאר איהם ניט... מיין אומגליקליך קינד!... זיין מוטער איז אין מאָנאסטיר און זי קען קיינמאָל ניט ארויסקומען צו איהם... קיינער ווייס ניט ווער זיין פאטער איז... ווען ער וועט עלטער ווערען וועט ער זיך פיהלען עלענד און פארשטויסען... און יעצט איז געקומען די צייט אז דו מוזט עפּעס טהאָן פאר איהם!...

— וואָס קען איך טהאָן?! — האָט איָעדרא זיך אָפּגערופען דערשראָקען, — איך קען דאָך דעם סוד פאר קיינעם ניט ענטדעקען... דו ווייסט דאָך אז איך בין פאררעכענט פאר דעם הייליגסטען פון שפּאניען?!...

— וואָס איז אָבער אונזער אומגליקליך קינד שולדיג?!... דו ביזט דאָך זיין פּאטער און עס איז דיין פליכט איהם צו העלפען... און אויב דו וועסט

ניט וועלען עפּעס טהאָן פאַר איהם וועל איך אַליין זיין געצוואונגען צו עפּענען מיין מויל...

— וואָס ?! דו וועסט ארויסגעבען דעם סוד ? — האָט אַיעדא אויסגעשריען מיט א ציטערנדע שטימע, — דו האָסט פאַרגעסען די שבועה וואָס מיין פריינד ארבועז האָט דיר געגעבען ?...

— אמת, איך האָב איהם צוגעשוואָרען צו האַלטען דעם סוד און קיינעם וועגען דעם קיין וואָרט ניט דערצעהלען, סיידען ער וועט מיר געבען די ערלויבניס... און יעצט איידער ער האָט פאַרלאָזען דעם מאָנאַסטיר, האָט ער מיך פון מיין שבועה באַפרייט, און יעצט קען איך דערצעהלען וועמען איך וועל וועלען.

— אַה, דער פאַלשער פריינד ! — האָט אַיעדא אויסגערופען מיט צאָרן און געדריקט זיין פויסט — איך האָב איהם אַזא טובה געטהאָן און ער האָט מיך פאַרראַטען... אָבער דאָס וועט איהם ניט געשאָנקען ווערען... איך וויים אויך פון פיעלע סודות... איך וויים פון וואָס א בעוואוסטע נאָנע איז ניט לאַנג צוריק געשטאָרבען... איך וויים אויך פון פיעלע קליינע קינדער וועלכע זיינען באַגראָבען אין דעם הויף פון מאָנאַסטיר, און פּעדרא ארבועז איז דער פאַטער פון א סך אַזעלכע קינדער... ניין, דאָס וועט איהם ניט געשאָנקען ווערען !... איך האָב געהאַט צופיעל צוטרויען צו איהם... איך האָב גרזעהן ער זאָל בעשטימט ווערען פאַר דעם הויפּט־אינקוויזיטאָר אין סאַראַגאָסאַ און דורך דעם געקראַנגען פיעל שונאים... און יעצט נעהמט ער און בעהאַנדעלט מיך אַזוי... ער באַפרייט דיך פון דער שבועה פאַר זיין אַפּרייזען כדי דו זאָלסט מיר קענען אָנטהאָן צרות.

—איך וועל דיר קיין צרות ניט אָנטהאָן, אָבער דו מוזט זעהן עפּעס צו טהאָן פאַר אונזער קינד !...

— וואַרט, איך האָב אַן עצה ! — האָט אַיעדא זיך אָפּגערופען נאָך א קליינע פּויזע, — איך וועל דיר געבען א גרויסע סומע געלד און איך וועל אויך זעהן אַז דו זאָלסט באַפרייט ווערען פון מאָנאַסטיר, און איך וועל צו דיר צושיקען א מאַן וועלכער וועט פאַר געלד איינוויליגען דיך צו הייראַטען און זאָגען אַלעמען אַז ער איז דער פאַטער פון דיין קינד... איך וועל שוין זעהן אַז ער וועט טהאָן אַלעס וואָס עס איז נויטיג, און דאַן וועט דיין קינד האָבען א פאַטער און א מוטער און ער וועט אַנערקענט ווערען אַלט א געזעצליך קינד... איך פאַרשפּרעך דיר אונטערצושטיצען אייך ביידען מיט געלד... דו וועסט פון מיר קריגען וויפיעל געלד דו וועסט ברויכען, און דערצו וועל איך נאָך אייך געבען מיין הייליגע ברכה...

— אַזא מאַן וועלכער וועט זיך אונטערנעהמען צו טהאָן אַזא זאַך פאַר געלד, איז אומווירדיג צו ווערען דער פאַטער פון מיין קינד ! — האָט די גאַנצע אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען, — אויך דו אַליין, מיט דיין האַנדלונג ביזט אומווירדיג, אָבער דו ביזט דאָך פאָרט זיין פאַטער ! און אויב דו וועסט עס אַליין ניט טהאָן, וועל איך פאַר אַלעמען דערצעהלען ווער דו ביזט.

— דו ווייסט דאָך געוויס וואָס מען האָט געטהאָן צו דאָן מאַרטין וועלכער האָט געוואַגט אויף מיר א בלבול צו מאַכען, — האָט אַיעדא געקריצט מיט די ציינער, — ווען איך וועל לייקענען וועמען וועט מען בעסער גלויבען, מיר צו

דיר ? און דאָ יבער וואָלט איך דיר געראַטהען דו זאָלסט טהאָן וואָס איך הייס דיר... נעהם פון מיר עטוואָס געלד און איך וועל שוין זעהן אז איינער זאָל זיך אונטערנעהמען צו האַנדלען ווי איך וועל איהם הייסען.

— און דו, אַלס דער פאָטער פון דעם קינד, ביזטו דען ניט פאַראינטערע־סירט אז דאָס קינד זאָל פיהלען גליקליך ?

— דאָס וואָס איך וויל טהאָן איז גענוג ! — האָט איעדאַ אויסגערופען, — און איך זאָג דיר אָן נאָך אמאָל, אז אויב דו וועסט שווייגען וועט פאַר אייך ביידען בעסער זיין. אַרבועז האָט מיר געזאָגט, אז קיינער וויס ניט פון דיזען סוד, און דאַריבער ווען דו וועסט ווייטער האַלטען דעם סוד, וועל איך זעהן אז דו זאָלסט באַפרייט ווערען פון מאָנאַסטיר, און דערצו וועסטו אויך קריגען א סך געלד.

— וויפיעל געלד וועסטו מיר בעצאָהלען פאַר'ן שווייגען ? — האָט די נאַנע זיך אָפּגערופען מיט א פאַרביטערטען שמייכעל.

— אויב דו וועסט מיר צושווערען ביי דעם הייליגען צלם אז דו וועסט אויף אייביג דעם סוד האַלטען פאַרזיגעלט אין דיין האַרצען, וועל איך דיר געבען א גרויסע סומע געלד — האָט איעדאַ געזאָגט, און איהר דערלאַנגט דעם צלם, — נו, שווער !

— ווילסטו מיך אָפּקויפען פאַר געלד ? ! — האָט די נאַנע א געשריי געטהאָן, — ניין, דאָס וועט קיין מאָל ניט געשעהן ! גאַנץ שפּאַניען וועט ווי־סען ווער דו ביזט ... אז דו ביזט א פאַלשער, נידערטרעכטיגער צבועק !...

— דיין לעבען ליגט אין דיינע הענד, — האָט איעדאַ געזאָגט, — אויב דו וועסט ניט וויסען ווי צו היטען דיין צונג, וועסטו אַליין זיין שולדיג אין דעם וואָס דו וועסט ברענגען אויף דעם אויטאָ־דע־פע. זיי וויסען אז איך וועל עס לייקענען, איך וועל זאָגען אז דאָס איז א בלבול !...

— דו וועסט דאָך ניט לייקענען, אז דו האָסט מיט איינינע יאָהר צוריק פאַרבראַכט א קורצע צייט אין מיין פאָטער'ס הויז !

— איך וועל עס לייקענען ווען עס וועט נויטיג זיין ! — האָט איעדאַ אויס־געשריען מיט כעס, — און דאָן וועט מען טהאָן צו דיר דאָס זעלבע וואָס עס איז געטהאָן געוואָרען צו דאָן מאַרטין... און יעצט זיי וויסען, אז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל וואָס איך וועל קומען אהער צו דיר !

— דאָס לעצטע מאָל ! — האָט זיך דערהערט א גראָבע מענער שטימע.

און באַלד האָט זיך דער פאָרהאַנג פאַנאַנדער געעפענט און פאַר איעדאַ'ס אויגען זיינען געבליבען שטעהן דער נאַנע'ס פאָטער, פינף גייסטליכע, וועלכע ער האָט גוט געקענט, צוזאַמען מיט זיין גרעסטען שונא סאַן מאַרטין...

— דו דערקענסט מיך ? ! — האָט דער פאָטער זיך אַנגערופען צו איעדאַ'ן.

א טויט־בלאַסער איז איעדאַ געבליבען שטעהן באַוועגלאָז. ער האָט זיך פון אָרט ניט געקענט ריהרען. זיין צונג איז געווען ווי צוגעקלעפּט צום גומען.

— יאָ, דו ביזט עס דער הייליגער וועלכער האָט פאַרפיהרט מיין טאָכטער, ווען איך האָב דיר ארויסגעוויזען אזוי פיעל גאַסט־פריינדליכקייט ! — האָט ער זיך צושריען, — וועסטו עס פיעלייכט וואַגען אָפּצולייקענען פאַר מיר אין די אויגען ! . . .

איעדאַ׳ס פּנים האָט זיך געביטען קאָלירען. ער האָט ארונטערגעלאָזען זיינע אויגען צום באָדען.

— מיר האָבען אַלע געהערט וואָס דו האָסט געזאָגט צו מיין טאָכטער. מיר וועלען אַלע זיין עדות, און דו אליין וועסט עס ניט קענען אָפּלייקענען !...

— דאָס האָט פּאסירט מיט יאָהרען צוריק... יעצט בין איך אין גאנצען אַן אנדער מענש... — האָט איעדאַ קוים ארויסגעשטאמעלט.

— דאָס וואָס דו ביזט אַן אנדער מענש יעצט געוואָרען, מאכט עס דיך ניט פריי פון שולד! דו האָסט מיין טאָכטער רואינירט! זי איז אָבער געבליבען דיר געטריי ביז יעצט... איך האָב איהר שטארק געשלאָגען און געפּייניגט און זי האָט געליטען און געשוויגען! און ווען ניט ער, האָט ער אנגעצייגט אויף סאַן מארטין׳ען, וואָלט איך קיינמאָל ניט געוואוסט דעם אמת... יאָ, איך האָב צו פערדאנקען דעם הייליגען סאַן מארטין, ער האָט מיר ענטדעקט ווער עס איז דער פאטער פון דעם קינד פון מיין טאָכטער.

איעדאַ האָט געוואָרפען אַ בליק פון פעראכטונג אויף סאַן מארטינ׳ען, וועלכער איז געשטאַנען מיט אַ צופרידענעם שמייכעל פון נקמה.

— מיר האָט עס ארבועז אויסגעזאָגט! — האָט סאַן מארטין געוואָלט איהם נאָך מעהר אויפרעגען.

די פינף גייסטליכע זיינען געבליבען שטעהן פארווירט און צוטומעלט. איעדאַ איז אימער אין זייערע אויגען געוועזען געאכטעט און געשעצט. זיי האָבען איהם ווירקליך פאררעכענט פאַר אַ הייליגען... און יעצט...

איעדאַ האָט ניט חושד געווען אַז די אויפזעהעריןן האָט עס אַלעס פאַרזאכט. ער איז געווען זיכער אַז פּעדראָ ארבועז, וועמען ער האָט געהאַלטען פאַר זיין בעסטען פריינד, האָט איהם פאַרראַטען. ער האָט באַפרייט די נאָנע פון דער שבועה און ער האָט אַנגעוויזען סאַן מארטין׳ען וואו איהר פאטער געפינט זיך.

דערווייל איז אריינגעקומען טערעסאַ מיט דעם קינד.

— דאָס קינד האָט געוויינט! — האָט זי זיך אָפּגערופען מיט אַ נאַאיווע שטימע, — האָב איך איהם אהער געבראַכט אויסצוגעפינען וועמעס קינד דאָס איז.

— אָט איז ער, דער פאטער פון דעם קינד! — האָט זיך סאַן מארטין אַ רייץ געטהאָן מיט איהם. — אַ הייליג קינד פון אַ הייליגען פאטער.

— ווער פון אייך האָט ניט געזינדיגט! — האָט פּלוצלינג איעדאַ אויסגעשריען. זיין פּנים איז רויט געוואָרען, זיינע אויגען האָבען געברענט. זיי האָבען אויסגעזעהען אזוי שרעקליך ווי די אויגען פון אַ משוגענעם. — איך ווייס אַז קיינער פון אייך איז ניט ריין פון זינד. פּעדראָ ארבועז וועלכער האָט מיר פאַרראַטען איז שולדיג אין גרעסערע פאַרברעכענס ווי איך. יאָ, איך וועל יעצט עפענען מיין מויל און ריידען... איך וועל אייך אַלעמען צייגען די קברים פון די נאַר־וואָס געבוירענע קינדער!... און ווייסט איהר ווער דער פאטער פון די קינדער זיינען? דאָס איז פּעדראָ ארבועז... דו, און דו, און דו... — האָט ער אָנגעצייגט אויף די פינף גייסטליכע, איהר אַלע פּלעגט גאַנץ אָפט באַזוכען דעם מאָנאַסטיר כלומרשט צו קוינגען ארבועז׳ס הייליגקייט... איך ווייס אָבער צוליעב

וואָס פאַר א צוועק איהר פלעגט אהער קומען... אויב עס וועט קומען צו אן עפענטליכען סקאנדאל, וועל איך אויפדעקען אזעלכע זאכען וואָס וועט קיינעם פון אייך קיין כבוד ניט פארשאפען.

איעדא האָט געשריגען זעהר הויך. און פון זיין מויל האָבען פונקען פייער געשפריצט.

דאָס קינד האָט זיך שטארק דערשראָקען און פאנאנדערגעוויינט.

די נאָנע איז צוגעלאָפען און געכאפּט דאָס קינד אויף איהרע הענד, איהם געדריקט צו זיך און געקושט.

— מיין קינד, מיין ליעבעס קינד! — האָט זי געכליפּעט, און איהם פעסטער ארומגענומען.

א טויט־שרעק איז געפאלען אויף אלעמען. יעדער פון די גייסטליכע האָט זיך דערשראָקען, פיעלייכט וועט מען אויסגעפינען וואָס ער האָט אפּגעטהאן אין מאָנאסטיר.

נאָך גרעסער איז געווען טערעסא'ס שרעק. זי האָט זיך געוואונדערט ווי אזוי פעדרא ארבועז זאָל האָבען פארטרויט אזעלכע סודות צו איעדא'ן... יעצט האָט איהר שוין פארדראָסען וואָס זי האָט זיך אנגעפאנגען מיט איעדא'ן... וואָס וועט זיין אז נאכדעם ווי מען וועט איהם ערנידריגען וועט ער געהן און ענטדעקען פאר אלעמען וואָס עס קומט פאָר אין מאָנאסטיר... און דאן וועט מען מעגליך מאכען א גרויסע אויספאָרשונג, און די נאָנעס וועלען אלעס דער־צעהלען. אויסער דעם וועט מען פיעלייכט אויסגראָבען די קברים פון די נאָר־וואָס געבאָרענע קינדער... דאָס וואָלט דאָך אויף אלעמען געבראכט אן אומגליק, און אויף איהר וואָלט מען די גאנצע שולד געוואָרפען. זי האָט געקוקט אויף די איבריגע גייסטליכע... זי קען יעדען איינעם זעהר גוט... זי ווייס ווי שטארק זיי ציטערען פאר אן אויספאָרשונג, און דאריבער האָט זי בעשלאָסען אלעס צו פאררינכטען. זי האָט זיך אויך דערמאָנט אז סאן מארטין איז מיט יאהרען צוריק געווען אן אפּטער אריינגעהער אין מאָנאסטיר. און אויב עס וועט נויטיג זיין וועט זי רופען די נאָנע מיט וועמען סאן מארטין פלעגט פארברייגגען.

זי האָט געוואָלט עפענען איהר מויל און עפּעס זאָגען, אבער איעדא האָט ניט אויפגעהערט צו שטורמען:

— איך ווייס ווער עס האָט דאן צובלוטיגט און צוואוואונדעט ארבועז'ן! ער האָט געפונען א אידען, אויף איהם געוואָרפען דעם בלבול, און דער איד איז מיט'ן טויט בעשטראָפט געוואָרען, אבער איך און אויך דו, טערעסא, וויי־סען ווער עס האָט איהם דאָס געטהאָן. מיך קימערט ניט וואָס אין שפּאניען געפינט זיך מיט א אידען ווינציגער. אבער ווען עס וועט קומען צו אן אויס־פאָרשונג וועט אלעס ארויסגעבראכט ווערען.

דער פאטער פון דער נאָנע איז די גאנצע צייט געשטאנען מיט אן אפענעם מויל און אויסגעשטארטשעטע אויגען. ער האָט צו זיך ניט געקענט קומען פון זיין גרויס ערשטוינונג. ער האָט זיינע אויגען און אויערען ניט געגלויבט. אט דאָס זיינען די הייליגע וועלכע אטעמען איין קדושה אין דעם מאָנאסטיר וואו די יונגע טעכטער ווערען אפּגעגעבען פאר הייליגע!

— איך זעה ניט איין וואָס איז דאָ דער גאנצער טומל! — האָט טערעסא

פּרובירט אַלעם צו רעכט צו מאַכען — נאָר אַלעמען קען דאָך זיין אז די נאַנע מאַכט טאַקע א טעות !...

— וואָס פאַר א טעות ! — איז דער פאַטער אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ.

— האָבען מיר דען אַלע מיט אונזערע אויערען ניט געהערט ווי ער האָט זיך מודה געווען ? ! . . .

— דיר האָט עס זיך אויסגעדוכט ! — האָט טערעסאַ ווייטער געזאָגט, און ווענדענדיג זיך צו איינעם פון די מאַנאַכען, האָט זי מיט א פאַלשען שמייכעלע איהם געפרעגט :

— האָסטו דען אויך געהערט אז דער הייליגער איעדאַ זאָל האָבען צוגעגע־בען דאָס ער איז דער פאַטער פון איהר קינד ?

דער דערשראָקענער בלאָס־געוואָרענער מאַנאַך האָט געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ אויף ניין.

דאַן האָט זיך טערעסאַ געווענדעט צום צווייטען, צום דריטען, און צו די איבריגע. יעדער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין.

— יעצט זעהט איהר שוין אז די נאַנע האָט א טעות געמאַכט, און מען זוכט ווייטער א בלבול צו מאַכען אויף דעם הייליגען איעדאַ.

— אָה, איהר פאַלשע ליגנער און בעטריגער ! — האָט דער פאַטער פון דער נאַנע אויסגעשריען, — מיר האָבען אַלע דייטליך געהערט דעם געשפּרעך וואָס איז פאָרגעקומען צווישען מיין טאָכטער און איעדאַ'ן, און יעצט ווילט איהר עס פאַרלייקענען ? איך ווייס פאַרוואָס איהר טהוט עס. איהר האָט מורא אז מען זאָל דערוויייל אייערע אייגענע זינד ניט ענטדעקען. אָבער איך שווער ביי דעם הייליגען נאָמען פון יעזוס אז איך וועל איעדאַ'ן ניט פאַרשווייגען. איך וועל פון איהם די מאַסקע אַרונטעררייסען און אויב אַנדערע וועלען אויך ליידען דורך דעם, האָבען זיי עס געווים פאַרדיענט... איהר זוכט זינד אויף די מאַראַנען, די פאַלשע קריסטען ? און איהר אַליין זייט זינדיג און פאַלש ! איהר באַדעקט זיך מיט א מאַנטעל פון קדושה און אונטער דעם מאַנטעל טהוט איהר אַפּ אַלע שענדליכע זאַכען ! דער קעניג האָט איינגעפיהרט די אינקוויזיציע כדי מען זאָל אויסרייניגען שפּאַניען פון אַלע זינדיגע, און איהר אַליין וועלכע ברענען די זינדיגע אין נאָמען פון גאָט, באַגעהט די שווידערליכסטע פאַרברעכענס. דורך זיינע הענד זיינען פאַרברענט געוואָרען טויזענדע מאַראַנען אויף דעם אויטאָ־דע־פע, אָבער ער אַליין פאַרדיענט אַזא שטראָף, ווייל ניט נאָר האָט ער געזינדיגט געגען גאָט, נאָר אויך געגען מענשען. ער האָט רואינירט מיין טאָכטער, צובראָ־כען אונזער גליק, באַפלעקט מיין משפּחה, און יעצט זוכט ער נאָך עס אָפּצוּ־לייקענען !... אויב איהר ווערט ניט וועלען צוגעבען אז איהר האָט עס געהערט פון זיין מויל, וועל איך אַליין מיט מיין טאָכטער זוכען גערעכטיגקייט... איך וועל ניט רוהען ביז וואַנען איך וועל אַרונטעררייסען די מאַסקע פון זיין פאַלשען פּנים.

איעדאַ האָט אויפגעעפענט זיין מויל און געוואָלט עפּעס ריידען. אָבער פּלוצלינג האָט זיך זיין מויל פאַרקרימט. שוים האָט געגומען לויפען פון דאָרט. זיין פּנים איז טויט־בלאַס געוואָרען. עס האָט איהם גענומען וואַרפען אין היץ און אין קעלט. אויף זיין בלאַסען פּנים האָבען זיך גענומען באַווייזען רויטע פלעקען...

— אוי, איך שטאַרב! — האָט ער קוים אַרויסגערעדט און גענומען זיך וואַרפֿן אין קאָנוואולסיעס.

— די מגפֿה! די מגפֿה איז אויף איהם געקומען! — האָט סאַן מאַרטין אויסגעשריען און זיך געלאָזט לויפֿען צום טיהר.

— די מגפֿה! די שרעקליכע מגפֿה! דאָס זיינען אַלע סמנים פֿון דער מגפֿה! — האָט טערעסאַ היסטעריש זיך פֿאַנאַנדערגעשריען.

די מאָנאַכען האָבען אין גרויס פּאַניק זיך אַ לאָז געטהאָן צום טיהר. די נאָנע האָט געכאַפּט איהר קינד און איז מיט איהר פֿאַטער אַרויסגעלאָפֿען פֿון דעם צימער וואו איעדאַ איז געווען.

עס איז געוואָרען אַ טומעל און אַ געשריי. מען האָט זיך גע'צלם'ט און געשריען:

— די מגפֿה איז געקומען צו אונז אין סעוויל.

אַלע זיינען מיט טויט־שרעק געלאָפֿען פֿון מאָנאַסטיר... דאָס איינציגע וואָרט וואָס מען האָט פֿון זיי געהערט איז געווען: „מגפֿה"!...

באַלד האָט דער געשריי „מגפֿה" דערגרייכט אויך די נאָנעס. עס איז געוואָרען אַ געלאָף און אַ געשריי „מגפֿה" — די שרעקליכע מגפֿה איז אָנגעקומען אויף אונז.

איעדאַ איז געלעגען אויפ'ן באָדען. ער האָט זיך געקאָרטשעט פֿון יסורים. זיין גאַנצער קערפּער איז געוואָרען אויסגעשלאָגען מיט פּאַנכירען און וואונדען. ער האָט געקרעכצט און געמורמעלט אונפֿאַרשטענדליכע ווערטער.

אַ גרויסע שרעק איז אַלעמען באַפֿאַלען. דער פֿאַטער פֿון דער נאָנע האָט געכאַפּט זיין איינציקי'ל אויף זיין האַנד און זיך אָפּגערופֿען צו טערעסאַ'ן:

— גיב מיר אַרויס מיין טאָכטער! איך וויל אַנטלויפֿען וואָס שנעלער פֿון דעם אומריינעם פּלאַץ... גאָט'ס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסען אויף אַלע זינדיגע... מיין טאָכטער איז אונשולדיג געווען... דאָ איז פֿאַר איהר מעהר קיין פּלאַץ ניט!

טערעסאַ איז געבליבען שטעהן ווי פֿאַרגליווערט. זי איז אַליין געווען פֿאַראינטערעסירט אַז די נאָנע זאָל וואָס שנעלער פֿון דאַנען אַוועקגעהן... זי האָט זיך זעהר שטאַרק דערשראָקען אַז די סודות פֿון די פֿאַרהעלטניסע צווישען די מאָנאַכען און מאָנאַשקעס זאָלען ניט אַרויסקומען אין דער עפֿענטליכקייט.

— געה, און זאָל גאָט זיין מיט דיר! — האָט טערעסאַ זיך אָפּגערופֿען צו דער נאָנע, ווישענדיג איהרע טרעהרען, — דו זעהסט דאָך אַז גאָט האָט דעם זינדיגען גלייך באַשטראָפֿט... און ניט דו און ניט דיין פֿאַטער דאַרפֿען טראָגען אַ שנאה אויף איהם... די שווידערליכע מגפֿה איז אויף איהם געקומען און ער וועט שוין זיכער ניט בלייבען לעבען... איידער ער שטאַרבט דאַרפֿסטו איהם מוחל זיין כדי ער זאָל גלייך געהן אַרויף אין הימעל!... דו דאַרפֿסט אויסמעקען פֿון דיין זכרון אַלעס וואָס דו האָסט געהערט און געזעהן, און דאַן וועט דער האַרר יעזוס דיך און דיין קינד בעשיצען פֿון אַל־דאָס־בייז.

די נאָנע האָט געדריקט איהר קינד צום האַרצען און האָט מיט איהר פֿאַטער פֿאַרלאָזען דעם מאָנאַסטיר.

סאַן מאַרטין און די איבריגע מאָנאַכען זיינען אַריינגעלאָפֿען אין קירכע. זייערע פּנים'ער טויט־בלאַס, זייערע קערפּערס האָבען געציטערט, זיי האָבען

געקניעט נעבען אַלטאַר און זיך ניט אויפגעהערט צו צלם'ען.

א יאמערליכער טרויעריגער געוויין האָט זיך דערטראָגען צו זיי פון די נאָנעס. באלד האָט זיך די טיהר פון דער קירכע געעפענט און אלע נאָנעס גע־פיהרט ביי דער אויפזעהערין טערעסא, זיינען אַריין אינעווייניג.

— זייט מתפלל צו דעם הארר יעזוס ער זאָל אונז בעשיצען פון דער מגפה! — האָט זי אויסגערופען, און אלע מיט אמאָל זיינען געפאַלען אויף זייערע קניה און זיך גע'צלם'ט...

טערעסא איז צוגעגאַנגען צו סאַן מארטין און די איבריגע מאַנאכען, וועל־כע האָבען געקניעט נעבען אלטאר און זי האָט מיט א שטילע ציטערנדע שטימע געזאָגט:

— אַיעדא געהט אוים, ער גוסס'ט! די מגפה האָט איהם דערגרייכט... מעגליך אז דאָס האָט איהם גאָט געשטראָפט... ער ליידעט די שרעקליכסטע יסורים... איך האָב געהערט זיין קרעכצען, ער געפינט זיך איינער אליין אין יענעם צימער, זיינע מינוטען זיינען געצעהלטע... און אויב אימיצער פון אונז האָט געזוכט נקמה צו נעהמען פון איהם, איז שוין די נקמה פארפולט... יעצט איז אונזער פליכט צו זעהן אז איעדא זאָל שטארבען מיט א ריינעם נאָמען. קיינער דארף ניט וויסען וואָס דאָ האָט פּאסירט, עס דארף פארשטאַנען ווע־רען אז אַיעדאַ איז אהער געקומען ווייל די נאָנעס האָבען געזוכט זיך מתודה צו זיין.

סאַן מארטין און די איבריגע האָבען צוגעשאָקעלט מיט זייערע קעפּ אלס צייכען אז זיי פארשטעהען וואָס זי מיינט.

די נאָנעס זיינען נאָך אַלץ געווען אויף זייערע קניה און האָבען מיט צי־טערנדע ליפּען געשעפּטשעט תפלות.

— יעדע איינע פון אייך זאָל געהן צו איהר צימער! — האָט טערעסא אויסגערופען, נאכדעם ווי זיי האָבען זיך אלע אויפגעשטעלט — די הייליגע מאַנאכען האָבען מתפלל געווען צו גאָט און ער וועט אייך אַלעמען בעשיצען.

לאַנגזאם האָבען די נאָנעס פארלאָזען די קירכע. יעדע האָט געוואָרפען צו־שראָקענע בליקען אויף יענעם צימער וואו אַיעדא איז געלעגען און געקרעכצט.

טערעסא איז ארונטערגעלאָפען זוכען דעם אלטען מאַן וועלכער גיט אכטונג אויף דעם אריינגאנג פון מאָנאסטיר.

— קום ארויף, שנעלער! — האָט זי זיך צום אַלטען אָפּגערופען, — דער הייליגער אַיעדא גוסס'ט, דו וועסט זעהן וואָס ער טהוט. יאָ, איך האָב מורא אז די מגפה איז אויף איהם געקומען.

דער אלטער האָט א קראַץ געטהאָן זיין קאָפּ און איז נאָכגעגאַנגען טע־רעסא'ן. זי האָט איהם אָנגעצייגט דעם צימער פון ווייטער און אליין האָט זי זיך שנעל צוריקגעצויגען.

דער אלטער האָט פּאָרזיכטיג די טיהר געעפענט און איז אריין אין צימער. ער האָט דערזעהן אַיעדא'ן ליגענדיג אויף דעם באָדען און זשיפּענדיג. ער האָט איהם געוואָלט אויפהויבען, אָבער ווען ער האָט דערזעהן זיין שרעקליך געשוואָ־לענעם און באפלעקטען פּנים, האָט ער זיך דערשראָקען און איז פון צימער ארויסגעלאָפען.

— דו מוזט דארטען זיין ביז וואנען ער וועט אויסהויכען זיין נשמה! — האט איהם טערעסא צוריקגעשיקט, — און דאן וועסטו קריגען אימיצען וועלכער זאל דיר העלפען און זיין קערפער פון דאנען ארויסטראגען. דו האסט דאך קיין מורא ניט פאר דער מגפה? !...

---

באלד האט גאנץ סעוויל געוואוסט אז אויף דעם "הייליגען" איעדא'ן איז די מגפה געקומען, און אז ער איז געשטארבען אין מאנאסטיר טהוענדיג זיין פליכט.

אייניגע עלטערע מענשען האבען זיין קערפער געטראגען. די גלעקער פון די קלויסטערס האבען געקלונגען און גערופען די באפעלקערונג צו קומען אפצוגעבען דעם לעצטען כבוד דעם "הייליגסטען" מאן פון גאנץ שפאניען.

די בישאפען און מאנאכען פון סעוויל האבען געהאלטען רעדעס און זיי האבען געזאגט מוסר די קריסטליכע באפעלקערונג.

— ווייסט איהר פארוואס גאט האט די מגפה געשיקט אויף אונזער שטאט?
— האט איין אינקוויזיטאר געזאגט מיט א דונערנדע שטימע, — ווייל איהר טהוט ניט אייער פולע פליכט צו דער הייליגער אינקוויזיציע. אונזער שטאדט איז פול מיט זינדיגע מאראנען, די פאלשע קריסטען. יא, אין די טויזענדער געפינען זיי זיך, און בלויז עטליכע הונדערט זיינען פארברענט געווארען אויף דעם אויטא־דע־פע... גאט האט די מגפה אנגעשיקט אויף אונז ווייל איהר פארנאכלעסיגט צו טהאן אייער פליכט. פיעלע פון אייך מאכען זיך ניט זעהענדיג וואס די מאראנען טהוען און גיבען זיי ניט איבער אין די הענד פון די אינקוויזיטארען, דערפאר שטראפט אונז גאט, מיט דעם וואס ער האט פון אונז אוועקגענומען דעם הייליגסטען מאן פון שפאניען, האט ער אונז באוויזען אז מיר דארפען תשובה טהאן. איהר דארפט גוט נאכקוקען און זעהן צו בעריכטען יעדען פארדעכטיגען מאראנא, בלויז מיט די אידישע בלוט וועט דער צארן פון גאט איינגעשטילט ווערען, און יעצט וויל איך ווארענען אז מיר גיבען די זינדיגע צעהן טעג צייט זיי זאלען אליין קומען און זיך מתודה זיין אויף זייערע זינד... אויב זיי וועלען דאס טאהן וועט זייער שטראף זיין א זעהר מילדע און מעגליך אז אויב מיר וועלען זעהן אז זיי מיינען תשובה צו טהאן מיט זייער גאנצען הארצען וועלען מיר זיי אין אונזער מיטע ארייננעהמען.

דיזער אויסרוף פון דעם אינקוויזיטאר איז בעקאנט געווארען איבער גאנץ סעוויל, און נאכדעם ווי איעדא איז באגראבען געווארען, האבען אנגעהויבען קומען הונדערטע מאראנען צו דעם געריכט פון דער טריבונע פון דער אינקוויזיציע און זיי האבען מודה געווען אז זיי זיינען ניט געווען קיין געטריע קריסטען, אבער אז פון יעצט אן וועלען זיי זיין איבערגעבען צו זייער נייער רעליגיע מיט' לייב און לעבען.

דאס וואס די אינקוויזיטארען האבען געזוכט, זיי האבען אלע געקומענע מאראנען פארשפארט אין געפענגנים און פון זיי פערלאנגט אז זיי זאלען ארויסגעבען אלע נעמען פון די אנדערע מאראנען, וועלכע זיינען ניט געקומען זיך מתודה זיין. די וועלכע האבען ניט געוואוסט פון אזעלכע מאראנען אדער האבען זיי ניט געוואלט פארראטען זיינען געפייניגט געווארען מיט די שווערליכסטע

אינקוויזיטאָרישע ענויים ביז וואנען זיי האָבען אָנגערופען צעהן אזעלכע נעמען. און ערשט דאַן האָט מען זיי פארברענט אויפ'ן אויטאָ־דע־פע און די אנדערע מאראנען ארעסטירט.

אין צעהן טעג צייט זיינען צוגעקומען נאָך הונדערטע קרבנות. מען האָט זיי פארברענט לעבעדיגערהייט אויף דעם אויטאָ־דע־פע.

---

ווען פעדרא ארבועז איז אָנגעקומען קיין סאראַגאָסא, האָט צו איהם דער־גרייכט די נייעס וועגען דאַן מארטין. ער איז געווען שטארק צופרידען וואָס עס האָט זיך אזוי אויסגעלאָזען. ער האָט קיינמאָל ניט ליעב געהאט דאָן מארטין און זיין פאטער. אָבער ער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען אז איעדא זאָל האָבען אזוי פיעל מאכט ער זאָל קענען פארברענען אויפ'ן אויטאָ־דע־פע דעם בעוואוסטען דאָן מארטין, וועלכער איז געווען דער ערשטער צו ענטדעקען די נעסט פון די מאראַנען אין סעוויל.

ווען ער האָט זיך אָבער שפּעטער דערוואוסט וועגען דעם שרעקליכען טויט פון אָיעדא'ן, האָט ער זיך אויך ניט שטארק גענומען צום הארצען. איעדא האָט געוואוסט צופיעל פון זיינע סודות, — האָט ער זיך געטראַכט, — און ער האָט געקענט האָבען א בייטש איבער איהם, אויסערדעם קען ער יעצט האָבען א געלעגענהייט צו פארנעהמען זיין פּלאַץ אין סעוויל... אָה, ווען ער זאָל קענען ווערען דער הויפּט אינקוויזיטאָר פון סעוויל, דאַן וואָלט ער זיך זעהר גליקליך געפיהלט. ער האָט שטארק גענומען ביינקען נאָך דעם מאָנאסטיר, א זאך וואָס אין סאראַגאָסא איז ניט געווען.

ארבועז האָט געוואוסט אז אויב ער וויל נושא חן זיין ביי דעם קעניג פער־דינאנד און זיך דערדיענען צו עטוואס העכער, מוז ער זיי ציינען וואָס ער קען. ער האָט זיך דאריבער אריינגעוואָרפען אין זיין "הייליגער" ארבייט מיט אלע זיינע כוחות. אזוי שנעל ווי ער איז אָנגעקומען אין סאראַגאָסאָ, האָט ער איז מיטען שטאָדט אויפגעשטעלט אן אויטאָ־דע־פע. ע האָט גלייך פארעפענטליכט א באפעהל אז יעדער איינער וועלכער האָט דעם מינדסטען פארדאכט אויף א מאראנא אז ער היט ניט אָפּ די קאטוילישע רעליגיע ווי געהעריג איז, מוז קומען איהם מעלדען. עס פארשטעהט זיך אז'קיין מוסרים האָבען ניט געפעלט. ווען א קריסט איז געווען שולדיג געלד צו א מאראנא און האָט איהם ניט געוואָלט בע־צאָהלען פלעגט ער אוועקגעהן צו פעדרא ארבועז און איהם זאָגען אז דער און דער מאראנא איז אונטער פארדאכט. דאָס איז שוין געווען גענוג אז ארבועז זאָל לאָזען יענעם ארעסטירען און איהם אזוי פיעל פייניגען מיט די שוידער־ליכסטע ענויים ביז וואנען יענער איז געצוואונגען געווען זיך "מודה" צו זיין און ערשט דאן פלעגט מען יענעם "זינדיגען" פיהרען צום אויטאָ־דע־פע.

די שרעק און אויפרעגונג צווישען די נייע קריסטען אין סאראַגאָסא האָט געשטיגען ווען ארבועז האָט ארעסטירט דעם רייכסטען און חשוב'סטען מאראנא לעאָנארדי עלי, וועלכער איז געווען בעליעבט און געשעצט ביי די אמת'ע קריס־טען אזוי גוט ווי ביי די מאראַנען. קיינער האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען אז ארבועז וועט וואגען שלעכטעס טהאָן דעם איינפלוסרייכסטען מאן פון סאראַ־גאָסא. אָבער דאָס האָט פּאסירט. לעאָנארדי איז פארגעבראכט געווארען פאר

דעם טריבונאל פון דער אינקוויזיציע. ארבועז האָט גלייך געגעבען א באפעהל אז מען זאָל איהם נעהמען פייניגען כדי ער זאָל זיך מודה זיין. פינף טעג האָט מען איהם געפייניגט מיט די שוידערליכסטע ענויים. מען האָט זיין פלייש געשטאָכען מיט נאָדלען, מען האָט געגאָסען הייסע קאָכיגע בליי אויף זיין קאָפּ. ער איז געוואָרען אזוי אָפּגעשוואַכט אז ער האָט אפילו ניט געקענט ריידען. ארבועז איז נעבען איהם געשטאַנען און פון זיינע מיט בלוט־פארלאָפענע אויגען האָבען פונקען פייער געשפּריצט. ער האָט געהייסען די פייניגער נאָך שטאַרקער שלאָגען דעם אומגליקליכען, און יעדע ווייל פלעגט ער זיך אריבערבויגען צו איהם און אויסרופען:

— נו, יעצט וועסטו זיך מודה זיין ? ! . . .

לעאָנארדי האָט געקרעכצט און קוים ארויסגעמורמעלט עטליכע אונפארשטענדליכע ווערטער. אָבער ארבועז האָט מיט פרייד אויסגערופען:

— ער האָט זיך מודה געווען !

מען האָט איהם אויפגעהערט צו שלאָגען, און ארבועז האָט באלד געהייסען צוגרייטען איהם צו פיהרען צום אויטאָ־דע־פע.

גרויס טרויער האָט געהערשט צווישען די אידען און מאראנען. דער טרויעריגער סוף פון אזא בעליעבטען און וויכטיגען מאן ווי לעאָנארדי האָט אלעמען זעהר אויפגעבראכט.

אין סאראגאָסא איז געווען א קרוב פון דעם בעוואוסטען לואיס דע סאנטאנגעל, וועלכער האָט אויך געהייסען מיט דעם זעלבען נאמען. ער איז געווען איינער פון די וויכטיגסטע בירגער פון שטאָדט. ער האָט פאררופען א געהיימע פארזאמלונג אין זיין הויז. צו דער פארזאמלונג זיינען געקומען די גרעסטע און איינפלוסרייכסטע צווישען די מאראנען.

גרויס טרויער און אומעט האָט געהערשט צווישען די פארזאמעלטע. יעדער האָט געוואוסט אז עפּעס וועט מוזען געטהאָן ווערען אויב זיי ווילען רעטען זייערע לעבענס.

— אויב דער רשע ארבועז האָט אזוי פיעל מאכט אז ער האָט געקענט פיהרען צום אויטאָ־דע־פע אזא מאן ווי לעאָנארדי עלי טאָ וואָס קען ער טהאָן מיט די איבריגע. ווער וועט איהם אָפּהאלטען אויב ער וועט זיך נעהמען צו יעדען פון אונז ? ! . . .

— אָבער וואָס קענען מיר טהאָן ? זיינען מיר דען ניט הילפלאָז געגען דער אינקוויזיציע ?

— ווען מיר וואָלטען אלע געווען פעראייניגט פון אָנפאנג אָן, וואָלטען מיר געהאט די מעגליכקייט ניט צו דערלאָזען אז מען זאָל איינפיהרען די אינקוויזיציע אין סאראגאָסא ! — האָט סאנכעז, א חשוב'ער מאראנא אויסגערופען.

— אָבער וואָס קענען מיר יעצט טהאָן ? — האָט אן אנדערער געפרעגט, — ווען מיר זיך לאָזען ברענען ביי דעם גרויזאמען און ווילדען ארבועז ?

— מיין עצה איז, — האָט סאנכעז אויסגערופען, — אז מיר דארפען זעהן אָפּראמען דעם הויפּט־אינקוויזיטאָר פון וועג ! יא, מיר מוזען איהם טויטען,

און דאָס וועט אָנוואַרפען א שרעק אויף די אנדערע, אז קיינער וועט ניט וואגען צו פארנעהמען זיין פּלאץ אוים מורא.

— די עצה איז זעהר א גוטע! — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל זיך אָפּגערופען, — אָבער ווי אזוי קען מען אזא זאך דורכפיהרען? ארבוען איז אימער באוואכט, און ווען מען זאָל אויסגעפינען וועגען אונזער פּלאַן, דאַן זיינען מיר דאָך אַלע פאַרלאָרען!

— מיר דאַרפען צונויפזאמלען א סך געלד! — האָט סאנכעץ ווייטער געזאָגט, — און מיט געלד וועט מען עפּעס קענען אויפטהאָן.

— איך וועל זיין דער ערשטער זיך אונטערצונעהמען דורכצופיהרען דיזען פּלאַן! — האָט א יונגער מאַראַנא אויסגערופען, — זיי האָבען פארשפּאַרט מיין פאטער אין געפענגניס, זיין פארמעגען האָבען זיי קאָנפיסקירט... איך ווייס, אז ער ווערט טעגליך געפייניגט און ער איז פאר׳משפּט פארברענט צו ווערען אויפ׳ן אויטאָ־דע־פע... איך וועל נעהמען נקמה אָן איהם! איך וועל זיין שטיינערנע הארץ דורכלעכערען...

— ניין, דאָס איז א געפעהרליכער שריט! — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל געזאָגט, — אויף דיר וואָלט גליך געפאלען דער חשד. דער איינציגער וועג צו טויטען ארבועז׳ן איז ווען ער קומט אין קירכע... אָבער ווען מען וועט דיך דאָרטען באמערקען, וועט מען דיר גלייך פארדעכטיגען, און דאַן וועסטו פארלירען דיין אייגען לעבען און ברייגנען אַן אומגליק אויף אונז אַלעמע..

— איך האָב א פראנצויזישען דיענער, זיין נאמען איזווידאַל דע אוראנגא. ער איז מיר זעהר געטריי. איך גלויב אז פאַר געלד וועט ער זיך אונטערנעהמען דורכצופיהרען אונזער פּלאַן. ער איז זעהר א קרעפטיגער יונג און איך קען זיך אויף איהם פארלאָזען. ווען ער וועט אין קירכע אריינקומען וועט אויף איהם קיין חשד ניט פאלען. ער וועט קענען נאכדעם גלייך אנטלויפען אין פראנקרייך און קיינער וועט ניט וויסען ווער עס האָט ארבועז׳ן ערמאָרדעט.

אלע האָבען צוגעשטימט צו זיין פאָרשלאג. זיי האָבען אלע צוגעשוואָרען אז דאָס מוז פארבלייבען בסוד, און אפילו ווען איינער וועט פערהאלטען ווערען אויף פארדאכט און מען וועט איהם פייניגען, זאָל ער זיך לאָזען פארפייניגען צום טויט, אָבער ער זאָל קיינמאָל ניט אויסזאָגען ווי אזוי דער מאָרד איז געפּלאנעוועט געוואָרען.

דאַן האָבען זיי צווישען זיך צונויפגעזאמעלט א גרויסע סומע געלד און האָבען בעשטימט אז מאָרגען זאָל דער יונגער מאראַן ווידער קומען אהער מיט זיין פראנצויזישען דיענער.

— דו וועסט איהם פריהער אליין דאַרפען צוגרייטען! — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל געזאָגט, — דו דאַרפסט אויסגעפינען ווי עס האָלט מיט איהם, אויב מען קען זיך אויף איהם פארלאָזען... אויב מען קען איהם מיט זיכערהייט אנפערטרויען דעם סוד ער זאָל אונז נאכהער ניט פארראַטען.

— וועגען דעם איז ביי מיר קיין צווייפעל ניטאָ! מיין דיענער איז א בראַווער יונג און ער וועט קיינעם ניט פארראַטען.

אויף מאָרגען האָט מען זיך ווידער פארזאַמעלט אין סאַנטאַנגעל׳ס הויז.

דער יונגער מאַראַנא איז געקומען צוזאַמען מיט זיין דיענער. און ער האָט זיי אַלעמען געזאָגט אַז זיי קענען ריידען גאַנץ אָפען מיט איהם.

סאַנכעץ האָט דעם דיענער ערקלעהרט וויפיעל צרות די מאַראַנען האָבען זיך אָנגעליטען פון דעם אינקוויזיטאָר פּעדראָ ארבועז, און וועגען זייער פּלאַן איהם צו ערמאָרדען.

— איך וויים פון אַלעס! — האָט דער דיענער זיך אָפּגערופען, — איך נעהם זיך אונטער עם דורכצופיהרען. ארבועז האָט פיעל אומשולדיגעס בלוט פארגאָסען און יעצט איז זיין צייט געקומען. מיט דיזען שאַרפען מעסער וועל איך מאַכען אַן ענדע צו זיין אומווירדיגען לעבען!

— ווען וועסטו עס דורכפיהרען? — האָט איהם לואיס דע סאַנטאַנגעל געפרעגט.

— פריהער וועל איך אויסגעפינען ווען ארבועז קומט אָן אין קירכע אין אָוועגט, דורך וואָנען ער געהט און וואו זיין פּלאַץ איז, און ווען דאָס אַלעס וועט פאַר מיר קלאָר זיין, וועל איך שוין וויסען וואָס צו טהאָן. עס וועט לאַנג ניט נעהמען. איך האָף אַז אין דריי טעג ארום וועט ער שוין מעהר ניט זיין צווישען די לעבעדיגע.

לואיס דע סאַנטאַנגעל האָט איהם איבערגעגעבען אַ פּעקעל געלד, און איהם געגעבען אַ הייליגע שבועה אַז וואָס עס זאָל ניט פּאַסירען, דאַרף ער קיינעם ניט ארויסגעבען.

דער דיענער האָט אויפגעהויבען זיין האַנד און געשוואָרען. נאָכהער האָט ער זיך איבערגע'צלם'ט איינינע מאָל און מיטנעהמענדיג דאָס פּעקעל געלד, האָט ער פאַרלאָזען דאָס הויז.

די פאַרזאַמעלטע זיינען זיך צוגאַנגען און צווישען האָפנונג און שרעק האָבען זיי געוואַרט אויף די נייעס.

---

דאָס איז געווען אין דער נאַכט פון סעפּטעמבער דעם פופצעהנטען אין יאָהר 1485. דער פראַנציזישער דיענער האָט יענע נאַכט באַשטימט דורכצופיהרען זיין פּלאַן. ער איז אוועק אין דער גרעסטער קירכע פון סאַראַגאָסאַ, דאָרט וואו ארבועז פלעגט קומען און ער האָט זיך בעהאַלטען אין קאָרידאָר וואָס פיהרט צו דעם אַלטאַר. דאָרט איז ער געשטאַנען מיט זיין שאַרפען מעסער אין האַנד און געוואַרט אויף ארבועז'ן. ער האָט געוואוסט אַז אין מיטען דער נאַכט, נאָכדעם ווי ארבועז ווערט פאַרטיג מיט'ן פּייניגען זיינע קרבנות פון דער אינקוויזיציע, קומט ער אַריין אין קירכע און צוזאַמען מיט די איבריגע זינגט ער אַ לויב־געזאַנג צו יעזוס'ן.

דער דיענער האָט דערהערט טריט... זיין האַרץ האָט גענומען שמאַרק קלאַפּען. ער הערט אַ געשפּרעך, דאָס ווייזט אַז ארבועז איז ניט געקומען אַליין... נאָך אימיצער געהט מיט איהם... ווי אַזוי וועט ער דען וויסען אויף וועמען צו מאַכען דעם איבערפאַל אין דער פינסטער? ניין, ער וועט דאַרפען וואַרטען ביז וואַנען זיי קומען אַריין אין קורכע.

די הינטער־טיהר פון דער קירכע האָט זיך אויפגעעפענט... אַ טונקעלע ליכט האָט אַריינגעדרונגען אין דעם פינסטערען קאָרידאָר...

דער דיענער מיט'ן מעסער אין האנד איז צוגעגאנגען צו דער טיהר, ער האָט זי פאָרזיכטיג עטוואס אויפגעעפענט.

די קלאנגען פון דעם אָרגעל האָט דורכגעשניטען די שטילקייט. ער זעהט ווי ארבועז געהט צו צום אלטאר, ווי ער קניהט דאָרט... די מאָנאכען טהוען נאָך דאָסזעלבע... יעצט איז געקומען די צייט... מיט גרויס האסט האָט זיך דער דיענער א לאָז געטהאָן אויף פעדרא ארבועז'ן און ער האָט אריינגעזעצט זיין שארפען מעסער אין זיין רוקען. א געשריי האָט זיך דערהערט. ארבועז האָט א כאפ געטהאָן זיין אָנפאלער ביי זיין מאנטעל. עס איז געוואָרען א טומעל. די מאָנאכען און די איבריגע וועלכע זיינען נאָך געווען אויף די קניה, זיינען גיך ארויפגעלאָפען אויף דער פלאטפאָרמע נעבען אלטאר... דער דיענער האָט זיך אָבער שנעל ארויסגעריסען און איז אנטלאָפען געוואָרען... זיי האָבען גע־פונען ארבועז'ן ליגענדיג מיט דעם מעסער אין זיין רוקען.

— אה, יעזוס קריסטוס! מען האָט מיך דערשטאָכען, איך שטארב! — האָט ער געקרעכצט.

בליץ שנעל זיינען אייניגע ארויסגעלאָפען פון דער קירכע און זיך גענומען נאָכיאָגען נאָך דעם אָנגרייפער. אָבער ער איז פארשוואונדען געוואָרען אין דער פינסטערניס.

מען האָט גלייך געבראכט א דאָקטאָר. מען האָט אויפגעהויבען דעם שווער־פארוואונדעטען ארבועז'ן און איהם אוועקגעלייגט אויף א בעט. ער האָט גע־קרעכצט פון יסורים. ער, וועלכער האָט פאראורזאכט אזוי פיעל יסורים און ליידען צו אנדערע, האָט יעצט אליין דערפיהלט דעם טעם פון שמערצען... ער, וועמעס אויערען זיינען געווען טויב צו די קרעכצען פון הונדערטע אומגליקליכע וועלכע זיינען אין זיינע הענד אריינגעפאלען, האָט זיין אייגענע קרעכצען גע־הערט... זיינע יסורים זיינען געווען גרויס, ווייל דאָס מעסער מיט וועלכען דער דיענער האָט איהם דערשטאָכען איז געווען פארראָסטעט און פארזשאווערט. ער האָט גלייך געקראָגען בלוט־פארגיפטונג און זיין קערפער איז געשוואָלען געוואָרען.

דריי טעג האָט ער זיך אָפגעמוטשעט אין די גרעסטע יסורים. דערווייל האָט מען ארעסטירט הונדערטע פערזאָנען אויף וועמען עס איז געפאלען דער חשד. דער דיענער אוראנגא האָט זיך אויסבעהאלטען, און ווען ער האָט בייניאכט זיך ארויסגעלאָזען הינטער דער שטאָדט מיט זיין פעקעל געלד צו אנטלויפען נאָך פראנקרייך, איז ער פערהאלטען געוואָרען. מען האָט איהם בעזוכט און גע־פונען דאָס געלד. מען האָט איהם גלייך ארעסטירט און גענומען אויספרעגען ווער ער איז און וואו ער האָט געקראָגען דאָס געלד.

— איך בין א דיענער ביי א שפאניער, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב ביי איהם דאָס געלד אוועקגעגנב'עט און געוואָלט אנטלויפען פון דאנען.

די פאָליציי האָט איהם פארהאלטען. מען האָט ביי איהם גענומען דאָס געלד און געשיקט רופען דעם יונגען מאראנא.

— איז דאָס דיין געלד? — האָט מען איהם געפרעגט.

— ניין! — האָט ער געענטפערט.

— האָסטו געהאט א דיענער מיט'ן נאמען אוראנגא?

— יא, איך האָב געהאַט אזא דיענער, אָבער ער האָט מיך פארלאַזען.
— און דו ביזט זיכער אז דאָס געלד איז ניט דיינס?
— איך בין זיכער.

מען האָט דאַן גענומען דעם דיענער און אוועקגעפיהרט צו דעם גוסס'ן ארבועז.

— אָט דיזער מאַן איז אונטער פארדאכט, — האָט א בעאמטער זיך אָפּגערופען, — פיעלייכט וועסטו איהם דערקענען.

ארבועז האָט קוים געעפענט זיינע פארשוואָלענע אויגען און באַלד האָט ער קוים-קוים ארויסגעמורמעלט:

— יא, דאָס איז ער!

אין א ווייַלע ארום איז ארבועז געשטאָרבען אין שרעקליכע יסורים.

מען האָט דעם דיענער גלייך געשמידט אין קייטען און מען האָט איהם אוועקגעפיהרט אין דעם צימער פון פיינונגען. דאָרטען האָט מען איהם גענומען צווינגען ער זאָל ארויסגעבען די נעמען פון די וועלכע זיינען אין דעם פארמישט.

פריהער האָט ער זיך געהאַלטען ביי דאָס זייניגע אז ער איז אונשולדיג. אָבער ווען מען האָט איהם גענומען שטארק פייניגען, און ברענען זיין פלייש, מיט גליהענדע אייזענס, האָט ער זיך מודה געווען אז ער איז דער מערדער.

דאָס איבריגע איז שוין געווען גאַנץ גרינג ארויסצובעקומען. נאָך איינינע אייזענס און ער האָט אַלעס אויסגעזאָגט. ער האָט ארויסגעגעבען די נעמען פון זיין האר און די איבריגע וועלכע האָבען איהם געדונגען ער זאָל דעם מאָרד דורכפיהרען.

מען האָט זיי אַלעמען גלייך ארעסטירט. פריהער האָט מען זיך גענומען צו לואיס דע סאַנטאַנגעל. מען האָט פּרובירט פון איהם ארויסקריגען נאָך נעמען פון די מאַראַנען.

ווען די נייעס פון ארבועז'ס מאָרד האָט דערגרייכט די קעניגין, איז זי גלייך אָנגעקומען אין סאַראַגאָסאַ און האָט באַפוילען אז קיינער פון די שולדיגע זאָל ניט אוועק אונבעשטראָפט.

דער המון איז געווען אזוי אויפגערייצט און אויפגערעגט אז ווען די קעניגין וואָלט זיי ניט פארשפּראָכען אויסצופאָרשען דעם מאָרד און בעשטראָפען יעדען איינעם, וואָלטען זיי קיין איין איינציגען אידען און מאַראַנאַ לעבעדיג ניט איבערגעלאָזען.

מען האָט פאר די אינקוויזיטאָרען פאָרגעבראכט דעם יונגען מאַראַנאַ און איהם געצוואונגען זיך מודה צו זיין.

— איך אַליין בין אין דעם שולדיג! — האָט ער אויסגערופען, — קיינער האָט מיר ניט געהאָלפען. איך האָב מיין דיענער געדונגען, ווייל איך האָב געוואָלט ראכע נעהמען אָן איהם פאר דעם וואָס ער האָט אזוי שטארק געפּייניגט מיין אונשולדיגען פאטער.

— מיר ווייסען אז דו האָסט געהאַט א סך מיטהעלפער, — האָט איינער פון די אינקוויזיטאָרען זיך צו איהם אָפּגערופען, — און דו מוזט ארויסגעבען זייערע נעמען.

— איך וועל קיין נעמען ניט ארויסגעבען! — האט ער געענטפערט, — איהר קענט טהאָן מיט מיר וואָס איהר ווילט.

— מיר ווייסען אלץ איינס אלע נעמען. דיין דיענער האָט זיי שוין ארויס־געגעבען צו אונז, אָבער מיר ווילען אויך פון דיר ארויסקריגען.

— איך אליין בין שולדיג! מיין דיענער ווייס ניט וואס ער רעדט. איך אליין האָב דעם מאָרד געפּלאַנעוועט און איהם דורכגעפיהרט... איך בין גרייט צו שטארבען...

— ניט אזוי גיך וועסטו שטארבען! — האָט א צווייטער אינקוויזיטאר זיך צו איהם אָפּגערופען, און געהייסען איהם ברענען דאָס פלייש.

ער האָט געשריען און געקרעכצט פון יסורים, און יעדע ווייַלע האָט מען איהם געפרעגט אויב ער וועט ארויסגעבען די נעמען.

ווען אָבער ער האָט זיך נאָך אלץ ענטזאגט, האָט מען איהם אנגעזאגט, אז היינט פיהרט מען זיין פאטער צום אויטאָ־דע־פע, און ער וועט זיין געצוואונגען אליין מיט זיינע אויגען צוצוזעהן ווי אזוי זיין פאטער ווערט פארברענט.

ער האָט זיך אָבער אלץ נאָך ניט אונטערגעגעבען. דאן האָט מען זיין פאטער ארויסגעפיהרט... דער המון האָט זיך פארזאמעלט... די מאָנאכען מיט שווארצע ליכט און צלמים אין זייערע הענד זיינען געגאנגען פאראויס און גע־זונגען זייערע תפלות. הינטער זיי האָט מען געפיהרט דעם אויסגעמוטשעטען און צעוואונדעטען פאטער פון דעם יונגען מאַראַנאַ... ער האָט געקרעכצט פון וועהטאָג, און זיין זוהן, וועלכער איז געפיהרט געוואָרען פון הינטען האָט פאר־שטאָפּט זיינע אויערען מיט זיינע הענד כדי ניט צו הערען די קרעכצען פון זיין פאטער.

ווי דער אינקוויזיטאָר האָט עס דערזעהן האָט ער באפוילען אז אלע זאלען זיך אָפּשטעלען. ער האָט געהייסען צופיהרען דעם זוהן פאר זיין פאטער׳ס אויגען, און ער האָט זיך אָפּגערופען:

— ער האָט פארשטאָפּט זיינע אויערען מיט זיינע הענד כדי ער זאָל ניט הערען זיין פאטער׳ס געשרייען, זאָל מען דערפאר אָפּהאַקען זיינע הענד פאר די אויגען פון זיין פאטער, און דאן זאָל ער צוזעהן ווי אזוי מען פארברענט זיין פאטער.

דער באפעהל איז גלייך אויסגעפיהרט געוואָרען. מען האָט דעם יונגען מאַראַנאַ אָפּגעהאַקט די הענד און איהם געפיהרט ער זאָל זעהן מיט זיינע אויגען ווי אזוי זיין פאטער ברענט אויף דעם אויטאָ־דע־פע.

אזוי האָט מען איינע נאָך די אנדערע פארברענט אויף דעם אויטאָ־דע־פע די וויכטיגסטע בירגער פון סאראגאָסא, אריינרעכענענדיג סאנכעז׳ן און לואיס דע סאנטאַנגעל׳ן.

צוויי-און-צוואנציגסטער קאפּיטעל

## קאָלאָמבוס און איזאַבעלאַ

אין דער צייט ווען קאָלאָמבוס איז אנגעקומען אין קאָרדאָווא, האָט זיך שוין די מלחמה צווישען שפּאַניען און די מורען געהאט אנגעפאנגען.

פערדינאַנד האָט אנגעזאמעלט גענוג געלד פון די מאַראַנען, וועלכע זיינען

פאַר׳משפּט געוואָרען פאַרברענט צו ווערען. זייער פאַרמעגען איז קאָנפיסקירט געוואָרען פאַר די קעניגליכע אוצרות.

דער קעניג האָט שוין געזעהן אז יעדער רייכער נייער קריסט זאָל געבראכט ווערען פאר דער טריבונע פון דער אינקוויזיציע. און וואָס רייכער יענער נייער קריסט איז געווען אלץ שנעלער איז ער פאַר׳משפּט געוואָרען אפילו ווען ער איז ווירקליך געווייזן אונשולדיג. עס האָבען זיך שוין געפונען מענשען וועלכע האָבען גע׳מסר׳ט און זיינען געווען עדות. קיין סך באווייזע האָט זיך ניט געפאָדערט. דער בעשולדיגטער איז שוידערליך געפּייניגט געוואָרען ביז וואנען ער איז געצוואונגען געווען זיך מודה צו זיין.

אזוי זיינען די קעניגליכע אוצרות אָנגעפילט געוואָרען מיט גאָלד, און דאָס האָט פערדינאנד׳ן ערמעגליכט אָנצופאנגען די מלחמה געגען די מורען און זיי אין גאנצען פארטרייבען פון שפּאַניען.

די שפּאַנישע ארמעען זיינען געווען זיעגרייך און האָבען זיך געשטופּט וואָס ווייטער נאָך דרום נעהמענדיג איין שטאָדט נאָך דער צווייטער.

אין יענער צייט האָבען זיך דער קעניג פערדינאנד און די קעניגין איזאבעלא צייטווייליג באזעצט אין קאָרדאָווא, כדי צו זיין נעהענטער צו גראנאדא וואו די מלחמה איז געפאָכטען געוואָרען.

ווען קאָלאָמבוס האָט זיך דערוואוסט אז די קעניגליכע פאָר געפינט זיך אין קאָרדאָווא, האָט ער בעשלאָסען אויסצונוצען די געלעגענהייט און קומען צו זיי מיט זיין פּלאַן.

ביטריס ענריקעז האָט איהם שטארק ערמוטיגט. זי אליין איז געווען שטארק באגייסטערט פון זיין פּלאַן און זי איז געווען זיכער אז קריסטאָפער קאָלאָמבוס וועט זיין ערפאָלגרייך.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז דער קעניג און קעניגין וועלען שענקען אויפמערקזאמקייט צו דיינע רייד, איבערהויפּט נאכדעם ווי דו ביזט בעזאָרגט מיט בריעף פון פיעלע גרויסע געלערנטע און איינפלוסרייכע לייט פון שפּאַניען — האָט ביטריס זיך אָפּגערופען צו קאָלאָמבוס׳ן, — קורץ נאכדעם ווי עס איז בעקאנט געוואָרען אז די קעניגליכע פאָר וועלען זיך צייטווייליג געפינען אין קאָרדאָווא.

— מיט דיין מוטה און בעגייסטערונג וואָס דו גיסט מיר פאר מיין אונטערנעהמונג, וועל איך געוויס זיין ערפאָלגרייך — האָט ער איהר געענטפערט, — איך וועל נאָך מאָרגען זעהן צו קריגען אַן אוידיענץ ביים קעניג.

— איין זאך דאַרפסטו האָבען אין זינען ! — האָט ביטריס געזאָגט, — אז מיט ווענען דו וועסט ריידען, זאָלסטו זעהר פאָרזיכטיג זיין מיין נאָמען ניט ארויסצוברייגגען אויף דיינע ליפּען, ווייל ווען עס זאָל דערגרייכען דעם קעניג׳ס אויערען אז איך געפין זיך אין קאָרדאָווא, און ניט אין מאָנאסטיר אין סעוויל, וועלען די פאָלגען זיין זעהר טרויעריגע.

— געוויס וועל איך . יז פאָרזיכטיג ! — האָט ער געזאָגט — מיין איינציגע האָפנונג איז איך זאָל זיין ערפאָלגרייך, כדי מיר זאָלען ביידע גליקליך זיין... ווען גאָט וועט געבען און איך וועל ענטדעקען דאָס נייע לאַנד, וועל איך דיך מיטנעהמען און מיר וועלען לעבען רוהיג און צופרידען, און דאן וועלען מיר

מעגליך קענען זיך אומקעהרען צו אונזער פאָלק און אונזער רעליגיע, און קיינער וועט אונז קיין דעה ניט זאָגען ווי מיר זאָלען זיך אויפפיהרען.

— נאָך איין זאַך וויל איך דיר זאָגען, — האָט ביטריס זיך אָפּגערופען צו איהם, — עס ווענדעט זיך א סך אין איזאבעלא'ן. אויב דיין פּלאן וועט איהר געפעלען ווערען, וועט זי שוין זעהן אז דו זאָלסט עס דורכפיהרען. און דאריבער איז מיין עצה אז ווען דו וועסט פאָרגעשטעלט ווערען פאר דער קעניגין, זאָלסטו איהר זאָגען, אז דו ווילסט עס טהאָן פאר דעם וואהלזיין פון קריסטענטום... דו וועסט זוכען צו פארשפּרייטען די קריסטליכע רעליגיע אין דעם נייעם לאנד. און מיט די גאָלד און רייכטימער וואָס דו וועסט דאָרטען געפינען וועט מען קענען אויסלייזען דעם היילינען קבר פון יעזוס'ן... איך בין זיכער אז ווען דיין אונטערנעהמונג וועט אויך טראָגען א רעליגיעזען כאראקטער. וועט די פרומע איזאבעלא שענקען דיר מעהר אויפמערקזאמקייט און זי וועט שוין זעהן דיר באהילפיג צו זיין.

— דו רעדסט זעהר קלוגע רייד, מיין ליעבע ביטריס! — האָט קריסטאָפער אנגענומען איהר האַנד, — אזוי איז אויך געווען דעם פראָפעסאָר זאקוטא'ס עצה צו מיר. איך ווייס אז איך קען זיך אויף דיר פארלאָזען... און מאָרגען וועל איך זעהן צו קריגען אן אודיענץ ביי דער קעניגליכער פּאָר.

— דו מוזט זיך פריהער זעהן מיט איזאבעלא'ס קאָנפעסאָר, הערנאנדא דע טעלאווערא. ער וועט זיך איבעררעדען מיט דער קעניגין און דאן וועט זי בעשטימען א צייט ווען דו וועסט זיך מיט איהר קענען זעהן... אבער דו דארפסט זעהן אומצוביטען דיינע קליידער, ווייל עס איז ניט פּאסיג צו קומען אין פּאלאץ געקליידעט אין א מאנטעל פול מיט לעכער.

— איך ווייס ניט וואָס איך זאָל טהאָן! — האָט ער טרויעריג א זאָג געטהאָן, — איך האָב ניט קיין געלד צו קויפען אן אנדער מאנטעל, און איך קען ניט ווארטען ביז וואַנען איך וועל קענען באהויפּטען צו בייטען מיינע קליידער, און איך פיהל אז איך טאָר די געלעגענהייט ניט דורכלאָזען, ווייל ווער ווייס ווי לאנג דער קעניג און קעניגין וועלען פארברייננגען אין קאָרדאָווא.

— ווארט! — האָט ביטריס אויסגערופען, — איך האָב א גאָלדען רינגעל, פיעלייכט וועסטו קענען באָרגען אביסעל געלד פאר איהם, און דאן וועסטו זיך קענען קויפען א נייעם מאנטעל.

— אָה, ניין, דאָס וועל איך קיינמאָל ניט טהאָן! — האָט קריסטאָפער געזאָגט, — איך וועל בעסער קומען צום קעניג אין מיינע אלטע קליידער. ער וועט אלץ איינס וויסען אז איך בין אָרעם און האָב קיין געלד ניט.

— איך בעט דיך, קריסטאָפער, טאָ מיר די געפעליגקייט און נעהם עס פון מיר, — האָט ביטריס איהם דערלאנגט דעם רינג — דו ווייסט דאָך, אז דאָס וועט מיר פארשאפען זעהר פיעל פאָרגעניגען, און אויסער דעם וועט עס מעגליך מאכען פאר דיר צו ערשיינען פאר דער קעניגליכער פּאָר.

— איך דאנק דיר, מיין ליעבע ביטריס, — האָט קאָלאָמבוס איהר געקושט, — אָבער פארלאנג עס ניט פון מיר. איך גלויב אז מיין אויסערער אויסזעהן וועט קיין איינדרוק ניט מאכען... איך וויל האָפען אז עס וועט קומען א צייט ווען איך וועל ניט וויסען פון קיין מאנגעל אין געלד און איך וועל פארגעסען אָן אלע מיינע ליידען.

ביטריס האט איינגעזעהן אז ער פיהלט זיך זעהר שלעכט וועגען דעם, און זי האט דאריבער איהם מעהר ניט געבעטען ער זאל נעהמען דעם רינג.

---

קאלאמבוס איז אויף מארגען אוועק צו הערנאנדא דע טעלאוועראַ און איהם געצייגט דעם בריעף פון פערעץ און פון זאקוטא'ן. ער האט איהם אויך ערקלעהרט וועגען זיין גרויסען פלאן צו ענטדעקען א נייע וועג צו אינדיע און פון איהם פערלאנגט ער זאל איהם פארשטעלען פאר דער קעניגליכער פאר כדי ער זאל פאר זיי קענען פארלעגען זיין פלאן.

דע טעלאוועראַ האט מיט גרויס פארגעניגען ערפילט זיין פארלאנג, און ער האט איבערגעגעבען דעם קעניג און דער קעניגין וועגען קאלאמבוס'ן און זיינע פלענער.

פערדינאנד און איזאבעלא האבען איהם געהייסען קומען. און אזוי האט קאלאמבוס צום ערשטען מאל פארגעבראכט זיינע פלענער פאר דעם קעניג און קעניגין פון שפאניען.

מיט גרויס בעגייסטערונג האט איזאבעלא זיך צוגעהערט צו זיינע רייד. איהרע פרומע, פאנאטישע נשמה איז אנגעפילט געווארען מיט פרייד. איהרע אויגען האבען געגלאנצט ווען זי האט געהערט פון קאלאמבוס'ס מויל זיינע מאטיווען. ער וועט זעהן צו באקעהרען אלע אומגלויביגע און געצענדיענער צום קריסטענטום. דאס אליין איז ביי איהר געווען ווערטה אלע הוצאות און מיה.

פערדינאנד אבער האט געטראכט מעהר וועגען צוקריגען נייע לענדער. ער האט געזוכט מעהר רייכטימער. און ער האט געוואוסט אז אזא אונטערנעהמונג וועט אריינטרייבען אין גרויסע סומען געלד. און ווער ווייס אויב עס וועט ניט זיין אומזיסט... ניין, ער וועט זיך מוזען איבערערעכענען אויב עס לוינט זיך פאר איהם.

קאלאמבוס האט געהאלטען א פייערדיגע רעדע פאר זיי. ער האט צווישען אנדערעס געזאגט:

— אין אינדיען געפינען זיך די טהייערסטע אוצרות. דאס לאנד איז פול מיט געלד און קאסטבארע שטיינער. די בעסטע געווירצען געפינט זיך דארט. אבער עס איז זעהר שווער אהין צוצוקומען. די געפאהר איז זעהר גרויס, אויף דעם מיטעל-לענדישען ים געפינען זיך די שיפען פון די מאכמעדאנער, און אויך פיעלע שיפען פון די ים רויבער, און עס איז קיינמאל ניט זיכער פאר אונזער שיף צו געהן נאך אינדיען און זיך צוריקקעהרען בשלום. אבער ווען איך וועל ענטדעקען דעם נייעם וועג נאך אינדיען, און כאטש ער וועט זיין א ווייטערער וועג, וועט ער אבער זיין דער זיכערסטער. די שפאנישע שיפען וועלען קענען פיהרען די סחורות מיט זיכערקייט, און געוויס וועט דער קעניג קענען באהערשען די שוואכע פעלקער וועלכע געפינען זיך דארטען.

— דאס קלינגט זעהר גוט! — האט פערדינאנד מיט א שמייכעל געזאגט, — אויב איך וואלט אין דער אונטערנעהמונג ניט בעדארפט אריינלייגען אזוי פיעל געלד, און דאן קען נאך זיין אז אלעס וועט זיין ארויסגעווארפען, און נאך אלעמען ביזטו דאך אליין ניט זיכער אויב דו וועסט זיין ערפאלגרייך. דו ביזט דאך נאך דארטען קיינמאל ניט געווען. ד. ה. זעהסט דעם נייעם וועג בלויז אין דיין פארשטעלונגס-קראפט און פיעלייכט ביזטו נאר א טרוימער.

— אלע געלערנטע וועלכע האָבען שטודירט די וועלט, זיינען געקומען צום בעשלוס אז זי איז רונד און דאריבער איז פארשטענדליך אז עס מוז זיך געפינען א וועג צו אינדיען פון מערב זייט — האָט קאָלאָמבוס געזאָגט און ער האָט ארויסגענומען די מאַפּעס וואָס אברהם זאקוטא האָט איהם געגעבען, און זיי פאנאנדערגעוויקעלט פאר די אויגען פון דער קעניגליכער פּאָר. ער האָט מיט זיין פינגער געצייגט וועלכען וועג מען זאָל פאָהרען... 

— מיר וועלען זיך וועגען דעם בעטראַכטען און דיר לאָזען וויסען אין איינינע טעג ארום — האָט פערדינאַנד געזאָגט.

קאָלאָמבוס האָט זיך פארנייגט און האָט פארלאָזען דעם פּאַלאַץ.

— אז זיינע רייד וואָלטען געהאט א ווערדע, — האָט פערדינאַנד זיך אָפּגערופען צו איזאבעלא'ן, — וואָלט דער קעניג פון פּאָרטוגאַל שוין לאַנג אָנגענומען זיין פּלאַן. און ווי באלד ער האָט איהם צוריקגעוויזען, איז א סימן אז ער האַלט קאָלאָמבוס'ן פאר א פּוסטען טרוימער און מען קען זיך אויף איהם ניט פארלאָזען.

— אָבער זיינע רייד קלינגען אזוי ערנסט. און ער רעדט מיט אזוי פיעל איבערצייגונג! — האָט איזאבעלא געזאָגט, — מעגליך אז ער וויים טאַקע וואָס ער רעדט. נאָך אַלעמען קענסטו דאָך זעהן אז אזעלכע גרויסע געלערנטע שטיצען זיינע פּלענער.

— פארוואָס זאָלען זיי איהם ניט שטיצען?! וועלען זיי דען דארפען אויסגעבען געלד?... זיי וועלען אָפּקומען מיט'ן ריידען. זיי פארלאַנגען אז איך זאָל איהם שטיצען מיט געלד, און דערווייל וועלען זיי מאַכען אן עקספּערימענט... זיי וועלען דאָך דערצו גאָרניט דערלעגען.

— אָבער שטעל זיך פאָר ווי גרויס אונזער ענטטוישונג וועט זיין ווען א קעניג פון אן אנדער לאַנד וועט ארויסהעלפען קאָלאָמבוס'ן! דאַן וועלען די גייע לענדער בעלאַנגען צו איהם, און אונז וועט עס שטאַרק פארדריסען.

דאָס איז שוין פערדינאַנד'ן אריין אין נאָז. וואָס וועט טאַקע זיין אז קאָלאָמבוס איז גערעכט און אימיצער אנדערש וועט איהם אונטערשטיצען... — האָט ער געטראַכט, — אָבער אין אזא צייט ארויסנעהמען א גרויסע סומע געלד, אין דער צייט ווען ער פיהרט א פירכטליכע מלחמה געגען די מורען... ווי אזוי וועט ער דאָס קענען טהאָן?

— איך וועל די גאַנצע זאַך איבערגעבען אין די הענד פון איינינע געלערנטע, זאָל קאָלאָמבוס פאר זיי פאָרלייגען זיינע פּלענער, און אויב זיי וועלען בעשליסען אז מען קען זיך אויף זיינע רייד פארלאָזען, וועל איך דאַן מעגליך איהם אונטערשטיצען, און אויב ניט, וועל איך וויסען אז ער רעדט זיך איין און דאָס איז אַלעס פּוסטע רייד, און איך וועל מעהר קיין אויפמערקזאַמקייט צו זיינע רייד ניט שענקען.

דער קעניג האָט געשיקט רופען איינינע פון זיינע געלערנטע און ער האָט געהייסען אויסהערען קאָלאָמבוס'ן און זיי זאָלען בעשטימען אויב מען קען זיך פארלאָזען אויף זיינע רייד.

קאַלאַמבוס האָט פאַר דער קאָמיסיע פון די געלערענטע פאַרגעלייגט זיינע פּלענער. צווישען זיי האָט זיך אויך געפונען דע טעלעווארא. זיי האָבען איהם אויסגעהערט. זיי האָבען איהם געשטעלט פאַרשיידענע פראַגען און נאכהער, ווען ער האָט זיי פּאַרלאָזען, האָבען זיי צווישען זיך גענומען אַרומ־ריידען וועגען דער פאַרווירקליכונג פון זיינע פּלענער.

דע טעלעווארא איז געווען דער איינציגער, וועלכער האָט גערעדט צום גונסטען פון זיין פּלאַן. די איבעריגע האָבען באַשלאָסען אַז קאַלאַמבוס איז א פּוסטער פאַנטאַזיאָר און מען קען זיך אויף זיינע רייד נית פאַרלאָזען.

די קאָמיסיע פון די געלערענטע האָבען באַריכטעט דעם קעניג, אַז זיי אַלע, אויסער הערנאַנדאָ דע טעלעווארא, זיינען איינשטימיג אַז עס איז אונמעגליך צו געפינען א נייעם וועג צו אינדיע און נייע לענדער, ווי קאַלאַמבוס שטעלט זיך פאָר, און אַזא אונטערנעהמונג וואָלט אריינגעטריבען אין זעהר א גרויסע סומע געלט. דאַריבער איז זייער עצה, אַז דער קעניג זאָל יעצט נית אריינלייגען קיין געלט אין אַזא צייט.

—און לויט מיין מיינונג איז יעצט די צייט פאַר אַזא אונטערנעהמונג! — האָט דע טעלאַווארא זיך אָפּגערופען — דער פּראָפעסאָר פון סאַלאַמאַקא, אברהם זאקוטא, האָט נאָר וואָס פאַרפערטיגט א בוך וואָס באַשטעטיגט די רייד פון קאַלאָמבוס׳ען און ווי איך ווייס איז דער געלערענטער בישאָף דיעגא דע דעזא אויך מיט דער זעלבער מיינונג.

— און איך בין גענויגט אָנצונעהמען זיין פּלאַן — האָט איזאַבעלא געזאָגט — כאָטש איך האָב קיין אהנונג נית וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך. זאָגט דאָך מיר דאָס הארץ, אַז עפּעס איז פאָרט פאַראַן אין אַזא אונטערנעהמונג! און עס וועט זיין פאַר מיר שווער איי גאַנצען צו אַנטזאַגען דעם יונגען מאַן, וועלכער איז גרייט צו ריזיקירען מיט זיין לעבען צו ברייננגען רוהם און כבוד צו אונזער מלוכה.

— אפילו ווען ער זאָל האָבען רעכט, איז יעצט נית די ריכטיגע צייט דערצו! — האָט פערדינאַנד געענטפערט דער קעניגין — מיר האָבען א גרויסע אויפגאַבע צו ענדיגען זיעגרייך די מלחמה און מיר טאָרען נית אויס־געבען קיין געלט אויף עפּעס אַנדערש אויסער אויף דער מלחמה. און דו דאַרפסט קאַלאָמבוס׳ען אין גאַנצען נית אַנטזאַגען, זי׳ וועסט איהם ערקלערען, אַז ער איז געקומען נית אין דער ריכטיגער צייט, און מעגליך שפּעטער, ווען עס וועט הערשען שלום אין לאַנד, וועלען מיר זיין פּלאַן ווידער באַטראַכטען.

קאַלאָמבוס איז שטאַרק דערשלאָגען געוואָרען פון דעם ענטפער. ער האָט גלייך געזעהן אַז זיין פּלאַן איז נית אָנגענומען געוואָרען און דאָס וואָס מען לייגט עס אָפּ אויף שפּעטער איז בלויז כדי פון איהם אין גאַנצען פּטור צו ווערען. אויסער דעם האָט ער געהאַט זעהר פיעל אויסצושטעהן פון די בעאַמטע און פון די וועלכע האָבען זיך געפונען אין קעניגליכען הויף. יענע פלעגען פון איהם אָפּלאַכען און אָפּשפּאָטען, ווייל ער איז געווען זעהר אָרים געקליידט. און ווען ער פלעגט דאַרפען זיי פאַרבייגעהן פלעגט ער הערען ווי זיי טרייבען שפּאַס אויף זיין חשבון:

—"אַט קומט דער מאַן מיט דעם צולעבערטען מאַנטעל" — פלעגט ער הערען ווי זיי לאַכען, און דאָס פּנים האָט איהם געפלאַמט פון שאַנדע.

דאָך האָט ער ביטריס'ען וועגען דעם ניט דערצעהלט. ער האָט איהר בלויז געזאָגט, אַז דער קעניג און קעניגין קענען יעצט זיין פּלאַן ניט אָנ־נעהמען, ווייל זיי זיינען פאַרנומען מיט דער מלחמה.

ביטריס האָט אָבער באַמערקט ווי נידערגעשלאָגען און אַנטמוטיגט ער איז. און זי האָט איהם גענומען טרייסטען:

— איך וויים אַז דו האָסט אַזוי פיעל געלערענטע וועלכע אונטערשטיצען דיין פּלאַן און עס וואָלט געווען ראַטהזאַם פאַר דיר דו זאָלסט זיך נאָך אַמאָל זעהן מיט זיי. אברהם זאַקוטאַ'ס רייד וועלען האָבען אַ שטאַרקען איינפלוס אויף דעם קעניג, בפרט אַז מיט איהם איז איינשטימיג דער בישאָף פון סאַ־לאַמאַנקאַ, דיעגאָ דע דעזאַ, וועלכער איז אויסער דעם וואָס ער איז אַ פּראָ־פעסאָר פון טעאָלאָגיע אין דעם זעלבען אוניווערזיטעט וואו זאַקוטאַ איז פּראָפעסאָר, איז ער אויך דער לעהרער פון דעם קרוינפּרינץ דאָן זשואַן. דו מוזט זיך מיט זיי ביידען בעראַטהען און זיי וועלען טהאָן אַלעם וואָס איז מעגליך צו באַווייזען דעם קעניג וועגען דער גרויסער וויכטיגקייט פון דיין אונטערנעהמונג.

— ווי אַזוי וועל איך יעצט קענען מאַכען אַזאַ וויטע רייזע? — האָט קאָלאָמבוס געזאָגט — איך האָב דאָך קיין געלט ניט.

ביטריס איז אַריין אין איהר צימער און האָט זיך באַלד צוריקגעקעהרט:

— איך בעט דיך, מיין ליעבער קריסטאָפאָר! — האָט זי געזאָגט — אַנטזאָג מיר ניט, אָט האָסטו די געלט. עס וועט זיין גענוג פאַר דיר אויף הוצאות הין און צוריק. דו מוזט זיך מיט זיי זעהן. דו טאָרסט עס ניט פאַרנאַכלעסיגען.

טרעהרען האָבען זיך באַוויזען אין זיינע אויגען. זיין האַרץ איז גע־ריהרט געוואָרען פון איהר גוטהאַרציגקייט און איבערגעבענהייט. ער האָט געוואוסט, אַז זי האָט פאַר'משכנ'ט איהר רינג כדי צו קריגען דאָס געלט פאַר איהם.

— ווען ניט דו, מיין ליעבע ביטריס, וואָלט איך קיין חשק ניט געהאַט מעהר צו לעבען. אָבער דו, מיין טייערע, גיסט אין מיר אַריין אַ נייעם גייסט, פול מיט האָפנונג און ערוואַרטונגען. דו ערמוטיגסט מיר אָנצוגעהן מיט'ן קאַמף און איך האָב ניט קיין וועג דיר דאַנקבאַר צו זיין.

— דיין ערפאָלג וועט מיין דאַנקבאַרקייט זיין — האָט ביטריס איהם געקושט — געה, מיין טייערער, און באַגליק אין דיין וועג. איך וועל מיט דער גרעסטער אומגעדולד וואַרטען אויף דיין צוריקקעהר און איך האָף, אַז דו וועסט געווינען די אונטערשטיצונג אויך פון פיעל אַנדערע געלערענטע, וועלכע וועלען האָבען אַן איינפלוס אויף דעם קעניג און קעניגין. גאָט וועט דיר קומען צו הילף, ווייל דו האָסט אין זינען צו העלפען אונזערע אומגליקליכע ברידער פון שפּאַניען.

קריסטאָפאָר קאָלאָמבוס האָט זיך געזעגענט מיט איהר און מיט זיין מו־טער און ער האָט פאַרלאָזען קאָראַדאָוואַ.

אויפ'ן וועג נאָך סאַלאמאַנקא האָט זיך קאָלאָמבוס אָפּגעשטעלט אין דעם קלויסטער פון לאַראַבידאַ, זיך צו זעהן מיט זיין זוהן און אויך זיך נאָך אַמאָל צו זעהן מיט דעם מאָנאַך פּערעץ.

ער האָט זיין זוהן געטראָפען אין גוטען צושטאַנד. ער האָט זיך זעהר געפרעהט צו זעהן אַז זיין זוהן האָט דורך דער צייט אויסגעוואַקסען. ער האָט איבערגעגעבן פּערעץ'ן וואָס ער האָט דורכגעמאַכט און אַז דער קעניג און די קעניגין האָבען איהם אָפּגעזאָגט.

— זיי ניט פאַרצווייפעלט, קריסטאָפאָר — האָט דער מאָנאַך זיך אָפּגערופען — וואָס מעהר שוועריגקייטען דו וועסט געפינען אויף דיין וועג, אַלץ גרעסער וועט דערנאָך דיין ערפאָלג זיין. דו טהוסט גאַנץ גוט וואָס דו פאָהרסט יעצט נאָך סאַלאַמאַנקאַ. די צוויי גרויסע פּראָפעסאָרען וועלען טהאָן אַלעם אין זייער קראַפט דיר באַהילפיג צו זיין. דער בישאָף דיעגאָ דע דעזאַ וועט גענוים ווירקען אויף דער קעניגין. איך ווייס אַז זיינע רייד האָבען אַ גרויס ווירקונג אויף איהר.

מיט מעהר מוט און האָפענונג האָט קאָלאָמבוס אָפּגערייזט נאָך סאַלאַמאַנקאַ און איז גלייך אַוועק צום אוניווערזיטעט.

זאַקוטאַ האָט איהם מיט גרויס פרייד אויפגענומען און ווען קאָלאָמבוס האָט איהם דערצעהלט אַז די קעניגליכע פּאָר האָבען איהם געהייסען וואַרטען ביז נאָך דער מלחמה, האָט ער געזאָגט:

— איך קען גאַנץ לייכט פאַרשטעהן פאַרוואָס זיי האָבען עס יעצט ניט געוואָלט באַטראַכטען דיין פּלאַן, ווייל זיי זיינען פאַרענגט אין געלט און דיין אונטערנעהמונג איז פאַרבונדען מיט אַ סך געלט. דאַריבער האָב איך פאַר דיר אַן אַנדער עצה — האָט זאַקוטאַ געזאָגט — איך וועל דיר געבען אַ בריעף צו די דריי רייכסטע לייט פון שפּאַניען, צו די צוויי אידען אברהם סיניאָר און דאָן יצחק אבּאַרבאַנעל און צו לואיס דע סאַנטאַנגעל. איך וועל זיי אַלעם ערקלערען און עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אַז זיי וועלען זיך אונטערנעהמען צו פינאַנסירען די רייזע איבער'ן ים.

— לואיס דע סאַנטאַנגעל! — האָט קאָלאָמבוס אויסגערופען — איך האָב דאָך געהערט אַז...

— אָה, דו מיינסט אַז ער איז פאַרברענט געוואָרען אויף דעם אַטאָ־דע־פע?

— יע, איך האָב פון דעם געהערט נאָך זייענדיג אין קאָראַדאָוואַ! מען האָט דערצעהלט אַז ער איז געווען פאַרבונדען מיט דעם מאָרד פון דעם אינקוויזיטאָר פּעדראָ אַרבּועז, און דאָן איז לואיס דע סאַנטאַנגעל באַשטראָפט געוואָרען צוזאַמען מיט די איבעריגע.

די משפּחה פון די סאַנטאַנגעלס איז זעהר אַ גרויסע און דער וועלכער איז אומגעקומען אויף דעם אַטאָ־דע־פע איז געווען זיינער אַ קאָזין, וועלכער האָט געטראָגען דעם זעלבען נאָמען. אָבער דו דאַרפסט וויסען זיין אַז דער לואיס דע סאַנטאַנגעל פון סעוויל איז דער מיניסטער פון דעם קעניג'ס אוצרות און איז זעהר חשוב און געאַכטעט ביים קעניג. עס איז ביי אַלעמען באַוואוסט אַז די דריי: אברהם סיניאָר, דאָן יצחק אבּאַרבאַנעל און לואיס דע סאַנטאַנ־

געל האָבען פיעל געהאָלפען אז די ארמעען זאָלען אפּהאַלטען א גרויסען זיעג איבער די מורען, און די דריי וועלען דיר אויך העלפען. איך וועל זיי אַלעם אויסשרייבען אין א בריעף און אין דער זעלבער צייט וועל איך בעטען מיין פריינד, דעם פּראָפעסאָר דיעגא דע דעזא, אז ווען ער וועט זיך זעהן מיט דער קעניגליכער פּאָר, זאָל ער אריינוואַרפען א גוטען וואָרט פאַר דיר, און איך בין זיכער אז ווען דער קעניג וועט זעהן, אז ער דאַרף יעצט ניט ארויסנעהמען קיין געלט פאַר דער אונטערנעהמונג, וועט ער געוויס צושטימען און וועט דיר באַזאָרגען מיט די שיפען. און יעצט קום מיט מיר צו מיין פריינד, איך וואָלט וועלען אז דו אליין זאָלסט זיך נאָך מיט איהם דורכריידען און הערען וואָס ער וועט דיר זאָגען.

אברהם זאקוטא איז מיט קאָלאָמבוס'ען אוועק צו דיעם בישאָף דיעגא דע דעזא און דערצעהלט אַלעם וואָס עס האָט ביז יעצט פּאַסירט.

— ער האָט נאָך פיעלע שטרויכלונגען אויף זיין וועג. ווי עס ווייזט אויס, זיינען די געלערנטע פון קאָרדאָווא ניט איינשטימיג מיט אונז. זיי גלויבען ניט אז עס איז מעגליך צו געפינען לאַנד רייזענדיג נאָך מערב, און דאַריבער וועט ער זיך שטאַרק נויטיגען אין דיין אונטערשטיצונג. ווען דו וועסט קענען זאָגען א פּאָר גוטע ווערטער וועגען קאָלאָמבוס'ען און זיין פּלאַן פאַר דער קעניגין, וועסטו איהם א סך ארויסהעלפען.

— איך וועל זיך זעהן מיט דעם קעניג אין איניגע מאָנאַטען ארום! — האָט דיעגא דע דעזא געזאָגט — און דערווייל וועל איך שיקען א בריעף צו דער קעניגין דורך איהר זוהן, דעם קרוינפּרינץ, דאָן זשואַן, וועלכער וועט די נעקסטע וואָך אָפּרייזען נאָך קאָרדאָווא, און איך גלויב אז דאָס וועט העלפען.

— דערמיט וועסטו האָבען אויפגעטהאָן זעהר א גוטע זאַך פאַר דער מענשהייט! — האָט פּראָפעסאָר זאקוטא זיך אָפּגערופען — און דער קעניג און די קעניגין וועלען דיר אייביג דאַנקבאַר זיין פאַר דיין גוטער עצה.

מיט דעם בריעף וואָס קאָלאָמבוס האָט געקראָגען פון זאקוטא'ן און מיט דער פאַרשפּרעכונג פון הילף פון דעם בישאָף פון סאַלאַמאַנקאַ, האָט זיך קאָלאָמבוס אומגעקעהרט נאָך קאָרדאָווא. ער האָט זיך דאָרטען געטראָפען מיט דאָן יצחק אבארבאנעל, וועלכער האָט איהם פאַרשפּראָכען צונויפצוברייגען מיט אברהם סינאָר און לואיס דע סאַנטאַנגעל.

— מיר וועלען זיך צוזאַמען באַראַטהען וואָס צו טהאָן — האָט ער געזאָגט — דערווייל אָבער דאַרף עס זיין א סוד.

אין איניגע טעג ארום איז קאָלאָמבוס איינגעלאַדען געוואָרען אין דער הויז פון אברהם סינאָר. דאָרטען האָט ער געטראָפען דעם מאַראַנאַ לואיס דע סאַנטאַנגעל און דאָן יצחק אבארבאנעל. זיי האָבען זיך צוזאַמען באַראַטהען.

— דאָ וועט מען דאַרפען האַנדלען זעהר דיפּלאָמאַטיש — האָט זיך לואיס דע סאַנטאַנגעל אָפּגערופען — איך וועל זיך פריהער זעהן מיט דער קעניגין און מיט איהר דורכריידען וועגען דעם. און ערשט דאַן, ווען איך וועל זעהן אז זי איז געניויגט דערצו, וועל איך איהר פאָרשלאָגען אויסצולייהען דאָס געלט.

— און דאַן וועט יעדער פון אונז זעהן דיר באַהילפיג צו זיין מיט געלט—

האט אברהם סינאר צוגעגעבען — און זאל גאט זיין מיט דיר און באגליקען דיין אונטערנעהמונג.

אין יענער צייט האט די שפאנישע ארמעע באזיעגט די מורען און איינגענומען די שטאדט גראנאדא. גרויס פרייד האט געהערשט אין גאנץ שפאניען. אלע האבען געיובעלט. די קעניגין'ס פנים האט געלויכטען פון גליק. יעצט וועט זי זעהן אז אלע איינוואוינער פון גראנאדא און די ארומיגע שטעדט זאלען זיך באקעהרען צום קריסטענטהום.

לואיס דע סאנטאנגעל האט באשלאסען אז יעצט איז די בעסטע צייט זיך דורכצורויידען מיט דער קעניגין. ווען ער איז איינגעלאדען געווארען צו דעם מאהלצייט, וואס זי האט געמאכט לכבוד דעם גרויסען זיעג, האט דע סאנטאנגעל זיך מיט איהר דורכגערעדט.

— דער מעכטיגער גאט האט מיט גרויס גענאד געגעבען אונזער ארמעע א גרויסען נצחון איבער דעם שונא. דאס איז א באווייז אז שפאניען וועט פון יעצט אן ווערען א שטארקע און מעכטיגע מלוכה, און איך גלויב אז דערמיט האט עס זיך נאך ניט געענדיגט.

— געוויס ניט! — האט די קעניגין געזאגט — כל זמן די מורען געפינען זיך אין אנדעלוסיע איז נאך אונזער זיעג ניט פארפאלקאמט. אונזער הויפט ציעל איז אין גאנצען צו פארטרייבען די מורען פון שפאניען און מאכען דאס גאנצע לאנד פאר א ריין קריסטליכע.

— דאס וועט שוין שווער ניט אנקומען. די גאנצע מורישע ארמעע איז דעמאראליזירט. זיי בונטעווען זיך און זיי זיינען ניט פאראייניגט. עס איז בלויז א פראגע פון געצעהלטע וואכען ביז וואנען דער ווירדיגער קעניג און די קעניגין וועלען זייער הערשאפט פארשפרייטען איבער גאנץ שפאניען, ביז מאלאגא און אפילו ביז דעם גיבראלטאר. אבער דאס אליין איז נאך ניט גענוג. די מעכטיגע הערשער פון שפאניען דארפען אויך באזיעגען אנדערע לענדער, כדי צו פארגרעסערען די מאכט און צו צייגען אנדערע פעלקער, אז שפאניען איז די גרעסטע מלוכה אין דער וועלט.

— דיינע רייד גיבען מיר פארגעניגען! — האט די קעניגין געזאגט — איך וויים ווי געטריי און איבערגעגעבען דו ביזט צו אונזער לאנד. אבער זאג מיר ווי אזוי וועלען מיר קענען פארגרעסערען אונזער מאכט? גלויבסטו אז נאכדעם ווי מיר וועלען פארטיג ווערען מיט די מורען, אז מיר זאלען דערקלערען מלחמה צו דעם קעניג פון פראנקרייך?

— ניין, ניט דאס מיין איך. מיר דארפען ניט פארגעסען אז פראנקרייך איז אויך א קריסטליכע מלוכה און מיר וועלען ניט קריגען די ברכה פון דער קירכע צו קעמפען געגען אונזערע ברידער קריסטען — האט דע סאנטאנגעל געזאגט — אבער איך גלויב אז שפאניען וועט זיך קענען פארשטארקען און פארגרעסערען, ניט דארפענדיג פארגיסען קיין בלוט. איך האב געהערט פון דעם פלאן פון קאלאמבוס'ען און איך בין איבערצייגט אז ער איז גערעכט, ווייל די גרעסטע געלערנטע פון שפאניען זיינען מיט דער זעלבער מיינונג, און עס איז אונזער פליכט צו זעהן אז קאלאמבוס זאל ניט אוועקגעהן צו זון זונדער קעניג מיט זיין פלאן. די נייע לענדער וואס קאלאמבוס וועט אנטדעקען וועט דארפען געהערען צו שפאניען. און דאס וועט קענען געשעהן נאר דאן,

ווען די שפּאַנישע רעגירונג זאָל קאָלאָמבוס'ען שטיצען אין זיין אונטער־נעהמונג.

איך האָב שוין וועגען דעם לאַנג געטראַכט — האָט די קעניגין געזאָגט מיט אַן אומעטיגע שטימע — אָבער וואָס זאָל איך יעצט טהאָן? די מלחמה איז נאָך ניט פאַרענדיגט, די אוצרות זיינען ליידיג און ווי אַזוי קאָן איך גאָר טראַכטען וועגען אַזאַ ריעזיגע אונטערנעהמונג. אָבער וואַרט! איך האָב אַ פּלאַן! — האָט פּלוצלונג די קעניגין אויסגערופען און איהרע אויגען האָבען געגלאַנצט פון פרייד. — איך וועל פאַרזעצען מיינע ציערונג, מיין קרוין איז געפּלאַסטערט מיט זעהר קאָסטבאַרע שטיינער און איך בין זיכער אַז דאָס געלט וואָס איך וועל דערפאַר קריגען וועט זיין גענוג פאַר דער רייזע.

— איך האָב אויסגערעכענט וויפיעל אומגעפעהר קאָלאָמבוס'עס אונ־טערנעהמונג וועט באַטרעפען — האָט דע סאַנטאַנגעל געזאָגט — ער וועט מוזען האָבען דריי שיפען מיט אַ מאַנשאַפט פון אַרום אַ הונדערט מענשען און דאָס אַלעס וועט באַטרעפען ניט מעהר ווי זיבעצעהן טויזענט פלאָרינס (אַ שפּאַנישע מטבע).

— איך גלויב, אַז די קאָסטבאַרע שטיינער און די גאָלד פון מיין קרוין זיינען ווערטה דאָס געלט.

— אָבער גנעדיגע קעניגין! — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל געזאָגט — מיר קענען ניט דערלאָזען אַז די קעניגין זאָל פאַרזעצען איהר קרוין. אויב די מלוכה אוצרות זיינען יעצט ליידיג, וועלען זיי אין איינינגע יאָהר אַרום ווידער פול ווערען, און איך וועל אויסבאָרגען דאָס געלט. יע, איך וועל ברייננגען די זיבעצעהן טויזענט פלאָרינס צו דער קעניגין און אייער מאַיעס־טעטין וועט פאַרהאַנדלען מיט קאָלאָמבוס'ען.

— איך דאַנק דיר זעהר — האָט איזאַבעלאַ זיך אָפּגערופען צו לואיס דע סאַנטאַנגעל — איך פאַרשפּרעך דיר, אַז דאָס געלט וועט דיר אָפּגעצאָהלט ווע־רען ביי דער ערשטע געלעגענהייט. איך האָב אויך זעהר פיעל דאַנקבאַר צו זיין צו אונזער געטרייען פריינד דאָן יצחק אַבּראַבאַנעל. ער האָט אונז אויך געבאָרגט אַ גרויסע סומע געלט כדי מיר זאָלען קענען אָנגעהן מיט דער מלחמ־ געגען די מורען, און אויב קאָלאָמבוס'עס אונטערנעמונג וועט געקרוינט ווער־ מיט ערפאָלג, וועסטו אין דעם האָבען אַ חלק.

— און איצט קען איך איבערגעבען קאָלאָמבוס'ן אַז זיין פערלאַנג וועט נאָכגעגעבען ווערען — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל אויסגערופען — איך ווייס אַז ער וועט ברענגען שטאָלץ און רוהם צו דעם קעניג און קעניגין און איך בין גליקליך צו טראַכטען וועגען דער מעגליכקייט, אַז אונזערע באַליבטע הערשער וועלען זייער הערשאַפט פאַרגרעסערען און צו שפּאַניען וועלען צוקומען נאָך לענדער.

— וואַרט צו אַ ווייל, איך וועל נאָך וועגען דעם זיך דורכריידען מיט דעם קעניג און דאַן וועלען מיר שיקען רופען קאָלאָמבוס'ן.

די קעניגין איז אַריין אין פערדינאַנד'ס צימער און זיך פאַרזאַמט אַ קליי־נע ווייל. באַלד איז זי אַרויסגעקומען. אויף איהרע ליפּען האָט זיך באַוויזען אַ שמייכעל.

— דער קעניג האָט אויך זיין צושטימונג געגעבען! — האָט זי מיט פרייד

אויסגערופען — איצט קענסטו איהם איבערגעבען אז ער זאָל צוקומען מאָרגען. מיר וועלען דאן אָפּמאכען ווען ער זאָל אָנפאנגען די רייזע, און אלע אנדערע איינצעלהייטען.

א צופרידענער איז לואיס דע סאנטאנגעל אוועק פון דער קעניגין. ער האָט גלייך געוואָלט אָנזאָגען קאָלאָמבוס'ן די פרעהליכע בשורה, אָבער ער האָט זיך דערמאָנט אז ער ווייס אפילו ניט וואו קאָלאָמבוס געפינט זיך. ער איז גלייך אוועק צו דאָן יצחק אברבאנעל און איהם דערצעהלט וואָס ער האָט אָפּגעמאכט מיט דער קעניגין, ווי אזוי זי האָט איינגעשטימט, אז ער זאָל אויסלייגען די געלט — די הוצאות פון דער אונטערנעמונג. און זי וועט געבען קאָלאָמבוס'ן די ערלויבניש אונטערצונעמען אזא רייזע.

— געלויבט איז גאָט! — האָט דאָן יצחק אבארבאנעל אויסגערופען מיט פרייד אין זיין שטימע. מיט איין האַנט שטראָפט ער אונז, און מיט דער צווייטער גרייט ער אָן פאַר אונז די רפואה. לויט ווי זאַקוטאָ האָט מיר איבערגעגעבען, וועט קאָלאָמבוס ענטדעקען א נייע לאנד, און דאָס לאנד וועט זיין א מקלט פאַר אונזערע גע'רודף'טע און געפּלאָגטע ברידער פון אלע לענדער. עס קומט פונקט אין דער שווידערליכסטער צייט... מיר האָט הערנאנדא דע טעלאווערא איבערגעגעבען, אז נאָך שווארצערע און פינסטערע וואָלקענס קומען אָן אויף דעם שפּאנישען הימעל פאַר די אידען. דער רשע טהאָמאס טאָרקוועמאדא, וועט ניט רוהען ביז וואנען אלע אידען פון שפּאניען וועלען ניט ארויסגעטריבען, אָדער איינגאנצען פארניכטעט ווערען... זאָל גאָט געבען, אז קאָלאָמבוס זאָל באַגליקען אין זיין אונטערנעמונג און ער זאָל געפינען א מקום מנוחה פאַר אונזערע פארוואָגעלטע ברידער.

— איך האָב אויך געהערט אז נייע גזרות וועלען באלד ארויסגעגעבען ווערען אויף די אידען — האָט דע סאנטאנגאל מרויעריג א שאָקעל געטאָן מיט זיין קאָפּ,— און דעריבער דארפען מיר איצט געפינען א טרייסט אין דעם אז די קעניגליכע פּאָר האָבען איינגעשטימט אויסצושטאטען קאָלאָמבוס'ן מיט די נויטיגע שיפען. איך האָב אויסגערעכענט, אז די הוצאות פון דער אונטערנעמונג וועט זיין אומגעפעהר צוויי זיבעצען טויזענט פלאָרינס, און די קעניגין איז שוין געווען גרייט צו פארזעצען איהר קרוין אום צו קריגען די סומע געלט, אָבער איך האָב איהר פארשפּראָכען אויסצולייהען דאָס געלט.

— גוט האָסטו געטאָן, מיין ליבער פריינד — האָט אבארבאנעל איהם געזאָגט — אַלען מיר אויך האָבען א חלק אין דיזער אונטערנעמונג. איך וועל איהם באהילפיג זיין.

— איך האָב איהם געוואָלט אָנזאָגען די פרעהליכע בשורה ווייס איך אָבער ניט וואו ער געפינט זיך — האָט סאנטאנגעל זיך אָפּגערופען.

— איך ווייס וואו דאָס הויז פון זיין מוטער איז, איך וועל אהין אוועקגעהן און זי וועט מיר שוין זאָגען וואו איהר זוהן געפינט זיך.

— לאָמיר ביידע אהין געהן — האָט סאנטאנגעל געזאָגט.

זיי זיינען ביידע געגאנגען. ווען זיי זיינען צוגעקומען צום הויז, האָט זיך אבארבאנעל אָפּגערופען ·

— מיט עטליכע יאָהר צוריק בין איך אהערגעקומען מיט אונזער פריינד אברהם סינאָר, דאן האָבען מיר געהאט אן אנדער פּלאן. מיר האָבען געהאָפט

אז דורך דער שעהנער ביטריס ענריקעז, די קרובה פון דעם קעניג פערדינאנד, וועט די גזרה פון דער אינקוויזיציע אפגעשטעלט ווערען, אבער אונזער מיה איז געווען אומזיסט...

— יא, די אָרימע ביטריס, זי האט געטאן אלץ וואס זי האט געקענט, אבער זי האט גארניט געקענט אויפטאן. זי האט בלויז געבראכט אויף זיך מעהר צרות. די קעניגין האט זיך פארשיקט אין מאנאסטיר. דארטען האט זי זיך זעהר שטארק אנגעליטען ביז וואנען עס איז איהר געלונגען צו אנטלויפען, און איצט ווייסען מיר גארניט וואוהין זי איז אוועק און וואס איז פון איהר געווארען — האט דע סאנטאנגעל געזאגט.

— מעגליך אז שושנה, די מוטער פון קאלאמבוס'ן, וויים וואו ביטריס געפינט זיך. זי איז געווען זעהר באפריינדעט מיט איהר — האט זאבארבאנעל זיך אפגערופען און איז צוגעגאנגען צו דער טיר מיט דע סאנטאנגעל'ן.

א ווײַלע זיינען ביידע געשטאנען, נאכהער האט אבארבאנעל א לייכטען קלאפ געגעבען אן טיר.

באלד האט זיך די טיר געעפענט און ביידע מיט אמאל האבען מיט גרוים ערשטוינונג אויסגערופען:

"ביטריס!"

טויט בלאס איז ביטריס'עס פנים געווארען ווען זי האט זיי דערזעהן. עס איז געווען פאר איהר א זוי אונערווארטעט, אז אנשטאט זיך צו פרעהען מיט איהרע אמאליגע פריינד, האט זי זיך נגד שטארק דערשראקען.

זיי האבען גלייך געזעהן איהר פארלעגענהייט און אבארבאנעל האט זי בארוהיגט:

— געלויבט איז גאט וואס מיר זעהען דיך... מיר האבען נאר וואס גע־רעדט פון דיר.

ביטריס האט א ווונק געטאן אז זיי זאלען ניט רעדען גאנץ הויך, זי האט זיי אריינגעלאזען אינווייניג און צוגעמאכט די טיר.

— מיר קומען דא אויסגעפינען וואו קריסטאפער קאלאמבוס געפינט זיך —האט דע סאנטאנגעל זי געזוכט ארויסצונעמען פון דער פארלעגענהייט.

— קריסטאפער קאלאמבוס! — האט ביטריס געענטפערט און זיי אנגע קוקט מיט נייגעריגע בליקען — האט עפעס פאסירט?

— יע, מיט האבען גוטע נייעס פאר איהם און מיר וואלטען איהם גלייך געוואלט זעהן.

— גוטע נייעס! — האבען ביטריס'עס אויגען אויפגעלויכטען — וואס האט דער קעניג צוגעשטימט?!

א שמייכעל האט זיך באוויזען אויף זייערע ליפען און לואיס דע סאנטאנ־געל האט צוגעשאקעלט מיט זיין קאפ:

— איך האב נאר וואס געקראגען זייער צושטימונג און מיר קומען דאס אנזאגען קאלאמבוס'ן. מארגען דארף ער צוקומען אין פאלאץ און מאכען אלע פארבארייטונגען.

— אה, דאס איז ווירקליך א גליקליכע בשורה! — האט זי אויסגערופען מיט פרייד — את וועל איך לויפען איהם אנזאגען. זי האט געכאפט איהר מאנ־

טעל און זיך געלאָזען צו דער טיר, אָבער זי איז באלד געבליבען שטעהן, עט־וואָס אין א פארלעגענהייט.

— דו קענסט געהן איהם רופען, מיר וועלען דאָ צואווארטען — האָט אבארבאנעל זיך אָפּגערופען.

— אָה, ניין, איך קען ניט — האָט ביטרים געזאָגט, ווי זי וואָלט זיך פאר־שעהמט — ענטשולדיגט מיר, פון גרויס פרייד האָב איך געוואָלט מאכען אז איבעראײלטען שריט.

— מיר וועלען זיין זעהר צופרידען אויב דו וועסט איהם געהן רופען — האָט דע סאנטאנגעל געזאָגט — צוליב דיזען צוועק זיינען מיר דאָך אהער גע־קומען.

— איך קען עס אָבער ניט טאָן — האָט זי געזאָגט מיט א נידעריגע שטי־מע — איך דאַרף זיין זעהר פאָרזיכטיג. איך טאָר זיך ניט באווייזען אין גאס ווען עס איז ליכטיג, בפרט זינט דער קעניג האָט געמאכט קארדאָווא פאר זיין רעזידענץ.

— איך פארשטעה — האָט סאנטאנגעל געזאָגט — און דו מעגסט זיכער זיין, אז אויך מיר וועלען זעהר פאָרזיכטיג זיין. אָבער פיליײכט קאָנסטו אונז זאָגען וואו ער געפינט זיך וועלען מיר צו איהם געהן.

ער געפינט זיך דאָ, ביי זיין מוטער אין הויז... און ער וועט באלד אהער צוריקקומען. ער איז ערגעץ געגאנגען מיט זיין מוטער. ער וועט זיין אזוי גליקליך צו הערען אז זיין חלום וועט ווערען פארווירקליכט.

זי האָט זיי זיך געהייסען צוזעצען. דערווייל האָט זי זיי דערצעהלט אל־וואָס מיט איהר האָט פאסירט, זינט זי איז אריינגעגעבען געוואָרען אין מאנאס־טיר.

— געלויבט איז גאָט, אז די אלע רשעים האָבען זייער שטראָף באקומע־ —האָט אבארבאנעל געזאָגט — פריהער סאן מארטין, דערנאָך איעדא און נאָ־איהם איז געקומען דער סוף פון דעם אומווירדיגען ארבועז.

— זיין טויט האָט אָבער טי־ער געקאָסט אונזערע ברידער — האָט דע סאנ־טאנגעל א זיפץ געטאָן — הונדערטע פון זיי זיינען פארברענט געוואָרען. מיין באליבטער קוזין איז אויך איינער צווישען די קרבנות. איך וואונדער זיך בלויז וואָס מען האָט מיר נאָך דערווייל צורוה געלאָזען... עס קאָן נאָך זיין אז עס וועט לאנג ניט נעמען און די אינקוויזיטאָרען וועלען זיך אויך נעמען צו מיר... קיינער קען איצט ניט זיכער זיין, אזוי לאנג ווי אונזערע לעבענס געפינען זיך אין די הענט פון די אומווירדיגע צבוע'קעס, די אינקוויזיטאָרען! יע, עס ווערט וואָס וייטער ערגער. די צוקונפט פון די אידען אין שפּאניען איז זעהר א טרויע־ריגע און א שווארצע. און שפּאניע איז דאָך פאר די מאראנען שוין לאנג גע־וואָרען א גיהנום... ווער ווייס פיליײכט וועט די ישועה קומען אויף די איד־דורך קאָלאָמבוס'ן.

— איך בין איבערצייגט אז קריסטאָפער קאָלאָמבוס וועט זיין ערפאָלג־רייך אין זיין אונטערנעמונג. ער איז בלויז ניט געוועזען זיכער, אויב די קעניגליכע פּאָר וועלען אונטערשטיצען זיין אונטערנעמונג. איצט אָבער, אז מיט דעם איז ער פארזיכערט, וועט ער באגליקען אין זיין וועג — האָט ביטרים געזאָגט.

באלד איז אָנגעקומען קאָלאָמבוס און זיין מוטער. ביטרים איז איהם אנטקעגען געלאָפען און אָנגעזאָגט די פרעהליכע נייעס.

א ווײלע איז קריסטאָפער געבליבען שטעהן פארגאפט. ער איז געווארען אזוי איבערראשט, אז ער האָט זיין מויל ניט געקענט עפענען.

אבארבאנעל און דע סאנטאנגעל זיינען צו איהם צוגעקומען און איהנ באגריסט.

אלץ איז ווי געוואונשען — האָט אבארבאנעל געזאָגט — און א גרויס דאנק קומט אונזער פריינד דע סאנטאנגעל, ער האָט פארשפראָכען דער קעני גין אויסצובאָרגען די נויטיגע סומע געלט. און איצט איז דיין רייזע געזיכערט — דו וועסט דארפען מאָרגען צוקומען צום פאלאץ, און דאָרטען וועט מע דיר אלץ איבערגעבען — האָט סאנטאנגעל געזאָגט.

— און דערווײלע האָב איך דיר געבראכט עטוואָס געלט, דו זאָלסט קענע קויפען קליידער, און זאָלען די בעאמטע און אָנגעשטעלטע פון פאלאץ ניט אָב שפאָטען פון דיר, ווען דו וועסט קומען צום קעניג.

— איך דאנק דיר זעהר — האָט קאָלאָמבוס'עס פּנים געגלאנצט פון גלי — ענדליך וועט מיין טרוים פארווירקליכט ווערען!

— איך וועל שוין זעהן, אז קיין זאך זאָל דיר ניט פעהלען — האָט ד סאנטאנגעל אויסגערופען — דו וועסט אויסקלייבען די בעסטע שיפען און ד מאנשאפט וועסטו קענען געבען א גוטען געהאלט. קיין געלט וועט דיר ניט פע לען. אויסער דאָן יצחק אבארבאנעל וועט אויך אונזער פריינד אברהם סינא דיר קומען צו הילף.

— זאָל גאָט אייך בענשען און שטארקען אייערע הענט — האָט די אלט שושנה, קאָלאָמבוס'עס מוטער, געזאָגט — ווי איך האָב אייך איז מיין הוי דערזעהן האָב איך געוואוסט, אז איהר וועט ברענגען פרעהליכע נייעס צו מיי זוהן. איך בין גליקליך און צופרידען צו זעהן איהם גליקליך, כאָטש איך בי זעהר אומרוהיג. מיין הארץ שרעקט מיך זעהר... עס איז אזא לאנגע רייזע אוי דעם ים, און איז א, אומבעוואוסטען געגענד. זאָל איהם גאָט העלפען. זיינ כונות זיינען גוט. ער וויל דאָך דאמיט העלפען זיינע פאראומגליקטע ברידער.

— מיר קענען זיך אלע פארלאָזען אויף קאָלאָמבוס'ן — האָט דע סאנטאנ־ געל געזאָגט — ער וועט זיך צוריקקערען אהער געזונט, און זיין אונטערנעמונג וועט געקרוינט ווערען מיט דעם גרעסטען ערפאָלג. מיר אלע ווינשען איהם גליק. קאָלאָמבוס האָט געדריקט זייערע הענט און זיי ביידען באדאנקט.

## דריי און־צוואנציגסטער קאפּיטעל

# טהאָמאס טאָרקוועמאדא

אויב פילע האָבען זיך געפרעהט וואָס זיי זיינען פּטור געוואָרען פון אזעל־ כע אינקוויזיטאָרען רשעים ווי אלאָנזאָ דע איועדא און פּעדראָ ארבועז, האָבען זיי באלד איינגעזעהן אז זייער שמחה איז געווען פריהצייטיג. נאָך אן ערגערער און גרעסערער רשע האָט פארנומען זייער פּלאץ און דאָס איז געווען דער באַ־ וואוסטער רשע טהאָמאס טאָרקוועמאדא.

ער איז דאמאָלט אלט געווען עטליכע און פופציג יאָהר, ווען די נייעס האָט צו איהם דערגרייכט, אז דער "הייליגער" פּעדראָ ארבועז איז געטויטעט געוואָרען פון די הענט פון די מאַראַנען.

טאָרקוועמאַדאַ'ס שנאה צו די מאַראַנען און די אידען, איז פון שטענדיג אַן געווען זעהר שטאַרק, און ווען ער איז געווען דער מאָנאַך פון דעם מאָנאַסטיר פון סעגאָוויאַ האָט ער ניט אויפגעהערט צו פּרעדיגען אז מען זאָל איינפיהרען די אינקוויזיציע אין שפּאַניע.

איידער איזאַבעלאַ האָט געהייראַט מיט פערדינאַנד'ן, האָט שוין טאָרקוועמאַדאַ געזוכט איהר צו בעאיינפלוסען געגען די מאַראַנען און די אידען.

— ווען יעזוס קריסטוס וועט דיר בענשען און דו וועסט ווערען הערשערין איבער שפּאַניע, זאָלסטו זעהן אויסצוראָטען אַלע אומגלויביגע פון שפּאַניע — האָט טאָרקוועמאַדאַ געזאָגט צו איזאַבעלאַ'ן.

אזוי האָט ער די גאַנצע צייט געקוקט מיט בלוטדורשטיגע אויגען און איז געווען גליקליך וואָס די אינקוויזיציע איז איינגעפיהרט געוואָרען אין שפּאַניע. ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם טויט פון פּעדראָ ארבועז, איז ער אוי־סער זיך געוואָרען פון צאָרן. ער האָט פאַרלאָזען סעגאָוויאַ און איז גלייך אוועק צו איזאַבעלאַ'ן. ער האָט איהר דערמאָנט אָן איהר פליכט און געזאָגט, אז דער צאָרן פון גאָט וועט געשטילט ווערען אין די בלוט פון די פאַלשע קריסטען און די פאַרפלוכטע אידען.

דאַן האָט איזאַבעלאַ געמאַכט טאָרקוועמאַדאַ'ן פאַר דעם הויפּט אינקוויזי־טאָר פון איבער גאַנץ שפּאַניע. זי האָט איהם געגעבען די פולע מאַכט צו האַנד־לען מיט די מאַראַנען ווי ער וועט געפינען פאַר נויטיג.

טאָרקוועמאַדאַ האָט זיין נייך־געקראָגענע מאַכט גוט אויסגענוצט. ער האָט ארויסגעגעבען א באַפעהל אז יעדער מאַראַנאַ אויף וועמען עס פאַלט דער קלענ־סטער כאָרדאַכט, זאָל געבראַכט ווערען פאַר דער טריבונע פון דער אינקוויזי־ציע, און דאַן איז יענער אזוי שוידערליך געפּייניגט געוואָרען ביז וואַנען ער האָט זיך "מודה" געווען און ערשט דאַן איז ער געפיהרט געוואָרען צום אויטאָ דא־פע.

טאָרקוועמאַדאַ האָט צוגעזאָגט צו באַלוינען יעדען איינעם וועלכער וועט עדות זאָגען געגען א מאַראַנאַ און כדי צו ערמוטיגען פאַלשע עדות, האָט ער גע־מאַכט א געזעץ, אז עס איז ניט נויטיג דאָס אַז עדות וועלכער באַשולדיגט א מאַראַנאַ זאָל דאַרפען עדות זאָגען אין דער געגענוואַרט פון דעם באַשולדיגטען. עס איז גענוג, אז ער וועט קומען בעפאָר די אינקוויזיטאָרען און זאָגען, אז ער האָט א פאַרדאַכט אויף א געוויסען מאַראַנאַ. זיין עדות זאָגען וועט געהאַלטען ווערען אין געהיים, דער באַשולדיגטער וועט קיינמאָל ניט וויסען ווער עס האָט אויף איהם גע'מסור'ט.

דיזער געזעץ פון טאָרקוועמאַדאַ האָט גלייך פאַרמערט די ארעסטירטע מאַ־ראַנען.

פילע קריסטען, וועלכע זיינען געווען אייפערזיכטיג אויף זייערע מעהר־ערפאָלגרייכע מאַראַנען שכנים, פלעגען אוועקגעהן אין געהיים און אָנזאָגען אז די מאַראַנען זיינען ניט איבערגעגעבען צום קריסטענטהום מיט זייער גאַנ־צען הארצען. דאָס איז געווען גענוג. יענער מאַראַן אויף וועמען אַזאַ באַמערקונג

# קאַלאַמבוס דער איד

פליגט געמאַכט ווערן, איז שוין קיין לעבעדיגער צו זיין משפחה ניט געקומען. זיך פלעגט אפגעהאלטען ווערען אין געפענגניס א לענגערע צייט, דארטען פלעגט מען איהם פייניגען מיט די שווערסטע און שוידערלכסיטע ענויים, ביז וואנען מען האט איהם געצוואונגען זיך "מודה" צו זיין. ערשט דאן האט מען איהם פאר'משפט פארברענט צו ווערען אויף דעם אויטא־דא־פע.

טארקוועמאדא האט געזעהן, אז די צערעמאניע פון פארברענען די אפיקורסים זאל פארקומען מיט דער גרעסטער פייערליכקייט. אין שטאדט פלעגט מען ער־קלערען יענעם טאג פאר א יום טוב. און צוליב דעם האט שוין טאקע טארקווע־מאדא געזעהן, אז אזא "יום טוב" זאל געפייערט ווערען ווי געהעריג איז. ער האט שוין געזעהן אז ניט איין איינציגער מאראנא זאל יענעם טאג געפיהרט ווערען צום אויטא־דא־פע, צעהנדליגע פון זיי זיינען געפיהרט געווארען.

ער האט געזעהן אז יעדער איינער פון די באשולדיגטע זאל טראגען א הויכע הוט מיט א שפיץ, און משונה'דיגע קליידער, אויף וועלכע עם זיינען געווען אויסגעמאלען פארשידענע שדים און אזוי פארזעהענישען. די באשולדיגטע פלע־גען דורכמארשירען בארויסערהייד דורכ'ן שטאדט. ביז וואנען זיי פלעגען צו־קומען צום אויטא־דא־פע.

טארקוועמאדא האט זיך אפגערעכענט מיט אלע זיינע שונאים, און ווען ער האט זיך דערוואוסט אז אימיצער פון די גייסטליכע האט אין זיך אידיש בלוט, האט ער שוין ניט גערוהט ביז וואנען יענער איז ארונטערגעזעצט געווארען פון זיין אמט און ערשט דאן, ווען ער איז ארונטערגעווארפען געווארען פון זיין הערשאפט, האט ער געזעהן אז ער זאל גע'משפט ווערען פאר דער אינקוויזיציע.

זיין גרעסטער שונא אין דעם קעניגליכען פאלאץ איז געווען הערנאנדא דע טעלאווערא. ער האט געוואוסט, אז אין זיינע אדערען פליסט אידיש בלוט און לויט ווי די אנדערע גייסטליכע האבען איהם איבערגעגעבען איז ער יעווען גע־גען דער אינקוויזיציע. ער איז געווען שולדיג אין דעם וואס די אינקוויזיציע האט זיך ניט אנגעפאנגען מ־ט א פאר יאהר פריהער. טארקוועמאדא האט גאנץ גוט געוואוסט, אז דע טעלאווערא איבט אויס זעהר א שטארקען איינפלוס אויף דער קעניגין, ווייל ער איז איהר קאנפעסאר און זי ענטדעקט פאר איהם אלע איהרע סודות. דאס האט איהם זעהר געברענט. איהם האט זעהר פארדראסען וואס די קעניגין האלט זעהר פיעל פון איהם. ניט איינמאל האט ער געהערט ווי איזאבעלא דריקט זיך אויס, אז דער קליגסטער און געלערענטסטער מאן פון שפאניען איז איהר קאנפעסאר. זי פלעגט שטענדיג אנווייזען אויף זיין בוך וואס ער האט, לויט איהר פארלאנג, געשריבען איבערצוצייגען די מאראנען ווע־גען זייער נייע אמונה.

טארקוועמאדא האט געוואוסט, אז ער דארף זעהר פארזיכטיג זיין ווען ער רעדט מיט דער קעניגין וועגען דע טעלאווערא'ן און איידער ער קען זאגען א שלעכטען ווארט וועגען איהם, וועט ער מוזען האבען מיט וואס עס צו אונטער־שטיצען.

איינמאל, זיצענדיג מיט דער קעניגין אין פאלאץ, וואו נאך איינינע בישא־פען האבען זיך פארזאמעלט, האט זיך טארקוועמאדא אויסגעדריקט:

— דער צוועק פון דער הייליגער אינקוויזיציע איז אויסצורייניגען אונ־זער פאלק פון די פאלשע קריסטען... מיר זוכען צו לייטערען די נשמות פון די

זינדיגע, מיט דעם וואָס די הייליגע גייסטליכע טועז אריין אין זיי א הייליגקייט, דורכדעם וואָס מיר ברענען זייערע קערפּערם אויף דעם אויטאָ־דאַ־פע וועלען זייערע נשמות גלייך אין הימעל ארויפגעהן... טאָן אזעלכע הייליגע ארבייט דארפען נאָר די גייסטליכע הייליגע, וועלכע קומען אין שטענדיגער פארבינדונג מיט אונזער האר יעזוס קריסטוס, ווייל בלויז זיי האָט גאָט אנפּערטרויט אזא הייליגע ארבייט!...

— איך האָף, אז די אלע וועלכע טהוען דיזע ארבייט זיינען ווירדיג. זיי זיינען הייליג און זיינען איבערגעבען מיט זייער גאנצען לייב און לעבען צו דעם הייליגען צוועק! — האָט איזאבעלא זיך אָפּגערופען.

— צו מיין גרוים באדויערען זיינען ניט אלע ווירדיג צו טאָן אזא הייליגע ארבייט —— האָט טאָרקוועמאדא געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ. יעדער איינער וואָס גיט זיך אָפּ צו פּרעדיגען די קריסטליכע רעליגיע מוז אליין זיין אומבאַפלעקט... אָבער וויפיל זיינען פאראן אזעלכע גייסטליכע אין וועמעס אָדערען עס פליסט אידיש בלוט?

אזעלכע גייסטליכע דארפען באזייטיגט ווערען! — האָט איזאבעלא אויסגערופען — זיי האָבען קיין רעכט ניט צו טאָן די הייליגע ארבייט.

אָבער די ווירדיגע קעניגין וועט מיר מוחל זיין, אויב איך וועל איהר אָנווייזען, אז אין איהר פּאלאץ געפינט זיך אימיצער אין וועמעס אָדערען עס פליסט אידיש בלוט.

איזאבעלא'ס פּנים האָט זיך געביטען קאָלירען. איהר האָט זיך געדוכט, אז דאָס ווינקט איהר טאָרקוועמאדא צו אויף דעם קעניג פערדינאנד, וועמעס עלטער באָבע פּאלאמא ענריקעז איז געוועז די שעהנסטע אידישע פרוי פון טאָלעדא, אראגאניען. זי איז געבליבען אין פארלעגענהייט. איהר צאָרן האָט אין איהר געברענט.

די שאַרפע אויג פון טאָרקוועמאדא האָט גלייך באמערקט די גרויסע ענדערונג וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער קעניגין, און ער האָט פארשטאנען, אז זי מיינט דאָס ער ווינקט עס אָן אויף דעם קעניג. ער האָט דעריבער ווייטער געזאָגט.

— דער הייליגער פּאפּסט האָט געקרוינט דעם גנעדיגען קעניג און די קעניגין פאר די העכסטע קאטוילישע פּאָר. אין הימעל איז אייער חתונה פאָראויס באשטימט געוואָרען. כדי צו פארשפּרייטען אונזער קאטוילישען גלויבען, און דעריבער קומט מיר אוים גאנץ אָפּט צו שטוינען, אז א מאן וועמעס אורעלטערען זיינען אמאָל געווען אידען, זאָל פארנעמען אזא הויכען און וויכטיגען אמט אין פּאלאץ... איך מיין דעם מאָנאך הערנאנדא דע טעלאַווערא!

— אָבער ער איז דאָך זעהר א געלערענטער און ערנסטער מאַן — האָט די קעניגין זיך פאר איהם פארענטפערט — ער איז גאָטספאָרכטיג און ער האָט פילע אידען באקערט צום קריסטענטהום דורך זיין בוך וועגען אונזער הייליגער רעליגיע.

— און איך צווייפעל אין זיין ערנסקייט! — האָט טאָרקוועמאדא אויסגערופען — יעדענפאלס, אין אזא צייט, איז ניט פּאסיג אז אזא מאַן ווי דע טעלאוועראַ זאָל זיין דער קאָנפעסאָר פון דער קעניגין... ער זאָל זיין דער פערמיטלער צווישען יעזוס'ן און דער קעניגין.

מעהר האָט טאָרקוועמאדא ניט גערעדט וועגען איהם. ער האָט געוואוסט,

אז ער האט אנגערירט א צארטע סטרונע אין דער קעניגין׳ס הארץ און ער האט געוואוסט, אז זיינע רייד האבען געהאט די ריכטיגע ווירקונג, און איצט דארף ער ווארטען און זעהן אויב זיינע רייד וועלען טראגען פרוכט...

טארקוועמאדא האט זיך טאקע ניט געזאומט. אין אייניגע טעג ארום, ווען דע טעלאוועדא איז געקומען צו דער קעניגין זונטאג, זי זאל זיך פאר איהם מתודה זיין, האט זי זיך צו איהם אפגערופען:

— דו ווייסט דאך, אז מיט גאט׳ס הילף האבען מיר איינגענומען גראנאדא, און איצט האב איך געזוכט א פאסיגען מאן ער זאל ווערטה זיין צו ווערען דער ערצבישאף פון גראנאדא. איך האב באשלאסען צו באשטימען דיר פאר דיזען חשוב׳ן אמט. די איינגענומענע טעריטאריע נויטיגט זיך אין אזא מאן ווי דו, וועלכער זאל קענען ערקלערען די פילע מורען און אידען, וועלכע זיינען דארטען פערבליבען, וועגען קריסטענטום. איך וויים אז דו האסט ערווארבען פילע נשמות פון די אומגלויביגע. דורך דיר זיינען זיי באקערט געווארען צום קריסטענטום.

הערנאנדא דע טעלאוועדא איז געוועזען גאנץ צופרידען מיט דעם וואס די קעניגין האט איהם באשטימט פאר דעם ערצבישאף פון גראנאדא. ער האט געוואוסט, אז דארטען וועט ער זיך פיהלען א סך פרייער און פיליכט וועט ער קענען דארטען פארמיידען די איינפיהרונג פון דער אינקוויזיציע. ער האט קיין פאראכט ניט געהאט אז דאס האט די קעניגין געהאנדעלט אונטער טארקוועמאדא׳ס איינפלוס און דעריבער איז איהם אפילו ניט איינגעפאלען זיך צו היטען פון טארקוועמאדא׳ס נעץ וואס ער האט פאר איהם געגומען פארשפרייטען. ער איז אוועק נאך גראנאדא מיט א בריעף פון דער קעניגין צום דארטיגען גובערנאטאר און דאן איז ער פאררעכענט געווארען דער ערצבישאף פון גראנאדא.

---

זעהר שלעכט האט זיך געפיהלט די לעצטע צייטען טערעסא, די אויפזעהערין פון דעם מאנאסטיר. גלייך נאכדעם ווי איעדא איז געשטארבען פון דער מגפה, איז גארניט געווארען פון דער באשולדיגונג פון יענער נאנע. ניט זי און ניט איהר פאטער האבען איצט געזוכט צו באווייזען אז איעדא איז דער פאטער פון דעם קינד. די נאנע האט פארלאזען דעם מאנאסטיר צוזאמען מיט איהר פאטער און קינד.

אין מאנאסטיר איז אלץ ווידער געגאנגען ווי פריהער. פילע מאנאכען און גלאט הייליגע פלעגען קומען מיט אן אויסרייד אין מאנאסטיר און דערוויל זעהן צו פארברענגען מיט די נאנעס.

טערעסא פלעגט נאך אלץ באקומען גרויסע סומען געלט... אבער גאנץ אפט, ווען זי פלעגט זיך דערמאנען, אז דער קאנפעסאר פון דער קעניגין, הערנאנדא דע טעלאווערא, וויים פון פילע סודות פון דעם מאנאסטיר און דאס האט איהר זעהר באאומרוהיגט. זי איז שטענדיג געווען אין מורא טאמער וועט ער אויפדעקען אלץ וואס עס איז פארגעקומען דארטען. איהר אומרוהיגקייט האט זיך נאך מעהר פארשטארקט זינט מען האט ערמארדעט פעדרא ארבועז׳ן. זי האט איצט זיך געשראקען אז דע טעלאווערא וועט וועלען באווייזען, אז ארבועז

איז ניט געווען אזא "צדיק" און מען וועט נעמען מאכען אן אויספארשונג, וועט זי אויך ניט געשאנעוועט ווערען. דעריבער איז געווען גרויס איהר שמחה, ווען זי האט געהערט אז הערנאנדא דע טעלאוועראַ פארלאזט דעם פאלאץ און געהט אוועק גאנץ ווייט נאך גראנאדא. איצט איז זי געווען מעהר אדער ווייניגער געזיכערט.

ווען איינער פון די מאנאכען האט איהר איבערגעגעבען, אז טארקוועמאדא האסט דע טעלאווערא'ן, האט זי באשלאסען אויסצונוצען די געלעגענהייט און זעהן אנצורײדען אויף דע טעלאווערא'ן.

עס האט ניט לאנג גענומען און טערעסא האט געקראגען א געלעגענהייט זיך צו זעהן מיט טארקוועמאדא. ער איז געקומען אין דעם מאנאסטיר פון כמעט ווייל אויף א באזוך, און די אויפזעהערין האט איהם ארומגעפיהרט איבער אלע צימערען. און ווען ער איז פארטיג געווארען האט טערעסא א זיפץ געטאן.

— פארוואס זיפצטו? — האט טארקוועמאדא געפרעגט די אויפזעהערין.

— צום באדויערען זיינען דא אין מאנאסטיר פארגעקומען זאכען וואס איז ניט אין איינקלאנג מיט אונזער קריסטליכער רעליגיע.

— איך פארשטעה ניט וואס דו מיינסט! — האט טארקוועמאדא איהר געפרעגט.

— דער געזעץ איז דאך, אז ווען א יונגע מיידעל ווערט אריינגעבראכט אין מאנאסטיר, דארף זי שוין דארטען פארבלייבען ביז וואנען דער הער יעזוס נעמט זי אוועק צו זיך אין הימעל... און מיט איניגע יאהר צוריק איז אט דער געזעץ געבראכען געווארען. דאן איז געווען דער הייליגער פעדרא ארבועז דער ווידוי פאטער פון מאנאסטיר, און הערנאנדא דע טעלאווערא האט איהם געצוואונגען ער זאל באפרייען א נאנע פון מאנאסטיר.

— ווי אזוי האט ער דאס געקענט איהם צווינגען? ווער האט איהם געגעבען א רעכט דערצו.

— ער האט אליין די רעכט גענומען — האט טערעסא געזאגט — ער האט געסטראשעט ארבועז'ן, אז אויב ער וועט איהם ניט פאלגען, וועט ער אויף איהם מאכען א בלבול פאר דער קעניגין.

— און דער הייליגער ארבועז האט איהם געפאלגט? — האט טארקוועמאדא געברענט פון כעס.

— ער האט זיך פאר איהם דאן געשראקען, ווייל דע טעלאווערא איז דאך דאן געווען דער קאנבעסאר פון דער קעניגין, און ער האט מורא געהאט אז ער זאל אויף איהם ווירקליך קיין בלבול ניט מאכען, און ער האט איהם נאכגעגעבען.

— און ווער איז די נאנע ווען ער האט באפרייט? — האט טארקוועמאדא געפרעגט.

— איהר נאמען איז ביטריס ענריקעז!

— ביטריס ענריקעז!! — האט טארקוועמאדא אויסגערופען מיט ערשטוינונג — די קעניגין אליין האט דאך זי אריינגעגעבען אין מאנאסטיר.

— יע, איך ווייס עס, אבער איך בין זיכער, אז די קעניגין האט גאר קיין אהנונג ניט, אז ביטריס איז דורך איהר פערטרויענספולען קאנפעסאר באפרייט געווארען פון מאנאסטיר.

— און פאַרוואָס האָסטו די קעניגין גלייך ניט דערצעהלט, אַז איהר קאָנ־פעסאָר האָט באַפרייט ביטריס ענריקעז פון מאַנאַסטיר? — האָט טאָרקוועמאַ־דאַ געפרעגט.

— ווייל איך האָב מורא געקראָגען ער זאָל אויף מיר קיין בלבול ניט מאַכען — האָט טערעסאַ געזאָגט.

— ווייסטו פיללייכט וואו ביטריס געפינט זיך איצט? — האָט טאָרקווע־מאַדאַ זיך אָפּגערופען.

— איך ווייס, אַז זי איז דאָן אוועקגעפיהרט געוואָרען נאָך קאָרדאָוואַ, אָבער וואו זי געפינט זיך איצט ווייס איך ניט.

— דאָס דאַרף ניט פאַרשוויגען ווערען! — איז טאָרקוועמאַדאַ'ס צאָרן גרעסער געוואָרען — זאָל די קעניגין וויסען אויף וואָס איהר קאָנפעסאָר איז געוועזען פעהיג... אין דער צייט וואָס ער האָט געמאַכט דער קעניגין גלויבען, אַז ער זוכט צו פאַרשטאַרקען די קריסטליכע רעליגיאָן, האָט ער געבראָכען איינע פון די וויכטיגסטע געזעצען. ער האָט באַפרייט אַ נאָנע פון מאַנאַסטיר! אַזאַ זאַך איז נאָך ניט פאָרגעקומען! איך וועל שוין זעהן אויסצוגעפינען וואו ביט־ריס ענריקעז איז. איך וועל אינגיכען זיין אין קאָרדאָוואַ, און אַזוי שנעל ווי איך וועל אויסגעפינען וואו זי געפינט זיך וועל איך דערצעהלען די קעניגין. זאָל זי שיקען נאָך איהר און פון איהר אַליין דערגעהן ווי אַזוי זי איז באַפרייט גע־וואָרען.

טערעסאַ איז בלאַס געוואָרען. זי האָט גלייך געזעהן, אַז זי איז דורכגעפאַ־לען. וואָס וועט זי טאָן, אַז ביטריס וועט אויך אָנהויבען רעדען... זי האָט אַלץ איינעם צופיל געוואוסט. עס האָט איהר שוין "שטאַרק באַנג געטאָן וואָס זי האָט איהם דערצעהלט. איצט איז איהר שרעק גרעסער געוואָרען. אָבער עס איז שוין פאַרפאַלען. זי קען שוין איהרע רייד ניט צוריקציהען. זי האָט איצט געוואונ־שען, אַז טאָרקוועמאַדאַ זאָל זי קיינמאָל ניט געפינען.

— איך בין זיכער, אַז ביטריס מוז זיך ערגעץ וואו אויסבאַהאַלטען — האָט טערעסאַ געזאָגט — און ווען איך זאָל נאָר קענען אוועק פון מאַנאַסטיר אויף אַ קורצע צייט וואָלט איך זי שוין אויפגעזוכט.

— איך וועל זי שוין אַליין געפינען! — האָט טאָרקוועמאַדאַ געענטפערט — עס וועט לאַנג ניט דויערען און ביטריס וועט זיך צוריקקעהרען אין מאַנאַס־טיר, און דע טעלאַוועראַ וועט דערפאַר טייער באַצאַהלען. ער וועט שוין לאַנג ניט זיין ערצבישאָף פון גראַנאַדאַ... איך בין זיכער, אַז דאָס איז נאָך ניט זיין איינציגער פאַרברעכען. אָבער איך וועל שוין אויפדעקען זיינע אַנדערע זינד, און איך וועל שוין זעהן, אַז ער זאָל זיין פולע שטראָף באַקומען.

גאַנץ פאַרצווייפעלט איז איצט טערעסאַ געוואָרען. זי האָט נאָך געהאָפט, אַז ער וועט איהר הייסען געהן אויפזוכען ביטריס'ן, און ווען זי וואָלט איהר געפונען וואָלט זי איהר געוואָרענט, אַז מען זוכט זי, און אַז זי דאַרף זיך אויס־באַהאַלטען אין אַן אַנדער שטאָדט. איצט אָבער, ווען טאָרקוועמאַדאַ אַליין וועט זי געפינען וועט ביטריס געוויס רעדען צופיל... די איינציגע האָפנונג האָט זי געהאַט, אַז מען וועט איהר געוויס ניט געפינען.

טערעסאַ האָט נאָכדעם ווי טאָרקוועמאַדאַ האָט פאַרלאָזען דעם מאַנאַסטיר געזעהן, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדנונג. זי פלעגט רעדען מיט יעדער נאָנע באַ־

ווּנדער און איהר אָנגעזאָגט ווי וויכטיג עס איז פאַר זיי ניט אַרויסצוגעבען די סודות וואָס פלעגט פאָרקומען צווישען זיי און די פערמיטלער פון יעזוס׳ן.

— א נאָגע וואָס גיט אַרויס א זאַך וואָס עס דאַרף געהאַלטען ווערען בסוד, וועט זי פאַרלירען יענע וועלט — פלעגט טערעסאַ זיי אָנזאָגען. און זי האָט זיך ביסלעכווייז בארוהיגט. זי איז געווען זיכער, אז אין פאַל פון אַן אויספאָרשונג וועט קיינער פון זיי ניט אויסזאָגען וואָס דער הייליגער פאָטער פעדראָ ארבועז און די אַנדערע מאָנאַכען פלעגען טאָן...

---

אין א צייט אַרום, ווען טאָרקוועמאַדאַ איז געקומען אין קאָרדאָווע, האָט ער אַרויסגעשיקט זיינע שפּיאָנען אויסצוגעפינען וואו ביטריס ענריקעז געפינט זיך. און עס האָט לאַנג ניט געדויערט און מען האָט איהם געזאָגט, אז זי געפינט זיך אין דער הויז פון קאָלאָמבוס׳עס מוטער.

גלייך איז טאָרקוועמאַדאַ אַוועק צו דער קעניגין און זיך אָפּגערופען:

— איך געדענק, אז מיט איינעגע יאָהר צוריק האָט זיך אין פּאַלאַץ פון סעוויל געפונען א יונגע מיידעל מיט׳ן נאָמען ביטריס ענריקעז.

— יע, אָבער זי געפינט זיך אין מאָנאַסטיר שוין א לאַנגע צייט. — האָט איזאַבעלאַ איהם געענטפערט.

— ניין, גנעדיגע קעניגין, ביטריס ענריקעז געפינט זיך ניט אין מאָנאַסטיר שוין מעהר ווי צוויי יאָהר!

— ווי איז דאָס מעגליך! — האָט איזאַבעלאַ אויסגערופען מיט ערשטוינונג, — איך האָב זי דאָך פון דאָרטען ניט באַפרייט.

— אויב די גנעדיגע קעניגין האָט זי ניט באַפרייט, האָט זיך דאָן געפונען אין פּאַלאַץ אימיצער אַנדערש וועלכער האָט זי אליין באַפרייט.

— אָה, ניין, דער קעניג וועט אזא זאַך ניט טאָן אָהן מיין וויסען! האָט איזאַבעלאַ געזאָגט.

— דער קעניג אליין ווייס אויך ניט דערפון — האָט טאָרקוועמאַדאַ זיך אָפּגערופען — ווייל הערנאַנדאַ דע טעלאַווערא האָט ניט געפונען פאַר נויטיג אימיצען צו זאָגען וועגען דעם.

— איך פאַרשטעה ניט וואָס דו מיינסט! — האָט איזאַבעלאַ איהם אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג.

— דע טעלאַווערא איז איינמאָל געקומען אין מאָנאַסטיר און ער האָט געצוואונגען דעם הייליגען פאָטער ארבועז און די אויפזעהעריז זיי זאָלען באַפרייען ביטריס׳ן פון מאָנאַסטיר!

— עס איז אוממעגליך! — האָט די קעניגין געצויגען מיט די אַקסלען — פאַרוואָס זאָל ער האָבען געטאָן אזא זאַך ניט פרעגענדיג מיין ערלויבניש.

— מען קאָן אויף איהם אַלץ גלויבען — האָט טאָרקוועמאַדאַ געזאָגט — איך בין זיכער אז דאָס איז ניט דער איינציגער פאַרברעכן וואָס ער איז באַגאַנגען און קיינער ווייס דערפון ניט. ווער ווייס וואָס פאַר א כוונה ער האָט דאַביי געהאַט, אָבער אז ער האָט געצוואונגען, אז ארבועז און די אויפזעהעריז זאָלען אַוועקשיקען ביטריס׳ן פון מאָנאַסטיר, איז קיין צווייפעל ניט ווייל ביטריס געפינט זיך אין קאָרדאָווע!

— אָה, ווי אזוי איז דאָס מעגליך! ווי אזוי איז דאָס מעגליך! — האָט

איזאבעלא מיט צאָרן אויסגערופען — איך פארלאנג, אז ביטריס זאָל גלייך געבראכט ווערען פאר מיר.

די קעניגין האָט ארייגערופען אייניגע באאמטע און טארקוועמאדא האָט זיי געזאָגט וואו ביטריס ענריקעז געפינט זיך.

— געהט אהין און ברענגט זי צו מיר! - - האָט איזאבעלא זיי באפוילען. די בעאמטע האָבען זיך פארנויגט און אהין אוועק.

---

אין דעם הויז פון שושנה, קאָלאָמבוס'עס מוטער, איז מען געווען שטארק פארנומען. מען האָט צוגעגרייט פארשידענע זאכען פאר קריסטאָפער קאָלאָמבוס'עס רייזע.

ביטריס איז געזעסען טאָג און נאכט, געשטריקט און גענייהט פארשידענע ווארימע בגדים פאר איהר ליבען קריסטאָפאר.

שושנה איז ארומגעגאנגען איינקויפען די נויטיגע זאכען וואָס איהר זוהן וועט נויטיג האָבען אויף אזא לאנגע רייזע.

קאָלאָמבוס אליין איז געווען פארנומען אין אויסקלייבען די מאטראָזען, וועלכע וועלען דארפען איהם באגלייטען אויף זיין רייזע.

ביטריס איז געזעסען ביי דעם שפינראָד און געשפונען. אין דערזעלבער צייט האָט זי געוועבט איהרע חלומות... זי זעהט אז אלע האָלטען זעהר שטארק פון קריסטאָפאר'ן. אויב דער קעניג און די קעניגין האָבען געקענט צושטימען איהם צו געבען די נויטיגע סומע געלד, און אנפערטרויען איהם מיט דריי פון די בעסטע שיפען, איז א סימן אז זיי זיינען אלע איבערצייגט, אז קאָלאָמבוס האָט רעכט. אין איהר פאנטאזיע האָט זי געזעהן איהר בראווען העלדישען געליבטען, ווי ער איז באשטימט אלס אדמיראל און גובערנאטאָר איבער זיין ניי־ענטדעקטעם לאנד... זי ווייס, אז ער וועט מיט דער צייט ווערען דאָרטען קעניג, און ער וועט איינלאדען אהין אלע זיינע ברידער, וועלכע זיינען אונטערדריקט און געשטיקט... ער וועט פאר זיי ברייט עפענען די טויערען פון לאנד... און יעדער איינער וועט אהין קענען פאָהרען. דאַן וועלען אלע איינזעהן זיין גרויסקייט, און די וועלכע פלעגען פון איהם אפשפאָטען און אפלאכען, וועלען איהם איצט מקנא זיין.

אין אזעלכע געדאנקען איז ביטריס געווען פארנומען, ווען זי האָט דערהערט א קלאפ אין טיר. זי האָט אויפגעעפענט די טיר, און ווי דערשראָקען איז זי געוואָרען ווען זי האָט דערזעהן אייניגע בעאמטע פון דעם קעניג.

— אין נאָמען פון דער קעניגין, זיינען מיר געקומען דיך נעמען. די קעניגין וויל דיך זעהן.

ביטריס איז טויט בלאס געוואָרען. זי איז געבליבען שטעהן ווי פארגליווערט.

— דו מוזט מיט אונז גלייך מיטגעהן — האָבען זיי איהר געזאָגט.

— אָבער קיינער איז דאָך ניטאָ אין הויז, און די איינוואוינער פון הויז וועלען ניט וויסען וואָס מיט מיר האָט פאסירט און ווי איך געפין זיך — האָט ביטריס קוים ארויסגערעדט — איך בעט אייך ווארט דאָ צו א קליינע וויילע ביז ווּאנען שושנה קאָלאָמבוס וועט זיך צוריקקעהרען און דאַן וועל איך מיטגעהן מיט אייך.

— ניין, דו מוזט גלייך מיט אונז מיטגעהן. אזוי איז דער באפעהל פון דער קעניגין.

— איך בעט אייך טהוט מיר די געפעליגקייט, שושנה איז צו מיר ווי א מוטער, און ווען זי וועט קומען און מיך ניט טרעפען אין הויז וועט זי זיך שטארק זאָרגען, און דאָס קען זיך שווער אָפּרופען אויף איהר געזונט.

— גוט — האָט זיך ד״ר הייפּט אָפּגערופען — איינער פון אונז וועט בלייבען דאָ אין הויז ביז וואַנען שושנה וועט קומען, און ער וועט איהר זאָגען, אז דו ביזט אוועקגערופען געוואָרען צו דער קעניגין.

מיט וואקעלנדע טריט איז ביטרים מיטגעגאנגען. איהר פּנים איז געווען וויים ווי שנעע. זי האָט פארשטאנען אז מען האָט איהר גע׳מסור׳ט, און איצט וועט מען זי זיכער צווינגען זיך אומצוקערען אין מאָנאסטיר. א שוידער איז דורך איהר קערפּער, ווען זי האָט פון דעם געטראַכט... זי זעהט איצט, אז אלע איהרע חלומות ווערען פארשוואונדען... וואָס וועט קריסטאָפאָר דערצו זאָגען. וועט ער זי העלפען, אָדער ער וועט ניט איינשטעלען די פארווירקליכונג פון זיין אידעאַל... פינסטער איז איהר געוואָרען אין די אויגען. זי האָט שוין איצט מעהר ניט אויף וואָס צו האָפען. זי וועט זיכער דארפען אָפּפינסטערען איר לעבען אין דעם שרעקליכען מאָנאסטיר, וואו אנדערע מאָנאַכען, אזוי פאלש און אומ־ווירדיג ווי ארבועז, וועלען דאָרטען קומען זי באַלעסטיגען... אָבער ניין! זי וועט מעהר אהין ניט געהן. זי וועט בעסער זיך לאָזען אָפּהאקען איהר קאָפּ, איידער געהן אין מאָנאסטיר.

אזוי האָט ביטרים באשלאָסען ווען זי איז געבראכט געוואָרען פאר דעם קעניג און דער קיניגין. זי האָט זיך פאר זיי פארנייגט און געבליבען שטעהן מיט א געבויגען קאָפּ.

— ווי אזוי ביזטו ארויס פון מאָנאסטיר! — האָט איזאבעלא זיך אָפּגע־רופען צו איהר מיט א שטרענגע שטימע.

ביטרים האָט קיין וואָרט ניט געקענט ארויסרעדען. זי איז געשטאנען און איהר גאנצער קערפּער האָט זיך גענומען טרייסלען ווי אין קאָנוואולסיען.

ווען איזאבעלא האָט עס באמערקט, איז זי געוואָרען עטוואָס צערטליכער צו איהר און זי האָט געזאָגט מיט א מילדער שטימע:

— דו האָסט זיך ניט וואָס צו שרעקען. איך פארלאנג פון דיר, אז דו זאָלסט מיר זאָגען דעם ריינעם אמת, איז עס אמת אז דע טעלאווערא האָט דיך באפרייט פון מאָנאסטיר?

—יאָ, גנעדיגע קעניגין — האָט ביטרים צוגעשאָקעלט מיט איהר קאָפּ.

— און פארוואָס האָט ער דיך באפרייט! — איז זי שוין ווידער געוואָרען אויפגערעגט.

— ווייל איך האָב איהם דערצעהלט פון אלע שענדליכע זאכען וואָס עס קומט פאָר דאָרטען... ווען דע טעלארעווא איז איינמאָל געקומען אין מאָנאסטיר האָט ער זיך דערוואוסט, אז מען האָט מיך פארשפּארט אין אן ענגען פינסטע־רען צימער... ער האָט מיך געפרעגט פאר וואָס פאר א "זינד" מען האָט מיך דאָרט פארשפּארט, און ווען איך האָב איהם דערצעהלט אלע איינצעלהייטען. האָט ער פארלאנגט פון זיי. אז מען זאָל מיך באפרייען. און אזוי ווי זיי האָבען

מורא געהאַט, אַז איך וועל נאָך מעגליך פאַר אימיצען אַנדערש דערצעהלען, זיינען זיי געווען צופרידען מיך אוועקצושיקען.

— ווער זיינען זיי דאָס געווען? — האָט פערדינאַנד איהר געפרעגט.

— דאָס איז געווען פּעדראָ ארבועז און די אויפזעהערין פון מאָנאַסטיר. טערעסא.

—ווען דו רעדסט פון ארבועז'ן דאַרפסטו זאָגען דער "הייליגער ארבועז" —האָט איזאַבעלאַ איהר פאַרריכט — דו פאַרגעסט אַז ער איז געווען דיין לע־רער!

— ביי מיר איז ער ניט פאַררעכענט פאַר קיין הייליגען! — האָט ביטריס געזאָגט מיט שטייפקייט אין איהר שטימע.

— ווי אַזוי וואַגסטו אַזוי צו רעדען פון אַזא הייליגען מאַרטירער, וועלכער איז געטויטעט געוואָרען טוענדיג זיין הייליגע פליכט צו אונזער האר יעזוס — האָט איזאַבעלאַ מיט כעס געזאָגט.

—אויב די קעניגין פאַרלאַנגט וועל איך מעהר קיין שלעכטעס ניט רעדען אויף איהם, אָבער דאָס וועט מיינען, אַז איך דאַרף דעם אמת ניט דערציילען.

פערדינאַנד'ן איז געפעלען געוואָרען ביטריס'עס ענטפער און ער האָט זיך אָפּגערופען:

— אויב דו ווילסט דערצעהלען בלויז דעם אמת, קענסטו עס טאָן, אָבער דאַן וועסטו מוזען שווערען ביי דעם הייליגען קרייץ, אַז אַלץ וואָס דו האָסט דערצעהלט איז אמת, און אויב מען וועט אויסגעפינען אַז דו האָסט געשוואָרען פאַלש, דאַן וועסטו גע'משפט ווערען ביי די אינקוויזיטאָרען אַזוי ווי אַלע וועל־כע זינדיגען געגען גאָט.

— איך שווער אַז איך וועל דערצעהלען דעם אמת — האָט ביטריס אָנגע־נומען דעם צלם וואָס זי האָט געטראָגען אויפ'ן האַלז — איך וועל אויך אַלץ איבערצייגען... און איך האָף, אַז קיינער וועט מיינע רייד ניט צווייפלען, ווייל איך בין געווען לאַנג אין מאָנאַסטיר אויסצוגעפינען אַלץ וואָס דאָרט קומט פאָר.

—דערצעהל אַלץ וואָס דו ווייסט! — האָט די קעניגין זיך אָפּגערופען.

ביטריס האָט גענומען דערצעהלען ווי אַזוי ארבועז פלעגט אַריין, צו איהר אין צימער כלומרשט זי זאָל זיך פאַר איהם מתודה זיין, און דאַן פלעגט ער מאַ־כען זעהר ניט קיין שעהנע פאָרשלאָגען צו איהר, און ווען ער איז איינמאָל צו איהר צוגעשטאַנען און ער האָט זי געוואָלט צווינגען, האָט זי איהם אויסגע־באַטשט, זי האָט איהם צודראַפּעט און צעוואונדעט.

— יע, איך געדענק, אַז איינמאָל איז ארבועז געקומען אין פּאַלאַץ און זיין פנים איז געווען פאַרוואונדעט און געשוואָלען, האָסטו דאָס איהם געטאָן?

— אָבער ער האָט דאָך דאַן געזאָגט אַז אַ מאַראַנאָ איז איהם באַפאַלען!

— יע, איך האָב נאָכהער אויך געהערט, אַז ער האָט אַ בלבול געמאַכט אויף אַן אומשולדיגען מענשען — האָט ביטריס צוגעגעבען — און יענעם מענ־שען האָט מען פאַרברענט.

— ניין! עס איז אוממעגליך! — האָט די קעניגין אויסגערופען — אר־בועז האָט קיינמאָל אַזאַ זאַך ניט געקענט באַגעהן אין דעם הייליגען מאָנאַסטיר, פיליכט האָט זיך דיר אויסגעדוכט.

— אה, ניין, גנעדיגע קעניגין. מיר האט זיך שוין גארניט אויסגעדוכט. איך בין ניט געווען די איינציגע... עס געפינען זיך נאך איצט אין מאנאסטיר נאנעס וועמען ארבועז האט רואינירט. איניגע פון זיי האבען אויך געבוירען קינדער, אבער די אויפזעהעריז, וועלכע איז אויך געווען זעהר פארדארבען, פלעגט טויטען אזעלכע קינדער און זיי באגראבען אין דעם הויף פון מאנאסטיר. איך ווייס וואו די קינדער קברים געפינען זיך, און אויב מען צווייפעלט אין מיינע רייד וועל איך קענען אנצייגען די קברים. זאל מען אויסגראבען און זיך איבערצייגען... איך וועל אויך אנצייגען די איינציגע נאנעס וועלכע האבען מיר פארטרויט אלץ וואס ארבועז און איניגע אנדערע כאנאכען האבען צו זיי געטאן... און דאס אלץ האב איך דערצעהלט צו הערנאנדא דע טעלאווערא, און ארבועז האט ניט געקענט אפלייקענען. ער האט זיך ביי איהם גענומען בעטען ער זאל קיינעם ניט דערצעהלען, און איך גלויב אז ער האט איהם עס פארשפראכען מיט דעם באדינג אז מעהר זאל אזעלכע שענדליכע זאכען ניט פארקומען אין מאנאסטיר.

דער קעניגין'ס פנים האט זיך געביטען קאלירען. זי האט זיך איבערגעווארפען מיט בליקען מיט פערדינאנד'ן און איהר ערשטוינונג איז געוואקסען...

— וועסטו געהן אן מאנאסטיר מיט איניגע פון מיינע בעאמטע און באשטעטיגען אלע דיינע רייד?

— יא! איך וועל געהן! — האט ביטריס געענטפערט.

— און דו מוזט געדענקען, אז אויב עס וועט זיך ארויסצייגען, אז אלץ וואס דו האסט נאר וואס דערצעהלט איז א ליגען, וועסטו דיין שטראף באקומען, ווייל דו האסט געוואלט באלייריגען א הייליגען מארטירער!

— איך בין גרייט צו געהן אויף דעם אויטא־דא־פע, אויב עס וועט זיך ארויסצייגען אז איך האב ניט דערצעהלט דעם אמת — האט ביטריס געזאגט.

איזאבעלא האט גלייך געשיקט רופען טארקוועמאדא'ן און זי האט געהייסען ביטריס'ן איבערדערצעהלען פאר איהם אלעס וואס זי האט זיי דערציילט.

ווען טארקוועמאדא האט עס דערהערט האט ער געברענט פון צארן.

— ווי אזוי וואגסטו עס צו רעדען אזעלכע רייד וועגען דעם הייליגען מארטירער, פעדרא ארבועז! דו ווילסט אויף איהם מאכען א בלבול, ווייל דו ווייסט, אז ער איז טויט און ער וועט ניט קענען אפלייקענען דיינע רייד!

— איך מאך אויף איהם קיין בלבול ניט! — האט ביטריס געענטפערט — איך וועל מיינע רייד באשטעטיגען. איך וועל אנצייגען אויף נאך נאנעס וועמען ארבועז אדער די אויפזעהעריז האט באשווארען ניט צו רעדען, און אויב מען זאל זיי נאר באפרייען פון דער שבועה, וועלען זיי אלעס דערצעהלען. איינע פון זיי וועלען אויך דערצעהלען ווי אזוי טערעסא פלעגט זיי האלטען אפגעזונדערט פאר עטליכע מאנאטען ביז וואנען זיי פלעגען געבוירען און דאן פלעגט די אויפזעהעריז טויטען דאס קינד און עס באגראבען. איך ווייס וואו די קברים געפינען זיך, זאל מען אויסגראבען און זיך איבערצייגען, אז איך זאג קיין ליגענס ניט.

— איך וועל שיקען מיט דיר נאך צוויי מענשען צו מאכען די אויספאר־

שׂונג — האָט פערדינאַנד זיך אָפּגערופען — ביטרים וועט מיט אייך אַלעמען אוועק אין מאָנאַסטיר און זאָל זי אייך איבערצייגען אז אַלץ וואָס זי האָט געזאָגט איז ריכטיג. און זאָל דער באַריכט געבראַכט ווערען אהער. קיינער פון אייך וועט ניט זיין ערלויבט עס איבערצוגעבען פאַר א צווייטען, ביז וואַנען מיר וועלען באַשליסען וואָס צו טאָן.

פערדינאַנד האָט זיך א ווײַלע באַראַטען מיט דער קעניגין און דאַן האָט ער געזאָגט:

— איך באַשטים אַיִסער, טאָמאַס טאַרקוועמאַדאַ, מיינע צוויי געטרייע פריינד, מענדאָזאַ און לואיס דע סאַנטאַנגעל. זיי וועלען מיט דיר און ביטרים'ן מיטרייזען און העלפען מאַכען די אויספאָרשונג.

ווען ביטרים האָט דערהערט אַז דער קעניג האָט אויך באַשטימט לואיס דע סאַנטאַנגעל איז זי געוואָרען מונטערער. זי האָט מורא געהאַט, פיליכט וועט דער קעניג באַשטימען דריי מאַנאַכען און זיי וועלען זוכען ריינצוואַוואַשען ארבועז'ן און די איבעריגע. זי ווייס דאָך ווי טאַלש די מאַנאַכען זיינען. איצט אָבער, אַז דע סאַנטאַנגעל וועט מיטגעהן וועט די [illegible] טיג, און זי וועט דורכדעם געווינען איהר פרייהייט. דער קעניג און קעניגין וועלען שוין מעהר פון איהר ניט פאַרלאַנגען זי זאָל זיך [illegible] נאַסטיר.

א טויט שרעק איז אָנגעפאַלען אויף טערעסאַ'ן ווען זי האָט פּלוצלונג דערזעהן טאַרקוועמאַדאַ'ן מיט ביטרים'ן און „אַד צוויי... זי האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז מען איז מיט איהר געקומען מאַכען אַן אויספאָרשונג. שנעל איז זי אריין צו די איינציגע נאָנעס וועלכע האָבען געוואוסט פון די סודות און זי האָט זיך אָפּגערופען:

— מען קומט דאָ מאַכען אַן אויספאָרשונג, און איך באַשווער אייך איר זאָלט ניט לייקענען. אַז איהר זאָלט גאָר ניט רעדען. זי איז גלייך ארויס טאַרקוועמאַדאַ'ן אַנטקעגען און מיט א שמייכעל זיך אָפּגערופען:

— ווילקאָמען אין דיזען היילינען פּלאַץ, דו הייליגער מאַן! איך בין זעהר צופרידען וואָס דיר האָט זיך איינגעגעבען צו געפינען ביטרים'ן און זי צוריקברענגען אין מאָנאַסטיר.

— דערווייל זיינען מיר געקומען מאַכען אַן אויספאָרשונג און זעהן אויב אַלץ וואָס ביטרים האָט דערצעהלט דעם קעניג און קעניגין איז אמת.

— ווי אזוי קען מען זיך פאַרלאָזען אויף די רייד פון א זינדיגער מיידעל? עס איז געווים קיין איינציגער וואָרט אמת ניטאָ אין איהרע רייד.

— דאָס וועלען מיר זיך באַלד איבערצייגען — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל געזאָגט, און זיך געווענדעט צו ביטרים'ן:

— קענסטו אונז פיליכט אָנצייגען אויף די נאָנעס וועלכע האָבען דורכגעמאַכט אַן ערפאַהרונג מיט דעם הייליגען פאַטער פּעדראָ ארבועז?

— געווים! — האָט ביטרים אויסגערופען — זאָלען אַלע נאָנעס אריינקומען אין קירכע און איך וועל אויסקלייבען די אַלע וועלכע איך בין זיכער, ווייל זייענדיג אין מאָנאַסטיר האָבען זיי מיר אַנפאַרטרויט מיט זייערע סודות.

די נאָנעס האָבען זיך פאַרזאַמעלט אין מאָנאַסטיר. טערעסאַ האָט געזעהן, אַז יעדע איינע זאָל זיצען אויף איהר פּלאַץ.

ביטרים האט מיט איהר פינגער אנגעצייגט אויף אייניגע נאנעס, וועמען טארקוועמאדא האט אריינגערופען אין א באזונדערען צימער און זיך צו זיי געווענדעט אין דער אנוועזענהייט פון ביטרים'ן און די צוויי אנדערע:

— איז עס ריכטיג אז דער הייליגער פאטער פעדרא ארבועז האט געגען אייך געזינדיגט?

— ניין! עס איז א ליגען! — האט איין נאנע אויסגערופען — דער פאטער ארבועז איז געווען אזוי ריין און הייליג ווי א מלאך פון הימעל!

די איבעריגע נאנעס האבען אויך צוגעשטימט צו איהרע רייד.

— האסטו מיר אליין ניט דערצעהלט וואס ארבועז האט צו דיר געטאן! — האט ביטרים אויסגערופען — און איצט ווילסטו אפלייקענען.

— איך האב דיר קיינמאל קיין זאך ניט דערצעהלט — האט יענע געענטפערט.

— האסטו מיר דען ניט דערצעהלט, אז דו האסט געבוירען א קינד צו ארבועז'ן און טערעסא האט איהם געטויטעט און איהם באגראבען אין הויף פון מאנאסטיר!

— איך האב... המ... ניין, איך האב עס דיר קיינמאל ניט געזאגט!

— איך וויים אפילו וואו דער קבר פון דעם קינד איז! — האט ביטרים אויסגערופען — קומט לאמיר אלע ארונטער אין הויף.

ביטרים איז ארונטער מיט די איבעריגע אין הויף. טארקוועמאדא'ס פנים האט געברענט פון כעס... ער איז שוין געווען זיכער, אז ביטרים האט געזוכט צו מאכען א בלבול אויף, עם הייליגען ארבועז. אבער ער האט דאך זיך געלאזט געהן אונטען מיט איהר און די איבעריגע, כדי זי זאל נאכהער ניט זאגען אז מען האט זי קיין געלעגענהייט ניט געגעבען איבערצוצייגען איהרע רייד.

די נאנעס זיינען אויך מיטגעגאנגען מיט געבויגענע קעפ און געשוויגען.

— קום אהער — האט ביטרים זיך אפגערופען צו יענער נאנע — דא איז דער קבר פון דיין קינד! קענסטו עס אפלייקענען?

—המ... ניין, עס איז א ליגען...— האט די נאנע קוים ארויסגערעדט און זיך היסטעריש פארנאנדערגעוויינט.

— זאל מען ברענגען א רידעל און אויסגראבען דעם קבר — האט ביטרים ווייטער געזאגט.

מען האט געבראכט א רידעל און דע סאנטאנגעל האט גענומען גראבען.

— — אה, איך בעט דיר! — איז די נאנע געפאלען צו זיינע פיס — גראב ניט אויס דעם קבר פון מיין קינד!

— דען ביזטו זיך מודה, אז דו האסט דא געבוירען א קינד! — האט מענדאזא זיך אפגערופען צו איהר.

די נאנע האט פארשטעלט איהר פנים מיט די הענט און געוויינט.

טארקוועמאדא איז צו איהר צוגעגאנגען עטוואס נעהנטער, און אויפהויבענדיג זיין צלם, האט ער מיט א שטרענגע שטימע זיך אפגערופען צו דער נאנע:

— איך ביז... המ... אונטער א שבועה און איך קען ניט רעדען — האט די נאנע ניט אויפגעהערט צו כליפען.

— איך באפריי דיר פון יענער שבועה אין נאמען פון אונזער האר **יעזוס**

קריסטוס — האָט טאָרקוועמאַדאַ אויסגערופען — און איצט מוזטו שווערען אז דו וועסט דערצעהלען דעם גאַנצען אמת!

נאָך א קליינע פויזע האָט די נאָנע אלץ דערצעהלט. זי האָט איבערגעגעבען מיט אלע איינצעלהייטען ווי ארבועז פלעגט קומען צו איהר זי זאָל זיך בלומרשט פאר איהם מתודה זיין. ער פלעגט איהר איינרעדען, אז ער איז יעזוס׳עס פארמיטלער און זי פלעגט זיין מאַכטלאָז...

— און דו האָסט געבוירען א קינד פון איהם? — האָט דע סאַנטאַנגעל איהר ווייטער געפרעגט.

— המ... יע, ווען איך האָב דערפילט אז איך וועל דארפען ווערען מוטער האָב איך עס אנטפּלעקט די אויפזעהערין.

— פון וואַנען האָסטו געוואוסט, אז דו קענסט עס אנפערטרויען די אויפזעהערין? — האָט טאָרקוועמאַדאַ געפרעגט.

— איך האָב עס פריהער געזאָגט ארבועז׳ן און ער האָט מיר געראַטען איך זאָל עס גלייך אנפערטרויען טערעסאַ׳ן. איך האָב אזוי געטאָן, און זי האָט מיר גלייך ארונטערגעפיהרט אונטען און געהאַלטען אָפּגעזונדערט איניגע מאָנאַטען ביז וואַנען איך האָב דאָס קינד געבוירען. דאַן האָט זי דאָס קינד געטויטעט און איהם דאָ באַגראָבען... אָבער איך בין ניט די איינציגע, עס זיינען פאַראַן נאָך נאָנעס וועלכע זיינען געווען אין דער זעלבער לאַגע ווי איך... אויך די וועלכע שטעהען אָט דאָ, האָבען אויך דורכגעמאַכט די זעלבע וואָס איך.

טאָרקוועמאַדאַ האָט די איבעריגע נאָנעס צוגערופען און זיי האָבען זיך באַלד אויך מודה געווען. איניגע האָבען אָנגעגעבען ארבועז׳ן אלס דער שולדיגער און די איבעריגע האָבען אָנגערופען די נעמען פון אנדערע באַוואוסטע מאַנאַכען.

טאָרקוועמאַדאַ האָט גלייך געשיקט רופען טערעסאַ׳ן און ער האָט געהייסען די נאָנעס ווידערהאָלען פאר איהר אין די אויגען, אלץ וואָס זיי האָבען דערצעהלט.

ווען די נאָנעס האָבען געענדיגט דערצעהלען, האָט טערעסאַ אנגעהויבען צו לייקענען:

— —עס איז ניט אמת, איך בין אומשולדיג. איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט וואָס דאָ קומט פאָר צווישען דעם וידוי פאָטער און די נאָנעס!

— האָסטו דען ניט געטויטעט מיין קינד?! — האָט איין נאָנע זיך אָפּגערופען מיט אן אויפגערעגטע שטימע צו טערעסאַ׳ן.

— דו ביזט א ליגנערין! — האָט טערעסאַ געענטפערט.

— אָט־אָט־דאָ האָט זי מיין קינד באַגראָבען. ביטרים ענריקעז האָט געזאָגט דעם אמת. איך האָב איהר אלץ פארטרויט, קורץ נאָך דער פּאַסירונג.

זאָל מען דאָ אויסגראָבען! — האָט טאָרקוועמאַדאַ באַפוילען.

מען האָט גענומען גראָבען און מען האָט געפונען די ביינער פון א יונגען קינד. די אנדערע נאָנעס האָבען אָנגעצייגט אויף נאָך פּלעצער און דאָרטען אויך געפונען ביינער פון נאָך־וואָס געבוירענע קינדער.

— עס איז איצט קיין צווייפעל ניט, אז ביטרים איז געווען גערעכט! — האָט דע סאַנטאַנגעל אויסגערופען — און דאָס וועט זיין דער באריכט וואָס מיר וועלען ברענגען דעם קעניג און דער קעניגין!

— יע, עס שיינט צו זיין אזוי — האָט טאָרקוועמאדא צוגעברומט. ארבועז איז אָבער טויט... און טערעסא וועט דאַרפען גע'משפט ווערען.

— אָבער וואו איז טערעסא — האָט אימיצער א זאָג געטאָן. אלע האָבען זיך גענומען ארומקוקען, און זיי האָבען געזעהן אז טערעסא איז פלוצלונג פארשוואונדען געוואָרען.

— מען מוז איהר כאַפּען און ברענגען צום משפט! — האָט טאָרקוועמאדא אויסגערופען.

טאָרקוועמאדאַ און די איבריגע זיינען שנעל צוגעלאָפען צו דעם וועכטער פון דעם טויער און איהם געפרעגט אויב ער האָט געזעהן די אויפזעהערין ארויסקומענדיג פון מאָנאסטיר.

— ניין, — האָט ער געענטפערט.

— אויב אזוי שליסט צו דעם טויער און לאָזט איהר ניט ארויס, — האָט טאָרקוועמאדאַ באפוילען דעם וועכטער.

דער וועכטער האָט געפאָלגט און זיי האָבען זיך אוועקגעלאָזען זוכען די אויפזעהערין.

די נאָנעס וועלכע האָבען שוין פון לאנג געטראָגען א שנאה אויף טערעסא'ן האָבען איצט געזעהן אַן איהר א נקמה און זיי האָבען אלע געהאָלפען זי אויפזוכען.

טאָרקוועמאדאַ איז ארומגעגאַנגען בייז און אומרוהיג. ער האָט ניט געוואָלט אז זי זאָל זיך ארויסדרעהען פון א שטראָף.

— זי בעהאַלט זיך דאָרט אין צימער! האָט א נאָנע אויסגערופען, ווען זי האָט באמעקרט טאָרקוועמאדאַ'ן, און אָנגעצייגט אויף א צימער.

טאָרקוועמאדאַ האָט זיך אריינגעבראָכען אין יענעם צימער, און ער האָט זי דאָרט געטראָפען. טערעסא איז אויף איהם ארויפגעפאלען און זיך גענומען ראנגלען מיט איהם. זי האָט איהם צוגראבעלט זיין פנים ביז בלוט.

— שיק נאָך הילף! — האָט טאָרקוועמאדאַ אויסגעשריען, — זאָל מען געהן רופען פּאָליציי.

די נאָנעס וועלכע האָבען געהערט זיינע געשרייען האָבען איבערגעגעבען די אנדערע, און דער וועכטער האָט ארויסגעשיקט רופען די פּאָליציי.

באלד זיינען אויך אָנגעקומען לואיס דע סענטאַנגעל, מענדאזא און ביטרים. זיי זיינען אלע געקומען צו הילף טאָרקוועמאדאַ'ן. זיי האָבען געוואָלט צוהאלטען טערעסא'ן ביז וואנען די פּאָליציי וועט קומען און מען וועט זי אוועקפיהרען אין געפענגניס.

טערעסא האָט געזעהן אז אלעס איז שוין פאר איהר פארפאלען. אויב זי וועט געבראכט ווערען פאר'ן משפט, וועט מען זי געוויס פאראורטיילען פארברענט צו ווערען. זי האָט דאריבער מיט אלע איהרע קרעפטען זיך ארויסגעריסען פון זייערע הענד און גלייך צוגעלאָפען צום אָפענעם פענסטער.

טאָרקוועמאדא און דע סאַנטאַנגעל האָבען זיך א יאָג געטהאָן נאָך איהר. אָבער איידער זיי האָבען באוויזען צוצוקומען, האָט זיך טערעסא ארויסגעוואָרפען פון פענסטער און איז צושמעטערט געוואָרען.

א שטאַרקער טומעל איז געוואָרען אין מאָנאסטיר. די נאָנעס האָבען גענומען שרייען און פילדערען פון שרעק. זיי האָבען זיך אלע גע'צלמ'ט.

ווען די פּאָליציי איז געקומען, האָט טאָרקוועמאַדאַ איבערגעבען וואָס עס האָט פּאַסירט מיט טערעסאַ'ן, און ער האָט צוזאַמען מיט זיינע בעגלייטער אונז ביטרים'ן פארלאָזען דעם מאָנאַסטיר.

זיי האָבען זיך צוריקגעקעהרט אין קאָרדאָווא און האָבען איבערגעגעבען דעם בעריכט צום קעניגליכען פּאָר אַלעס וואָס האָט מיט זיי פּאַסירט.

— דאָז איז אַלעס אמת וואָס ביטרים האָט דערצעהלט! — האָט דער קעניג פערדינאַנד אויסגערופען, — ווער וואָלט זיך עס געריכט אויף פּעדראַ ארבועז'ן?!... איך האָב איהם געהאַלטען פאר אזא הייליגען.

— מיר גלויבט זיך נאָך אַלץ ניט אז ער זאָל באַגעהן אזעלכע זינד אין הייליגען מאָנאַסטיר.

— ווען איין נאָנע אָדער אפילו צוויי וואָלטען עס געזאָגט, וואָלט מען געקענט מיינען אז זיי זאָגען ליגען, אָבער ווען אזוי פיעל דערצעהלען פון זיינע פארברעכען, — האָט לואיס דע סאַנטאַנגעל זיך אָפּגערופען, — דאַרף שוין קיין צווייפעל ניט זיין!

— און אויסער דעם, — האָט מענדאזא צוגעגעבען — האָט מען דאָך ווירקליך דאָרט געפונען קברים פון נאָר וואָס געבוירענע קינדער.

— זי, די אומווירדיגע אויפזעהערין האָט שוין בעקומען איהר שטראָף! — האָט איזאַבעלא זיך אָפּגערופען, — און יעצט וועל איך זעהן אז מעהר זאָל קיין פאַרדאָרבענהייט ניט פאָרקומען אין יענעם הייליגען פּלאַץ. איך וועל דיך בעטען, הייליגען פאטער, — האָט זי זיך געווענדעט צו טאָרקוועמאַדאַ'ן, — דו זאָלסט בעשטימען די ריכטיגע מאָנאַכען צו פארוואַלטען דעם מאָנאַסטיר. דו זאָלסט זעהן אז יעדער וועלכער איז שולדיג זאָל בעקומען זיין שטראָף.

די קעניגין האָט באמערקט אז אין דער צייט וואָס זי האָט גערעדט מיט טאָרקוועמאַדאַ'ן האָט פערדידאַנד ניט ארונטערגענומען זיינע אויגען פון דער שעהנער ביטרים'ן. ער האָט איהר געשטעלט איינינע פראַגען און זי האָט איהם געענטפערט.

די אייפערזוכט האָט זיך ווידער אין איהר אָנגעצונדען. זי האָט בעשלאָסען ניט צו דערלאָזען אז ביטרים זאָל זיין פריי, און האָבען נאָך א געלעגענהייט צו בעזוכען דעם פּאַלאַץ.

— און יעצט אז דער מאָנאַסטיר וועט גערייניגט ווערען, וועסטו ביטרים זיך מוזען אהין צוריקקעהרען! — האָט איזאַבעלא זיך געווענדעט צו איהר, אונטערברעכענדיג דעם געשפּרעך וואָס דער קעניג האָט מיט איהר געפיהרט.

— אָה, גנעדיגע קעניגין! — איז ביטרים געפאַלען אויף איהרע קניע, — האָב רחמנות אויף דיין דינסט און שיק מיר מעהר ניט אהין.

— יעצט וועט דיך דאָרטען קיינער ניט באַלעסטיגען, — האָט איזאַבעלא אויסגערופען מיט א בייזער שטימע, — דאָרטען איז דיין פּלאַץ און אהין וועסטו געהן!

— דו דאַרפסט דאנקבאַר זיין דער קעניגין פאר דעם וואָס זי זאָרגט אזוי שטאַרק פאר דיין נשמה, — האָט טאָרקוועמאַדאַ זיך ארייננעמישט, — איך וועל שוין זעהן אז די אַלע וועלכע וועלען האָבען די אויפזיכט איבער דעם מאָנאַסטיר

זאָלען זיין ריינע עהרליכע מענשען און אזעלכע פארברעכענס וועלען זיך שוין מעהר קיינמאָל ניט ווידערהאָלען.
ביטריס האָט זיך שטארק פאנאנדערגעוויינט.

---

ווען קאָלאָמבוס און זיין מוטער האבען זיך אומגעקעהרט אהיים און אויסגעפונען אז זי איז אוועקגערופען געוואָרען צו דעם קעניג און קעניגין, זיינען זיי ביידע שטארק דערשראָקען געוואָרען.

— ווי עס ווייזט אויס האָט מען גע'מסר'ט אויף איהר, — האָט שושנה זיך אָנגערופען צו איהר זוהן, — און יעצט וועט זי פון דעם א סך ליידען.

— אָבער איך קען ניט פארשטעהן ווי אזוי מען האָט אויסגעפונען. זי איז דאָך זעלטען ארויס פון הויז.

— מען דארף זעהן פיעלייכט וועסטו קענען פועל'ן ביי דער קעניגין זי זאָל מוחל זיין ביטריס'ן וואָס זי איז אוועק פון מאָנאסטיר.

— איך וועל פריהער אויסגעפינען פון די בעאמטע פון פאלאץ וואָס מיט ביטריס'ן האָט פאסירט, — האָט קריסטאָפער געזאָגט, — און דאן וועל איך וויסען ווי אזוי צו האנדלען.

ער איז גלייך אוועק אין פאלאץ. ער האָט זיך ניט געוואָלט באווייזען פאר דער קעניגליכער פאָר איידער ער וועט וויסען וואָס דאָ קומט פאָר מיט איהר. ער האָט אויסגעפונען אז ביטריס האָט דערצעהלט וועגען דער פארדארבענקייט וואָס עס איז פאָרגעקומען אין מאָנאסטיר, און אז דער קעניג און קעניגין האבען זי געשיקט צוזאמען מיט טאָרקוועמאדאָ'ן, דע סאנטאנגעל און נאָך איינעם צו מאכען אן אויספאָרשונג און צו זעהן אויב ביטריס'עס בעשולדיגונג איז ריכטיג.

קאָלאָמבוס האָט זיך דאמיט געפרעהט. ער איז געווען זיכער אז ביטריס וועט וויסען ווי אזוי צו באשטעטיגען איהרע רייד און איבערצייגען דעם קעניג און קעניגין ווי פערדאָרבען עס זיינען געווען די אלע וועלכע זיינען געווען פארבונדען מיט דעם מאָנאסטיר. ער האָט מיט גרויס אומגעדולד געוואַרט אויף איהר צוריקקומען.

ער האָט זיך געזעהן מיט לואיס דע סאנטאנגעל, וועלכער האָט איהם דערצעהלט אלעס וואָס עס איז פאָרגעקומען אין מאָנאסטיר.

מיט גרויס אונגעדולד האָט ער געוואַרט ביים פאלאץ אויף ביטריס'ס באַפרייאונג. אָבער ווי שטארק זיין ענטטוישונג איז געווען ווען מען האָט איהם דערצעהלט אז די קעניגין האָט באפוילען ביטריס'ן זי זאָל זיך צוריקקעהרען צום מאָנאסטיר.

קאָלאָמבוס האָט בעשלאָסען צו ווירקען אויף דער קעניגין זי זאָל ענדערען איהר באפעהל. ער וועט איהר דארפען דערצעהלען וואָס ביטריס מיינט צו איהם. דאן וועט זי זיין פארלאנג ערפילען.

ער האָט געבעטען איינעם פון די בעאמטע צו מעלדען דער קעניגין אז ער, קאָלאָמבוס, וויל האָבען אן אודיענץ מיט איהר וועגען א וויכטיגען ענין.
די קעניגין האָט איהם געהייסען אריינקומען.

קאָלאָמבוס איז אריין אין פאלאץ און ער האָט דאָרטען געטראָפען ביטריס'ן וויינענדיג. נעבען איהר איז געווען דער גרויס־אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאדאַ.

— גנעדיגע קעניגין ! — האָט קאָלאָמבוס זיך פאַרנייגט פאַר איהר, — איך בין געקומען בעטען נאָך א טובה פון איהר מאיעסטעטין.

— דו ווייסט דאָך, קאָלאָמבוס, אז איך בין זעהר פאַראינטערעסירט אז דיין אונטערנעהמונג זאָל זיין אַן ערפאָלג און איך וועל טהאָן אַלעס כדי עס מעגליך צו מאַכען.

ווען ביטרים האָט דערהערט קאָלאָמבוס'ס שטימע האָט זי זיך זעהר דער־פרעהט. זי האָט אויפגעהערט צו וויינען און האָט איהרע בליקען געווענדעט אויף איהם. זי הערט ווי ער רעדט:

— איך בעט די געפעליגקייט פון דער קעניגין זי זאָל אַפּשיקען ביטרים'ן צוריק אהיים.

— ביטרים'ן ! וואָס האָסטו צו טהאָן מיט איהר ? ! — האָט זיך איזאבעלא געוואונדערט.

— ווייל ביטרים איז מיין כלה ! — האָט קאָלאָמבוס געענטפערט.

א שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף איזאבעלא'ס ליפּען.

— אָה, זי איז דיין כלה, — האָט זי צוגעשאָקעלט מיט איהר קאָפּ, — און איך האָב עס גאָרניט געוואוסט. אויב אזוי איז עפּעס אנדערש. איך וועל געווים ניט פאנאנדערטיילען צוויי ליעבענדע הערצער.

— אָבער, גנעדיגע קעניגין ! — האָט זיך טאָרקוועמאַדאַ אָפּגערופען, — ווען ביטרים איז מיט אייניגע יאָהר צוריק אריינגעגעבען געוואָרען אין מאָנאַס־טיר, איז זי פאַררעכענט געוואָרען פאַר דער כלה פון יעזוס'ן, און יעצט ווי אזוי קען זי זיין א כלה צו א מענשען פון פלייש און בלוט.

— אָבער דו ווייסט דאָך אז דאָן איז אין מאָנאַסטיר פאָרגעקומען זעהר ניט קיין עהרליכע זאַכען און איהר זיין דאָרטען האָט זי ניט צוגעבונדען... און יעצט אז איך האָב אויסגעפונען אז קאָלאָמבוס האָט זי ליעב, דאַן דאַרף איך שוין מעהר ניט זאָרגען. יאָ, ביטרים, דו ביזט פריי . . .

מיט שטראַהלענדע אויגען פון פרייד, האָט ביטרים בעדאַנקט דער קעניגין.

קאָלאָמבוס האָט איהר אויך בעדאַנקט און נאַכדעם ווי זיי האָבען געקראָגען די צושטימונג פון דעם קעניג און קעניגין, האָבען זיי ביידע פאַרלאָזען דעם פּאַלאַץ.

מיט גרויס שמחה האָט זיי די אַלטע שושנה עמפּפאַנגען.

ביטרים האָט דערצעהלט אַלעס וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט איהר בין וואַנען קריסטאָפער איז געקומען.

— יעצט, מיין זוהן, גלויב איך אז עס איז געקומען די צייט אז דו זאָלסט הייראַטען מיט ביטרים'ן.

— ניין, מוטער, איך קען עס ניט טהאָן. איך האָב פאַר זיך זעהר א גע־פעהרליכע אונטערנעהמונג. גאָט ווייס אויב איך וועל זיך ווען עס איז צוריק־קעהרען א לעבעדיגער פון דער רייזע, פאַרוואָס זאָל איך צובינדען ביטרים'ן און זי זאָל בלייבען אַן אייביגע עגונה... ווען גאָט וועט געבען אָבער איך וועל זיין ערפאָלגרייך און איך וועל זיך צוריקקעהרען בשלום אהיים, דאַן וועלען מיר פייערען אונזער חתונה.

טרעהרען האָבען זיך באַוויזען אין שושנה'ס אויגען ווען זי האָט געהערט

די רייד פון איהר זוהן. זי זעהט ווי נאָבעל און גוטהערציג ער איז. ער וויל ניט דערלאָזען אז די וועלכע ער ליעבט זאָל נאכהער דארפען ליידען.

— איך וועל טאָג און נאכט מתפלל זיין צו גאָט ער זאָל באגליקען דיין וועג! — האָט שושנה געווישט איהרע טרעהרען, — און איך האָף אז איך וועל נאָך זוכה זיין צו זעהן מיט מיינע אויגען ווי דיין אונטערנעהמונג איז געקרוינט מיט ערפאָלג.

## זיבען־און־צוואנציגסטער קאַפּיטעל

# גירוש שפּאַניען

טראָץ דעם וואָס די אינקוויזיציע אונטער דעם גרויזאמען גרויס־אינקוויזיטאָר דעם רשע טהאָמאס טאָרקוועמאדאָ האָט אָנגעמאכט א חורבן צווישען די טויזענדע מאראנען, האָבען דאָך די אמת'ע אידען געלעבט מעהר אָדער ווייניגער אין רוהיגקייט. די גזרה פון דער אינקוויזיציע איז אָנגעווענדעט געוואָרען בלויז אויף די מאראנען, יענע אידען וועלכע האָבען אָנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען כאָטש אז הארצען זיינען זיי געבליבען געטריי דעם אידישען גאָט. אָבער די וועלכע זיינען פארבליבען אידען האָבען דערוויל פון דער אינקוויזיציע ניט געליטען. דאָס האָט זעהר געערגערט טאָרקוועמאדאָ'ן. זיין פארלאנג איז געווען צו פארניכטען אלע אידען פון שפּאַניען, עס זאָל פון זיי קיין זכר ניט בלייבען. דאָס בלוט פון די טויזענדע מאראנען וועלכע זיינען אומגעקומען אויף דעם אויטאָ־דע־פע האָט נאָך ניט אין גאנצען געשטילט זיין בלוטדורשטיגקייט. א פּלאַן איז איהם איינגעפאלען ווי אזוי פּטור צו ווערען פון אלע אידען פון שפּאַניען. ער וועט זעהן ווירקען אז דער קעניג זאָל ארויסגעבען א גזרה אז אלע אידען זאָלען אָננעהמען דאָס קריסטענטום, ביז א בעשטימטע צייט און אויב ניט זאָלען זיי אין גאנצען פאַריאָגט ווערען פון שפּאַניען. דיזער געדאנק האָט איהם ניט געלאָזט רוהען. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט דעם גליק וואָס עס וועט טרעפען שפּאַניען ווען עס וועט דאָרטען קיין איין איינציגער איד ניט פארבלייבען. ער דארף בלויז זעהן צו ווירקען אויף דעם קעניג און קעניגין. ער ווייס אז די אידען פון שפּאַניען זיינען רייך און פערדינאנד רעכענט זיך מיט זיי און עס וועט זיין פאר איהם א שווערע אויפגאבע צו פּועל'ן ביי דעם קעניג ער זאָל ארויסגעבען א גזרה אז מען זאָל אלע אידען ארויסטרייבען פון שפּאַניען. ער האָט דאריבער געטראכט פון פארשידענע פּלענער ווי אזוי צו מאכען אז דער קעניג זאָל זיין פּלאַן אָננעהמען.

טאָרקוועמאדאָ האָט זיך וועגען דעם בעראטהען מיט זיין גוטען פריינד דעם ערץ־בישאָף זשואן מארטינעץ.

— דער איינציגער וועג ארויסצוקריגען אזא גזרה פון דעם קעניג און קעניגין גלייך, וועט זיין ווען מיר וועלען קענען איבערצייגען פערדינאנד'ן און איזאבעלא'ן די גרויסע געפאַהר וואָס שטעהט פאר אלע קריסטען אין שפּאַניען, אויב די אידען וועט ערלויבט ווערען צו וואָהנען דאָ אלס אידען. און מיין עצה איז, אז מען זאָל זיי איבערצייגען מיט בריעף.

— איך פארשטעה ניט וואָס דו מיינסט? — האָט טאָרקוועמאדאָ זיך אָפּגערופען צו איהם.

— איך מיין אז איך וועל שוין זעהן צוצושטעלען צו דעם קעניג בריעף וואָס וועלען באווייזען אז די אידען פון שפאניען זוכען שלעכטעס צו טהאָן צו די קריסטען. און דאַן וועלען זיי שוין מעהר ניט וואַרטען און ארויסגעבען א גזרה

— אָבער ווי אזוי וועסטו קענען בעקומען אזעלכע בריעף? — האָט טאָרקוועמאַדאַ געפרעגט.

— גאַנץ גרינג! — האָט דער ערץ־בישאָף געזאָגט, — מיר טהוען עס דאָך פאַר דער טובה פון אונזער רעליגיע, מעגען מיר טהאָן אזעלכע זאכען וואָס אונטער אנדערע אומשטענדען וואָלט עס ניט געווען ערלויבט. איך קען שרייבען די העברעאישע שריפט און איך וועל אליין צוזאמענשטעלען די צוויי בריעף. איך וועל דעם קעניג און קעניגין דערצעהלען אז מיינע מענשען האָבען געהאט א חשד אויף איינעם פון די אידען וועלכער איז געווען ביים גרעניץ. זיי זיינען איהם באפאלען און האָבען ביי איהם געפונען צוויי בריעף. איין בריעף וואָס די אידען האָבען געשיקט צו זייערע ברידער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און דער צווייטער בריעף וועט זיין דער ענטפער וואָס די אידען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל ענטפערען די אידען פון שפאניען. איך וועל די בריעף אזוי פאלשעווען אז עס וועט קיינעם ניט איינפאלען אז די בריעף זיינען ניט קיין עכטע. און דאָס וועט אויפרודערען אלע קריסטליכע איינוואָהנער פון אונזער לאנד געגען די אידען.

— גוט, אָבער איידער דו וועסט בריינגען די בריעף צו דער קעניגליכער פּאָר, זאָלסטו זיי מיר ווייזען און פאר מיר פאָרלעזען דעם אינהאַלט — האָט טאָרקווע אדאָ פון איהם פערלאַנגט.

דער ערץ־בישאָף האָט איהם פארשפּראָכען. און אין איניגע טעג שפּעטער האָט ער פאר איהם געבראכט די צוויי בריעף און איבערזעצט דעם אינהאלט פאר טאָרקוועמאַדאַ'ן.

דער ערשטער בריעף וואָס די אידען פון שפאניען האָבען געזאָלט שיקען צו די אידען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט געלויטעט:

"פון די אידען פון שפּאַניען צו די אידען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

"געעהרטע אידען, שלום צו אייך! זייט וויסען אז דער קעניג פון שפּאַניען אונטערדריקט אונז. ער וויל אז מיר זאָלען אלע ווערען קריסטען, ער בערויבט אונז פון אונזער רייכטום און אפילו פון אונזערע לעבענס, ער פערניכטעט אונ־זערע שוהלען און צו אונזערע ליידען איז קיין גרעניץ ניטאָ. מיר וויסען ניט וואָס צו טהאָן. אין נאָמען פון אונזער הייליגער תורה, די תורה פון משה, בעטען מיר אייך, איהר זאָלט אָפּהאַלטען א גרויסע פאַרזאַמלונג און דאָרטען בעשליסען וואָס מיר דארפען טהאָן און אונז צושיקען אייער בעשלוס אזוי שנעל ווי מעגליך.

"כאמאַרא, דער פּרינץ פון די אידען פון שפּאַניען".

דער ענטפער וואָס די אידען פון שפאניען האָבען געזאָלט בעקומען פון די אידען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָט געלויטעט:

"פון די אידען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל צו די אידען פון שפּאַניען.

"אונזערע ליעבע ברידער פון משה'ס גלויבען! מיר האָבען ערהאַלטען אייער בריעף וואו איהר שרייבט צו אונז וועגען אייערע ליידען און יסורים וואָס איהר מאכט דורך אין שפּאַניען פון די קריסטען. אלע **רבנים** האָבען זיך

פארזאמעלט און זיך בעראטהען וואָס פאר אן עצה אייך צו געבען. און נאָך א לאנגען ישוב הדעת זיינען זיי געקומען צו דעם פאָלגענדען בעשלוס: זינט דער קעניג פון שפאניען מאכט א פארזוך אייך צו מאכען פאר קריסטען, זאָלט איהר אזוי טהאָן, איהר זאָלט אלע אָננעהמען די קריסטליכע רעליגיע, לפנים וועגען, און אזוי ווי ער וויל אייך בערויבען פון אייער פערמעגען, זאָלט איהר מאכען אייערע קינדער פאר סוחרים כדי זיי זאָלען קענען אָפּנארען די קריסטען און בערויבען זיי פון זייער פערמעגען. אזוי ווי איהר זאָגט, אז מען בערויבט אייך פון אייער לעבענס, זאָלט איהר מאכען אייערע קינדער פאר אפטייקארען און דאָקטוירים כדי זיי זאָלען האָבען די מעגליכקייט צו בערויבען די לעבענס פון די קריסטען. אזוי ווי איהר זאָגט, אז די קריסטען פארניכטען אייערע שוהלען. מאכט אייערע קינדער פאר גייסטליכע און זיי וועלען שוין זעהן צו פארניכטיגן די קריסטליכע קירכען. און אזוי ווי איהר זאָגט אז איהר ליידעט פון פארשידענע שלעכטע גזרות און געזעצען, זעהט אז אייערע קינדער זאָלען ווערען בעאמטע און האַלטען הויכע עמטער און זיי וועלען האָבען די מעגליכקייט ארויסצוגעבען שלעכטע געזעצען פאר די קריסטען.

"אויב איהר וועט אויספאָלגען אלעס וואָס מיר שרייבען אייך, וועט איהר זעהן אז איך גיבען וועט איהר, אנשטאט אונטערגעדריקטע, ווערען אונטערדריקער און איהר וועט האלטען די קריסטען אונטערטהעניג צו אייך.

"הוסעע, פרינץ פון די אידען פון קאָנסטאנטינאָפּאָל".

א ברייטער שמייכעל האָט זיך באוויזען אויף די דיקע ליפּען פון טאָרקוועמאדאָ.

— די בריעף זיינען אויסגעצייכענטע — האָט ער געזאָגט, — און איך בין זיכער אז עס וועט קיינעם ניט איינפאַלען אז זיי זיינען ניט קיין עכטע. נאָכדעם ווי דער קעניג און קעניגין וועלען האָבען די בריעף געזעהן, זאָל מען קאָפּירען פון זיי און זיי פארשפּרייטען צווישען די קריסטליכע שפּאניער אין דער שפּאנישער איבערזעצונג, און זאָלען אונזערע ברידער וויסען וואָס זיי ערוואַרט, אויב זיי וועלען ערלויבען די אידען צו פארבלייבען אין שפּאניען.

— מיט דיזע בריעף וועט לאנג ניט נעהמען און מיר וועלען קריגען די צושטימונג פון פערדינאנד און איזאבעלא'ן ארויסצוטרייבען אלע אידען פון שפּאניען, — האָט דער ערץ־בישאָף זשואן מארטינעז זיך אָפּגערופען, — איך וועל זעהן פארצובריינגען דיזע בריעף אין דער זייט וועו דו וועסט זיך דאָרט געפינען און דו וועסט שוין וויסען וואָס צו ריידען.

דער ערץ־בישאָף האָט געהאַלטען וואָרט. ער האָט זיך געלאָזט מעלדען צום קעניג אין דער צייט וואָס טאָרקוועמאדאָ איז דאָרט געווען. ער האָט געבעטען דעם בעאמטען צו זאָגען דעם קעניג אז ער האָט זעהר א וויכטיגע זאך איבערצוגעבען.

ווי אַז ער איז אריין אין פּאלאץ האָט ער ארויסגענומען די צוויי בריעף און זיי געוויזען דעם קעניג.

פערדינאנד האָט זיי בעטראכט און זיך אָפּגערופען:

— זיי זיינען דאָך געשריבען אין העברעאיש, און איך קען ניט לעזען קיין העברעאיש.

— איך קען לעזען העברעאיש, — האָט דער ערץ־בישאָף געזאָגט, — און דאריבער האָב איך זיי דאָ געבראכט. גאָט האָט אונז געוואָלט א ווארנונג שיקען,

האט ער געמאכט אז דיזע צוויי וויכטיגע בריעף זאלען אין מיינע הענד אריינפאלען. איך בין געפאהרען אין מיין קארעטע ניט ווייט פון גרעניץ, האב איך באמערקט ווי אימיצער לויפט און קוקט זיך ארום פון אלע זייטען. איך האב גלייך דערזעהן אז ער איז א איד און מיין פערדאכט איז גרעסער געווארען. איך האב שנעל ארונטערגעשיקט מיין קוטשער און נאך איינעם וועלכער האט מיך באגלייט און זיי האבען דעם פארדעכטיגען אידען אנגעכאפט און איהם צוגעפיהרט צו מיר. איך האב איהם געפרעגט ווער ער איז און וואס ער טהוט דא. ער האט גענומען שטאמלען און מיר קיין ריכטיגען ענטפער ניט געגעבען. איך האב גלייך באפוילען איהם צו באזוכען און מען האט ביי איהם געפונען די צוויי בריעף. ער האט ניט געוואוסט אז איך קען לעזען העברעאיש, האט ער מיר געזאגט אז דאס זיינען בריעף צו סוחרים זיי זאלען שיקען סחורה. אבער ווען איך האב זיי דורכגעלעזען האב איך געזעהן וואס עס שטעהט דארט געשריבען און האב געגעבען א באפעהל אז זיי זאלען בינדען דעם אידען און איהם אריינזעצען אין מיין קארעטע ביז וואנען איך וועל איהם ברייגען צו דער פאליציי. אבער ווען איינער פון מיינע באגלייטער איז געגאנגען זוכען שטריק, האט זיך דערווייל דער איד ארויסגעריסען פון די הענד פון צווייטען און איז אנטלאפען. מיר האבען זיך נאך איהם נאכגעיאגט אבער ער איז פארשוואונדען געווארען.

איך גלויב אז דער איד איז אריבער די גרעניץ. איך האב די בריעף גרינדליך דורכשטודירט און אויסגעפונען אז זיי זיינען פון גרויס וויכטיגקייט, און דאריבער האב איך זיי געבראכט פאר דעם קעניג און קעניגין. איך וועל די בריעף פאר אייך פארלעזען אין דער שפאנישער איבערזעצונג.

דער ערץ־בישאף האט איבערזעצט דעם אינהאלט פון די בריעף פאר פערדינאנד'ן און איזאבעלא'ן, וועלכע האבען ארויסגעצייגט סמנים פון גרויס אויפרעגונג און כעס.

— איך האב שוין פון לאנג פאראויסגעזאגט אז די אידען זוכען צו ברייגען שלעכטעס אויף אונזער גאנצען פאלק, — האט טארקוועמאדא געזאגט, — זיי ווילען זיך פעראייניגען אונז צו פארניכטען. מיר טארען זיי ניט געטרויען אפילו ווען זיי וועלען אננעהמען קריסטענטום. זיי זיינען אלע פאלש און בעטריגעריש. ווען דער קעניג און די קעניגין וועלען ערלויבען די אידען זיך איינווארצלען אין שפאניען, וועלען זיי אונטערגראבען דעם גאנצען קריסטליכען פונדאמענט. ווען זיי וועט ערלויבט זיין אנצוהאלטען זייער אידישקייט, וועלען זיי זוכען אריינצוקריגען די מאראנען און אפילו אונזערע ריינע קריסטען, מיט דעם וואס זיי וועלען פארשפרעכען זיי אפצוגעבען זייערע שעהנע טעכטער. צו מיינע אויערען האבען דערגרייכט פיעלע אזעלכע פאסירונגען, וואו א קריסטליכער יונגערמאן האט זיך פארליעבט אין א אידיש מיידעל, און בלויז דאן ווען דער קריסט איז געאידישט געווארען, איז זי געווארען זיין פרוי... נייז, מיר טארען די אידען ניט האבען אין אונזער לאנד, ווייל זיי וועלען פארדארבען דאס גאנצע פאלק. איך וואלט געראטהען דעם קעניג ער זאל אפילו ניט געבען זיי די ברירה צו ווערען קריסטען, ווייל מיר זעהען דאך אז מיר קענען די נייע קריסטען ניט געטרויען. מיין עצה וואלט געווען, אז דער קעניג זאל ארויסגעבען א גזרה ארויסצוטרייבען אלע אידען פון שפאניען און זייער פארמעגען צו נעהמען פאר די קעניגליכע אוצרות.

— מיר מוזען זיי געבען די ברירה צו ווערען קריסטען! — האָט איזאַבעלא זיך אָפּגערופען, — די אינקוויזיציע וועט שוין אכטונג געבען אז די נייע קריסטען זאָלען עהרליך אָפּהיטען אונזער אמונה.

— ווי עס זאָל ניט זיין, מיר מוזען איינמאָל פאר אלע מאָל פּטור ווערען פון אלע אידען פון אונזער לאנד! — האָט טאָרקוועמאדאַ אויסגערופען, — א גזרה מוז ארויסגעגעבען ווערען אז אין א באַשטימטען טאָג מוזען אלע אידען פארלאָזען שפּאניען. זיי טאָרען מיט זיך קיין זאך ניט מיטנעהמען, און דער וועלכער וועט דעם באפעהל ניט אויספאָלגען וועט געטויטעט ווערען.

— איך וועל זיך נאָך בעראטהען וועגען דעם מיט מיינע מיניסטאָרען, — האָט פערדינאנד געזאָגט, — איך מוז זעהן פריהער צו פארענדיגען מיינע מלחמות מיט די מורען. אזוי שנעל ווי איך וועל איינגעהמען דאָס גאנצע לאנד פון די מורען וועל איך וועגען דעם נעהמען טראכטען.

---

לואיס דע סאנטאנגעל, וועלכער איז איינמאָל געווען אנוועזענד ווען די פראגע וועגען ארויסטרייבען די אידען פון שפּאניען איז דיסקוטירט געוואָרען אין פּאלאץ, האָט גלייך איינגעזעהן אז דער קעניג און קעניגין זיינען געניינט צו דיזען שוידערליכען פאָרשלאג.

ער האָט זיך גלייך געזעהן מיט דאָן יצחק אבארבאנעל און מיט אברהם סינאר אין געהיים, און ער האָט זיי איבערגעגעבען אז מען פּלאנעוועט ארויסצוטרייבען אלע אידען פון שפּאניען.

— די אינקוויזיציע האָט קעניג פערדינאנד איינגעפיהרט כדי ארויסצובע־קומען דאָס גאנצע רייכטום ביי די רייכע מאראנען, — האָט דע סאנטאנגעל געזאָגט — מיר האָבען דאָך באמערקט אז בלויז די רייכע מאראנען ווערען באלעסטיגט. זעהר זעלטען פּאסירט אז אן אָרימער מאראנא זאָל פארברענט ווערען אויף דעם אויטאָ־דע־פע. דער קעניג ווייסט אז די אידען אין שפּאניען זיינען רייך, און דאריבער איז ער זעהר נייגעריג אוועקצונעהמען פון זיי זייער רייכטום. דער פאָרשלאג קומט פון טאָרקוועמאדאַ'ן. ער האָט געוואָלט אז די אידען זאָלען אפילו קיין אויסוואהל ניט האָבען. זיי וועלען מוזען פארלאָזען שפּאניען איבערלאָזענדיג זייער גאנצען פארמעגען אין לאנד. די קעניגין אבער האָט דערצו ניט איינגעשטימט. זי האָט געזאָגט, אז מען דאַרף די אידען געבען די ברירה: אָדער זיך צו שמד'ן און אָננעהמען די קאטוילישע רעליגיע, און אויב ניט זאָל מען זיי דאַן פארטרייבען פון שפּאניען.

— וואָס איז דער אונטערשיעד? — האָט אבארבאנעל טרויעריג געזאָגט. — צי אזוי צי אזוי זיינען די אידען פארלאָרען. איך ווייס אז קיינער פון מיינע ברידער וועט ניט צושטימען צו שמד... אפילו די וועלכע וואָלטען זיך שוין גע־וואָלט ראטעווען, וועלען עס אויך ניט טהאָן, ווייל זיי ווייסען אז אויב זיי וועלען זיך שמד'ן און פארבלייבען אין לאנד, וועלען זיי פריהער אָדער שפּע־טער ארייגפאלען אין די הענד פון די אינקוויזיטאָרען. און דאַן וועלען זיי פארברענט ווערען. מיר מוזען זיך איילען און געפינען א מיטעל ווי אזוי צו פארמיידען אזא שרעקליכע גזרה.

— פיעלייכט וואָלט געווען א פּלאן זיך צו ווענדען צו קאָלאָמבוס'ן איידער ער מאכט זיין רייזע. ער זאָל זיך איינשטעלען פאר די אידען. איך ווייס אז דער

קעניג און קעניגין האלטען זעהר פיעל פון איהם און זיינע רייד קענען האבען א ווירקונג אויף פערדינאנד'ן און איזאבעלא'ן.

— אויב ער איז געשטיגען אין די אויגען פון דער קעניגליכער פּאָר, איז עס צוליעב דעם ווייל זיי וויסען ניט אז ער שטאמט פון אידען, אָבער אזוי שנעל ווי ער וועט זיך נעהמען איינשטעלען פאר די אידען, וועט אויף איהם פאלען א חשד און דאָס קען נאָך פיהרען צו מעהר טרויעריגע רעזולטאטען. ווייל אויב די איינציגע האָפנונג צו געפינען א גייע לאנד פאר אונזערע פארוואָגלטע ברידער וועט אויך פארלאָרען געהן. וואָס בלייבט אונז איבער? — האָט אבארבאנעל געזאָגט.

— קאָלאָמבוס האָט דאָך אזוי פיעל פריינד פון די גייסטליכע, וועלכע איבען אויס א שטארקען איינפלוס אויף דעם קעניג און קעניגין, פיליכט וואָלט ער מיט זיי גערעדט און געבעטען זיי זאָלען אָפּהאלטען די שרעקליכע גזרה? — האָט דע סאנטאנגעט געזאָגט.

— זיי אלע ציטערען פאר טאָרקוועמאדא'ן און וועלען ניט וואגען איהם זיך געגענצושטעלען. ער איז דאָך געוואָרען דער הויפּט אינקוויזיטאָר איבער גאנץ שפּאניען. און אויסער דעם דארף קאָלאָמבוס זיין זעהר פּאָרזיכטיג מיט די גייסטליכע, כאָטש זיי זיינען זיינע פריינד. ווייל אזוי שנעל ווי זיי קריגען דעם מינדעסטען פארדאכט וועגען זיין אידישער אָפּשטאמונג, דערווייטערען זיי זיך פון איהם און דאן וועט זיין גאנצע אונטערנעהמונג פון דעם ליידען — האָט אברהם סינאר זיך אָפּגערופען.

— עס בלייבט בלויז איין וועג פאר אונז און דאָס איז אויסצולייזען אונזערע אונגליקליכע ברידער פאר געלט. עס איז דאָך באוואוסט, אז פערדינאנד דארף האָבען וואָס מעהר געלט צו דערפיהרען די מלחמה געגען די מורען, צו א זיגרייכען שלום, און אויב מיר וועלען קענען צוזאמענשטעלען א ריזיגע סומע געלט, דאן איז פאראן א מעגליכקייט, אז מען זאָל ביי פערדינאנד'ן פועל'ן ער זאָל מבטל מאכען די גזרה — האָט אבארבאנעל טרויעריג געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ.

— האָבען מיר דען ניט געמאכט קיין פארזוך צו ווירקען אויף דעם קעניג מיט געלט ער זאָל ניט איינפיהרען די אינקוויזיציע אין לאנד, האָט עס דען געהאָלפען? — האָט אברהם סינאר געפרעגט.

— יעצט איז אָבער אנדערש! — האָט דאן יצחק אבארבאנעל געענטפערט — ער דארף האָבען די געלט און אין דער זעלבער צייט ווייס ער, אז די אידען ברייגען נוצען פאר דעם גאנצען לאנד און אויב מען זאָל זיי אלעמען ארויסטרייבען, וועט דערפון גאנץ שפּאניען ליידען. דאריבער גלויב איך, אז ווען מען זאָל איהם אָנבאָטען א גרויסע סומע געלט, וואָלט ער פיליכט צוגעשטימט ניט ארויסצוגעבען די גזרה פון גירוש.

געל א זאָג געטהאָן — א בייזער גייסט האָט זיך אריינגעכאַפּט אין פּאלאץ און דאָס איז טאָרקוועמאדא, ער האָט אריינגעבראכט פינסטערניש און פארניכטונג אין לאנד, און כל זמן זיין איינפלוס איבער דער קעניגליכער פּאָר איז גרויס, איז פאר די אידען ניט פארבליבען קיין איינציגער שטראהל האָפנונג.

— פונדעסטוועגען וועל איך פּרובירען, מיר האָבען גאָרניט וואָס צו פאַרלירען — האָט דאָן יצחק אבארבאַנעל געזאָגט — איך וועל איהם פריהער פאָרשלאָגען זעקס הונדערט טויזענט דוקאַטען, וואָס איז מיין גאַנצער פאַרמעגען. איך וועל איהם פאַרשפּרעכען, אז דיזע סומע וועט פאַרצעהנפאַכט ווערען אזוי שנעל ווי איך וועל זיך דערוויסען, אז דאָס געלט וועט אָנגענומען ווערען.

— ווי אזוי וועסטו קענען פאַרשפּרעכען אזא ריזיגע סומע געלט דעם קעניג, טאָמער וועלען דיר די אידען ניט וועלען געבען?

— ווען זיי וועלען זיך דערוויסען, אז דאָס שווערד פון גירוש הענגט איבער זייערע העלזער, וועט שוין געשאַפען ווערען די נויטיגע סומע. יעדער איינער וועט געבען וויפיעל ער קען — האָט אבארבאַנעל געזאָגט — איך וועל עס אויספּרובירען. איך וועל עס טהאָן אויף מיין אייגענער פאַראַנטוואָרטליכקייט. דו, מיין פריינד, סאַנטאַנגעל, דאַרפסט שטעהן אין גאַנצען פון דערווייטען. דו קענסט אין אזא צייט ניט באַהויפּטען, אז מען זאָל דיך פאַרדעכטיגען, אז דו זוכסט זיך איינצושטעלען פאַר די אידען. איך ווייס, אז דער קעניג און די קעניגין ווייסען ווי אָפּצושאַצען די נוצען, וואָס מיר ביידע האָבען געבראַכט פאַר דער מלוכה דורך דעם וואָס מיר האָבען צוגעשטעלט די נויטיגע שפּייז פאַר דער אַרמעע... און כאָטש מיר זיינען אידען, וועט ער זעהר ניט וועלען, אז מיר זאָלען אויך דאָס לאַנד פאַרלאָזען. דאַריבער וועל איך פּרובירען מאַכען דיזען פאָרשלאָג.

— זאָל דיר גאָט, דער גאָט פון ישראל, מצליח זיין! — האָט דע סאַנטאַנגעל געזאָגט — פיעלייכט וועט זיך דיר איינגעבען מבטל צו מאַכען די שוידערליכע גזרה, וואָס האַלטביים אַרויסגעגעבען צו ווערען.

---

דאָן יצחק אבארבאַנעל איז אוועק צום פּאַלאַץ און זיך געלאָזט מעלדען פאַר דעם קעניג.

פערדינאַנד האָט איהם געהייסען אַריינקומען.

— מעכטיגער קעניג פון דער גרויסער פאַראייניגטער שפּאַניען! — האָט אבארבאַנעל אויסגערופען, זיך פאַרנייגענדיג — איך בין געקומען דיך באַגריסען אין נאָמען פון אַלע מיינע ברידער, די אידען פון שפּאַניען, צו דעם גרויסען זיעג, וואָס דיינע אַרמעען האָבען אָפּגעהאַלטען איבער די מורען, די גרעסטע שונאים פון דיין קעניגרייך.

— אין נאָמען פון די אידען פון שפּאַניען? — האָט זיך באַוויזען א פאַרביסענער שמייכעל אויף דעם קעניג'ס ליפּען — גאָר אין גיכען וועלען שוין מעהר קיין אידען אין שפּאַניען ניט זיין!

— אָבער מיין האַר קעניג! — האָט אבארבאַנעל אויסגערופען — מיט וואָס האָבען די אידען פון דיין לאַנד זיך פאַרזינדיגט געגען דיר? האָבען דען ניט זייערע זיהן געקעמפּפט אין די זעלבע רייהען מיט די קריסטען געגען די מורען? זיינען זיי דען ניט קיין געטרייע בירגער? צאָהלען זיי דען ניט קיין צינזען? און האָבען זיי דען ניט בייגעשטייערט פאַר דער ענטוויקלונג פון דעם פאַטערלאַנד?

— וואָס די אידען טהוען איז עס נאָר פאַר זייערע אייגענע נוצען! —

האָט פערדינאַנד געענטפערט — איך וויים, אז זיי פּלאַנעווען צו באַהערשען אלע קריסטען. ניט נאָר פיהרען זיי אראָפּ די מאַראַנען פון דעם גלייכען וועג און זיי זעהען אז זיי זאָלען ווערען אידען. אבער, ווי איך האָב אויסגעפונען, האָבען שוין די אידען פיעלע קריסטען צוגעצויגען צו זיך. און דאָס וועל איך קיינמאָל ניט דולדען אין מיין לאַנד. איך האָב באַשלאָסען איין מאָל פאר אלע מאָל ארויסצוטרייבען אלע אידען פון מיין לאַנד. איך האָב זיך וועגען דעם באַראַטען מיט מיינע מיניסטאָרען און מיט דעם הויפּט אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאַ און זיי האָבען אלע איינשטימיגג אָנגענומען דעם באַשלוס ארויסצוטרייבען אלע אידען פון שפּאַניען. די קעניגין בלויז פארלאַנגט, אז איידער מען טרייבט זיי ארוים, זאָל מען די אידען געבען די ברירה זיך צו שמד'ן און ווערען גוטע קריסטען. און די, וועלכע וועלען זיך ניט וועלען שמד'ן, וועלען מוזען דאָס לאַנד פארלאָזען. זיי וועלען מוזען איבערלאָזען זייער גאָלד, זילבער, ציערונג און געלט אין לאַנד. אויב מען וועט ביי אימיצען געפינען געלט אָדער גאָלד, וועט ער גלייך געטויטעט ווערען.

— גנעדיגער קעניג! — האָט זיך אבארבאַנעל אָפּגערופען — די שונאים פון ישראל מאַכען אויף זיי פארשידענע בלבולים. די אידען זיינען געווען און וועלען זיין אימער געטריי און דאַנקבאַר דעם קעניג. זיי זיינען צופרידען, אז מען לאָזט זיי צורוה און זיי פּלאַנעווען קיינמאָל ניט צו באַהערשען די קריסטען. דאָס זיינען אלץ פאַלשע באַריכטען. דאָס זיינען בלבולים וואָס אונזערע שונאים האָבען אויף אונז אויסגעטראַכט.

— ניין! — האָט דער קעניג אויסגערופען — עס זיינען ניט קיין בלבולים געמאַכט געוואָרען אויף די אידען. איך האָב געקראָגען באַווייזע ווי אזוי די אידען פּלאַנעווען צו פארניכטען די קריסטען. און קיינער וועט עס ניט קענען אָפּלייקענען.

— אָה, מעכטיגער קעניג! ווי אזוי איז עס מעגליך, אז אזא קליינע צאָהל אידען זאָלען קענען באַהערשען אזא גרויסע מעהרהייט פון קריסטען. איך וויים, אז אלעס בייזעס וואָס מען דערצעהלט אויף די אידען איז אויסגעטראַכט פון זייערע שונאים. פארקעהרט, די אידען ברייגנען פיעלע נוצען אין לאַנד. און עס וועט שטענדיג זיך פיהלען דער פארלוסט פון די אידען אין שפּאַניען. אויב דער פּלאַן ארויסצוטרייבען די אידען וועט פארווירקליכט ווערען. ניין, מיין האַר קעניג, קיינער וועט דערפון קיין נוצען ניט האָבען. איך שלאָג דאַריבער פאָר, אז די אידען זאָלען זיך אויסקויפען מיט געלט. איך גיב פאר דעבּעַ צוועק זעקס הונדערט טויזענט דוקאַטען פאר די קעניגליכע אוצרות, און איך פארשפּרעך דיר, אז דיזע סומע וועט פארצעהנפאַכט ווערען. דורכדעם וועט מעהר קיין מאַנגעל אין געלט ניט זיין אין דער מלוכה און די אידען וועלען פארבלייבען אין לאַנד, וואו זיי וועלען דאָס לאַנד באַרייכערען און פארשעהנערען.

פערדינאַנד האָט זיך פארטראַכט. אויב ער זאָל ווירקליך קענען אריינקריגען אזא ריזיגע סומע פון די אידען, פיליכט וואָלט זיך טאַקע ניט לוינען ארויסצוטרייבען אלע אידען. זאָלען זיי פארבלייבען אין לאַנד, און ער וועט זעהן, אז בּיסלאַכווייז זאָלען זיי אָננעהמען דעם קריסטליכען גלויבען.

— וואַרט צו איינינע טעג, איך וועל זיך וועגען דעם אָנבאָט איבערליי־

גען. קום צו מיר אין דריי טעג ארום, און דאן וועל איך דיר קענען געבען א תשובה.

א שטראהל האָפנונג האט אריינגעשיינט אין אבארבאנעל'ס הארצען. ווער ווייס, אפשר וועט ער זיין אָנבאָט אָננעהמען, און ער וועט האָבען דורך דעם געראטעוועט אלע אידען פון דער שרעקליכער גזרה?

---

פערדינאנד האט אויף מאָרגען, ווען די גייסטליכע זיינען זיך צוזאמענגעקומען אין פאלאץ, זיך אפגערופען צו זיי:

— דאָן יצחק אבארבאנעל, כאָטש ער איז א איד, איז ער דאָך מיין געטרייער דינער, ער האט זעהר פיעל בייגעשטייערט צו דעם זיעג פון אונזערע ארמעען איבער די מורען. ער האט מיר באוויזען, אז נאָך אלעמען האָבען מיר געהאט גרויסע נוצען פון די אידען. זיי האָבען געקעמפפט האנט אין האנט מיט די קריסטליכע סאָלדאטען. זיי האָבען געגעבען פיעל געלט, און פיליכט זאָלען מיר זיך איבערלייגען און זעהן אויב עס לוינט זיך פאר אונז ניט זיי זאָלען פארבלייבען אין אונזער לאנד... קיינער קען דאָך ניט אפלייקענען, אז זיי האָבען באררייכערט אונזער לאנד.

— וואָס האָבען די קריסטען פון דעם? — האט טאָרקוועמאדא אויסגערופען — זיי האָבען זיך ערוואָרבען רייכטום בלויז פון דעם, וואָס זיי האָבען אויסגעזויגען דאס קריסטליכע בלוט. זיי, די אידען, זיינען טאקע רייך געוואָרען, אבער אויף וועמען'ס חשבון? אויף דעם חשבון פון דעם אָרימען קריסט. דאָס געלט באלאנגט ניט צו זיי. מען דאַרף עס פון זיי אוועקנעהמען, איידער זיי וועלען ארויסגעטריבען ווערען פון לאנד. פריהער, איידער דעם קעניג'ס ארמעען האָבען באזיגט די מורען, האָבען מיר געהאט וואָס מורא צו האָבען, אז אויב מען וועט דאן ארויסטרייבען די אידען פון שפאניען, וועלען זיי זיך פאראייניגען מיט די מורען און צוזאמען קעמפפען געגען אונז. יעצט אָבער איז שוין דיזע מורא ניטאָ, און דאריבער דאַרף די גזרה ארויסצוטרייבען אלע אידען פון שפאניען וואָס שנעלער ארויסגעגעבען ווערען.

אבארבאנעל האט מיר פאָרגעשלאָגען א סומע פון ארום זעקס הונדערט טויזענט דוקאטען פון זיין רייכטום און ער פארזיכערט מיר, אז ער וועט צושטעלען נאָך צעהן מאָל אזוי פיעל אויב איך וועל די גזרה פון גירוש ניט ארויסגעבען — האט פערדינאנד אויסגערופען — און פיליכט זאָל איך זיין אָנבאָט אָננעהמען?

טאָרקוועמאדא האט אויפגעהויבען זיין צלם, איז גלייך צוגעגאנגען צו דעם קעניג און מיט אן אויפגערעגטע שטימע אויסגערופען:

— יהודה האט פאר געלט פארראטען דעם האר קריסטוס, ווערסטו אויך, אָה האר קעניג, פאר די אומריינע געלט פון די שמוציגע זינדיגע אידען וועלען פערראטהען דיין גאָט און דיין פאָלק? ווייסטו דען ניט, אז אויב דו וועסט איבערלאָזען די אידען אין לאנד, וועסטו דאמיט באגעהן א גרויסע אומרעכט געגען גאָט און געגען דיין פאָלק! אין נאָמען פון דעם האר יעזוס — האט טאָרקוועמאדא צוגעטראָגען דעם צלם גאנץ נאָהענט צום קעניג — בעט איך דיר, אז דו זאָלסט ניט נעהמען קיין געלט פון די אידען. גיב ארויס דיין גזרה

גלייך, און דאַן וועט דאָך זייער געלט אַלץ איינס באַלאַנגען צו די אוצרות פון דער מלוכה.

פערדינאַנד האָט זיך געבויגען. די פייערינע רייד פון דעם רשע טאָרקוועמאַדאַ האָבען אויף איהם שטאַרק געווירקט, און ווען אַבאַרבאַנעל איז געקומען צום קעניג פאַר דער תשובה, האָט איהם פערדינאַנד געזאָגט, אַז די גזרה וועט מוזען אַריין אין קראַפט. און אומזיסט וועלען זיין זיינע ווייטערדיגע רייד.

מיט וואַקלענדע פיס האָט אַבאַרבאַנעל פאַרלאָזען דעם פּאַלאַץ. אַלעס איז פאַר איהם פלוצלונג פינסטער געוואָרען. ער האָט געזעהן, אַז עס איז געבליבען בלויז איין וועג, און דאָס איז תפלה. ער איז אַריין אין שוהל און צוגעפאַלען צום אָרון קודש און מיט אַ וויינענדיגע שטימע אויסגערופען:

״באַרמהערציגער גאָט, דער גאָט פון אונזערע אבות אברהם, יצחק און יעקב. דו האָסט אונז באַשיצט פון די מצריים. דו האָסט פאַר אונז פיעלע נסים געטהאָן. טהו יעצט אויך מיט אונז אַ נס. מאַך ווייך דאָס האַרטע האַרץ פון דעם קעניג, זאָל ער מבטל מאַכען די שוידערליכע גזרה, וואָס ער וועט באַלד אַרויסגעבען, צו פאַרניכטען דאָס פאָלק ישראל. ערבאַרעם זיך איבער דיין אונגליקליך פאָלק, שטאַרק זיי אין דער צייט פון זייער גרויסען אונגליק, זיי זאָלען פאַרבלייבען געטרייע אידען, אויב חס ושלום די גזרה איז אַזוי באַשערט מן השמים, טאָ צייכען פאַר זיי אָן אַ וועג, וואוהין זיי וועלען זיך קענען ווענדען אין דער צייט, ווען זיי וועלען מוזען געהן אין גלות. גיב זיי מוטה און כח אַריבערצוטראָגען די שרעקליכע צרות. האַלט אויף זיי דיין אויג און באַשיץ זיי. זאָל דיין פאָלק ישראל ניט אונטערגעהן, גיב אַריין רחמים אין די הערצער פון אַנדערע קעניגע, זיי זאָלען עפענען די טויערען פאַר די פאַרוואָגעלטע, פאַר די געיאָגטע און געפּלאָגטע פון מיינע ברידער. אָ, מעכטיגער גאָט, דיין קנעכט קריסטאָפאָר קאָלאָמבוס, האָט זיך אונטערגענומען צו מאַכען אַ ווייטע רייזע איבער גרויסע ברייטע ימים, כדי צו געפינען אַ נייעס לאַנד, וואו די אידען זאָלען קענען געפינען אַ מקלט, אַ רוה פּלאַץ, וואו זיי וועלען קענען דינען צו דיר, גאָט, אונגעשטערט. זיי מיט איהם, באַגליק זיין וועג, זאָל ער האָבען די מעגליכקייט צו ענטדעקען אַ ניי לאַנד, וואו פיעלע פון די אונגליקליכע וועלען געפינען אַ טרייסט און אַ מקום מנוחה! אָה, האַר גאָט, באַשעפער פון דער וועלט, שטאַרק די הענט פון קאָלאָמבוס׳ן, שנייד אויס אַ וועג פאַר איהם אין דעם ריזיגען ים, נעהם אַוועק אַלע שטרויכלונגען און שוועריגקייטען און זאָל ער באַגליקען אין זיין אונטערנעהמונג פאַר דעם גליק פון דיין פאָלק ישראל!״

דער שמש פון שול, וועלכער האָט זיך פון ווייטענס צוגעהערט צו אַבאַרבאַנעלים תפלה, האָט אויסגעבראָכען אין אַ שרעקליכען געוויין:

— אָה, מיין האַר דאָן יצחק, וואָס האָט פּאַסירט?

— גאָט׳ס צאָרן האָט זיך אויף אונז אידען אויסגעגאָסען. מיר האָבען פאַר הונדערטע יאָהרען געלעבט אין שפּאַניען רוהיג און צופרידען. און יעצט וועט אין גיכען אַרויסקומען אַ גזרה פון דעם קעניג, אַז אַלע אידען זאָלען אַרויסגעטריבען ווערען פון לאַנד. קיין איין איינציגער איד וועט ניט קענען פאַרבלייבען. מענער, פרויען, אַלטע און יונגע, אפילו קליינע קינדער, וועלען מוזען דאָס לאַנד פאַרלאָזען.

— אוי, וואָס איז מיט אונז געוואָרען! — האָט דער שמש געיאָמערט — פאַרוואָס קומט אונז אזוי שווער באשטראָפט צו ווערען?

— די אידען זיינען איינינע מאָל פאַרטריבען געוואָרען פון זייער היילינער לאַנד, און גאָט האָט זיי באשיצט, לאָמיר האָפען, אז ער וועט אונז אויף ווייטער ניט פאַרגעסען — האָט אבּאַרבּאַנעל געזאָגט — דו געה און רוף אַלע אידען אין שול, מיר וועלען דאַרפען פאסטען און מתפלל זיין צו גאָט כל זמן די גזרה איז נאָך ניט ארויסגעגעבען. פיליכט וועלען אונזערע תפלות און תעניתים העל־פען... אזוי ווי גאָט האָט זיך צוגעהערט צו די תפלות פון מרדכי'ן און אסתר'ן און האָט מבטל געמאַכט די גזרה פון המן הרשע, אזוי וועט פיליכט גאָט אויך צו אונזערע תפלות זיך צוהערען... און ער וועט אריינגעבען א געדאַנק דעם קעניג ער זאָל זיך ארומזעהן, אז ער באַגעהט אן אומרעכט געגען דאָס פאָלק ישראל... געה וואָס שנעלער און קלאַפּ אין די טירען פון יעדען אידען און היים זיי קומען היינט ביינאַכט אין אַלע שולען פון קאָרדאָווא, פון קליין ביז גרויס, אַלע זאָלען קומען, מיר וועלען אויסגיסען אונזערע אָנגעוועהטאָגטע הערצער פאַר גאָט, פיעלייכט וועט ער זיך אויף אונז דערבּאַרעמען.

די טרויעריגע נייעס אז דער קעניג און קעניגין פּלאַנעווען ארויסצוטרייבען אַלע אידען פון שפּאַניען, האָט זיך בליץ שנעל פאַרשפּרייט אומעטום.

די אידען פון קאָרדאָווא האָבען זיך פאַרזאַמעלט אין די שוהלען. מען האָט געפאַסט, געקלאָגט און געיאָמערט, מען האָט מתפלל געווען צו גאָט. זיי האָ־בען אַלץ געהאָפט אז זיי וועט געלינגען צו פאַרמיידען דעם אומגליק. אבער שרעקליך און ביטער איז געווען זייער ענטטוישונג.

דעם איין־און־דרייסיגסטען פון דעם מאָנאט מערץ 1492, איז ארויסגע־געבען געוואָרען די גזרה: „אַלע אידען, מענער און פרויען, אַלטע, יונגע און קליינע קינדער, מוזען פאַרלאָזען אַלע לענדער און קעניגרייכען פון שפּאַניען אין משך פון פיער מאָנאַטען, און דער וועלכער וועט פאַרבּלייבען נאָך דער בע־שטימטער צייט וועט געטויטעט ווערען. די ארויסגעטריבענע אידען טאָרען ניט מיטנעהמען קיין גאָלד, קיין זילבער און קיין געלד אויך ניט. בלויז די וועלכע וועלען זיך שמד'ן און ווערען גוטע קאַטויליקען וועלען קענען פאַרבּלייבען אין לאַנד".

א יאָמערליכער געוויין האָט אויסגעבראָכען צווישען אַלע אידען ווען זיי האָבען אויסגעפונען אז די שוידערליכע גזרה איז שוין אריין אין קראַפט.

אונגעהייער גרויס איז געווען דער אומגליק וואָס האָט אזוי פּלוצלינג גע־טראָפען די אידען פון שפּאַניען. זיי זיינען געווען אזוי צוגעבונדען צו דעם שעהנעם לאַנד שפּאַניען... אַלע האָבען אָבער געוואוסט אז עס איז פאַרפאַלען, די גזרה וועט שוין ניט צוריקגעצויגען ווערען. זיי האָבען זיך גענומען גרייטען צו פאַרלאָזען דאָס לאַנד. ניט האָבענדיג קיין מעגליכקייט מיטצונעהמען מיט זיך געלד, האָט מען אוועקגעגעבען א הויז פאַר א פערד, א פעלד אָדער וויינ־גאָרטען פאַר אן עזעל. צווישען די אידען זיינען ארומגעגאַנגען מאָנאַכען און אנדערע גייסטליכע און זיי גענומען איינרעדען אז זיי זאָלען זיך שמד'ן.

— דער פון אייך וועלכער וועט אָננעהמען דעם קאַטוילישען גלויבען, וועט קריגען ביידע וועלטען; ער וועט קענען פאַרבּלייבען אין לאַנד און געניסען אַלע

פרייהייטען, און דערצו וועט זיין נשמה ארויף אין הימעל, גלייך נאך זיין טויט.
— האָבען די מאַנאכען געזוכט צו ווירקען אויף די אידען.

אין יעדער שטאָדט, אין יעדען דאָרף, אפילו ארום די שוהלען וואו די אידען האָבען זיך פארזאמעלט, זיינען די גלחים געקומען מיט די צלמים און האבען גענומען פרעדיגען די קאטוילישע רעליגיע. די אידען אָבער, פארטיעפט אין זייער גרויסען צער, האָבען אפילו קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשענקט צו זייערע רייד.

אין די שוהלען האָבען די רבנים געהאלטען פייערדיגע דרשות וואו זיי האָבען געשטארקט די הערצער פון די אומגליקליכע זיי זאָלען זיך ניט צוהערען צו די רייד פון די גלחים.

— עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל ווי מיר אידען געהען אין גלות. אונזערע שונאים האָבען אונז פון אונזער לאנד פארטריבען. זיי האָבען אונז בערויבט פון אלעס, אָבער יעצט — וואו זיינען זיי? זיי אליין זיינען פארניכטעט, זיי זיינען אונטערגעגאנגען, און מיר לעבען... יא, מיינע הייליגע ברידער, דאָס פאָלק ישראל וועט אריבערלעבען אלע זיינע שונאים. מיר דארפען בלויז זיך האלטען שטארק אין אונזער אמונה, מיר דארפען האָבען בטחון אין גאָט אז ער וועט אונז ניט פארלאָזען, אז ווען די צייט וועט קומען וועט ער אונז צוזאמענ־ברייינגען פון אלע פיער עקען פון דער וועלט און אונז אומקעהרען צו אונזער הייליגען לאנד... שטארקט זיך, מיינע ברידער, האָפט אויף בעסערע צייטען... עס וועט קומען א צייט ווען די אלע אונזערע שונאים וועלען זיך ארומזעהן אז זיי האָבען זיך געטהאָן מעהר שלעכטס איידער אונז... זיי וועלען חרטה האָבען, אָבער עס וועט זיין צו שפּעט... די פינסטערע בלינדע כחות וואָס ריידען אין נאמען פון שפּאניען, מיינען אז אזוי שנעל ווי דאָס לאנד וועט באפרייט ווערען פון די אידען, וועלען אלע גליקליך זיין, אָבער איך זאָג אייך, אז עס וועט לאנג ניט נעהמען און זיי וועלען זעהן אז די אבוועזענהייט פון די אידען אין לאנד וועט, אנשטאט א ברכה, ברייינגען א קללה. עס וועט קומען א צייט אז די גרויסע מעכטיגע שפּאנישע אימפּעריע וועט צוברעקעלט ווערען און ווערען א שוואכע, נישט־וויכטיגע מלוכה, — האָט איין רב אויסגערופען מיט א דונערנדע שטימע.

יאָמערליכע געוויינען האָט זיך געהערט אומעטום. עס איז געווען זעהר שווער פאר יעדען איינעם זיך צו געזעגענען מיט יעדע זאך וואָס זיי זיינען געווען אזוי צוגעוואוינט. יעדער טאָג פון די פיער מאָנאטען צייט וואָס זיי איז געגעבען געוואָרען איז ביי זיי געווען א תשעה באב, א טאָג פון טרויער און פאסטען.

און אָט איז געקומען דער שוידערליכסטער טאָג. די אידען האָבען גענומען פארלאָזען זייערע היימען, זייער פארמעגען. די קריסטען זיינען געשטאנען און געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד אז זייערע שונאים זאָלען פארלאָזען זייערע וואָהנונגען, כדי זיי זאָלען וואָס שנעלער קענען פארכאַפּען זייער פארמעגען. דאָס גאָלד, דאָס גאנצע געלד, און די קאָסטבארע מעטאלען האָט שוין די מלוכה געזאָרגט אז עס זאָל אָפּגעגעבען ווערען איידער זיי נעהמען אויסוואנדערען פון שפּאניען. דאָך ווען זיי האָבען גענומען פארלאָזען, האָט מען פיעלע פון זיי באזוכט און ביי וועמען מען האָט געפונען בעהאַלטענע געלד אָדער ציערונג, האָט מען איהם גלייך געטויטעט. אייניגע האָבען פאר זייער אוועקגעהן פּרובירט ארונ־טערשלינגען עטליכע גאָלדענע מטבעות.

אזוי האָט זיך אָנגעפאנגען דער שרעקליכער גירוש. אויף פערד, אויף אייזלען, אין קליינע וועגענער און צו פוס האָבען זיי זיך געלאָזט פון די שטעדט. יונגע און אלטע, קראנקע, שוואכע, גוסס'ע, נאָר וואָס געבוירענע קינדער זויגענ־דיג די מוטער'ס ברוסט, אלע, אלע זיינען געגאנגען וואנדערען ציעללאָז, ניט וויסענדיג וואוהין זיך צו ווענדען.

הונדערטע טויזענדע קריסטען זיינען ארויס צוצוזעהן דעם "שעהנעם ספעק־טאקעל". זיי האָבען געלאכט און חוזק געמאכט, איייניגע האָבען אפילו זיי פארווארפען מיט זאמד און שטיינער.

דאָנערשטאָג דעם צווייטען אויגוסט 1492 האָבען די אידען פארלאָזען שפּאניען. זיי האָבען זיך פארנומען אויף אלע וועגען וואָס פיהרט זיי ארויס פון לאנד. אייניגע האָבען זיך פארנומען נאָך דרום אום זיי זאָלען קענען צוקו־מען צום ים. זיי האָבען געהאָפט אז גאָט וועט מיט זיי טהאָן א נס אזוי ווי מיט די אידען וועלכע זיינען ארויס פון מצרים, און זיי וועלען קענען אָנקומען אין ארץ ישראל. אנדערע זיינען געגאנגען נאָך מערב צו פּאָרטוגאל. טויזענדע האָבען זיך אוועקגעלאָזען בלינדערהייד ניט וויסענדיג וואוהין צו געהן. פיעלע קראנקע און שוואכע זיינען געפאלען אויפ'ן וועג און מען האָט זיי געמוזט לאָזען ליגען, ווייל זיי האָבען ניט געקענט ווארטען אז איבריגע מינוט כדי מקבר צו זיין זייערע מתים.

---

קאָלאָמבוס האָט געמאכט די לעצטע פאָרבערייטונגען פאר זיין גרויסער רייזע. ער האָט פריהער געזעהן אז דער קעניג זאָל אין גאנצען צוטשימען צו אלע בעדינגונגען וואָס ער וועט איהם שטעלען.

מיט א צעווייטאָגטע הארץ האָט ער צוגעזעהן די שוידערליכע צרות פון זיינע ברידער. ער און ביטרים פלעגען שטילערהייד וויינען אויף דעם גרויסען אונגליק וואָס האָט זיך אויסגעגאָסען אויף די אידען פון שפּאניען. קאָלאָמבוס האָט געוואוסט אז ער איז יעצט הילפלאָז זיי צו העלפען. ער טאָר יעצט אפילו קיין גוט וואָרט פאר זיי ניט זאָגען, כדי מען זאָל איהם ניט פארדעכטיגען און צושטערען זיין גאנצען פּלאַן.

— דער לעצטער טאָג וואָס די אידען קענען פארבלייבען אין שפּאניען איז דאָנערשטאָג דעם צווייטען אויגוסט, — האָט קאָלאָמבוס זיך אָפּגערופען צו זיין מוטער און צו ביטרים'ן, — און אויף מאָרגען, פרייטאָג, דעם דריטען אויגוסט וועל איך מאכען די רייזע. זאָל עס זיין א צייכען און א סימבאָל... איך געה זוכען א לאנד פאר אונזערע פארוואָגעלטע ברידער, זאָל גאָט מצליח זיין מיין וועג איך זאָל קענען דורכפיהרען מיינע פלענער און דורך דעם ברייי־נגען עטוואָס הילף פאר די אידען.

אלע פאָרבערייטונגען זיינען שוין געמאכט געוואָרען. דריי שיפען זיינען געווען גרייט אין דעם האפען פון פּאלאָס, און יעצט איז קאָלאָמבוס געקומען אין פּאלאַץ זיך צו זעגענען מיט דעם קעניג און קעניגין, און איז דערזעלבער צייט ארויסצוקריגען פון קעניג די צושטימונג און זיין אונטערשריפט צו די אלע בעדינגונגען וועלכע ער האָט געהאט אויסגעארבייט צוזאמען מיט דעם פּראָפעסאָר אברהם זאקוטא.

אָט דאָס זיינען געווען די באדינגונגען:

איינס — קאָלאָמבוס זאָל זיין גאנצען לעבען האָבען דעם טיטעל פון אדמי־

ראַל אין אַלע לענדער וואָס ער וועט ענטדעקען. דיזער טיטעל זאָל אויך איבער־געהן צו זיינע קינדער אוןקינדס־קינדער.

צוויי — ער זאָל ווערען דער וויצע־קעניג און דער גענעראַל־גובערנאַטאָר איבער אַלע לענדער וואָס ער וועט ענטדעקען. ער זאָל האָבען דאָס פולע רעכט צו בעשטימען בעאַמטע פאַר אַלע אינזלען, בלויז איינעם פון יעדען אינזעל וועט דער קעניג קענען באַשטימען.

דריי — ער זאָל האָבען דאָס רעכט צו קריגען א צעהנטעל פון אַלע גאָלד, זילבער, קאָסטבאַרע שטיינער, געווירצען און אנדערע קאָסטבאַרע אַרטיקלען וואָס מען וועט דאָרטען געפינען, אָדער מען וועט אָפקויפען ביי די איינגעבוירענע פון יענע לענדער.

פיער — אז ער, קאָלאָמבוס, אָדער דער וועמען ער וועט בעשטימען, זאָל זיין דער איינציגער ריכטער וועלכער זאָל שליכטען אַלע קאָנפליקטען און משפטים וואָס וועט פאָרקומען צווישען די פאַרשידענע סוחרים.

פינף — ער זאָל קריגען צו יעדער צייט די מאַכט בייצושטייערן אַ אכטעל פון די הוצאות אויסצושטאַטען מעהר שיפען, וואָס זאָלען קענען אַרומ־רייזען, און ער זאָל קריגען אַ אכטעל פון אַלע פּראָפיטען.

דער קעניג האָט זיך שטאַרק געקווענקעלט ווען ער האָט דורכגעלייענט אַלע באַדינגונגען. אָבער ער איז געווען אַזוי נייגעריג צו פאַרשפּרייטען זיין הערשאַפט, און די קעניגין האָט געהאָפט אַז דורך די פיעלע גאָלד וואָס זיי וועלען קריגען וועט זי קענען אויסלייזען דעם הייליגען קבר פון יעזוס'ן, און זי האָט דאַריבער געהייסען פערדינאַנד'ן חתמ'ענען און זי האָט איהר נאָמען אויך גע'חתמ'עט אויף די פּאַפּירען.

דער קעניג האָט געמאַכט אַ גרויסען מאָלצייט אין פּאַלאַץ, וואו אַלע גייסט־ליכע זיינען געקומען אָפּגעבען קאָלאָמבוס'ן כבוד און זיי האָבען איהם אויך געגעבען זייער ברכה.

פערדינאַנד האָט געפרעגט קאָלאָמבוס'ן פאַרוואָס ער האָט ניט געבראַכט ביטריס'ן צו דעם מאָלצייט.

— ווייסטו דען ניט, אז זינט מיר האָבען אויסגעפונען אַז זי איז מיט דיר פאַרבונדען, וועל איך ניט דערלאָזען אַז מען זאָל איהר טהאָן שלעכטעס? איך פאַרזיכער דיר אַז מען וועט זי מעהר ניט שיקען אין מאָנאַסטיר. דעם ערשטען מאָל וואָס זי איז אַוועק אין מאָנאַסטיר איז געווען צוליעב דעם איינפלוס פון פּעדראָ אַרבועז, אָבער יעצט, אַז מיר האָבען אויסגעפונען וואָס זיינע מאָטיווען זיינען געווען, וועלען מיר זי מעהר ניט באַלעסטיגען דאָמיט.

— מיין האַר, קעניג! — האָט קאָלאָמבוס געזאָגט, — איך דאַנק דיר זעהר פאַר דעם חסד וואָס דו ווילסט אַרויסווייזען צו דער, וועלכע איז מיר טייערער פון מיין גאַנצען לעבען, אָבער זי איז יעצט ניט אימשטאַנד צו פאַרלאָזען דאָס הויז.

דער קעניג האָט אַ שמייכעל געטהאָן. ער האָט איהם פאַרשטאַנען.

איינינע טעג פאַר זיין אָפּרייזע, האָט ביטריס געבוירען צו קריסטאָפאָר קאָלאָמבוס'ן אַ זוהן, וועמען ער האָט אַ נאָמען געגעבען פערדינאַנד.

קאָלאָמבוס'ס גליק איז נאָך גרעסער געוואָרען. ער האָט יעצט געקראָגען נאָך אַ גרעסערען אינטערעס אין זיין אונטערנעהמונג. ער וועט מוזען באַגליקען.

צוליעב דעם זכות פון דעם ניי־געבוירענעם קינד וועט איהם גאָט בעשיצען, ער וועט זיין ערפאָלגרייך.

קאָלאַמבוס האָט געקושט זיין מוטער, ער האָט געהאַלזט און געקושט זיין געליעבטע ביטרים און זייער נאָר וואָס געבוירענעם זוהן פערדינאַנד. ער האָט זיך געזעגענט מיט אַלע זיינע גוטע פריינד וועלכע האָבען איהם געוואונשען ערפאָלג אין זיין ריעזיגער אונטערנעהמונג און ער איז אוועק נאָך פּאַלאָס, וואו די דריי שיפען זיינען שוין געווען געגרייט. דער קעניג האָט נאָך געהאַט פריהער געגעבען א באַפעהל אז דריי פון די בעסטע שיפען זאָלען זיין גרייט, מיט אַלע מאַטראָזען. קאָלאַמבוס האָט גוט דורכגעקוקט די שיפען, ער האָט פערזאַמעלט אַלע מאַטראָזען וועלכע זיינען געווען הונדערט אין צאָהל און ער האָט זיך צו אָפּגערופען:

— איידער מיר רייזען אָפּ פון דאַנען, וויל איך אייך זאָגען אז די רייזע וועלכע איך האָב זיך אונטערגענומען יעצט, איז זעהר א געפעהרליכע דער ים איז גרויס, עס וועט געדויערען מאָנאַטען איידער מיר וועלען דערגרייכען לאַנד. זייט איהר אַלע גרייט צו בעגעגענען די געפאַהרען דאַן קענען מיר אָפּרייזען, אָבער דער פון אייך וועלכער האָט מורא און ציטערט, וואָלט איך איהם געראַטהען ער זאָל בעסער בלייבען זיצען אין דער היים.

איינ‍יגע מאַטראָזען האָבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פּלעצער, זיי זיינען צוגעקומען נעהענטער צו קאָלאַמבוס'ן.

— איך האָב חרטה! — האָט איינער זיך אָפּגערופען — איך וויל ניט איינשטעלען מיין לעבען אין געפאַהר אויף אזא ווייטער רייזע.

— אויב אזוי דאַרף איך דיך ניט! — האָט איהם קאָלאַמבוס משלח געווען, איך וועל ניט דערלאָזען אז צווישען מיינע מאַטראָזען זאָלען זיך געפינען פּייגלינגע! ווער נאָך פון אייך וויל זיך צוריקציהען?

נאָך פינף מאַטראָזען האָבען צוגעשאָקעלט מיט די קעפּ און האָבען עפּעס ארויסגעמורמעלט.

— ניין! ניט מיט אזעלכע ווי איהר וועל איך קענען זיין ערפאָלגרייך אין מיין אונטערנעהמונג — האָט קאָלאַמבוס געזאָגט און זיי אויך געהייסען געהען.

— איהר דאַרפט וויסען זיין, מיינע מאַטראָזען — האָט זיך קאָלאַמבוס געווענדעט צו די איבעריגע — אז בלויז בראַווע און מוטהיגע מענשען קענען עפּעס דערגרייכען... ווען מיר נעהמען זיך אונטער צו מאַכען דיעזע געפעהרליכע רייזע, דאַרפען מיר עס בעטראַכטען ווי מיר געהען אין שלאַכט־פעלד. מיר האָפען אז גאָט וועט זיין מיט אונז און מיר וועלען בעגליקען און זיך צוריקקעהרען אין פריעדען, אָבער מיר דאַרפען אויך זיין גרייט אויף אַלעס. איינ‍יגע האָבען שוין ארויסגעוויזען ווייכהאַרציגקייט און פּחדנות, און איך בין צופרידען אז זיי האָבען זיך ניט געשעהמט און געזאָגט, יעצט ווייל ווען זיי ציינען ארויס זייער מורא שפּעטער, וואָלטען זיי זייערע לעבענס פערלוירען און איהר אויך האָט נאָך צייט חרטה צו האָבען.

— מיר וועלען מיט דיר מיטגעהן! — האָבען אַלע מיט איין שטימע אויסגערופען.

— אויב אזוי זייט גרייט אויף פרייטאַג דעם דריטען אויגוסט! עס איז

בלויז פאַרבליבען א קורצע צייט, איך וועל אוועק אין לאַ ראַבידא, דאָרטען געפינט זיך דער הייליגער פּערעץ — איך וויל ביי איהם קריגען זיין ברכה און צוזאַמען וועלען מיר מתפלל זיין אין דעם קלויסטער און נאָכהער וועל איך זיך צוריקקעהרען, און אין דער צייט אויב איינינע פון אייך וועלען געפינען נאָך מענשען וועלכע ווילען זיך אָנשליסען צו ווערען מאַטראָזען אויף אונזערע שיפען, זאָלט איהר זיי פערהאַלטען ביז וואַנען איך וועל זיך צוריקקעהרען.

קאָלאָמבוס איז אוועק נאָך לאַ ראַבידאַ זיך צו געזעגענען מיט זיין זוהן דיעגאָ און זיין בעסטען פריינד זשואַן פּערעץ אונטער וועמענס אויפזיכט דיעגאָ איז געוועזען.

— איך קום דיר צו בעדאַנקען פון מיין טיעפסטען הארצען! — האָט זיך קאָלאָמבוס אָפּגערופען צו דעם איידעלען מאָנאַך — דו האָסט מיר ערמוטהיגט און געהאָלפען צו דערגרייכען מיין אידעאַל. איך וויים אז דיינע בריעף צו די געלערענטע וועלכע זיינען ענג פערבונדען מיט דער קעניגליכער פּאַר האָבען א סך אויפגעטהאָן פאַר מיר.

— זאָל גאָט בעגליקען דיין וועג! — האָט איהם דער מאָנאַך פּערעץ געבענשט — דו זאָלסט ענטדעקען נייע לענדער, וואו די מענשען זאָלען קענען לעבען אין פריינדשאַפט און אין ברידערליכקייט... איך מוז דיר זאָגען, קריסטאָפאָר, אז אלס אמת'ער קריסט וועלכער האָט זיין גאַנצען לעבען געזוכט נאָכצופאָלגען די הויפּט פּרינציפּען פון קריסטוס, פיהל איך זיך שטאַרק געערגערט פון דער אינקוויזיציע און פון דעם יעצטיגען שווידערליכען בעפעהל ארויסצוטרייבען די אידען פון שפּאַניען. מיר זיינען אלע גאָטס קינדער און אויב אפילו עס געפינען זיך קינדער וועלכע געהען אויף אנדערע וועגען, איז דאָס ניט דער וועג צו פעררישטען. מען דאַרף זיי בעהאַנדלען מיט צערטליכקייט און ערקלעהרען אז זיי בלאָנדזשען, אָבער ניט מיט ברענען און ארויסטרייבען וועט מען א'מיצען איבערצייגען אז ער איז אומגערעכט... יאָ, קאָלאָמבוס, מיין הארץ בלוטיגט אין מיר אויף די שווידערליכע אומרעכטען וואָס ווערט געטהאָן אין נאָמען פון אונזער רעליגיע, אָבער איך קען גאַרניט טהאָן דערצו. מיר זיינען פערבאָטען צו ריידען עפּעס וואָס וועט וואַרפען א שלעכטע ליכט אויף טאַרקוועמאַדאַ'ן און די איבעריגע וועלכע האָבען געוואָרפען א כשוף אויף פערדינאַנד'ן און איזאַבעלאַ'ן.

— יאָ, דער גורל פון די אומגליקליכע האָט אויך מיין הארץ אנגעריהרט! האָט קאָלאָמבוס אויסגערופען—איך האָף אז דאָס נייע לאַנד וואָס איך וועל ענטדעקען זאָל ברייננען גליק און פרייד פאַר אלע אונטערדריקטע פון וועלכען גלויבען זיי זאָלען ניט זיין.

— דו דאַרפסט זעהר פאָרזיכטיג זיין, מיט דיינע רייד, מיין פריינד! — האָט איהם פּערעץ געוואָרענט — ווען דו רעדסט אזוי פאַר מיר מאַכט ניט אויס, אָבער ווען דו וועסט אונפאָרזיכטיגערהייד ארויסריידען אזעלכע רייד פאַר די אנהענגער פון טאַרקוועמאַדאַ'ן דאַן וואָלסטו אויף זיך פיעל צרות געבראַכט. דו מוזט אין גאַנצען זיין אויסער פערדאַכט... איך בין זיכער אז ווען דו וואָלסט אזוי גערעדט פריהער, וואָלסטו קיינמאָל ניט געקראָגען דעם קעניג'ס צושטימונג און די נויטיגע שיפען.

— יעצט אָבער אז איך האָב שוין אלע נויטיגע דאָקומענטען און פאַ־פירען אונטערגעשריבען פון דעם קעניג, האָב איך שוין ניט וואָס מורא צו האָבען — האָט קאַלאַמבוס געענטפערט.

— טארקוועמאדא וואָלט אפילו יעצט געקענט קאַליע מאכען! — האָט פערעץ געזאָגט מיט א לייכטען שמייכעל. ער וועט זיך דאָך פאַר קיין זאַך ניט אָפּשטעלען. און יעצט זאָג מיר ווען פאַנגסטו אָהן דיין רייזע?

— אַלעס איז שוין גרייט און פרייטאג דעם דריטען אויגוסט וועלען מיי־נע דריי שיפען פערלאָזען פאַלאָס.

— דעם צווייטען אויגוסט ווערען די אידען ארויסגעטריבען פון שפּאַ־ניען און גלייך אויף מאָרגען נאָכדעם פאַהרסטו אָפּ. ווער ווייס אויב עס איז ניט אזוי אָנגעוואונקען פון אויבען — האָט פערעץ געזאָגט — אָבער לאָמיר דערפון מעהר ניט ריידען, ווען דו וועסט זיך צוריקקעהרען פון דיין רייזע ערפאָלגרייך, וועלען מיר דאַן קענען ריידען פון אַלעס.

קאַלאַמבוס האָט זיך געזעגענט מיט פערעץ'ן ער האָט געקושט זיין זוהן דיעגאָ'ן און האָט זיך אומגעקעהרט נאָך פאַלאָס.

אויפ'ן וועג צוריק האָט ער בעמערקט פיעלע ארויסגעטריבענע אידען וועלכע האָבען מיט זייערע פּעקלעך גענומען וואַנדערען אין פערשיעדענע ריכטונגען.

ווען ער איז אָנגעקומען אין פאַלאָס, האָבען אייניגע מאַטראָזען אויף איהם געוואַרט ביים האַפען.

— מיר האָבען געקראָגען נאָך אייניגע יונגע לייט וועלכע ווילען זיך אָנ־שליסען אין אונזער רייזע — האָבען זיי איהם געזאָגט — אָבער זיי זיינען אידען וועלכע זיינען ארויסגעטריבען געוואָרען פון שפּאַניען, און מיר ווייסען ניט אויב דו וועסט זיי וועלען אריינגעהמען.

— זאָלען זיי אריינקומען צו מיר האָט קאַלאַמבוס זיך אָפּגערופען — אויב זיי זיינען בראַווע און פעהיגע יונגען וועל איך זיי געוויס אריינגעהמען.

פינף אידישע יונגע לייט זיינען פאַרגעבראַכט געוואָרען פאַר קאַלאַמבוס'ן.

ער האָט זיי גוט בעטראַכט און ער האָט געזעהען זייערע איידעלע פּנים'ער, ער האָט בעמערקט דעם גרויסען טרויער און דער צער וואָס איז אויסגעגאָסען אין זייערע אויגען און זיין האַרץ האָט איהם פערקוועטשט.

דיעזע יונגע לייט זיינען געווים געווען קינדער פון די רייכסטע און איידעלסטע אידען פון שפּאַניען און יעצט דאַרפען זיי געהען אין גלות האָט ער זיך געטראַכט, ער האָט זיי גענומען ערקלעהרען דעם צוועק פון דער רייזע, ער האָט זיי אויך געזאָגט וועגען די געפאַהרען וואָס זיי וועלען דאַרפען אויס־שטעהען און זיי געפרעגט אויב זיי זיינען ווילינ איינצושטעלען זייערע לעבענס.

— וואָס האָבען מיר צו פערלירען! — האָט איין אידישער יונגער מאַן מיט'ן נאָמען טריאַנא אויסגערופען — מען האָט אונז פון אונזער פאַטער־לאַנד ארויסגעטריבען, קיין אַנדער פּלאַץ וואוהין צו געהן האָבען מיר ניט. מיר וועלען געהן מיט דיר, פיליינכט וועט גאָט געבען או מיר וועלען קענען געפינען א רוהע פּלאַץ אין די נייע לענדער וואָס דו וועסט ענטדעקען.

— גוט, איך נעהם אייך אָן! — האָט קאַלאַמבוס געדריקט יעדענס האַנד

— איך פאָרשטעה אייער לאגע און איך בין זיכער אז איהר וועט זיין זעהר גוטע מאַטראָזען.

דאָנערשטאג אין אבענד, דעם צווייטען אויגוסט האָט קאָלאָמבוס געמאכט די לעצטע פאָרבערייטונגען, ער האָט געקראָגען דריי שיפען מיט אלע נויטיגע זאכען פאַר דער רייזע, די דריי שיפען זיינען געווען: די סאנטא מאריא, פינטא און נינא. די סאנטא מאריא איז געווען די גרעסטע פון די דריי שיפען.

פרייטאג, גאנץ פריה דעם דריטען אויגוסט האָט קאָלאָמבוס געהייסען ארויפציהען די אנקערס פון די שיפען און אנגעפאנגען די רייזע.

ווען ער איז ארויס אויפ'ן דעק האָט ער בעמערקט ווי אימיצער שטעהט נעבען שיף און מאכט מיט זיין האנד צו איהם.

קאָלאָמבוס איז צוגעגאנגען צום ברעג שיף און ער האָט צוגערופען דעם פרעמדען מאַן.

— ווער ביזטו און וואָס איז דיין פערלאנג? — האָט איהם קאָלאָמבוס געפרעגט.

— מיין נאָמען איז לואיס דע טאָרעס — איך קען ריידען זעהר פיעל שפראכען, ביז יעצט האָב איך געהאט אן אמט ביי דעם גובערנאטאר פון מורסיא אלס זיין איבערזעצער. יעצט אָבער אז די גזרה פון גירוש איז געקומען, דארף איך מיין לאנד פערלאָזען, פיללייכט נוּטיגסטו זיך אין אן איבערזעצער אויף דיינע שיפען.

— דו ביזט גערעכט, איך וועל זיך נויטיגען זעהר שטארק אין אן אי־בערזעצער ווייל איך וועל דאָך קומען אין פרעמדע לענדער, ווער ווייס וואָס פאר א שפראך זיי ריידען, קום גלייך מיט מיר אויף מיין שיף, ווייל מיר רייזען באלד אָפּ!

דע טאָרעס האָט גענומען זיין פעקעל וואָס איז בעשטאנען פון עטליכע ביכער און איז ארויף אויפ'ן שיף.

אין א ווייל ארום האָבען זיך די דריי שיפען גענומען ריהרען פון פּלאָץ.

אלע איינוואָהנער פון פאלאס זיינען ארויסגעקומען צו די שיפען. מיט ווילדע בעגייסטערטע אויסגעשרייען האָבען זיי אלע ארויסבעגלייט די שיפען.

דער וועטער איז געווען זעהר װארעם און מילד, דער אטלאנטישער ים רוהיג, די שיפען האָבען זיך געגליטשט וואָס ווייטער אין ים...

---

די נייעס אז דער קעניג פון שפּאניען האָט אנגענומען קאָלאָמבוס'עס פּלאַן און איהם געגעבען דריי שיפען ער זאָל פאר איהם ענטדעקען נייע לענדער האָט דערגרייכט פּאָרטוגאל.

דער פּאָרטוגעזישער קעניג האָט גענומען שטארק מקנא זיין דעם שפּאַ־נישען קעניג, נאָכמעהר האָט איהם פערדראסען, דאָס וואָס קאָלאָמבוס איז ביי איהם געווען פריהער און ער האָט איהם ענטזאגט.

— אז פערדינאנד און איזאבעללא האָבען קאָלאָמבוס'ן געהייסען מאכען פאר זיי די רייזע איז א סימן אז קאָלאָמבוס איז ניט געווען אומגערעכט! — האָט דער קעניג זשואן זיך אפּגערופען צו זיינע מיניסטאָרען, ווען ער האָט זיך דערפון דערוואוסט.

— איך ווייס וויפיעל דער ארימער קאלאמבוס האט זיך אנגעליטען ביי אונז אין פארטוגאל — האט איין מיניסטער געזאגט — יעצט אויב עס זאל איהם געלינגען וועט ער זעהר גרויס און בעריהמט ווערען.

— איך בין בעזארגט אז דער שפאנישער קעניג זאל ניט צוקריגען נאך נייע לענדער און רייכטהימער. דאס וואלט איהם נאך מעהר שטארק געמאכט און ער וועט זוכען איינצונעהמען אונזער לאנד! — האט זשואן געזאגט מיט א טרויעריגע שטימע.

— וואס קענען מיר טהאן, עס איז דאך שוין פערפאלען! — האט נאך א מיניסטער זיך אפגערופען.

— מיר מוזען געפינען אן עצה, מיר מוזען צושטערען זיינע פלענער. האט דער קעניג אויסגערופען.

— מיין עצה איז אז מיר זאלען ארויסשיקען עטליכע שיפען צו די קאנאריען אינזלען, קאלאמבוס וועט דאך געוויס מוזען דורכרייזען יענע אינזלען און דארטען זאלען זיי איהם צווינגען צוריקצוקומען נאך פארטוגאל. — האט איין מיניסטער געזאגט.

— דאס וועט אבער מיינען מלחמה מיט שפאניען! — האט דער קעניג געזאגט — און ביי יעצטיגער צייט האבען מיר גאנץ קליינע אויסזיכטען צו געווינען די מלחמה, וויל שפאניען איז שטארקער געווארען נאכדעם ווי דער קעניג האט בעזיעגט די מורען און איינגענומען גאנץ גראנאדא. פערדינאנד'ס אוצרות זיינען אנגעפילט געווארען מיט די געלד וואס ער האט או.יסגעקראגען פריהער פון די רייכע מאראנען און יעצט פון די ארויסגעטריבענע אידען.

— ווען מיר וואלטען געקענט ארייןקריגען אט די אלע ארויסגעטריבענע אידען, וואלטען יעצט געקומען צו אונז נייע קרעפטען, האט אימיצער א זאג געטהאן.

— די אלע אידען וואס זיינען ארויסגעטריבען געווארען פון שפאניען זיינען דאך ארימע אידען, זייער רייכטהום האט דער קעניג פון זיי אוועקגערויבט — און וואס פאר א נוצען קענען מיר האבען פון זיי?

— מיין פלאן איז אז מיר זאלען טאקע ארויסשיקען עטליכע שיפען צו די קאנאריען אינזלען, אבער אנשטאט צו צווינגען קאלאמבוס'ן זיך אומצוקעהרען אין פארטוגאל, זאלען אונזערע שיפען אלע זיינע שיפען צוזאמען מיט איהם און זיינע מאטראזען דערטרינקען אזוי אז קיינער וועט ניט וויסען וואו זיי זיינען אהין געקומען. עס וועט פון זיי קיין זכר ניט בלייבען און עס וועט ניט זיין ווער עס זאל איבערגעבען דעם שפאנישען קעניג פון דער פאסירונג, עס וועט הייסען אז אן אומגליק האט פאסירט און זיינע שיפען זיינען געזונקען.

— איך זעה ניט איין מיט וואס קאלאמבוס האט ביי אונז פערזינדיגט אז ער זאל געטויטעט ווערען? — האט דער אידישער דאקטאר יוסף וויצינא זיך אפגערופען — איז ער דען ניט געקומען פריהער צו אונז מיט זיין פלאן וועגען ענטדעקען א נייע לאנד פאר פארטוגאל, איז עס זיין שולד אז מיר האבען זיך פון איהם אויסגעלאכט און ענטמוטהיגט, ניין, מיר טארען ניט אומברייגען דעם אומשולדיגען קאלאמבוס'ן, ער האט עס ניט פערדיענט. ער

האָט געוואוינט איינינע יאָהר אין פּאָרטוגאַל און איז געווען שטענדיג גרייט צו דיענען דעם קעניג און אונזער לאַנד.

— ווען דו וואָלסט אין זיך געהאַט ריינע פּאָרטוגעזישע בלוט, וואָלסטו אזוי ניט גערעדט! — האָט דער הויפּט מיניסטער זיך אָפּגערופען — דו האָסט אין זינען בלויז איין מענשען אין דער צייט ווען אונזער גאנצע לאַנד געפינט זיך אין סכנה, שטעל זיך פאָר אז קאָלאָמבוס'ן זאָל געלינגען צו ענט־דעקען נייע לענדער פאַר שפּאַניען און זי וועט ווערען דורכדעם די מעכטיגסטע מלוכה, וועט זי דאך זוכען איינצושלינגען אויך אונזער לאַנד, ניין! דאָס טאָרען מיר ניט דערלאָזען, עס איז אונזער פליכט צו פערמיידען אז אונזער לאַנד זאָל האָבען א צו שטאַרקען שונא און אויב מיט דעם טויט פון קאָלאָמבוס'ן און זיינע מאַטראָזען וועלען מיר עס דערגרייכען, ראַטה איך אז מיר זאָלען עס טהאָן, ווען אונזערע שיפען זאָלען דערטרינקען קאָלאָמבוס'עס דריי שיפען מיט דער גאנצער מאַנשאַפט, דאַן וועט קיינער דערפון ניט וויסען אז די פּאָר־טוגעזישע מלוכה האָט אין דעם א האַנד.

— דיין עצה געפעלט מיר! — האָט דער פּאָרטוגעזישער קעניג זיך אָפּ־גערופען — איך בעשטים א גוטע בעלוינונג פאַר דעם שיפסקאַפּיטאַן וועמען עס וועט געלינגען צו פאַנגען קאָלאָמבוס'ן און זיינע שיפען און זיי צוזאַמען דערטרינקען.

אין געהיים האָט דער קעניג פון פּאָרטוגאַל געגעבען א בעפעהל אז מען זאָל ארויסשיקען פיער שיפען צו די קאַנאַריען אינזלען און דאָרטען זאָל מען אָפּוואַרטען קאָלאָמבוס'ן מיט זיינע דריי שיפען, און זיי זאָלען איהם דער־טרינקען צוזאַמען מיט די איבעריגע.

קאָלאָמבוס וועט מוזען פערבייפאַהרען די קאַנאַריען אינזלען — האָט דער בעפעהל געלויטעט — און עס איז אייער פליכט צוצושטערען זיינע פּלע־נער, ער מוז אומקומען צוזאַמען מיט זיינע שיפען און מאַנשאַפט, און דער וועלכער וועט עס דורכפיהרען, יענעם וועל איך מאַכען פאַר דעם הויפּט איבער אלע שיפען און דערצו וועל איך געבען א בעלוינונג פון טויזענד דוקאַטען.

די פיער שיפען האָבען זיך אין איין טאָג צוגעגרייט. זיי האָבען מיט־גענומען מיט זיך וואָפען, מאַשינען וואָס שליידערט ארויס פייער אויף דעם שונא'ס שיפען, און א גרויסע צאָהל העלדישע מאַטראָזען און זיי האָבען זיך אוועקגעלאָזען אין דער ריכטונג פון די קאַנאַריען אינזלען וואָס זיינען געלעגען צו דרום מערב פון פּאָרטוגאַל. זיי זיינען אָנגעקומען מיט א טאָג פריהער פאַר קאָלאָמבוס'ן.

עס איז ביי זיי געווען אָפּגעמאַכט אז זיי מוזען אטאַקירען אלע זיינע דריי שיפען מיט אמאָל כדי קיינע פון זיי זאָל ניט ענטלויפען, אבער אזוי שנעל ווי איין שיף וועט זיך ארויסדרעהען און עס וועט פאַר זיי קיין מעג־ליכקייט ניט זיין זי צו אטאַקירען, דאַן דאַרפען זיי אויך די איבעריגע ניט אָנריהרען, ווייל די געראַטעוועטע שיף וועט זיך צוריקקעהרען נאך שפּאַניען און איבערגעבען דעם קעניג וועגען דער פּאַסירונג און דאָס וועט זיכער בריינ־גען צו א מלחמה.

כאטש קאלאמבוס איז שוין געווען דריי טעג אויף דעם ים, פונדעסטוועגען איז ער נאך אלץ ניט געווען זיכער אז די מאטראזען וועלען ניט חרטה האבען, זיך צובונטעווען און פערלאנגען זיך צוריקצוקעהרען נאך שפאניען, ווען עס זאל נאר אויסברעכען א שטורעם און זיי וועלען דערפיהלען די ערשטע אנווייזונגען אויף א געפאהר קענען זיי נאך חרטה האבען. אט די געדאנקען האבען קאלאמבוס'ן זעהר בעאומרוהיגט, און דאריבער האט ער שטארק געוואונשען צו זיין שוין אפגערייזט גאנץ ווייט, עס זאל זיך זיי ניט גלוסטען אומצוקעהרען.

באלד האט זיך ארויסגעוויזען אז זיין זארג איז ניט געווען אומזיסט. אויף דעם דריטען טאג פון זיין רייזע האט ער פלוצלונג בעמערקט ווי די שיף פינא גיט ארוים סיגנאלען א זי איז אין גרוים סכנה, און אז זי מוז זיך פעראנקערען אין וואסער.

קאלאמבוס האט גלייך געגעבען א סיגנאל צו דער דריטער שיף, נינא, און זיי האבען זיך פערקערעוועט אין דער ריכטונג וואו די פינטא איז געשטאנען.

מיט א קליין שיפעל זיינען קאלאמבוס און נאך אייניגע פון זיינע פעהיגע מעכאניקער ארויף אויף דער פינטא אויסצוגעפינען וואס דארט האט פאסירט.

— דער רודער איז צובראכען! — האט דער קאפיטאן געזאגט.

— ווי אזוי איז עס מעגליך אז דער רודער זאל צובראכען ווערען אין דער צייט ווען דער ים איז אזוי רוהיג! — האט קאלאמבוס ניט געקענט פערשטעהען — איך בין חושד אז דאס האט אימיצער פון די מאטראזען פעראורזאכט מיט א כונה, איך וועל מוזען אויסגעפינען ווער עס איז שולדיג.

ער האט צוזאמענגערופען אלע מאטראזען און ער האט זיי געפרעגט אויב ווער פון זיי האט בעמערקט אימיצען געהן צום רודער.

— איך האב בעמערקט! — האט זיך איין מאטראז אפגערופען און אנצייגענדיג אויף א צווייטען מאטראז, א קורץ געוויקסיגען, האט ער ווייטער געזאגט:

אט דיעזער מאטראז איז אין מיטען דער נאכט ארונטער פון בעטעל, איך בין דאן גראדע געווען וואך, האב איך בעמערקט ווי ער קוקט זיך ארום און שטעלט פארזיכטיגע טריט, און איך בין זיכער אז איך האב איהם געזעהען געהענדיג אין דער ריכטונג וואו דער רודער געפינט זיך.

קאלאמבוס האט גלייך צוגערופען דעם קורץ געוויקסיגען מאטראז און איהם גענומען אויף א שטרענגען קרייץ פערהער.

צום ערשטען האט ער אין גאנצען געלייקענט, ער ווייס ניט פון וואס צו זאגען, קאלאמבוס אבער האט פערשטאנען פון זיינע ענטפערס אז ער איז שולדיג, ער האט איהם מיט זיינע פראגען צוגעדריקט צום וואנד ביז וואנען דער מאטראז האט צוזאמענגעבראכען און זיך מודה געווען.

— ווען דער קעניג האט בעפוילען גאמעץ ראסקאן דעם אייגענטהימער פון דער פינטא, ער זאל צוגרייטען זיין שיף פאר דיין עקספעדיציע, איז ער געווען זעהר בייז. ער האט זעהר ניט געוואלט איבערגעבען זיין שיף צו דיר, אבער ער האט דאך געמוזט טהאן דעם קעניג'ס בעפעהל, דעריבער האט ער מיך צוגערופען צו זיך אייניגע טעג, איידער ער האט בעדארפט די שיף אי־

בערגעבען אין דיין רשות, און ער האָט מיר אָנגעבאָטען א סומע פון פופציג דוקאטען אויב איך וועל טהאָן וואָס ער פערלאַנגט פון מיר.

איך האָב צוגעשטימט און ער האָט מיר געזאָגט אז ווען מיר וועלען האָבען אָפּגערייזט צוויי טעג, זאָל איך צוברעכען דעם רודער, און דאָס וועט אוממעגליך מאַכען פאר דער שיף פאָרטצוזעצען איהר רייזע און זי וועט זיך מוזען צוריקקעהרען צום האַפען.

און ביי דיר איז געווען רעכט איינצושטעלען דעם לעבען פון אלע מאַטראָזען צוליעב פופציג דוקאטען! וואָס דער אומווירדיגער גאַמען ראסקאַז האָט דיר אָנגעבאָטען! — האָט קאָלאָמבוס אויף איהם א געשריי געטהאָן.

— איך ווייס אז איך האָב געזינדיגט און איך בעט דיר, מיין האר דו זאָלסט מיר מוחל זיין!

— ער האָט פערדיענט דעם טויט! — האָבען אייניגע מאַטראָזען אויסגערופען.

— אין ים זאָל מען איהם אריינוואַרפען!

— פאַר די פיש אין ים, זאָל מען דעם אומווירדיגען פעררעטהער אריינוואַרפען! — האָבען זיך געהערט שטימען פון די מאַטראָזען.

אייניגע זיינען שוין צו איהם צוגעלאָפען מיט געדריקטע פויסטען און האָבען איהם געוואָלט דערלאַנגען. קאָלאָמבוס אָבער האָט זיי אָפּגעהאַלטען.

זאָל מען איהם שמידען אין קייטען און אריבערפיהרען אין מיין שיף! האָט קאָלאָמבוס אויסגערופען — מיר דאַרפען ניט אומברייננגען א מענשען אין אָנפאַנג פון אונזער רייזע. ער וועט זיין שטראָף בעקומען ווען מיר וועלען זיך מיט גאָטעס הילף צוריקקעהרען אין פרידען צוריק, אָבער איך וויל יעצט וואָרענען די איבעריגע אז אויב עס וועט זיך געפינען נאָך אימיצער וועלכער וועט פעראורזאַכען צרות, סיי מיט זיינע הענד און סיי מיט זיין מויל, ווען ער וועט מאַכען א פערזוך אויפצוהעצען די איבעריגע מאַטראָזען כדי מיר זאָלען זיין געצוואונגען זיך צוריקצוקעהרען אהיים, איידער מיר האָבען דערגרייכט אונזער ציעל, יענער, וועלכער וועט געפונען ווערען שולדיג, וועט גלייך אריינגעשליידערט ווערען אין ים. עס ליעגט א הייליגע פליכט אויף יעדען פון אייך גלייך צו מעלדען אייער קאַפּיטאַן אויב איהר בעמערקט אז אימיצער זוכט צו פעראורזאַכען שאַדען.

מען האָט זיך גענומען פעררינכטען דעם רודער, און מען האָט גוט נאָכגעקוקט צי עס איז ניטאָ קיין אנדערע צושטערונגען, עס האָט געדויערט עטליכע שטונדען ביז וואַנען מען איז פאַרטיג געוואָרען און דאַן האָט מען פאָרטגעזעצט די רייזע.

קאָלאָמבוס האָט איינגעזעהען אז דאָס איז ניט די איינציגע שוועריגקייט וואָס ער וועט בעגעגענען אויפ'ן וועג, ער האָט געוואוסט אז די מעהרהייט מאַטראָזען וועלכע האָבען איינגעוויליגט צו געהן מיט איהם, זיינען ביטערע יונגען, ענטוישטע אין לעבען און ער וועט דאַרפען וויסען ווי צו האַנדלען מיט יעדען פון זיי. ער האָט דעריבער געהאַלטען אז אויג אויף יעדען בעזונדער ער האָט אויך געזעהען מקרב צו זיין די שטאַרקערע פון זיי כדי זיי זאָלען איהם קומען צו הילף אין פאַל פון א נויט. ער האָט זיי פערשפּראָכען צו מאַכען פאַר בעאַמטע אין די נייע לענדער וואָס זיי וועלען ענטדעקען. אויף דעם דריט־

טאָג האָבען זיי זיך דערנעהנטערט צו די קאַנאַריען אינזלען, קאָלאָמבוס האָט בעשלאָסען זיך אָפּצושטעלען דאָרטען, פּלוצלונג האָט קאָלאָמבוס געהערט א גערויש און געשרייען, ער איז ארויס אויפ'ן דעק און געזעהען אַז די מאטראָזען זיינען אין גרויכ פּאַניק און שרעק.

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט קאָלאָמבוס אויסגערופען.

— אָט דאָרטען פון יענעם אינזעל קומט ארויס א גרויסער פייער און רויך וואָס דערגרייכט דעם הימעל! — האָבען די צושראָקענע מאטראָזען אויסגערופען — אָה מיר זיינען פערלאָרען! — מיר זיינען צווישען וואסער און פייער און רויך!

קאָלאָמבוס האָט זיי בערוהיגט ער האָט זיי ערקלעהרט אַז דאָס איז א וואולקאַן אויסברוך. ער האָט זיי דערצעהלט וועגען די וואולקאַנען וואָס קומען פאָר אויף רעם בארג עטנא און וועזוואוויוס, וואו עס ברעכט אויס א וואולקאַן גאַנץ אָפט. ביסלעכווייז האָבען זיי זיך בערוהיגט און זיי האָבען גענומען דורכפאָהרען די קאַנאַריען אינזלען.

קאָלאָמבוס איז געשטאַנען אויפ'ן דעק און בעטראַכט דעם וואולקאַן. ווען זיינע אויגען זיינען געפאַלען אויף א גרויסער שיף וואָס עס איז געשוואומען אין זיין ריכטונג, ער האָט גענומען זיינע גלעזער און זיך גוט צוגעקוקט און גלייך האָט איהם א טיאַכקע געטהאָן אין הארצען: ער האָט דערקענט די שיף אלס איינע פון די פּאָרטוגעזישע גרויסע שיפען, וואָס ער פלעגט אַזוי אָפט זעהען אין האַפען, וואָס זאָל עס בעדייטען, איז עס מעגליך אַז פּאָרטוגאַל האָט אויך בעשלאָסען צו מאַכען די עקספּעדיציע צו געפינען נייע לענדער. ער האָט זיך פערשטעלט הינטער א זעגעל און גענומען גוט נאָכקוקען. ער האָט בעמערקט פון וויטען נאָך איינינע שיפען פּאָלגען נאָך די ערשטע שיף, ער האָט בעמערקט ווי אויף דעם דעק פון איינע פון די שיפען שטעהען די מאטראָזען מיט בלויזע שווערדען אין זייערע הענד.. יעצט האָט ער אלעס פערשטאַנען: דער פּאָרטוגעזישער קעניג וויל איהם נעהמען געפאַנגען, ער וויל צושטערען זיין פּלאַן, ער איז אין כעס אויף איהם וואָס ער געהט ענטדעקען נייע לענדער פאַר שפּאַניען, און דאָס יאָגען זיך די שיפען נאָך איהם.

קאָלאָמבוס האָט זיך שטאַרק דערשראָקען, ער האָט געוואוסט אַז אויב די פּאָרטוגעזישע שיפען וועלען איהם דערגרייכען, דאַן וועט זיין א סוף צו אלע זיינע פּלענער, ווייל זיי זיינען זיכער גוט בעוואפענט און זיי זיינען ארויסגעשוואומען אהער מיט דעם צוועק איהם צו אטאַקירען און ער וועט אפילו ניט קענען ארויסציינען קיין ווידערשטאַנד, ער האָט זיך אָבער ניט פערלוירען, ער האָט געוואוסט אַז אויב ער זאָל לאָזען וויסען זיינע מאטראָזען וועגען דער גרויסער געפאַהר וואָס לויערט אויף זיי פון די פּאָרטוגעזישע שיפען וואָס קומען אָן, וואָלט אויסגעבראָכען א מהומה. און זיי וואָלטען די לאַגע פאַרערגערט. אַזוי ניט רייעדענדיג קיין איינציגען וואָרט צו זיינע געהילפען, האט ער געזאָגט אַז מען זאָל ארויפציהען אלע זעגלען, און געהען אַזוי שנעל ווי מעגליך אין דער ריכטונג וואו דער ווינט וועט טרייבען, ער האָט אויך געגעבען די נויטיגע סיגנאַלען צו די קאַפּיטאַנען פון די אנדערע צוויי שיפען און ער האָט זיי מיט פערשידענע צייכענס געזאָגט וואָס זיי זאָלען טהאָן.

די שיפען האָבען זיך גלייך פערנומען אין א צווייטער ריכטונג, דער ווינט

**איז** געווען זעהר גינסטיג פאַר זיי און די שיפען זיינען שנעל געשוואומען **זיך** דערווייטערנדיג פון די קאַנאַריען אינזלען.

קאָלאָמבוס האָט די גאַנצע צייט בעאָבאַכטעט דעם שונא'ס שיף, א היבשע ווייַלע האָט ער זיי געזעהן נאָכפאָלגענדיג. זיין האַרץ האָט שטאַרק גענומען קלאַפּען... ווער ווייס, פיליכט וועלען זיי איהם דערגרייכען און דאַן וועט זיך פון אלע חלומות גאָרניט אויסלאָזען... ער האָט געבעטען גאָט אז די נאַכט זאָל צופאַלען, און דאַן וועט ער זיך אַרויסדרעהען פון דער געפאַהר.

דער מרחק צווישען זיינע שיפען און די פּאָרטוגעזישע שיפען איז אלץ געוואָרען גרעסער, ער האָט שוין זיי קוים געקענט זעהן אפילו דורך די גלעזער וואָס ער האָט מיט זיך געהאַט און דאָס האָט זיין האָפנונג פאַרשטאַרקט אז ער וועט זיך אויסדרעהען.

די מאַטראָזען און געהילפען האָבען אָבער ערוואַרט דאָס זיי וועלען זיך אָפּשטעלען אין די קאַנאַריען אינזלען, אזוי ווי קאָלאָמבוס האָט זיי געהאַט פערשפּראָכען, אָבער ווען זיי האָבען געזעהען אז זיי דערווייטערען זיך פון יענע אינזלען, זיינען זיי געוואָרען שטאַרק ענטטוישט, און האָבען געפרעגט קאָלאָמבוס'ן די אורזאַכע און ווען קאָלאָמבוס האָט זיי ניט אָנגעגעבען קיין אורזאַכע זיינען זיי געוואָרען נאָך מעהר בעאומרוהיגט.

— איך פערלאַנג פון אייך אז איהר זאָלט מיר שטעלען וואָס ווייניגער פראַגען, איהר דאַרפט האָבען צוטרויען אין מיר, און טהאָן אייער אַרבייט ווען די צייט וועט קומען אייך צו געבען אן ערקלעהרונג וועל איך עס אליין טהאָן.

אייניגע מאַטראָזען האָבען בעמערקט ווי קאָלאָמבוס קוקט אויף הינטען: מיט זיינע גלעזער און זיי האָבען זיך גענומען שושקען. יעדער איינער האָט אנדערש אויסגעטייטשט און די זאָרג און שרעק האָט געשטיגען מיט יעדער רגע.

ווען די זון האָט שוין געהאַלטען ביים אונטערגעהן האָט קאָלאָמבוס פרייער אָפּגעאָטעמט, ער האָט געוואוסט אז די נאַכט וועט ראַטעווען איהם און זיינע שיפען, דעריבער האָט ער געסיגנאַלט צו זיינע שיפען אז זיי זאָלען איהם נאָכפאָלגען. ער האָט אַרויסגעשטעלט א לאַמטערנע און געהייסען די איבעריגע צוויי שיפען נאָכפאָלגען, ווען עס איז געוואָרען גוט פינסטער, האָט זיך קאָלאָמבוס פערנומען אין אן אנדער ריכטונג עטוואָס מעהר צו צפון זייט. ער האָט אַרויפגעצויגען אלע זיינע זעגלען, און געלאָזט די שיפען לויפען מיט גרויס שנעלקייט.

ווען עס האָט אָנגעפאַנגען צו ווערען ליכטיג, איז קאָלאָמבוס אַרויס אויף דעם דעק און גענומען בעטראַכטען דעם ים, עס איז געווען גאַנץ רוהיג, ער האָט גענומען נאָכקוקען און ער האָט מעהר קיין שפּור ניט געזעהען פון די פּאָרטוגעזישע שיפען.

ער [illegible] געדאַנקט גאָט וואָס ער האָט איהם אַרויסגענומען פון אזא געפאַהר, ער איז יעצט געווען נאָך מעהר זיכער, אז גאָט [illegible] זיין וועג בעגילקען און ווען די זון איז שוין געווען אין מיטען הימעל, האָט ער ערשט דערצעהלט זיינע געהילפען און מאַטראָזען אין וואָס פאַר א סכנה זיי זיינען אלע געווען. און דאָס איז געווען די אורזאַכע וואָס ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט אין די קאַנאַריען אינזלען.

— זייט מתפּלל צו גאָט! — האָט ער זיך צו זיי געווענדעט — **דאַנקט**

איהם פאר זיין הילף וואס ער האט אונז געשיקט, ווען ער האט אונז געגעבען א גינסטיגען ווינד און א רוהיגען ים, און זייט זיך איהם מתפלל ער זאל אונז אויך אויף ווייטער ניט פערלאזען.

## 28טער קאפיטעל

א גרויסער טייל אידען וועלכע זיינען ארויסגעטריבען געווארען פון שפא־ניען זיינען אוועק נאך פּארטיגאל.

דער קעניג פון פּארטוגאל האט אויך ניט איבריגס ליעב געהאט די אידען, אָבער צוליעב דעם וואס ער איז געווען שטארק אייפערזיכטיג אויף דעם קעניג פון שפּאניען, וואס קאלאמבוס האט זיך אונטערגענומען פאר איהם צו ענטדעקען נייע לענדער, האט ער פון אנפאנג ארויסגעוויזען א פריינדליכע מיענע צו די אידען, און ער האט זיי ערלויבט אריינצוקומען אויף זעקס מאנאטען, אויב יעדער פון זיי וועט קענען אפּצאהלען א קליינעם קאפּ־שטייער.

צוזאמען מיט די ארויסגעטריבענע אידען איז אויך מיטגעגאנגען דאן יצחק אבארבאנעל, כאטש דער קעניג און קעניגין האבען איהם געבעטען ער זאל מיט זיי פארבלייבען.

— דו ווייסט דאך אז ניט דיך האב איך געמיינט, דאן אבארבאנעל, — האט פערדינאנד זיך אפּגערופען, — די האסט מיט דיין קלוגשאפט און געטריי־הייט געבראכט פיעלע נוצען פאר שפּאניען, און איך ווייס ווי אפּצושאצען דיין דינסט צו מיר.

— אָבער, מיין האר קעניג, — האט אבארבאנעל געזאגט מיט א ביטערע, אָבער שטאלצע שטימע, — פארגעס ניט אז איך בין אויך א איד, און איך בין ניט בעסער פאר מיינע אנדערע ברידער.

— דיר וועל איך ניט שטערען, איך וועל דיר ערלויבען צו בלייבען דא און דו וועסט אפילו קענען אפּהיטען דיין רעליגיע. איך וויל אז אויך אייך ווייטער זאלסטו מיך דיענען, ווייל איך ווייס אז אין גאנץ שפּאניען געפינט זיך ניט אזא מאן וועלכער בעזיצט אזא וואונדערבארען מח ווי דו. דיינע קלוגע עצות האבען מיר זעהר פיעל געהאלפען און איך שעץ עס זעהר. דאריבער זאג איך דיר, אז דו דארפסט ניט מיטגעהן מיט דיינע איבריגע ברידער, פארבלייב דא און דו וועסט געניסען פון אלע פרייהייטען ווי פריהער.

— ניין, מעכטיגער קעניג! — האט אבארבאנעל געענטפערט, — דער גורל פון מיין פאלק איז אויך מיין גורל. אויב מיינע ברידער געהן אין גלות, וועל איך אויך מיטגעהן מיט זיי.

— אויב דו בלייבסט וועל איך אייך אפּשטעלען דיין פריינד אברהם סינאר, ווייל ער האט אויך מיר פיעלע נוצען געבראכט. איך וועל קיינמאל ניט פאר־געסען וואס ער האט פאר מיר געטהאן ווען איך בין נאך אונפערהייראט גע־ווען, ווי אזוי ער האט געהאלפען איך זאל הייראטען מיט דער קעניגין איזאבעלא און דאמיט פעראייניגען שפּאניען.

— ער קען דא פארבלייבען אויב ער וויל, אָבער איך וועל געהן אין גלות מיט מיין פאלק. היינט איז תשעה באב, אין דיזען טאג איז צוויי מאל אונזער בית המקדש חרוב געווארען און דאס פאלק ישראל איז אין גלות גע־

גאנגען. ווען דער ערשטער בית המקדש איז חרוב געוואָרען דורך דעם קעניג פון בבל, נבוכדנצר, האָט ער דעם גרייסען נביא ירמיהו געוואָלט באפרייען פון גלות. אָבער ער האָט ניט געוואָלט זיין אנדערש פון זיינע ברידער. ער האָט זיך געהייסען שמידען אין קייטען אזוי ווי די איבריגע און איז מיט זיי אין גלות געגאנגען, און איך וועל אויך מיט זיי מיטגעהן!

— דו זעסהט דאָך אז איך בין שוין מעהר בארמהערציג ווי דער קעניג פון בבל. ער האָט די אידען, וואָס ער האָט פארטריבען, געשמידט אין קייטען. אבער איך לאָז זיי אייסוואנדערען פריי.

— דער קעניג פון בבל האָט זיי פארטריבען פון זייער אייגען לאנד און געפיהרט צו זיך אין לאנד און זיי זיינען ווידער פריי געוואָרען, און האבען גענאָסען פון אלעם גוטעס צוזאמען מיט די איבריגע איינוואוינער פון לאנד. אָבער יעצט ווערען די אידען ארויסגעטריבען און זיי ווייסען זיך ניט וואוהין צו ווענדען. זייער געלד איז פון זיי אוועקגענומען געוואָרען, און ווער ווייס וואָס פאר א לאנד וועט זיי ערלויבען אריינצוקומען.

— זיי דארפען מיר דאנקבאר זיין וואָס איך לאָז זיי ארויס מיט זייערע לעבענס. דער הייליגער טאָרקוועמאדאָ האָט מיר געראטהען איך זאָל זיי אלעמען אויס'הרג'ענען אזוי ווי ער האָט געטהאָן צו די פאלשע קריסטען... מיט וואס זיינען די אידען בעסער פון זיי? אָבער איך און די קעניגין האבען רחמנות געהאט אייף די אידען און מיר האָבען בעשלאָסען אז איידער זיי אויסצו־הרג'ענען וועלען מיר בעסער זיי ארויסטרייבען פון שפאניען. אָבער דיך און אברהם סינאָר האָבען מיר ניט געהאט אין זינען. איהר ביידע קענט דאָ פאר־בלייבען און אנהאָלטען די זעלבע עמטער ווי פריהער.

— איך בין געצוואונגען געווען צו אנטלויפען פון פאָרטוגאל, ווייל מיינע שונאים האָבען אויף מיר א בלבול געמאכט, כאָטש איך האָב געדיענט פאָרטו־גאל זעהר געטריי. איך בין אנטלאָפען געוואָרען קיין שפאניען, אין דאָ האָט מיר דער גנעדיגער קעניג אויפגענומען מיט גרויס פריינדליכקייט. איך בין געוואָרען א שפאנישער בירגער און איך האָב געטהאָן אלעס אין מיין מעג־ליכקייט פאר דעם וואוילזיין פון מיין נייעם לאנד, קיין זאך איז פאר מיר ניט צו שווער געווען.

— יאָ, איך גיב צו אז דו האָסט מיר געטריי געדיענט און גרויסע נוצען געבראכט, און דאריבער וויל איך מיט דיר אן אייסנאהמע מאכען און איך ערלויב דיר צו פארבלייבען אין לאנד.

— אָבער איך וועל מיטגעהן מיט מיינע ברידער! — האָט אבארבאנעל געזאָגט.

— איך קען דיר ניט פארשטעהן, דאָן יצחק אבארבאנעל! — האָט פער־דינאנד אויסגערופען, — דוכט זיך אז דו ביזט אזוי קלוג און געלערנט, און דאָך ביזטו בלינד, דו זעהסט ניט וועלכע איז די אמת'ע ריינע רעליגיע, דו בעזיצט דאָך גרויס פארשטאנד, זעהסטו דען ניט אז יעזוס קריסטוס איז געווען דער ערלייזער פון דער וועלט? ! ער האָט געבראכט גליק אויף דער גאנצער וועלט אין די אלע וועלכע גלויבען אין איהם, פיהלען זיך גליקליך. פארוואָס זאָלסטו עס ניט צוגעבען און זיך אויך פיהלען גליקליך... נעהם אָן די קריסטליכע רעליגיע און דו וועסט ווערען איינער פון אונז...

— איך בעט דיך, גנעדיגער קעניג, פארלאנג ניט פון מיר איך זאָל דיר אויף דיזער פראגע ענטפערען. ווארום זאָל איך פון דאנען אוועקגעהן און דיין צאָרן זאָל אויף מיר ברענען... דו זעהסט דאָך אז איך וויל מיטגעהן מיט מיינע ברידער אפילו ווען דו ערלויבסט מיר דאָ צו פארבלייבען אלס איד... מיר אידען וועלען אויסשטעהן אלערליי ענויים און רדיפות און מיר וועלען זיך ניט אפּקעהרען פון אונזער גאָט.

— אויב די ביזט פער'עקשן'ט און דאָס איז דיין בעשלוס, קענסטו געהן!

— האָט פערדינאנד געזאָגט מיט אן אויפגערעגטע שטימע.

— דארף איך איבערגעבען מיין געלד צו דער מלוכה? — האָט אבארבאַנעל געפרעגט.

פערדינאנד האָט א ווײַלע א טראכט געטהאָן און נאכהער האָט ער זיך אפּגערופען:

— ניין, דיין געלד וועל איך ביי דיר ניט אוועקנעהמען! — האָט דער קעניג געזאָגט, — ערשטענס צוליעב דעם וואָס דו האָסט מיר זעהר געטריי געדיענט די גאנצע צייט וואָס דו האָסט אמט דיין פארנומען, און צווייטענס צוליעב דעם וואָס איך האָב געהערט אז דו האָסט ארויסגעהאָלפען קאָלאָמבוס'ן מיט געלד, און דאָס איבערצייגט מיר נאָך מעהר אז דו ביזט געווען אויסען דעם וואָהלזיין פון שפּאניען.

— איך דאנק דיר, מיין האר קעניג! — האָט זיך אבארבאנעל אפּגערופען. און ער האָט פארלאָזען דעם פּאלאץ.

אבארבאנעל האָט צוזאמענגענומען זיין גאנצעם געלד וואָס ער האָט פארמאָגט און האָט זיך געלאָזט אין גלות צוזאמען מיט די איבריגע אידען.

ער האָט געהערט אז דער קעניג פון פּאָרטוגאל וויל ארייןלאָזען פיעלע אידען אויף זעקס מאָנאטען, אויב זיי וועלען אפּצאָהלען א געוויסען קאָפּ־שמייער, און ער האָט געראטהען פיעלע אידען צו געהן אין פּאָרטוגאל.

— וואָס וועט איהר פארלירען? — האָט ער צו זיי געזאָגט. — איהר האָט אליץ איינס ניט וואוהין צו געהן. די אנדערע לענדער ארום זיינען אויך פיינדליך געשטימט געגען די אידען. איך אליין טאָר אין פּאָרטוגאל קיינמאָל ניט אריינקומען, ווייל איך בין פון דאָרטען אנטלאָפען, אָבער איהר וועט דערווייל געווינען צייט. ווער ווייס, פיעלייכט וועט דורך זעקס מאנאטען פארקומען ענדערונגען, פיעלייכט וועט קאָלאָמבוס זיך צוריקקעהרען מיט א גוטע בשורה אז ער האָט ענטדעקט נייע לענדער וואו מיר אידען וועלען קענען האָבען א מקום מנוחה.

— דער קעניג פין פּאָרטוגאל פארלאנגט אָבער א קאָפּ־שטייער פון יעדען פון אונז, און ווי אזוי וועלען מיר עס קענען באווייזען. אונזער גאנצעם געלד האָט דער קעניג פון אונז אוועקגענומען, בלויז איינציגע פון אונז איז געלונגען צו בעהאלטען איניגע דיקאטען.

— ווער פון אייך עס האָט ניט צו בעצאָהלען דעם קאָפּ־שטייער וועל איך איהם עס געבען! — האָט אבארבאנעל געזאָגט — דער קעניג האָט מיר ערלויבט מיטצונעהמען מיין געלד און איך וועל זיך שעצען גליקליך זיך דאָס געלד צוצוטיילען מיט מיינע אומגליקליכע ברידער.

גלייך איז צווישען אלע פארוואָגלטע אידען פארשפּרייט געוואָרען די

נייעס אז אבארבאנעל וועט זיי געבען דאס געלד וואס זיי ברויכען צו צאהלען קאפ־שטייער פאר דעם פארטוגעזישען קעניג.

ער איז באלד ארומגערינגעלט געווארען פון די פאראומגליקטע אידען, און ער האט יעדען געגעבען גענוג געלד פאר'ן שטייער לויט די מיטגלידער פון זיין משפחה.

צו צעהנדליגער טויזענדע אידען האט אבארבאנעל פארטיילט זיין פארמעגען. ער האט קיינעם ניט ענטזאגט. און א סך אידען זיינען דאז ארייגעלאזט געווארען אין פארטוגאל.

אבארבאנעל'ן האבען בעגלייט פיעלע פון זיינע איבערגעבענע פריינד, די מאראנען, און אפילו עכטע קריסטען. צווישען זיינע ארויסבעגלייטער איז געווען לואיס דע סאנטאנגעל, וועלכער איז איהם ניט אפגעטראטען ביז וואנען ער איז ארויס פון די שפאנישע גרעניצען. ער האט די גאנצע צייט געוויינט.

— אה, מיין פריינד, דו ביזט מיר געווען ליעבער ווי א ברודער. הלואי וואלט איך מיט דיר געקענט מיטגעהן... אבער איך בין צוגעבונדען צו מיין פרוי און קינדער אין איך מוז אנהאלטען מיין שטאנד, ווייל ווען איך זאל ארויסצייגען דעם מינדעסטען פארזוך אז איך בין ניט געטריי דעם קריסטענטום, ווייסטו דאך אז מיין גורל וועט זיין אויך דעם אויטא־דע־פע, קיינער וועט צו מיר ניט האבען ווען איך בעגלייט דיר, ווייל דו דארפסט וויסען, אז דו האסט געהאט פיעלע גוטע פריינד. לאמיר האפען צו גאט, אז עס וועט אנקומען א בעסערע צייט פאר אלע אידען און זיי וועלען זיך צוריקקעהרען אין שפאניען.

— אה, ניין, זאל שוין גאט העלפען די אידען אין די אנדערע לענדער וואו זיי וועלען זיך צושפרייטען, אבער אין שפאניען וועלען שוין די אידען מעהר זיך קיינמאל ניט צוריקקעהרען! שפאניען וועט פון גאט פארשאלטען ווערען דערפאר וואס זי האט געטהאן שלעכטס צו די אידען, וועלכע האבען דארט א מזל ברכה אריינגעבראכט. שפאניען האט געבליהט די גאנצע צייט וואס די אידען זיינען דארט געווען. יא, מיין פריינד, קעהר זיך אום אהיים, איך ווייס אז עס וועט קומען א צייט ווען שפאניען וועט שטארק חרטה האבען אויף דעם וואס זי האט פין זיך פארטריבען די אידען.

לואיס דע סאנטאנגעל האט ביטער געוויינט ווען ער האט זיך גערארפט געזעגענען מיט אבארבאנעל'ן.

— וואוהין טראכסטו יעצט צו געהן? — האט ער געפרעגט אבארבאנעל'ן.

— איך ווייס נאך אליין ניט, אבער אויב עס וועט זיין מעגליך וועל איך אוועקגעהן נאך נעאפעל. פיעלייכט וועל איך דארטען געפינען רוה אין מיינע עלטערע יאהרען. און איך וועל דיך בעטען מיר צו טהאן א געפעליגקייט. אויב קאלאמבוס וועט זיך צוריקקיהרען און ער וועט האבען זיין ציעל דערגרייכט, זאלסט מיר שיקען אנזאגען... איך וועל זעהן צי שטעהן מיט דיר אין פארבינדונג... פיעלייכט וועט גאט רחמנות האבען און א געוויסע צאהל פון די אומגליקליכע אידען וועלען קענען זיך דארטען באזעצען.

לואיס דע סאנטאנגעל האט איהם פארשפראכען אלעס צו טהאן... ער איז איהם געפאלען אויפ'ן האלז און זיך אפגערופען:

— געה בשלום, מיין פריינד, זאָל גאָט רחמנות האָבען איף זיין פאָלק ישראל און מיר זאָלען שוין הערען גוטע בשורות.

אבארבאנעל און זיין פרוי און זיינע דריי זיהן: דאָן יהודה, דאָן יוסף און דאָן שמיאל און נאָך פיעלע אידען האָבען אוועקגערייזט נאָך נעאפעל.

---

נאָך פיעלע צרות האָט קאָלאָמבום דורכגעמאכט אויף זיין לאנגע רייזע אויף דעם אטלאנטישען ים. וואָס לענגער זיי זיינען אפגעפאָהרען אַלץ מעהר אומרוהיג זיינען די מאטראָזען געוואָרען. אזוי פיעל טעג ווי זיי פאָהרען און זיי זעהן בלויז הימעל אין וואסער. עס דוכט זיך אז עס וועט קיינמאָל צו קיין סוף ניט קימען. זיי האָט זיך געדוכט אז דער ים האָט קיין ברעג ניט. גרויס פאניק האָט אויסגעבראָכען צווישען די מאטראָזען ווען זיי האָבען בעמערקט אויפ'ן ים ארומשווימענדיג א טייל פון א גרויסע שיף. יעדער האָט גענומען ציטערען.

— ווער ווייסט וואוהין ער פיהו"ט אונז, — האָט אימיצער מיט שרעק אריינגעמורמעלט.

— וואָס ווייטער מיר פאָהרען אַלץ גרעסער איז מיין איבערצייגונג אז קיין לעבעדיגע וועלען מיר שוין ניט צוריקקעהרען!

— דאָרטען וואוהין ער פיהרט אונז מוז זיין דער גהינם!

— לאָמיר איהם צווינגען זיך צוריקצוקעהרען! — האָט נאָך איינער אויסגעריפען, — ווייל מיר זיינען פארלאָרען!

צו קאָלאָמבום'ס אויערען האָט דערגרייכט דער געמורמעל, און ער האָט זיי באלד בארוהיגט. ער האָט זיי געזאָגט, אז די אורזאכע וואָס זיי זעהן נאָך קיין לאנד ניט, איז צוליעב דעם וואָס זיי רייזען זעהר לאנגזאם, דערפאר זיינען זיי נאָך ווייט פון לאנד.

א ווייל האָבען זיך די מאטראָזען בארוהיגט, אָבער ווען נאָך איינינע טעג זיינען פאראיבער, איז זעהר פארצווייפלונג און שרעק געוואָרען גרעסער. זיי האָבען איינע פאר די אנדערע אָנגעהויבען פארצישטעלען די שרעקליכסטע זאכען וואָס קען פאָרקומען.

— וואָס וועלען מיר טהאָן אז אונזער שפייז וועט זיך ענדיגען, און מיר וועלען מעהר קיין זיסע וואסער ניט האָבען צו טרינקען?

— וואָס ווייטער מיר געהן אַלץ קלענער ווערט די מעגליכקייט אז מיר זאָלען זיך צוריקקעהרען לעבעדיג אהיים... די שיפען זיינען ניט געווען איבריגס שטארק נאָך איידער זיי האָבען זיך אונטערגענומען די גרויסע רייזע, בפרט יעצט ווען זיי זיינען צוקלאַפט פון אזוי פיעל כוואַליעס.

— ברידער! — האָט זיך איין מאטראָז אפגערופען, — לאָמיר זיך ניט לאָזען נארען ביי קאָלאָמבוסעס זיסע רייד... ער איז א טרוימער און ער זוכט צו געווינען בעריהמטקייט. לאָמיר איהם צווינגען זיך צוריקצוקעהרען. ווארים וואָס וועלען מיר האָבען דערפון. ער האָט זיך איינגערעדט א משוגעת און ער וויל עס דורכפיהרען אויף דעם חשבון פון אונזערע לעבענס. מיר האָבען שוין גענוג געררייזט... מיר וועלען אין ערגעץ ניט קומען... קיין לאנד וועלען מיר געווים ניט דערגרייכען, ווייל דאָס איז דער סוף פון דער וועלט.. און וואָס

טיעפער אין ים מיר פארפאַהרען אלץ קלענער ווערט אונזער האָפנונג ארויס־צוקומען לעבעדיגע פון דיזער רייזע.

— קיינער וועט אונז ניט באשולדיגען אייב מיר וועלען צווינגען קאַלאַמ־בוס'ען זיך צוריקצוקעהרען. ווען מיר וועלען זאָגען אז עס איז שוין געווען באלד צוויי מאָנאטען אז מיר געפינען זיך אויפ'ן ים און מיר זעהען ניט קיין סימן פון לאנד, וועלען אלע זיך ארומזעהן אז ער איז א צודולטער און מען דארף קיין געוויכט ניט לייגען אייף זיינע רייד. נאָך אלעמען איז דאָך קאַ־לאַמבוס א פרעמדער, ער האָט ניט צופיעל פריינד. וויפיעל פון די געלערנטע האָבען פאָראויסגעזאָגט אז זיין אונטערנעהמונג וועט זיין א דורכפאל... יעצט וועלען זיינע געצעהלטע פריינד זיך אויך אָפּקעהרען פון איהם... איך זאָג אייך מיינע ברידער, אז אלע אין שפאניען וואָלטען אונז געגעבען גערעכט.

— אומזיסט זיינען אונזערע רייד! — האָט נאָך א מאטראָז אויסגעהי־פען, — וועט ער דען זיך צוהערען צו אונז?!...

— אויב ער וועט זיך צו אונז ניט צוהערען, וועלען מיר וויסען וואָס צו טהאָן מיט איהם! מיר וועלען איהם ארייגווארפען אין ים און מיר וועלען אליין פארקירעווען די שיף צוריק.

ליאים דע טאָרעס האָט זיך אונטערגעהערט צו אזא געשפרעך און עס זייך איבערגעגעבען קאַלאַמבוס'ען.

— מיין האר, דו וועסט דארפען זיין זעהר פאָרזיכטיג, ווייל דו קענסט ניט וויסען ווער עס איז דיין פריינד און ווער דיין שונא! — האָט ליאים דע טאָרעס זיך אָפּגערופען. — זיי בונטעווען זיך אלע און דו דארפסט זעהן ווי אזוי זיי צו בערוהיגען.

— איך דאנק דיר זעהר, ליאים דע טאָרעס! — האָט איהם קאַלאַמבוס געזאָגט, — איך וויים אז איך קען זיך אויף דיר פארלאָזען און דאריבער בעט איך דיר צו האלטען דיינע אויערען אָפען צו וואָס עס קומט פאָר צווישען מיינע מאטראָזען, און איך וועל שוין זעהן ווי עס איז זיי צו בערוהיגען.

קאַלאַמבוס איז ארויס צו זיינע מאטראָזען אונערשראָקען און מיט א זיכערע און פעסטע שטימע זיך צו זיי געווענדעט:

— איך וויים אז איהר, מיינע ארויסהעלפער, זיינען שוין מיעד. פיעלע פון אייך האָבען זיך שוין מיאש געווען אז מיר וועלען ווען עס איז זעהן לאנד. זיך וויל אז איהר זאָלט זיך דערמאָנען ווען איך האָב יעדען פון אייך געווארנט אז דער וועלכער איז א פייגלינג און ער פיהלט ביי זיך אז ער וועט ניט קענען איבערטראָגען די אלע געפאהרען וואָס מיר דארפען אייסשטעהן זאָל זיך צו־ריקקעהרען. די פייגלינגע האָבען זיך צוריקגעקעהרט און די בראווע פון אייך זיינען פארבליבען. מיר זיינען שוין א סך אָפּגעפאָהרען און עס וועט שוין לאנג ניט דויערען און מיר וועלען דערגרייכען אינזער ציעל.

— מיר וועלען קיינמאָל ניט דערגרייכען צו דער טריקעניש! — האָט אימיצער אויסגערופען, — סיידען מיר וועלען זיך צוריקקעהרען.

— מיר וועלען געוויס דערגרייכען צו א לאנד! — האָט קאַלאַמבוס אויסגערופען, — אויב איהר האָט ווען געלערנט די הייליגע ביבעל, האָט איהר דאָרט געוויס באמערקט אז ווען משה האָט געפיהרט די קינדער פון ישראל דורכ'ן

מדבר האבען זיי אויך געשריען זיי ווילען זיך אומקעהרען, ווייל זיי האבען מורא געהאט אז ער וועט זיי קיינמאל ניט ברייגנען אין דעם לאנד וואס גאט האט זיי פארשפראכען. און משה האט זיי געפיהרט פערציג יאהר ביז וואנען אט די אלע פייגלינגע וועלכע זיינען געווען אומגעדולדיג זיינען אויסגעשטארבען אין דער מדבר און דער נייער דור וועלכער איז געווען בראוו און מוטיג איז גע־בראכט געווארען צוין דעם לאנד וואס פליסט מילך און האניג. אזוי איז אויך מיט אייך. איך בין זיכער אז מיר וועלען דערגרייכען א נייעם לאנד, אבער איהר מוזט האבען געדולד. און איך וויל אז יעדער פון אייך זאל גוט בעאבאכ־טען און ווער פון אייך עס וועט פריהער דערזעהן לאנד וועט זיין בארעכטיגט צו דעם קעניג'ס באלוינינג און דערצו וועל איך אליין איהם אויך באלוינען.

—און וואס איז דעם קעניג'ס באלוינונג? — האט איין מאטראז א פרעג געטאהן.

— דער קעניג האט פארשפראכען אז דער וועלכער וועט דער ערשטער דערזעהן לאנד וועט פון איהם בעקומען א מתנה פון צעהן טויזענד דוקאטען, און איך וועל דערצו יענעם געבען א זיידענעם מאנטעל אין ער וועט קריגען א גוטען אמט אין דעם נייעם לאנד.

דאס האט די מאטראזען בערוהיגט. יעצט איז יעדער פון זיי געווען פארנו־מען קוקענדיג. אזוי שנעל ווי דער מארגען־שטערען איז אויפגעגאנגען זיינען שוין די מאטראזען געווען אויפ'ן דעק און ארייסגעקוקט אויף לאנד. דערווייל האָ־בען זיי פארגעסען אן זייער בונטעווען זיך. יעדער האט געזוכט צו זיין דער ערשטער צו זעהן לאנד.

קאלאמבוס און לואיס דע טארעס און נאך איינינגע פון די מעהר געלערנטע מיט וועמען ער פלעגט זיך שטענדיג בעראטהען, האבען געשטודירט צוזאמען די מאפעס און די ביכער וועגען אסטראנאמיע וואס דער פראפעסאר אברהם זאקוטא האט פארפאסט. ער האט געזוכט צו דערזעהן וואו זיינע שיפען געפינען זיך און דורך די מאפעס זיך משער זיין ווי וויט זיי זיינען פון לאנד.

פלוצלינג האט ער געהערט א געשריי וואס איז נאכגעפאלגט געווארען ביי א געלאף און גרויס טימעל.

ער איז שנעל ארויס אויפ'ן דעק און איינער פון די מאטראזען איז צו איהם צוגעלאפען און אויסגערופען מיט גרויס בעגייסטערינג:

"לאנד! לאנד!" איך בין געווען דער ערשטער צו זעהן דאס לאנד! איך בין בארעכטיגט צו דער באלוינונג!

קאלאמבוס און די איבריגע האבען געקוקט אין יענער ריכטינג וואו דער מאטראז האט אנגעצייגט, און עס האט טאקע אויסגעוויזען אז זיי דערנעהנטע־רען זיך צו לאנד. ער איז גלייך געפאלען אויף זיינע קניע און געדאנקט גאט.

אלע מאטראזען האבען איהם נאכגעטהאן. זיי זיינען געווען פרעהליך. און מעהר פון אלעמען האט זיך געפרעהט דער וועלכער האט צום ערשטען דערזעהן דאס לאנד. קאלאמבוס אליין איז עטוואס געווארען ענטטיישט וואס ער אליין איז ניט געווען דער ערשטער צו זעהן לאנד.

זיי האבען געקירעוועט די שיף צו דרום מערב, וואו דאס לאנד האט גע־זאלט זיין און מיט גרויס שמחה און פיעל האפנונג פארטגעזעצט די רייזע. די מאטראזען האבען ארויפגעקלעטערט אויף דעם גרויסען מאסט איז ניט ארונ־

טערגענומען די אויגען פון יענעם פלאַץ. די שיף האָט זיך אַלץ דערנעהנטערט. דער אָווענט האָט גענומען צופאַלען. עס איז געוואָרען טונקעל. די שיפען זיינען אַלץ געפאָהרען צו יענער ריכטונג. אַלע האָבען מיט דער גרעסטער אימגעדולד געוואַרט אויף דעם פריהמאָרגען. זיי האָבען געהאָפט אַז נאָך גאַנץ פריה וועלען זיי דערגרייכען דאָס לאַנד.

גרויס אָבער איז אַלעמענס ענטטוישונג געוואָרען, ווען עס איז געוואָרען ליכטיג און זיי האָבען ניט געזעהן קיין לאַנד. זיי האָבען פאַרשטאַנען אַז דאָס וואָס דער מאַטראָז האָט נעכטען געזעהן איז ניט געווען קיין לאַנד, נאָר אַ וואָלקען וואָס איז געהאַנגען גאַנץ נידריג איבער'ן ים. זיי האָבען געזעהן אַז זיי זיינען נאָך אַלץ אין מיטען ים און עס איז קיין סימן פון לאַנד ניטאָ. עס האָט צווישען זיי אויסגעבראָכען אַ יאָמער. אַ שטאַרקער טרויער האָט יעדען פון זיי געדריקט... צום גליק אָבער איז דער ים געווען אַזוי רוהיג און די שיפען האָבען זיך געגליטשט אַזוי ווי אויף אַ שפּיגעל.

די שיפען האָבען זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ קורצע צייט און פיעלע פון די מאַטראָזען האָבען זיך אַמוזירט מיט דעם וואָס זיי זיינען אַריינגעשפּרונגען אין ים און אַרומגעשוואומען אין דעם שטילען וואַסער אַרים די שיפען.

אַזוי זיינען זיי געפאָהרען נאָך אייניגע טעג צו מערב צו און אַלע האָבען אויסגעקוקט זייערע אויגען אויף לאַנד. און ווידער אַמאָל האָט זיך אימיצען אויסגעדיכט אַז ער זעהט לאַנד, אָבער ער האָט מורא געהאַט עס אויסצורופען מען זאָל ווידער ניט זיין ענטטוישט.

מיט פאַרביטערטע הערצער און געבראָכענע געמיטהער האָבען זיך די מאַטראָזען געפיהלט. יעצט זעהען זיי אַז זיי זיינען ניט אַהער און ניט אַהין. זיי וועלען קיינמאָל קיין נייע לאַנד ניט דערגרייכען און אומקעהרען זיך צוריק נאַכדעם ווי זיי האָבען אָפּגערייזט אַריבער צוויי מאָנאַטען וועט ניט סטייען זייער שפּייז.

— צי אַזוי צי אַזוי זיינען מיר פאַרלוירען! — האָבען זיי צווישען זיך שטילערהייט געמורמעלט. — עס איז שוין דער זיבעטער אָקטאָבער און קיין סימן פון לאַנד זעהט זיך ניט. די שפּייז וואָס מיר האָבען קען קלעקען קוים אויף נאָך אַ מאָנאַט, און מיר זאָלען זיך יעצט נעהמען אומקעהרען דאַרף געדויערען נאָך צוויי מאָנאַטען, וועלען מיר דאָך אַלע אויסשטאַרבען פון הינגער.

אַ שטאַהר ליכטיגקייט האָט ווידער אַ שיין געטהאָן פאַר זיי. קאָלאָמבוס האָט באַמערקט פאַרשידענע פויגלען פליהענדיג איבער דעם ים. ער האָט גלייך אויפמערקזאַם געמאַכט זיין מאַנשאַפט אויף דעם.

— דיזע פויגלען באַווייזען אַז אַ לאַנד מוז זיך געפינען ניט ווייט פון דאַנען! — האָט קאָלאָמבוס זיך צו זיי אָפּגערופען, — איך ווייס אַז דיזע פייגלען נעכטיגען ניט אויפ'ן ים. זיי קעהרען זיך אום צו דער טריקעניש. איך פאָלג נאָך און בעטראַכט וואוהין די פויגלען פליהען, און איז דער זעלבער ריכטינג וועלען מיר פיהרען אונזערע שיפען. יעצט מוז יעדער פון אייך האַלטען זיינע אויגען אָפען, — האָט קאָלאָמבוס צוגעגעבען, — ווייל מיר וועלען איז גיכען דערזעהן לאַנד, און געדענקט אַז אַ חוץ דעם קעניג'ס באַליינונג, בעקומט פון מיר, דער וועלכער וועט אונז פריהער אָנזאָגען די גוטע בשורה, אַ מאַנטעל פון זייד.

א ליכטער ווינטעל האָט געבלאָזען וואָס האָט געמאַכט גרינגער די רייזע. ווען די זון האָט געהאַלטען ביים אונטערגעהן און זיי האָבען אלע בעטראַכט די גלאָררייכע זון־אונטערגאַנג. ווען עס איז געוואָרען טונקעל איז קאָלאָמבוס אריין אין זיין קאיוטע וואָס איז געווען גאַנץ הויך און דורך זיין פענסטער געקוקט אין ווייטען האָריזאָנט. אַרום צעהן א זייגער ביינאַכט האָט ער באמערקט א ליכט ארויסשיינענדיג פון דער ווייטען. מורא האָבענדיג אז פיעלייכט נאַרט ער זיך אַליין, ווייל ער איז אַזוי נייגעריג צו זעהן א צייכען פון לאַנד אז עס דוכט זיך איהם דאָס ער זעהט ווירקליך א פייער. ער האָט זיך אַליין ניט געוואָלט גלויבען, האָט ער אריינגערופען צו זיך אין קאיוטע, לואיס דע טאָרעס. און זיך צו איהם אָפּגערופען:

קוק ארוים דורך מיין פענסטער אין זאָג מיר וואָס דו זעהסט פון דער ווייטען!

דע טאָרעס האָט ארויסגעקוקט פון פענסטער און האָט אויסגערופען:

— איך זעה א פייער!

— דאָס וואָס איך זעה אויך! — האָט קאָלאָמבוס אויסגערופען מיט גרויס פרייד, — אָבער פונדעסטוועגען וועל איך זיך נאָך אַלץ ניט פאַרלאָזען אויף אונזערעביידענס אויגען, און איך וועל אריינרופען א דריטען און הערען וואָס יענער וועט זאָגען.

ער האָט אריינגערופען צו זיך נאָך איינעם פון זיינע איבערגעבענע און געטרייע פריינד, אָבער איידער יענער איז ארויף צו איהם, איז דאָס פייער פאַרשוואונדען, כאָטש זיי האָבען נאָכדעם ווידער אַמאָל געזעהן דאָס פייער ערשיינען און פאַרשווינדען. אָבער קאָלאָמבוס איז שוין יעצט געווען אין צוויי־פעל. פיעלייכט איז עס א מין ערשיינונג און ער טאָר אויף דעם קיין געוויכט ניט לייגען. דאָס הארץ אָבער האָט איהם געזאָגט אז דאָס זיינען סמנים פון לאַנד. דאָך האָט ער קיין וואָרט וועגען דעם ניט גערעדט מיט זיינע פריינד. ער האָט מורא געהאַט טאָמער וועט ער זיי ווידער ענטטוישען.

זייער געדולד האָט געפּלאַצט. די מאַטראָזען האָבען שוין אויפגעגעבען אלע האָפנונגען. עס האָבען זיך געפונען אייניגע וועלכע האָבען געשריען אז זיי מוזען זיך אומקעהרען.

— אָבער מיר וועלען ניט האָבען גענוג שפּייז! — האָבען אייניגע געטענה'ט.

— און וואָס וועט ארויסקומען אז מיר וועלען פאָרטזעצען אונזער רייזע אין דיזען אונבאַגרענצטען ים? מיר וועלען דאָך אַלץ איינס אויסגעהן פון הינגער. ווען אָבער מיר וועלען זיך אומקעהרען, וועלען מיר זעהן קאַרגען מיט אונזער וואַסער און שפּייז ביז וואַנען מיר וועלען דערגרייכען די קאַנארי אינזלען.

— וויפיעל מיר זאָלען ניט קאַרגען וועט די שפּייז ניט קלעקען אויף מעהר ווי איין מאָנאַט און מיר זיינען אין וועג מעהר ווי צוויי מאָנאַטען.

— מיר וועלען כאַפּען גענוג פיש און מיר וועלען זיך שפּייזען מיט זיי ביז וואַנען מיר וועלען זיך צוריקקעהרען! — האָט אימיצער פאָרגעשלאָגען.

— גוט. אַזוי וועלען מיר טהאָן. לאָמיר עס פאַרלאַנגען פון קאָלאָמבוס'ן און אויב ער וועט ניט צושטימען וועלען מיר וויסען וואָס מיט איהם צו טהאָן!

זיי האָבען אויסגעקליבען עטליכע געזונטע און שטאַרקע מאַטראָזען, און

יענע זיינען אוועק צו קאָלאָמבוס'ן און האָבען איהם פאָרגעשלאָגען זייער פאָדערונג.

— גיט מיר בלויז נאָך דריי טעג! — האָט זיך קאָלאָמבוס ביי זיי געבעטען, — און אייב ביז דאַן וועלען מיר קיין לאַנד ניט זעהן, שווער איך אייך אז איך וועל מיך אומקעהרען.

די מאַטראָזען האָבען צוגעשטימט. זיי וועלען וואַרטען בלויז די דריי טעג און דאַן וועט איהם שוין קיין זאַך ניט העלפען.

קאָלאָמבוס איז געווען צופרידען וואָס ער האָט דערווייל געוואונען נאָך צייט. ער האָט געטראַכט פון דעם ליכט וואָס ער האָט א ווײַלע צוריק געזעהן און ער איז געווען זיכער אז זיי זיינען שוין ניט ווייט פון לאַנד.

— ניט נאָר איז דאָס לאַנד ניט ווייט, נאָר עס איז ביי איהם קיין צווייפעל ניט געווען אז דאָרטען געפינען זיך מענשען. די האָפנונג איז אין איהם אזוי שטאַרק געווען, אז ער האָט זיך יענע נאַכט ניט געלעגט שלאָפען. ער איז געזעסען אויף זיין געלעגער און בי‎סלעכווייז צוגעדרעמעלט.

די שיף פינטא איז געגאַנגען פאָראויס. און פלוצלינג האָט א שאָס פון ביקס וואָס איז געקומען פון דער פינטא אויפגעוועקט קאָלאָמבוס'ן פון זיין דרימעל. ער איז שנעל ארויס אויפ'ן דעק. עס איז געווען דער צוועלפטער אָקטאָבער 1492, ארום צוויי א זייגער פאָרטאָג. די לבנה האָט געלויכטען. פון דער פינטא איז געקומען א גערויש און א שאַלען פין פרייד. א אידישער מאַטראָז מיט'ן נאָמען ראָדעריגאָ דע טריאַנאַ האָט דער ערשטער דערזעהן לאַנד, און ער האָט מיט אַלע זיינע כחות אויסגעשריען:

— לאַנד!! לאַנד!!

אַלע מאַטראָזען האָבען זיך אויפגעכאַפּט פין שלאָף און גענומען ארויסקוקען. יאָ, ווירקליך, דיזען מאָל מאַכען זיי שוין ניט קיין טעות. מען קען דייטליך זעהן דאָס לאַנד ביי דער שיין פון דער לבנה.

מיט דעם גרעסטען אונגעדולד האָבען אַלע געוואַרט אויף דעם פריהמאָרגען ווען עס וועט ווערען ליכטיג.

אַלעמענס האַרץ האָט געקלאַפּט צווישען האָפנונג און שרעק. טאָמער מאַכט מען אויך דיזען מאָל דעם זעלבען טעות. אָבער ווען עס האָט אָנגעפאַנגען טאָגען, האָט מען שוין דייטליך געקענט זעהן לאַנד.

עס איז שווער איבערצוגעבען די גרויסע פרייד וואָס האָט ארומגענומען קאָלאָמבוס'ן און זיינע מאַטראָזען. ענדליך, נאָך אזוי פיעל צרות און געפאַהרען וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטעהן פון אַלעס און אַלעמען, האָט ער זיין ציעל ערריכט. די גרויסע געהיימניס פון דעם מעכטיגען ים איז ענטדעקט געוואָרען. זיין טעאָריע וואָס ער האָט פאַר אַלעמען ערקלעהרט איז באַשטעטיגט געוואָרען. ער האָט פאַר זיך פאַרדיענט די אַנערקענונג פון אַלעמען.

ווען עס איז גוט ליכטיג געוואָרען, האָט קאָלאָמבוס באַמערקט ווי אין ים שווימען ארום בלעטער פון פאַרשידענע גרינסען, און ער איז יעצט געווען איבערצייגט אז דאָס לאַנד וואָס ער האָט ענטדעקט איז פריכטבאַר. איהם האָט זיך אויך געדוכט אז ער שמעקט דופטענדע ריחות פין פאַרשידענע פרוכטען, און צו זיין פרייד איז קיין גרעניץ ניט געווען. יאָ, דאָס ליכט וואָס ער האָט ביינאַכט דערזעהן האָט איהם ניט גענאַרט. עס זיינען דאָרט ווירקליך פאַראַן מענשען. אָבער

ווער זיינען זיי? וואָס פאַר א שפּראַך ריידען זיי? דאָס האָט ער זיך אַליין געפרעגט.

מיט א קלאַפּענדעם האַרץ האָט זיך קאַלאָמבוס גענומען דערנעהנטערען צום לאַנד.

עס איז געווען פרייטאג אין דער פריה, דעם צוועלפטען אָקטאָבער, אַז קאַלאָמבוס און זיינע מאַנשאַפטען האָבען דערזעהן די נייע וועלט. און וואָס נעהנטער זיי זיינען צוגעקומען אַלץ מעהר פאַר׳כשופ׳ט זיינען זיי געוואָרען פון דער פּראַכטפאָלער פּאַנאָראַמאַ. דאָס לאַנד איז געווען באַדעקט מיט שעהנע גרינע ביימער. עס האָט אויסגעקוקט ווי א בליהענדער גאָרטען.

כאָטש עס האָט אויסגעקוקט אַז דאָס לאַנד איז ניט קולטיווירט און בעאַרבייט, האָבען זיי אָבער גלייך באַמערקט אַז דאָרט וואָהנען מענשען. זיי האָבען געזעהן אין גאַנצען נאַקעטע מענשען אַרומלויפענדיג אויפ׳ן ברעג פון ים און אין די וועלדער דערביי.

באַלד האָבען זיך א לאָז געטהאָן א גרויסע צאָהל מענשען אין גאַנצען נאַקעט. זיי זיינען אַרויסגעקומען פון פאַרשידענע ריכטונגען און האָבען בעטראַכט מיט גרויס וואונדער און ערשטוינונג די דריי שיפען וועלכע האָבען אריינגעשוואומען אַזוי הערליך אין האַפען.

קאַלאָמבוס האָט גלייך געגעבען א סיגנאַל אַז די שיפען זאָלען זיך פאַראַנקערען, און אַלע מאַטראָזען זאָלען נעהמען זייערע ביקסען און שווערדען. זיי זאָלען אַלע זיין גרייט און באַוואָפענט.

ער איז אריין צו זיך אין קאַיוטאַ און ער האָט אָנגעטהאָן א רויטען מאַנטעל וואָס דער קעניג האָט איהם מיטגעגעבען, און האַלטענדיג אין האַנד די קעניגליכע פאָהן וואו עס איז געווען אויסגענעהט א גרינער צלם, מיט די אותיות "פ" און "א" — וואָס האָט באַדייטעט פערדאַנאַנד און איזאַבעלאַ.

א גליקליכער און מיט גרויס צופרידענהייט איז קאַלאָמבוס אַרויפגעטראָטען אויף דער יבשה. נאָך איהם זיינען געגאַנגען די הינדערט באַוואָפענטע מאַטראָזען.

די דופטענדע ריחות זיינען געווען אַזוי געשמאַק און אַנגענעהם אַז עס האָט זיך אַלעמען געדוכט אַז זיי זיינען אריינגעקומען אין גן עדן.

קאַלאָמבוס האָט זיך גלייך געוואָרפען אויף דעם באָדען און געקושט די ערד, דאַנקענדיג גאָט מיט טרעהרען פון פרייד.

די איבריגע האָבען איהם נאָכגעפאָלגט. עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען די געפיהלען פון פרייד וואָס האָט אַלעמען אַרומגענומען נאָכדעם ווי זיי זיינען באַלד צעהן וואָכען געווען אויפ׳ן ים וואו זיי האָבען בלויז געזעהן הימעל און וואַסער.

נאָכדעם ווי ער האָט א קליינע תפלה פון דאַנק געזאָגט, האָט זיך קאַלאָמבוס אויפגעשטעלט. ער האָט אַרויסגעצויגען זיין שווערד אין די קעניגליכע דאָקומענטען און צורופענדיג צו זיך זיינע צוויי געהילפס קאַפּיטאַנען און לואיס דע טאָרעס, האָט ער אריינגעשטעקט די שפּאַנישע פאָהן אין דער ערד און אויסגערופען:

"איך נעהם דאָס לאַנד פאַר דעם קעניג און קעניגין פון שפּאַניען".

און יעצט פאַרלאַנג איך פון אייך אַז איהר זאָלט מיר אַלע געבען א שבועה

פון געטרייהייט, ווייל פון יעצט אָן בין איך אייער אדמיראל און וויצע־קעניג פון די נייע ענטדעקטע לאנד. איך בין דער איינציגער פאָרשטעהער פון דעם שפּאַנישען קעניג. און דיזער אינזעל זאָל אָנגערופען ווערען: "סאַן סאַלוואדאָר".

א גרויסער פּחד איז געפאלען אויף די אלע נאקעטע איינוואָהנער פון דעם אינזעל, ווען זיי האָבען דערזעהן די מאָדנע פרעמדע וועלכע האָבען געהאַלטען אין זייערע הענד גלאנצענדע שטאָלענע שווערדען און זיי זיינען געווען [illegible] אין קליידער פון פארשידענע קאָלירען. א קליינע ווייַלע האָבען זיי געקוקט אויף זיי מיט גרויס ערשטוינונג. עפּעס האָט זיך געדוכט אז מלאָכים זיינען [illegible] פון הימלען. די זעגלען פון די שיפען האָבען צו זיי אויסגעקוקט ווי פליגלען. באלד האָבען זיי ארויסגעלאָזען א ווילדען געשריי און זיי זיינען זיך צולאָפען אין שרעק צו דעם וואלד.

ווען זיי האָבען באמערקט אז די אָנגעקומענע משונה'דיגע מענשען מאכען ניט קיין פארזוך זיי שלעכטעס צו טהאָן, האבען זיי זיך ביסלעכוויז בערוהיגט און זיי זיינען לאנגזאם ארויסגעקומען צו קאָלאָמבוס'ן און זיינע מענשען. זיי האָבען זיך עטליכע מאָל אויסגעצויגען אויף דער ערד און האבען געגעבען סמנים אז זיי קוקען אויף זיי מיט עהרע און פורכט. זיי האבען צוגעזעהן די צערעמאָניע ווי אזוי קאָלאָמבוס האָט איינגעשטעלט אין דער ערד די שפּאַנישע פאָהן. איבערהויפּט האָבען אלע געקוקט אויף קאָלאָמבוס'ן, וועלכער האָט צו זיי אויסגעקוקט ווי א גאָט. זיי האָבען געזעהן ווי ער באפעהלט און אלע פאָלגען איהם. זיי פארנייגען זיך פאר איהם. זיי האָבען אויך באמערקט ווי ער טראָגט א רוימען מאַנטעל.

ווען זיי האָבען זיך נאָך מעהר בערוהיגט, זיינען זיי צוגעקומען נעהנטער צו די שפּאַניער. זיי האָבען זיך צוגעריהרט צו זיי. זיי האָבען געפיהלט זייערע קליידער און האָבען אָנגעריהרט די שטאָלענע שפּיזען און שווערדען. זיי האבען געטאַפּט זייערע פּנים'ער, זייערע הענד און זייער הויט און האבען אויסגעדריקט ערשטוינונג איבער זייער ווייסקייט.

קאָלאָמבוס איז געווען זעהר צופריעדען מיט זייער פריינדליכקייט און צערטליכקייט, מיט זייער איינפאכען צוטרויען און האָט אָנגעזאָגט זיינע מענשען זיי קיין שלעכטעס ניט צו טהאָן.

די איינוואָהנער פון אינזעל האָט זיך אויסגעדוכט אז דיזע וואונדערבארע מענשען וואָהנען אין די הימלען און אז זיי זיינען עס פון דאָרטען ארונטערגעקומען אויף א באזוך צו זיי.

ניט ווייניגער איבערראשט זיינען קאָלאָמבוס און זיינע מענשען געווען צו זעהן די איינוואָהנער פון דיזען אינזעל. זיי האָבען גלייך געקענט איינזעהן אז זיי זיינען גאנץ ווייט פון רייכקייט און פון ציוויליזאציע. זיי זיינען געווען אין גאנצען נאקעט און זייערע לייבער זיינען געווען געפארבט מיט פארבען פון פערשידענע קאָלירען. ביי איינינע זיינען געווען געפארבט בלויז די פּנים'ער און ביי אנדערע איז דער גאנצער קערפּער געווען געפארבט. זייער הויט איז געווען פון א קופּער קאָליר. קיין בערד האָבען זיי ניט געהאט. זייערע האר זיינען געווען גלייכע און לאָקען זיינען אראָפּגעהאנגען אויף זייערע שולטערען. זיי זיינען געווען הויך און שלאנק געבויט. זיי האָבען געהאט זעהר שעהנע אוי־

גען. זיי האָבען אַלע אויסגעקוקט גאַנץ יונג. בלויז איין פרוי איז געווען צווישען זיי אַלעמען וועלכע איז אויך געווען נאַקעט.

קאָלאָמבוס'ן האָט זיך געדוכט אַז ער איז אַנגעקומען אויף דער אַנדערער זייט פון אינדיע און ער האָט דאַריבער די מענשען אַ נאָמען געגעבען "אינדיאַנער". דיזער נאָמען איז זיי פאַרבליבען אויף שטענדיג.

די אינדיאַנער האָבען זיך צו זיי באַצויגען מיט פריינדליכקייט און צערטליכקייט. זייערע איינציגע וואָפען איז באַשטאַנען פון הילצערנע שפּיזען און שווערדען וואָס דער שפּיץ איז באַשטאַנען פון שאַרפע פיש ביינער. קיין אייזען אָדער שטאָל האָט מען ביי זיי ניט געזעהן, און ווי עס ווייזט אויס האָבען זיי ניט געוואוסט וואָס עס בעדייטעט, ווייל ווען מ'האָט זיי באַוויזען אַ שווערד פון שטאָל האָבען זיי עס אונפאַרזיכטיגערהייט אַנגענומען פאַר דעם שפּיץ.

קאָלאָמבוס האָט פאַנאַנדערגעטיילט צווישען זיי קאָלירטע גלעזלעך, קליינע גלעקלעך און גלעזערנע פּאַטשערקעס.

די אינדיאַנער האָבען אַרויסגעוויזען גרויס בעגייסטערונג און האָבען זיך זעהר געפרעהט מיט די מתנות. זיי האָבען זיך בעהאַנגען מיט די פּאַטשערקעס און זיי זיינען ענטציקט געוואָרען פון דעם קלינגען פון די גלעקלעך.

אַ גאַנצען טאָג איז קאָלאָמבוס מיט זיין מאַנשאַפט פאַרבליבען אויף דעם ברעג ים אויסרוהענדיג זיך פון זייער רייזע. זיי האָבען זיך דערקוויקט מיט די פאַרשידענע פרוכטען. אין אָוונט האָבען זיי זיך אומגעקעהרט צוריק צו זייערע שיפען.

אויף מאָרגען אין דער פריה האָט קאָלאָמבוס באַמערקט אַ גרויסע מענגע פון די אינדיאַנער, וועלכע זיינען געלאָפען צום ברעג ים אַנקוקען דעם גרויסען וואונדער. פיעלע פון זיי האָבען גענומען צושווימען צו די שיפען. אַנדערע זיינען צוגעקומען מיט קליינע שיפלעך וואָס זיינען אויסגעהאַקט געוואָרען פון אַ גרויסען בוים.

זיי זיינען געווען זעהר נייגעריג צו קריגען נאָך שפּיעלצייג. און דערפאַר האָבען זיי געגעבען צו קאָלאָמבוס'ן וואַטע, פּאַפּוגייען און שפּייז.

קאָלאָמבוס'ס אויפמערקזאַמקייט איז באַלד געצויגען געוואָרען צו עטליכע גאָלדענע רינגען וואָס ער האָט באַמערקט ביי די אינדיאַנער טראָגענדיג אויף זייערע נעזער. מיט גרויס צופרידענהייט האָבען די אינדיאַנער אומגעביטען זייערע גאָלדענע רינגען אויף שטיקלעך גלאָז.

קאָלאָמבוס האָט מיט פאַרשידענע צייכענס זיך נאָכגעפרעגט וואו זיי האָבען געקראָגען די גאָלד. זיי האָבען איהם געענטפערט, אויך מיט צייכענס, אָנצייגענדיג אין דער ריכטונג פון דרום. לויט זייערע באַוועגונגען און סמנים האָט ער פערשטאַנען אַז דאָרטען געפינט זיך אַ רייכער קעניג, וועמעס שיפען זיינען באַדעקט מיט גאָלד. ער האָט אויך פאַרשטאַנען לויט זייערע צייכענס אַז עס געפינט זיך לאַנד אין דרום, און אין צפון, און אין דרום־מערב, און אין צפון־מערב. זיי האָבען איהם אויך דערצעהלט אַז גאַנץ אָפט קומט זיי אויס צו פיהרען מלחמות מיט פאַרשידענע שבטים וואָס קומען פון יענע לענדער.

אָקטאָבער דעם פיערצעהנטען האָט קאָלאָמבוס געפיהרט זיינע שיפען פון צפון מזרח. ווען די שיפען זיינען פאַרבייגעפאָהרען פאַרשידענע אינזלען, זיינען

די דארטיגע איינוואוינער, מענער און פרויען, ארויסגעקומען און געפאלען צום באדען, אויפהויבענדיג זייערע הענד און אויגען צום הימעל, דאנקענדיג גאט וואס ער האט זיי געשיקט די וואונדערליכע מלאכים פון הימעל. זיי האבען מיט צייכענס געבעטען אז די "מלאכים" זאלען לאנדען צו זיי אויפ'ן באדען. צייגענדיג אז זיי וועלען זיי געבען פארשידענע פרוכטען. און ווען זיי האבען געזעהן אז די שיפע שטעלען זיך ניט אפ, זיינען פיעלע פון זיי אריינגעשפרונגען אין וואסער און גענומען צושווימען צו זיי. אנדערע האבען גענומען קליינע שיפלעך און צו זיי געפאהרען.

קאלאמבוס האט זיי אויפגענומען מיט פריינדליכקייט און זיי געגעבען גלעזערנע פאטשערקעס און אנדערע קלייניגקייטען, וואס איז ביי זיי פאררעכענט געווארען אלס הייליגע מתנות.

ווען קאלאמבוס האט פארלאזען דעם אינזעל סאן סאלוואדאר איז ער געבליבען אין א פארלעגענהייט. ער האט ביי זיך ניט געקענט באשליסען אין וועלכער ריכטונג ער זאל פיהרען זיינע שיפען. ער איז כמעט געווען זיכער אז ער געפינט זיך צווישען די אינזלען וואס מארקא פאלא האט אמאל באשריבען, וואס זיינען צושפרייט איבער דעם כינעזישען ים.

וואו זיי האבען זיך אפגעשטעלט האבען זיי געטראפען דעם זעלבען טיפ אינדיאנער וועלכע האבען אויף זיי געקוקט מיט גרויס פחד. ער האט באלד אויסגעפונען אז זיי זיינען אויך זעהר ארים און קיין ציוויליזירטער מענש האט אויף זייער באדען נאך ניט ארויפגעטראטען. ער האט מיטגענומען אייניגע אינדיאנער צו זיך אויפ'ן שיף מיט דער האפנונג אז זיי וועלען זיך אויסלערנען שפאניש און קענען זיין איבערזעצער צווישען איהם און די איינוואוינער.

אויף איינעם פון די אינזלען וואו ער האט זיך אפגעשטעלט, האט ער געזעהן וואונדערבארע בוימער מיט פארשידענע פרוכטען וועלכע האבען ארויסגעגעבען אנגענעהמע אראמאטען. דארטען האט ער ערווארטעט צו געפינען דעם רייכען קעניג און די גאלד. אבער ער האט א חוץ די שעהנע און וואונדערבארע פאנאראמא געטראפען דיזעלבע ארימע איינוואוינער ווי אין די פריהערדיגע אינזלען. ער האט א נאמען געגעבען יענעם אינזעל פערדינאנדא, צו עהרען דעם קעניג פערדינאנד. א צווייטען אינזעל האט ער א נאמען געגעבען איזאבעלא, לכבוד דער קעניגין איזאבעלא.

דעם פיער־און־צוואנציגסטען אקטאבער האט ער פארלאזען דעם אינזעל איזאבעלא, און נאך דריי טעג רייזע איז ער צוגעקומען צו דעם אינזעל קיובא.

זיי האבען זיך קיינער ניט געקענט אפוואונדערען פון דער בעצויבערנדער שעהנקייט פון דיזען אינזעל. די פרעכטיגע וואונדערבארע הויכע בערג, די בליהענדע טהאלען וואס זיינען געווען בעציערט מיט פארשידענע שעהנע בלומען, די קריסטאל קלארע וואסער פון די טייכען וואס האבען זיך געצויגען איבער דער לייגג און ברייט פון קיובא, האט זיי אלעמען ווי פאר'שיכור'ט.

קאלאמבוס האט פאראנקערט זיינע שיפען אין א פרעכטיגען טיעפען טייך מיט קלארען דורכזיכטיגען וואסער. פארנעהמענדיג דעם אינזעל מיט די זעלבע צערעמאניעס ווי ער האט עס פריהער געטהאן, האט ער איהם א נאמען געגעבען זשואנא, לכבוד דעם פרינץ זשואן.

קאָלאָמבוס איז געקומען אין באריהרונג מיט די הויפּטען פון פארשידענע אינדישע שבטים. ער האָט מיטגענומען זיין אידישען איבערזעצער לואיס דע טאָרעס, וועלכער האָט פּרובירט ריידען מיט זיי אויף אלע שפּראכען וואָס ער האָט געקענט, אבער עס איז געווען אומזיסט. זיי האָבען זיך איינע די אנדערע ניט פארשטאַנען. זיי האָבען געדאַרפט אַנקומען צו דעם אינדיאנער וועלכער האָט זיך געפונען מיט זיי, ער זאָל זיין דער איבערזעצער.

צום ערשטען מאָל האָבען זיי באַמערקט ווי די איינוואָהנער וויקלען איין אזעלכע בלעטער און צינדען זיי אָן אויף איין זייט און די צווייטע נעהמען זיי אריין אין מויל און ציהען ביז וואַנען א רויך קומט ארויס.

מען האָט זיי געפרעגט וואָס דאָס איז, און זיי האָבען עס אָנגערופען טאַבאַקאָ. זינט דאַן איז דאָס רייכערען פון טאַבאַקאָ פארשפּרייט געוואָרען איבער דער גאַנצער וועלט.

אפּרייזענדיג ווייטער האָט ער געגעבען די געוויינליכע סיגנאַלען צו די אנדערע צוויי שיפען. אבער ער האָט באַמערקט אז די שיף פּינטא געהט גאַר אין אן אנדער ריכטונג. ער האָט ניט אויפגעהערט צו געבען די סיגנאַלען. אבער די פּינטא האָט קיין אַכט אויף דעם ניט געלייגט און איז געגאַנגען ווייטער. ווען עס איז געוואָרען טונקעל האָט קאָלאָמבוס געגעבען סיגנאַלען פון פייער. אבער אומזיסט. ווען דער פריהמאָרגען איז געקומען האָט קאָלאָמבוס שוין מעהר ניט געקענט זעהן די פּינטא. ער איז געווען שטאַרק באַזאָרגט ביי דער געשעהעניש. פּינזאָן, דער קאַפּיטאַן פון דער פּינטא, איז געווען א גוטער און געאיבטער ים־פאָהרער, און וויל איינינגע מאָל איז צווישען זיי ביידען פארגעקומען אַ איבעררייד וועגען די ריכטונגען וואוהין צו ווענדען זייערע שיפען, און איינינגע מיספארשטענדנישען אין געווען צווישען זיי, האָט קאָלאָמבוס גענומען פארדעכטיגען אַז פּינזאָן זוכט אַן אויסרייד זיך אָפּצוטיילען פון איהם און זוכען צו נעהמען דעם קרעדיט פאַר זיך אַליין פאַר די ענטדעקונג פון די אנדערע אינזלען. און פיעלייכט וויל ער גאָר זיך אומקעהרען נאָך שפּאַניען אײדער ער קומט כדי ער זאָל קענען קריגען דעם גאַנצען כבוד און באַלוינונג פאַר דער ענטדעקונג?

קאָלאָמבוס האָט איינגעזעהן אַז צו מאַכען א פארזוך איהם אויפצוזוכען, איז אומזיסט, און דאריבער האָט ער בעשלאָסען זיך צוריקצוקעהרען נאָך קיובא צו פאַרענדיגען זיין אויספאָרשונג אַרום יענעם אינזעל.

לואיס דע טאָרעס האָט געקראָגען ערלויבניס פון קאָלאָמבוס'ן זיך צו באַזעצען אין קיובאַ. ניט נאָר איז ער געווען דער ערשטער איד זיך צו באַזעצען אויף יענעם אינזעל, נאָר אויך דער ערשטער אייראָפּעער.

ער האָט געפונען די איינוואָהנער זעהר גאַסטפריינדליך און געטריי. ער האָט גענומען פיהלען א נאָהענטקייט צווישען איהם און די האַלב־ווילדע שבטים. ער האָט גענומען בעטראַכטען זייערע מנהגים און זיטען און פיעלע ווערטער פון זייער שפּראַך איז איהם אויסגעקומען גאַנץ בעקאַנט. עס האָט געהאַט דעם אָפּקלאַנג פון העברעאיש.

— איך האָב א גוטען גרונד צו פארדעכטיגען אז דיזע אינדיאנער זיינען א טייל פון די פארלאָרענע צעהן שבטים פון ישראל! — האָט זיך לואיס דע טאָרעס איינמאָל אָפּגערופען צו קאָלאָמבוס'ן, — איך האָב גענומען שטודירען

זייערע מנהגים און איך האָב זיך צוגעהערט צו זייערע געשפּרעכען און וואס מעהר איך ווער בעקאַנט מיט זייערע זיטען אַלץ מעהר בין איך איבערצייגט אַז זיי שטאַמען פון די עשרת השבטים, וועמען דער קעניג פון אשור האט פאַרטרי־בען פון ארץ ישראל. אפילו די נעמען וואָס זיי האָבען געגעבען צו זייערע טייכען און דערפער שטאַמען פון העברעאיש.

קאַלאַמבוס איז שטאַרק פאראינטערעסירט געוואָרען, און ער האָט איהם געפרעגט ווי אַזוי ער דרינגט אַז די נעמען שטאַמען פון העברעאיש.

— אַט נעהם צום ביישפּיעל דעם נאַמען פון דעם טייך איינא, — האָט לואיס דע טאָרעס געזאָגט, — דאָס שטאַמט פון דעם וואָרט "עין", א קוואַל. דער נאָמען יאנאָס, שטאַמט פון דעם וואָרט יונה, דער נאַמען יאקע פון וואָרט יעקב, אורעס פון וואָרט אוריה, סיאבא פון וואָרט שבע און מאיסי פון וואָרט משה.

לואיס דע טאָרעס האָט געמאַכט נאָך מעהר אויספאָרשונגען, און ער האָט אויסגעפונען אַז פיעלע פון די אינדיאַנער זיינען מל זייערע קינדער. זיי טובל'ן זיך אין טייכען און אין קוואַלען כדי צו זיין ריין. זיי היטען זיך שטאַרק אָפּ ניט אָנצוריהרען קיין טויטע פּערזאָן. זיי היטען זיך אָפּ ניט צו טרינקען קיין בלוט. זיי פאַסטען אין פאַרשידענע טעג פון יאָהר. התונה האָבען מיט א שוועגעריין איז געווען ערלויבט אויב די שוועגעריין איז געבליבען א קינדערלאָזע אלמנה.

ער האָט אויך געפונען אַז זיי ברייגנען די ערשטע צייטיגע פרוכט (בכורים) אַלס א קרבן אויף די הויכע בערג. זיי האָבען טעמפּלען וואו זיי זיינען מתפּלל צו גאָט, און זיי באַזיצען א הייליגען ארון, וואָס זיי טראָגען מיט זיך אין צייט פון מלחמה. און אַזוי ווי די צעהן שבטים איידער אשור האָט זיי פאַרטריבען פון ארץ ישראל זיינען געווען געצען־דיענער אַזוי זיינען אויך די אינדיאַנער געצען־דיענער.

קאַלאַמבוס אַליין האָט זיך גוט צוגעקוקט צו דעם סאָרט לעבען פון די אינ־דיאַנער און ער האָט איינגעזעהן אַז לואיס דע טאָרעס רעדט ניט פון וועג. ער אַליין האָט גענומען באַמערקען א גרויס עהנליכקייט צווישען די אינדיאַנער און די אידען.

— אויב עס זאָל ווירקליך זיין אַז מיר האָבען ענטדעקט לאַנד וואו די צעהן פאַרלאָרענע שבטים פון ישראל געפינען זיך, דאַן וועט מיין פרייד פאַרדאָפּעלט ווערען! — האָט קאַלאַמבוס זיך אָפּגערופען צו לואיס דע טאָרעס, — איך האָב שטענדיג געפיהלט אַז די נבואה פון דעם גרויסען הייליגען נביא ישעיהו האָט מיך באַגייסטערט אונטערצונעהמען דיזע געפעהרליכע רייזע. איך האָב געהאָפט אַז מיין ענטדעקונג וועט ברייגנען פרייד און גליק אין די הערצער פון פיעלע אונטערדריקטע פעלקער איבערהויפּט די אידען, און ווען עס זאָל זיך ארויס־ווייזען אַז דאָס לאַנד בעלאַנגט ווירקליך צו זייערע ברידער, וועט עס ברייגנען פאַר זיי דעם גרעסטען גליק.

— איך וואָלט וועלען זיך דאָ באַזעצען אויף שטענדיג כדי איך זאָל זיך בעסער בעקענען מיט זייערע מנהגים. איך וויל האָבען די געלעגענהייט אויס־צוגעפינען מעהר איינצעלהייטען וועגען זיי און אויב דו וועסט ניט האָבען דאגעגען, וועל איך דאָ פאַרבלייבען.

— איך וועל זיין זעהר צופרידען, — האָט קאַלאַמבוס זיך אָפּגערופען, —

איך וואָלט געוואָלט אימיצען מיינע פון פארטרויענסווערטהע מענשען איבער־לאָזען דאָ, כדי איך זאָל שטענדיג קענען קומען אין פארבינדונג מיט איהם, און ער זאָל מיר איבערגעבען א גענויען באריכט פון אלעם וואס דא קומט פאר.

אזוי איז לואיס דע טאָרעס פארבליבען אין קיובא. ער האט געפונען חן אין די אויגען פון דעם הויפט פון דעם שבט און ער האט איהם אפגעגעבען א שעהנע הויז און א פראכטפאָלען גארטען.

קאָלאָמבוס האט זיך פריינדליך געזעגענט מיט די הויפטען, וועלכע זיינען געווען צו איהם זעהר פריינדליך און ער האט זיך גענומען אומקעהרען צוריק אהיים.

ווען זיי זיינען אפגעפאָהרען ניט ווייט פון דעם אינזעל, האט מיט זיי פאסירט אן אומגליק. די שיף סאנטא מאריא איז פארקראכען אויף זאמד און איז צובראָכען געוואָרען.

קאָלאָמבוס האט געטהאָן אלעם אין זיין כח צו ראטעווען זיין מאנשאפט. ער האט גלייך ארויסגעשיקט א קליינע שיף שלוחים צו דעם הויפט פון אינזעל און איהם געלאָזט וויסען וועגען זיין אומגליק. די שיף איז געווען אונמעגליך צו ראטעווען. באלד זיינען אנגעקומען פיעלע אינדיאנער אויף קליינע שיפלעך און האבען געהאָלפען אריבערצופיהרען די מאטראזען און קאָלאָמבוס'ן אויף דער אנדער שיף נינא, וואס איז געשטאנען גאנץ ווייט פון דארטען. מורא האָ־בענדיג צוצוקומען צו דעם זעלבען פלאץ וואו די סאנטא מאריא איז צושמע־טערט געוואָרען.

די אינדיאנער זיינען געווען אזוי ערשיטערט פון דעם אומגליק אז זיי האבען געוויינט פון צער. זיי האבען געטהאָן אלעם וואס איז מעגליך צו העלפען די אומגליקליכע. זיי האבען זיי צוריקגעבראכט צו זייער אינזעל און זיי האבען זיי געטרייסט. זיי האבען פאר זיי געמאכט גרויסארטיגע מאָלצייטען און קיינער האט זיך ניט געקענט אפוואונדערען פון זייער ליעבליכקייט און גאסט־פריינד־ליכקייט.

יעצט איז קאָלאָמבוס פארבליבען מיט איין שיף. ער איז אבער געווען צופרידען וואס קיינער פון זיינע מענשען איז ניט אומגעקומען.

קאָלאָמבוס האט אויף איינעם פון די ארומיגע אינזלען געבויט א פעסטונג און דארטען איבערגעלאָזען אייניגע פון זיינע מאטראזען, ווייל די איינציגע שיף וואס איהם איז פארבליבען איז געווען צו קליין צו האלטען אלע מאטראזען אויף אזא לאנגע רייזע.

קאָלאָמבוס האט א נאמען געגעבען די פעסטונג לא נאווידאד.

ניין־און־דרייסיג פון זיין מאנשאפט האבען זיך אפגעשטעלט אויף יענעם אינזעל, צווישען וועלכע עס איז געווען א אידישער דאָקטאָר, א סטאָליאר, א שניידער און אנדערע וועלכע זיינען געווען געאיבט אין פארשידענע מלאכות.

דעם פיערטען יאנואר 1493 האט קאָלאָמבוס פארקירעוועט די שיף נינא צוריק אהיים.

א לייכטער ווינטעל האט געבלאָזען אין אן אנדער ריכטונג, און קאָלאָמבוס איז געווען געצוואונגען זיך צו פאראנקערען ביז וואנען די ריכטונג פון ווינד

וועט זיין צו גונסטען זייער רייזע. צוויי טעג זיינען זיי אזוי געשטאנען און נאכהער האָבען זיי פאָרטגעזעצט זייער רייזע.

א מאטראָז וועלכער האָט ארויפגעקלעטערט אויף דעם הויכען מאסט צו פאררייכטען די זעגעל, האָט פּלוצלינג דערזעהן ווי די פינטא קומט אן אין זייער ריכטונג.

ער האָט שנעל אויסגערופען: "די פינטא קומט אָן! די פינטא קומט אן!"

אז קאָלאָמבוס האָט דאָס דערהערט, איז ער ארויס אויפ'ן דעק, און גרויס איז געוועזן זיין פרייד ווען ער האָט ווירקליך דערזעהן ווי די שיף פינטא, וואָס האָט איהם מיט איינינע וואָכען צוריק פארלאָזען, קעהרט זיך אום צוריק.

אלעמענס פרייד איז געוועזן גרויס ווען זיי האָבען געזעהן אז די פינטא האָט זיך אומגעקעהרט. יעצט וועלען זיי זיך ניט פיהלען אזוי איינזאם אויף דעם גרויסען ים, און אין פאל פון אן אומגליק וועלען זיי זיך איינע די אנדערע קענען העלפען.

ווען די שיף פינטא איז צוגעקומען גאנץ נאָהענט צו דער נינא, איז דער קאפּיטאן פּינזאן ארויסגעקומען און פריינדליך באגריסט קאָלאָמבוס'ן.

קאָלאָמבוס האָט איהם געפרעגט פארוואָס ער האָט איהם פּלוצלינג פאר־לאָזען, און פּינזאן האָט זיך גענומען פארענטפערען, אז דער וועטער איז אין דעם שולדיג. ער האָט ניט געקענט פיהרען די שיף אין דער זעלבער ריכטונג ביז וואנען עס איז אנגעפאלען די נאכט און ער האָט פארלאָרען אלע שפּורען פון זיין שיף.

קאָלאָמבוס האָט גלייך פארשטאנען אז עס איז בלויז א תירוץ. אבער ער האָט זיך ניט וויסענדיג געמאכט. ער האָט איהם ארויסגעצייגט צוטרויען, און זיי האָבעןביידע אויסגעארבייט א פּלאן פאר זייער רייזע צוריק.

ער האָט געהייסען אז איינינע פון דער מאנשאפט פון דער פינטא זאָלען אריבערגעהן צו איהם אויף דער שיף.

פּינזאן האָט אזוי געטהאָן און זיי האָבען פאָרטגעזעצט זייער רייזע.

קאָלאָמבוס האָט גלייך גענומען די עטליכע מאטראָזען וואָס זיינען אריבער צו איהם פון דער פינטא אויף א פארהער. ער האָט געוואָלט דערגעהן די ריכטיגע אורזאכע פאר וואָס פּינזאן, דער קאפּיטאן פון דער פינטא, האָט איהם פּלוצים, אהן אן אורזאכע פארלאָזען.

— אויף אונזער שיף זיינען געוועזן עטליכע אינדיאנער וועלכע מיר האָבען מיטגענומען, — האָט א מאטראָז פון דער פינטא זיך אָפּגערופען, — און איינער פון די אינדיאנער האָט אונזער קאפּיטאן דערצעהלט, אז ווען מיר זאָלען געהן נאָך מזרח־צפון זייט, וועלען מיר אָנטרעפען אויף א געגענד וואו עס געפינט זיך א סך גאָלד און קאָסטבארע שטיינער. אונזער קאפּיטאן פּינזאן האָט אנגע־כאפּט א שטארקער השק צו קומען אהין דער ערשטער כדי ער זאָל קענען ער־קלעהרען יענע געגענד פאר זיין אייגענטום. ער האָט זיך באנוצט מיט דער געלעגענהייט וואָס זיין שיף איז געוועזן נעהנטער צו יענער ריכטונג.

— האָט ער מיינע סיגנאלען געזעהן? — האָט קאָלאָמבוס געפרעגט.

— געוויס! מיר האָבען אלע געזעהן, און איך און נאָך איינינע האָבען איהם געפרעגט פאר וואָס ער שענקט ניט קיין אויפמערקזאמקייט צו די סיגנא־לען, האָט ער אונז אלעם ערקלעהרט און ער האָט אונז פארשפּראכען אז ער

וועט דאס גאלד צוטיילען צווישען אונז אלעמען אויב מיר וועלען וויסען ווי צו האלטען דעם סוד און קיינעם ניט דערצעהלען פון דער אמת'ער סיבה. עטליכע טעג זיינען מיר אזוי ארומגעדרייזט, ביז וואנען מיר זיינען צוגעקומען צו א פלאץ וואו עס זיינען געווען פיעלע קליינע אינזלען, ביז וואנען דער אינדיאנער, וועלכער האט אונז די גאנצע וועג געזאגט ווי אזוי זיך צו קעהרען, האט אונז צוגעפיהרט צו היספאניאלא. דארטען האבען מיר פארבראכט דריי וואכען צייט און געהאנדעלט מיט די איינגעבארענע. אונזער קאפיטאן האט אויסגעביטען די קאלירטע גלעזלעך און פאטשערקעס אויף וויפיעל גאלד ער האט פון זיי געקענט ארויסקריגען. געוויינליך קיין סך גאלד האט ער דארט ניט געפונען, אבער פון דעם ביסעל גאלד וואס ער האט אריינגעקריגען פון האנדלען מיט זיי, האט ער אלס קאפיטאן גענומען העלפט פאר זיך און די איבריגע האט ער צוטיילט גלייך אויף גלייך צווישען זיינע כאמראזען.

קאלאמבוס האט בעשלאסען מעהר ניט צו ריידען וועגען דעם. ער וועט איהם אפילו ניט פארווארפען. ווען ער וועט זיך צוריקקעהרען אין שפאניען, דאן וועט ער זיין שטראף בעקומען פאר דעם פערראטה. וויפיעל האט געפעהלט אז פיעלע פון זיין מאנשאפט זאלען דערטרונקען ווערען נאך דעם ווי די סאנטא מאריא איז צושמעטערט געווארען ?!...

ער האט יעצט באפוילען זיך אומצוקעהרען צו דעם פלאץ פון וואנען פינזאן איז אנגעקומען.

פינזאן האט פרובירט איהם אפריידע' רעיפון, אבער קאלאמבוס איז געווען ענטשלאסען אויף דעם און זיי האבען זיך פארקירעוועט אהין.

ווען ער איז אנגעקומען אהין האבען די איינוואהנער פון יענעם אינזעל זיך בעקלאגט אויף אלאנזא פינזאן אז ער האט מיט געוואלד אוועקגענומען פון זיי פיער מענער און צוויי מיידלעך און זיי געגומען גענומען געפאנגען אויף זיין שיף.

קאלאמבוס האט געמאכט אן אויספארשונג און ווען ער האט אויסגעפונען אז פינזאן האט ווירקליך געפאנגען די אינדיאנער און זיי מיט געוואלד ארויפגעשלעפט אויף זיין שיף, מיט דער כונה צו פארקויפען זיי אין שפאניען אלס שקלאפען, האט ער איהם גלייך געהייסען זיי באפרייען.

— ניט נאר זאלען זיי אומגעקעהרט ווערען צו זייערע היימען, — האט קאלאמבוס זיך אפגערופען צו פינזאן, — נאר מען זאל זיי אויך מיטגעבען פיעלע מתנות און שעהנע קליידער, כדי צו פארגיטיגען דעם אומרעכט וואס מען האט צו זיי געטהאן.

פינזאן האט זעהר ניט געוואלט דאס טהאן. ער האט פרובירט איבערצייגען קאלאמבוס'ן אז ער האט געהאט א רעכט מיטצונעהמען איינינע אינדיאנער מיט זיך. אבער קאלאמבוס האט איהם שטרענג באפוילען, און ער האט זיך אונטערגעגעבען. זינט דאן האט פינזאן געטראגען א שטארקע שנאה אויף קאלאמבוס'ן.

---

דער רוהיגער ים וואס האט קאלאמבוס'ן באגריסט אויף זיין רייזע פון שפאניען, איז יעצט אויף זיין צוריקקעהר שוין גאר ניט געווען רוהיג. עס איז געווען אנפאנג פעברואר 1493 ווען קאלאמבוס האט באגעגענט די שרעקליכע שטורעמס. די לייבטע שיפלעך זיינען געווארפען געווארען פון די אונגעהויער

גרויסע כוואליעס און עס האט זיך אויסגעדוכט אז אט אט ווערען זיי אין גאנצען פארשלונגען.

זיי האבען געמאכט זעהר לאנגזאמען פארטשו ים. און אזוי זיינען פאריבער פיעלע טעג אין שרעק און אין פארצווייפלונג.

אין מיטען פון דעם שרעקליכען שטורעם וואס האט געבושעוועט אויפ'ן ים, האט קאלאמבוס מעהר ניט געזעהן די פינטא. קאלאמבוס האט א גאנצען טאג און א גאנצע נאכט ניט אויפגעהערט צו געבען סיגנאלען. ער האט אבער קיין שפור פון דער פינטא ניט געזעהן. ער איז געווען זיכער אז אן אומגליק האט מיט דער שיף פאסירט. און א טרויער האט איהם ארומגענומען. זיין שיף נינא איז די לעצטע שיף, און וואס וועט זיין אז זי וועט אויך ניט קענען ביישטעהן די שטורעמס און זינקען? !... וואס וועט ווערען פון זיין גאנצע ענטדעקונג ?... עס וועט קיינמאל ניט בעוואוסט ווערען אז א נייע וועלט איז ענטדעקט געווארען און די געיאגטע און געפלאגטע אידען וועלען ניט געפינען א מקלט פאר זיך.

ער איז געווען וואך טאג און נאכט און געזעהן צו טהאן אלעס וואס מעגליך צו פארמיידען אן אומגליק מיט זיין שיף. ענדליך האט ער דערגרייכט לאנד. פון ווייטען האט קאלאמבוס געקענט זעהן אז זיי געפינען זיך ניט ווייט פון פארטוגאל. קאלאמבוס האט זיך דערמאנט ווי אזוי די פארטוגעזישע שיפען האבען זיך נאך איהם נאכגעיאגט און געוואלט נעהמען אין געפאנגענשאפט. און ער האט געוואוסט אז צו לאנדען אין פארטוגאל וועט פאר איהם זיין אזוי געפעהרליך ווי דער שרעקליכער שטורעם אויפ'ן ים. אבער ער האט קיין אנדער ברירה ניט געהאט. די מאטראזען זיינען געווען ערשעפט פון דער גרויסער אנשטרענגונג. דאס וואסער און שפייז האט זיך אויסגעלאזען. און דער שטורעם אויף דעם ים, אנשטאט צו ווערען קלענער, ווען זיי האבען דערגרייכט די ברעגעס פון לאנד, איז נאך גרעסער און געפעהרליכער געווארען.

קאלאמבוס האט זיך בעראטהען מיט זיינע געהילפען און זיי האבען אלע בעשלאסען אז ער זאל אפשטעלען די שיף אין א האפען אין פארטוגאל.

— אפילו ווען מיר זאלען קענען ראטעווען אונזער שיף, וועלען מיר אין דיזען גרויסען שטורם קיין סך פארטשריט ניט מאכען. און מיר דארפען דאנקען גאט וואס מיר האבען ענדליך דערגרייכט לאנד. איידער מיר וועלען צוקומען צו שפאניען אין אזא שטורעם וועט זיכער געדויערען נאך עטליכע טעג. וועלען מיר דען קענען אויסהאלטען אויב מיר וועלען ניט קענען קריגען שפייז און וואסער? — האט איינער פון זיינע געהילפען זיך אפגערופען צו קאלאמבוס'ן.

— מיר האבען איינגעשטעלט אונזערע לעבענס און געלאנדעט אין דער נייער וועלט צווישען ווילדע אינדיאנער, פארוואס זאלען מיר מורא האבען צו לאנדען דא? נאך אלעמען האסטו דאך קיין שלעכטעס צו פארטוגאל ניט געטהאן. דאס לאנד וואס דו האסט ענטדעקט איז נאך קיינמאל ניט ענטדעקט געווארען פון אן אייראפעאישער מלוכה.

— מיר האבען קיין אנדער אויסוואהל ניט, מיר וועלען מוזען לאנדען אין פארטוגאל, — האט קאלאמבוס אויסגערופען, — לאמיר זיך מאכען גרייט. און אזוי האט קאלאמבוס געלאנדעט אין פארטוגאל דעם פערטען מערץ.

---

די איינוואָהנער פון יענעם געגענד זיינען שנעל זיך צוזאמענגעלאָפען און באגריסט קאָלאָמבוס'ס שיף. זיי האָבען פון ווייטען באמערקט ווי די שיף קעמפט געגען די כוואליעס דעם גאנצען פריהמאָרגען. זיי האָבען שוין ניט געוואַרטעט אז זי זאָל צוקומען א גאנצע צום האפען.

איינינגע פּאָרטוגעזישע קאפּיטאנען וועלכע זיינען די ערשטע ארויף צו באגריסען קאָלאָמבוס'ן האָבען איהם פאַרזיכערט אז זיי האָבען נאָך אזא שרעקליכען שטורעם קיינמאָל ניט בייגעוואוינט. פיעלע שיפען שטעהען שוין צ[illegible] האפען מאָנאַטען לאנג און וואגען ניט אָפּצורייזען צוליעב דעם שרעקליכען שטורעם וואָס בושעוועט אויף דעם ים שוין אזא לאנגע צייט. די וועלכע האָבען געוואַגט צו פאַרלאָזען דעם האפען זיינען אומגעקומען אין ים. זייערע שיפען זיינען צושמעטערט געוואָרען.

באלד האָט קאָלאָמבוס אָנגעשריבען א בריעף צו דעם קעניג און קעניגין פון שפּאַניען וואו ער האָט זיי געלאָזט וויסען וועגען זיינע ענטדעקונגען, און אז צוליעב דעם שטורעם איז ער געצוואונגען זיך אָפּצושטעלען אין פּאָרטוגאל. ער האָט דעם בריעף איבערגעשיקט מיט א שליח. ער האָט אויך אוועקגעשיקט א בריעף צו דעם קעניג פון פּאָרטוגאל און געבעטען ערלויבניס ער זאָל איה[illegible] לאָזען לאנדען אין ליסאבאָן, וויל עס האָט זיך פאַרשפּרייט א קלאנג אין טאגו, דעם פּלאץ וואו ער האָט געלאַנדעט, אז זיין שיף איז אָנגעלאָדען מיט גאָלד וואָס ער האָט מיט זיך געבראכט פון דעם נייעם לאנד וואָס ער האָט ענטדעקט, און די איינוואָהנער פון יענעם געגענד דראָהען איהם.

"איך פאַרזיכער זיין מאיעסטעט דעם קעניג פון פּאָרטוגאל", האָט ער געשריבען אין בריעף, "אז איך בין ניט געווען אין קיינע פון די פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס, און אלעס וואָס איך האָב ענטדעקט איז נאָך ביז יעצט פון קיינעם ניט ענטדעקט געוואָרען."

---

דער קעניג פון פּאָרטוגאל האָט זיך זעהר געשראָקען. זינט ער האָט זיך דערוואוסט אז קאָלאָמבוס, וועמען ער האָט ענטזאגט צו געבען שיפען און שטיצע צו ענטדעקען נייע לענדער, און דער שפּאַנישער קעניג האָט זיין פּלאן אָנגענומען, ער האָט זיך געשראָקען פיעלייכט וועט קאָלאָמבוס'ן טאקע געלינגען צו ענטדעקען פאַר שפּאַניען נייע לענדער און דאמיט וועט שפּאַניען פאַרגרעסערען איהר מאכט, יעצט, ווען ער האָט זיך דערוואוסט אז קאָלאָמבוס האָט זיך צוריקגעקעהרט מיט גרויס ערפאָלג, האָט זיך אין איהם די קנאה שטארק צופלאַקערט. אין דערזעלבער צייט וואָס ער האָט ערהאלטען קאָלאָמבוס'עס בריעף, האָט ער אויך געהערט פון פאַרשידענע קלאנג[illegible] וועגען גרויסע רייכטימער וואָס קאָלאָמבוס האָט געפונען אין די נייע ענטד[illegible] לענדער. און זיין הארץ האָט איהם זעהר געקלעמט. יעצט וועלען אלע פו[illegible] איהם חוזק מאכען. דאָס וואָס קאָלאָמבוס האָט יעצט בערייכערט שפּאַניען, האָט עס געקענט פּאַסירען צו פּאָרטוגאל, ווען ער וואָלט נאָר געקענט אלעס פאָראויסזעהן.

דער קעניג זשואן איז געווען זעהר פאַרביטערט. זיין פאַרצווייפלונג איז נאָך מעהר געוואקסען ווען ער האָט ערהאלטען קאָלאָמבוס'עס בריעף בעטענדיג איהם ערלויבניס צו פעראנקערען זיין שיף אין ליסאבאָנ'ער האפען. וואָס פאַר א פּנים וועט ער האָבען ביי זיין פאָלק ווען אלע וועלען זיך דערוויסען פון די

רייכטימער און די וואונדערבארע לענדער וואס שפאניען וועט בעקומען אלס רעזולטאט פון קאלאמבוס'עס ענטדעקונגען ? ! ער האט שנעל צוזאמענגערופען זיינע מיניסטארען און אויך די געלערנטע אסטראנאמען, וועלכע וועלען איהם קענען ערקלעהרען וואס פאר א לענדער קאלאמבוס האט ענטדעקט, און אין דערזעלבער צייט וועט ער זיך מיט אלעמען בעראטהען וואס צו טהאן מיט קאלאמבוס'ן.

— די ערשטע זאך וואס דער קעניג דארף טהאן, איז צו ערלויבען קאלאמבוס'ן צו לאנדען אין ליסאבאן, — האט דער הויפט־מיניסטער אויסגערופען. — דאן ווען ער וועט שוין זיין אין ליסאבאן וועלען מיר זעהן וואס מיר האבען צו טהאן.

— דאס וועל איך טאקע באלד טהאן ! — האט דער קעניג צוגעשטימט, — ער האט שנעל אוועקגעשיקט צו קאלאמבוס'ן א קוריער מיט אן ערלויבניס צו לאנדען אין ליסאבאן.

— "איך וויל אויסנוצען די געלעגענהייט דיך צו גראטולירען פאר דיין וואונדערבארער דערגרייכונג ! — האט דער פארטוגעזישער קעניג געשריבען, — איך גיב דיר די פרייהייט פון מיין לאנד, איך האב אויך באפוילען מיינע בירגער דיר צו העלפען מיט וואס זיי וועלען קענען, זיי זאלען צושטעלען פאר דיר און דיין מאנשאפט שפייז, וואסער, האלץ, אלעס וואס דו וועסט זיך נויטיגען, אומזיסט, קיינער זאל ניט וואגען פון דיר צו פערלאנגען געלד פאר דעם, און אזוי שנעל ווי דו וועסט אנקומען אין ליסאבאן, לאדע איך דיר איין דו זאלסט קומען בעזוכען מיין פאלאץ וואו איך וועל מאכען א מאלצייט לכבוד דיר און דיין ערפאלגרייכע דערגרייכונגען".

קאלאמבוס האט שטארק פארדעכטיגט אז דער פארטוגעזישער קעניג איז ניט אויסען איהם צו עהרען, און אז די קנאה ברענט אין איהם. ער האט יעצט קיין צוטרויען ניט געהאט צו זיינע "האניג זיסע" ווערטער, אבער ער האט איינגעזעהן אז עס וועט זיין זעהר ניט טאקטיש און העפליך פון זיין זייט ארויסצוצייגען אז ער האט ניט קיין צוטרוי צו דעם קעניג, און ער וועט זיין איינלאדונג ניט אננעהמען.

ער האט דאריבער געענטפערט אז ער וועט קומען באזוכען דעם פאלאץ אזוי שנעל ווי ער און זיינע געהילף וועלען זיך האבען אויסגערוהט.

---

צווישען די וועלכע זיינען געווען פארזאמעלט אין קעניגליכען פאלאץ זיך צו בעראטהען ווי אזוי צו האנדלען מיט קאלאמבוס'ן, האבען זיך געפונען די אלע וואס האבען זיך אויסגעלאכט פון קאלאמבוס'ן, ווען ער האט פאר זיי פארגעבראכט זיין פלאן. יוסף וויזינא, וועלכער האט געשטיצט קאלאמבוס'ן כאטש ער האט אויך ניט איינגעשטימט מיט זיינע פלענער, איז אויך געווען אנוועזענד.

די אלע געגנער פון קאלאמבוס'ן האבען פרובירט איינריידען דעם קעניג אז זיי גלויבען נאך יעצט אויך ניט אין די ענטדעקונגען פון קאלאמבוס'ן.

— עס איז גאנץ מעגליך אז עה איז געקומען צו יענע לענדער וואס בעלאנגען שוין לאנג צו פארטוגאל, — האט איינער געזאגט.

— צוליעב וואס זאלען מיר זיך אליין נארען! — האט יוסף וויזינא זיך אנגערופען, — מיר האבען געמאכט א גרויסען טעות און מיר דארפען זיין בראוו גענוג עם צוצוגעבען. איך אליין בין אויך געווען איינער פון זיינע געגנער, כאטש איך האב אליין געהערט פון דעם פראפעסאר אברהם זאקוטא, אז קאלאמבוס וויס וואס ער רעדט און אז גאנץ ווייט אין מערב איבער דעם אטלאנטישען אקעאן, געפינט זיך א נייע וועלט.

— און פארוואס האסטו מיר דאן ניט דערציילט אז דער פראפעסאר זאקוטא איז איינשטימיג מיט קאלאמבוס'ן? — האט דער קעניג איהם פארגעווארפען.

— מיין הער קעניג מאכט א טעות, איך האב גראדע יא דערציילט וועגען זאקוטא'ן אז ער שטיצט קאלאמבוס'ן און איך קען עס באווייזען דאמיט וואס איך האב דאן געבראכט פאר דעם קעניג זאקוטא'ס נאר וואס ערשינענעם בוך. איך בין זיכער אז דאס בוך געפינט זיך נאך יעצט צווישען דעם קעניג'ס ביכער.

— יא, יעצט, דערמאן איך זיך. דו האסט מיר טאקע געזאגט וועגען זאקוטא'ן, און דאס באווייזט מיר, אז דער פראפעסאר זאקוטא איז מעהר געלערנט ווי אלע מיינע אסטראנאמען און געלערנטע צוזאמענגענומען.

— קיינער פון אונז וועט ניט לייקענען אז דער פראפעסאר פון דעם סאלאמאנקער אוניווערזיטעט, זאקוטא, איז איינער פון די געלערנטעסטע מענשען ניט נאר אין שפאניען, נאר אויך פון דער גאנצער וועלט.

— איך וויל יעצט ביי דער געלעגענהייט באמערקען, — האט דאקטאר וויזינא זיך אנגערופען, — אז דער פראפעסאר אברהם זאקוטא געפינט זיך יעצט אין אונזער לאנד.

— ער געפינט זיך יעצט אין פארטוגאל? — האט דער קעניג מיט ערשטוינונג געפרעגט.

— יא, עס איז שוין באלד אכט מאנאטען ווי דער געלערנטער פראפעסאר געפינט זיך דא אין לאנד! — האט וויזינא געענטפערט, — אזוי שנעל ווי פערדינאנד האט ארויסגעטריבען אלע אידען פון שפאניען, האט זאקוטא אויך געמוזט פארלאזען שפאניען, וויל ער איז א איד און ער האט ניט געוואלט בייטען זיין רעליגיאן.

— זאל ער געבראכט ווערען אין מיין פאלאץ! — האט דער קעניג זשואן אויסגערופען, — איך בין זעהר נייגעריג צו הערען זיין מיינונג וועגען קאלאמבוס'ס ענטדעקונג. איך וויים אז ער וועט ניט האנדלען צום גונסטען פון דעם שפאנישען קעניג, נאכדעם ווי ער איז פון שפאניען פארטריבען געווארען.

— זאל איך געהן רופען זאקוטא'ן? — האט זיך וויזינא אויפגעשטעלט.

— איך וועל דיר דאנקבאר זיין! — האט דער קעניג געענטפערט, — איך בין זעהר צופרידען אויפצונעהמען אזעלכע געלערנטע מענשען ווי זאקוטא, בפרט ווען ער איז פון שפאניען פארטריבען געווארען.

זעהר צופרידען איז וויזינא געווען צו האבען די מעגליכקייט אריינצוברייננגען זאקוטא'ן אין פאלאץ. אויף אזא געלעגענהייט האט ער זיך אליין אויך ניט געריכט. ער איז געווען זיכער אז מיט זאקוטא'ס אנוועזענהייט אין פאלאץ, וועט ער קענען פועל'ן ביי דעם קעניג לייכטער צו מאכען פאר די אידען וועלכע זיינען אריינגעקומען אין פארטוגאל נאך דעם שרעקליכען גרוש פון שפאניען.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און וויזינאַ'ס קאַרעטע מיט זאַקוטאַ'ן איז צוגעפאָהרען צום פּאַלאַץ. דאָקטאָר וויזינאַ איז אַרויס אַ פריהער און דערנאָך איז פון דאָרטען אַרויסגעקומען פּראָפעסאָר זאַקוטאַ.

וויזינאַ האָט איהם פאָרגעשטעלט פאַר דעם קעניג, וועלכער האָט איהם אויפגענומען מיט אַ פריינדליכען שמייכעל.

— איך האָב זעהר פיעל געהערט וועגען דיר! — האָט זשואַן זיך אָפּגערו־פען, — און איך בין זיכער אַז איך וואָלט זיך מיט דיר געזעהן איידער איך האָב צוריקגעוויזען קאָלאָמבוס'ס פּלענער וואָלט יעצט קאָלאָמבוס זיינע ענטדע־קונגען געמאַכט פאַר מיר. איך זעה יעצט איין, אַז מיר אַלע האָבען געמאַכט אַ טעות, אויסער דו און קאָלאָמבוס.

זאַקוטאַ האָט בעדאַנקט דעם קעניג פאַר זיין פריינדליכקייט וואָס ער צייגט איהם אַרוים, און ער האָט זיך אָפּגערופען:

— דער קעניג פון שפּאַניען האָט אונז פון זיין לאַנד פאַרטריבען, כאָטש מיר אידען האָבען פיעלעס בייגעשטייערט צו דער ענטוויקלונג פון שפּאַניען, און איך ווייס אַז איך רייד אין נאָמען פון אַלע מיינע ברידער וועלכע געפינען זיך יעצט אין פּאָרטוגאַל דורך דעם קעניג'ס גרויסען גנאַר און מיר זיינען אַלע גרייט צו דיענען דעם קעניג און פּאָרטוגאַל.

— דו האָסט דאָך שוין געהערט אַז קאָלאָמבוס געפינט זיך יעצט אין מיין לאַנד. פון דאַנען רייזט ער אָפּ נאָך שפּאַניען, און ער ברייננגט פאַר דעם קעניג פון שפּאַניען דאָס רעכט צו באַזיצען אַ נייע וועלט מיט גרעניצלאָזע רייכטימער. איך און פיעלע פון מיינע ראַטהגעבער, בפרט די וועלכע זיינען געלערנט, האָבען אויסגעדריקט אַ מורא פיעלייכט האָט קאָלאָמבוס ענטדעקט דיזעלבע אינזלען וואָס זיינען שוין לאַנג ענטדעקט געוואָרען פאַר פּאָרטוגאַל. דאַריבער וויל איך דו זאָלסט פאַר אונז אַלעמען ערקלעהרען, ווי אַזוי דאָס איז אונמעגליך און וואָס פאַר אַ לענדער עס זיינען יענע וועלכע קאָלאָמבוס האָט ענטדעקט. איך וואָלט זעהר געוואָלט אויסמיידען אַ מלחמה מיט דעם קעניג פון שפּאַניען, אָבער אויב ער וועט לייגען אַ תביעה אויף די פּאָרטוגעזישע ענטדעקונגען, וועל איך פאַר זיי קעמפּפען.

זאַקוטאַ האָט אַרויסגענומען אַ מאַפּע און ער האָט ערקלעהרט דעם קעניג וואו יענע לענדער וואָס קאָלאָמבוס האָט ענטדעקט געפינען זיך. ער האָט זיי אַלעמען איבערצייגט אַז קאָלאָמבוס האָט גערייזט אין אַ גאַנץ אַנדער געגענד.

— איך האָב איינגעלאַדען קאָלאָמבוס'ן צו מיין פּאַלאַץ, און ער וועט מאָר־גען קומען און דערצעהלען פון זיין ערפאָלג, פאַרלאַנג איך פון דיר, פּראָפעסאָר זאַקוטאַ דו זאָלסט אויך אַנוועזענד זיין. איך בין זיכער אַז דו וועסט קענען זעהן ווי ווייט מען קען בויען אויף קאָלאָמבוס'עס רייד.

דער פּאָרטוגעזישער קעניג האָט געגעבען קאָלאָמבוס'ן אַ פּרינצליכע אויפ־נאַהמע. ער האָט איהם זעהר פריינדליך באַגריסט און גראַטולירט צו זיין גרויסען ערפאָלג.

קאָלאָמבוס האָט זיך פאַרנייגט און זיך זעהר דערפרעהט ווען ער האָט דאָרטען געטראָפען זיין גוטען פריינד זאַקוטאַ.

קאָלאָמבוס האָט מיט אַלע אייגנצעלהייטען דערצעהלט ווי אזוי ער האָט ענטדעקט א נייע וועלט.

— איך האָב אַלעם צו פערדאנקען דעם פּראָפעסאָר זאקוטא, — האָט קאָ־לאָמבוס אָנגעצייגט אויף זאקוטא׳ן וועלכער איז געזעסען אין א זייט.

דער קעניג האָט זיך געמאכט ווי ער הערט זיך איין מיט גרויס פרייד און פארגעניגען, אבער קאָלאָמבוס האָט באמערקט אז זיינע אויגען דריקען אויס צער און פארדרוס. זיין שטימע קלינגט מיט קנאה און ענטטוישונג.

נאָך דעם ווי קאָלאָמבוס האָט געענדיגט דערצעהלען, און עס האָט אויס־געוויזען אז דער קעניג שטימט צו מיט איהם, אז ער האָט ענטדעקט א לאַנד וואָס איז נאָך ביז יעצט ביי קיינעם ניט ענטדעקט געוואָרען, האָט פּלוצים דער קעניג ווידער אויסגעדריקט זיין צווייפעל.

— איך בין כמעט ווי זיכער אז דו האָסט ענטדעקט די זעלבע לענדער וואָס זיינען שוין לאַנג ענטדעקט געוואָרען פאַר פּאָרטוגאל! — האָט ער אויסגערופען און אין זיין שטימע איז געלעגען ביטערקייט.

— איך האָב אין מיין שיף גענוג באווייזע אז איך האָב ענטדעקט א גאַנץ נייע וועלט וואָס איז נאָך ביז יעצט ניט ענטדעקט געוואָרען, — האָט קאָ־לאָמבוס געזאָגט מיט א געלאַסענע שטימע, — איך האָב מיטגעבראכט איינינע אינדיאַנער און פארשידענע סמנים וואָס וועט מעהר ביי דיין מאַיעסטעט קיין צווייפעל ניט זיין.

— איך גלויב דיר, — האָט דער קעניג געענטפערט, — מיר האָט זיך עס בלויז אויסגעדוכט, און יעצט קענסטו זיך געהן אויסרוהען און מאָרגען אין דער פריה וועלען מיר ווידער רעדען וועגען דיין רייזע. איך האָב בעשטימט פאַר דיר א פּלאַץ וואו איבערצונעכטיגען מיט דיין געהילף און איך וועל דיר פארזיכע־רען אז אַלע מיינע בירגער זיינען דיר גרייט צו דיענען, און וואָס דו וועסט ארויסריידען פון דיין מויל וועט געטהאָן ווערען.

קאָלאָמבוס האָט הערצליך באדאנקט דעם קעניג און ער האָט זיך צוריק־געצויגען פון פּאַלאַץ זיך אויסצורוהען. ער האָט א היבשע ווייל פארבראכט מיט דעם פּראָפעסאָר זאקוטא און איהם דערצעהלט וועגען זיינע ערפאַהרונגען אין יענע לענדער.

---

דעם קעניג׳ס אייפערזוכט האָט נאָך שטאַרקער געברענט. ער האָט זיך ניט געקענט פארגעסען אָז דעם אז אַלעם וואָלט יעצט געקענט זיין זיינע.

די בעאַמטע און איינינע פון די מיניסטאָרען, דערזעהענדיג אז דער קעניג איז שטאַרק בעזאָרגט און זיין צער איז זעהר גרויס, האָבען איהם געגעבען אָנצוהערעניש אז עס איז נאָך יעצט ניט צו שפּעט.

— דער קעניג פון שפּאַניען וועט קיינמאָל ניט אויסגעפינען אז קאָלאָמבוס האָט פאַר איהם ענטדעקט דאָס לאַנד — האָט איינער פון זיינע בעאַמטע זיך אָפּגערופען.

— איך פארשטעה ניט וואָס דו מיינסט! — האָט איהם דער קעניג אָנ־געקוקט.

— גאָר פּשוט, קאָלאָמבוס און זיין מאַנשאַפט געפינען זיך דאָך אין אונזער לאַנד, און מיר קענען טהאָן אזוי, אז קיין שפּור זאָל פון זיי ניט בלייבען.

— אָבער עס וועט דאָך יעצט קיין סוד ניט בלייבען אַז קאָלאָמבוס האָט זיך אומגעקעהרט, — האָט דער קעניג אויסגערופען און זיך אַליין דערשראָקען פאַר אַזאַ פּלאַן.

— עס קען געמאַכט ווערען אַזוי, אַז קאָלאָמבוס האָט די ענטדעקונג גאָר געמאַכט פאַר פּאָרטוגאַל. עס וועט זיין ניט שווער צו מאַכען אויף איהם אַ בלבול אַז ער האָט פערראַטהען שפּאַניען, — האָט איינער פון די מיניסטאָרען זיך אָפּגערופען צום קעניג, — מיר וועלען קענען זאָגען אַז יענער קאָלאָמבוס האָט אָפּגערייזט פון שפּאַניען איז ער צוגעקומען צו פּאָרטוגאַל און געמאַכט אַ צווייטען אָנבאָט צו זיין מאַיעסטעט דעם קעניג פון פּאָרטוגאַל. דער קעניג האָט איהם געגעבען געלד מיט דער פאַרשטענדניס אַז אַלעס וואָס ער וועט ענטדעקען זאָל געהערען פּאָרטוגאַל. און אַזוי איז טאַקע געשעהן. אַ באַווייז האָבען מיר, אַז ער איז געקומען פריהער אין פּאָרטוגאַל און איבערגעגעבען וועגען זיין רייזע און ענטדעקונגען. אָבער צום בעדויערען האָט ביים האַפען פון ליסאַבאָן אַן אומגליק פּאַסירט, און קאָלאָמבוס מיט זיין מאַנשאַפט זיינען אומגעקומען. און אין דערזועלבער צייט קענען מיר ארויסקריגען פון קאָלאָמבוס'ן אַלע פּאַפּירען און דאָקומענטען וואָס וועט נאָך מעהר פאַרגרינגערען אונזער תביעה.

דיזע רייד פון דעם מיניסטער האָבען געמאַכט אויף דעם קעניג אַ שטאַרקען איינדרוק. ווען ער זאָל טאַקע אַזוי טהאָן וועט די גאַנצע לאַגע געענדערט ווערען. דאָך האָט ער ביי זיך ניט געקענט באַשליסען צו טהאָן אַזאַ זאַך.

— איך וועל זיך פריהער בעראַטהען מיט די איבריגע מיניסטאָרען און איבערהויפּט מיט פּראָפעסאָר זאַקוטאַ. איך ווייס אַז ער אַליין וועט זיין פאַר־אינטערעסירט אַז פערדינאַנד זאָל גאָר ניט געניסען פון קאָלאָמבוס'עס ענט־דעקונגען, און איך וועל הערען וואָס ער וועט מיר ראַטהען.

ער האָט גלייך פאַררופען די איבריגע מיניסטאָרען און אויך דעם אידישען געלערנטען זאַקוטאַ'ן.

— עס איז איבריג פאַר מיר אייך צו דערצעהלען ווי שטאַרק ערשיטערט איך בין אויסצוגעפינען אַז דאָס וואָס האָט געקענט זיין מיינע וועט אַנקומען דעם קעניג פערדינאַנד — האָט דער קעניג אויסגערופען, — און איינציגע האָבע מיר געראַטהען צו טהאָן אַזעלכעס וואָס זאָל גוט מאַכען מיין פאַרלוסט.

דער קעניג האָט געהייסען יענעם מיניסטער פאַרשלאָגען זיין פּלאַן.

דער מיניסטער האָט עס געטהאָן. און כאָטש עס זיינען געווען פיעלע וועלכע זיינען געווען דאָגעגען צו באַגעהן אַזאַ שוידערליכע טהאַט, האָבען דאָך די מעהרהייט איינגעשטימט מיט זיין פּלאַן.

— עס איז דער איינציגער וועג, — האָבען אַלע געזאָגט, — און וואָס איינציגע פערזאָנען וועלען פאַרלירען דאָס לעבען, אויב דאָס וועט ברייננגען נוצען אונזער פאַטערלאַנד, דאַרפען מיר זיך ניט רעכענען דאַמיט, מיר דאַרפען עס רעכענען ווי אַ מלחמה און אויב אונזער שונא געפינט זיך אין אונזער לאַנד קענען מיר מיט איהם טהאָן וואָס מיר ווילען.

— און וואָס איז דיין מיינונג? — האָט דער קעניג זיך געווענדעט צו אַברהם זאַקוטאַ.

— איך בין אויך איינשטימיג מיט איהם, — האָט זאקוטא געזאָגט, — איך בין זעהר נייגעריג אז אַלע ענטדעקטע נייע לענדער זאָלען בעלאנגען צו דעם קעניג פון פּאָרטוגאַל, ווייל איך ווייס אז אַלע מיינע ברידער ווערען בעסער בעהאנדעלט אין פּאָרטוגאַל. אָבער דאָך האָב איך מורא אז דאמיט וועט דער קעניג מאַכען זעהר א געפעהרליכען שריט, עס קען אויסברעכען א מלחמה, און שפּאַניען איז יעצט זעהר שטארק.

— אָבער מען זאָגט דאָך דיר, אז עס קען געטהאָן ווערען אזוי אז דער קעניג פערדינאַנד זאָל ווירקליך גלויבען אז קאָלאָמבוס האָט איהם פערראַטהען ווייל מיר ווילען דאָך דערצו האָבען אַלע באווייזע און עס וועט ניט זיין ווער עס זאָל עס אָפּלייקענען.

— צום באַדויערען אָבער, וועט דער קעניג פערדינאנד גלייך פארשטעהן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען: — האָט זאקוטא געזאָגט.

— ווי אזוי?

— איך האָב מיט קאָלאָמבוס'ן געהאט א קורצען געשפּרעך ווען ער האָט פערלאָזען דעם פּאַלאַץ, און ער האָט מיר געזאָגט, אז אזוי שנעל ווי ער האָט געלאַנדעט אין טאַגוס, האָט ער אָנגעשריבען א בריעף צום קעניג און קעניגין פון שפּאַניען, וואו ער האָט מיט אַלע איינצעלהייטען דערצעהלט ווי אזוי ער האָט ענטדעקט די לענדער פאר שפּאַניען און אז ער איז געצוואונגען צוליעב דעם שרעקליכען שטורעם אָפּצושטעלען זיך אין פּאָרטוגאַל.

— ביזטו זיכער אז ער האָט ווירקליך אוועקגעשיקט דעם בריעף צו דעם ניג?

— ער האָט מיר געזאָגט אז ער האָט עס געשיקט מיט א ספּעציעלען קוריער.

— האָט זאקוטא געזאָגט.

אַלע זיינען געבליבען זיצען ענטטוישטע. א שטילקייט האָט געהערשט אין פּאַלאַץ.

— אויב אזוי איז ניטאָ מעהר וואָס צו ריידען פון דעם! — האָט דער קעניג אויסגערופען, — און מיר דאַרפען אַלע דאנקבאר זיין אונזער נייעם פריינד, דעם פּראָפעסאָר זאקוטא, וואָס ער האָט פארמיטען זעהר אַן אונאַנגענעהמע לאַגע. אין אמת'ן גערעדט בין איך אליין אויך געווען שטארק דאַגעגען אזא פּלאַן. ווען עס וואָלט געקומען דערצו וואָלט איך די לעצטע מינוט אליין ניט דערלאָזען אז אומשולדיגע בלוט זאָל פארגאָסען ווערען אין מיין לאַנד. אָבער דאָך פיהל איך אז זאקוטא האָט אַלעם פארמיטען.

— אָבער וואָס בלייבט יעצט פאר אונז צו טהאָן? — האָט איינער פון די מיניסטאָרען געפרעגט, — פיעלייכט האָט קאָלאָמבוס באזוכט די פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס און ער וועט זיי אויך אַנגעבען אין חשבון צו דעם שפּאַנישען קעניג?!...

— דאָס וועט מען זעהר גרינג קענען דערגעהן! — האָט זאקוטא געענטפערט, — יעדענפאַלס דאַרפען יענע אינזלען וואָס זיינען ענטדעקט געוואָרען אין נאָמען פון דעם פּאָרטוגעזישען קעניג בעצייכענט ווערען אַלס פּאָרטוגעזיש און קיין אנדער קעניג וועט ניט קענען האָבען א תביעה אויף זיי.

דאָקטאָר וויזינא וועלכער איז אויך געווען אנוועזענד אויף דער בעראטונג

און האָט זיך ניט געקענט אריינמישען אין דעם גאנצען געשפרעך, האָט זיך יעצט געפיהלט זעהר גליקליך וואָס פראָפעסאָר זאקוטא האָט גערעטעט קאָלאָמבוס'ם לעבען. ער האָט איינגעזעהן אז אלע האבען זייער צושטימונג געגעבען צו ערמאָרדען קאָלאָמבוס'ן, און ווען ניט זאקוטא וואָלט עס זיכער דורכגעפיהרט געוואָרען.

דער פּאָרטוגעזישער קעניג האָט אויף מאָרגען ווידער אויפגענומען קאָלאָמבוס'ן אין זיין פּאלאץ און ער האָט איהם געגעבען פילע מתנות. ער האָט איהם אָנגעטאָן גרויס כבוד און איהם ארויסבאגלייט צום האפען, צו זיין שיף, מיט מיליטערישער עהרע. קאָלאָמבוס האָט הערצליך באדאנקט דעם קעניג און ער איז מיט זיין מאנשאפט אָפּגערייזט נאָך שפּאניען.

---

גרויס איז געווען די פרייד און באגייסטערונג וואָס האָט געהערשט אין שפּאניען, ווען די נייעס האָט דאָרט דערגרייכט, אז קאָלאָמבוס האָט זיך צוריקגעקעהרט פון זיין לאנגער רייזע, און אז ער האָט אנטדעקט א נייע וועלט.

ווען קאָלאָמבוס האָט געלאנדעט אין דער קליינער האפענשטאָדט פּאלאס, פון וואנען ער האָט מיט זיבען מאָנאטען צוריק אָפּגערייזט, זיינען אלע איינוואוינער פון שטאָדט איהם ארויס אנטקעגען. זיי האָבען געזונגען און געטאנצט פון גרויס שמחה. אלע האָבען מיט זייערע אויגען געזעהן ווי קאָלאָמבוס און זיינע דריי שיפען האָבען אָפּגערייזט פון האפען. קיינער האָט ניט געגלויבט, אז ער וועט זיך שוין ווען עס איז צוריקקעהרען, בפרט ווען אויף דעם ים האָבען דיזען ווינטער געהערשט די שרעקליכסטע שטורעמס, און איצט זעהן זיי איהם צוריק.

די גלעקער פון די קירכען האָבען געקלונגען, אלע געשעפטען זיינען צוגעמאכט געוואָרען און פון קליין ביז גרויס זיינען געקומען איהם באגריסען.

קאָלאָמבוס האָט זיך לאנג ניט געזאמט אין פּאלאס. ער האָט מיטגענומען זעקס אינדיאנער מיט זיך און פארשידענע גאָלדענע צירונג, וואָס ער האָט איינגעהאנדעלט פון די איינוואוינער פון נייע אנטדעקטע לענדער און ער האָט אָפּגערייזט דורך לאנד צו בארסעלאָנא, וואו די קעניגליכע פּאָר האָבען זיך אויפגעהאלטען.

עס איז געווען א מערקווירדיגער צופאל, אז אין דעם זעלבען אווענד ווען קאָלאָמבוס'עס שיף, די נינא, האָט געלאנדעט אין פּאלאס איז א קורצע ווײַלע שפּעטער אהין אויך אָנגעקומען די פּינטא מיט דעם קאפּיטאן אלאָנזאָ פּינזאָן.

נאָכדעם ווי זיין שיף האָט זיך אָפּגעטיילט פון קאָלאָמבוס'ן צוליב דעם גרויסען שטורם, איז זי געטריבען געוואָרען אין אן אנדער ריכטונג ביז וואנען זי איז צוגעקומען ג. דעם האפען בייאָן. פּינזאָן איז געווען זיכער, אז קאָלאָמבוס און זיין שיף זיינען אומגעקומען אין דעם שרעקליכען שטורם, האָט ער גלייך ווי ער איז אָנגעקומען אין יענעם האפען אוועקגעשיקט א בריף צו דעם קעניג און דער קעניגין אין וועלכען ער האָט זיי געלאָזט וויסען, אז ער האָט אנטדעקט נייע לענדער, און ער האָט געפרעגט אויב איהם איז ערלויבט צו קומען אין פּאלאץ און דערצעהלען איינצעלהייטען, ניט פארדעכטיגענדיג, אז קאָלאָמבוס האָט שוין פריהער געשיקט א בריף צו דער קעניגליכער פּאָר פון

פארטוגאל. און ווי גרויס איז געווען זיין אנטוישונג און שרעק, ווען ער האט געלאנדעט אין פאלאס און דארטען דערזעהן קאלאמבוס'עס שיף, די נינא. ער האט זיך דערוואוסט, וואס פאר א באגייסטערטע אויפנאהמע קאלאמבוס האט געקראגען און ער איז שיער ניט געשטארבען פון קלעמעניש און זארגען. ער אליין האט ערווארטעט א באגייסטערטערע אויפנאהמע און אנערקענונג פון'ם קעניג און קעניגין, איצט אבער האט ער מורא געהאט זיך צו באגעגענען מיט קאלאמבוס'ן פנים אל פנים, בפרט ווען זיין גרויסקייט האט דערגרייכט די העכסטע שטופע. ווען פערדינאנד וואלט אמוויינגסטען זיין בריף ניט ערהאלטען. איצט וועט זיין שאנדע גרויס זיין. אלע וועלען וויסען, אז ער האט דורך פאלשקייט געוואלט נעהמען פאר זיך דעם גאנצען קרעדיט. ער האט זיך אויך געשראקען אז קאלאמבוס זאל איהם ניט הייסען ארעסטירען פאר דעם וואס ער האט איהם פארלאזען ארום קיובא.

---

זייענדיג אויפ'ן וועג צו בארסעלאנא האט קאלאמבוס אוועקגעשריבען א בריף צו זיין געליבטע ביטרים ענריקעז און צו זיין מוטער, וואו ער לאזט זיי וויסען פון זיין גרויסען ערפאלג. און פארשפרעכענדיג זיי, אז אזוי שנעל ווי ער וועט פארטיג ווערען מיט זיין באריכט צו דעם קעניג און קעניגין, וועט ער זיך צוריקקעהרען נאך קארדאווא און זיי דערצעהלען אלע איינצעלהייטען פון זיין רייזע און זיינע אנטדעקונגען.

ווען פערדינאנד האט ערהאלטען קאלאמבוס'עס בריף פון פארטוגאל, אז ער האט ווירקליך אנטדעקט נייע לענדער פאר דער שפאנישער מלוכה, איז עס ביי איהם און איזאבעלא'ן אויפגענומען געווארען מיט דער גרעסטער שמחה.

— איצט זעהסטו, מיין טייערע קעניגין! — האט פערדינאנד זיך אפגערופען צו איזאבעלא'ן, — יעזוס קריסטוס איז מיט אונז, ער באלוינט אונז פאר אונזערע גוטע מעשים, ווען מיר האבען איינגעפיהרט די הייליגע אינוויזיציע, האט ער אונז באלוינט מיט דעם וואס מיר האבען צוגענומען גראנאדא און פארטריבען אלע מורען פון שפאניען, און איצט אזוי שנעל ווי מיר האבען ארויסגעטריבען אלע אידען פון שפאניען, קומט אונז א צווייטע באלוינונג, וואס איז נאך א גרעסערע פון דער ערשטער. שטעל זיך פאר: קאלאמבוס האט פאר אונז אנטדעקט פילע נייע לענדער, אונזער קעניגרייך וועט פארדאפעלט ווערען. אונזער הערשאפט וועט זיך פארשפרייטען איבער דער גאנצער וועלט, און דאס האט יעזוס צו אונז געטאן, ווייל מיר האבען שטענדיג געזוכט צו פארשטארקען די קריסטליכע אמונה אין אונזער לאנד.

מיט גרויס שפאנונג און אומגעדולד האט דער קעניג ערווארטעט קאלאמבוס'ן. און ווי גרויס איז זיין צארן און פארביטערונג געווען, ווען ער האט פלוצלונג אויך ערהאלטען א בריף פון אלאנזא פינזאן, וואו ער שרייבט, אז ער האט עס גאר אלע אנטדעקט.

פערדינאנד האט איהם גלייך געענטפערט מיט א באליידיגענדען בריף, וואו ער האט איהם פארגעווארפען זיין חוצפה און זיינע ליגענס און ער האט איהם געווארענט, אז ער זאל ניט וואגען צו קומען אין פאלאץ, ווייל אויב ער וועט

זיך באַווייזען פאַר איהם וועט ער דאָן באַקומען זיין פאַרדינטע שטראַף.

ווען קאָלאָמבוס איז אָנגעקומען אין באַרסעלאָנאַ, האָט דער קעניג איהם אַנטקעגען געשיקט זיינע מיניסטאָרען און גענעראַלען איהם באַגריסען און איהם איינלאַדען אין פּאַלאַץ.

די גאַסען פון שטאָדט זיינען פּראַכטפול דעקאָרירט געוואָרען מיט פאַהנען. בלומען זיינען צושפּריים געוואָרען איבער די גאַסען וואו קאָלאָמבוס האָט געזאָלט דורכפאָהרען, כדי צוצוקומען צום פּאַלאַץ.

אין אַ שעהנע גרויסע קאַרעטע געשפּאַנט צו זעקס פערד איז קאָלאָמבוס געזעסען. דאָרטען זיינען אויך געווען די זעקס אינדיאַנער און די וויכטיגע מתנות, וואָס קאָלאָמבוס האָט מיטגעפיהרט פון די נייע אַנטדעקטע לענדער.

דער המון איז מיט יעדער רגע געוואַקסען. עס זיינען אָנגעקומען פילע לייט פון די אַרומיגע שטעדט און דערפער. די יונגע מיידלעך זיינען געווען אויסגעפּוצט אין זייערע יום־טוב׳דיגע קליידער און האָבען באַוואָרפען קאָלאָמבוס׳עס קאַרעטע מיט פרישע בלומען. זיי האָבען געטאַנצט און געזונגען. די פרעהליכע געשרייען און שאַלען האָבען אָפּגעקלונגען איבער דער גאַנצער שטאָדט.

קאָלאָמבוס איז געווען אַזוי געריהרט פון דער דאָזיגער קעניגליכער אויפנאַהמע, אַז טרערען האָבען זיך באַוויזען אין זיינע אויגען. ערשט מיט איין יאָהר צוריק איז ער אַרומגעגאַנגען מיט צוריסענע קליידער, הונגעריג און דאָרשטיג און קיינער האָט זיך אויף איהם ניט געוואָלט אומקוקען. מען האָט פון איהם געשפּאָט און גע׳חוזק׳ט און איצט, ווי הערליך די זון שיינט פאַר איהם. ער איז זיכער, אַז גאָט, דער גאָט פון ישראל, האָט איהם געהאָלפען, ווייל זיין כוונה איז געווען צו העלפען זיינע פאַרוואָגעלטע און אומגליקליכע ברידער.

כדי צו געבען קאָלאָמבוס׳ן אַן עפענטליכע אויפנאַהמע האָט פערדינאַנד באַפוילען מען זאָל אַרויסבריינגען זיין טראָהן און דעם טראָהן פון דער קעניגין אין דרויסען אונטער׳ן פרייען הימעל. דאָרט זיינען געשטאַנען די מיניסטאָרען, די הויכע באַאַמטע און די אַדעלליים פון דעם קעניגליכען הויף.

ווען מען האָט קאָלאָמבוס׳ן אָנגעזאָגט, אַז די קעניגליכע פּאָר האָבען לכבוד איהם אַרויסגעשטעלט זייערע טראָהנען אין דרויסען, איז אַרויס פון זיין קאַרעטע און ער האָט צוגעמאַרשירט צופוס. פריהער פאַר איהם האָט ער גע־הייסען מאַרשירען די אינדיאַנער, וועלכע זיינען געפאַרבט אין פאַרשידענע קאָ־לירען לויט זייער מנהג איז. אויף זייערע קעפּ האָבען זיי געטראָגען היט פון פעדערען, און זייערע הענט און פיס זיינען געווען באַצירט מיט גאָלדענע צי־רונג. אַרום איהם זיינען געגאַנגען זיינע מאַטראָזען. אין זייערע הענט האָבען זיי געטראָגען שטייגלעך מיט פּאַפּוגייען און אַנדערע פאַרשידענע זעלטענע פויגלען, וואָס מען האָט זיי קיינמאָל ניט געזעהן אין שפּאַניען אָדער אין אַנדערע לענדער. קאָלאָמבוס אַליין האָט געטראָגען אַ קעסטעלע פול מיט גאָלדענע צי־רונג, וואָס ער האָט צונויפגעזאַמעלט פון די איינוואוינער פון זיינע נייע אַנט־דעקטע לענדער.

שפּאַנישע גענעראַלען און אָפיצערען, רייטענדיג אויף פערד, האָבען איהם באַגלייט צוזאַמען מיט זייער מיליטער. נאָך זיי איז נאָכגעגאַנגען אַ הונדערט

טויזענט קעפיגער המון, וואָס איז געקומען פון פארשידענע שטעדט פון שפּאניען.

ווען קאָלאָמבוס איז צוגעקומען האָבן זיך די קעניגליכע פּאָר אויפגעשטעלט פון זייערע טראָנען.

קאָלאָמבוס האָט זיך פאר זיי פארנויגט און געקושט די האַנט פון דעם קעניג און פון דער קעניגין. ער האָט זיי גלייך איבערגעגעבן זיין מתנה.

אין דעם קעניגליכען גאָרטען זיינען געווען גרייט די טישען. דאָרט איז געווען דער מאָלצייט, וואָס דער קעניג האָט געמאכט לכבוד קאָלאָמבוס'עס ערפאָלג.

נעבען פערדינאנד'ן און איזאבעלא איז קאָלאָמבוס געזעסען און האָט זיי דערצעהלט אלע איינצעלהייטען פון זיין רייזע.

דער קעניג האָט באטיטולט קאָלאָמבוס'ען מיט דעם טיטול אדמיראל פון די ים'ען און וויצע קעניג איבער אלע אנטדעקטע לענדער פון דער צווייטער זייט אָקעאַן. ער האָט אויך ערקלעהרט די וואָך פון קאָלאָמבוס'עס צוריקקעהר אלס א וואָך פון יום־טוב.

גלייך נאָך דער קעניגליכער אויפנאהמע וואָס קאָלאָמבוס האָט געקראָגען אין באַרסעלאָנא, האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אויף זיינע בעסטע פריינד, לואיס דע סאַנטאַנגעל און דאָן יצחק אבארבאנעל, וועלכע האָבן מעגליך געמאכט פאר איהם צו מאכען דיזע רייזע.

— לואיס דע סאַנטאַנגעל געפינט זיך איצט אין קאָרדאָווא, — האָט מען איהם געענטפערט, — און דאָן יצחק אבארבאנעל איז אוועק צוזאמען מיט זיינע איבעריגע ברידער, די אידען, אין גלות, כאָטש דער קעניג האָט איהם ערלויבט צו פארבלייבען...

טרערען האָבען זיך געשטעלט אין קאָלאָמבוס'עס אויגען, ווען ער האָט עס געהערט. דער נאָבעלער אבארבאנעל, וועלכער האָט אזוי פיעל געטהאָן פאר שפּאניען, האָט געמוזט פארלאָזען דאָס לאנד. ער און די איבעריגע אידען האָבען באריכערט שפּאניען. זיי האָבען מעגליך געמאכט, אז גאנץ שפּאניען זאָל פאראייניגט ווערען אין איין שטארקער מלוכה... און מיט וואָס האָט מען זיי אָפּגעדינט? פרידער מיט אינקוויזיציעס און איצט מיט'ן גירוש... ווער ווייס אויב זיין גורל וועט אויך אזוי ניט זיין... איצט מאכט מען פאר איהם אויפנאהמעס, מען ריהמט איהם, מען פרעהט זיך מיט זיין ערפאָלג, אבער ווען דער קעניג און קעניגין וואָלטען זיך דערוואוסט, אז ער איז א איד, געבאָרען געוואָרען פון אידישע עלטערען, וואָלטען זיי שוין איהם אין גאנצען אנדערש באהאנדעלט. וואָלט ער ניט באדארפט נעהמען זיין וואנדער־שטעקען און אויסוואנדערען פון שפּאניען?... ווער ווייס?...

פארבלייבענדיג איין וואָך אין באַרסעלאָנא, האָט קאָלאָמבוס געבעטען דער קעניג זאָל איהם ערלויבען אָפּצורייזען אויף א קורצער צייט אין קאָרדאָווא זיך צו זעהן מיט זיין מוטער און מיט ביטרים ענריקען.

עס איז אוממעגליך איבערצוגעבען די גרויסע שמחה, וואָס האָט געהערשט אין דעם קליינעם הויז, וואו קאָלאָמבוס'עס מוטער, שושנה, און זיין געליבטע, ביטרים ענריקען, האָבען זיך אויפגעהאַלטען. זייער גליק איז געווען גרעניצלאָז.

קריסטאָפער האָט ארומגענומען זיין מוטער און ביטריס'ן און זיי ביידען געקושט.

— געלויבט איז גאָט, וואָס איך האָב זוכה געווען צו זעהן מיט מיינע אויגען דיין גרויסקייט! — האָט שושנה איהם ניט אויפגעהערט צו קושען.

— וואו איז מיין זוהן? — האָט קאַלאַמבוס גלייך געפרעגט ביטריס'ן.

מיט א גליקליכען שמייכעל אויף איהר פּנים איז ביטריס אריין אין צווייטען צימער און איז באלד ארויסגעקומען מיט זעהר א שעהנעם און געראָטענעם קינד, פערדינאנד.

קאַלאַמבוס האָט איהם גענומען צו זיך אויף די הענט און איהם באדעקט מיט קושען.

אַה, ווי שעהן דאָס קינד איז! ער איז געראָטען אין גאנצען אין דיר.

— און לואיס דע סאַנטאַנגעל זאָגט, אז דאָס קינד איז געראָטען אין גאנצען אין זיין פאָטער! — האָט שושנה געשמייכעלט.

לואיס דע סאַנטאַנגעל! — האָט קאַלאַמבוס אויסגערופען. — איז ער דען געווען דאָ אין הויז.

— ער געפינט זיך אין קאָרדאָווא און ער איז צו אונז גאַנץ אָפט געקומען. ער האָט פאר אונז זעהר פיל געטאָן! — האָט שושנה געזאָגט. — ער האָט אונז די גאַנצע צייט געשטיצט מיט געלט און געטרייסט, זאָגענדיג, אז מיר וועלען נאָך זוכה זיין דיך צו זעהן צוריק ערפאָלגרייך.

— איך מוז איהם זעהן! — האָט קאַלאַמבוס אויסגערופען. — איך האָב געוואָלט, אז ער זאָל זיין דער ערשטער וועמען איך זאָל באַדאַנקען פאר אלעס. אָבער איך האָב איהם אין באַרסעלאָנא ניט געזעהן.

— איך וויים, וואו ער געפינט זיך, איך וועל איהם געהן אַנזאָגען, אז דו ביזט געקומען.

ביטריס האָט געעפענט די טיר ארויסצוגעהן, און זי האָט גלייך באמערקט ווי לואיס דע סאַנטאַנגעל קומט אַן.

— אָה, מיין האַר, איך געה דאָס דיר אַנזאָגען! — האָט ביטריס געזאָגט און דו ביזט גאָר אליין געקומען. ווער האָט דיר געזאָגט, אז קריסטאָפער איז געקומען?

די גאַנצע שטאָדט קלינגט פון דעם! — האָט דע סאַנטאַנגעל געשמייכעלט, און איז אריין אין הויז.

די צוויי פריינד האָבען זיך הארציג צוקושט.

— דו ווייסט, אז מיין גאַנצען ערפאָלג האָב איך צו פאַרדאַנקען דיר, דאַן יצחק אבארבאַנעל און אברהם זאַקוטאָ'ן, — האָט קאַלאַמבוס זיך אָפּגערופען.

— יע, — האָט ביטריס צוגעגעבען מיט א שמייכעל, — ווען פערדינאַנד וואָלט געוואוסט, אז די פיער מענשען, וועלכע זיינען גאַנצען פאַראַנטוואָרטליך אין דער אנטדעקונג פון די נייע לענדער אויף דעם צווייטען זייט אָקעאַן זיינען אידען, וואָלט ער פּוליכט זיך אַנטזאָגט צו הערשען איבער זיי.

— עס וועט קומען א צייט, אז די אידען, וועלכע האָבען זיך אנגעליטען אזוי פיל צרות פון זייערע שונאים אין פאַרשידענע לענדער, וועלען געפינען

גליק און רוה אין די נייע לענדער, וואָס איך האָב אנטדעקט, — האָט קריסטאָ־פער קאָלאָמבוס געזאָגט און טרערען האָבען זיך באוויזען אין זיינע אויגען.

---

קאָלאָמבוס'עס נבואה איז מקוים געוואָרען. די נייע וועלט, וואָס ער האָט אנטדעקט אין דעם זעלבען יאָהר פון גירוש שפאַניען, און וואָס איז נאָכהער אָנגערופען געוואָרען אמעריקא, איז געוואָרען א מקום־מקלט פאַר מיליאָנען פאַרוואָגעלטע אידען, וואו זיי לעבען זיך גליקליך און צופרידען. די אידען פון די פאַראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא געניסען אלע פרייהייטען און זיי האָבען פיעל, זעהר פיעל ביינעשטייערט צו דעם וואָס די פאַראייניגטע שטאאטען פון אמעריקא איז איצט די גרעסטע מאכט אין דער וועלט.

לאנג לעבען זאָל אמעריקא און איהר קאָנסטיטוציע!

(ענדע)

